41) מאחר שהחובה למסור מדי שנה בשנה לידי הצבא מכסה של ילדים הוטלה על הקהילות, היתה בידי שליטי הקהל האפשרות לבחור את המועמדים לפי ראות עיניהם, וראשית כל הצילו הללו את עורם, העשירים ונכבדי העדה לא ידעו דאגה בפדותם את בניהם בכסף. האכזריות שבעקירת הילדים מחיק הוריהם בידי ה„חוטפים״ והיחס הקשה אליהם בתקופת שירותם עוררו את דעת הקהל ברוסיה ומחוצה לה נגד שיטת גיוס חסרת־רחמים זו.

42) הוא הוליד ארבעה בנים וארבע בנות: משה־ליב, יהושע, זוסקה ויעקב (בתו הד״ר טולה סצמסקה־רוזנבאום, רופאת־שינים, יושבת בתל־אביב), רחל, שפרינצה ועוד.

43) השם „בייליס״ הפך למילת־גנאי בפי הפולנים האנטישמיים נגד היהודים, והיהודים ענו להם במילת־גנאי אחרת, „מאצוך״, הוא שם הכומר הפולני שביחד עם הזונה הלנה גנבו את התכשיטים של האם־הקדושה במנזר הנודע של טשנסטוחוב, והמשפט נגדם עורר תשומת־לב בכל העולם.

44) כל ענין עלילת־הדם הזו תואר ע״י בלבן בספרו „מחקרים היסטוריים״ (פולנית) בעמוד 162.

45) מפי נכדו של ר׳ משה ברל׳ס, מר יקותיאל פוטאש, היושב בירושלים.

46) מפי בנו מר דובריש פרומר היושב בקרית־שמואל ליד חיפה.

47) אם אחד מיהודי וולברום הכה שורש כלכלי באחד המקומות בחבל זגלמביה, וחבל זה היה המושך ביותר ליהודי וולברום מפאת אפשרויותיו הכלכליות שגדלו עם פיתוח הערים החדשות סוסנוביץ, דומברובה ואחרות, הוא הביא אליו בהדרגה את יתר בני משפחתו וקרוביו. לדוגמה: מחמשת בניו ושש בנותיו של סבי ר׳ אברהם מרדכי ברוקנר איש וולברום, ישבו: מאיר־שמעון בכפר פורומבקה, אליעזר במונדזיוב, יוסף־ברוך ואשר בדיינדובקה, ורק אחד נשאר בוולברום. מהבנות ישבו: שרה בלום בוויגביזדוב־פוגוניה, חיה וויינדלינג בסוסנובצה, הנדל־מלכה זיגלבוים בזבירצה, בעוד שחנה וולהנדלר ויוכבד מייטליס ישבו בסקאלה, וברכה פוכסברונר בוודיסלב.

48) עיין במאמרו של ישעיה ורשבסקי „היהודים בפולין הקונגרסית״, ב„היסטאָרישע שריפטן״, כרך שני, „ייווא״ וילנה, 1937, עמוד 328. מטרת הגזירה היתה „לשמור על הכנסות מכס מתחבולות יהודיות שונות״. יוצאים מהכלל היו רק אותם היהודים שעסקו בחקלאות ותעשיה, לפועלים ולאומנים בעלי בתי־מלאכה משלהם וכו׳.

49) פיאסקובה־סקאלה שימשה לפעמים מושב ליהודים עשירים. בספר „החסידות״ לאהרן מרכוס הוא מזכיר את רבי שמעון סופר בנו של החוכר העשיר מפיאסקובה־סקאלה. ספרי ההיסטוריה הפולנים מזכירים את השם „פיוטר שאפראנטש״ כאדונה של פיאסקובה־סקאלה ואחוזת סולשובה. היה זה אחד מחובבי־בצע ואוונטוריסט מופלג שרכש לו אחוזות בדרכים בלתי כשרות שונות. הוא כיהן פעם כראש הגליל (וויוודה) של קראקוב, שעמד בראש מקומות אחרים ברחבי פולין, ושמו נזכר פעם גם בקשר לעיר וולברום (עיין פרק ראשון בתיאור קורות העיר).

50) רבשטין היתה כנראה בבעלותה הגרמנית מרכז לכפרים גרמנים בסביבה שנשאו עליהם שמות גרמנים טהורים, כמו הכפר צדרמן הסמוך לה.

---

מ ש גשורי (ברוקנער)

# געשיכטע־קאפיטלעך פון די יידן אין וואלבראם

## א. די שטאָט אין אלגעמיין

וואלבראָם איז איינע פון די אלטע שטעט אין פוילן, און ליגט ביים טייך פאקשיוואניצא וואָס פאלט אריין אין טייך פראסנא. די ערשטע נאכריכט וועגן גרינדן די שטאָט וואלבראָם זאָגט, אז דער קעניג וולאדיסלאוו לאקיעטעק האָט געגעבן א קאָנצעסיע די ברידער וואלווראָם און הילארי, אייגנטימער פון דאָרף דלוזשעץ, אויפצושטעלן פיר וואסערמילן. אויך האָט ער זיי בעאויפטראגט אין יאָר 1321 אויסצוהאקן די וועלדער פונם געגענד און באזעצן דאָרט מענטשן. און אזוי איז ענטשטאנען א נייער ישוב וואלבראָם. פונדעם ווייזט זיך ארויס, אז די ערשטע פוילישע קעניגס האָבן ארויסגעוויזן א בעזונדער אינטערעס צום אויפבוי פון די שטאָט. לויט יענע פאָליטישע באגריפן איז די שטאָט געווען אין ראמען פון די גרויסע שטאָט קראקא, וואָס האָט געדינט יאָרנלאנג אלס הויפשטאָט און פון איר האָבן זיי געשיקט זייערע דעקרעטן וועגן גרינדן נייע שטעט און דערפער, שאפן טראנספאָרט־וועגן פארן האנדל און פארקער אזוי. די שטאָט האָט זיך אנטוויקלט גאנץ לאנגזאם, און האָט ניט פארנומען קיין וויכטיגן פלאץ צווישן די בעקאנטע פוילישע שטעט. ערשט נאָכן גרויסן וועלטקריג פון 1914—1918 איז וואלבראָם אָפיציעל געוואָרן א שטאָט.

דער באָדן פון וואלבראָם איז געווען איינגעגלידערט אלס בעזיץ פון די פוילישע קעניגלעכע קרוין, און האָט געהערט צווישן די בערגער פון עלקישער קאנט ביז 1600 מעטער איבער די ים־פלעכע. דער באָדן איז געווען רוי און באדעקט מיט אייביגע וועלדער אויף ווייטע אונענדליכע שטרעקן. מ׳האָט אין יענע צייטן געקענט פאָרן טעג און נעכט אינ׳ם לאנד צווישן געדיכטע וועלדער, ניט טרעפנדיג מענשן אָדער קאראוואנען אויף די וועגן. די וועלדער וואָס האָבן באדעקט א גרויסן טייל פון שלעזיע האָבן פערפלייצט פוילן לענגאויס ביז צום טייך ווייסל. די רייזענדע האָבן געזען פאר זיך נור הימל און וועלדער. די פוילישע קעניגע האָבן געווידמעט זייער אויפמערקזאמקייט דעם געביט. און ס׳האָט זיך זיי שטארק פארגלוסט צו פערוואנדלען דעם שטח אין א פלאץ וואָס זאָל דינען אלס שטאָט אָדער צענטער פאר דורכפאָרנדע סוחרים. וואלבראָם ליגט ווייט: פון עלקיש — 19 וויארסט, פון פילץ 14 וויארסט, פון די באן־סטאציע מיעחאוו — 20 וויארסט.

נאָך א לאנגע צייט איידער וואלבראָם איז געוואָרן א בעזידלונגס־פּונקט האָט דער קאנט געדינט אלס דורכפאָר־אָרט. וואלבראָם און איר נאָענטע אומגעבונג האָבן געדינט א קנאָטען־פונקט פאר שאָסעען און הויפּט־פערקערס־וועגן צווישן נאָענטע און ווייטע שטעט. איר געאָגראפישע לאגע איז אימער גיווען וויכטיג מיליטעריש און פאָליטיש. וואלבראָם ליגט אויפן וועג וואָס פירט קיין קראקא. די וועגן פון פילץ קיין מיעחאוו און פון עלקיש קיין ושארנאוועצ פירן איבער

וואַלבראַם. אויסערדעם האָט וואַלבראַם געדינט א סטאַציע אין צענטראַלן הויפּט־וועג זייט דאָס יאָר 1400 פאַר די סוחרים פון ווראָצלאַוו, טשענסטאָחאָוו, לעלאָוו און זשאַרנאָוועצ צו סחורות־פירן הין און צוריק. די סוחרים און בעלי־עגלות וועלכע האָבן פאַרקערט צווישן ווראָצלאַוו און קראָקא האָבן זיך פאַרפליכטעט ניט אויסצומייכן וואַלבראַם אין זייערע רייזן. צום סוף איז וואַלבראַם געוואָרן איינגעשלאָסן צווישן די באַן־סטאַציעס לענגסאויס די לאַנגע באַן־שטרעקע דעמבלין־גראַניץ־ווין.

קעניג קאַזישימיערז יאַגיעלאָנטשיק האָט איינגעפירט אין וואַלבראַם דעם מאַגדעבורגישן (דייטשן) קאָדעקס אנשטאָט דעם פּעראַלטעטן פּוילישן אין יאָר 1445. נאָך א שריפה וואָס האָט חרוב געמאַכט די שטאָט האָט דערזעלבער קעניג בענייט דעם מאַגדעבורגישן קאָדעקס, און אויסערדעם האָט ער געשענקט די שטאָט די קאָנצעסיע צו שטעלן ירידים דריי־טעג לאַנג און וואָכעז־מערקטע. די ירידים זענען געוואָרן גערעכנט אלס וויכטיגער אינסטיטוט אין ווירטשאַפטליכן לעבן, און אין וואַלבראַם האָבן זיי געדאַרפט צויאָגן דאָס פרישע וואַכסן פון שטאָט.

די ערשטע שוועדישע מלחמה און אירע חורבן־פאָלגן האָבן ניט אויסגעמיטן וואַלבראַם, וואָס האָט גאַנץ אָפּגעברענט. קעניג יאַן קאַזשימיערז האָט באַפרייט אין א ספּעציעלן דעקרעט די שטאָט־בירגער אין יאָר 1661 פון אלע צינזן אויף פיר יאָר. דאַדורך האָט ער באַפרייט די בירגער פון א שווערן לאַסט. און דאָך האָבן זיי ניט געהאַט די מיטלען אויפצובויען זייערע הייזער פון ציגל, נור פון האָלץ, און זיי האָבן איינגעלאַדן אויך די יידן צו באַזעצן זיך אין שטאָט און העלפן זיי אויפצובויען וואַלבראַם.

וואַלבראַם האָט מיטגעמאַכט פאַרשידענע צייטן אין דער אַלטע פּוילישע רעפּובליק. די יידן וואָס האָבן זיך בעזעצט אין שטאָט האָבן בעדאַרפט דינען אלס פאַקטאָר מיטצוהעלפן ביים אויפבוי פון שטאָט. צוליב פּאָליטישע אומ־שטענדען איז די ענטוויקלונג געשעען אין א לאַנגזאַמען טעמפּאָ. ערשט נאָכדעם וואָס וואַלבראַם איז אריבערגעגאַנגען צו די רוסישע ממשלה האָט וואַלבראַם געוואַקסן און זיך אנטוויקלט און געוואָרן א שטאָט מיט א ניט קליינע באַפעל־קערונג, מייסטנס יידן.

## ב. דער אָנהויב פונם יידישן ישוב

זייט וואַלבראַם איז געגרינדעט געוואָרן איז זי געווען א לאַנגע צייט אָן יידן. און אויך נאָכדעם וואָס די יידן האָבן זיך אין איר באַזעצט איז זי געווען א פיליע פון די קראָקאָווער קהילה, ניט זעלבסטשטענדיג. די וואַלבראַמער יידן זיינען תמיד געווען פּראָסטע מענטשן, אָן א שטרעבן צו גרויסע זאַכן. זיי זיינען געווען איבערגעגעבן זייער ישוב מיט לייב און זעעלע, און די פּערגאַנגנהייט האָט זיי ווייניג געקימערט.

דער יידישער ישוב אין וואַלבראַם הויבט זיך אָן אין די ערשטע העלפט פונם זעכצעטן יאָרהונדערט, דאָס הייסט: אין די יאָרן 1542—1548, אין איינעם פון

די דאָקומענטן פון יענע צייטן ווערט געזאָגט, אז „די אידישע באפעלקערונג פארפליכטעט זיך צו צאָלן דעם פאראייינבארטן צינז פאר צעף". דאָס איז די ערשטע מעלדונג געווענדעט דירעקט צו די יידישע באפעלקערונג און דערמאָנט וועגן בירגערליכע פליכטן און צינזן. ס'איז אלזאָ א ביסל ווייט צווישן דעם ניט־אָפיציעלן באזעצן זיך פון יידן אין וואלבראָם און די אָפיציעלע דעקלאַראציע וועגן לעגאלן באזעצן זיך פון יידן אין שטאָט. ס'איז אונבעקאנט אויב אים זעכצנטען יאָרהונדערט האָבן יידן געדארפט האָבן א ערלויבניש אויף צו באזעצן זיך ערגעץ אין פוילן. אָבער די ווירקליכקייט ווייזט דאָס אלס געשעענער פאקט. מען ווייס אָבער ניט מיט וואָס האָבן זיך דאמאָלס די יידן אין וואלבראָם באשעפטיגט, מיט לאנדווירטשאפט אָדער מיט האנדווערק.

ווי דערמאָנט איז די וואלבראָמער קהילה ניט געווען זעלבסטשטענדיג, נור אָנגעהערט צו די קראקעווער קהילה, וואָס האָט געדינט אלס הויפט־קהילה צו פיל אנדערע אידישע שטעט, ווי: עלקיש, וואדזיסלאוו, פינטשעוו, חענטשין, שידלאָוו, אפאטאוו, קשאנאוו, טשעבין, בענדין, פיליצא, סאנטש, אשוויענט־שים, ווישניץ, ברזעסקא, באכניא מיט פיל דערפער. די באציאונג צווישן קראקעווער קהילה און אירע פיליעס איז א קאפיטל פאר זיך. מען ווייס נור אז צוליב די ווייטקייט צווישן זיי האָבן די פארשידענע אינטערעסן געליטן. דאמאָלס זענען די יידישע בתי־עלמינ׳ס געווען קנאַפּ און זער ווייט איינע פון די אנדערע, און די יידן האָבן בעדארפט איבערפירן זייערע מתים פון שטאָט צו שטאָט. דאָס יידישע וואלבראָם האָט פריער איבערגעפירט אירע טויטע צום יידישן בית־עלמין אין קראקא, און מ׳ווייסט ניט אויב אויך וואלבראָם איז געווען פערפליכטעט צו טראָגן די לאסט פון בעזונדערע הוצאות אויף צו מקבר צו זיין אירע טויטע. ערשט דערנאָך איז ארויס א געזעץ פון קעניג באלעסלאוו וועלכער בעפרייט די יידן צו צאָלן שטייערן פאר פירן נפטרים פון שטאָט צו שטאָט, פון געגנט צו געגנט און פון איין „מדינה" צו די אנדערע מדינה.

## ג. וואלבראָמער יידן — אָבצווייגונג פון קראקא

דער אָנהויב פונם יידישן ישוב אין וואלבראָם איז ניט געווען לייכט. זי האָט אין דער באציאונג בעוויזן פיל חלוציזם. ס'איז ניט געווען פון די לייכטע זאכן צו פערלאָזן די מוטער קראקא און זוכן א נייעם פלאץ מיט די זאָרגן וואָס זענען פארבונדן דאמיט. די קראקעווער ראשי־הקהילה האָבן אייגנטליך געקענט זיין צופרידן פונם „עקספאנסיע"־פראָצעס, ווען פארשידענע יידישע קהילות האָבן זיך געשאפן דאָ און דאָרט ארום די מאמע קראקא. זי האָט דאָ גאָרניט פארלוירן. אים געגנטייל. די אלע נייע ישובים זענען געבליבן אָבהענגיג אין איר פון אלע הינזיכטן. וואלבראָם האָט זיך גערעכנט אלס איינע פון די נייע נקודות ניט ווייט פון די קהילה־מאמע, און האָט זיך גערעכנט ווי א קהילה־טאָכטער וואָס נעמט אָנטייל אין איר יוריסדיקציע און פיסקאלישע רעכט.

צו יענער צייט האָט קהילת קראקא איינגעשלאָסן אין זיך די קהילות:

עלקיש, קשאנאוו, ווישניץ, סאנטש, באבאוו, פיליצא, בענדין, אשפיצין און יואלבראָם. קהילת קראקא מיט אירע רבנים און פרנסים האָט געהאַט די אויבער־האנד אין אדמיניסטראטיווע אוןווירטשאפטליכע ענינים. די הויפט־איינגעמער פון די צינזן אין גאנצן לאנד זענען געווען צוויי רייכע קראקעווער יידן. וואלבראָם איז ניט געווען קעגן די צענטראליזאציע פון צינז און האָט געגעבן פאַרצוג קראקא אין אלע פערבינדונגס־ענינים. אָבער קראקא האָט זיך געפירט ווי א זעלבסטשטענדיגער בעל־הבית און געווירקט אליין ניט פרעגענדיג איהרע „טעכ־טער" און אָן שואל־עצה צו זיין ביי זיי אין געמיינשאפטליכע ענינים. וואלבראָם איז געבליבן אונטערוואָרפן א לאנגע צייט דער קראקעווער קהילה, ווי פיל אנדערע קהילות. דער קראקעווער רב האָט געהאַט צו זאָגן אויך איבער וואלבראָם, ניט פרעגנדיג ביי אירע פרנסים זייער מיינונג. אייגנטליך האָט זיך דאָס יידישע קראקא אויפגעפירט קעגן אירע טעכטער ווי א דיקטאטאָר.

אין זעכצעגטן יאָרהונדערט זיינען אים ראיאָן קראקא און צויזמיר ענט־שטאנען גרויסע קהילות און ס'האָט זיך ביי זיי ערוועקט די פראגע וועגן באפרייען זיך פון קראקעווער קהילה'ס יאָך. די קראקעווער רבנים האָבן זיך באמיט אז ס'זאָל אלעס בלייבן ביים אלטן. די וואלבראָמער קהילה איז געשטאנען פון דער וויטן. זי האָט געוואוסט אז דער קאמף פאר זעלבסטשטענדיגקייט וועט ניט זיין לייכט, און זי האָט בעשלאָסן צו ווארטן און זעען וואָס די אנדערע קהילות וועלן אויפטועו. דער רעספעקט פארן רב איז געווען גרויס איבעראל. דער רב איז געווען ווי געוויינליך א פערזענליכקייט, א תלמיד־חכם, א גדול בתורה וביראה, א שטארקער קעמפפער פאר די יידישע ענינים, און אויך א פלייסיקער כלל־טוער פאר די אינטערעסן פון די קהילה. האָט מען פארביסן און געשוויגן. אָבער די קראקאווער פרנסים האָבן גאָרניט געלערנט און האָבן ווייטער רעגירט, ניט רעכנענדיק זיך מיט די אנדערע קהילות. שפעטער האָט וואלבראָם, וואָס אמת איז, יאָ געהאַט א שטיקל רעכט צו נעמען אָנטייל אין די בחירות פון רבנים, און נאָך ווייטער געבליבן פאסיוו, ווארטענדיק אויף אן אגרעסיע פון אירע שכנים־קהילות.

אין יענע עפּאָכע זענען שוין די יידן אין וואלבראָם געווען בולט אין די שטאָט־דאָקומענטן, וואָס טראָגן דעם דאטום פון יאָר 1562. די דערמאנטע דאָקומענטן רעדן וועגן געלט־ענינים אויף אויסצוהאלטן די שטאָט, צווישן זיי די צינזן פון די איינוווינער, און די יידישע באפעלקערונג בכלל. ס'ווייזט זיך ארויס אז דאמאָלס זענען שוין געזעסן אין וואלבראָם 26 יידישע פאמיליעס, און זיי האָבן געשאפן די וואלבראָמער קהילה. אין די דאָקומענטן געפינען מיר פאָלגענדע יידישע נעמען:

רחמים אנקער, מאיר ערנער, וואָלף ערליך, בערעק אווּפילסקי, שלמה בוכבינדער, יחזקאל בערנשטיין, הערשעק גראנעק, שמואל ברוך הערציק, משה וויסראד, טוביה טווארדאוויטש, מיכאל סאנדלער, שלום לאנדערער, בנימין לאזארגען, ראובן שמואל לאנדהערד, אביגדור סאפיר, לייזער פרייבערג, חילא פייגלפרוי, יאכעט פערלגעריכט, יודקא קארפרייך, יצחק קוזשניצקי, מענדל קאל

רומקא לאה קארנברויט (אלמנה), קלעמבערט ראטמאן, ישעיה שטרייבערג, ישראל שערער, שרה רעחא (אלמנה).

יאָרנלאנג איז קהילת וואלבראָם געווען אן אָפּצווייגונג פון קהילת קראקא, ניט וויסנדיק די באציאונג צווישן זיי, ווי מיט אנדערע קהילות. אין די קהילות־פּינקסים (וואָס האָבן זיך געפונען אין די יידישע ביבליאָטעק אין ווארשע) איז וועגן די באציאונגען ניט געוואָרן דערמאָנט, ניט אין קראקאווער און ניט אין אפטער פינקס. אין יאָר 1655 זיינען די שוועדן איינגעדרונגען קיין פוילן, און כאָטש די שוועדער האָבן ביז יענע צייט ניט געקענט די יידן, ווייל אין שוועדן זענען דאמאָלס נאָך קיין יידן ניט געזעסן, האָבן זיי חרוב געמאכט די קראקאווער קהילה און איר עקאָנאָמישער צושטאנד איז געווען א שווערער און איז געזונקען אין אונגעהוירע שולדן. זי האָט דאן זיך באמיט ארויפצולעגן א גרויסן טייל פון דעם לאסט אויף די קליינע קהילות, וואָס האָט פאראורזאכט רייבונגען צווישן די „מאמע״ און „טעכטער״, און ס׳האָט זיך דאן אָנגעהויבן א געגנזייטיקער קאמפף וואָס האָט ענדליך געבראכט צו א שפּאלטונג. אויך וואלבראָם האָט זיך באפרייט פון קראקא. אָבער דאן איז זי אריבער אונטער אנדערע קהילות. זי האָט נאָר געטוישט אירע רעגירער, און זי האָט גערארפט ווייטער פירן דעם קאמפף. דאָס מאָל איז זי ארויס פון איר פאסיוויטעט און געווירקט ענערגיש, און מיט הצלחה.

## ד. וואלבראָם קעמפפט פאר איר אונאָפּהענגיקייט

די קראקאווער קהילה האָט אויפגעהערט צו רעגירן איבער וואלבראָם. אָבער איר העגעמאָניע איז אריבער צו די עלקישער קהילה, וועלכע האָט זיך גערעכנט אלס שכנטע פון וואלבראָם. די דאָזיקע קליינע עלקיש — וואָס האָט דאמאָלס געציילט עפּעס מער ווי הונדערט יידן — האָט פּלוצלינג באקומען פאר־שטאַרקונג פון די אנדערע צווייג־קהילות, ווי: וואלבראָם, קשאנאָוו, טשעבין און אנדערע, צוזאמען מיט ווייטערע קהילות ווי אשפּיצין, סאנטש, בענדין, ווישניץ, ברזיסק, באכניא, פּיליצא מיט פיל דערפער. אלעס וואָס האָט געהערט פריער אומדירעקט צו קראקא איז יעצט אריבער צו עלקיש, און זי האָט זיך אויפגעפירט קעגן אירע פארבונדעטע קהילות מיט די זעלבע „טאָלעראנץ״ ווי קראקא. וואלבראָם צוזאמען מיט אירע „נויט־שוועסטערן״ זיינען יעצט געווען אָפּהענגיק אין עלקיש, ערשטנס אין פינאנץ־געביט. זיי האָבן דורך איר געצאָלט די רעגירונגס־פּאדאטקעס. אויסערדעם זיינען זיי געווען אָפּהענגיק אין עלקיש אין זייערע רעליגיעזע ענינים. אין עלקיש האָבן זיי געבראכט זייערע נפטרים צו קבר־ישראל. דאָרט האָט מען פאר זיי געשטעלט חופה וקידושין, און דאָרט האָט מען זיך געמשפּט פארן רב, אזוי. דער עלקישער בית־דין איז געווען א העכערער געריכטס־אינסטאנץ פאר די גאנצע אומגעבונג. אויך עקאָנאָמיש האָט די עלקישע קהילה געוויזן איר אויבערהאנד איבער אירע שכנים. ובכן, דאָס פיצעלע עלקיש, וואָס האָט באוויזן צו ווערן זעלבסטשטענדיק אין איר

קאַמפּף קעגן קראַקאַ, איז אַליין געוואָרן אַ הויפּט־קהילה צו אירע שכנים. וואַלבראַם האָט פיל געליטן פון איר שכנטע עלקיש וואָס האָט זיך פּלוצלינג אַרויפגעכאַפּט אויפן פערד און האָט געוואָלט באַווייזן אַז זי האָט באַוויזן צו לערנען די מלאכה ביי איר פריערן מלמד...

דאָס יידישע וואַלבראַם, ענטפערנט פון עלקיש 19 וויאָרסט, איז זינט איר גרינדונג געווען אַ שטענדיקער ישוב. עלקיש איז געווען אַ ביסל עלטער פון איר, אָבער איר יידישער ישוב איז ניט געווען סטאַביל. די וואַלבראַמער יידן זיינען זיך געזעסן רואיק אין שטאָט און אין די אַרומיקע דערפער, און קיינמאָל ניט פאַרטריבן געוואָרן פון דאָרט. די עלקישער יידן האָבן פון צייט צו צייט געמוזט נעמען דעם וואַנדערשטאַב אין האַנד און צוריקקערן קיין קראַקאַ, חאָטש זיי האָבן געהאַט גרויסע פּראָטעקציע ביים קעניג און ביי די מיניסטאָרן. עלקיש האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אירע גרויסע רבנים.

וועגן די האַרטנעקיגע פאַרביסנקייט פון דער עלקישער קהילה קעגן אירע מיט־קהילות באַווייזט דער פאַקט, אַז אין טשעבין, זייענדיק אין יאָר 1786 נאָך פאַרבונדן מיט עלקיש, האָט שוין געהאַט אַן אייגענעם רב. אָבער עלקיש האָט ניט ערלויבט דעם טשעבינער רב צו געבן חופּה וקידושין אַן אָרטיקן יידישן איינוווינער איסר זעליג פון טשעבין מיט דעם וואַלבראַמער מיידל רבקה. דאַמאָלס איז נאָך צווישן פּוילן און גאַליציע קיין גרעניץ מויערן ניט געווען, און ס׳זענען פאָרגעקומען שידוכים צווישןביידע טיילן פון פּוילן פאַר איר פאַרטיילונג צווישן אירע שכנים. וואַלבראַם און אירע שכנות־שוועסטערן האָבן ניט געקענט מער שווייגן אויף די ברוטאַלע מעשים פון עלקיש, און דער קאַמפּף קעגן איר האָט זיך באַנייט. דאָס מאָל האָבן אַלע צווייג־קהילות געמאַכט מיט וואַלבראַם אַ בלאָק און געפירט דעם קאַמפּף געמיינזאַם. וואַלבראַם האָט זיך דאָס מאָל געשטעלט אין דער שפּיץ פון קאַמפּף, דאָס וואַלבראַם וואָס האָט געהאַט אַ גוטן נאָמען אין גאַנץ פּוילן מיט איר באַשיידנהייט און אַלס שלום־ליבהאָבערן, האָט ניט געהאַט קיין אייגענעם בית־עלמין און איז געווען געצוווּנגען צו פירן אירע נפטרים קיין עלקיש. און עלקיש האָט זיך געוויזן אַלס דעספּאָט און געשלעפּט פון איר די לעצטע פּרוטה, ניט רעכנענדיק זיך מיט איר שלעכטע ווירטשאַפט־לעכע לאַגע. די באַציאונג האָט זיך ניט געענדערט צום גוטן ביים קויפן אתרוגים אויף סוכות. אויך דאָ איז וואַלבראַם געווען געצוווּנגען צו קויפן אין עלקיש. זינט דאַמאָלס האָט זיך פאַרשטאַרקט דאָס שטרעבן פון די קהילה וואַלבראַם צו זעלבסט־פאַרוואַלטונג. דער קאַמף איז געווען שווער. עלקיש האָט געוווּסט אַז זי וועט פאַרלירן פיל הכנסות און פּרעסטיזש. וואַלבראַם איז אַרויס פון דעם קאַמפּף אַלס זיגערין.

אין ערשטן מערץ 1740 האָט דער ביסקופּ ליפּסקי פון קיעלץ אַרויסגעגעבן אַן ערלויבניש די וואַלבראַמער יידן צו גרינדן אַן אייגענעם בית־עלמין. דאָס האָט געדינט אַלס ערשטער שריט צו באַפרייען זיך פון די עלקישע קהילה. אין די דאַמאָלסדיקע באַדינגונגען האָט דער בית־עלמין געדינט אַלס גרונט־אינסטיטוט פאַר די קהילה. נאָכדעם וואָס דער ערשטער שריט צו זעלבסט־באַפרייאונג איז געלונגען, האָבן די וואַלבראַמער אומבעקאַנטע טוער באַקומען

קוראזש צו פירן זייער טעטיקייט ווייטער, מיט זעלבן אימפעט. אין יאָר 1751 האָט די קהילת וואלבראָם באקומען פון זעלבן ביסקופ אַן דערלויבניש אויפצו־שטעלן אויפס ניי, אָדער ריכטיקער געזאָגט: אויפצובויען א נייע שול פאַר זייער רעליגיעזע געברויכן, און אין דרייסיקסטן יולי 1776 האָבן די וואלבראָמער יידן באקומען א באזונדערן דעקרעט פונם פוילישן קעניג אז זיי מעגן וווינען אין דער שטאָט. דאָס הייסט ניט, אז ביז דאמאָלס האָבן אין וואלבראָם קיין יידן ניט געטאָרט וווינען, נאָר זיי זיינען דאָרט געזעסן אַן פּראָטעקציע און אָן דערלויבניש. ס'איז אויך מעגליך אז דאמאָלס ווען די יידן האָבן זיך באזעצט אין וואלבראָם האָבן זיי ניט באדארפט אין גאנצן קיין ספּעציעלע דערלויבניש, און דער לעצטער דעקרעט פונם קעניג איז געקומען צו געבן אָפיציעלע רעכט צו זיצן אין וואלבראָם, נאָכדעם וואָס זיי זיינען דאָ שוין געזעסן צענדליקער און אפשר הונדערטער יאָרן.

קורץ נאָכדעם ווי די קהילת וואלבראָם האָט זיך באפרייט פון די חסדים פון די עלקישער קהילה, האָט זי איבערגעפירט איר קאמף אויך קעגן די קהילת וואדזיסלאוו, וואָס זי האָט אָנגעהערט אויך צו איר זייט יאָרן. נאָך עלקיש איז געקומען וואדזיסלאוו, און אויך זי האָט געפרוווט רעגירן אויף יענעמס חשבון. אָבער דאָ איז דער קאמף שוין געווען לייכטער, נאָכדעם וואָס וואלבראָם האָט שוין געהאט פּראקטיק און געוווּסט ווי זיך צו פארטיידיקן. אין יאָר 1782 איז דער סכסוך צווישן די קהילות וואלבראָם און וואדזיסלאוו פאָרגעקומען פארן געריכט אין קראקא, און ס'האָט גענומען פיל צייט. איין זיצונג נאָך די אנדערע, מיט פילע אויפקלערונגען. דער משפט האָט זיך ענדליך געענדיקט צום גונסטן פון דער וואלבראָמער קהילה.

## ה. פאַסירונגען און קריגס־צרות

פונם זיבעצנטן יאָרהונדערט און ווייטער האָבן די פוילישע יידן איבערגע־לעבט פיל גזירות און צרות. חמעלניצקיס אויפשטאַנד קעגן פוילן אין יאָר 1648 האָט פאַראורזאכט די יידן טייכן בלוט. דער ביטערער קריג קעגן יידן און פוילישע פריצים האָט אויסגעמיטן קליין־פוילן, אָבער די ביטערע פאָלגן פון דעם דאָזיקן קריג האָבן פאַראורזאכט פיל ליידן אויך די יידן וואָס זיינען געזעסן רואיק און זיכער גאנץ ווייט פון קריגספּלאַץ. וואלבראָם האָט געשפּילט א וויכטיקע ראָלע אין קאָמוניקאציע פון פוילישן האנדל מיט פּרייסן און שלעזיע און אנדערע לענדער, און צוליב דעם גרויסן חורבן פון די העטמאַנישע קאָזאקן זיינען די וועגן געווען וויסט, און די וואלבראָמער יידן האָבן געליטן ווירטשאַפטלעך.

די וואלבראָמער יידן האָבן פיל געליטן אין די טעג פונם פויליש־שוועדישן קריג, נאָכדעם וואָס ס'איז די פאַליאַקן געלונגען אָפּצושטופּן די קאָזאקן קיין מזרח. דער שוועדישער קעניג קארל גוסטאַף דער צענטער (1654—1660) איז איינגעדרונגען קיין פוילן און איינגענומען פיל שטעט. זיי האָבן פאַרוויסט פיל יידישע קהילות. וועגן וואלבראָם דערציילט די כראָניק, אז אין די ערשטע שוועדישע

קריג האָבן זיי פארברענט די שטאָט וואלבראָם, און דער קעניג יאן קאזשימיערז, צייגנדיק פיל אינטערעס צום שנעלן אויפבוי פון די שטאָט, האָט באפרייט אין יאָר 1661 די שטאָט־איינוווינער פון אלע פאדאטקעס אויף פיר יאָר. זיין באפעל איז געוואָרן אדורכגעפירט באלד. אָבער וואלבראָם איז צוריק אויפגעבויט געוואָרן ניט מיט שטיינערנע געביידעס ווי פריער, נאָר מיט האָלצערנע הייזער, ס'ווייזט אויס צוליב מאנגל אין מיטלען, און ס'האָבן זיך אין וואלבראָם אויך באזעצט יידן. וואס ס'איז געשען מיט די וואלבראָמער יידן אין קריגסצייט — איז ניט דערמאנט. מעגלעך איז אז זיי זיינען אנטלאָפן קיין קראקא אָדער אנדערע זיכערע פלעצער. די אָרטיקע פּאַליאַקן, ווערלנדיק אויפשטעלן וואס מעגלעך שנעלער די שטאָט, האָבן אויפס ניי איינגעלאדן די יידן צו קומען און באזעצן זיך, און די יידן האָבן אָנגענומען זייער ביטע און האָבן זיך צוריק באזעצט אין שטאָט, און מעגלעך אז ס'זענען צוגעקומען אויך אנדערע יידן.

אויך דער שונא־ישראל און פוילישער גענעראל סטעפאן טשארניעצקי, וואָס איז אנטלאָפן פאר דעם שוועדישן מיליטער פון קראקא, האָט אויסגענוצט דעם אינערלעכן תהו־ובוהו אין פוילן און זיך פארנומען מיט רויב און מאָרד. און הויפטזעכלעך האָט ער געצילט זיין שווערט קעגן שולאָזע יידן אין די קליינע שטעטלעך. לויט די כראָניק האָט ער חרוב געמאכט אויך נאָנטע קהילות פון וואלבראָם, ווי: שידלאָוו, חמעלניק, חענטשין, וואדזיסלאוו, פינטשוב, ניט דער־מאנענדיק די נעמען פון וואלבראָם, עלקיש, פיליצא. דער צורר האָט באשולדיקט די יידן אז זיי האָבן צוגעהאָלפן די שוועדער. און דער דאָזיקער „העלד" וואָס האָט אויף זיין געוויסן טייכן יידיש בלוט ווערט פארערכנט אין די פוילישע געשיכטע אלס חשובער העלד... די אלע מלחמות האָבן פארקלענערט די יידישע באפעלקערונג אין פוילן אויף א העלפט, און ס'האָט גענומען יאָרנלאנג ביז די יידן האָבן זיך דערהאָלט און אָנגעהויבן אויפס ניי צו פירן זייער לעבן ווי פריער. אין די פוילישע ציילונג פון יאָר 1765 ווערט ווענן די וואלבראמער יידן געזאָגט, אז „ס'איז דערהאלטן געוואָרן פון זיי פאר קרויט פונם הויפּס־גאָרטן — 400 זלאָטעס, ווי אויך איז פון זיי (יידן) דערהאלטן געוואָרן אלס אָנערקענונג פארן גרויסן קרייז־גובערנאטאָר 220 זלאָטעס", און אלס אונטערטעניקייטס־סומע פאר די האָגעס — 200 זלאָטעס". פון דעם איז געדרונגען אז אין יענעם דאטום זיינען אין וואלבראָם געווען יידן וואס זיינען געווען פארפליכטעט צו צאָלן פארשידענע צינזן, ווי ס'איז געווען איינגעפירט אלע יאָרן.

זינט דעם פויליש־שוועדישן קריג איז פוילן ארויס שוואך און איז ניט מער געקומען צו אירע כוחות. פוילן איז געקומען אונטער די השפעה פון רוסלאנד. אין יאָר 1772 האָט רוסלאנד צוזאמען מיט אירע שכנים פרייסן און עסטרייך אדורכגעפירט די ערשטע טיילונג פון פוילן. אָבער פוילן האָט נאָך געהאט געגוג באָדן מיט א גרויסע באפעלקערונג. אין די צווייטע טיילונג פון פוילן האָבן רוסלאנד און פרייסן צוגעכאפט נאָך טיילן (1793), און אין יאָר 1795 האָבן רוסלאנד, עסטרייך און פרייסן געטיילט צווישן זיך דאָס איבריקע וואָס ס'איז געבליבן פון פוילן, און פוילן האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן אלס זעלבסטשטענ־דיקע מדינה. די פוילישע יידן זיינען געוואָרן פארטיילט צווישן רוסלאנד, פרייסן

און עסטרייך. ביי די דריטע טיילונג איז וואלבראַם אריבער צו עסטרייך און געבליבן אונטער איר שוץ ביז 1809.

די פּאָליאַקן האָבן געהאַפּט אויף הילף פון נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרטע, און נאָך זיין באזיגן פּרייסן אין יאָר 1806 האָט ער אין 1807 געגרינדעט דאָס "וואַרשאַווער פירשטנטום" און איר צוגעגעבן טיילן וואָס זיינען אין יאָר 1795 אריינגעפאלן צו די עסטרייכער. וואלבראַם איז דאַן אריבער צום וואַרשאַווער פירשטנטום און געבליבן דאָרט פון 1815 ביז 1837 און געווען איינגעשלאָסן אין די וואיעווודסטווא קראקא־סאנדאָמיערז פון פּוילישן קעניגטום. נאָך נאַפּאָלעאָנס מפּלה איז דאָס וואַרשאַווער פירשטנטום געוואָרן דערקלערט אלס קעניגטום און דער רוסישער צאַר איז געוואָרן איר קעניג. רוסלאנדס אימפּעריאַליסטישע שטרעבונגען קעגן פּוילן האָבן געבראַכט צו א פּוילישן אויפשטאַנד אין יאָר 1830 וואָס האָט זיך געענדיקט מיט א פיאַסקאָ. אין 1863 האָבן די פּאָליאַקן ווידער געמאַכט אַן אויפשטאַנד און געפירט א פּאַרטיזאַנישן קריג קעגן רוסלאַנד, און אויך דאַסמאָל האָבן די פּאָליאַקן פאַרשפּילט. אין די אַלע עפּאָכן ווערט וואלבראַם ניט דערמאַנט אין די כראָניק.

דער פּוילישער אויפשטאַנד פון 1830 איז געווען באמערקבאַר אויך אין וואלבראַם און אומגעגענט. לויט ווי די אַלטע וואלבראַמער דערציילן האָבן אויך א טייל פון די וואלבראַמער יידן זיך באַטייליקט אינם אויפשטאַנד דירעקט אָדער אומדירעקט. די אויפשטענדערישע פּריצים פון די אומגעבונג וואלבראַמס זיינען געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט יידן וואָס האָבן זיך אויך באַטייליקט מיט זיי אין זיצונגען. אויך דער פּוילישער אויפשטאַנד קעגן רוסלאַנד אין 1863 האָט געבראַכט צו א דערנעענטערונג צווישן פּאָליאַקן און יידן. וואלבראַמער יידן האָבן זיך ניט באַטייליקט אַקטיוו אינם אויפשטאַנד. זיי האָבן זיך באַשעפטיקט מיט לערנען תורה און חסידות און געווען ווייט פון פּאָליטיק מיט הבלי עולם־הזה. אָבער זיי האָבן זיך באמיט צו העלפן די אויפשטענדלער מיט עסן און טרינקען און שלאָפן.

וואלבראַם האָט דערפילט א וויכטיקע פונקציע אין פּוילישן האַנדל דורך קאָמוניקאַציע מיט פּרייסן און שלעזיע פון איין זייט, און עסטרייך פון די אַנדערע זייט, איבערהויפּט אין האַנדל פון תבואה, האָלץ, בהמות א.ז.וו., און אַנשטאָט דעם האָט זי אימפּאָרטירט אַנדערע סחורות, איבערהויפּט גאַלאַנטעריע און מאַנופאַקטור. דאַקעגן האָט וואלבראַם פאַרנאַכלעסיקט דעם געביט פון אינדוסטרי־און מינעראַל־גרובן. אין די צווייטע העלפט פונם אכצענטן יאָרהונדערט, ווען אין פּוילן זיינען געמאַכט געוואָרן אָנשטרענגונגען אויפצושטעלן פאַבריקן, און אין די שכנדיקע שטעט זיינען אַנטשטאַנען פאַבריקן און גרובן, איז וואלבראַם געבליבן אויסער די ספערע פון אינדוסטריעלע ווירקזאַמקייט. פון פּרייסן האָבן זיך באַוויזן קאַפּיטאַליסטן און רייזנדע אין וואלבראַם, און האָבן געפּרוּווט עפּעס טוען. אין די נאָענטע דערפער האָט מען געזוכט פאַר־שידענע מינעראַלן, וואָס ס'האָט געגליקט אין עלקיש און סלאַווקאָוו, און נאָכדעם ווי ס'איז ניט געלונגען צו געפינען האָבן זיי זיך צוריק געצויגן. ערשט

אין די רוסישע צייטן האָט מען באנייט די אָנשטרענגונגען צו ווירקן אין אינדוסטרי אין וואלבראָם, און ס׳איז אויך געמאכט געוואָרן אן אָנפאנג.

## ו דער „ועד ארבע ארצות" אין וואלבראָמער קאנט

די וואלבראָמער קהילה און אירע שכנים זיינען געווען אין א געוויסע מאָס אָפהענגיק אין די אויטאָנאָמישע אָרגאניזאציעס פון די פוילישע יידן. און דאָך האָבן זיך די וואלבראָמער יידן ניט באטייליקט דירעקט אָדער אומדירעקט אין די זיצונגען און באראטונגען פון די קהילות׳דיקע רעפּרעזענטאנטן. ס׳איז שווער צו וויסן די סיבה, אויב צוליב ווייניק חברים, אָדער מאנגל אין פּאסיקע כלל־טוער, און אפשר צוליב זייער בלייבן געטריי צום פּרינציפּ ניט צו מישן זיך אין ענינים וואָס באריִרן ניט זיי אליין. און דווקא נעבן וואלבראָם זיינען פאָרגעקומען די לעצטע זיצונגען פונם העכסטן יידישן אינסטיטוט וואָס האָט זיך גערופן „ועד ארבע ארצות" און האָט עקזיסטירט קרוב צו צווייהונדערט יאָר, און צום סוף איז נעבן וואלבראָם באשלאָסן געוואָרן צו ליקווידירן דעם דאָזיקן אינסטיטוט.

דאָס איז געווען די יידישע העכסטע אויטאָנאָמישע אינסטיטוציע פון פוילן פונם יאָר 1580 ביז 1764, וואָס איז געווען פאראנטוואָרטלעך פארן איינמאָנען די יידישע שטייערן פאר די פוילישע רעגירונג און פירן די יידישע יוריספּאָדענץ צווישן איינעם מיטן אנדערן, און די רבנים פלעגן זיך פארזאמלען פון צייט צו צייט, הויפּטזעכלעך בעת די ירידים פון לובלין. פריער איז מען זיך צוזאמענגעקומען איינמאָל אין יאָר, דערנאָך צווײמאָל: זומער אין יאראָסלאוו, און ווינטער אין לובלין. דער ועד האָט רעפּרעזענטירט די פוילישע יידן פאר די רעגירונג און איר קעניג, און דער בית־דין אין לובלין איז געווען דער דעצידירנדער לעצטער פּוסק סיי אין יורידישע און סיי אין חינוך־ענינים. דער ועד האָט ארויסגעלייגט דעם „גרויסן חרם" אין יאָר 1676 אויף שבתי־צבי און זיין סעקטע, און אין 1751 האָט ער זיך באשעפטיקט מיטן קאָנפליקט צווישן די רבנים יעקב עמדן און יהונתן אייבעשיץ. ער האָט אויך געזאָלט ווירקן קעגן חסידיזם. האָט אָבער פארנאכלעסיקט עס צו טון, ווייל אין 1764 האָט דער פוילישער סיים סקאסירט דעם „ועד ארבע ארצות".

אינם 17־טן יאָרהונדערט זיינען דעם ועד׳ס זיצונגען אָפּגעהאלטן געוואָרן אין פּשעווארסק, יאראסלאוו, ריטשעוואל, קאָנסטאנטינאוו און בראָדי. זיינע לעצטע זיצונגען זיינען פאָרגעקומען אין פּילץ, די שכנדיקע שטאָט פון וואלבראָם, און אין פּילץ (אמטלעך: פּיליצא) איז דער ועד געוואָרן סקאסירט. די ערשטע זיצונג אין פּילץ איז פאָרגעקומען דעם 20 יולי 1760 אונטערן פאָרזיץ פון מאיר דובינסקי (פון דובנא). אין יאָר 1762 זיינען די זיצונגען פונם ועד פאָרגעקומען דעם 28 יולי, 7 אויגוסט, 12 און 23 אויגוסט און סעפּטעמבער. אין יאָר 1763 זיינען דעם ועד׳ס זיצונגען געווען דעם 30 אויגוסט, 4, 6 און 9 סעפּטעמבער. די לעצטע זיצונג פונם וא״א איז פאָרגעקומען אין פּילץ דעם

4 אָקטאָבער 1764. נאָכדעם האָט דער פוילישער סיים באַשלאָסן, אַז „זייענדיק איבערצייגט אַז די יידישע רעפּרעזענטאַנץ־ענינים ווערן ניט געפירט אין אָרדנונג" באַשליסט ער צו סקאַסירן דעם ועד. און אַזוי איז עס געשען.

די שטאָט פּילץ איז 14 וויאָרסט ווייט פון וואָלבראָם, און איר קהילה האָט צוזאַמען מיט די קהילות פון עלקיש און וואָלבראָם געמאַכט יד אחת אין זייער בשותפות׳דיקן קאַמף קעגן די העגעמאָניע פון די קראָקאָווער אויבער־קהילה. אין פּילץ האָט געוווינט טעאָדאָר וואָסלאָוו, דער פינאַנץ־מיניסטער פון פּוילן, און פּילץ האָט דאַמאָלס געהאַט „גוטע צייטן", אָדער ריכטיקער געזאָגט: וואָסלאָווס פּאַלאַץ, צו וועלכן ס׳פלעגן קומען פּוילישע מיניסטאָרן און קאָנסולן, ווי אויך אויסלענדישע דיפּלאָמאַטן. אויך די יידישע אָנפירער פון פּוילן פלעגן זיך צוזאַמענקומען אין פּילץ און פאַרהאַנדלען מיטן פינאַנץ־מיניסטער איבער צינז און פינאַנץ־ענינים. אין פּילץ האָט דער וא״א מסדר געווען דאָס לעצטע מאָל דעם בודזשעט פונם ועד. וואָלבראָם און פּילץ זענען געגרינדעט געוואָרן אין איין צייט: אין 14־טן יאָרהונדערט. אָבער פּילץ האָט געהאַט מער מזל ווי וואָלבראָם. פּילץ איז געווען די נעסט פון די פּילעצקי־משפחה וואָס פון איר האָט געשטאַמט עלזשביעטאַ, קעניג יאַגיעלאָס פרוי.

פונם פאַרלויף פון די דיסקוסיעס און באַשלוסן פונם וא״א אין זיינע זיצונגען אין פּילץ זעען מיר, אַז די פּילצער יידן האָבן געוווּסט אויסצונוצן דעם ועד׳ס זיצונגען אין פּילץ און זיך געווענדעט צו אים אין פאַרשידענע תביעות און בקשות, און ס׳גלויבט זיך ניט אַז די וואָלבראָמער קהילה האָט ניט געהאַט קיין שום דאגות און האָט ניט געדאַרפט קיין אינטערווענץ פונם ועד צו איר גונסט.

## ז. אין די וועלט פון תורה

א) רבנים און דיינים:

די וואָלבראָמער קהילה, איז פריער, איידער זי איז געוואָרן אומאָפּהענגיק, געווען געבונדן מיט די רבנים פון גרעסערע קהילות, פריער מיט קראָקאָ, און דערנאָך מיט עלקישער און וואָדזיסלאַווער רבנים. ערשט נאָך איר זעלבסט־שטענדיקייט האָט וואָלבראָם באַקומען דאָס רעכט צו נאָמינירן אַן אייגענעם רב. וואָלבראָם האָט געהאַט אייגענע רבנים די לעצטע צוויי־הונדערט יאָר. ליידער ווייסן מיר ניט ווער ס׳איז געווען דער ערשטער וואָלבראָמער רב, פון וואַנען ער איז געקומען, אין וועלכע ישיבות ער האָט געלערנט, פון וועלכע רבנים ער האָט באַקומען סמיכות א.ז.וו. אָבער מיר האָבן שפּורן פון די ערשטע רבנים פון וואָלבראָם.

ס׳ווייזט אויס, אַז די ערשטע וואָלבראָמער רבנים זיינען געווען ענג פאַרבונדן מיט די קראָקאָווער רבנים און קהילה. אַנדערש — וואָלטן זיי ניט נפטר געוואָרן דווקא אין קראָקאָ און ניט אין זייער אָמט־שטאָט. וועגן איין רב מיטן נאָמען רבי מנחם־נחום בר׳ בנימין וואָס איז געווען רב און אב״ד אין וואָלבראָם

ווערט געזאָגט אז ער איז געקומען קיין קראקא „לאיזה מן הסיבות" און דאָרט נפטר געוואָרן. אויף זיין מצבה אויפן קראקאווער בית־עלמין ווערן געזאָגט זיינע שבחים. אויף זיין מצבה איז אויסגעקריצט די ווערטער: „פ"נ הרב המאה"ג החריף המפורסם החסיד והעניו אבד"ק וואלבראָם ה"ה מו"ה מנחם נחום במו"ה בנימין שנפטר בש"ט ביום ג' ט' אדר שנת תק"ן". דער דאַטום פיגורירט אויך אין פינקס פון די חברה־קדישא אין קראקא. נאָכדעם וואָס די מצבה איז געוואָרן אָפּגעמעקט צוליב אלטקייט איז זי געוואָרן אויפגע־פרישט, אָן צו וויסן אויב די איניציאַטיוו איז געקומען פון די וואלבראָמער קהילה אָדער פון דעם נפטר'ס קרובים.

נאָך איינער א רב פון וואלבראָם איז אויך נפטר געוואָרן אין קראקא, נאָכדעם וואָס ער האָט פארלאָזט זיין פּאָסטן אין וואלבראָם און געוואָרן רב אין קראקא. וועגן אים זיינען פאראן מער פּרטים. דאָס איז געווען הרב יעקב הלוי סג"ל בהר' צבי, א רב אין גאליציען דאמבראוואַ, אן אייניקל פונם גרויסן רבי דוד הלוי (מחבר פון טורי־זהב). רבי יעקב האָט געלערנט אין זיין יוגנט ביים גאון רבי יהודה ליבער חריף ז"ל (א זון פון ר' בנימין קאַרנגאָלד, געבוירן אין קראקא). ביי אים האָט רבי יעקב דער וואלבראָמער רב געלערנט צוזאמען מיט זיין ברודער רבי יוסף חריף הלוי אבד"ק זבאראף אין אונגארן. נאָכדעם וואָס רבי יעקב האָט באקומען סמיכה אויף רבנות איז ער געוואָרן רב אין וואלבראָם, און דאָרט איז ער געזעסן „על התורה ועל העבודה" און געשטאנענען אין בריף־וועקסל מיט די גאוני הדור. פון די שו"ת־ליטעראַטור וויסן מיר אז ער האָט זיך קאָרעספּאָנדירט מיט צוויי פון די גאונים: א) רבי אלעזר לעוו, פּילפּאסער פונם ספר שו"ת „שמן רוקח", ב) רב פוסק רבי אברהם צבי־הירש רב אין פּילץ און דערנאָך אין פּיעטרקאָוו. די דאָזיקע צוויי רבנים־גאונים שרייבן צו אים און געבן אים גרויס כבוד מיט וויכטיקע טיטלען. רבי יעקב הלוי האָט צום סוף פארלאָזט זיין פּאָסטן אין וואלבראָם און געוואָרן נאָך גרעסער, מען האָט אים נאָמינירט אלס ראש בית־דין אין קראקא. ער איז נפטר געוואָרן דעם צווייטן מרחשון תקע"ט (לויטן פינקס פון די חברה־קדישא).

מען וויסט ניט ווער ס'איז געקומען אויף זיין פּלאַץ פארלאָזנדיק וואלבראָם, מעגלעך אז ס'איז געווען רבי חיים קאמינסקי (געבוירן תקל"ד און נפטר געוואָרן תרכ"ד אלט זייענדיק 90 יאָר). ער איז געווען פון די תּלמידים פון רבי אברהם יהושע העשיל פון אפּטא און פון רבי מאיר'ל אפּטער, און פלעגט אויך באזוכן ביים לובלינער „חוזה". רבי חיים, באקומענדיק סמיכה אויף רבנות איז פריער געוואָרן רב אין קאמינסק. ער האָט פיל געזאָרגט וועגן הויבן דעם מאָראלישן גייסט פונם רבנות, און אויסער זיין גדלות אין תורה האָט ער זיך געקויפט א נאָמען אלס מטיף. די פוילישע רבנים דורכפאָרנדיק וואלבראָם פלעגן איינשטיין ביי אים, און ער האָט זיי שיין אויפגענומען. וואלבראָם, וואָס האָט זיך געניטיקט אין א רב, האָט געהערט וועגן אים און אים פארבעטן אלס רב, נאָכדעם וואָס פון אלע רבנים־קאנדידאטן איז קיינער ניט געווען גענוג פּאסיק פאר א שטאָט וואָס

רוב בעלי־בתים אירע זענען געווען תלמידי־חכמים און למדנים. נאָך אונטער־האנדלונג האָט רבי חיים מסכים געווען צו ווערן רב אויך אין וואלבראָם, און ער האָט פארטיילט זיין צייט צווישןביידע שטעט.

אויסער זיין אמט אלס רב אין וואלבראָם האָט מען אים צוגעגעבן די קרוין פון רעבוסטווא, און פיל חסידים זענען געקומען צו אים און אָפּגעגעבן דעם געהעריקן כבוד. זיין הויז איז געוואָרן א טרערן־אינזל. יעדער בע׳עוולטער און ליידנדער פון זיין געגנט האָט געפונען ביי אים א אפלען. ער איז גערימט געוואָרן אלס א וואונדער־רבי און געוואָרן פארעכנט אלס איינער פון די לעצטע רביים אינם פוילישן חסידות. פיל יאָרן זיינען אוועק נאָך זיין פטירה און זיין געשטאלט איז נאָך איינגעקריצט אין זכרון פון זיינע שטאָטלייט. 19 יאָר נאָך זיין פטירה איז דערשינען זיין ספר „זכרון חיים״, לקוטים אויף תורה אויפן חסידישן שטייגער, געדרוקט אין ווארשא (תרמ״ג, 96 זייטן) מיט א גרויסן מבוא. וואלבראָמער יידן האָבן שטאָלצירט מיט זייער רב און צדיק, און זיין נאָמען ווערט דערמאנט מיט דרך ארץ ביי די וואלבראָמער אין ישראל און אנדערע לענדער.

ווערלכער רב איז געקומען אויף רבי חיים׳ס פלאץ? אויף די דאָזיקע פראגע ווייסן אויך די וואלבראָמער ניט צו ענטפערן. אָבער מען ווייס נור, אז די קהילה־לייט האָבן געזוכט א רב וואָס זאָל זיין ראוי צו פארטרעטן דעם רב און צדיק וואָס איז געווען דער ליבלינג פון די גאנצע שטאָט. און דאָס איז ניט געווען לייכט. מיר מוזן אריבערשפרינגען א צאָל יאָרן און קומען צום נייעם רב, רבי משה וויינבערג, א געבוירענער אין פשעדבארש.

ער איז געווען א זון פון הרב ר׳ דובעריש. אין יאָר תרכ״ח איז ער נאָמינירט געוואָרן אלס רב אין שטעטל ראקאוו, ראדאמער גובערניע, און אין יאָר תרל״ו האָט מען אים געקרוינט אלס רב אין וואלבראָם. ער האָט געהאט דעם צענז פון די פוילישע רבנים. ער איז ניט געווען קיין חסיד. אָבער ער האָט אויסגענומען מיט זיינע פעאיקייטן און איבערגעבנהייט צום לערנען. געווען א שטארקער למדן אין תורה שבכתב ובעל־פה און בקי אין ש״ס מיט די פוסקים. די גאנצע תורה איז געווען אָפן פאר אים. צוליב זיין ניט געהערן צו קיין חסידישן הויף האָט ער געליטן פון די חסידים, און נאָכמער פון די גערער חסידים. דערפאר איז ער געווען זער אָנגענומען אויף די ניט־חסידים וואָס זייער צאָל אין שטאָט איז אויך ניט געווען קליין. אלס ניט־חסיד האָט ער געדאוונט ניט אין די חסידישע קלויזן, נור אין די שול צווישן „עמך״. הרב וויינבערג איז געווען א מושלם מיט אלע מעלות אין תורה, א בקי וחריף, געפסקעט קלאָר און מיט פארשטאנד. די הלכה האָט ער געקענט אויסנווייניק. אין זיין פריוואטן לעבן האָט ער זיך געפירט בצניעותדיק. ער האָט געקעמפט פאר זיינע השקפות און דעת תורה. ער האָט אָבער אויך געהאט אויסדויער און געדולד, און געוווסט ווי זיך אומצוגיין אויך מיט זיינע קעגנער. און ער איז געווען געאכטעט און באליבט אין אלע שיכטן פונם פאָלק. ער האָט אָפּגעדרוקט א ספר „אהל משה״ (פיעטריקאָוו, תרס״ח) מיט אינהאלט פון חידושים אויף ש״ס־סוגיות, שאלות ותשובות, דרושים און אמרי חז״ל. ס׳איז דערשינען נור

דער ערשטער באנד. די איבריקע שריפטן זיינען פארלוירן געגאנגען מיטן חורבן פון די נאציס. ער איז נפטר געוואָרן עטלעכע יאָר פארן ערשטן וועלט־קריג.

צוויי דיינים האָבן מיטגעהאָלפן דעם רב רבי משה. אויך זיי זיינען געווען גרויסע למדנים. איינער איז געווען דער דיין און מורה־הוראה רבי הירש לייב כץ, פון די צאנזער חסידים, א גרויסער תלמיד־חכם, און געשטאמט פון ליטע. ער האָט געוווינט אין צווייגנבוימס הויז, און גדאווענט אין קליינעם בית־המדרש. געווען פון מיטלער הויך מיט ברייטע פלייצעס און שווארצע ברענענדיקע אויגן. ער אליין איז געווען פול מיט גייסט און ענערגיע. ער האָט זיך פארערעכנט אלס עלצטער גייסטיקער פירער פון שטאָט. זיין קרייז איז געווען גרויס. ער איז געווען געערט און טייער פאר די לומדים פון שטאָט. אליין האָט ער זיך ניט געיאָגט נאָך כבוד. ער האָט אויך גאָרניט געטאָן צו פארגרעסערן זיין ווירקונג, אָדער עמיצן צו פארטשעפן. מיטן רב וויינבערג האָט ער ניט געלעבט בשלום, ער האָט דערפילט אין שטאָט די פונקציע אלס רב און מורה־הוראה אין זיין קרייז, און ביים אנטשיידן אין א הארבע שאלה איז ער געווען זער פאָרזיכטיק. דאָס איז ביי אים געווען א געוויסנס־זאַך. „שגיאות מי יבין"... זיין פסק איז שטענדיק געווען קורץ און קלאָר. ביינאכט איז ער געזעסן אין בית־המדרש און געלערנט מיט תלמידים וועלכע ער האָט שטארק געקליבן. ניט יעדער תלמיד האָט געהאט די זכיה צו לערנען ביי אים. געלערנט האָט ער מיט זיי אומזיסט. איין טאָכטער האָט ער פארהייראטעט צו גרשון צווייגנבוים, א גרויסער אייער־סוחר און עקספּאָרטער קיין בערלין, א רייכער מענטש; א צווייטע טאָכטער האָט ער פארהייראטעט צו יחיאל פישל, א רייכער מאנו־פאקטוריסט. אין שטאָט האָט מען דערציילט לעגענדעס איבער זיינע פעאיקייטן און שארפן מוח. ער האָט דערגרייכט א טיפן עלטער, און געשטאָרבן א בן שמונים.

א צווייטער דיין און מורה־הוראה אין שטאָט איז געווען רבי בעריש גיטלער, א געבוירענער אין וואלבראָם, א גרויסער למדן, א הויכער און דארער, געוווינט אויף לגאטא אין חיים שמחה פולטאראקס הויז, אויפן צווייטן שטאָק, קלוג און ספריטנע, אן איידעלע נשמה. א ייד מיט א הדרת־פנים און זיין בליק פול מיט רחמים. די יידישע באפעלקערונג האָט אים פארגעטערט, ווייל ער האָט זיך ניט געבלאָזן און ניט געיאָגט זיך נאָך כבודים. דער עיקר האָט ער אויס־געגומען ביים פּראָסטן המון: בעלי־מלאכות, ארבעטער, קליין־הענדלער, מלמדים, קצבים און אנדערע. ער איז געווען ווייט פון חנופה אָדער פון קויפן הערצער כדי צו פארשטארקן זיין פּאָזיציע אין שטאָט. אלס דיין האָט ער זיך באמיט מקיל צו זיין אין דינים מיט הלכות ביים ארויסגעבן א פסק אין סכסוכים צווישן ייד און ייד. ער האָט מיטגעפילט דעם לײדפולן און פרנסה־לאָזן, און ער האָט געהאט א שטארקן ווילן צו העלפן זיי. ער האָט מקיל געווען אין טריפות ענינים, און זעלטן האָט ער טריפה געמאכט א בהמה־דקה אָדער אן עוף, ווען ער האָט ניט געפונען אין די פוסקים קיין ראיה אויף צו פארלייכטערן. א געערער חסיד, געדאווענט אין נייען בית־המדרש יאָרנלאנג. א גרויסער תלמיד־חכם און

א מתמיד. גאנצע נעכט פארבראכט אין לערנען אין בית־המדרש. ער האָט געלערנט מיט בחורים און גענומען באצאָלט, ווייל זיין עקאָנאָמישע לאגע איז קיינמאָל ניט געווען גוט. א עניו און ווייניק גערעדט. מ'האָט געזאָגט אויף אים אז ער איז פון בית־הילל. ס'האָבן זיך צו אים פילע געווענדעט מיט דיני־תורה און בוררות אין געלד און פארמעגן־ענינים. ער איז געשטאָרבן פארן ערשטן וועלט־קריג.

אים האָט פארטרעטן זיין זון אין די צוואנציקער יאָרן רבי יעקב גיטלער. ער איז געגאנגען אין פאַטערס וועגן, וועלכער האָט אויף אים עדות געזאָגט אז ער איז ראוי צו דעם אמט. אויך ער איז געווען באשיידן, א שווייגזאמער. אויך ער האָט זיך באמיט צו פארגרינגערן ביים פסקנען שאלות, און ניט איינמאָל האָט ער לאנג געזוכט אין די ספרי מקורות און גענישטערט אין זיי ביז ער האָט געפונען די מעגלעכקייט כשר צו מאכן די בהמה. ער האָט שטארק געשוינט דאָס יידישע געלט.

דער לעצטער רב אין וואלבראָם איז געווען הרב רבי שלמה אליעזר זילבערבערג, א תלמיד און פייערדיקער חסיד פון אסטראָווצער רבי, רבי מאיר יחיאל, און פון אים מוסמך געוואָרן אויף הוראה. אויך ער האָט פארבראכט אין פאסטן ווי זיין רבי א גאנצע וואָך. געבוירן אין סטאפניץ. נאָך פארן ערשטן וועלט־קריג האָט זיין רבי דער אסטראָווצער אים באזוכט אין וואלבראָם, און דער באזוך האָט געדינט א סענסאציע אין שטאָט אז אזא גאון און צדיק ווי ער האָט דער שטאָט אָנגעטון אזא גרויסן כבוד. הרב זילבערבערג איז נאָמינירט געוואָרן אלס רב נאָכן הרב וויינבערג דער רב, געלערנט אין די ישיבה פון רבי יצחק אלחנן ספעקטאָר אין קאָוונא, האָט אָנגענומען דאָס רבנות אין וואלבראָם, און האָט זיך פיל באמיט צו שאפן א ישיבה אין שטאָט, און נאָכדעם וואָס ס'האָט זיך אים איינגעגעבן, איז ער געוואָרן ראש־ישיבה, און געווען שטארק טעטיק פארן פארשטארקן דעם לימוד התורה אין שטאָט.

הרב זילבערבערג האָט פריער געפרווט צו זיין א סוחר. ערשט נאָכדעם וואָס ער איז נכשל געוואָרן איז ער געוואָרן רב אין קיעלצער געגנט. אין וואלבראָם האָט ער געוווינט אין מיכאל פעלדבערגס הויז אויף שווינסקא גאס, און כאָטש ער איז געווען א גרויסער תלמיד־חכם האָט ער זיך געפירט בחסידות, ליב געהאט יעדן מענטש, שטענדיק געהאט א גוט וואָרט פאר יעדן, שטארק אכטינק געגעבן ניט פוגע בכבוד צו זיין קיינעם, און פארשטייט זיך אז ער האָט ניט געטאָן א זאך וואָס קען עמיצן גורם זיין א שאָדן. ער האָט פארטיילט פיל געלט אויף צדקה, האָט ניט געפאָדערט פאר דיני־תורות, נור וויפיל מ'האָט אים געגעבן האָט ער גענומען מיט ליבשאפט און פריינדשאפט. ביי אים איז קיין אונטערשיד געווען צווישן אָרעם און רייך. ער האָט געטיילט כבוד די אָרעמע לייט ניט ווייניקער ווי די רייכע. זיין הויז איז געווען אָפן פאר אלע, און שטארק איבערגעגעבן זיינע קהילה־ענינים. די קהילה האָט אים באשטימט א שיינעם געהאלט, אָבער ער האָט זיך באגניגט מיט ווייניק. ער איז געווען שטארק באליבט ביי אלע. ער האָט פארכאפט די הערצער פון זיינע צוהערער מיט זיינע תורה־ווערטלעך אין די שבת און יום־טוב טעג. זיין נאָמען איז

באַקאַנט געוואָרן אַלס איינער פון די גרויסע רבנים און פוסקים און אַ סך רבנים פון דער אומגעבונג האָבן זיך צו אים געווענדעט מיט זייערע פראַגן. ס׳איז אים געלונגען אויפצוהויבן דעם תורה־גייסט אין שטאָט און געגענט. מיטן אויפשטעלן די ישיבה האָט ער געווידמעט זיינע כוחות אויף צו פלאַנצן אין די הערצער פון זיינע שטאָטלייט ליבע צו תורה און ישראל.

באַזונדערס האָט ער זיך אָנגעשטרענגט אויפצושטעלן אין שטאָט אַ מאָדערנע מקוה, און האָט זיך באַגניגט מיט אַ ווייניקעם אין זיין פרנסה און דאָס געלט אריינגעלייגט אין די מקוה. געדאַוונט האָט ער אין שול, און אין די וואָכן־טעג האָט ער געהאַלטן ביי זיך אַ מנין אויף צו דאַוונען. ער איז געווען „פון הילל׳ס תלמידים" און שטענדיק האָט ער ממליץ געווען אויף „קלים וריקים". געווען געלאַסן, ברייט־שכלדיק און געשטרעבט צו שלום. ער איז געווען באַליבט אין אַלע שיכטן אין שטאָט. זיין הויז איז אַלעמאָל געווען פול מיט מענטשן וואָס פלעגן ביי אים באַזוכן צוליב פאַרשידענע צוועקן, האַנדלסלייט האָבן געפרעגט אַן עצה, מענטשן זיינען געקומען זיך משפטן פאַר אים, און מען פלעגט קומען צו אים אויך צו כאַפּן מיט אים אַ שמועס אין תורה אָדער אין וועלט־זאַכן. מען האָט דערציילט פיל לעגענדעס איבער זיין מעשה־צדקה וחסד, דען ער איז געווען פון די פאַרבאָרגענע בעלי־צדקה. ער איז אומגעקומען דורך די דייטשע נאַציס צוזאַמען מיט זיין קהילה. ס׳איז פון אים געבליבן אַן איינציק אייניקל און געפינט זיך אין ישראל.

ב) צדיקים און חסידים:

די חסידישע באַוועגונג אין פּוילן איז געוואָרן אַ מאַסן־באַוועגונג. זי האָט געשלאָגן וואָרצלען אין די טיפקייט. דאָס יידישע וואַלבראַם איז געווען מייסטנס חסידיש געשטימט. די חסידים האָבן געהאַט פיל למדנים און תלמידי־חכמים און געהאַט אַ גוטן נאָמען אין שטאָט. די וואַלבראַמער האָבן אויפגענומען דעם חסידיזם מיט פשטות און תמימות און אַדורכגעפירט גאַנץ געטריי אירע פּרינציפּן.

דער חסידיזם אין פּוילן האָט אין די ערשטע דורות געצויגן ספּעציעל די קליינע שטעטלאך, און זייערע רבנים זיינען געווען געצוואונגען צוליב פרנסה צו בויגן זייער קאָפּ פאַר די רביים און חסידים. די רעבישע הויפן אין פּוילן האָבן געטראָגן דעם כאַראַקטער פון מלוכה׳שע דינאַסטיעס. און אַ מויער האָט זיך אוועקגעשטעלט צווישן זיי און די אויסערלעכע וועלט, און ס׳האָבן זיך באַהעפט אין זיי די מאַסן וואָס האָבן געלעכצט נאָך אמונת צדיקים. צו די דאָזיקע שטעטלעך האָט געהערט אויך וואַלבראַם, און אירע חסידים זיינען געווען אַרבייטזאַמע לייט, בעלי־מלאכות, סוחרים און קליינהענדלער. זיי האָבן זיך געפילט געאייניקט דורך תורה, עבודת ה׳ און מעשים טובים, און אין די וואָכן און שבת האָבן זיי זיך באַפרייט פון זייער וואָכנקייט און זיך אריינגעטאָן אין גייסטיקן תכלית. די וואַלבראַמער חסידים האָבן געדינט אַלס מוסטערבילד פאַר די אַנדערע שטעט.

אויך וואַלבראַם האָט זוכה געווען צו צוויי דינאַסטיעס פון חסידות־פאַרשפּרייטער. דאָס זיינען געווען: רבי חיים (גערופן: ר׳ חיים וואַלבראַמער)

וואָס אויסער דעם כסא הרבנות האָט ער אויך געטראָגן די קרוין אלס רבי, און ער האָט קאָנצענטרירט ארום זיך לומדים און חסידים און זיי געפירט אין גייסט פון אמונה און בטחון. די אנטוויקלונג פון וואלבראָם אלס מקום תורה און חסידות האָט זיך אָנגעהויבן נאָך אין צווייטן דור פונם פוילישן חסידות נאָכדעם וואָס ר׳ חיים דער רבי האָט געעפנט אין חסידות ברייטע האָריזאָנטן צו זיין טעטיקייט, און מיט זיין קראפט האָט ער צוגעצויגן צום חסידות פיל אָנהענגער פון נאָענט און ווייט, און אויך מתנגדים זיינען צו אים צוגעשטאנען. רבי חיים איז געווען א שטורמישע און דינאמישע פערזענלעכקייט, און ער האָט אויסגעאיבט א גרויסן גייסטיקן דרוק אויף זיינע חסידים. גרויס איז געווען זיין איינפלוס אין שטאָט. ר׳ חיים האָט ניט איבערגעלאָזן נאָך זיך קיין קינדער, און נאָך זיין פטירה איז געבליבן אין שטאָט א לאנגע צייט א חלל ריק.

רבי חיים האָט ניט געהאט קיין אייגענעם יחוס־אבות פון צדיקים, אָבער ער האָט געהאט א יחוס פון צדיקים־רבי׳ס. נאָך אים איז אנטשטאנען אין וואלבראָם א צווייטע דינאסטיע וועלכע איז ניט געווען ניי אין די פוילישע חסידים־וועלט, נור א פאָרטזעצונג. געווען איז עס רבי יצחק מנחם, א זון פון רבי פנחס, א זון פון רבי מאיר׳ל דער אפטער רבי. רבי מאיר׳ל איז געווען דער גרעסטער צווישן דעם לובלינער „חוזה״ס תלמידים און זיין געקרוינטער יורש אלס רבי אין פוילן, רב אין סטאפניץ און אפט, גרויס אין תורה, און איבערגעלאָזן נאָך זיך א ספר „אור לשמים״. ער איז נפטר געוואָרן כ״ה תמוז תקצ״א. זיין זון רבי פנחס האָט פאַרטרעטן דעם פאָטערס פלאַץ אלס רבי אין אפט, און געשטאָרבן אין תקצ״ז. זיין זון רבי יצחק מנחם האָט ניט געקענט בלייבן אין אפט, דען זיין ברודער רבי מאיר (דער צווייטער) האָט געירשנט דעם דינאסטיע־שטול נאָכן פאָטער. ער איז אוועק פון זיין שטאָט און זיך אויסגעקליבן וואלבראָם. זינט תקצ״ז פירט ער ווייטער די רעבוסטווא אין וואלבראָם אלס אן אָפצווייג פונם גרויסן רבי מאיר׳ל פון אפט. ער האָט געהייראט מיט גאָלדע־אסתר, די טאָכטער פון רבי משה פון לעלאוו א זון פון דעם באַרימטן רבי דוד׳ל לעלאווער. רבי משה איז צו זיין עלטער עולה געווען קיין ירושלים מיט זיינע זין יצחק־דוד און אלעזר־מנחם און זיין קבר איז נעבן זכריה הנביא׳ס קבר אויפן הר־הזיתים (נפטר געוואָרן תר״י). רבי יצחק מנחם האָט ניט צוגעצויגן צו זיך א גרויסע עדת חסידים קיין וואלבראָם. ער איז נפטר געוואָרן כ׳ אדר תרל״ד, און אויף זיין קבר האָט מען אויפגעשטעלט אן „אוהל״.

וועגן די רביצין גאָלדע־אסתר ווערט דערציילט, אז יאָרנלאנג נאָך איר חתונה האָט זי ניט געהאט קיין קינדער, און איר פאָטער דער צדיק האָט איר געזאָגט אז ער קען איר ליידער ניט העלפן, און זי דארף זיך ווענדן צום ראדאשיצער רבין רבי בער. זי איז אהין געפאָרן מיט איר שוויגער, אריינגעגאנגען צום רבי׳ן און זיך באקלאָגט אז זי האָט ניט קיין קינדער. דער צדיק האָט געכאפט א בענקל, ווי ער וואָלט געוואָלט עס ווארפן אויף איר און זיך געבייזערט אויף איר: „חצופה. ארויס פון דאנעט און זיי ניט מטמא מיין שטוב״. איר שוויגער האָט פאַרשטאנען אז ס׳איז ניט אזוי פשוט, און זי איז אליין אריין צום רבין, צו הערן פון אים א דערקלערונג איבער זיין אויפפירונג קעגן א רביש

קינד. דער צדיק האָט אָבער זי באלד אויפגענומען פיין און גוט און געווונטשן איר מזל־טוב: דיין שנור איז געהאָלפן. נור אין דעם אופן האָט זי געקאָנט ווערן געהאָלפן. נאָך דעם איז אריין צו אים גאָלדע־אסתר, און אויך זי האָט ער פיין אויפגענומען און פארזיכערט אז זי וועט האָבן א בן זכר און ער וועט זיין א גדול בישראל. זיין ברכה איז מקויים געוואָרן, און זי האָט געהאט רבי אלטער מאיר דוד הלוי, דער וואלבראָמער רבי, וועלכער האָט פארטרעטן זיין פאָטער יצחק מנחם נאָך זיין פטירה.

רבי אלטער מאיר דוד איז געבוירן אין יאָר ת״ר און האָט געהייראטעט מיט די טאָכטער פונם רבי משה רוקח, דער קאראווער רבי, א זון פון רבי שלום פון בעלז. ער האָט געפּרעדיקט פאָרן חסידות ניט נאָר אין וואלבראָם זיין ווּוּין־זיץ, נאָר ער פלעגט פאָרן איבער פארשידענע יידישע ישובים און פראָפּאגירט די חסידישע לערע צווישן די יידישע מאסן. ער האָט אויפגעשטעלט אין זיין חצר א בית־תפילה, אין וועלכן ער פלעגט דאַוונען א גאַנץ יאָר, און אין די ימים־נוראים איז זיין דאַווענען געווען פול מיט ניגונים נייע און אלטע, און די הערערס האָבן זיך געקוויקט מיט זיי. ער האָט געהאַט א נאָמען אלס בעל־מופת, און געהאט פיל חסידים. די אלטע חסידים וואָס האָבן אים געקענט פון דער נאָענט און געגאַסן פון זיין לויטערקייט טראָגן אין זייער האַרץ זיין אָנדענקען ווי א טייערע זאַך. ער איז ניט געווען פארשלאָסן אין זיינע פיר איילן. אויך שוין זייענדיק א רבי פלעגט ער פאָרן אויף באזוכן אין רבי׳ס הייזער און הויפן, און איז געווען זייער נאָענט צו רבי חיים דעם צאנזער רב און רבי, און זיך אויך מיט אים משדך געווען. ער איז נפטר געוואָרן כ״ז אדר תרע״א און אויף זיין קבר האָט מען אויפגעשטעלט אן „אוהל". די דאָזיקע דינאסטיע האָט עקזיסטירט עטלעכע דורות, ביז דער לעצטער רבי איז אומגעקומען פון די נאציס.

נאָך זיין פטירה האָט אים פארטרעטן זיין זון רבי יוסף נתן הלוי פון תרע״א. אָבער ער האָט ניט לאַנג געלעבט. ער איז נפטר געוואָרן כ״ד כסליו תרע״ה (אין ערשטן וועלט־קריג) און ניט געלאָזט נאָך זיך קיין קינדער. נאָך אים איז געקומען זיין שוואָגער רבי שלום רוקח און געפירט די רעבוסטווא אין וואלבראָם ביז צום לעצטן וועלט־קריג, און ער איז אומגעקומען אין צאזמיר (סאנדאמיערש), האָפנדיק אז דאָרט וועט ער זיך קענען ראַטן. אויך די אנדערע קינדער פונם רבי אלטער האָבן געפירט רעבוסטווא אין פארשידענע שטעט. זיין זון רבי יצחק מנחם הלוי האָט זיך געגרינדעט א דינאסטיע אין בענדין זינט תרע״א און באַקומען א נאָמען „דער שיניווער רבי", ווייל זיין הויז איז געווען נאָענט צו די באַן־שינעס. רבי שלום הלוי איז געזעסן אלס רבי נאָך זיין פאָטערס פטירה רבי אלטער — אין אפט, די אורשפּרונגס־שטאָט פון די דינאסטיע. מיטן לעצטן פארניכטונגס־קריג דורך די דייטשע מערדערישע נאציס איז פארשניטן געוואָרן די דאָזיקע דינאסטיע, און נאָר ווייניקע זיינען געראַטעוועט געוואָרן און לעבן אין ישראל און אין אמעריקע.

דער חסידישער ברען האָט געפונען זיין אויסדרוק אויך אין די צאָל־רייכע שטיבלעך אין וואלבראָם, ווי די גערער, ראדאמסקער, חענטשינער, אלעק־

האָב איך באמערקט מאָדנע יידן שטייען איינגעבויגן אין פעלד אין א הייסן זומער טאָג און מאכן מיט די הענט פארשידענע באוועגונגען און כ'האָב דאמאָלס נישט געוווּסט וואָס אזוינס טוען זיי אויפן פעלד.

אין פארלויף פון דער צייט זענען די יידן איינציקווייז ארויסגעשטופּט געוואָרן דורך די פּאָליאקן פון זייערע באָדנס, און נאָר יחידים האָבן זיך נאָך געקלאמערט מיט זייערע נחלאות. איך געדענק די טאָרף־פעלדער וועלכע האָבן זיך געצויגן אויפן וועג צו די באַן־ליניע ארום דעם סאָסנאָווע וואלד. די זומפּיקע באגנעס האָבן גענוצט אלס נאטירליך הייץ־מאטעריאל פאר די איינוווינער פון דער סביבה. די דאָזיקע פעלדער זענען געווען א שותפות אייגנטום פון די יידן און פּאָליאקן. יעדער בירגער אין וואלבראָם האָט געהאט פארשריבן זיין טייל אין די אָפיציעלע טאבו־אמטן. יעדער אייגנטימער האָט אויסגעגראָבן פון דער ערד פירעקיקע גרויסע בלאָקן, דערנאָך פלעגט מען זיי טרוקענען ביז זיי זענען געוואָרן זער לייכט און דאן האָט יעדע פאמיליע זיך באוואָרנט מיט קאָך און הייץ מאטעריאל אויפן ווינטער.

פון מיינע יוגנט־יאָרן געדענק איך דעם פּראָצעס, ווי אזוי די פּאָליאקן האָבן מיט פארשידענע שפיצלען און טעראָר־מיטלען פארטריבן די יידן פון די טאָרף־פעלדער. די רייכע יידן וועלכע האָבן שוין דערשמעקט די ציוויליזאציע און פראָגרעס דורך זייער קאנטאקט מיט די גרויסע שטעט — האָבן וואָס מער זיך דערווייטערט פון דעם טאָרף וועלכעס האָט איבערגעלאָזט א שטארקן רויך אין די שטובן — און סיסטעמאטיש אָנגעהויבן צו באנוצן די קוילן וועלכע מען האָט געברענגט פון די רייכע קוילן־גרובן אין זאגלעמביע. נאָר די אָרימע באפעלקערונג האָט נאָך, צוליב די ביליקייט, זיך באנוצט מיטן טאָרף.

די בעלי־מלאכות, אַרבעטער, טרעגער און דינסטן (וואָס האָבן געדינט און די רייכע הייזער) האָבן געוווינט אין קליינע הילצערנע הייזלעך ארום מארק און די קליינע געסלעך פון שטעטל. די ענגשאפט אין די דירות איז געווען א גרויסע, ווייל די יידישע משפחות — די רייכע ווי די אָרימע — האָבן געהאט א סך קינדער. די יידישע מלאכות זענען באשטאנען פון: שניידערס, שוסטערס, סטאָלארעס, בלעכערס און שמידן. די בלעכערס האָבן זיך אויך פּארנומען מיט דעקן די דעכער מיט פאפּע אָדער בלעך. די גויישע הייזלעך זענען ס'רוב געווען געדעקט מיט שטרוי. זומער זענען דאריבער געווען פיל שרפות און יעדעס יאָר זענען גאנצע געסלעך אָפּגעברענט געוואָרן. ווען ס'איז געגרינדעט געוואָרן א פייערלעשער קאָמאנדע, געדענק איך פאָלגנדן פאקט:

ס'איז אויסגעבראָכן א שרפה אין מארק־פלאץ, אינאיינמאָל איז דער הימל רויט געוואָרן, די פייערלעשער באמיען זיך צו לאָקאליזירן דאָס פייער — איך א בר־מצוה יונגל וואָס האָט אָנגעהויבן ארייננקוקן אין די טריף־פסולע ספרים, ציוניזם, פּראָגרעס — האָב געבעטן דעם קאָמענדאנט ר'זאָל מיר דערמעגלעכן מיטהעלפן לעשן די שריפה, ער איז מיר באלד אנטקעגנגעקומען און האָט מיר געגעבן א האנד־פּאָמפּע בכדי צו געבן כסדר וואסער פאר די פייערלעשער. כ'האָב מיך בעת־מעשה זייער גרויס געהאלטן מיט מיין וויכטיקע ארבעט. אז ס'איז אויסגעבראָכן א שריפה אין שטעטל האָבן אלע גלעקער אין קירכע

גענומען קלינגען, און די פייערלעשער האָבן שווער געמאַטערט זיך ביים לעשן, ווייל די הייזער האָבן מערסטנטייל געהאַט שטרויענע דעכער און ווענט פון האָלץ. האָבן זיי געקנאַקט פון טרוקנקייט און ס׳רוב אוועק מיטן ווינט. אין די שפּעטערע יאָרן האָבן די פייערלעשער געקויפט א גרויסן טראָמפּייט און איבערגעגעבן יענקל מוסר אז ער זאָל ביי יעדער שרפה בלאָזן און אזוי ארום אלארמירן די גאנצע שטאָט.

ערשט נאָך פילמאָליקע שריפות, און ווען ס׳זענען אוועק מיטן רויך גאנצע גאסן, האָט מען סיסטעמאַטיש אויסגעטוישט די הילצערנע הייזלעך אויף פעסטע געמויערטע הייזער און וואלבראָם האָט באַקומען די פאָרם פון א שטאָט.




רחוב קראקוב

ס׳ליגן מיר נאָך אין זכרון די אוכוואלעס, ד״ה אלגעמיינע פארזאמלונג פון וואלבראָמער בירגער. אויף די פארזאמלונגען האָבן אָנטיילגענומען נאָר ערד־אייגנטימער אָדער בעלי־בתים פון הייזער. מ׳האָט באהאנדלט שטאָטישע כלל־ענינים. און ס׳האָט פאסירט אז מיין זיידע אָדער אן אנדערער חשובער ייד, האָט ארויסגעזאָגט זיין מיינונג און די אוכוואלע האָט עס באשטעטיקט. די פאר־זאמלונגען זענען פאָרגעקומען זומער אונטערן פרייען הימל. (ווי ס׳איז געווען ווינטער ווייס איך נישט) דער עולם האָט זיך פארזאמלט אויפן פלאַץ נעבן מאגיסטראט אָדער ביי די רעגירונגס־שולע. דער פּרעזעס איז געשטאנען אויפן שוועל פון די ביורא און געפירט די פארזאמלונג. כ׳האָב ליב געהאט זיך

צוצוקוקן און נאכפאָלגן דעם גאנג פון די פארזאמלונגען. איינמאָל האָב איך געהערט איבערלייענען אויף רוסיש א באפעל פון די קרייז מאכט־אָרגאנען מיט אן איבערזעצונג אויף פויליש. ווען כ׳וויל אדורכפירן א פאראלעל צווישן די אספות און די יידישע אספות אין גרויסן בית המדרש, מוז איך קומען צום אויספיר אז די פארזאמלונגען אין בית המדרש זענען געפירט געוואָרן מיט מער ברען, מער התלהבות ווי די אלגעמיינע אוכוואלעס.

נאָר לאָמיר זיך אומקערן צו שילדערן דעם מארק־פלאץ, דעם גייסטיקן צענטער פון וואלבראָמער קהילה. א גאנצן טאָג האָט זיך געפילט א זידיק לעבהאפטע באוועגונג. הונדערטער קינדער פון די „חדרים" האָבן ביי די הפסקות געשפילט זיך — מיט קינדישער נאַיוויטעט — אין פארשידענע שפּילערייען, פונדערווייטנס, פונם בית המדרש האָבן זיך געהערט די שיינע גמרא נגונים פון די בחורים וועלכע זענען געזעסן געבויגן איבער די גמ׳־ה׳ס פון זון־אויפגאנג ביז שפעט אינדערנאכט, ווייל פון חמשה־עשר באב ביזן פּרילינג, האָט אויך די נאכט געהערט צו די לערנערס. אין די פריע שעהן און ערשטע אָונט שעהן האָט זיך געהערט פון די בתי־תפילה דאָס שחרית און מנחה־מעריב דאווענען. אין די שבתים און ימים־טובים האָט דער מארק־פלאץ געיובלט און געשטורמט פון טויזנטער יידן, מענער און פרויען וועלכע האָבן זיך א לאָז געטאָן צום דאווענען יעדער אין זיין קלייזל, און דאָס געזאנג האָט זיך געלאָזט הערן זער ווייט ארום.

דער מארק האָט אלזאָ געדינט פארן וואלבראָמער יודנטום א גייסטיק־ שעפערישע היים. די פרנסה איז אפילו געווען שווער ווי קריעת ים־סוף, נאָר פון דאנען האָבן זיי געשעפט מוט און כוח. יעדע פרייע שעה איז געווען הייליק פאַר תורה און תפילה. אויך די אָרימסטע שיכטן האָבן געשיקט זייערע קינדער אין חדר אריין, צו לערנען א ביסל יידישקייט. נאָר איך געדענק ווי אין „חדר" זענען ארויסגעפאלן יעדעס מאָל 10־יעריקע קינדער פון אָרימע עלטערן כדי זיך צו לערנען א מלאכה און צו העלפן אין שטוב מיט פרנסה.

אין „חדר" האָבן מיט אונז געלערנט אויך מיידלעך, זער יונגע ביז וואנען זיי האָבן זיך אויסגעלערנט לייענען און דאווענען, דאן האָבן זיי פארלאָזט דעם „חדר" און צוגעהאָלפן די מאמען אין דער שטוב ווירטשאפט. די רייכערע בעלי־ הבתים האָבן געברענגט א לערער אין שטוב אריין, צו אלגעמיינע בילדונג. דער בולטסטער פון זיי איז געווען מילשטיין וועלכער איז געווען פעאיק און אוני־ ווערסאל, נאָר מיט מאָדנע געוועג. וועגן אים פלעגן זיך וועבן פארשידענע לעגענדעס אין שטעטל.

מיר יונגלעך, פלעגן קוקן מיט רחמנות און בטול אויף די מיידלעך וועלכע האָבן נישט באוויזן צו לערנען תורה גלייך מיט אונז. גלייכצייטיק האָבן מיר זיי מקנא געווען וואָס זיי האָבן די מעגלעכקייט פראנק און פריי צו שפּילן זיך אין די הויפן. וואָס אן אמת, האָבן מיר אויך געהאט א הפסקה ביי מיטאָג, און מיר האָבן עס אויסגענוצט צום שפּילן.

באזונדערס גוט האָבן מיר געהאט ביים פּאָפּולערן רבין רב מענדל וואָלף דער ברייט־פּלייציקער און ברייט־הערציקער און תמיד מיטן שמייכל, ער האָט אונז באפרייט אויף א לענגערע צייט צום מיטאָג. ווינטער־צייט נאָך סוכות,

האָבן מיר געלערנט אויך אין אָוונט. נאָר ביי ר׳ מענדל וואָלפן האָבן מיר זיך דורכגעשמוגלט פון נאכט לערנען. ערשט ווען מיר זענען געוואָרן חומש־יונגלעך ביי חיימל מלמד, האָבן מיר אויך ביי נאכט געלערנט. יעדן אָוונט האָבן גע־שטראָמט מאסן קינדער פון 5 יאָר אָן פון אלע עקן ביי א רעגנדיקן וועטער אין די בלאָטעס און געטאפטשעט אין דער פינסטער, איינגעוויקלט אין ווארימע מלבושים, האלטנדיק א לאמטער מיט א חלב׳ן ליכטל — האָבן זיי געשטאָרמט צום פלעצל פון די „חדרים״, בכדי אָנצושטאָפן זייערע קעפלעך מיט יידישקייט און תורה. אויך ווייטער אין ווינטער, ווען ס׳זענען געקומען די פרעסט און שניי־שטורמס — האָט עס נישט אָפּגעהאלטן די יידישע קינדער פון זייער באגער און דראנג צום לערנען. מיר האָבן געלערנט ביי ר׳ חיימל מלמד חומש, און שפּעטער אויך גמרא פון „שנים אוחזין בטלית״. אין אָוונט, ווען דער רבי איז געגאנגען אין בית־המדרש אריין, דאוונען מנחה־מעריב, זענען מיר געזעסן אין דער פינסטער, ווייל די רביצין האָט געשפּאָרט די ליכט. ערשט, ווען דער רבי איז צוריקגעקומען, האָט זי אָנגעצונדן די ליכט. די פינסטערע שעה אינם חדר, האָבן מיר זער גוט פארברענגט, מיט דערציילן פארשידענע מעשיות און לעגענדעס. און טיילמאָל פלעג איך צוהעלפן מיין חבר לייבעלע פאטאש ביים זינגען פראגמענטן פון יום־כפור דאוונען. ער האָט געהאט זער א זיסע און הארמאָנישע שטימע, און די קינדער האָבן זיך אויפמערקזאם צוגעהערט צו אונזער זינגען.

נאָר פּלוצים קומט אָן דער רבי, אלץ ווערט איבערגעריסן און מען נעמט זיך ווידער קנעלן איבער די גמרה׳ס. נאָך גרעסער איז געוואָרן די פרייד ווען דער רבי האָט אונז אהיים געשיקט. מיר האָבן אָנגעצונדן די לאמטערנס און געגאנגען גרופּעסווייז לויט די גאסן וואָס מיר האָבן געוווינט. פון אָנפאנג, ווען מיר זענען נאָך צוזאמען געגאנגען און דאָס שותפותדיקע ליכט פון די לאמטערן האָט געשניטן די פינסטערניש פון גאס, (דאמאָלס זענען נאָך קיין גאסן־לאמטערן נישט געווען) איז אונזער שטימונג געווען א געהויבענע, מיר האָבן נאָך צוגעזונגען עפּעס א זמר, נאָר ווען די וועגן האָבן זיך צוטיילט, און וואָס אמאָל זענען מיר אויס מורא שטיל געוואָרן, צוגעאיילט אונזערע טריט אין די בלאָטעס און אין דער נאכט־שטילקייט. צום סוף בין איך געבליבן אליין, און כ׳האָב זיך מיט אלע כוחות צוגעיאָגט צו קומען אהיים.

## דער וואָלבראָמער רב

דער וואָלבראָמער רב רבי משה וויינבערג, האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין למדנישקייט. ער האָט גוט געקענט תורה און פוסקים, און ער איז געווען שטארק באליבט ביים נישט־חסידישן בירגערטן עולם. די געררער חסידים האָבן אפילו געקוקט אויף אים פון אויבן אראָפּ, ווייל ער האָט נישט געהערט צום חסידישן שטראָם. שבת און יום־טוב און טיילמאָל אויך אין מיטן וואָך, פלעגט ער דאוונען אין דער גרויסער שול מיטן „עמוד״. דער רעספּעקט וואָס מיר קינדער האָבן געהאט

פאר אים, איז א ביסל שוואכער געוואָרן צוליב די האלטונג פון די חסידים. איינמאָל האָב איך זיך גענומען מוט און א פרעג געטאָן מיין פּאָטער ז״ל: צי איז דער רב נישט גרויס אין לערנען, הלמאי באציען זיך די חסידים מיט גרינגשעצונג צו אים. מיט א שמייכל האָט מיר דער טאטע געענטפערט: ער איז יאָ א גרויסער למדן, נאָר ער איז נישט קיין חסיד... טראָץ אלעמען, האָט אים דאָס פשוטע פאָלק זער ליב געהאט און באזונדערס די פרויען אלס גייסטיקער פאָטער פון די קהילה. באזונדערס איז ער באליבט געווען צוליב זיין שיינע שטימע, ווען ער פלעגט דאווענען פארן עמוד אין באשטימטע פייערלעכע מאָמענטן ווי צ.ב. אין די ימים נוראים.

ווען איך בין נאָך א קליין יונגל געווען, האָט מיך מיין פּאָטער ז״ל געשיקט פון אונזער שטיבל — אין די ראש־השנה נאכט — אין שול אריין, מיט די ווערטער: לויף שנעלער אהין, וועסטו הערן דעם רב אויסזינגען די תפילה „לדוד מזמור, לד׳ הארץ ומלואה״. און איך בין טאקע אָנגעקומען אין ריכטיקן מאָמענט, הערנדיק דעם רב מיט זיין זיסע שטימע, און שטילן געבעט, וועלכעס האָט געמאכט ציטערן די הערצער און געעפנט גלייכצייטיק די טויערן פון הימל, אויסצוהערן די תחנונים פון דער גאנצער עדה.

איך בין זיכער, אז די וואָלבראָמער יידן האָבן נישט געוווסט דעם געהיימען סוד, אז זייער געאכטעטער, ירא־שמים׳דיקער רב זינדיקט פון צייט צו צייט מיטן לייענען די „הצפירה״, די אפיקורסישע צייטונג, וואָס מיין פּאָטער ז״ל איז געווען זיין איינציקער אבאָנענט אין שטאָט. די גערער חסידים זענען אפילו שטארק אין כעס געווען אויף אים צוליב דעם. דער רב פלעגט שיקן אין געהיים א ספּעציעלן שליח צו מיין טאטן, נאָך עטלעכע נומערן פון די צייטונג. אויך געדענק איך, אז דער רב האָט מיט ספּעציעלע אויפמערקזאמקייט געלייענט די סעריע ארטיקלען אין „הצפירה״ א. נ. „למרנן ורבנן״, וואָס נחום סאָקאָלאָוו ז״ל האָט זיך געוואנדן מיט אויפקלערונגען און פּאָלעמיק צו די רבנים פאר זייער נעגאטיווע באציונג צום ציוניזם.

דאכט זיך, אז דאָס איז געווען אין יאָר תר״ס — 1900. דער רב האָט אין יענער צייט אָנגעשריבן א ספר „אהל־משה״ וואָס אייניקע עקזעמפּלארן געפינען זיך אין ישראל.

וואָס פאר א אויספיר דער רב האָט ארויסגענומען פון די „הצפירה״ ווייס איך נישט. נאָר אין עטלעכע יאָר שפּעטער, ווען מיר האָבן אויפגעשטעלט אין שטעטל א געהיימען קרייז פון ציוניסטן און העברעאיש רעדער, האָבן מיר זיך געטראָפן — איך און מיין חבר לייבעלע פּאטאש — שבת אין גרויסן בית־המדרש, בעת דער רב האָט געהאלטן א דרשה וועגן דיני פסח. פּלוצים איז ער אוועק פון די טעמא און איבערגעגאנגען צו א שטארקן אָנגריף אויף די אפיקור־סים וואָס מערן זיך לעצטנס ביי אונז, ער איז ביז טרערן דערגאנגען. אזוי ווי מירביידע זענען געשטאנען זער נאָנט אנטקעגן דעם רב, האָבן מיר געטראכט, אז אונזער אָנוועזנהייט האָט גורם געווען, דאָס דער רב זאָל אויפהייבן א קאמף קעגן די ציוניסטישע אפיקורסים. מיר האָבן לאנג נישט געקלערט און זיך אָפּגעטראָגן פון דאָרט...

## דער וואלבראָמער דיין

אין צווייטער ראנגע, לויט זיין שטעלע, איז געווען דער דיין און מורה־הוראה רבי הירש לייב. לעגענדעס זענען פארשפרייט געווען אין שטעטל וועגן זיין געניאליטעט אין תורה און חכמה, זיינע פעאיקייטן און שארפער מוח. זיינע שווארצע ברענענדיקע אויגן האָבן עדות געזאָגט, אז דער מיטל־וווקסיקער און ברייט־פלייציקער ייד פארקערפערט אין זיך אויסערגעווענליכע גייסטיקע אייגנשאפטן. כ׳האָב ליב געהאט אים צו אָבסערווירן, ווי אזוי ער שטייט ביים דאווגען מיט פארמאכטע אויגן, ארייגעטאָן אין נישט ערדישע וועלטן. די חסידים ווידער, וואָס האָבן זיך צו אים באצויגן מיט א געוויסער פאָרזיכטיקייט, ווייל ער איז געווען א ליטוואק, האָבן זיך אויסגעדריקט וועגן זיין דאווגען: ווער ווייסט, וואָס פאר א פרעמדע און פסולע געדאנקן ליגן איצט אין דעם ליטוואקס צלם־קאָפ? זיין געשטאלט און זיין זיסע טיפע שפראך האָבן ארויסגערופן דרך־ארץ ביי יעדן וואָס איז געקומען מיט אים אין קאָנטאקט, אפילו צווישן די גערער חסידים וואָס האָבן אין הארצן געטראָגן א שנאה צו דעם גאון, דעם ליטוואק. ווען כ׳בין נאָך א קליין יונגל געווען, האָב איך פיל רעספעקט און אכטונג געהאט פאר רבי הירש לייב דעם דיין, גלייכצייטיק ווידער האָט מיך געוווּנדערט, הלמאי די גערער חסידים (וואָס כ׳בין צווישן זיי אויפגעצויגן געוואָרן) טוען אים גרינגשעצן — און אָט א ווונדער: אין א ראש־השנה נאכט, נאָכן מעריב, ווען אלע דאווגערס האָבן זיך גוט געווונטשן איינער דעם אנדערן, איז דער גאנצער קהל אוועק — ווי איין מענטש — אין דער דירה פון רבי הירש־לייב. דער טאטע ז״ל האלט מיך ביים האנט און דערקלערט מיר, אז מיר גייען ווינטשן דעם דיין צום נייעם יאָר, און איך דארף אויך אים ווינטשן מיט א כתיבה וחתימה טובה.

דער וועג צו זיין הויז, איז געווען פארפלייצט מיט מאסן מענטשן וואָס האָבן געשטראָמט פון אלע בתי־תפילות צו ווינטשן דעם דיין רבי הירש־לייב. מיר האָבן קוים זיך דורכגעשטופט דורכן גרויסן המון, און אָט, דערנענטערנדיק זיך צום טיש, ווי דער דיין איז געזעסן מיט א שטראלנדיק ערנסט פנים האָב איך געציטערט פאר גרויס איבערראשונג, זאָגנדיק די ברכה בעת ער דריקט מיין האנט און גיט מיר צוריק זיין ווינטשעוואניע. מיט גרויס עמאציע און פארווונדערונג, בין איך ארויסגעגאנגען פון זיין שטוב, און האָב אויסגעדריקט פאר מיין פאָטער ז״ל מיין „בתמיהה״ פארן גרויסן כבוד וואָס א מענטש האָט ווען ער איז נו...? מיין פאָטער האָט באלד פארשטאנען מיינע געדאנקען און האָט מיר געענטפערט קורץ: ס׳איז דאָך היינט ראש־השנה, און מ׳דארף דעם יום־טוב זיך איבערבעטן מיט אלעמען, באזונדער מיט א מורה־הוראה ביי יידן. דעם המשך פון מיינע הרהורים, וועגן די אויפירונג פון די גערער — פון איין ראש־השנה ביזן צווייטן — האָב איך מיין טאטן ערשט אנטפלעקט א סאך יאָרן שפעטער.

דער צווייטער מורה־הוראה אין שטעטל איז געווען רבי בעריש דיין, א פשוטער, באשיידענער און א קנאפער רעדנער. טאָג־טעגלעך ווען ער פלעגט אדורכגיין נעבן „חדר״ — ווען מיר זענען געווען אינדרויסן — האָבן מיר אים

געמאַכט אַ וואַרע מיט רעספּעקט און פרייַ געמאַכט אים דעם וועג. ווען ער האָט זיך פון אונז דערווייטערט האָב איך אַ זאָג געטון צו מיינע חברים: ווען מיר וואָלטן כאָטש געווען אַזוי ווי ער... און מיינע חברים האָבן אָן ווערטער מסכים געווען מיט אַ קאָפּ־שאָקל.

## רבי משה נאַרציז

ר׳ משה נאַרציז (אין העברעאיש נרקיס) אָדער ווי ס׳פֿאָלק האָט אים גערופן: משה נתן׳ס — איז געווען מיין זיידע. דער פֿאָטער פון מיין מאַמען. אַ הויך געוויקסיגער, ברייט־פּלייציקער (און אַ גלייכן, שטאָלצן קערפּער), מיט אַ פול געזיכט און גרויע אויגן וואָס דריקן אויס ערליכקייט, נאַיוויטעט און גלייכקייט, געזונט אין גייסט און גרויסמוטיק. זיין טראַדיציאָנעלע קליידונג, איז שטענדיק געווען ריין, אָבער נישט מיט גלאַנץ און לוקסוס. אַ מענטש מיט אַ טיפן רעליגיעזן גלויבן. זיין לעבנס־שטייגער איז געווען איינפאַך און באַשיידן. ער פלעגט עסן נאָר 2 מאָלצייטן אין טאָג; פרישטיק און אָוונט־ברויט. ער איז נישט געווען קיין חסיד, דעריבער האָט ער געדאַוונט אין קליינעם בית־המדרש.

פון די צייטן וואָס איך געדענק, האָט ער שוין מיט זיינע הענט נישט באַארבעט זיינע פעלדער. אַלץ פלעגט מאַכן — (אונטערן זיידנס אויפזיכט) דוד פורמאַן. ווי כ׳האָב פריער דערמאָנט, זענען די סקלאַדעס און אויך דער לאַנגער קאָרידאָר פון אונזער שותפות־הויז געווען אָנגעפּולט מיט זעק תבואה. ס׳פלעגן קומען די גויים מיט וועגענער, זיך אוועקזעצן וואַרטן פאַרן איינגאַנג צום זיידן. נאָך לענגערע פאַרהאַנדלונגען און דאָס קלאַפּן זיך אין די הענט אריין, זענען די קונים מסכים געווען מיטן פרייז, האָט מען אָנגעהויבן אַרויפלייגן די תבואה אויף די וועגענער. דער זיידע איז דאַמאָלס געווען אין מיינע אויגן ווי שמשון הגבור: דער זיידע האָט פלינק גענומען דעם זאַק ווייץ אָדער גערשט, אויפגעהויבן מיט אַ לייכטקייט און אַרויפגעוואָרפן אויפן וואָגן. ער איז געווען דער שטאַרקסטער און פלינקסטער פון אַלעמען. בעת זיינע אונטערהאַנדלונגען מיט די קונים, האָב איך געהערט דעם זיידן אַרויסרעדן פאַרשידענע מינים תבואות; קאָרן, ווייץ, האָבער, גערשט און אַרבעס, וועלכע כ׳האָב נישט געקענט. נאָר דאָ אין ארץ ישראל נאָך צענדליקער יאָרן אין גליל און עמק־יזרעאל האָב איך באַקענט אַלע סאָרטן תבואות, אַזוי האָב איך ממשיך געווען די טראַדיציע פון מיין זיידן, דעם טייערן מענטש.

די באָבע מלכה׳לע פון די פאַמיליע קאָרנפעלדס די לאַנדווירטן, האָט געפירט דעם זעלבן לעבנס־שטייגער וואָס מיין זיידע. זי האָט געפלעגט מיט גרויס קענטניש די פאַרשידענע עופות־שטייגן אויפן הויף, יעדע לויט זיין סאָרט. און אין שטוב — איז זי געווען אַן „אשת־חיל" — אַזוי ווי יידן זינגען פרייטיק צו נאַכטס פאַרן קידוש. דער גרויסער אויוון האָט צוגעשטעלט ברויט, חלות און אַלע געבעקסן. די וואַנט־שרענק זענען פול געווען מיט פאַרשידענע: וואַרע־

ניעס, איינגעמאכטסן און מארצעפּאנעס און אלע פרוכטן און וואלד־פּירות. דער קאלטער טיפער קעלער האָט געגוצט ווי א פריזשידער מיט פולע שענק מילך סמעטענע, פוטער און קעז — אייגענע ארבעט פון די באבען. די ריינקייט אין הויז און אויפן הויף איז געווען מוסטערהאפט. זי האָט געשטיצט אָרימע לייט מיט א ברייטער האנט. אירע קליידער זענען געווען פונקט ווי ביים זיידן, ריין, באשיידן און ציכטיק, מיט א פיינעם עסטעטישן טעם. יעדן טאָג האָט מיין באבע אויסגעשפּרייט איר תפילה פארן אויבערשטן אין הימל. די מצוות — צווישן מענטש און גאָט, צווישן מענטש און מענטש — האָט זי אָפּגעהיטן מיט דער זעלבער הארבקייט.

ווינטער, אין די שטארקסטע פרעסט, האָט מען נישט געהייצט דעם שלאָף־צימער פון זיידע־באבע. זיי האָבן געהארטעוועט זייערע קערפּערס קעגן פארשידענע קרענק, ניט געפּיעשטשעט זיך און ניט זייערע קינדער, זיי זענען דאריבער געבענטשט געוואָרן מיט א געזונט און לאנג לעבן. אין די זומערדיקע הייסע נעכט, פלעגט דער זיידע גיין צום טייך, גוט זיך אויסבאָדן, אוועקשווימען זער ווייט און צוריק קומען א פרישער געזונטער אין שטוב אריין. אין די סוכות נעכט, האָט ער גענעכטיקט אין דער סוכה אין זיין בעט וועלכעס מ'האָט איבער־געפירט נאָך ערב יום־טוב. נאָר אין פאל פון שטארקע רעגנס איז ער געצוווּנגען געווען צו נעכטיקן אין שטוב.

דער זיידע איז געווען זער געשעצט ביי די באפעלקערונג סיי יידן און סיי קריסטן. אין דער יידישער קהילה איז ער געווען לאנגע יאָרן א פּרנס (א דאזאר), אלס אָפיציעלער פאָרשטייער כלפּי די רוסישע מאכט. ביים זיידן האָט זיך שטענדיק געפונען די רעגירונגס־צייטונג וואָס איז אָנגעקומען פון פעטערבורג. ער האָט געהאט פיל פריינד פון די קריסטן.

יעדן דאָנערשטיק, דער מארק־טאָג פון וואלבראָם, זענען געקומען צו אים פון די דערפער פיל פויערים זיך פרעגן פארשידענע עצות, פריינטשאפטס־וויזיטן. אָדער, זיי זענען געקומען אין די הייסע זומער טעג טרינקען וואסער פון די ברונעמס ביים זיידן אין הויף, וואסער באטעמטע און מחיה נפשות.

צוויי ברונעמס זענען געווען ביים זיידן אין הויף: פון איין ברונעם האָט מען געשעפּט די וואסער מיט אן עמער דורך א לאנגן שטריק. פון דעם צווייטן ברונעם, האָט מען געפּאָמפּעט די וואסער מיט א האנט־פּאָמפּע. די דאָרפס־לייט האָבן ליב געהאט דאָס וואסער פון די פּאָמפּע צוליב צוויי סיבות: ערשטנס, איז די וואסער געווען לויטער און קאלט און ריין, ווייל דער ברונעם איז געווען פארדעקט. צווייטנס, איז געווען באקוועם צו האלטן דאָס פוטערנע היטל אונטער די רער וואָס האָט ארויסגעשטעקט פון די פּאָמפּע, און טרינקען מיט גרויס פארגניגן פון דעם פולן היטל...

משה לובלינג

# אני נוסע בחזרה

.1

בתקופת מפלתו של הצבא הגרמני ע"י סטלינגרד, ובעת שהצבא האדום התקדם כמנצח — הודיע קריין הרדיו הסובייטי יום יום, בצו יומי מיוחד, את שמות הערים שהצבא האדום שחרר מהרוצחים הנאציים.

בחוסר סבלנות חכיתי ליום, שבו אשמע על שחרור וולברום. על החורבן הגדול של יהדות פולין ידענו מזמן, אולם הידיעה, שבוולברום לא נשארה אף נפש יהודית חיה — עוד לא הגיעה אלי.

בו ביום ששמעתי ברדיו על שחרור וולברום, נרעד לבי, ובאותו יום כתבתי שתי גלויות לוולברום, אחת — מופנית לעיריה, השניה — לאדון מזוראֶק אשר בביתו גר אחי חיים עד הרגע האחרון.

בקשתי לדעת, האם נשאר מי שהוא ממשפחתי בחיים. שום תשובה לא נתקבלה, ואז הוברר לי, שאין לי מה לחפש שם. אך בפנימיותי לא האמנתי לרחשי לבי. צפיתי באי־סבלנות ליום, שבו נעזוב את רוסיה הסוביטית. והיום המיוחל בא.

במאי 1946 הגיע הטרנספורט שלנו לקלדזקה בשלזיה התחתית שאליה הופנו כמעט כל החוזרים מרוסיה. בפולין שרר אז מצב־רוח פוגרומי. הפולנים הסתכלו על היהודים החוזרים כמו על שדים שלא מעלמא הדין. אחדים במלים וכמעט כולם בעיניהם שאלו אותה השאלה: העודכם בחיים? כך נראינו בחזרנו לפולין, ללא קורת גג, ללא ידידים, אך מלאי תקוה. שש השנים ששהינו ברוסיה חזקו את רוחנו ולמדו אותנו שלא לאבד את התקוה.

.2

תופעה יומיומית היתה אז בפולין רצח יהודי. קרה לעתים קרובות וקבוצת פולנים מזוינים עצרה רכבת בנסיעתה, הורידו את היהודים ממנה וירו בהם ביער הסמוך. הכנופיות האלו השתייכו לא.ק. גם בערים שאנחנו גרנו לא היינו בטוחים בחיינו, ומיד עם שקיעת החמה, סגרנו את שער הבית, ונשארנו בחדרים. כל זה אירע באותם הימים, כשהעולם חגג את נצחונו על החיה הנאצית, והיהודים נמצאו בפולין המשוחררת. אך לנו היהודים החוזרים, היתה המלה שחרור כהלצה בעלמא. זה הוכיח הפוגרום בקילץ' שפרץ בימים ההם, כי כל אחד יחפש דרך, איך לצאת מפולין המשוחררת.

התחלתי לחשוב על בקור בוולברום, ללא התחשבות עם הסכנות הכרוכות בנסיעה כזאת. על חורבן וולברום ידעתי, אולם לא יאומן, הלא זה לא יתכן!... לא יתכן, שבוולברום זו, שגודלתי וחונכתי בה, שם עברו עלי שנותי ביער, בנהר, בככר השוק, שבה מוכר לי כל רחוב, וכל אבן כה קרובה לי — שעיר זו נהיתה פתאום כזרה לי.

ואני מחליט לנסוע לוולברום.

3

רכבות נוסעים כמעט ולא היו. נסעו אז ברכבות־משא ונסעו הרבה, משום שפולנים נסעו מכל קצוי המדינה לשלזיה התחתית. הם היו מרוקנים את הבתים ואת החפצים העבירו למרכז הארץ, קראו להם בשם „שברבניקים". באותו הזמן הוציא השלטון הפולני את כל הגרמנים משלזיה. אסור היה להם לקחת דבר מדירותיהם.

החלטתי לנצל את החשכה ברכבת־המשא שהובילה את ה„שברבניקים" ולנסוע לוולברום. בלילה, התגנבתי לקרון אחד, שנסע בכוון לוולברום. הקרון היה מלא שקים וחבילות, ואני השטתחתי בפינה בין החבילות ומרוב פחד לא יכולתי אפילו לשקוע במחשבות. רוב גדול של הנוסעים היו ה„שברבניקים", ובתוכם נשים. שיחותיהם שנסבו על כסף ועל יהודים, מלוות בצחוק פרוע. לבסוף הם נרדמו, השלך הס ולי הוקל קצת. שכבתי בפינתי וגם אני נרדמתי. כשהתעוררתי, הגיעה הרכבת לתחנת ריבשטין, אור הבוקר היה במלואו, שני גברים ירדו, ואני המשכתי לשכב. סוף סוף נעצרה הרכבת בתחנת וולברום. קמתי מיד ובחפזון קפצתי מהקרון, וטיילתי בנחת הלוך וחזור על הרציף לברר לעצמי דרך העירה. למרות זה שמאוד מוכרה היתה לי הדרך, משא כבד הרתיח את דמי ואני כמשותק. לאחר זמן מה נגש אלי מכר נוצרי שהיה בשרות המשטרה. כנראה שהכיר אותי ומאד שמח לקראתי (ואולי לא ?...), הזמינני לחדר המשטרה, ומצאתי שם עוד שוטר זר. אכלתי ארוחת־בוקר, והתחלנו לשוחח על ימים עברו, אף מלה לא הזכרנו על מה שאירע. אמרתי לו, שבאתי סתם לראות את וולברום. הוא בקשני להכות לו, משום שבשעה 2 אחה"צ הוא גומר את שרותו, אז ילך אתי העירה. מתוך דבריו הבנתי, שכאילו רצה להגיד לי, שלא בריא ליהודי להסתובב לבדו בחוצות העיר. אחר הצהרים הלכנו עם הכביש העירה. בדרך, שאלני על צורת חיי ברוסיה. כשהגענו למחסום, רציתי לפנות שמאלה לכוון בית־הקברות, אך הוא תפס בזרועי באמרו: בתוך העיר לא יוכל לקבל אחריות עבורי. כך הגענו לרחוב הקרקובאי. שרכנו את דרכנו לאט, הרחוב היה ריק מאדם. ראיתי ראשים מציצים מהחלונות הסגורים. יתכן, שמישהו הכירני. ואני הולך ומתבונן: אותו הרחוב, אותם הבתים, אולם לא אותם האנשים. ראיתי הרבה פרצופים מוכרים, לא יהודיים וצועד הלאה, וכל אבן מקיר תזעק על טרגדית־הדמים האיומה שנתחוללה כאן.

איך קהילה שלמה — אשר חיה, עמלה ויצרה במשך מאות בשנים — הושמדה בצורה ברוטלית כזאת.

רגשי חרטה מתעוררים בלבי, על שבאתי הנה. אני מרגיש חוסר אונים לשאת את כל זה, אני חושש מדי להתהלך ברחובות העיר, לראותם ולהחריש. ואני צועד הלאה, הנה הסימטה שבה גרתי פעם. הנה בית המועצה המקומית, הנה ביתם של המשפחות: זלצמן ואלתר, והנה ככר השוק. אוי ואבוי! כמה אלפי קילומטרים עשיתי פה בככר השוק? איך טיילו על הככר הזאת, אלפי נפשות יהודיות ורקמו כאן את חלום השוויון וההרות? בכמה גיל וששון היתה מפכה הככר הזאת בערב רגיל? כעת נשמה הככר וריקנות שורה בה. והנה החנויות

היהודיות לשעבר: ולגרין, ציגלר, הוכרמן, וינגרטן, אסטריכר, ינובסקי, מוטל שנקר, גאבלה ועוד ועוד... דממה מעיקה על הכל. אני מרגיש את משק כנפי המות ואינני יכול לזוז מהמקום. בפתחי החנויות עומדים אנשים זרים, מסתכלים עלי ונועצים את עיניהם כבמדקרות מחט, מועקה כבדה מוטלת על לבי, אני מרגיש שאני נופל, זיעה קרה מכסה אותי, דמעות יורדות מעפעפי, כך אני עומד קפוא עם שפתים הדוקות ואני רוצה לצעוק: יהי רצון, שירד גשם והגשם יכניס בזרמיו גם את דמעותי וישטוף את העיר ויזרום הלאה בין נהרות ואוקינוסים וימסור לעולם הגדול על חורבן עמנו. אני מתגבר בכל כוחותי, מנגב את הדמעות,



הכביש ליד הנהר, בדרך ליער השחור
מימין לשמאל: יוסף ולנר (בישראל), מוטל בידלובסקי (נספה תשי״א).
שמואל ישעיה קיווקוביץ (נספה)

כי אינני רוצה שאויבי יראו את דמעותי. יותר מדי דמעות ודם יהודי — ראו עיניהם.

מסתבר, שבן־לויתי ראה והבין את רחשי לבי ברגע זה, ואני אומר לו שהייתי רוצה להנפש קצת אחרי נסיעת לילה שלם. הוא נכנס אתי למשטרה, וגם שם אני פוגש במכירים רבים. מלוי נותן לי מקום לשכב ולנוח, והוא בעצמו יוצא, בהבטחה שיחזור אלי בערב. אולם בערב, אני יושב בקרון חשוך ונוסע חזרה, והגלגלים נוסעים, והגלגלים רועשים ואני נוסע חזרה עם מחשבותי על וולברום היהודית שהיתה. והמראות הקרובות הרחוקות מפזזות ומרקדות לנגד עיני...

.4

ואני רואה את עצמי נער קטן, בליל חורף סגריר. אני הולך עם חברי מה„חדר", כל העיר רדומה, מכוסה במעטה שלג לבן, הרחובות מוארים רק בפנסים המשולשים התלויים על כל בית. ובתוכם עששית נפט קטנה אשר נותנת אור דלה רק לעצמה, בכדי שיראו איפה קבוע הפנס.

גם אנו הנערים נושאים פנסים קטנים עם נרות חלב, הרחובות ריקים ואפלים, מתנועעים רק אורות קטנים שנעלמים מיד, העיירה שקועה בתרדמה לוחשת. מזמן לזמן נשמעות דפיקות גלגלי המשאבות מככר השוק, ומיד שומעים את חריקת השלג תחת צעדיו הכבדות של לייב שואב־המים, אשר מביא מים לבתים היהודיים.

.5

והנה אני רואה חינגא, כל העיירה שופעת גיל, ברחוב מופיעים שנים־עשר פרשים על סוסים רזים מקושטים בבגדים צבעוניים, חלקם בזקנים מלאכותיים, כובעים משונים על ראשיהם וחרבות עץ לצדיהם, הם עוברים ברכיבה ואני הטף דולקים אחריהם בקריאות שמחה. המבוגרים אומרים: אלה 12 שבטי ישראל. והם משתתפים בשמחה הגדולה כשהרב המקומי מוליך ספר־תורה לבית־הכנסת. העיירה חוגגת וליהודים שמחה וצהלה.

.6

ואני רואה את עצמי עומד עם מאות אנשים, זקן וטף בפינת הככר ע"י הכנסיה העירונית, המתיחות גדולה, חושך מסביב נשמע רעש כאלו רותח משדו. כולם מחכים בצפיה ומסתכלים על העמוד מהיכן הרעש בא. פתאום זורח אור גדול ופנס־גז הראשון מועלה בגובהו של העמוד. כעמוד האש הוא מאיר את ככר השוק, ואנו הטף עומדים שעות ארוכות ומתבוננים על האור החדש שכבש את החושך.

.7

מסתובבים הגלגלים ואחריהם בדהירתם השנים. ואני רואה בדמיוני את הדרך לפילץ, ליד הנהר, ליד עצי האשל העתיקים שעומדים שחוחים מעל הנהר, יושבים נערים ונערות, מדברים בקול, צוחקים ושרים, ומרחוק היער עונה בהד. מי ישיר היום שם? אף אחד. לא ישמע שום צחוק, נדם לנצח שירתם, ועצי האשל העתיקים בוכים, ודמעותיהם נשפכות לנהר, מבלי שיראה אדם, מבלי שירגיש אדם. נדמה לי, שהעצב ישאר שם לנצח נצחים.

.8

ליל שבת בעיירה... כמו לפי פקודה מתפשטת העיר מאפרוריותה החילו־נית, החנויות נסגרות בחפזה, שמש ארגמן מתנשקת בצמרות העצים ביער השחור ונעלמת. אורה חדשה מופיעה עם שבת־מלכתא. הרעש נפסק, אט אט משתפכת מסביב דממה מיסטית קדושה. הנוער זורם החוצה. יהודים שומרי דת הולכים לתפילה. כהרף עין מכסים צללי הליל את העיירה. יהודים חוזרים מבתי־

התפילה — שוב מתרוקנים הרחובות, מהחלונות בוקעים אורות פזרניים, דולקים נרות־שבת. מהבתים נשמעת רננת זמירות־שבת. היהודי מצא ביום הזה את מנוחתו. היהודי שוחר־השלום שר: בואכם לשלום, מלאכי השלום, מלאכי השרת, מלאכי עליון. כי לפי אמונתו — רק הם, מלאכי השלום, יחלצוהו מכל הסכנות האורבות לו. והוא אוכל ושותה ובנחת ממשיך את נגונו העצוב: אלהא די ליה יקר ורבותא, פרוק ית ענך מפום אריותא, אפיק ית עמך מגו גלותא. והיהודי מאמיז שתחינתו תוגשם וחייו יזרמו כמו תמיד. אחרי הארוחה החגיגית, זורם הנוער שוב לרחוב. חלק — מתכנס באולמי המפלגות לשמוע הרצאה מענינת או להשתתף בערב שאלות ותשובות, חלק שני — מתפזר בכבישים מסביב לעיר להריע את שירתם. ערפל רינתי אופף את העיר. הנוער מחפש מוצא להמשך קיומו — אך לא בדרכי זמירותיו. השקפותיהם שונות, מבחינים את זה בשיריהם, הם שרים על גאולה לאומית ושחרור סוציאלי. כעת לא ישיר איש בוולברום, כבו לנצח נרות השבת. אין חיים יהודיים יותר.

.9

ערב יום־הכפורים בעיירה. אכלו את הסעודה המפסקת. האמהות היהודיות מברכות על הנרות, האבות מברכים את הבנים, וצועדים בצותא לבית־הכנסת. דומית קודש עוטפת את הכל. הרחובות מתרוקנים וכולם נחפזים לתפילת „כל־נדרי". ממזרח בוקעת חשכה, רק בית־הכנסת מלא אור, בכל נברשות הקיר והתקרה בוערות נרות, ועל השולחנות עומדות תיבות עץ ממולאות חול, ותוכן נצבות נרות ענק דולקות — נרות יום הכפורים, המסמלות תקון הנשמות התועות שאינן מוצאות את מנוחתן. עטופים בקיטלים לבנים וטליתות על ראשיהם עומדים היהודים ובוכים בתחנוניהם, בוכים על הצרות הפוקדות אותם ומתפללים לשנה טובה יותר. היהודי סולד מהחילוניות שמקיפה אותו במשך ימות השנה. הוא מאמין, שביום הזה תהיה לו האפשרות לשפוך את לבו המר. קיימת האפשרות להתנער מכל הרע ולהשליכו לתהום העמוק של שכחה וסליחה. להשאר נקי מכל חטא ועוון שפשע בגלל עתידו הבלתי יציב. מה„בימה" נשמעות שלש דפיקות חזקות, הושלך הס בקהל, ותיכף ומיד נשמע קולו של הרב הקשיש בהכרזה חגיגית: על דעת המקום, ועל דעת הקהל. היום הקדוש התחיל. כולם קמים ממקומותיהם, בעזרת נשים מתגבר הבכי, הגברים מתעטפים ברטט בטליתותיהם, כל אחד רוצה להתייחד עם הרגע הגדול של קדושה והקרבה.

והנה בוקעת שירת „כל־נדרי".

המלים הקצרות נבלעות בתוך הנגון העילאי המפואר החודר לכל נימי הנשמה. כמה צער וחרון ספג לתוכו הנגון בדרכי נדודיו של היהודי בגלותו. המנגינה מספרת על ההיסטוריה ודרך היסורים של עמנו. היא גם מנחמת אותנו בתקוה לעתיד יותר טוב.

בקרון שאני יושב שורר חושך אפלה של פחד. בחוץ מנשבת רוח,

וביללתה של הרוח אני שומע את צלילי „כל־נדרי", אולם במלים אחרות מספרת המנגינה. ואני שר חרש את „כל־נדרי" החדש שלי עם הרוח.

מילל ובוכה עם ישראל
ולא יזרח יותר כוכב
על קברות אחים
מפוזרים בכל ארצות תבל;
בשדות, יערות, הר וגיא
נשפך דם יהודי לרוב
ובכל דור ודור לא הספיקו די
ונשארנו עם חזק וטוב;
לא אבדנו את האומץ
כי באנחתנו העמוקה
לא רק הכאב נשמע
אלא גם הנחמה...

והנחמה הזאת מעודדת את היהודים, ומוסיפה להם כח ואמונה לצום ולתפילה ביום הקדוש הזה. לפני שקיעת־השמש למחרת היום נשמעת תקיעת שופר גדולה המבשרת לעדה, כי יום הקדוש מתקרב לקצו. אחדים מהמתפללים חוטפים את הנרות שנשארו בתיבות, מכבים אותם ולוקחים הביתה כ„סגולה". הם מסבירים: נרות שהחזיקו את אשם עשרים וארבע שעות וספגו לתוכם את תפילות החג — מחזקים את האמונה, שאף נפש חיה לא תקוצץ ולא תכבה טרם זמנה.

התפילות נסתיימו, יהודים כורכים את הטלית ואת הקיטל ביחד, נועלים את נעליהם ועוזבים את בית־התפילה.

ומהשמים מחייכת אליהם לבנה חיורת המצפה שהיהודים יקדשוה. הנשים בבגדי הלובן משתרכות בצדי הרחובות ובצעד פזיז הביתה, כדי להכין אוכל למשפחותיהם אחרי הצום הכבד.

.10

אני דולג ופוסח כמה שנים. חובשי בית־המדרש הופכים לציונים. העיירה רותחת, אבות נאבקים עם בניהם, אשר מחפשים דרך חדשה. קמה הסתדרות ציונית, והיא מארגנת יום־פרג, עשרות זוגות עוצרים את העוברים ושבים ברחוב ותוקעים על דש בגדם סרט לבן כחול. והנה חגיגה בגן־העירוני, משחקים בתיאטרון, פעולות מפלגתיות, ספריות, נשפים ספרותיים, ערבי־ויכוחים.

והעיר וולברום היתה אורה ושמחה וששון ויקר — יש חשמל בעיר. והנוער מחפש פתרון במאבק לשחרור לאומי וסוציאלי.

.11

צפירה ממושכת של הקטר מעוררת אותי מחלומי המתוק. תחנת קטוביץ אני יוצא מהרכבת. הרחובות מלאים בני אדם כמלפני המלחמה, אנשים עליזים ליד שולחני המסעדות, כאילו לא קרה כלום. אולם יהודים לא נראים פה, כמדומני, שכולם מסתכלים עלי במבט משונה. אולי מראי ופרצופי מפיר את

שמחתם. ואני צועד הלאה עם בני־לויתי: „בדידות ועצב". אני מרגיש צורך נפשי להשתטח על קבר אלמוני יהודי ולהתמוגג מבכי. אולי יוקל לי קצת, אך גם זה לא ניתן לי, כי לא בקברות אדמה טמונים קדושינו. את גויותיהם שרפו ההיטלריסטים הקניבליים במשרפות ובתאי־גז.

ועכשיו נושאת הרוח את האפר הקדוש מעל לכרכי אירופה האדירות, ויתכן שגם אני נושם בקרבי את אפר־הריח של קדושינו.

קדושי וולברום!!!

את שמותיכם לא יקרא אף אחד ברחוב. אולם אנו לעולמים לא נשכח אתכם.

תמיד נזכירכם, נזכור ונזכיר אתכם יחד עם ששת מיליוני הקדושים מעם ישראל.

במיתתכם הטראגית הבערתם מדורה שתתלקח לאש גדולה עד סוף כל הדורות.

ובאש הזאת, יצלה וירתח מצפון־העולם.

משה לובלינג

# איך פאר צוריק

.1

ווען די דייטשע ארמיי האָט נאָך איר גרויסע מפלה ביי סטאלינגראד, אָנגעהויבן לויפן צוריק, און די רויטע ארמיי איז זיגרייך געגאנגען פארויס, האָט דער רוסישער ראדיאָ ספיקער געמאָלדן יעדן טאָג דורכן ראדיאָ, אין א ספעציעלן טאָג־באפעל, די נעמען פון די שטעדט, וואָס די רויטע ארמיי האָט אין דעם טאָג צוריקגענומען ביי די נאצישע מערדער.

אומגעדולדיק האָב איך געוואַרט אויף דעם טאָג, ווען כ'וועל הערן אז וואלבראָם איז באפרייט. וועגן גרויסן חורבן פון פוילישן יידנטום האָבן מיר שוין געוווסט, אָבער אז אין וואלבראָם איז קיין איין לעבעדיקער ייד נישט געבליבן, האָב איך נאָך נישט געוווסט.

און אין טאָג ווען כ'האָב דערהערט דורכן ראדיאָ אז וואלבראָם איז באפרייט האָט מיין הארץ אויפגעציטערט, און אין זעלבן טאָג אָנגעשריבן צוויי פּאָסט־קארטלעך קיין וואלבראָם, איינס אדרעסירט אין מאגיסטראַט, און דאָס צווייטע צום ה' מאזורעק, אין וועמענס הויז מיין ברודער חיים'לע האָט ביזן לעצטן מאָמענט געוווינט.

איך האָב געבעטן מיר שרייבן, צו איז ווער פון מיין משפחה געבליבן לעבן. קיין ענטפער האָב איך פארשטענדלעך נישט דערהאלטן, און כ'האָב פארשטאַנען

אז כ׳האָב דאָרט נישט מער וואָס צו זוכן. כאָטש אינערלעך האָב איך נישט געגלויבט מיינע אייגענע געדאַנקען.

אומגעדולדיק האָב איך אויסגעקוקט דעם טאָג ווען מיר וועלן פאַרלאָזן סאָוויעט־רוסלאַנד. און דער טאָג איז געקומען. אין 1946 איז אונזער טראַנספּאָרט אָנגעקומען קיין קלאַדזקאָ, נידערשלעזיען, וואוהין ס׳זענען געשיקט געוואָרן כמעט אַלע צוריקגעקומענע פון רוסלאַנד.

אין פּוילן האָט געהערשט אַ פּאָגראָם שטימונג. די פּאָליאַקן האָבן געקוקט אויף די צוריקגעקומענע ייִדן, ווי שדים פון יענער וועלט. און אַ טייל מיטן מויל, און כמעט אַלע מיט די אויגן האָבן געפרעגט די זעלבע פראַגע: איר לעבט נאָך? אַזוי האָבן מיר אויסגעזען צוריקקומענדיק קיין פּוילן היימלאָזע, פריינדלאָזע, אָבער נישט האָפענונגסלאָזע. די זעקס יאָר אין רוסלאַנד האָבן אונז געשטאַרקט גייסטיק און געלערנט קיינמאָל נישט צו פאַרלירן די האָפענונג.

.2

הרגענען אַ ייִדן איז געווען דאַמאָלס אין פּוילן אַ טאָגטעגלעכע דערשיינונג. זייער אָפט האָט פּאַסירט אַז אַ גרופּע באַוואָפנטע פּאָליאַקן האָבן אָפּגעשטעלט אַ באַן אין מיטן וועג, אַראָפּגענומען אַלע ייִדן וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען און זיי דערשאָסן אין אַ נאָענטן וואַלד. די באַנדעס זיינען באַשטאַנען פון מיט־גלידער פון א.ק. אַפילו אין די שטעט ווי מיר האָבן געוווינט, זיינען מיר אויך נישט געווען זיכער מיטן לעבן, און ווי נאָר די זון איז אונטערגעגאַנגען, האָט מען פאַרשלאָסן דעם טויער פון הויז און געבליבן זיצן אין די צימערן. און דאָס אַלעס איז פאָרגעקומען אין יענע טעג, ווען די וועלט האָט געפייערט איר נצחון איבער די נאַצישע חיה, און מיר האָבן זיך געפונען אין באַפרייטן פּוילן. אָבער פאַר אונז צוריקגעקומענע ייִדן, איז דאָס וואָרט באַפרייאונג דערווייל געווען בלויז אַ חוזק וואָרט.

און דאָס האָט באַוויזן דער קעלצער פּאָגראָם וועלכער איז פאָרגעקומען אין יענע טעג, און יעדער איינער האָט אָנגעהויבן זוכן אַ וועג, צו באַפרייען זיך פון באַפרייטן פּוילן.

איך האָב אָנגעהויבן טראַכטן וועגן באַזוכן וואָלבראָם, נישט קוקנדיק אויף די געפאַר וואָס איז פאַרבונדן מיט אַזאַ רייזע. וועגן חורבן וואָלבראָם האָב איך שוין געוווסט, אָבער ס׳האָט זיך מיר נישט געקאָנט גלויבן, ס׳קאָן דאָך נישט זיין! ס׳קאָן דאָך נישט זיין אַז וואָלבראָם ווי כ׳בין געבוירן און דערצויגן, דאָרט ווי כ׳האָב מיינע אַלע יאָרן פאַרבראַכט, דאָרט ווי דער וואַלד, דער טייך, דער מאַרק, יעדע גאַס און יעדער שטיין איז מיר אַזוי נאָענט, און ווייס אַזוי פיל צו דערציילן, איז געוואָרן מיר אויף איינמאָל פרעמד.

און איך באַשליס צו פאָרן קיין וואָלבראָם.

.3

פּאַסאַזשיר וואַגאָנען זיינען כמעט נישט געווען, געפאָרן איז מען אין לאַסט וואַגאָנען און מענטשן זיינען געפאָרן אַ סך, ווייל פון גאַנץ פּוילן זיינען פּאָליאַקן געפאָרן קיין נידערשלעזיע. זיי פלעגן אויסליידיקן גאַנצע הייזער און

די זאכן ארויספירן קיין צענטראל פוילן. מען האט זיי גערופן „שאבראַווניקעס“, ווייל אין דער צייט האָט די פוילישע מאכט ארויסגעשיקט אלע דייטשן פון נידערשלעזיע, און מיטנעמען האָבן זיי נאָר געקאָנט מיט זיך האנט־געפעק, און אמאָל אויך דאָס נישט. איך האָב באשלאָסן אויסנוצן די פינסטערניש פון די לאסט וואגאָנען וועלכע האָבן געפירט די „שאבראַווניקעס“ און פאָרן קיין וואלבראָם. ביינאכט האָב איך מיך ארייַנגעכאפט אין אזא וואגאָן וואָס איז געפאָרן אין די ריכטונג פון וואלבראָם. דער וואגאָן איז געווען פול מיט זעק און פעק. איך האָב מיך אוועקגעלייגט אין א ווינקל צווישן פעק, פאר שרעק האָב איך אפילו טראַכטן נישט געקאָנט. דער גרעסטער טייל פון די פאסאזשירן זיינען געווען „שאבראַווניקעס“, צווישן זיי א גרויסע צאָל פרויען. זייערע געשפּרעכן זיינען געווען וועגן געלט און וועגן יידן און שטענדיק באגלייט מיט א ווילד געלעכטער. ענדליך זיינען זיי איינגעשלאָפן, ס׳איז געוואָרן שטילער, און מיר לייכטער. איך בין געלעגן אין מיין ווינקל און געדרימלט. ווען כ׳האָב זיך אויפגעכאפּט איז די באן צוגעפאָרן צו די סטאציע ראבשטין, ס׳איז שוין געווען גרויסער טאָג. צוויי מענער זיינען אויסגעשטיגן. איך בין מיר ווייטער געלעגן אין מיין ווינקל. ענדליך האָט זיך די באן געשטעלט אין וואלבראָם. כ׳בין אויפגעשטאנען און שנעל אראָפּגעשפּרונגען פון וואגאָן. איך האָב לאנגזאם שפּאצירט אויפן פּעראָן אהין און צוריק און געקלערט ווי ארום צום גיין אין שטאָט. טראָץ דעם וואָס דער וועג איז מיר געווען גוט באקאנט. עפּעס אזא שווערקייט האָט זיך מיר צעגאָסן אין בלוט, און איך בין געווען ווי פּאראליזירט. נאָך א געוויסע צייט איז צו מיר צוגעקומען מיינס אן אלטער באקאנטער קריסט, וועלכער איז געווען אין דינסט אין די באן פּאָליציי.

ווייזט אויס אז ער האָט מיך דערקאנט, ער האָט זיך מיט מיר שטארק דערפרייט (און אפשר נישט?). ער האָט מיך ארייַנגעבעטן אין פּאָליציי צימער. כ׳האָב דאָרט געטראָפן נאָך א פּאָליציאנט נישט פון וואלבראָם. כ׳האָב געגעסן פרישטיק און מיר האָבן אָנגעהויבן רעדן וועגן אמאָליקע צייטן. קיין איינציק וואָרט וועגן דעם וואָס ס׳איז געשען. איך האָב אים געזאָגט אז כ׳בין געקומען פּשוט זען וואלבראָם. ער האָט מיר געראָטן כ׳זאָל וואַרטן, ווייל צוויי נאָך מיטאָג ענדיקט ער זיין דינסט, וועט ער מיט מיר גיין אין שטאָט. פון זיין רעדן האָב איך פארשטאנען אז ער וויל מיר זאָגן, אז ס׳איז נישט אזוי געזונט פאר א ייד צו דרייען זיך איינער אליין אין וואלבראָם. נאָך מיטאָג האָבן מיר אָנגעהויבן גיין אין שטאָט מיטן שאָסע. דעם גאנצן וועג האָט ער מיר געשטעלט פראגן; וועגן מיין לעבן אין רוסלאנד. קומענדיק ביים שלאבאן האָב איך געוואָלט גיין לינקס צום בית עולם צו. ער האָט מיך איינגעהאלטן מיט זיין האנט, זאָגנדיק: אז אין וואלד וויל ער נישט נעמען אויף זיך די פאראנטוואָרטלעכקייט פאר מיר.

און מיר זיינען ארייַן אין די קראָקאווער גאס. מיר זיינען לאנגזאם געגאנגען. די גאס איז געווען כמעט ליידיק. כ׳האָב באמערקט קעפּ וואָס קוקן ארויס פון די פאַרמאכטע פענסטער. קען זיין אז ס׳האָט מיך ווער דערקאָנט. איך גיי און איך קוק. די זעלבע גאס, די זעלבע הייזער. אָבער נישט די זעלבע

מענטשן. כ׳זע א סך באקאנטע פנימער, אָבער נישט יידישע. און כ׳שפּאַן ווייטער, און יעדער שטיין פון די גאס דערציילט מיר וועגן די גרויסע בלוטיקע טראַגעדיע וואָס האָט זיך דאָ אָפּגעשפּילט, ווי א גאנצע קהילה, וועלכע האָט אין משך פון הונדערטער יאָרן, געלעבט, געארבעט, געהאָפט און געגלויבט אין מענטשליכע אידעאלן, איז אָן רחמנותדיק ברוטאל פארניכטעט געוואָרן.

כ׳האָב שוין חרטה וואָס כ׳בין געקומען, כ׳פּיל אז כ׳בין צו שוואך צו קאָנען דאָס אלעס איבערטראָגן, צו שוואך צו גיין אין גאס, קוקן און שווייגן. כ׳גיי ווייטער אָט איז דאָס געסל ווו כ׳האָב אמאָל געוווינט, אָט איז ס׳ראט־הויז, אָט איז דאָס הויז פון די פאמיליעס זאלצמן, אלתר, און אָט איז דער מארק. אוי! וויפיל טויזענטער קילאָמעטער בין איך אויסגעגאנגען אויף דעם מארק? וויפיל טויזנטער יידישע לעבנס האָבן שפּאצירנדיק אויף דעם מארק געשפּינען הלומות וועגן פרייהייט און גלייכהייט. מיט וויפיל פרייד פלעקט דער מארק שפּראָדלען אין א געוועגלעכן פארנאכט? איצט איז דער מארק שטיל און לער, אָט זיינען די אמאָליקע יידישע געשעפטן! וועלגרין, ציגלער, האכערמאן, וויינגארטן, עסטערייכער, יאנאווסקי, מאָטל שענקער, גאבעלע, און נאָך און נאָך. א שטילקייט ליגט אויף אלעס. כ׳פּיל די טויטקייט וואָס ליגט אין מארק און וויל נישט אוועק. פאר די געוועלבער שטייען פרעמדע מענטשן, זיי קוקן מיך אָן, זייערע אויגן שטעכן מיך, ס׳ווערט מיר אלץ שווערער. כ׳פּיל אז ס׳ווערט מיר שלעכט, אָט אָט פאל איך. א קאלטער שווייס באגיסט מיך און טרערן הייבן אָן רינען פון מיינע אויגן.

אזוי שטיי איך ווי א פארגליווערטער מיט צוזאמענגעפּרעסטע ליפּן און פיל ווי עפּעס אין מיר שרייט: זאָל גיסן א רעגן! און זאָל דער רעגן ארייננעמען אין זיך מיינע טרערן און פארפלייצן די שטאָט, און ווייטער שטראָמען דורך טייכן און ימים אין די גרויסע וועלט, און דערציילן וועגן גרויסן חורבן פון אונזער פאָלק. כ׳באהערש זיך מיט אלע כוחות. כ׳וויש אָפּ די טרערן, כ׳וויל נישט אז שונאים זאָלן זען מיינע טרערן. זיי האָבן שוין צופיל יידישע טרערן געזען.

ווייזט אויס אז מיין באגלייטער באמערקט דאָס אלעס, ווייל ער שווייגט די גאנצע צייט. כ׳זאָג מיין באגלייטער, אז כ׳וואָלט מיך גערן אָפּגערוט נאָך א גאנצע נאכט פאָרן. ער גייט מיט מיר אריין אין די פּאָליציי. אויך דאָרט טרעף איך אלטע באקאנטע, און איך לייג מיך אוועק אָפּרוען. מיין באקאנטער גייט אוועק און זאָגט אז ער וועט צו מיר קומען ביינאכט.

אָבער ביינאכט זיץ איך שוין אין א פינסטערן וואגאָן און פאָר צוריק. און די רעדער פאָרן, און די רעדער קלאפּן, און איך פאָר צוריק מיט מיינע געדאנקען אין אמאָליקן יידישן וואלבראָם.

און די ווייט־נאָענטע בילדער הייבן אָן שוועבן און טאנצן פאר מיינע אויגן.

.4

אָט זע איך מיך אלס קליין יונגל, א ווינטער נאכט א פראָסטיקע. איך גיי אהיים מיט נאָך יונגלעך פון חדר, ס׳גאנצע שטעטל שלאָפט איינגעהילט

אונטער א ווייסע שניידעק, די גאסן זיינען באלויכטן בלויז פון די דריי קאנטיקע לאמטערנען וועלכע זיינען אָנגעקלאפּט אויף יעדן הויז, און אינעווייניק לייכט זיך א קליין נאפט לעמפּעלע, וועלכעס באלייכט נאָר זיך אליין, מען זאָל זען ווי די לאמטערנע געפינט זיך.

אויך מיר יונגלעך טראָגן קליינע לאמטערנען מיט ברענענדיקע חלב ליכטלעך, די גאסן זיינען ליידיק און פינסטער, ס'באוועגן זיך בלויז קליינע פייערלעך וועלכע ווערן באלד פארשווינדן. ס'שטעטל דרימלט שטיל.

פון צייט צו צייט הערט זיך דאָס קלאַפּן פון די פּלומפּ רעדער אין מארק, און באלד הערט מען ווי ס'קריפּעט דער שניי אונטער די שווערע טריט פון לייב וואסערטרעגער, וועלכער טראָגט וואסער אין יידישע הייזער.

.5

אָט זע איך א שמחה, ס'גאנצע שטעטל שטראַלט פון פרייד, אין גאס באווייזן זיך צוועלף רייטער אויף אויסגעמאָגערטע פערדלעך, אָנגעטאָן אין כל מיני קאלירטע קליידער, א טייל מיט גרויסע אָנגעמאכטע בערד, משונהדיקע היטלען אויף די קעפּ און האָלצערנע שווערדלעך ביי די זייטן, זיי רייטן איבער די גאסן, און מיר קליינוואַרג לויפן זיי נאָך מיט פריידיקע געשרייען.

די גרויסע זאָגן אז דאָס זיינען די 12 שבטים, און דאָס אלעס קומט פאָר לכבוד די גרויסע שמחה וואָס דער שטאָטישער רבי פירט א ספר־תורה אין שול אריין. דאָס שטעטל פייערט און יידן פרייען זיך.

.6

אָט זע איך מיך ווי איך שטיי מיט נאָך הונדערטער מענטשן יונגע און אלטע אין ווינקל פון מארק ביי די שטאָטישע קירכע, די שפּאנונג איז גרויס. ס'איז שטארק פינסטער, ס'הערט זיך א רוישן ווי ס'וואָלט עפּעס געקאָכט. אלע ווארטן אין שפּאנונג און קוקן אויף דעם אָרט ביים סטאלב פון וואנען דער רעש קומט.

פּלוצלינג שטראַלט אויף א שטארקע ליכט און דער ערשטער גאז־לאָמפּ ווערט פייערלעך ארויפגעצויגן אין דער הויך. ווי א ליכטיקער שטערן באלייכט ער דעם מארק, די גרויסע לאָזן זיך באלד אין א פריידיקן שפּאציר אהין און צוריק אין מארק.

און מיר קליינוואַרג, שטייען נאָך לאנג, לאנג, און קוקן אויף די נייע ליכט וואָס האָט באהערשט די פינסטערניש.

.7

און עס דרייען זיך די רעדער און עס לויפן די יאָרן.

און איך זע מיך אין א זומער אָוונט אויפן פּילצער וועג, ביים טייך, ביי די אלטע טאפּאלן־ביימער וועלכע שטייען איינגעבויגן איבערן טייך, זיצן יונגלעך און מיידלעך, זיי רעדן, לאכן און א טייל זינגען. און דער וואלד ענטפערט זיי מיט זיין אייביקן עכאָ.

ווער וועט דאָרט היינט זינגען? קיינער!

היינט לאכט דאָרט נישט קיינער, פארשטומט אויף אייביק זייער געזאנג, און די אלטע טאפאלן־ביימער וויינען, און זייערע טרערן פאלן אריין אין טייך, און קיינער זעט דאָס נישט. קיינער פילט דאָס נישט. און מיר דאכט זיך אז דער טרויער וועט דאָרט אייביק פארבלייבן.

.8

אָט איז א פרייטיק פארנאכט. ווי אויף א באפעל טוט זיך אויס דאָס שטעטל פון איר וואָכנדיקייט, די געשעפטן פארמאכן זיך אייליק. א רויטע זון צעקושט זיך מיט די בוימער שפיצן פון שווארצן וואלד און פארשווינדט. עס שיינט אויף אין שטעטל א צווייטע ליכט, די ליכט פון קעניגין־שבת. דער רעש פארשווינדט, און לאנגזאם צעגיסט זיך איבערן שטעטל א מיסטעריעזע הייליקע שטילקייט. די יוגנט שטראָמט ארויס אין גאס. פרומע יידן גייען צו דאווענען און באלד דעקן די נאכטיקע שאָטנס צו דאָס שטעטל. יידן גייען אהיים פון דאווענען. ווידער ווערן די גאסן לעדיק, פון די פענסטער גיסט זיך אין גאס אריין א מילדע ליכט. עס לייכטן די ליכט פון שבת, פון אלע הייזער הערט זיך ס׳געזאנג פון שבת־זמירות. דער ייד האָט אין דעם טאָג זיין רו געפונען.

דער ייד גלויבט אין פרידן און ער זינגט:

— בואכם לשלום, מלאכי השלום, מלאכי השרת, מלאכי עליון.

ווייל נאָר זיי גלויבט ער, קאָנען אים העלפן אין די אלע געפארן וואָס לויערן אויף אים. און ער עסט און טרינקט, און זינגט ווייטער. אָבער איצט בעט ער זיך שוין מיט א טרויעריקן נגון. אלהא דילה יקר ורבותא, פרוק ית ענך מפום אריותא, ואפיק ית עמך מגו גלותא. און דער ייד גלויבט אז זיין געבעט וועט פארווירקלעכט ווערן. און אז זיין לעבן וועט אזוי ווייטער פליסן ווי שטענדיק.

נאָכן עסן שטראָמען די יוגנטלעכע ווידער אין גאס אריין. א טייל פאר־שווינדן אין די פארטייאישע לאָקאלן, כדי צו הערן א פאָרלעזונג, אָדער באטייליקן זיך אין א קעסטל־אָוונט. א צווייטער טייל צעשפרייט זיך אויף די שאָסעען ארום די שטאָט, אויסצוזינגען זייערע לידער. א נעפל פון געזאנג נעמט ארום דאָס שטעטל. אויך די יוגנט זוכט אַן אויסוועג פאר איר ווייטערדיקע עקזיסטענץ. אָבער נישט דורך שבת־זמירות. זייערע אָנשויאונגען זיינען פארשידן. דאָס דערקאָנט מען אין זייערע לידער. זיי זינגען וועגן נאציאָנאלע דערלייזונג און סאָציאלע באפרייאונג. איצט וועט אין וואלבראָם קיינער מער נישט זינגען. פארלאָשן זיינען אויף אייביק די שבת־ליכט. נישטאָ מער אין וואלבראָם קיין יידיש לעבן.

.9

און אָט זע איך מיין שטעטל ערב יום־כפור.

אָפגעגעסן שוין די סעודה מפסקת, יידישע מאמעס בענטשן איבער יום־כפור ליכט, און טאטעס בענטשן די קינדער און גייען אוועק אין שול.

א הייליקע שטילקייט הילט אלעס איין. די גאסן ווערן ליידיק. אלע איילן צו „כל־נדרי״, פון מזרח רוקט אָן די נאכט. אָבער אין שול איז ליכטיק, אין

אלע ווענט העגגען לייכטער, ברענען ליכט, און אויף די טישן שטייען לאנגע שמאָלע האָלצערנע קעסטלעך אָנגעפילט מיט זאמד, פון וועלכע ס׳שטאַרן ארויס ריזיקע ווייסע ברענענדיקע ליכט. יום כפור ליכט.

א תקון די נשמות וועלכע בלאָנדזשן ארום און געפינען נישט קיין רו.

אָנגעטון ווייסע קיטלען און באהאָנגענע מיט טליתים שטייען יידן אין בעטן וויינענדיק, וויינען אויף די פארגאנגענע צרות און בעטן אויף א בעסער־יאָר. דער ייד טרייסלט זיך אָפּ פון די וואָכנדיקייט וואָס הערשט איבער אים א גאנץ יאָר. ער גלויבט אז היינט האָט ער די מעגלעכקייט אויסצוגיסן זיין ביטער הארץ, די מעגלעכקייט אָפּצוטרייסלען זיך פון אלעם שלעכטן און עס ווארפן אין טיפן אָפּגרונט פון פארגעסונג און פארגעבונג. און בלייבן אויסגעלייטערט פון אויפגעצוווּנגענע זינד, וואָס ער איז אפשר באגאנגען צוליב זיין אייביק נישט זיכערן מאָרגן.

פון באלעמער הערן זיך דריי שטארקע קלעפּ וועלכע פאלן אויפן באלעמער דעק. עס ווערט אויף איינמאָל שטיל.

און עס הערט זיך די שטימע פון אלטן רב וועלכער רופט פייערלעך אויס: „על דעת המקום, ועל דעת הקהל״.

דער הייליקער טאָג האָט זיך אָנגעהויבן.

אלע שטעלן זיך אויף. פון די ווייבערישע שול פארשטארקט זיך ס׳געוויין.

די מענער הילן זיך טיפער איין אין די טליתים. יעדער וויל זיך וואָס טיפער באהעפטן מיטן גרויסן מאָמענט וואָס טראָגט אין זיך אזוי פיל קדושה און אָפּפערקייט.

און באלד הערט זיך ס׳געזאנג פון כל־נדרי.

די קורצע ווערטער ווערן פארשלונגען און פארדעקט דורך די הערלעכע מעלאָדיע וועלכע צערגיסט זיך אין אלע ווינקלען.

וויפיל צער און צאַרן, פּיין און געוויין, האָט די מעלאָדיע אין זיך איינגע־זאפּט באגלייטנדיק דעם ייד אין זיין לאנגן גלות־וואנדער. די מעלאָדיע דערציילט וועגן די מארטירער געשיכטע פון אונזער פאָלק און שפּייזט אונז מיט האָפנונגען פאר א בעסערער צוקונפט.

---

אין דרויסן בלאָזט א ווינט און אין זיין יאמערן הער איך די קלאנגען פון „כל נדרי״, אָבער גאָר אנדערע ווערטער הער איך, דערציילט די מעלאָדיע.

און איך זינג שטיל שטיל מיין נייעם כל־נדרי מיטן מיטן ווינט:

עס קלאָגט און וויינט מיין פאָלק,
און זאָגט עס שיינט נישט מער,
קיין שטערן אויף די ברודער קברים אויף
איבער לענדער ווייטע;
איבער פעלדער, וועלדער, בארג און טאָלן,
געגאָסן האָט זיך אונזער יידיש בלוט,

און אין יעדן דור! האָט מען אונז געברענט.
דאָך בלייבן מיר נאָך אַלץ שטאַרק
און זיינען ווייטער שטאָלץ
מען פאַרלירט קיין מוט!
ווייל אין אונזער קרעכץ
ליגט נישט בלויז דער שמערץ,
נאָר אויך אַ טרייסט!

און אָט די טרייסט שטאַרקט די יידן, און גיט זיי כח און גלויבן צו פאַסטן און צו בעטן אַ גאַנצן טאָג. און ווען צומאַרגנס ס׳פאַרגייט די זון, הערט זיך אַ לאַנגע תקיעה, וועלכע זאָגט אָן אַז דער הייליקער טאָג איז געענדיקט. אַ טייל פון די מתפללים כאַפּן שטיקלעך פון גרויסע ליכט וואָס ברענען נאָך. לעשן זיי אויס און נעמען עס אהיים, אַ „סגולה״ ליכט וואָס האָבן אויסגעהאַלטן און געלויכטן איבער פיר און צוואַנציק שעה אין זייער זאַמד קעסטלעך און איינגעזאַפּט אין זיך די יום־כפורדיקע תפילות, שטאַרקן דעם גלויבן, אַז ס׳וועט חלילה קיין מענטשלעך לעבן נישט אויסגעלאָשן ווערן פאַר די צייט.

די תפילות האָבן זיך געענדיקט. יידן לייגן צוזאַמען דעם טלית מיטן קיטל, טוען אָן די שיך און גייען אַרויס פון שול.

און פון הימל שמייכלט צו זיי אַ בלאַסע לבנה וועלכע וואַרט יידן זאָלן זי מקדש זיין. און ווען גרופּעס יידן שטייען אין גאַס און זיינען מקדש די לבנה גייען ביי די זייטן פון די גאַס ווייס געקליידעטע פרויען מיט אייליקע טריט אהיים, צוצוגרייטן פאַר זייערע משפחות עפּעס עסן.

.10

און איך שפּרינג איבער יאָרן.

פון בית המדרש בחורים ווערן ציוניסטן, דאָס שטעטל קאָכט, טאַטעס קעמפן מיט זייערע קינדער, וועלכע לאָזן זיך אויף נייע וועגן. עס עקזיסטירט שוין אַ ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, אָט איז אַ בלימל־טאָג. צענדליקער פאַרלעך שטעלן אָפּ די דורכגייענדיקע אין די גאַסן און שטעקן זיי איין אין די לאַצן אַ בלוי־ווייס סטענגעלע. אָוונט איז אַ זאַבאַווע אין גאָרטן, מען שפּילט שוין טעאַטער, פאַראַנען שוין פּאַרטייען, ביבליאָטעקן, ליטעראַרישע־אָוונטן, דיסקוסיע־אָוונטן. אין שטעטל איז שוין ליכטיק. ס׳לייכט שוין עלעקטרע, און די יוגנט זוכט זיין אויסוועג אין קאַמף פאַר נאַציאָנאַלע דערלייזונג און סאָציאַלע באַפרייאונג.

.11

אַ לאַנגער פייף פון לאָקאָמאָטיוו, און וועקט מיך אויף פון מיין זיסן חלום, ס׳איז קאַטאָוויץ. איך שטייג אויס. די גאַסן זיינען פול מיט מענטשן ווי פאַרן קריג, מענטשן לאַכן ביי די רעסטאָראַן טישלעך, ווי ס׳וואָלט גאָר נישט געשען, אָבער אין די גאַסן און ביי די רעסטאָראַן טישלעך זעט מען נישט קיין יידן. מיר דאַכט זיך אַז אַלע קוקן אויף מיר. קען זיין אַז מיין אויסזען שטערט זיי די שמחה. און כ׳שפּאַן ווייטער מיט מיינע באַגלייטער: „איינזאַמקייט און

טרויער". כ׳פיל אן אינערלעכן דראנג צו פאלן ערגעץ אויף א קבר און זאָל עס זיין פון אן אונבאקאנטן יידן, און זיך אויסוויינען.

אפשר וועט מיר א ביסל גרינגער ווערן. אָבער אויך דאָס איז מיר נישט באשערט, ווייל נישט אין קברים זיינען אונזערע קדושים באהאלטן. זייערע קערפערס האָבן היטלעריסטישע מיט נאָך אנדערע קאניבאלן אין קרעמאטאָריומס געברענט, און איצט טראָגן די ווינטן דאָס הייליקע אש איבער אייראָפּעס שטעט. און אפשר אָטעם איך איין אין זיך איצטער די „לופט־אש" פון אונזערע קדושים?

קדושי וואלבראָם!

אייערע נעמען וועט קיינער מער אין גאס רופן, אָבער מיר וועלן אייך קיינמאָל נישט פארגעסן.

מיר וועלן אייך אייביק געדענקען און דערמאנען, צוזאמען מיט די 6,000,000 קדושים פון אונזער פאָלק.

מיט אייער טראגישן אומקום, האָט איר אָנגעצונדן פלאמען וועלכע וועלן פלאקערן און ברענען עד סוף כל הדורות.

און אייביק וועט זיך דאָרט בראָטן און שמעלצן דער „וועלט־געוויסן".

---

יחיאל בן־פורת

# ליל סליחות הראשון

42 שנה עברו מאז עזבתי את וולברום, ועדיין היא עומדת לפני כאילו רק אתמול עזבתיה, על מנהגיה ואנשיה, שיחם ושיגם, שמחתם וצערם, יגונם ותקותם, של דורות יהודים בעיר.

בשכבי על משכבי בלילה, עולה זכרונה על לבי. מצטיירים לפני תמונות ודמויות מהעבר הרחוק מבהינת הזמן וקרובות כל כך ללבי וטבועות בנפשי.

הנה הרחוב שלנו, רחוב אלגוטה והשכנים מסביב. רבי משה פייבל בלאקובסקי, חסיד גור ותלמיד חכם, ומולנו רבי שמואל הוכרמן, יהודי מתנגד ופיקח בעל עצות, מיכאל לובלינג עם זקנו הלבן, רבי פייבל שוחט הממהר תמיד בהליכתו שלא לבזבז זמן של ביטול תורה.

והנה רבי אנשיל גליבטר שאצלו למדתי שני זמנים לפני כניסתי לבית המדרש. זאת היתה המסגרת החינוכית בעיר כפי שנתגבשה במשך דורות רבים. נער בהגיעו לגיל בר מצוה עוזב את החדר. מי פונה למלאכה ומי נכנס לבית המדרש להמשיך בלימוד גמרא עד שיגיע לפרקו.

במיוחד נשארו בזכרוני החגים והמועדים. עם התרוממות הנפש והתכוננות לקראת הימים הנוראים.

ימי אלול היו מקור לא אכזב לחוויות לנוער ולמבוגרים כאחד.

ימי הסליחות היו משופעים בשפע של רשמים. בהשמע קול המעורר ומניע את המיתרים הדקים שבלב, את קול השופר. לבשו פני העיר קדרות ועצבות.

רוח של התעוררות אופף את כולם מנער ועד זקן, ובמיוחד בא הדבר לידי ביטוי מוחשי בליל הסליחות הראשונות.

כבר במחצית הליל הדהד בחוצות העיר קול נקישת הפטיש של רבי מאיר שמש ההולך מרחוב לרחוב, מבית לבית, הולך ומפזם נגונים שונים והולם בפטישו בכל שער ודלת. חיש מהר קמו מהמטות והתלבשו בחפזון. האנשים יוצאים מבתיהם עם נרות דולקים ביד ומי בפנס להאיר להם את דרכם בחשכה.

בחוץ ליל סתיו וקריר. סוף חודש.

מכל רחוב ומכל סמטה נוהרים אנשים לבתי התפילה הרבים. פשוטי העם הולכים לבית הכנסת, לבתי המדרש, והחסידים לשטיבלך שלהם.

השטיבל של חסידי אלכסנדר שופע אור ומתמלא מתפללים מרגע לרגע. הרגשה נעימה וחמה מהולה חרדה אופפת את כולם. דפיקה על הבימה משתיקה כל שיחה ומתישבים במקומות.

הקהל דרוך ומחכה...

רבי אבא משה מיטלס, זקן מופלג, גבוה וחסון, שיש לו חזקה של שנים על אמירת הסליחות הראשונות, ניגש אל העמוד ובניגון מסורתי מתחיל ביתקדש... אותו הקדיש ששומעים אותו בכל יום, אך הפעם יש לו משמעות אחרת, נשגב מן הרגיל.

הנה מגיעים ל״שמע קולנו״. ארון הקודש נפתח, המתיחות גדולה, החזן ממשיך פסוק אחר פסוק והקהל אחריו.

הלב מלא וגדוש. האנחות מתגברות. הנשים שבפרוזדור מיללות בקול כשהחזן מרעים בקולו „אל תשליכנו לעת זקנה, ככלות כוחנו אל תעזבנו״. גם הגברים לא יכולים לעצור בעד הדמעות. הלב עובר על גדותיו. דמעות חמות פורצות ונופלות על הסליחה.

אני עומד ומתפלל יחד עם אבי. אני מרים את ראשי לעבר אבא ונדהם. אבא בוכה. האבא, סמל האמיצות, בוכה ומזיל דמעות...

לא יכולתי להתאפק ובכיתי גם אני.

ודמעתי נפלה על ה„סליחה״ והתמזגה עם דמעת אבי...

יחיאל בן־פורת

# די ערשטע סליחות נאכט

ס׳זענען אדורך 42 יאָר ווען כ׳האָב פאַרלאָזט וואָלבראָם, און דאָס שטעטל שטייט פאַר מיינע אויגן, ווי ערשט נעכטן וואָלט איך זי פאַרלאָזט.

און כ׳וויל זיך טיילן מיט מיינע איינדרוקן וועגן אירע מענטשן און מנהגים, איר פרייד און טרויער, אנטווישונג און האָפנונג פון דורות יידן אין שטאָט.

ווען איך ליג ביינאַכט אויף מיין געלעגער טויכן אויף פילע זכרונות, ס׳מאָלן זיך אויס בילדער און געשטאַלטן פון דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט, טראָץ דער ווייטקייט פון צייט און דיסטאַנץ איז עס נאָך נאָענט צו מיין האַרץ אַזוי ווי ערשט נעכטן וואָלט עס פּאַסירט.

אָט איז אונזער געסל — די עלגאַטע גאַס — און די שכנים פון אַרום. רב משה פייוול בלאַקאָווסקי, א תלמיד־חכם און א געראַר חסיד, רב שמואל האָכערמאַן, א מתנגד און א קלוגער ייד, אַן עצה געבער. ר׳ מעכל לובלינג מיט די שניי ווייסע באָרד, ר׳ פייוול שוחט וואָס איילט זיך תמיד גייענדיק — ער זאָל חלילה נישט פאַרשווענדן די צייט פאַר בטול תורה.

און אָט דערמאָן איך זיך אין ר׳ אַנטשל געליבטער וואָס איך האָב געלערנט ביי אים צוויי זמנים פאַרן אַריינגיין אין בית־המדרש אַריין.

דאָס איז געווען דער דערציִונגס־סיסטעם אין שטאָט ווי ס׳האָט זיך קריס־טאַליזירט אין משך פון א סאַך דורות. א יונגל וועלכער ווערט בר־מצוה פאַרלאָזט דעם חדר, זעלטן ווער לערנט זיך א פאַך. נאָר די מערהייט יוגנט גייט אין בית־המדרש פאָרטזעצן דאָס גמרא לערנען ביז צו דער חתונה.

גאַנץ באַזונדער האָבן זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון די ימים טובים מיט זייער עקזאַלטאַציע און נשמה יתרה. די אלול טעג זענען געווען א אונטער־שעפּליכער קוואַל פון שטימונגען פאַר יוגנט און דערוואַקסענע גלייכצייטיק.

די סליחות־טעג זענען רייך געווען מיט צאָלרייכע איינדרוקן ווען ס׳האָבן זיך דערהערט די ערשטע קולות פון שופר — וועלכעס האָט געריכט די איידלסטע סטרונעס אין האַרץ — איז די שטאָט איינגעטונקט געוואָרן אין אומעט און טרויער.

א געוואַלטיקע דערוואַכונג און אימה האָט אַרום גענומען יונג און אַלט. באַזונדער איז עס געקומען צום אויסדרוק די ערשטע סליחות נאַכט.

נאָך אין האַלבער נאַכט האָט אָפּגעקלונגען ווי אַן עכאָ דאָס האַמער קלאַפּן פון דעם שמש ר׳ מאיר וועלכער איז געגאַנגען פון גאַס צו גאַס, פון שטוב צו שטוב, אונטער זינגענדיק פאַרשידענע נגונים און קלאַפּנדיק מיט זיין האַמער אויף טיר און טויער. ווי א פייל פון בויגן זענען די יידן אויפגעשטאַנען פון די

בעטן, זיך שנעל אָנגעטאָן און ארויס אין פינסטערן געסל, ווער מיט א לאמטער און ווער מיט א ליכטל. אויפן גאס איז א הארבסטיקע קאלטע נאכט און ס׳שלייכן זיך פון יעדן הויז און געסל געשטאלטן איינגעהילטע שפּאנענדיק אין די פּאר־שידענע בתי תפילה. די פשוטע פאָלקס־מענטשן אין שול, בית המדרש און די חסידים און לומדים אין די חסידים שטיבלאך.

דאָס אלעקסאנדרער שטיבל, שטארק באלויכטן, פילט זיך אָן מיט דאוונערס פון מינוט צו מינוט. אָן אנגענעם און ווארם געפיל נעמט ארום אלעמען און פלוצים שא... א קלאַפּ אויפן באלעמער מאכט שטיל און רייסט איבער אלע געשפרעכן, דער עולם זעצט זיך אויס אויף זייערע פלעצער אוןווארט מיט שפּאנונג.

אָט גייט צו צום עמוד ר׳ אבא משה, הויך געוויקסיק און יאדערדיק — וועלכער האָט א חזקה פון יאָרן — צו זאָגן די ערשטע סליחות.

ער פאנגט אָן מיט א טראדיציאָנעלן ניגון, דעם קדיש — דעמזעלבן קדיש וואָס מיר הערן טאָג־טעגלעך — נאָר היינטיקע נאכט האָט ער אן אנדערע באדייטונג, העכער און ער׳הויבענער ווי נאָרמאל.

ווען נאָך א האַלבע שעה התלהבותדיק דאוונען קומען מיר צו צום שמע־קולנו — ווערט געעפנט דער ארון־קודש — דער חזן זאָגט א פסוק נאָך א פסוק און קהל ענטפערט מיט א פולן מויל און הארץ, דאָס זיפצעניש פארשטארקט זיך, די ווייבער אין פאָדער־הויז ברעכן אויס מיט א געוויין. צום העכסטן עקסטאז דערגייט דער אויסברוך פון יאמער, בעת דער חזן שרייט אויס מיט א צעבראָכן הארץ — אל תשליכנו לעת זקנה, ככלות כוחנו אל תעזבנו — דאמאָלס קענען זיך שוין די מענער אויך נישט איינהאלטן, דאָס הארץ גייט איבער, הייסע טרערן קייקלען זיך ביי אלעמען אראָפּ אויף די אָפענע סליחות. איך שטיי און דאוון צוזאמען מיט מיין טאטן, און אין דעם מאָמענט הייב איך אויף די אויגן צו מיין פאָטער און בלייב פארגאפט. דער טאטע וויינט. דער טאטע, וועלכער איז דער סימבאָל פון שטאנדהאפטיקייט און שטארקייט וויינט מיט הייסע טרערן ווי א קליין קינד.

כ׳האָב זיך נישט געקענט איינהאלטן און כ׳בין אויסגעבראָכן אין א געוויין וועלכעס האָט זיך צוזאמענגעגאָסן מיטן געוויין פון מיין פאָטער און מיטן געוויין פון די גאנצע עדה.

אברהם שטארק

# לעבן און אומקום פון וואלבראם

## (א איבערבליק פונם יידישן לעבן)

### א. איבער כלל־וואלבראָם



אברהמצ׳ה שטארק
מהקבוצה ההולנדית
בעליה השלישית

אונזער שטעטל וואָלבראָם — איז עס געווען א שיינס?

צופיל ליב און טייער איז אונז געווען און פארבליבן אונזער געבורטשטעטל וואלבראָם, כדי מיר זאָלן קענען אויף דער פראגע ענטפערן. מיר האָבן זיך דאריבער קיינמאָל ניט פארטראכט, געוויס זיינען די דערבייאיקע פּאָוויאַטאָווע שטעטלאך אָלקוש און מיעכאָוו געווען מער אויפגעפוצט; פאר־מאָגט פאָוו אַטאָווע אינסטיטוציעס מיט בעאמטע, גימנאזיעס מיט גימנאזיסטקעס און גימנאזיסטן, פיל שענערע כּאניערן, מער אויסערליכע קולטור און ציוויליזאציע. אָבער אויף מיר, און זיכער אויף דער גאנצער וואלבראָמער יוגנט האָט דאָס אלץ קיין שום ווירקונג ניט געהאט. פאר אונז איז אונזער שטעטל וואלבראָם געווען דאָס ליבסטע און דאָס שענסטע.

פאר אונז איז קיין גלייכן ניט געווען, צו די שמאָלע וואלבראָמער געסלעך זענען אויסברוקירט מיט קיילעכיקע שטיינער און שמאָלינקע כמו טראָטוארלעך פון קליינע שפּיצינקע שטיינדלעך פאר די הייזלעך און הייזקעס פון די משונה־דיקסטע פאָרמען און פּאָזיציעס. דער מארק־פּלאץ, זער א קליינער, איז פאר אונז געווען א וועלט א גאנצע. גרופּנווייז און אין פּאָרלעך האָבן מיר אין די ווינטער־אָוונטן אויף דעם מארק־פּלאץ שעהן לאנג שפּאצירט אויף און אָפּ ארום דעם קאלינסקי־דענקמאָל. מיר האָבן אין א אָוונט ארומגעקרייזט דעם מארק־פּלאץ הונדערטער מאָל, און אונז האָט זיך אויסגעדאכט, אז דאָס איז דער מארק־פּלאץ אזוי אונענדליך גרויס. דער שאָסעע, אויף וועלכן מיר פלעגן אין פּאָרלעך שפּא־צירן, פארגעסנדיק זיך אין די וועלט, אָט וווייט אונטער דער שטאָט בארג אויף בארג אָפּ אין אָלקושער וואלד, איז פאר אונז געווען א מין שאנס־עליזעע (שדרות אלישע), און די מיידלעך מיט וועלכע מיר האָבן שפּאצירט — די שענסטע פּרינצעסינס. דאָס טייכל פון דער צווייטער זייט שטאָטביים שווארצן וואלד, אין וועלכן מיר האָבן זיך געפּלישטשעט ווי די קאטשקעלעך אדם־נאקעט און געריסן קאטשקע בלומען — איז פאר אונז געווען א מין ים הגדול.

אין דעם שטעטל זענען מיר געבוירן געוואָרן און געאָטעמט טיף די געזונטע לופט פון די ארומיקע וועלדער, זיך דערצויגן, איינגעזאפּט אין זיך מיט דער מאמעס מילך אלע סודות פון יידישקייט, אלע קנייטשן און קנייטשלעך

פון תורה שבכתב און תורה שבעל פה, צוזאמען מיט דעם טיפן גלויבן אין די גרויסע וווּנדער פון „והיה באחרית הימים" און אויסגעוואַקסן אומהיילבארע אידע־אַליסטן, אָן אונטערשיד וואָס פאַר אַן אידעע יעדער פון אונז האָט זיך שפּעטער אויסגעקליבן. אָט די טיפע אידעאישקייט, טיפן גלויבן אין מענטש, זעלבסטפאַר־שטענדליכע גרייטקייט זיך מקריב צו זיין לטובת הכלל — אָט די אינערליכע נשמה שיינקייט האָט אונזער שטעטל מיטגעגעבן אירע קינדער, ווען מען אין אַ קלענערע מאָס און ווען מען אין גאָר אַ גרויסע מאָס, אין זייער ווייטערן לעבנסוועג. מיט אָט דער אינערליכער שיינקייט האָט זיך דאָס שטעטל וואָלבראָם אויסגע־צייכנט און אויסגעשטראַלט ווייט אין דער אומגעגנט.

מיר אַלע וואָלבראַמער זענען שטאָלץ אויף אונזער געבורט־שטעטל און שאַצן עס זער הויך. צו מיר איבערטרייבן? מעגלעך. אַ פאַרליבטן דאַרף מען מוחל זיין. און פאַרליבט זענען מיר וואָלבראַמער געווען און פאַרבליבן אין אונזער געבורט־שטעטל. שוועך איז דער אַרטיקער ציוניסטישער יוגנט אָנגע־קומען דער באַוווסטזיין־געדאַנק, אַז אויך אונזער וואָרים היים־שטעטל איז ניט מער ווי אַ גלות־שטעטל, אַ טיילכל פון אַלגעמיינעם פּה־לין — כאָטש זער האַרציג נאָענט, דאָך נאָר אַ פרעמד דערוויילט נאַכט־לעגער.

און נאָך איצט, שוין באַלד צוואַנציק יאָר נאָך דעם טראַגישן אכזריתדיקן אומקום פון גאַנצן פוילישן יידנטום, ווען פוילן איז שוין אפילו ניט קיין נאַכט־לעגער פאַר יידן, אפילו ניט רעכט קיין בית הקברות פון דעם אַמאָליקן שטאָלצן פוילישן יידנטום, וועלכעס איז אַוועק אין די וועלט־פּעריפעריע מיטן רויך פון די קו „מאַטאָריעס; נאָך איצט, ווען אונזער יידיש שטעטל — אויסגעבויט דורך לאַנגע דורות פון יידן און פּעסט פאַרוואָרצלט — איז גרונטלעך פאַרטיליקט, פאַרשניטן געוואָרן דורך דעם טייוולאָנישן היטלעריזם, ביי דער אַקטיווער און פּאַסיווער מיטהילף פון דער איבערוויגענדיקער מערהייט פון די אַרטיקע פוילישע שכנים — לעבט אין אונז דער הייליקער אָנדענק פון אונזער געבורט־שטעטל.

אַלע, אַלע דערמאָנען מיר אונזער פאַרשניטן יידיש שטעטל וואָלבראָם מיט דער גרעסטער ליבע, מיט דער גרעסטער פאַרערונג, מיט דעם הייליקסטן ציטער פון האַרץ, און פון אונזער אַלעמענס הערצער רייסט זיך אַרויס דאָס אַלט־יידישע טראַגישע וויי געשריי:

— וי להאי שופרא דבלי בארעא.

## ב. אַ ביסל פרע־היסטאָריע

געשריבענע יידישע היסטאָרישע דאַטומס פון דער אַנטשטייאונג פון דעם יידישן ישוב וואָלבראָם — פאַרמאָגן מיר ניט. דער קהילישער פּינקס איז אומגעקומען אינאיינעם מיטן ישוב. אין זכרון איז מיר פאַרבליבן דער אויפשריפט אויף איינער פון די צו יענער צייט מיט אַן ערך פינפציק יאָר צוריק נאָך פאַר־בליבענע טיף אין דער ערד אַריינגעוואַקסענע געציילטע מצבות, פון וועלכע איך האָב אַראָפּגעליינט „שנת ה'שד". און אויב מען זאָל אָננעמען אַז צווישן די צו

יענע צייט שוין פארשוווּנדענע מצבות זענען געווען נאָך עלטערע, וואָס ס׳איז העכסט ווארשיינלעך — הייסט דאָס, אז מיט מער ווי מיט פירהונדערט יאָר צוריק האָט שוין עקזיסטירט דער אלטער בית עולם. דער זיידע מיינער, רבי שיימע שוחט ז״ל (באָרנשטיין) האָט מיר איבערגעגעבן, אז פארן אלטן בית עולם האָט מען די יידישע נפטרים אריבערגעפירט קיין קראָקע, און אז לויט דער מסורת אבות עקזיסטירט דער וואלבראָמער יידישער ישוב ביי א טויזנט יאָר. וויפיל אין דעם איז פאראן לעגענדע און וויפיל ווירקליכקייט איז שווער פעסטצושטעלן פונקט ווי עס איז שווער פעסטצושטעלן, וויפיל ס׳איז פאראן ווירקליכקייט און וויפיל לעגענדע אין דעם וואָס דער זיידע האָט מיר איבערגעגעבן, אז דער נאָמען פון שטעטל „וואלבראָם" נעמט זיך פון דער דערלויבניש, וואָס א גרופּע יידן געקומענע פון דייטשלאנד האָבן באקומען פון דעם דאמאָלסדיקן אייגנטימער פון דער וואלדיקער געגנט אויסצוהאקן א שטיק וואלד און זיך דאָרט באזעצן. די דערלויבניס האָט געזאָלט הייסן „וואלנא ראמב" און פון דעם נעמט זיך דער נאָמען פון דעם שטעטל „וואלבראָם".

ווי ס׳זאָל ניט זיין, רעדט די טאָפּאָגראפיע פונם שטעטל דערפאר, אז ס׳איז געגרינדעט געוואָרן דורך יידן און א געוויסע צייט געווען א ריין־יידיש שטעטל. נאָך אין דער צייט ווען איך בין געווען א קליין יינגל, ביז דער גרויסער שריפה אין די ערשטע יאָרן פון צוואנציקסטן יאָרהונדערט — איז דער מארק מיט די אויבערשטע טיילן פון די געסלעך, וועלכע האָבן זיך פון דעם מארק געצויגן, געווען אויסשליסלעך אָדער כמעט אויסשליסלעך יידיש. א אויסשליס־לעכן, אָדער כמעט אויסשליסלעכן פוילישן כאראקטער האָבן געהאט נאָר די פארענדיקונגען פון די געסלעך, וועלכע זענען דאמאָלס געווען עטוואָס אָפּגע־רוקט, געהאט א גאנץ באזונדערן אויסזען און האָבן אויך מייסטנס געטראָגן באזונדערע נעמען, ווי „אויסטרעס", „וועגגרעס". ס׳איז זיך שווער פאָרצושטעלן, אז די פוילישע פארענדיקונגען פון די געסלעך, וואָס האָבן זיך געפונען מיט איינם פון אנדערן, זאָלן האָבן געגעבן דעם אָנהויב, אָדער בעסער געזאָגט, די אָנהויבן פון שטעטל, און פלוצים זיך צעוואקסן אלס יידישעס ביז אין מארק אריין. גיכער לייגט זיך אויפן שכל, אז דער אָנהייב פונם שטעטל איז געווען דער צענטער — די שול־גאס און מארק־פּלאץ. שפּעטער האָבן זיך צעבויט די יידישע געסלעך פון די פיר עקן מארק. אין דער מאָס פון אנטוויקלונג האָט דאָס יידישע שטעטל צו זיך צוגעצויגן פויערן פון די דערבייאיקע דערפער, וועלכע האָבן זיך אויפגעשטעלט זייערע כאטעס ביי די פארענדיקונגען פון די געסלעך, וואָס האָבן וואָס אמאָל געדיכטער ווי מיט א קייט ארומגענומען דאָס יידישע שטעטל. שפּעטער מיטן פארשטאָטישן און בארייכערן זיך פון אָט די פוילישע פויערן זענען זיי, אָפּקויפנדיק הייזער און פלעצער פון פעראָרימטע יידן, אריינ־געדרונגען אלץ טיפער און טיפער אין צענטער שטאָט, ביז... ביז ענדליך ס׳איז געקומען דער קריטישער מאָמענט פון היטלעריסטישן קאטאקליזם, ווען דאָס יידישע וואלבראָם איז געוואָרן פארטיליקט און די פוילישע געוועזענע פויערן, בשותפות מיט פרישע שיכטן פויערן פון די נאָענטע דערפער, זענען געוואָרן די איינציקע בעלי־בתים פון שטעטל, די יורשים פון אלע יידישע הייזער, וואר־

שטאטן און פון גרעסטן טייל יידישן האָב און גוטס אָנגעזאַמלטע דורך שווערער האָרעוואַניע פון לאַנגע יידישע דורות.

לויט אלע וואַרשיינליכקייטן איז דאָס אָנגעמבאַרסטע בילד וואָס מיר קענען זיך מאַכן וועגן דעם אַנטשטיין פון שטעטל וואָלבראָם, ווי איבעריקנס פון א סך אַנדערע יידישע שטעטלעך — א עוואָלוציאָנערע אַנטוויקלונג. צו ערשט האָבן זיך אָנגעזאַמלט א גרעסערע צאָל יידן אין א גאַנצע ריי דערפער אין דער אומ־געגנט ביז ס׳האָט זיך דערפילט א אונבעדינגטע נויטווענדיקייט אין א צענטראַלן פונקט פאַר די יידישע אוןווירטשאַפטלעכע באַדערפניסן. דאַמאָלס האָט מען זיך גענומען סטאַרען ביי דער געגעבענער מאַכט, ביי דעם געגעבענעם פריץ און מען האָט באַקומען די ערלויבניס. דאַן האָבן די יידן אויפגעבויט אין א צענטראַלן פונקט — וואָס זאָל זיין צוגענגלעך פאַר אַלע צעוואָרפענע קיבוצים פון יידן פון די אַרומיקע דערפער — א שול, א מקווה, א ישיבה. דאָרט האָט זיך באַזעצט א רב, ראש ישיבה, א שוחט, ווי אויך גרעסערע סוחרים און בעלי מלאכות. אַזוי אַרום איז דער אָנהויב פונם שטעטל געווען דאָס שול־געסל, ווי מ׳האָט זיך מיט דער צייט נעבן דער שול אויסגעבויט א בית־המדרש. ווען די באַפעלקערונג איז געוואַקסן — נאָך א בית־המדרשל, א בית־עולם, א שאַכטהויז, קהלישע בית־שימושים, אויף דעם לויפּיקן וואַסערל, וואָס האָט געהאַט זיין אָנהויב פון דעם קוואַלרייכן „סטאַק״. אַרום דעם שול־געסל מיט זיינע קהלישע אינסטיטוציעס האָבן זיך געפונען בעקערייען, פישערס, קצבים, שפּייכלערס, גאַרבערייען, ליכטציער. אַזוי איז אַנטשטאַנען און זיך אַנטוויקלט דאָס שטעטל אַלס רעליגי־עזן און עקאָנאָמישן צענטער פון די יידן פון די אַרומיקע דערפער. אויף דעם אַנדלס־כאַראַקטער פון דעם שול־געסל ביי זיין אַנטשטיין זאָגט עדות די פאָרם זיינע, וואָס איז גיכער ענלעך געווען אויף א מאַרק־פּלאַץ ווי אויף א געסל. די ערשטע צייט האָבן די יידן זיך מיטגעברענגט פון די דערפער בהמות. דער זיידע האָט מיר נאָך דערציילט וועגן איינעם א רב זישא האַכערמאַן, א ייד א מתנגד, וועלכער האָט מיט א גמרא אין האַנט געפּאַשעט בהמות. מיטן אַנט־וויקלען זיך פון שטעטל האָבן די יידן אויסגעבויט א ספּעציעלן באַזונדערן גרעסערן מאַרקפּלאַץ, און דאָס שול־געסל איז געבליבן דער רעליגיעזער צענ־טער, צו וועלכן די יידן פון די אַרומיקע דערפער פלעגן קומען אין שול אַריין אויף די ימים־נוראים, צום רב מיט שאלות און דין־תורות, פראַווען חתונות, ברית־מילה, זיך באַנוצן מיט דער מקוה. דאָס שטעטל פלעגט זיי באַזאָרגן מיט מלמדים און שוחטים. ווען איך בין געווען א יינגל איז מיין טאַטע רבי חיימעלע שוחט ז״ל געווען א דאָרף־שוחט. יעדן טאָג האָט ער באַדינט איין גרעסער דאָרף אָדער עטלעכע קלענערע יידישע ישובים. יעדע וואָך האָט ער אין די אַרומיקע דערפער געשאָכטן אויף כשר 10—12 בהמות און מערערע קעלבער. פון דעם קען מען דרינגען, אַז נאָך אין אָנהויב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָבן אין די דערפער אַרום וואָלבראָם געוווינט אַן ערך 1000—1500 יידישע נפשות. צו האָבן זיך אין די דערפער אַרום געפונען יידישע קרעטשמעס — ווייס איך ניט. קיין וויכטיק אָרט האָבן זיי אין יידישן לעבן אין די דערפער זיכער ניט פאַרנומען. פון מיין טאַטן האָב איך קיינמאָל ניט געהערט וועגן יידישע קרעטש־



ר' היימעלע שוחט (שטארק) ואשתו

מעס אין דאָרף. נאָר וועגן יידישע געוועלבער, נאָכמער וועגן יידישע בעלי־מלאכות, און בעיקר וועגן רייכע יידישע פויערן און גוט־באזיצער. שפּעטער, ווען צוליב פאַרשידענע גזירות, באַיקאָטן האָבן די יידן מאַסנווייז פאַרלאָזט די דערפער און זיך באזעצט אין שטעטל, האָט זעלטן ווער פון זיי געעפנט א געוועלבל; די געוועזענע גוט־באזיצער, ווי משה בארמהארציק, אָדער ווי מען האָט אים גערופן „בלינדער משה" און יאנקל קארופעל, האָבן געלעבט פון זייערע אָפּשפּאָרונגען. די ניט פאַרמעגלעכע זענען געוואָרן, אויסנוצנדיק זייערע פאַרבינדונגען מיטן דאָרף: בהמות־סוחרים, ווי א שטייגער די פאַדלעשיצער, קצבים ווי א שטייגער די בעדלינער, אָדער תבואה־סוחרים ווי די מוקאַווער, און די גאָר אָרעמע זענען געוואָרן דאָרפגייער.

אזוי איז אנטשטאַנען און זיך אנטוויקלט דאָס יידישע שטעטל וואלבראָם און זיך מיט דער צייט אויסגעבילדעט אלס א האנדעלס און מלאכה צענטער פאַר אלע ארומיקע דערפער בכלל. אפילו שוין צולעצט ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען די פּאָליאַקן האָבן שוין פאַרנומען אין שטעטל פעסטע פּאָזיציעס אין האנדל און מלאכה — האָט נאָך אלץ דאָס יידישע וואלבראָם געשפּילט די הויפּט־ראָל אין דער באַדינונג פון די אויסגעוואַקסענע ארומיקע דערפער און ווייט אויסער זייערע גרענעצן אויפן געביט פון מלאכה און האנדל.

## ג. וואלבראָם אין אָנהויב פון 20־טן יאָרהונדערט

דער אָנהויב פון 20־טן יאָרהונדערט האָט שוין געטראָפן דאָס יידישע שטעטל וואלבראָם א פון דורות איינגעפונדעוועטס — אי עקאָנאָמיש אין האנדל

און מלאכה, אי גייסטיק — אָנגעשטאָפּט מיט תורה און חסידות. דאָס שטעטל האָט געציילט בערך 3—4 טויזנט יידישע נפשות, וועלכע האָבן געדיכט באַפעלקערט די שול־גאַס, דעם מארק־פּלאַץ און, ביז צו זייערע פּוילישע פאַרענדיקונגען, אַלע געסלעך וואָס האָבן זיך געצויגן פון מארק, ווי די קראָקאָווער גאַס, מיעכאָווער גאַס, פּילצער גאַס, לגאָטער גאַס און נאָך אַנדערע. די יידן האָבן זיך געפילט אין שטעטל ווי ביי זיך אין זייער נאַטירלעכער היים, פּשוט — אין זייער וואָלבראָם. און טאָמער האָט פּאַסירט שלעכטס מצד די פּוילישע שכנים, און דאָס האָט טאַקע פּאַסירט גאַנץ אָפט — איז עס אָנגענומען געוואָרן ווי יעדע דרויסנדיקע פּורעניות, א גאָטס שטראָף, וואָס קומט, ברענגט מיט זיך גרעסערע אָדער קלענערע צרות און פאַרשווינדט. די היים בלייבט שטענדיק היים. ווער שמועסט נאָך אַזאַ היים ווי דאָס אייגענע וואָלבראָם, וועלכעס האָט, לויט דער לעגענדע, וואָס איז אַרומגעגאַנגען אין דער אומגעגנט, געהערט צו דעם לאַנד־פּאַס (רצועה) וועלכער ציט זיך דורך אונטערערדישע וועגן פון סאַמע ארץ־ישראל. והראיה: די זאַלץ־גרובן אין דערבייאיקן באָכניא (פון ים המלח) און דער נאָמען פון דערבייעקן שטעטל אלקוש (נחום האלקושי). — די וואָלבראָמער יידן זענען געווען פאַרליבט אין זייער שטעטל ביז פאַרהייליקונג.

א געשעעניש, וואָס האָט נאָך זיך געברענגט א גרעסערע אויפטרייסלונג אין לעבן פון שטעטל איז געווען די „גרויסע שריפה" אין די ערשטע יאָרן פון 20־טן יאָרהונדערט. די יידן האָבן געמורמלט, אז דאָס האָבן די גויים אונטערגעצונדן די שול, ווייל זי איז געווען העכער פון זייער קירכע (ביים צוריקאויפבויען האָט מען טאַקע די שול געמאַכט נידריקער). און כאָטש די פּוילישע פייערלעשער זענען כמעט גענצליך אויסגעהאַלטן געוואָרן פון יידן — האָבן זיי נאָר אָפּגעהיטן די פּוילישע גאַסן־פאַרענדיקונגען, צעלייגנדיק די יידישע הייזלעך ביי זייערע גרעניצן. אין דער דאָזיקער שריפה איז גענצליך פאַרברענט געוואָרן און אויסגעגלייכט געוואָרן מיט דער ערד דאָס גאַנצע יידישע וואָלבראָם. נאָר איינצעלנע יידישע הייזער, וואָס האָבן זיך געפונען צווישן פּויערישע זענען ניצול געוואָרן. די „גרויסע שריפה" איז געווען א ווענד־פּונקט אין דער געשיכטע פונם שטעטל, ניט בלויז מיט דעם וואָס די יידן האָבן גענומען ציילן די יאָרן לויט דער שריפה! א יאָר, דריי, פינף נאָך דער גרויסער שריפה, נאָר בעיקר מיט דעם וואָס אויף די חורבות פון הילצערנעם שטעטל איז אויפגעשטאַנען א נייעס א צעמויערטעס. צווייטנס — זענען גרויסע טיילן פון די נשרפים געצוואונגען געוואָרן איבערצוּוואַרפן זיך פון האַנדל אויף מלאכה. און דריטנס — זענען א טייל פון די נשרפים אַוועק אין די דערבייאיקע מיט רעשנדיקן טעמפּאָ זיך אַנטוויקלנדיקע גרעסערע שטעט, ווי סאָסנאָוויצע, בענדין, זאַוויערטשע, טשענסטאָכאָוו. זיי זענען געוואָרן פאַרמיטלער צווישן וואָלבראָם און די דאָזיקע שטעט און אַזוי אַרום אויסגעביי־טערט דעם מארק פאַר די וואָלבראָמער סחורות. די גרויסע שריפה האָט אויך געגעבן א שטויס צו אינטענסיוון אַריינדרינגען פון די פּאָליאַקן אין צענטערשטאָט, אָפּקויפנדיק פּלעצער פון די רואינירטע יידישע נשרפים און אויפשטעלנדיק זיך הייזער. ווי א סימבאָל פון דעם זיגערישן אַריינדרינגן איז געווען

דאָס אויפשטעלן „קאמינסקיס קאמעניצע" אין מארק, דאָס איינציקע דריישטאָ־קיקע הויז אין שטעטל.

א צווייטע אזא, כאָטש פון א אנדער מין, אויפטרייסלונג איז געווען די רוסיש־יאפאנישע מלחמה און די נאָך איר פאָלגנדיקע רעוואָלוציע פון 1905. אויב די „גרויסע שריפה" האָט אויפגערודערט דעם סטאטישן עקאָנאָמישן צושטאנד פון שטעטל — האָט די רוסיש־יאפאנישע מלחמה מיט דער נאָך איר פאָלגנדיקער רעוואָלוציע, אויפגערודערט דעם סטאטישן לעבנס־שטייגער און דענק־אָרט פונם שטעטל. אויסער א קליינער טייל בעיקר חסידים למדנים וועלכע האָבן זיך געקלעמט אין דער הייליקייט פון דער קיסר־אינסטיטוציע וואָס האָט זיין שר אין הימל און געגעבן פאַרצוג זייער קיסר דעם רוסישן און דעריבער געהאלטן ביי רוסלאנד — האָט דער גאנצער פראָסטער עולם צוזאמען מיט די מער וועלטלעכע חסידים פון טיפן הארץ געווונטשן א וויסטן סוף דעם צורר־היהודים „פאניע גנב". אויף דעם זעלבן אופן האָט זיך אויך געטיילט די מיינונג אין שטעטל וועגן דער רעוואָלוציע פון 1905. דאָס רוב יידן אין שטעטל, רעכנענדיק אויף א פארבעסערונג אין זייער לעבן, האָבן זיי סימפאטי־זירט מיט דער רעוואָלוציע. דאָס אלץ איז געזאָגט געוואָרן, ווען די רעוואָלוציע איז פאָרגעקומען דאָרט ערגעץ אין פעטערסבורג, לאָדז, און אין שטעטל האָט זיך נאָר ארייגעריסן איר ווידערקול; גאָר אנדערש האָט עס אויסגעזען, ווען די רעוואָלוציע זעלבסט האָט זיך ארייגעריסן אין שטעטל, און ארייגעריסן האָט זי זיך ווי א שטורם וואָס דראָט אלץ צו פארדרייען מיט די פיס ארויף און קאָפּ אראָפּ. דאמאָלס האָבן אויפגעהערט אלע ויכוחים. אויסער די סאמע מחותנים די „אחדותניקעס" זענען אלע יידן ארומגעגאנגען פארזאָרגטע: „וואָס וועט פון דעם ארויס"? און ווען ס'האָט זיך פארענדיקט די רעוואָלוציע מיטן אָנקומען פון א טריאד רוסישע זעלנער און מיטן פארנעמען די אָנפירער פון „אחדות" — האָט דאָס שטעטל פרייער אָפּגעאָטעמט.

דער הויפט־אָנפירער פון די אחדותניקעס איז געווען לאָזער בידערמאן. גערופן האָט מען אים לאָזער טערק, אָדער אויפן פאָטערס נאָמען לאָזער משה בידעס. ער איז געווען פון די בעסטע לערנער אין בית־המדרש, געוואָרן אן אפיקורס און דעו גאנגען ביז צו דער מדרגה פון א רעוואָלוציאָנערן פירער פון „אחדות". נאָך דעם אדורכפאל פון דער רעוואָלוציע 1905 איז ער פארשווונדן פון שטעטל, און מיט עטלעכע יאָר שפעטער זיך ווידער באוויזן אין שטעטל א קראנקער אויף שווינדזוכט. מיין מומע, וואָס האָט געוווינט בשכנות מיט די בידערמאנעס, פלעגט פארציילן, אז לאָזער משה בידעס זאָגט, אז א מענש האָט גאָר קיין נשמה ניט, און נאָך אזעלכע „שרעקלעכע" זאכן... איך בין שוין דאמאָלס געווען א גמרא־בחור און געוווסט פון א כהן־גדול, וואָס איז נאָך פערציק יאָר גאָטעסדינסט געוואָרן א צדוקי, און פון אלישע בן אבויה דער רבי פון רבי מאיר וואָס איז געוואָרן א אחר; אָבער די פערזאָן פון לאָזער משה בידעס איז פאר מיר געשטאנען א לעבעדיקע און אויף מיר געוואלטיק געווירקט. דער לעבעדיקער־טויטער דענקמאָל פון דער רעוואָלוציע פון 1905 אין שטעטל האָט מיך געצווונגען א סך צו טראכטן. ווען כ'בין זומערצייט

געגאַנגען פון בית־המדרש האָב איך אים, אַן אויסגעדאַרטן הויט און ביינער, אַ ווייסן ווי קאַלך, געטראָפן שפּאַצירן אויף און אָפּ אויפן טראָטואַר פון זיין פאָטערס הויז. איך בין געבליבן שטיין ווי צוגעשמידט און ניט מיד געוואָרן אויף אים צו קוקן און טראַכטן.

ניט לאַנג האָט ער זיך אַזוי געדרייט פאַרן הויז. ביי ענדע זומער איז דער שטעטלדיקער העלד פון דער רעוואָלוציע, דער ערשטער וואָס האָט אַריינגעבראַכט די אויסערליכע וועלטליכע נייע אידעען אין שטעטל — לאָזער בידערמאַן, אָדער ווי מען האָט אים גערופן לאָזער משה בידעס, געשטאָרבן. ווען איך בין געגאַנגען פון בית המדרש, פאַרבייגעגאַנגען משה בידעס הויז און געהערט, אַז לאָזער גויסעט, האָב איך זיך, ווי פון אַ מאַגנעט געצויגן, ניט געקענט איינהאַלטן, אַריין אין שטוּב און געוואָרן ערשטוינט פון דער סצענע וואָס איך האָב בייגעוווינט: די חברה־קדישא־לייט האָבן אים אָנגעטוען אַ טלית־קטן און ער האָט אים מיט די לעצטע כוחות געפּרוווט אַראָפּרייסן פון זיך, ביז די שוועסטער האָט אים דעם טלית־קטן אויסגעטוען. איך האָב לאַנג געטראַכט דערוועגן: פון וואַנען אַזאַ שנאה צו רעליגיע, און דאָס אין די לעצטע מינוטן פון לעבן בשעת גסיסה! באַגראָבן האָט מען אים אונטערן פּלאָט פון בית עולם.

אַ צווייטע פּערזענליכקייט פון יענער עפּאָכע, וואָס האָט אויף מיר איבערגעלאָזט אַ קאָלאָסאַלן איינדרוק — איז געווען נתן פרענקל (היינט נתן חפשי, יבדל לחיים ארוכים, וווינט אין הרצליה), וועלכער איז נאָך דער רעוואָלוציע פון 1905 אוועק קיין ארץ־ישראל. וועגן ציוניזם און פּועלי־ציוניזם האָב איך דאַמאָלס נאָך ווייניקער געוווּסט ווי פון „אחדות״. ארץ־ישראל האָט פאַר מיר דאַמאָלס עקזיסטירט נאָר אין דער תורה, אין די תפילות מיט אַ „לשנה הבאה בירושלים״ ביים סדר. די מעשיות וועגן רביים, אַלטע פרומע יידן, וועלכע זענען געפאָרן קיין ארץ־ישראל און משולחים וואָס קומען פון דאָרט — זענען פאַר מיר געווען לעגענדאַרע פּערזענלעכקייטן, געקנופּט און געבונדן מיט בית־המקדש, מלכים, נביאים, כהנים גדולים און מיט דעם גלויבן אין ביאת־המשיח. און דאָ אינמיטן דרינען נעמט אַ ייִנגערמאַן און דערצו ניט קיין איבעריק פרומער און פאָרט קיין ארץ־ישראל. דער איינציקער אָנגעמבאַרער פאַרענטפער דערצו איז פאַר מיר געווען דאָס, וואָס איך האָב זיך אָנגעהערט אין גערער שטיבל, אַז ער (נתן פרענקל) געהערט צו אַ צווייטן מין אפּיקורסים, וואָס ווילן דוחק זיין את הקץ.

נאָך די געשעענישן פון 1905 זענען נאָך אויף אַ געוויסער צייט פאַרבליבן אין שטעטל פון די מער אָדער ווייניקער מיטגעריסענע פון די נייע דרויסנדיקע ווינטן: אברהם יצחק גליבטער. איך געדענק, ווי ער איז געשטאַנען שבת ביים דאַווענען אין גערער שטיבל, אַ שטייפער, אַ הויכער, אַ שלאַנקער, מיטן אָפענעם קליינעם סידורל אין האַנט, ניט געגעבן זיך קיין שאָקל און ניט קיין ריר מיט די ליפּן. מען האָט ביי אים אין פאַלטע געפונען שליסלען (מען האָט אין שטעטל ניט געטאָרט טראָגן אין שבת) און אים אַרויסגעוואָרפן פון שטיבל. קורץ דערויף איז ער אוועק קיין וואַרשע. לויט ווי מען האָט געשמועסט האָט ער

געאַרבעט אין דער פּרעסע; אבֿרהם יוסל שלמהלע מלמד׳ס, וועלכער האָט אַלס א צייכן פון זיין אויפגעקלערטקייט געטראָגן א געפּרעסטן קאָלנער פון העמד מיט א שוואַרץ זיידן פּאַרדעקל, האָט זיך א געוויסע צייט געדרייט אין בית המדרש ווי א דערופּענער און ניט געוואָרן; שלמה פּיש דעם בלאַכאַרש׳ס א זון וועלכער איז ווי מען האָט געשמועסט אוועק קיין דייטשלאַנד אין א ראַבי־נער סעמינאַר. היינט איז ער ראַבינער אין ענגלאַנד. ווייטער קען מען פאַררעכנען צו די בעאיינפלוסטע פון די נייע ווינטן פון 1905 און וועלכע זענען פאַרבליבן אין שטעטל: מענדל שוואַרצבוים, אויסערלעך אָנגעגאַנגען אַלס חסידישער ייד און געדאַוונט אין אַלעקסאַנדערער שטיבל, אָבער אינערלעך פאַרבליבן ביי זיינע פרייַדענקערישע מיינונגען; אַלטער פעלדמאַן, וועלכער איז געוואָרן אַן ערלע־כער פרומער ייד, א גערער חסיד; דער טאָפּעצירער, וועלכער איז געוואָרן א גוט סיטואירטער אָנגעזעענער בעל־בית אין שטעטל, זיך געגרויסט מיט זיין בעל־מלאכהשקייט און שפּעטער געווען איינער פון די גרינדער פון האַנטווער־קער־פאַריין אין שטעטל.

## ד. דאָס שטעטל פאַר דער ערשטער וועלט-מלחמה

אין די יאָרן האַרט פאַר דער ערשטער וועלט מלחמה האָט זיך אין שטעטל אָנגעהויבן פילן א פאַרשטאַרקטע קאָנקורענץ מצד דעם אויפשטייגנדיקן פּוי־לישן סוחרמטום, וועלכעס איז וואָס אַמאָל מער אַריינגעדרונגען אין צענטער־שטאָט. אַזוי א שטייגער האָבן זיך אין מאַרק געעפנט פּוילישע שענק, וואָס האָבן אונטערגעגראָבן די עקזיסטענץ־מעגליכקייט פון דער שענק פון מאָטל שענקער, פון וועלכער ס׳האָבן ביז דעמאָלט געלעבט רחבותדיק אין א קאָמונע׳ מאָטל שענקער, זיין ברודער, זייערע זין און איידעמס — צוזאַמען זעכס משפּחות. ס׳האָבן זיך דעמאָלט אויך געעפנט די ערשטע פּוילישע גרעסערע שפּייז־קראָמען און אַנדערע. די שטימונג צווישן די יידן איז געווען א געדריק־טע. ניט אַזוי ווייט פון דעם פאַקטישן עקאָנאָמישן שאָדן, וועלכער איז דערווייל אין אַלגעמיין נאָך געווען א מינימאַלער; די געדריקטע שטימונג איז געקומען פון דער מורא פאַר דער צוקונפט און בעיקר צוליב דער פאַרשטאַרקטער אַנטיסעמיטישער העצע אויף באָיקאָט וועלכע האָט באַגלייט די דאָזיקע פּוילישע קאָנקורענץ. די יידישע באַרעכטיקטע מורא האָט דערגרייכט דעם הויפּטפּונקט מיט דעם בלוט בלבול — נאָענט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה אויף דעם חסידישן ייד רבי ראובן פראַמער ז״ל, א ברודער פון קאָזשיגלאָווער רב. נאָך א סך פּחדים איז ענדליך דער בלוט־בלבול אָפּגעשריען געוואָרן מיט דער הילף פון גרויסער שתדלנות און נאָך גרעסערע געלטער.

לויט דעם דאַמאָלסדיקן אַלגעמיינעם לעבנס־ניוואָ אין פּוילן איז דאָס שטעטל וואַלבראָם געווען א פּרנסה־שטעטל. מען קען זאָגן א גאַנץ גוט סיטואירטעס. א גאַר גרויס אָרט אין דעם פּרנסה־קוואַל פון שטעטל האָט פאַרשטייט זיך פאַרנומען דער האַנדל. אָבער ניט קיין קלענער אָרט אין דעם פּרנסה־קוואַל פון

שטעטל האָט פארנומען די באדינונג: א גרויסע צאָל טאנדייטניקעס, וועלכע האָבן מיט ווייב און קינדער פון אינדערפרי ביז שפּעט אין אָוונט געשטעפּט אויף די ניי־מאשינען און פאָרנדיק אויף די מארקן אין פּרעסט, רעגנס און היצן, האָבן זיי צוגעשטעלט פאר די פויערן פון דער אומגעגנט קליידונג און וועש; יידישע גארבערס פון דור־דורות, וועלכע האָבן צוגעשטעלט דער אומגעגנט די נויטיקע לעדערס, ווי די צעצווייגטע פאמיליע פון ר׳ מרדכי יואב שפּיגלער פון דער לגאטער גאס. אָנגעזעענע בני־תורה, פלעגן זיי אויפשטיין פארטאָגס, לויפן אין בית־המדרש, אריינגעכאפּט א בלאט גמרא, אָפּגעדאווענט מיט דעם ערשטן מנין און געאיילט צו דער ארבעט. א צווייטע גארבער־פאמיליע פון דור דורות זענען געווען די באלבאטישע גארבער־פאמיליע פון דער שולגאס גרייצער, וועמענס אייניקל יחיאל בן־פורת געפינט זיך איצט אין תל־אביב. אונמעגלעך פארשטייט זיך אויסצורעכענען אלע יידישע בעלי־מלאכות, די אלע יידישע שניידערס, היטלמאכערס, שוסטערס, בעקערס, צוקערניקעס, לעקעכבעקער, לעכטציער, אויוון־שטעלער, זייגערמאכער, גאָלדשמידער, סטאָלער, רימער, קאוואלעס און אנדערע. זאָלן דאָ דאריבער דערמאנט ווערן כאָטש אייניקע כאראקטעריסטישע טיפּן פון דער דאָזיקער מאסע וואלבראָמער יידישע בעלי־מלאכות פון פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה, וועלכע האָבן זיך גע־גרויסט מיט זייער ערליך לעבן פון יגיע־כפּיימניקעס:




ככר השוק ביום־יריד לפני המלחמה הראשונה
א יריד־טאָג אין מארקפּלאץ פארן ערשטן וועלטקריג

יחיאל קאוואל, א ייד א הויכער, א ברייטביייניקער. אפילו אין דער טיפער עלטער שוין א שפּאָר ביסל איינגעבויגן, ווי די קאוואדלע וואָלט אים געשווערט אויף די פּלייצעס און די הדרת־פּנימדיקע שווארצע באָרט האָט זיך שוין געזילבערט — האָט ער נאָך אלץ אויסגעזען ווי אויסגעשמיט פון אייזן. קיין איין טאָג האָט ער ניט פארפעלט אלע אינדערפרי און אָוונטן צו דאווענען אין שול, אפילו אין די גרעסטע ווינטערדיקע פרעסט, ווען די גרעסטע מערהייט שול־מתפללים האָבן געדאוונט אין באהייצטן בית־המדרש, האָט ער געהערט צו די געציילטע וואָס האָבן ניט פארלאָזט זייער פּאָזיציע אין שול. ער האָט געשמט צווישן אלע פויערן אין דער אומגעגנט אלס דער בעסטער שמידער און שלאָסער. פון זיין האָראוואניע האָט ער אויסגעהאלטן בכבוד זיין צאָלרייכע משפחה, זיך אויסגעבויט א הייזל אין דער קראקאווער גאס און אלע זין זיינע אויסגעהאָדעוועט אלס בעלי־מלאכות וואָס האָבן ליב זייער פאך. איין זון זיינער וואָלף גרשונאָוויץ וווינט אין תל־אביב און פירט אן אייגן שלאָסער־ווערקשטאָט. אויך צוויי אייניקלעך זיינע מענדל סטיצקי און אסתר פראָסט געפינען זיך אין ישראל; ראובן דוד — א גארבער פון דער שולגאס, א ייד א גברן, וועלכער איז געשטאָרבן אין עלטער פון הונדערט און צען יאָר, געווען א פּראָסטאק וואָס האָט עולה געווען צו דער מדרגה פון א פּרנס אין שטעטל צוליב זיין ברייטער האנט. ער האָט ניט געקארגט זיין געלט אויף חתונה מאכן אָרימע יתומות, אויף אויסהאלטן א לינת־הצדק, א ביקור־חולים, רעמאָנטירן שול־מקוה און שרייבן ספרי־תורה. עטליכע פון זיינע אוראייניקלעך געפינען זיך אין ישראל; אליוועך, א בוימייסטער, א קינסטלער אין זיין פאך, צו יענער צייט א פּאָרטגעשריטענער. ער איז אוועק קיין אמעריקע; די צוויי אפרימס, אויסגעצייכנטע אויוון־שטעלער, ביי וועמענס „געשלאָסענע" ציגעלע־אויוונס דאָס גאנצע שטעטל האָט זיך אין די פראָסטיגע ווינטערנעכט מחיה נפשות געווען, וואָרמענדיק די פּלייצעס ביי די אויוונס, טרינקענדיק טיי פון זייערע פּיעציקעס און עסנדיק שבת טשאָלנט פון זיי; משה יוסף סטאָלער. זומער און ווינטער איז ער געווען דער ערשטער אין בית־המדרש פארטאָגס, אויסגעזאָגט גאנץ תהלים, אָפּגעדאווגט מיטן ערשטן מנין און געאיילט אהיים אין זיין סטאָלער ווארקשטאט. א קליין אָבער געזונט יידל מיט א געדיכט שווארץ בערטל האָט ער א הנאה געהאט אינמיטן דער געשמאקסטער ארבעט, ארויפצומאכן די ברילן אויפן שטערן און אויסברענגען זיך א שיינעם וויץ, אויב ער האָט נאָר געהאט פאר וועמען און זיינע פקחותדיקע בלויע אויגן האָבן דאבײ געפינקלט פון נחת. אין זיין לאנגען לעבן האָט ער א סך יידישע ייגנטליכע אויסגעלערנט דאָס סטאָלערפאך. צוויי פון זיי, די ברידער בנימין און אברהם צווייגנבוים, לעבן איצט אין ישראל פון דעם ביי משה יוסף סטאָלער אויסגעלערנטען סטאָלערפאך; רבי אלטער זייגערמאכער, א הויכער דארער ייד מיט א בלאָנד גרויליך קאָזע־בערטל, וועלכער האָט עוסק געווען אין זיין פאך באמונה, ווי אין א עבודת הקודש, א ייד א למדן א חריף, וועלכער האָט ליב געהאט זיך צו גריבלען אין רעליגיעזער פילאָזאָפיע און דער לעצטער פוסק אין די ענינים זענען פאר אים געווען דער מורה־נבוכים און ספר המדע פון רמב"ם. אויך ער האָט אויפגעשטעלט א פּליאדע פון יינגע

גלענצנדיקע זייגערמאכער, גאָלדשמידער; רבי שמעון בעקער, אן ערלעכער חברה־קדישא־מאן, א שטיקל בן־תורה, האָט ער מיט זיין ברויט ניט איין אָרימע פאמיליע דערהאלטן ביים לעבן, געבנדיק קיינער זאָל ניט וויסן „אויף בארג״ ביז דער אייבערשטער וועט העלפן; אלטער לערער, א יידיש געקליידטער פארשטענדליך, נאָר מיט א גרויסע בלאָנדע טשופרינע אינטערן יידישן היטל. א שפארער וויסנשאפטס מאן איז ער געווען דער ערשטער ערנסטער לערער אין שטעטל פון וועלטלעכער בילדונג. ער האָט אין די פארמעגלעכע הייזער געגעבן לעקציעס פון פויליש, רוסיש, מאטעמאטיק, נאטור־וויסנשאפט, און וויפיל ער האָט זיך ניט געזאָלט אויסבעהאלטן צוליב זיין פרנסה, האָט ער ז׳אָך אריינגעברענגט אין שטעטל די ערשטע פונקן פון וועלטלעכקייט.

צום סוף צו דערגענצן דאָס בילד פון שטעטל וואלבראָם פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה — נאָך עטלעכע כאראקטער־טיפן פון אָנגעזעענע משפחות און פערזענלעכקייטן, וועלכע האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט דעם פונדאמענט פון תורה, חכמה, עשירות און יחוס. אויפן ערשטן אָרט גייט דאָס „ראטהויז״, צו וועלכען די אויגן פון גאנצן שטעטל זענען געווען געווענדעט מיט באוואונדערונג און פארערונג, ווי צו א יידישן קעניגלעכן הויף. פון וואנען דער נאָמען „ראטהויז״ האָט זיך גענומען איז גענוי ניט באקאנט. לויט ווי ס׳איז אומגעגאנגען האָט זיך דער נאָמען גענומען דערפון, וואָס אמאָל אין די גאָר אלטע צייטן, ווען דאָס שטעטל איז נאָך געווען ריין יידיש, האָט זיך דאָרט געפונען די מועצה פון שטעטל. דאָס „ראטהויז״ איז געווען א פעסט געמויערט אויסגעטונקעוועט איינשטאָקיק הויז אין מארק ראג קראקאווער גאס און זיך פארענדיקט אין דער קראקעווער גאס אלס א הויכער לאנגער פארטער. דער בעל־הבית פון דעם ראטהויז האָט געהייסן רבי אברהם מרדכי ערליך. אין שטעטל איז ער געווען באקאנט נאָר אונטער דעם נאָמען רבי אברהם מרדכי קאלעקטאר. לויט ווי מען האָט געשמועסט איז ער אין דער יוגנט געווען א קאלעקטאָר און אויף א ניט



ר׳ אברהם מרדכי ארליך
מנכבדי העיר ואשתו הנדל

פאַרקויפטן צעטל געווונען די פערציק טויזנט און דערפון איז ער רייך געוואָרן. אָבער דאָס שטעטל האָט אים געקענט אלס גרויסן וואלד סוחר, און די שטעטלדיקע פאנטאזיע האָט ביים שאצן דאָס רייכקייט פון ראטהויז דערגרייכט אין די מיליאָנען. רבי אברהם מרדכי קאַלעקטאָר, א ברייטביינ־יקער מיט א פיין צעקעמטער ווייסער באָרט, האָט ער אויסגעזען ווי די פאַרקערפּערונג פון תורה און עשירות. ער איז געווען אן אָנגעזעענער גערער חסיד פון די טישזיצערס נאָך ביים שפת־אמת. ווען נאָר דער גערער רבי האָט זיך געפונען אין דער אומגעגנט האָט ער אָפּגעטרעטן אין וואלבראָם, איינגעשטאנען ביים רבי אברהם מרדכי און דאמאָלס איז דאָס גאנצע ראטהויז פארוואנדלט געוואָרן אין א רבישן הויף. רבי אברהם מרדכי האָט געפירט זיין פּאָזיציע אלס פאטריארך פון שטעטל מיט א פארנעם און א ברייטער האנט. אויף די עלטערע יאָרן האָט ער אויסגעטיילט א שטיבל אין זיין הויז און געשאפן אן אייגן גערער שטיבל, וועלכעס מען האָט גערופן רבי אברהם מרדכי׳ס גערער שטיבל, און געהאט א מער פאָרגעשטריטענעם טאָלעראנטן כאראקטער פון דעם אלגעמיינעם גערער שטיבל. דער דאָזיקער קאַלאריט פון פאָרטגעשריטנקייט האָט זיך גענומען דאפון, וואָס דאָ אין זיין גערער שטיבל זענען די הויפּט דעה־זאָגערס געווען זיינע זין און איידעמס: רבי שלמה ערליך, הענדל ערליך, רבי איסר זאלצמאן און רבי וועלוול אלטער, דאָס פאָרגעשריטענסטע און אויפגעקלערסטע אין שטעטל. אין דערזעלבער צייט איז דאָס אלטע גערער שטיבל אָנגעפירט געוואָרן פון די עקסטרעמסטע חסידים מיט דעם תבואה־סוחר רבי משה פייוול בלאקאווסקי אין שפּיץ. אָבער דאָך איז דאָס אלטע גערער שטיבל יעדע ערשטע נאכט ראש־השנה און מוצאי יום־כפור נאָכן דאווענען געקומען אין רבי אברהם מרדכי׳ס שטיבל ווינשן א „מאמער זיך אויסגעבעטן"... און אין די ימים־טובים פארנאכטן האָבן די חסידים פוןביידע שטיבלעך פארברענגט צוזאמען ביי רבי אברהם מרדכין ביי א גוט גלעזל משקה מיט פארבייסעכץ און געכאפּט דאָס אמתע חסידישע ריקודל. פון דער דאָזיקער פארצווייגטער אָנגעזעענער פאמיליע געפינט זיך איצט אין ישראל דבורה צאנין רבי וועלוול אלטערס טאָכטער און שושנה רבי איסר זאלצמאנס טאָכטער, איר ברודער דוד זאלצמאן ז״ל איז ניט לאנג געשטאָרבן אין תל־אביב. אקעגנאיבער דעם ראטהויז אויף דער קראקעווער גאס האָט זיך געפונען דאָס הויז פון דעם אייזן־סוחר רבי יהושע ווערדיגער, א ייד א תלמיד־חכם און אָנגעזעענער גערער חסיד מיט זיין איידעם מענדל דוד סטאשעווסקי.

רעכטס פון ראטהויז אין מארק האָט פארנומען א בכבודיקן פּלאץ דאָס געמויערטע איינשטאָקיקע הויז פון רבי אברהם דוד ציגלער, וועלכער האָט צו יענער צייט פארמאָגט דאָס איינציקע שניט־געשעפט אין שטאָט און זיך גערעכנט נאָך רבי אברהם מרדכי קאַלעקטאָר אלס דער צווייטער נגיד און אָנגעזעענער בעל־בית. אויב רבי אברהם מרדכי איז געווען דער פאטריארך פון די גערער חסידים, איז רבי אברהם דוד ציגלער געווען דער פאטריארך פון די אלעקסאנדערער חסידים אין שטאָט, און ווי רבי אברהם מרדכי׳ס איידעם האָט אויך רבי אברהם דוד׳ס איידעם רבי משה הירש האָכערמאן זיך גערעכנט צווישן די פאָרטגעשריטנסטע צווישן די אלעקסאנדרער חסידים, זיינס א זון גרשון האָכערמאן

איז געווען פון די חלוצים וואָס האָבן די ערשטע פון וואָלבראָם עולה געווען קיין ישראל און איז איצט אן אָנגעזעענער תושב אין חיפה. צווישן די צוויי הייזער פון רבי אברהם מרדכי און רבי אברהם דוד האָט זיך אין מאַרק געפונען דאָס הויז פון רבי חנן גאָטליב, וועלכער איז אין עשירות ווייט אָפּגעשטאַנען פון די ערשטע צוויי. איז ער אָבער פאַר דאָס געווען רייכער פון זיי אין תורה און זיך גערעכנט אלס דער פּאַטריאַרך פון די ראַדאָמסקער חסידים. אין ישראל געפינען זיך זיינע זין: עובדיה, מרדכי, דוד און מאיר, אלע — ציוניסטישע אקטיוויסטן אין וואָלבראָם און חלוצים, וואָס האָבן עולה געווען קיין ישראל נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. און אויב מיר רעדן שוין וועגן די וואָלבראָמער חסידים־שטיבלעך זאָלן מיר אויך דערמאָנען דאָס פּינטשעווער שטיבל. די פּינטשעווער חסידים זענען באַשטאַנען מערסטנס פון קלענערע סוחרים און בעלי־מלאכות, וועלכע ניט זייענדיג קיין באַזונדערע בני־תורה האָבן זיי געזוכט גייסטיקע וואַרימקייט ביים פּינטשעווער רעבין. אויסערדעם זענען נאָך געווען



רבי יצחק מנדל רוטנברג
בן האדמו״ר ר׳ אלתר מוולברום



רבי שלום רוקח
האדמו״ר מוולברום

אין שטעטל הערעפּאַשניקעס אָרימע בעלי־מלאכות, דאָרפסגייער, מאַרקפּאָרער, וועלכע האָבן זיך גרופּירט און געוואַרימט ביים אָרטיקן וואָלבראָמער רבין רב׳ אַלטער. שפּעטער ביי זיין זון רבי יוסף נתן ראָטנבערג און נאָך שפּעטער ביי זיין איידעם רבי שלום רוקח. דעם לעצטנס א זון משה רוקח געפינט זיך אין הרצליה. און זאָלן מיר כאָטש פאַרבייגייענדיק דערמאָנען די אָנגעזעענע פאַר־צווייגטע פאַמיליעס, ווי די: עסטרייכערס, פּאַטאַשעס, צווייגנבוימס.

בעיקר האָט זיך דער פּראָסטער עולם גרופּירט אין בית־המדרש אינדערפרי, און אין די אָוונטן ביים דאַוונען און אין די חברות ווי ביקור חולים, חברה תהלים, חברה משניות. זייערע גייסטיגע פירער זענען געווען אָרימע אין פּרנסה, אָבער רייכע אין תורה, וועלכע פלעגן אלע שבת נאָכן שלאָף שטילן דעם גייסטיקן דורשט, דורך פאַרטייטשן דעם „עולם" פּאָלקסטימלעך די פּרשה פון דער וואָך,

א פרק משניות, א שטיקל מדרש און פאר יעדן יומא דפגרא עפּעס פון מעניגא דיומא. פון די דאָזיקע תלמידי־חכמים, המקיימים תורתם מתוך עוני, ווילן מיר זיך דאָ אָפּשטעלן אויף רבי מרדכי וואָלף׳ן און זיין איידעם אביגדור הירש. ביידע זענען זיי געווען פון קלענערן מיטלוווקס, אויסגעדאַרטע פון עסן נאָר אויף צו דערהאַלטן די נשמה און גאָט דינען מיט אלע רמ״ח איברים און שס״ה גידים פון אינדערפרי עפּנענדיק די אויגן ביזן גיין שלאָפן שפּעט ביי נאכט. ביידע זענען זיי געווען קלאָר אין אלע הימלישע וועגן און שטעגן ווי ביי זיך אין דער היים, און אויף דער ערד ביי זיך אין דער היים געקענט נאָר דעם וועג פון זייער שטוב אין בית־המדרש אריין, אין שטיבל און אין מקוה. מיט איין וואָרט: ביידע, דער שווער מיטן איידעם, זענען געווען צדיקים גמורים אין פולן זין פון וואָרט, וואָס איז זעלטן געווען צו געפינען אפילו אין יענע צייטן; אָבער דאָך האָבן דער שווער מיטן איידעם מיט זיך פאַרגעשטעלט צוויי אינגאנצן אנדערשדיקע. יעדער פון זיי ביידען האָט זיך געהאַט זיין אייגענעם גאנג אין תורה און צדקות.

דער שווער רבי מרדכי וואָלף מיט זיין קורץ געדיכט שווארצלעך גרוי בערטל און מיט זיינע שווארצע ברענענדיקע אויגן האָט ווי א ווולקאַן געשפּריצט מיט פייער. קיין איין מינוט האָט ער ניט געקענט איינזיצן אויפן אָרט. אָט זיצט ער אינגאנצן ארייגעטאָן אין של״ה הקדוש. אָט גיט ער זיך האסטיק א שטעל אויף ווי אן אָפּגעבריטער, גיט א מאַך ארויף די דרעטענע ברילן איבערן שטערן, בייגט אויף אַלע זייטן דעם פעדערשטן קערפּערטייל, דריקנדיק פעסט מיט ביידע הענט אויפן טיש. אָט לויפט ער עטלעכע טריט הין און צוריק און אָט זיצט ער ווידער אריבערגעבויגן איבערן ספר און גלייך ווידער אויפגעשטעלט זיך און די גאנצע צייט ברומט ער, ברומט ווי א שטורמדיקער ים. זיין איידעם אביגדור הירש דאקעגן מיט א בערטל קוים עטלעכע ווייסלעך געלע קרייזלדיקע זיך שיטערע הערלעך און ווייכע בלויע שטענדיג שמייכלדיקע אויגן, איז זיך געזעסן און געלערנט בנעימותדיק מיט א שטיל באטעמט ניגונדל. דער שווער רבי מרדכי וואָלף האָט מיט זיינע תלמידים געלערנט מיט ברען, געפּאַדערט פון זיי גרענעצ־לאָזע פרומקייט און מסירות־נפש — אן אמתער שמאי; זיין איידעם דאקעגן האָט גערעדט מתיקותדיק צום הארץ, ממתיק זייענדיק דעם הארבן דין, שטענדיק זיינע תלמידים אויסגעהערט געדולדיק און געדולדיק פּערטייטשט אלץ פאדראבנע — אן אמתער הלל — ביידע האָבן זיי איינס ס׳אנדערע דערגענצט און אויפגע־הויבן דעם קרן התורה און פרומקייט אין שטעטל צו א גאָר גאָר הויכע מדרגה.

## ה. די נאציאָנאלע דערוואכונג און פאַר־וועלטלעכונג פון שטעטל

פון נאָך דעם קורצן מאָמענט פון פארוועלטלעכונג פון א קליינער טייל פון דער יידישער יוגנט אין יאָר 1905, ביז קורץ פאר דעם אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה — איז דאָס שטעטל וואלבראָם צוריק געווען גענצלעך

באהערשט פון פרומקייט, תורה און חסידות. ס'האָבן זיך אויך געפונען פאראיינ־
צעלטע, אויף יענער צייט פאָרטגעשריטענע, ווי א שטייגער: רבי יהושע מענדל
פרענקל (נתן חפשי'ס פאָטער) א ייד א הויכער מיט א פיין צעקעמטער הדרת־
פנימדיקע באָרט. א גאנצע וואָך איז ער געווען אין דער פרעמד, ווו ער האָט
געארבעט אלס האנדלס־אָנגעשטעלטער, אהיימגעקומען אויף שבת און געדאוונט
אין גערער שטיבל, ווו ער פלעגט פארציילן די נייעסן פון „הצפירה". ער איז
געווען דער ערשטער אבאָנענט פונם „הצפירה" אין שטעטל; רבי חיים יצחק
צווייגנבוים, א קלוגער ייד א בן־תורה. פאר דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט
ער עולה געווען קיין ארץ־ישראל און דאָ נפטר געוואָרן; רבי הערשל בידלאווסקי,
א פעסט געבויטער ייד מיט א ברייט אָפן פנים און קיילעכיג בערטל. א געזעל־
שאפטליכער טוער, א דאזאר; רבי וועלוול אלטער, א שלאנקער ייד מיט א פּאָר
קלוגע אויגן און א גרויל־לעך געשוירן בערטל און אנדערע. זייער פאָרטגעשריטנקייט
איז געקומען צום אויסדרוק דורך לייענען א צייטונג, אברהם מאפו און ענלעכע
ביכער, און בעיקר אין זייער סימפאטיזירן מיט די חובבי ציון. שפּעטער זענען
זיי געווען די גרינדער פון דעם המזרחי אין שטעטל. אָבער קיינער האָט ניט
באצווייפלט זייער פרומקייט. אפילו די עקסטרעמסטע חסידים האָבן זיי נאָר
געקענט ביי א געלעגנהייט, לייכט מער אין וויץ, א טשעפּע טוען, אויף וואָס זיי
האָבן זיך געפילט גענוג שטארק אָפּצוענטפערן מיט א קעגן אָנצוהערעניש מכוח
בטלנות.

די תורה, פרומקייט און חסידות אין שטעטל האָט געפלייצט און געשלאָגן
מיט אזעלכע שטארקע כוואלעס, וואָס האָט מיטגעריסן אפילו די פאָרטגעשריי־
טנסטע וועלכע האָבן געשיקט זייערע קינדער אין בית המדרש און געזאָרגט, אז
זיי זאָלן זיך אויסצייכנען אין לערנען און אין פרומקייט. מיט איר תורה, פרומקייט
און חסידות האָט דאָס שטעטל געשעמט ווייט אין דער אומגעגנט און די שטע־
טלדיקע איינוווינער האָבן מיט גדלות דערקלערט „איך בין א וואלבראָמער".
זיי האָבן זיך געהאט מיט וואָס צו גרויסן: דאָס בית־המדרש איז געווען געפּרא־
פּט מיט מתמידים, עילויים, יינגע בחורים, חתנים און יינגע לייט אויף קעסט.
שעפּן תורה פון וואלבראָמער קוואל זענען געקומען אויך בחורים פון די נאָנטע
שטעטלעך און ניט בלויז פון די נאָנטע. אין דער ישיבה אין וואלבראָמער בית־
המדרש זענען געקומען לערנען בחורים פון זיבציג קילאָמעטער ווייטן סאסנאוועצ,
פון בענדין און פון די נאָך ווייטערע קעלץ, יענדזשעיעוו. ניט די זומערדיקע
היצן און ניט די ווינטערדיקע פרעסט און זאווערוכעס האָבן ניט מיט וואָס עס
איז פארהאלטן אפילו א מינוט דעם ריטם פון דער עבודת הבורא אין בית
המדרש. שוין פיר א זייגער פארטאָגס אין די גרעסטע פרעסט און זאווערוכעס,
האָט די סודותדיקע ווינקענדיקע ליכט פון די בליץ־לאָמפּן און חלבנע ליכטלעך,
דורך די פיל הויכע פענצטער פון וואלבראָמער תורה־טעמפּל — געוועקט און
צו זיך געצויגן די גאנצע תורה־לעכצנדיקע יוגנט פון שטעטל, וועלכע האָבן
זיך אויפגעריסן פון זייערע ווארעמע געלעגערס, פון זייערע נאָך קינדערשע
חלומות און זיסן שלאָף, זיך אָפּגעגאָסן די נעגל, שנעל זיך אָנגעטאָן און מיט
זייערע באמבלנדיקע זיך געפּלעשלטע פּיאהלעך און באגארטלטע כאלאטלעך,

געלאָפּן פון אלע געסלעך, ווי פון א מאגנעט געצויגן אין בית־המדרש אריין. אלע לאנגע טישן און בענק זענען שוין פינף א זייגער פארטאָגס געווען געדיכט באזעצט און די פארשידנקלאנגיקע סימפאָניע פון די גמרא ניגונים האָט זיך געריסן איבער די שטעטלדיקע געסלעך און געשפאלטן די שטעטלדיקע הימלען.

די ערשטע פידל אין דער דאָזיקער בית־המדרש סימפאָניע האָבן געשפּילט די דריי אברהמלעך; אברהמלע חנהם (גאָטליב), אברהמלע משה פייבלס (בלאקאווסקי) און אברהמטשע חיימעלע שוחטס (שטארק). אלע דריי האָבן זיך גערעכנט אלס די שטעטלדיקע עילויים, אָבער אויב די ערשטע צוויי אברהמלעך האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער פלאמפייערדיקע התלהבות, מיט צעלייגן און בויען פילגארנדיקע פילפוליסטישע טורעמס — האָט זיך אברהמטשע חיימלע שוחטס אויסגעצייכנט מיט זיין רויקייט און קיינמאָל ניט געזעטיקטן אמת זוכן. מיט זיין לערנען „אויפן אָרט״, מיט זיין שטענדיקן גריבלען זיך גרינטלעך צו באנעמען יעדע סוגיא, גרינטלעך צו פארשטיין דעם אמתן פשט דעם אמתן טעם פון יעדעם פירוש רש״י, פון יעדעם „ואם תאמר״, פון תוספה און פון יעדעס ודו״ק פון מהרש״א. דאָס זיין אָרט פון אברהמטשען איז דאריבער שטענדיק געווען באלאגערט פון די יינגערע בית־המדרש בחורימלעך, די פרחי־כהונה, מיט זייערע אָפענע גמרות אין האנט, וועלכע האָבן געדולדיק געוואַרט אויף זייער ריי. אברהמטשע זאָל זיי אויסטייטשן א שווער אָרט אין לערנען, ביי וועלכן זיי האָבן זיך פארהאקט, ניט צו גיין ווייטער א טריט, און זיי האָבן זיך קיינמאָל ניט אנטוישט אין זייער יינגען רבין. אָט די דריי אברהמלעך האָבן זיך גערעכנט פאר די בעסטע לערנערס; עובדיה גאָטליב (היינט אין ישראל), אברהם גראָסמאן, משה גאָלדקאָרן, דוד יזראלעוויטש, משה בארזיקאווס־קי, אברהם וויינשטיין און אנדערע. צווישן די אָט יינגערע פלעיאדע פון בית־המדרש בחורים אברהמטשעס תלמידים האָבן פארנומען דעם אויבנאָן: יהודה פרענקל (נפטר געוואָרן אין ישראל), זיין ברודער מנשה פרענקל (אומגעקומען), יחיאל האבערפעלד (אומגעקומען), די ברידער יצחק און שלום אלטער (אומגע־קומען), משה מונאוויץ (אומגעקומען), לייבישל שווארצבוים (געשטאָרבן אין ווראצלאָוו פאר דער מלחמה), און יבדלו לחיים ארוכים יחיאל בן־פורת (ישראל), מאיר קיווקאוויטש (ישראל), יחיאל האָכערמאן (אמעריקע), זיין ברודער גרשון האָכערמאן (ישראל), ישעיה קארינבראָט (ישראל) און אנדערע. דאָס זענען געווען דער עמוד התווך פון בית־המדרש.

פון פארטיפן זיך אין לערנען „אויפן אָרט״ אין ים התלמוד, איז אָט די גרופע איבערגעגאנגען צום פארטיפן זיך אין דער רעליגיעזער פילאָזאָפיע פון ספר המדע, מורה נבוכים. שפּעטער האָבן זיי זיך שוין מיט דעם ניט בעגניגט. מען האָט אָנגעהויבן זוכן וועלטלעכע בילדונג, לייענען ביכער, צייטונגען, זיך געלערנט העברעאיש, פּויליש, אריטמעטיק געשיכטע, געאָגראפיע, נאטורוויסנ־שאפט, מיט דער הילף פון „שבח וואלקאווסקי״ס בריף וואָס זענען ערשינען אין קראָקא. א געוויסע צייט איז די „בילדונג״ אָנגעגאנגען שטרענג קאָנספּיראטיוו צווישן די בית־המדרש ווענט. די שטאָטישע פרומקייט האָט דערוויל ניט

באמערקט די ערנסטקייט פון דער ענדערונג וואָס קומט פאָר אין בית־המדרש אין דער טיפעניש פארבאהאלטן פון א שלעכטע אויג. ווען די ענינים זענען שוין אזוי אויסגעוויאקסן, אז עס האָט זיך שוין אומבאדינגט געפאָדערט א אָרגאַ־ניזאציאָנעלע ראמען, איז זי צוערשט געשאפן געוואָרן ווייטער אין בית־המדרש. עס איז אין בית־המדרש דורך די בחורים געשאפן געוואָרן א אָרגאניזאציע אונ־טערן נאָמען „אחיעזר" וועלכע האָט אויסערליך געטראָגן א ריינעם הילפס־כאראקטער — זאמלען געלט און העלפן נויטבאדירפטיגע.

דער ערשטער וואָס האָט דערשמעקט די סכנה איז געווען רבי מרדכי וואָלף. ער האָט גענומען פייערן אויף זיין שטייגער. ער האָט געשריגן בקולי־קולות „א שטאָט ברענט און מען שווייגט". צווישן מנחה־מעריב האָט ער א קלאפ געטוען אויפן באלעמער און מכריז ומודיע געווען: פון היינט אָן גיב איך ארויס א צייטונג. דער ערשטער נומער איז „שמע ישראל ה׳ אלוקינו ה׳ אחד". ווען מען וועט דאָס האָבן גוט באנומען, וועל איך ארויסגעבן דעם צווייטן נומער. רבי מרדכי וואָלפס רעשן האָט געהאט א צווייענדיקעווירקונג: פון איין זייט האָט ער דערפירט צום אָנהייב פון צעפלאקערן זיך א קאמף צווישן אבות ובנים אינערהאלב די משפחות. פון דער צווייטער זייט האָט דער אָפענער קאמף דערפירט דערצו, אז די מער דרייסטערע פון די בית־המדרש בחורים האָבן די אָרגאניזאציע ארויסגעטראָגן פון די פיר בית־המדרש־ווענט — ארויסגעטראָגן פון דער קאָנספיראציע אין דער עפנטלעכקייט. די אָרגאניזאציע איז איבערגע־טראָגן געוואָרן אין א געדונגען קליין שטיבל אין א זייטיק געסל. די אָרגאניזאציע האָט ווייטער דערווייל נאָך געהייסן „אחיעזר", האָט אָבער שוין געטראָגן דורכאויס א ציוניסטישן כאראקטער. אויף דער ערשטער פארזאמלונג אין נייעם לאָקאל איז אויסגעוועלט געוואָרן א פערוואלטונג אין באשטאנד: אברהמטשע — פאָרזיצער, עובדיה גאָטליב — סעקרעטאר, יהודה פרענקל — קאסירער, דוד יזראלעוויטש — פארוואלטער, און פארוואלטונגס־מיטגלידער: מנשה פרענקל, משה מונאוויץ, יענקל זאלצמאן, יחיאל האָכערמאן און איטשע אלטער. אויף דער ערשטער פארוואלטונגס־זיצונג איז באשלאָסן געוואָרן: 1) זאמלען געלט אויףביימער אין יער־הערצל. 2) פארקויפן שקלים, 3) גרינדן א ביבליאָטעק, און 4) אָננעמען מיידלעך אין דער אָרגאניזאציע. דאָס ערשטע מאָל זייט וואל־בראָם עקזיסטירט האָבן זיך אין די גאסן, צום בייזן וווּנדער פון עלטערן דור, באוויזן יידישע בחורים אין געזעלשאפט פון יידישע מיידלעך, שפאצירנדיק קיין לאבזאוו, צום טייך און צו די ארומיקע וועלדער. דער קאמף אין שטעטל האָט זיך צעפלאקערט, אָבער איז גלייך איינגעלאָשן געוואָרן דורך א פיל ערנסטערן און פיל טראגישן קאמף. ס׳איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה. רבי מרדכי וואָלף האָט געענדיקט אָנגעוויזן אויף די שולדיקע. די שולדיקע זענען די יידישע בחורים, וועלכע זענען אראָפּ פון דרך הישר.

## ו. די ערשטע וועלט־מלחמה און נאָך דער מלחמה

דער אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט אויף א ווײַלע אָפּגעשטעלט און פּאראליזירט דאָס גאנצע שטעטלדיקע לעבן. וואלבראָם איז געלעגן אויפן צענטראלן שליאך פון די מלחמה־געשעענישן. די געשעענישן האָבן זיך די ערשטע צייט פון דער מלחמה געענדערט מיט א בליץ־שנעלקייט, ווי אין א קליידעסקאָפּ: מיט א זיגערישן פּראכט האָבן אדורכמארשירט צו מזרח די עסטרייכישע און דייטשע ארמעען, און א קורצע צייט שפּעטער נאָך דער מפּלה ביי קראשניק האָבן די ארמעען ווידער אדורכמארשירט אויף צוריק אָפּגעריסענע, הונגעריקע, דורשטיקע, געטריבן דורך דעם געפּאָך פון די בלאנקע שווערטן און ווילדע געשרייען פון זייערע אָפיצירן. ס'איז געווען א שרעקלעך טראגיש בילד, ווי די דייטשע זעלנער געטריבן פון זייערע אָפיצירן האָבן דורכלויפנדיק אויף דער גיך אויסגעטרונקען א טעפּל וואסער און געכאפּט א שטיקל ברויט פון די יידישע פרויען וואָס זענען געשטאנען פאר זייערע שטובן מיט וויאדרעס וואסער און צעשניטענע ברויטן. עטלעכע טעג איז דאָס שטעטל געווען א הפקר־שטח אָן שום מאכט. איין טאָג האָט א דייטשער פארפּאָסטן אדורכגעריסן צום מזרח, א צווייטן טאָג א רוסישער פאָרפּאָסטן צום מערב. האָבן זיי זיך צוזאמענ־געטראָפן, אז נאָך עטלעכע שאָסן, אָדער אָן שאָסן זיך אויסגעדרייט יעדער פאָר־פּאָסטן און צוריק צו די אייגענע. אָבער באלד האָבן געגומען אדורכמארשירן רוסישע ארמעען גאָרניט ווי קיין זיגער, נאָר אויסגעמאטערטע פארביטערטע מיט מלחמה־פּחד אויף די פּנימער. ניט בייטאָג נאָר אין די אָוונטן האָבן זיי זיך געשארט ביי די ווענט ווי שאָטנס. די פּאָזיציע האָט זיך אָפּגעשטעלט אונטער דער שטאָט אויף מערב. טאָג און נאכט האָבן געזשומעט די ביקסן־קוילן, אויסגע־האקט אלע מערב־שויבן פון די הייזער און געלעכערט די ווענט ווי געשטופּלטע פּנימער פון פּאקן. דערנאָך האָבן אָנגעהויבן פליען איבער דער שטאָט הארמאטן־קוילן און יעדן טאָג זענען עטלעכע געפאלן אין דער שטאָט, לעכערנדיק און צעלייגנדיק דעכער און ווענט און גראָבנדיק גריבער אין די גאסן. כמעט יעדן טאָג זענען געווען טויטע צווישן דער ציווילער באפעלקערונג, ווי דאָס יינגל איטשע מאיר פּולטאראק, דער מצבה־קריצער, דר"י מיטגלידער פון רבי אלטער שלומה'ס משפחה און אנדערע. יעדע נאכט האָבן מחנות איינוווינער פארלאָזט דאָס שטעטל, אנטלויפנדיק אין די דערבייאיקע שטעטלעך אויפן מזרח, ביז דאָס שטעטל איז כמעט געגצליך אויסגעליידיקט געוואָרן. נאָך עטלעכע וואָכן האָבן זיך די מלחמה־אָפּעראציעס אונטער דער שטאָט אָפּגעשטעלט. די רוסישע ארמעע איז אָפּגעטראָטן און עס האָבן ווידער אדורכמארשירט ווי שטאָלצע זיגער די דייטשע ארמייען, נאָך זיי די עסטרייכישע, וועלכע האָבן די שטאָט אָקופּירט, איינגעפירט זייערס א מיליטערישע אדמיניסטראציע. די ציווילע איינוווינער זענען צוריקגעקומען און דאָס לעבן איז ווידער אוועק אויף נאָרמאלע רעלסן — אָבער שוין ניט אויף די פארמלחמהדיקע רעלסן.

די עקאָנאָמיק האָט זיך אויסגעקרומט און צוגעפּאסט צו דעם צושטאנד פון מלחמה און אָקופּאציע מיט די פאָרמען פון קאָנצעסיעס פון דער אָקופּאציע־

מאכט, שמוגל פון עסטרייך און קיין עסטרייך, באזונדערס מיטן נאָענטן קראָקא. גאָר שטארק האָט זיך צעבליט די שפעקולאציע מיט ארטיקלען, וואָס איז געווען שווער צו קריגן, צוליב די קריגס־קאָנפיסקאציעס. אָבער מיר ווילן זיך דאָ בעיקר פארנעמען מיט די ענדערונגען, וואָס זענען פאָרגעקומען אין געזעלשאפטלעכען גייסטיקן לעבן אין שטעטל. אויב פאר דער מלחמה האָט זיך נאָך אפילו די פרייע יוגנט געקלאָמערט אין בית־המדרש, זענען איצט צוריק אריין אין בית־המדרש נאָר געציילטע בחורים און קעסט־יינגעלייט. ס'זענען אָנגעקומען אין שטאָט עטלעכע אינטעליגענטע פאמיליעס, וועלכע האָבן פארשטארקט דעם קאמפסלאגער פון דער יוגנט פאר פארוועלטלעכונג, ווי די משפחה דווידזאָן, דער פאָטער מיט זיינע צוויי זין יוסף און אהרן, דער דענטיסט שמואל באבאד מיט זיין שוועסטער אסתר, דער דאָקטאָר אייזנשטאט און דער סטודענט מעלצער, ביי וועלכן א גרויסער טייל פון דער יידישער יוגנט האָבן גענומען לעקציעס, צוגרייטנדיק זיך צום גימנאזיום. די אלע זענען געווען די ערשטע קורץ געקליידעטע אין שטעטל. ארום דער אידעאליסטישער יוגנט וואָס איז ארויס פון בית־המדרש האָט זיך איצט געשאפן א ברייטע פעריפעריע פון אָנהענגער און סימפאטיקער. אין דער ערשטער ריי איז זייער כוח טאָפּלט געוואָרן דורכן אדורכברעכן די מויער צווישןביידע געשלעכטער. ס'איז אויך אדורכגעבראָכן געוואָרן די מויער צווישן די אמאָליקע בית־המדרש בחורים און צווישן די פאָלקס־יוגנט, אזוי גערופענע „פראָסטאקעס". דער קאמף פאר נאציאָנאלער אויפלעבונג און פארוועלטלעכונג, וואָס ס'האָט אזוי מוטיק געפירט די לעבנספולע פלעיאדע געוועזענע בית־המדרש בחורים, איז אויפגענומען געוואָרן מיט ענטוזיאסטישע אפלאזיע מצד דער איבערוויגנדער מערהייט פון דער גאנצער שטאָטישער יוגנט, און ניט בלויז פון דער יוגנט, נאָר אויך פון א גרויסן טייל פון די עלטערע בעלי־מלאכות און פאָלקס־מענטשן. די אידעאליסטישע קעמפערישע יוגנט האָט אויך באקומען פולע אונטערשטיצונג פון איינפלוסרייכע פערזענלעכקייטן אין שטאָט ווי: רבי יהושע מענדל פרענקל, רבי וועלוול אלטער, רבי איסר זאלצמאן, הערשל בידלאָווסקי, העניך לאנדוי, האָכערמאן, יוסל ברוך יזראלעוויטש, ישראל שטארק, הערשל ווערדיגער, לייבל פאטאש, יחיאל מאיר ענגלשטיין און אנדערע, וועלכע האָבן זיך אָפן געשטעלט אויף דער זייט פון דער נאציאָנאלער פאָרטגעשריטענער יוגנט און דערמיט פאראליזירט די קעגן־אקציעס פון דעם עקסטרעמען טייל פון די חסידים.

היינט וועט עס זיכער קלינגען פאראדאָקסאל. אָבער צו יענער צייט מיט 50 יאָר צוריק אין די באדינגונגען פון אזא שטעטל ווי וואלבראָם איז געווען א ביז גאָר וויכטיק געשעעניש — מיר וועלן זיכער ניט איבערטרייבן, אויב מיר וועלן עס אָנרופן א רעוואָלוציאָניזירנדיק געשעעניש — דער בלימל־טאָג און גאָרטן־פארוויילונג, וואָס די יידישע יוגנט האָט איינגעאָרדנט אין דעם אונטערשטאָטישן פריצישן גאָרטן לטובת דעם קק"ל, ביבליאָטעק און ביליקע קיך פאר די פליטים פון רוסישן מיליטער. שוין פון פארטאָגס אין דעם טאָג, האָט דאָס גאנצע שטעטל געווימעלט פון די יידישע בחורים און מיידלעך אויסגעפוצט אין די שענסטע יום־טוב מלבושים, באצירט מיט בלוי־ווייסע פענדלעך און שארפן. אינמיטן מארק

און רוגן פון די געסלעך, פאַר יעדעם שענערן הויז זענען געשטאַנען טישלעך באַדעקט מיט בלוי־ווייס, באַפּוצט מיט בעז און מאַי־גלעקלעך. ביי יעדעם טישל איז געזעסן א יידיש פּאָרל, פּאַרקויפט בלוי־ווייסע בלימלעך און בילעטן צו דער גאָרטן־פאַרוויילונג. באלד זענען מיט די צעגער און מיט פורן געקומען מחנותווייז יידישע יוגנטליכע פון אלע ארומיקע יידישע שטעטלעך און דאָס שטעטל איז ממש פול געוואָרן מיט זארגלאזן יוגנטליכן געלעכטער און טומעל. אָבער דאָס אלץ איז נאָר געווען א פאָרשפּיל צו דעם אמתן יוגנט יום־טוב וואָס האָט זיך אָנגעהויבן נאָכמיטאָג. ס'זאָגט זיך נאָר אזוי „נאָכמיטאָג", ווייל וועלכן יוגנטליכן איז אין דעם טאָג געקומען אין זינען דער מיטאָג. דער גרעסטער טייל זענען ספּעציעל ניט אהיימגעקומען צום מיטאָג, בכדי אויסצומיידן די שטראָפרייד, אָדער גאָר פייערדיקע פּעטש פון די פּאָטערס און ניט צו זען די פאַרווײנטע אויגן פון זייערע מוטערס. דאָס שטעטל האָט דעם נאָכמיטאָג אויסגעזען ווי א אויסגעלערטער זאל נאָך א זער רעשעדיקער חתונה. אלץ אלץ וואָס האָט זיך נאָר געקענט רעכנען פאַר יוגנטליך איז ארויס פון שטעטל אין דעם גרויסן גאָרטן אויפן לאבזאווער וועג, וועלכער איז אָפּגעדונגען געוואָרן פאַר דער גאָרטן־פאַרוויילונג. אזא זאך איינצואָרדנען א גאָרטען־פאַרוויילונג צוזאמען יינגלעך מיט מיידלעך האָט נאָר געקענט איינפאלן אזעלכע „ירבעם בן־נבט'ס" (ווי דער רב פון שטעטל האָט זיי אָנגערופן), ווי אברהמטשע, עובדיה מיט זייערע חברים. דער ר'ב אין שפּיץ פון א גרופּע עקסטרעמע חסידים זענען דאריבער געווען באשלאָסן צו גיין ממש אויף א מלחמת־מצוה און ניט דערלאָזן צו אזא „מעשה תועבה". די מלחמת מצוה האָט אָבער ניט געקענט צושטאנד קומען, ווייל ווי ס'האָט זיך ארויסגעוויזן, איז די גאָרטן־פאַרוויילונג אויפגענומען געוואָרן ווי א קולטור־דערשיינונג, ווי א ליכטשטראַל אינם גרויען טאָגטעגלעכן שטעטלדיק לעבן, ניט בלויז דורך דער שטעטלדיקער פּוילישער אינטעליגענץ מיטן עסטרייכישן קאָמענדאנט אין שפּיץ, נאָר אויך פון דער פּוילישער אינטע־ליגענץ און מיליטערישע שרה פון די דערבייאיקע פּאוויאטאווע שטעטלעך אלקוש און מיעכאוו, וועלכע זענען אלע ווי איינער געקומען אויף דער פאַרוויילונג.

די גאָרטן־פאַרוויילונג איז איינגעאָרדנט געוואָרן מיט אלע פּיטשעווקעס מיט אָרקעסטער און טענץ, מיט פּאסט און לאָטעריעס. אָבער ניט קיין קלענער אָרט האָבן אויף דער פערוויילונג פאַרנומען די אויפקלערונגס־פּונקטן: אויף איין פונקט האָבן, אונטער דער אָנפירונג פון די ברידער פרענקל מנשה און יהודה, די בעסטע זינגער פון דער יוגנט געזונגען און דעקלאמירט אין העברע־איש און אין יידיש. אויף א צווייטן פונקט זענען אונטער דער אָנפירונג פון אסתר זאלצמאן, רויזע ערלעך און שרה בארמהערציק, ליציטירט געוואָרן יידישע, העברעאישע און פּוילישע ביכער. א דריטער פּונקט איז געווען געווידמעט הומאָ־ריסטיק, אונטער דער אָנפירונג פון ישעיה קאָרנבראָט. גרויס איז געווען דער מאטעריעלער ערפאלג פון דער פאַרוויילונג. אָבער פיל פיל גרעסער און וויכטי־קער איז געווען דער מאָראלישער ערפאָלג. די וואלבראָמער יידישע יוגנט האָט אין דער פולער מאָס ערפילט איר כוח און פאנאנדערגעוויקלט איר טעטיקייט אויף אלע געביטן.

אין דער זעלבער צייט, אויב איך בין זיך ניט טועה אין יאָר 1916, איז אין קיעלץ פאַרגעקומען אַ קאָנפערענץ פון די ציוניסטישע גרופּן פון די יידישע ישובים, וואָס האָבן זיך געפונען אונטער דער עסטרייכישער אָקופּאַציע. אויסגעוועלט אַ צענטראַל־קאָמיטעט, און אין אַ קורצע צייט שפּעטער האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט אָפּגעהאַלטן אַ זיצונג אין יענדזשעיעוו, אָדער פערקערט, די קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען אין יענדזשעיעוו און די זיצונג פון צענטראַל־קאָמיטעט אין קעלץ.

די וואָלבראָמער ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז געווען פאַרטראָטן אויף דער קאָנפערענץ, אויב איך האָב קיין טעות ניט, דורך מאָטל פּאַטאַש (שפּעטער דירעקטאָר פון „בצלאל", ירושלים), עובדיה גאָטליב און דער שרייבער פון די שורות. פון די דעלעגאַטן פון אַנדערע שטעט זענען מיר געבליבן אין זכרון: האַמפּל און לובעלסקי פון סאָסנאָוויץ, אינגבער (שפּעטער קינמון אין ישראל) און האַלפּערן פון יענדזשעיעוו, יחיאל מרדכי גליקשטיין פון זשאַרנאָוויץ און פּרוי פּטאַשניק פון קיעלץ. אויף דער ערשטער זיצונג פון צענטראַל־קאָמיטעט זענען אָנגענומען געוואָרן באַשלוסן צו פאַרשטאַרקן די ציוניסטישע טעטיקייט, צו שאַפן קינדער־אָרגאַניזאַציעס פאַר ציוניסטישער דערציאונג, פאַרשטאַרקן דעם שקלים־פאַרקויף און זאָרגן, אַז אין יעדער יידישער שטוב זאָלן זיך געפינען קק"ל פּושקעס, גרינדן העברעאישע קורסן און אַנדערעס.

אויספירנדיק די באַשלוסן פון צענטראַל־קאָמיטעט, איז דער נאָמען „אחיעזר" פון דער אָרגאַניזאַציע געענדערט געוואָרן אויף „אגודת הציונים". די הילפס־פונקציעס זענען אויסגעטיילט געוואָרן צו אַ בעזונדערער קאָמיסיע, און די אָרגאַניזאַציע האָט זיך גענצליך געווידמעט דער ציוניסטישער טעטיקייט. דאָס צענטראַלע אָרט אין דער טעטיקייט האָט פאַרנומען די קולטור־קאָמיסיע. יעדן פרייטאָג־צונאַכטס איז אין לאָקאַל פון דער „אגודה" (דאָס איז דאַמאָלס געווען דער פּאָפּולערער נאָמען פון דער „אגודת הציונים") פאָרגעקומען רעפעראַטן מערסטנס פון אָרטיקע כוחות, און גאַנץ אָפט פון אַראָפּגעבעטענע רעפערענטן. אין זכרון זענען מיר פאַרבליבן צוויי אַזאַלכע רעפערענטן: הרב נתן מילייקאָווסקי און הלל צייטלין. די רעפערענטן האָבן אין שטעטל געמאַכט אַ קאָלאָסאַלן רושם, באַזונדערס דער רב מילייקאָווסקי. ס'טייטש, אַ רב אַ ציוניסט. ביי דער קולטור־קאָמיסיע איז געווען טעטיק די ביבליאָטעק אָפּטיילונג, וועלכע איז שנעל אַרויסגעוואַקסן פון דעם בראָשורן־צושטאַנד און זיך פאַרוואַנדלט אין אַן אמתע ביבליאָטעק, דערגרייכנדיק אין לויף פון אַ קורצע צייט די צאָל פון אַ פופצן הונדערט יידישע און העברעאישע ביכער און ביי אַ פינפהונדערט פּוילישע. די לייענער האָבן אַלע אָוונטן אויסגעפילט דעם לאָקאַל פון דער „אגודת הציונים". ס'איז געוואָרן אומבאַדינגט נויטיג אויסצוטיילן די ביבליאָטעק אין אַ באַזונדערע אָרגאַניזאַציע. די ביבליאָטעק איז געוואָרן לעגאַליזירט אונטערן נאָמען „קולטור־געזעלשאַפט". אַ ספּעציעלע קאָמיסיע איז אויסגעטיילט געוואָרן פאַר פלעגן די העברעאישע שפּראַך. באַזונדערס אַקטיוו איז אין דעם געביט געווען דוד וואַרדיגער (איצט אין מגדיאל). ער האָט אַראָפּגעבראַכט פון בענדין דעם העברעאישן לערער קלמן זילבערבערג (אומגעקומען), און ס'איז געגרינדעט

געוואָרן א העברעאישע שול. אין וועלכער ס׳האָבן אין צוויי שיכטן געלערנט ביי א הונדערט שילער און שילערינס.

ווייטער אויספירנדיק די באשלוסן פון דער אויבנדערמאנטער ציוניסטישער קאָנפערענץ איז די וואלבראַמער „אגודת הציונים" צוגעטרעטן מיט איר אייגנ־ארטיקן התלהבות צום אָרגאניזירן די קינדער־אָרגאניזאציע „השומר". א זעלכע „השומר"־אָרגאניזאציעס זענען דאמאָלס אָרגאניזירט געוואָרן אין אלע גרעסערע שטעט אין זאגלעמביע, ווי: סאסנאוויצע, בענדין, זאווירטשע מיט א צענטראלע אין סאָסנאוויצע אונטער דער אָנפירונג פון לובעלסקין. דער „ראש הגדוד" פון וואלבראַמער „השומר" איז געווען מנשה פרענקעל, און פון די „ראשי הפלוגות" זענען מיר געבליבן אין זכרון: מאָטל פאטאש, יהודה פרענקל, אסתר זאלצמאן, צפורה גרינפעלד און משה מונאוויץ. ביי די אלגעמיין סקויטישע אויפגאבן: אויספלוגן, לאנד און נאטור קענטשאפט, אויסדויער, אָריענטאציע און הילפס־גרייטקייט — איז די ספעציעלע אויפגאבע פון דעם „השומר" געווען: וועקן, איינפלאנצן נאציאָנאלע ציוניסטישע געפילן, באקענען זיך מיט דער געאָגראפיע און געשיכטע פון ארץ־ישראל און יידישן פאָלק און איינפלאנצן ליבע צום דעם אלט־נייעם פאָטערלאנד ארץ־ישראל. די קאָמאנדע איז געפירט געוואָרן אין העברעאיש און אלע מיטגלידער פון דעם „השומר" האָבן זיך געמוזט לערנען העברעאיש. דער „השומר" האָט גלייך ביי זיין אָנהויב געציילט איבער אכציג מיטגלידער.

ווי ס׳וואָלט געווען איצט שטייען מיר פאר די אויגן די טייערע וואלבראַ־



קבוצת „השומר"



קבוצת שומרים בטיול באויצוב
א קבוצה פון שומרים אויף א שפאציר אין אויצאוו



קבוצת שומרות בפיקוד אסתר זלצמן
א קבוצה פון שומרות אונטער די פירונג פון אסתר זאלצמאן



קבוצת שומרות בפיקוד מרים מונוביץ
א קבוצה פון שומרות אונטער די פירונג פון פרל. מונאוויץ



קבוצת שומרות „מרים"
א קבוצה פון שומרות „מרים" אין וואלבראָם



קביצת בנות ואגודת ספורט בפיקודו של שמואל קיבקוביץ



קבוצת שומרות בראשות אסתר זלצמן
א קבוצה פון שומרות „דבורה" אין וואלבראָם

מער יידישע קינדערלעך, ווען זיי האָבן זיך אין א קילן מאי־פרימאָרגן צונויפ־געזאמלט אין דער ליסטאפאדאווער גאס פארן לאָקאל פון דער „אגודת הציונים" צו זייער ערשטן „השומר" אויספלוג אין דעם שווארצן וואלד אין דער פילצער גאס, אָנגעטוענע אין ציכטיקע חאקי־העמדלעך באצירט מיט קאָלירטע שארפן און בענדער, קאפעלושלעך אויף די קעפּ און לאנגע דרענגער אין די הענט. נאָך די קאָמאנדאָ רופן: הכן, ימינה, שמאלה, קדימה צעד — האָט די חברה ייִנגלעך און מיידלעך אין עלטער פון צען ביז 17 יאָר אדורכמארשירט אין רייען איבער דער שטאָט מיט פּייפלעך און פּייקלעך, זינגענדיג דעם ספּעציעל דורך אברהמטשען פערפאסטן מארש־ליד „שמור, שמור, שמור, מכל הר, המצבה, שמור שמור שמור..." און אלע אייַנוווינער אזוי גוט יידן ווי פּאָליאקן האָבן זיך געריבן זייערע נאָך פארשלאָפענע אויגן און דורך אויפגעפּראלטע פענצטער געגאפט אויף דעם וווּנדער, ניט גלויבנדיק זייערע אייגענע אויגן. אויך מיר די „גרויסע" די צוואנציקיעריקע ארגאניזאטאָרן פון דער צעשטורמטער יידישער יוגנט־באוועגונג אין שטאָט — זענען מיר געשטאנען טיף גערירט און מיט טרערן פון פרייד אין די אויגן נאָכגעקוקט דער קינדערשער מחנה, ביז זיי זענען פערשווונדן פון די אויגן און מיר האָבן זיך געפרעגט „מי ילד לנו את אלה".

וואָס איז געווען דער כוח, וואָס האָט דערמעגלעכט א גרופּע בית־המדרש בחורים פון גרונט אויס צו ענדערן דעם לעבנס־שטייגער פון שטעטל וואלבראַם? צו איבעראנדערשן דאָס שטעטל פון א דורכאויס צוריקגעשטאנענס אין א פאָרט־געשריטנס, א פאראויסגייענדיקס פול מיט אימפּולסיווער אקטיוויטעט אויף אלע געביטן, און דאָס אין לויף פון א פערהעלטניסמעסיג קורצן צייט־אָפּשניט? אוודאי איז דאָס געווען א צייכן פון דער צייט. אוודאי האָבן דאָ געהאט זייער ווירקונג די באלפור־דעקלאראציע, דער מעכטיקער ציוניסטישער רוף צו נאציִאָנאלער דערוואכונג פון אײן זייט און די אלגעמיינע דערפרישנדיקע רעוואָ־לוציאָנערע ווינטן, וועלכע האָבן וואָס אמאָל שטארקער געווייעט איבער גאנץ אייראָפּא און אויך ניט אויסגעמיטן דאָס יידישע שטעטל אין פּוילן. אָבער פאר־וואָס איז זייער אויסווירקונג אין שטעטל וואלבראַם געווען א מער גרינטלעכע, א מער ערנסטערע, א מער אומפאסנדיקע, ווי אין א סך אנדערע שטעטלעך און אפילו פיל גרעסערע?

מיר וועלן זיכער ניט מאכן קיין טעות, אויב מיר וועלן די דאָזיקע פראגע פארענטפערן דערמיט, וואָס אויך די פרומקייט, דער לימוד התורה, דאָס חסידות אין וואלבראַם איז געווען א מער גרונטליכעס, פארטיפערט, א מער ערנסטערס, א מער אומפאסנדיקס, ווי אין א סך אנדערע שטעטלעך. פונקט ווי די תורה, חסידות און פרומקייט האָט זיך אין וואלבראַם אָנגענומען מיט דער טיפסטער ערנסטקייט, מסירות־נפש און קאָנסעקווענץ, וואָס איז אין דער פון אונז געשיל־דערטער צייט געקומען אם בולטסטן צום אויסדרוק אין דער פערזאָן פון דעם רבי אין מדריך פון דער וואלבראַמער בית־המדרש־יוגנט — רבי מרדכי וואלף מיט זיין איידעם, אזוי האָבן זיך אויך די נייע שטרעמונגען מיט דער טיפסטער ערנסטקייט, מסירת־נפש און קאָנסעקווענץ — פונקט ווי דאָס אלטע וואלבראַם האָט טיף געגלויבט אין „אל תדחקו את הקץ" און ניט מיד געוואָרן צו ווארטן

אויף משיחן מיט דער גאנצער ערנסט פון „אף על פי שיתמהמה אחכה לו בכל יום שיבוא" — אזוי האָט דאָס יונגע וואלבראָם טיף געגלויבט אין הערצלס „אם תרצו אין זו אגדה" און מיט רעוואָלוציאָנערן אונגעדולד געשטורעמט דעם „קץ" וואָס גיכער צו מאכן אן ענדע צום גלות. אויפן וועג פון גלותדיקן גלויבן אין „אל תדחקו את הקץ" צו דער רעאלער אקטיווער גאולה פון „אם תרצו אין זו אגדה" האָבן זיך געפונען אלס שטערונגען אלט פארווארצלטע אבערגלויבנס און צוריקגעשטאַנענקייט — האָבן זיי געמוזט און זענען דורך א רעוואָלוציאָני־זירנדיקן אויפשוווּנג דורך דער וואלבראָמער יוגנט אראָפגעשוועקט געוואָרן פון וועג.

פאר דער וואלבראָמער יידישער יוגנט איז דער ציוניזם ניט געווען עפּעס א אידעאלאָגיע, א פּארטיי־פּראָגראם, א לעזונג פאר דער אלגעמיינער יידן־פּראגע. נאָר פאר אלעס א פליכט פאר זיך זעלבסט. אלע מיטגלידער פון דער דאמאָלס־דיקער וואלבראָמער „אגודת הציונים" זענען דערצויגן געוואָרן אין גייסט פון אקטיוון ציוניזם, פונם ציוניזם ניט בלויז להלכה, נאָר בעיקר למעשה. אלע זענען געווען פעסט אנטשלאָסן ביי דער ערשטער מעגלעכקייט עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל, ניט שטעלנדיק זיך בכלל די פראגע וואָס זיי וועלן דאָרט טוען. פאר זיי איז דער „אם תרצו אין זו אגדה" געווען רעאלע ווירקלעכקייט. דער דאָזיקער באשלוס וואָס גיכער עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל איז נאָך מער פארשטארקט געוואָרן דורך דער אנטוויקלונג פון די געשעענישן צום סוף פון דער מלחמה. מיט קנאה האָט די יידישע יוגנט זיך צוגעקוקט ווי די פּוילישע יוגנט רייסט אראָפּ פון די עסטרייכישע זעלנער די עפּילעטן, אָפּצייכנונגען, נעמט ביי זיי צו דאָס געווער און ווערן פּלוצים איבערנאכט די הערשער אין לאנד. „אָט דאָס הייסט, אז מען זיצט אין אייגענעם לאנד". ערנידריקטע, דענערווירטע, האָט די יידישע יוגנט צוגעקוקט מיט ציין־קריצעניש צו דעם אריינמארש פון די האלערטשיקעס, וועמענס ערשטע אויפגאבע איז געווען צו שניידן יידישע בערט, אָפּשרעקן יידן דורך ביקסן־שאָסן, פון וועלכע ס'איז טאקע אין ערשטן טאָג פון זייער אריינמארש אין שטאָט דערהרגעט געוואָרן א יידיש יינגל און באלד זענען אלע יידן אויפּ־געציטערט געוואָרן פון די ידיעות וועגן ווארפן יידן פון די באנען. די לאגע איז געוואָרן אזא אָנגעשטרענגטע, אז די יידישע יוגנט אין שטעטל האָט זיך שפּעטער אָרגאניזירט אין א זעלבסטשוץ. „אָט אזוי זענען מיר אויס אין גלות, ווען ביי די פּאָליאקן איז יום־טוב, לעבן מיר אין שרעק. די איינציקע לעזונג פאר יידן איז, וואָס גיכער עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל". אָט דאָס איז געווען דער מוסר־השכל, וואָס די וואלבראָמער יידישע יוגנט האָט פון די געשעענישן ארויסגעצויגן.

אין זכרון האָט זיך מיר איינגעקריצט דער אָוונט, אין וועלכן דער שרייבער פון די ציילן מיט דעם סעקרעטאר פון „אגודת הציונים" עובדיה גאָטליב האָבן מיר שפּאצירט אין מארק און מיט דער גאנצער ערנסט אדורכגעשמועסט די פּלענער וועגן אריבערפירן אלע מיטגלידער פון „אגודת הציונים" קיין ארץ־ישראל. האָבנדיק א זער קנאפּע אנונג וועגן די אהינפאָר־מעגליכקייטן און נאָך ווייניקער וועגן דער דאַמאָלסדיקער ווירקלעכקייט אין ארץ־ישראל זעלבסט — זענען

פערשטייט זיך אונזערע געשפרעכן געוועזן מער פאנטאזיע, „השתפכות הנפש" ווי רעאלע פלענער. און דאָך איז נאָך דעם געשפרעך, וועלכע מיר האָבן איבער־געריסן (ווי אמאָל די תנאים אין בני־ברק פארצייילנדיק וועגן יציאת־מצרים) ערשט באמערקנדיק, אז עס הויבט אָן טאָגן — אויף א זיצונג פון ועד פון „אגודת הציונים" אָנגענומען געוואָרן א בעשלוס, אז אלע מיטגלידער דארפן אזוי גיך ווי מעגלעך עולה זיין, אָבער דאָס דארף געשען פלאנמעסיג אזוי, אז די ארבעט פון דער „אגודת הציונים" זאָל ניט איבעררייסן ווערן. יעדער ועד מיטגליד און אקטיוויסט מוז פאר זיין אָפפאָרן איבערלאָזן א פערטרעטער אויף זיין אָרט. אלס אָנפירער פון דער ערשטער גרופע חלוצים עולים איז באשטימט געוואָרן דער שרייבער פון די צייל̈ן און אויף זיין אָרט אלס פאָרזיצער פון „אגודת הציונים" איז באשטימט געוואָרן עובדיה גאָטליב, וועלכער גרייט זיך אָנצופירן מיט דער צווייטער גרופע חלוצים עולים. עטלעכע חדשים נאָך דעם באשלוס אין ווינטער 1918־1919 איז די ערשטע גרופע וואלבראָמער אָפגעפאָרן קיין ארץ־ישראל. עס זאָגט זיך נאָר אזוי „קיין ארץ־ישראל". די ערשטע גרופע וואָס איז בעשטאנען: פון שרייבער פון די צייל̈ן, יהודה פרענקל, די צוויי ברידער בארנ־שטיין פון קראקא און יבדלו לחיים עוזר זאנאבענד (איצט אין חיפה) און מאיר קיווקאוויטש (איצט אין תל־אביב) — האָבן זיך אריבערגעשמוגעלט קיין דייטשלאנד. אויפן וועג האָבן זיך אין דער גרופע אָנגעשלאָסן נאָך א געוויסע צאָל חלוצים פון וועלכע ס'איז מיר געבליבן אין זכרון: דאווידאָוויטש און האָרוויץ פון לאָדז, שארפשטיין פון פלאָנסק. ארומוואלגערנדיק זיך א זעכס וואָכן אין דעם רעוואָלוציאָנער צעשטורמטען דייטשלאנד האָט זיך די גרופע אריבערגע־שמוגעלט קיין האָלאנד, ווו די גרעסטע טייל זענען אינטערנירט געוואָרן אין א לאגער, און ערשט נאָך עטלעכע חדשים באפרייט געוואָרן דורך דער אינטער־ווענץ פון דער האָלענדישער ציוניסטישער אָרגאניזאציע, וועלכע האָט אונז איינגעאָרדנט אויף הכשרה אין דער „החלוץ" גרופע אין ארף טוועלא אונטער דער אָנפירונג פון די חלוצים יהודה ליכטינגער און פינחס גלאס און אונטער דער אפוטרופסות פון דעם האָלענדישן ציוניסטישן טוער כהן פון דער דערבייאי־קער שטאָט דעוועגסטער. ערשט אין פרילינג 1920 איז די דאָזיקע ערשטע גרופע חלוצים פון וואלבראָם אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל און קאנטראקטירט דורך דעם ד"ר סאסקין אונטערן נאָמען האָלענדישע חלוצים זיך איינגעאָרדנט אין א ירקות־קבוצה אונטער בנימינה.

גלייך נאָך דער דאָזיקער ערשטער גרופע האָבן אין די יאָרן 1920־22 פארלאָזט דאָס שטעטל וואלבראָם און עולה געווען קיין ארץ־ישראל ווייטערדיקע גרופן: עובדיה גאָטליב, דוד גאָטליב, ישראלקע שטארק, אסתר שטארק, זילבער־מינץ, יחיאל האָכערמאן, גרשון האָכערמאן, יחיאל פולטאראק (בן פורת), לייבישל שווארצבוים, יעקב יזראלעוויטש, משה האבערפעלד, עזרא דראך, יענקל פישל, מנשה פרענקל, עדינה פרענקל, מענדל בינשטאָק, מרים צווייגנבוים און פיל אנדערע.



נתן חפשי (פרנקל)
עלה [illegible] 1909



יחזקאל שברצבוים
מהעלי״ה השניה



זאב איסר סארנע
עלה 1918



עוזר שבת (זונבנד)
מהעליה השלישית, הקבוצה ההולנדית



מנשה פרנקל
מהעליה השלישית



יחיאל בן־פורת (פולטורק)



עובדיה גוטליב
מוותיקי העליה השלישית



משה האבערפלד ז״ל
מהעליה השלישית



מאיר קיבקוביץ
מהקבוצה ההולנדית


דוד גוטליב


ישראלקה שטרק


גרשון הוכרמן


משה קורנפלד


יעקב פישל


יעקב יזרעלוויטש (יזרעאלי)


עזרא דראך


ישראל מנדל זילברמינץ


וואלף גרשונוביץ
עלה 1925



„הקבוצה ההולנדיה"
מימין לשמאל: אברהםמשה שטאַרק (יושב), מאיר קיווקוביץ (על ידו).
משמאל: עוזר שבת, יהודה פרנקל ז"ל (על ידו)

## ז. וואלבראָם אין די יאָרן 1928—1939

נאָך אין יאָר 1919 האָרט פאַרן אָפּפאָר פון דער ערשטער גרופּע חלוצים האָט זיך שוין אָנגעהויבן די דיפערענציאַציע צווישן דער וואלבראָמער יוגנט. פון דער אַלגעמיינער „אגודת הציונים" האָבן זיך צוערשט אָפּגעשפּאָלטן א טייל בעיקר קינדער פון בעלי־מלאכות און אונטער דער אָנפירונג פון אברהם און ירמיה לאַנדוי, סימע לובלינג, זיסקינד צוויבל, נפתלי טאַרלער, געשאַפן א אָרגאַניזאַציע רעכטע פּועלי־ציון, פון וועלכע ס'האָט זיך שפּעטער ווידער אָפּגעשפּאָלטן א טייל און געשאַפן א לינקע פּועלי־ציון אונטער דער אָנפירונג פון קאָפּל פּרוכטצווייג, חיים לובלינג, אַלטער לעדערמאַן און יענקל וועלנער. ס'האָט זיך שוין דאַמאָלס אָנגעהויבן אויספּיקן א בונדישע אָרגאַניזאַציע אונטער די אָנפירונג פון דענטיסט שמואל באַבאַד.

אין יאָר 1928 איז שוין די דיפערענציאַציע געווען א פאַרענדיקטע. ס'האָבן שוין אין וואלבראָם עקזיסטירט אַלע פּאַרטייען: מזרחי, אַלגעמיינע ציוניסטן, פּוע"צ רעכטע, פּוע"צ לינקע, רעוויזיאָניסטן, בונד, קאָמוניסטן און אגודת־ישראל.

אָבער די גרויסע צאָל ציוניסטישע גרופירונגען האָט שוין גאָרניט פארשטארקט די אקטיוויטעט פון די ציוניסטן. אומגעקערט. ס׳איז פארשוואונדן די אמאָליקע התלהבות און טיף אידעאישע לאָזונג. א מערערע אקטיוויטעט, כאָטש א שרייעדישע, האָט פון אלע ציוניסטישע גרופן גרויסגעוויזן נאָר די רעוויזיאָניסטישע אונטער דער אָנפירונג פון דעם יוגנטליכן טיף איבערגעגעבענעם אידעאליסט־זוכער העניך. פארדאָס האָבן ארויסגעוויזן א פארשטארקטע אקטיוויטעט פון איין זייט, די פרומקייט. דאָס בית המדרש האָט זיך ווידער אָנגעפילט מיט באפיאותדיקע און באגארטלטע בחורים. א באזונדערס שטארקע אקטיוויטעט האָט ארויסגעוויזן די אגודת־ישראל אונטער דער אָנפירונג פון אברהם זילבערבערג, וועלכער האָט געגרינדעט א מאָדערנעם חדר (חדר מתוקן) (די עקסטרעמע האָבן עס גערופן „חדר מסוכן״...) ווו מען האָט אויך געלערנט וועלטלעכע בילדונג. ס׳איז ענטשטאַנען א בית־יעקב אָרגאניזאציע פון מיידלעך.

פון דער צווייטער זייט איז פון לינקס אין שטעטל אויפגעטרעטן מיט יוגנטליכן ברען א נייער אויפברויזנדער פאקטאָר — די קאָמוניסטישע אָרגאניזאציע. די אָפּגעשוואכטע אידעאישע לאָזונג פון ציוניזם האָט איבערגעלאָזט א



מניפסטציה בככר השוק
באמצע: שני היהודים מגיסטר רוזנבאום, סגן ראש העיר, וצבי בידלובסקי, חבר מועצת העיר
א מאניפעסטאציע אין מארקפלאץ

פרייען שטח פאר דער אריינדרינגונג פון די קאָמוניסטישע אידעען, וועלכע האָבן זיך מיט רעוואָלוציאָנערן אימפעט און אומאויפהערליכע כוואַליעס דערטראָגן פון מאָסקווא. די יידישע יוגנט האָט די דאָזיקע לאָזונגען פארשטאנען פשוט: „אויס נאציעס, אויס גרעניצן, אויס שפראכן, אויס געלט אויס אָרעם און רייך, אויס גוי ייד און אויס אלע צרות". און אויב שוין יאָ אזוי איז דאָך פשוט לעכער־ליך, דארף מען דאָך זיין פשוט הויל משוגע צו נעמען פאנטאזירן וועגן אן אייגן יידיש לאנד מיט אייגענע גרעניצן עפעס דאָרט ערגעץ אין די פוסטיניעס פון א פאלעסטינע, דאמאָלס ווען דאָס הערליכע גן־עדן פון קאָמוניזם עפנט פאר דיר ברייט טיר און טויערן, אויסצולייזן די גאַרע וועלט און דאמיט זיך זעלבסט — האָט טאקע די יוגנט פון דער אָרימער, און ניט בלויז אָרימער טייל פון דער יידישער באפעלקערונג, שוין גאָרניט קריטיש, נאָר מיט עכט יידישער אמונה און בטחון ברייט געעפנט זייערע אויגן, אויערן און זייערע הערצער פאר די וועלטן אויסלייזערישע אידעען פון קאָמוניזם און מיט אמתער חסידישער דביקות און מסירת נפש זיך געוואָרפן אין קאמף פאר דער קאָמוניסטישער רעוואָלוציע. אין דער ווירקלעכקייט זענען דאָס געווען די אלט־יידישע אידעען פון משיחיזם, די וויזיעס פון ישעיה הנביא׳ס „והיה באחרית הימים" וועלכע די יידישע יוגנט האָט געטובלט אין מארקסיזם און געמיינט צו פארווירקלעכן דורך לענינס רעוואָ־לוציאָנערע שיטה.

ביי איר אנטשטיין איז די קאָמוניסטישע פארטיי געווען א דורכאויס יידישע, און דעם אינטערנאציאנאליסטישן געבאָט וועלכן די יידישע יוגנט האָט פארשטאנען „אויס יידן אויס גויים" — האָט מען אָנגעהויבן פארווירקלעכן קודם־כל ביי זיך. ביי אויספירן הייסט עס: „מיר זענען ניט קיין יידן — האָט עס געהייסן — מיר זענען קאָמוניסטן אין אונזער לאנד פוילן". די פארטיי־שפיצן האָבן געפאָדערט וואָס מער פאָליאקן אריינציען אין דער פארטיי און זיי ערציִען צו דער ראָל פון אָנפירער. די סתירה פון דער דאָזיקער פאָדערונג, דעם פרווו פון אריינשמוגלען די שפּראָצונגען פון אנטי־יידישן נאציאָנאליזם אין דער פארטיי — האָט די יידישע יוגנט ניט געקענט באמערקן. זיי האָבן די דאָזיקע פאָדערונג פון די שפיצן אויפגענומען ווי א גאנץ זעלבסטפארשטענדלעכע קאָמו־ניסטישע טאקטיק, און אינדערמעסן—ס׳איז דאָך ניט מעגלעך צו דערגיין צו דער קאָמוניסטישער סאָציאלער רעוואָלוציע אין פוילן אָן א פוילישע אָנפירונג אין דער פארטיי און אָן א מערהייט פוילישע מיטגלידער אין דער פארטיי — האָט זיך טאקע די יידישע קאָמוניסטישע יוגנט אין שטעטל מיט לייב און לעבן געוואָרפן אין געיעג נאָך עכט פוילישע נשמות. מען האָט גענומען ארבעטן מעשים. אין דער שטאָטישער גומי־פאבריק איז געלונגען אריינצוציען אין דער פארטיי צוויי פוילישע ארבעטער. פון דער שטאָטישער פוילישער יוגנט איז אויך געלונגען אריינצוציען עטלעכע. די יידישע יוגנטליכע האָבן זיך ווי די מיסיאָנערן געלאָזט איבער די ארומיקע דערפער, בכדי צו געווינען מיטגלידער און סימפאטיקער פארן קאָמוניזם און דערגרייכט נישטיגע רעזולטאטן און ריזיקע פארלוסטן. די קאָמו־ניסטישע פראָפּאגאנדע פון די יידישע קאָמוניסטן צווישן דער פוילישער באפעל־קערונג האָט אריינגעברענגט פשוט אין רציחה די אָרטיקע מאכט אָרגאנען און

די מאסן־ארעסטן האָבן שטארק אָפּגעשוואַכט די קאָמוניסטישע טעטיקייט. עטלעכע יידישע יוגנטלעכע פון דער שטעטלדיקער אָנפירונג, פעיקע און איבער־געגעבענע אידעאַליסטן, וועלכע עס האָט געדראָט לאַנגיעריקע תפיסה, צווישן זיי משה נערצעס און לעוויט זענען אוועק קיין ראַטן־פאַרבאַנד און דאָרט פאַרפאַלן געוואָרן אין פאַרשיקונג. א דריטער פירער יעקב מענדל ריינשטיין האָט אדורכ־געמאַכט פוילישע תפיסות אין קאַרטוז־בערעזע און בעת דער היטלער־אָקופּאַציע אנטלאָפן קיין ראַטן־פאַרבאַנד און דאָרט געשטאָרבן פון הונגער א פרעמדער ייד. א סך פון די דאָזיקע קאָמוניסטן אידעאַליסטן געפינען זיך איצט אין ישראל.

עקאָנאָמיש האָט זיך צווישן די צוויי וועלט־מלחמות די לאַגע פון יידישן וואַלבראָם געענדערט ניט צום דערקענען. די אַמאָליקע פעסטע שטאָלצע ווי אלטע דעמבעס איינגעוואָרצלטע אין דעם שטעטלדיקן באָדן גבירישע משפחות — אלע זענען אראָפּ פון זייער עשירות און פראַכט. מיטן טויט פון די קעפּ פון די משפחות איז איינגעזונקען זייער עשירות און געוואָרן גאָרניט. זעלטן ווען פון די משפחות־מיטגלידער איז געלונגען זיך צו קלאַמערן ביי די איבערבלייבעכצן פון די גיטער און געשעפטן. דער גרעסטער טייל פון זיי האָבן זיך געמוזט זוכן נייע באַשעפטיגונגען און זעלטן מיט וועלכן ס׳איז ערפאָלג. — פאַר דאָס האָט זיך אויסגעברייטערט די שיכטע פון יידן בעלי־פּרנסות אויף א געזונטן פּראָדוק־טיוון יסוד.

צווישן די צוויי וועלט־מלחמות איז דאָס שטעטל געוואָרן א פּראָדוצירער און צושטעלער פון א גאַנצע ריי געברויכס־אַרטיקלען פאַר די נייע דורך פוילן פאַרנומענע אויבער־שלעזישע געביטן, וועלכע זענען אָפּגעריסן געוואָרן פון זייער פאַרזאָרגונגס־באַזע אין דייטשלאַנד. צוערשט האָבן זיך ווי די פייגל פון נוח׳ס תיבה ארויסגעלאָזט אין די ניי פאַרנומענע געביטן די מער וועלטלעכע מער רירעוודיקע יונגעלייט, מערסטנס קינדער פון בעלי־מלאכות, מאַרק־שטייער פון דער לעדער־בראַנזשע און טאַנדייטניקעס און גענומען הויזירן מיט די פּראָדוקטן פון זייערע משפחות, און באַלד האָט זיך דאָס הויזירן אויסגעברייטערט אויך אויף אַנדערע סחורות. מאַנכע פון די הויזירער האָבן זיך באַזעצט נאָנט צו די אָבער־שלעזישע געביטן, ווי אין סאָסנאָוועץ, בענדין, אָדער אין סאַמע אויבערשלעזיע, בעיקר אין קאַטאָוויץ, קעניגסהוטע, א טייל פון די ערשטע הויזירער זענען דאָרט געוואָרן הורטאָווניקעס פון אַלערליי געברויכס־אַרטיקלען, וועלכע זיי האָבן געגעבן אויף קרעדיט די הויזירער, וועלכע זענען שטאַרק אויסגעוואַקסן אין צאָל. א סך האָבן זיך געעפנט וואַרשטאַטן, געוועלבער אָדער געוואָרן מאַרק־פאָרער אין אויבערשלעזיע. אלע האָבן דערפון געלעבט בריוח און מאַנכע זענען אפילו רייך געוואָרן. צווישן די געברויכס־אַרטיקלען וועלכע וואַלבראָם האָט צוגעשטעלט אויבערשלעזיע, האָט דאָס ערשטע אָרט פאַרנומען די פּראָדוקציע פון אַכטאָווע און כראָמאָווע אַרבעט־שיך און שטיוול. די שיך־פּראָדוקציע איז שטאַרק אויסגעוואַקסן אויף דער באַזע פון דער אַנטוויקלונג פון די גאַרבערייען, צווישן וועלכע ס׳האָט פאַרנומען דעם אויבנאָן די מעכאַניזירטע גאַרבעריי פון העניך לאַנדוי און זיינע זין אברהם און ירמיה לאַנדוי און די גאַרבעריי פון די צוויי שותּפים נפתלי טאַרלע און מיכאל פערלמוטער. יידישע אונטערנעמער האָבן דאָס

לעדער צוגעשניטן, אוועקגעגעבן אויפצושטעפן, אָדער אויפגעשטעפּט אין אייגענע שטעפּערייען, די דאָזיקע האַלבפאַבריקאַנטן געגעבן „אויפצוקלאַפּן" און די פּער־טיקע פּראָדוקציע אריבערגעפירט קיין אויבערשלעזיע. הונדערטער ספּעציאַליזירטע שוסטערס אין שטאָט און אין די אַרומיקע דערפער זענען געווען באַשעפטיקט ביים „אויפקלאַפּן" די אַרבעט־שיך. דאָס צווייטע אָרט אין דער פּראָדוקציע פאַר אויבערשלעזיע האָט פאַרנומען די אויסגעברייטערטע פּראָדוקציע פון קאָנפעקציע פון די וואָלבראָמער טאַנדייטניקעס. שטאַרק אַנטוויקלט האָבן זיך אויך די העפטערייען. די אויסגעהעפטעטע וועש האָט אויך געהאַט אַ גוטן אָפּזאַץ אין אויבערשלעזיע. דאָס זעלבע אויך די היטלמאַכערייען. אינגאַנצן אַ נייעס איז געווען דאָס אַנטוויקלען זיך פון טריקאָטאַזש פאַבריקלעך אין וואָלבראָם, און זאָלן שוין אויך דערמאָנט ווערן די אָנגעזעענע זייף־פאַבריק פון מלך פּאַצאַנאָווסקי און די פיל אייער־קאַלכערייען.

דאָס שטעטל וואָלבראָם האָט זיך אין דער צווייטער העלפט פון די צוואַנציקער יאָרן, אַזוי צו זאָגן, דעמאָקראַטיזירט: פון איין זייט איז שטאַרק געפאַלן דער באַדייט און אָנזען פון נגידים און פון דער צווייטער זייט איז שטאַרק געלינדערט געוואָרן די נויט פון דער יידישער אָרימקייט. די אָרימע יידישע שיכטן האָבן זיך אַרויסגעהאָלפן מיט דער אַרבעט פון זייערע קינדער אַלס היים בעלי־מלאכות, אָדער אַרבעטער ביי יענעם. ס'איז זעלטן געווען אַן אָרימע משפּחה ביי וועלכער ס'זאָל זיך ניט געפינען אַ שטעפּ־מאַשין, ביי וועלכע עס האָבן געאַרבעט די קינדער אַלס כאַלעווקאַ־שטעפּערס, קאָנפעקציאָנערן, היטלמאַכערס, העפטערקעס. אויף דעם באָדן איז אין דער צווייטער העלפט פון די צוואַנציקער יאָרן אויסגעוואַקסן אין וואָלבראָם אַ שטאַרקע האַנטווערקער־אָרגאַניזאַציע מיט אַן אייגענע האַנטווערקער־באַנק, ווי עס האָט געאַרבעט אַלס פּרעזעס משה מיטלס, דירעקטאָר מאַניעק מיטלמאַן און אַלס סעקרעטאַר עוזר שניצער. ס'איז אויך אַנטשטאַנען אַ פּראָפעסיאָנעלער פאַריין, וועלכער איז אַ געוויסע צייט געווען אַ צענטער פון אויפקלערונג צווישן די אָרעמע שיכטן פון דער יוגנט, אונטער די אָנפירונג פון גוטנשטיין, מענדל סטיצקי און פייבל שניצער (זיי געפינען זיך אין ישראל). אָבער אַרונטערפאַלנדיק אונטער דער השפּעה פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי איז דער פּראָפעסיאָנעלער פאַריין פאַרמאַכט געוואָרן דורך דער מאַכט.

---

אַזוי האָט זיך דאָס יידישע וואָלבראָם אַנטוויקלט אין משך פון לאַנגע דורות, פון אַ האַלב דאָרפיש בעל־מלאכהש און האַלב קליינסוחרישע ווירטשאַפט מיט אַ טיף פּאַטריאַרכאַלן, טיף פרומען לעבנס־שטייגער, ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין אַ כמעט דורכאויס פּראָדוקטיווע האַנטווערקערישע, קליין־אינדוסטריעלע סוחרישע ווירטשאַפט מיט אַ פאַרטגעשריטענעם קולטורעלן לעבנס־שטייגער, צווישן די צוויי וועלט־מלחמות, ביז... ביז דער פינצטערער נאַכט פון דער היטלער־אָקופּאַציע.

---

מ. ש. גשורי

# מעמדות בתורה ובתרבות

## א. „חדרים" ו„מלמדים" — מפיצי התרבות בישראל

כמו בכל קהילות ישראל, כן גם בוולברום היה ה„חדר" המוסד היסודי והראשי לחינוך ילדי ישראל. ילד יהודי בהגיעו לגיל ארבע הוליכו אביו ל„חדר" ומסרו לידי הרבי ללמדו תורה ולחנכו למצוות ולמעשים טובים. שעות רבות מהבוקר ועד הערב, ובחורף גם בשעות הערב — ישב הילד בכל יום ב„חדר". השעות הצטרפו לימים, הימים — לשבועות, השבועות — לחדשים, והחדשים — לשנים, ושנים רבות למד הילד ב„חדר" עד הגיעו לגיל בר־מצוה.

הילד ספג ב„חדר" לא רק תורה — החל מא"ב עד לתלמוד עם מפרשים, אלא גם יהדות עמוקה, שרשית; אהבה ומסירות לעם ישראל, לארץ־ישראל ולכל קניני ישראל. וזה כולל גם מדות טובות, מדות של יושר וצדק, מדות של רחמנות ועזרה לחלש. כל הרכוש הרוחני הזה, היהודי והאנושי, רכש הילד היהודי ב„חדר". התכונות הנעלות הנ"ל היו הצידה־לדרך שה„חדר" צייד בו את הילד היהודי, בצאתו לדרכו בחיים ובמלחמת החיים. התכונות הנעלות האמורות היו זריקות־חיסון שחיסנו את נשמתו הרכה של הילד, כדי שיוכל לעמוד, להלחם, לנצח במאבקה הקשה בארצות נכר בין עמים זרים ותורות זרות. הציוד הזה והתכונות הללו שהילד היהודי רכש אותם ב„חדר", הם הם ששמרו על היהודי המבוגר ועל העם היהודי כולו בדרכו הגלותית הארוכה והחשוכה והצילו אותו מתעיה וטמיעה, והם שהביאוהו עד הלום.

המלמדות היתה בישראל משלוח־יד עתיק, תרבותי־מסורתי, שהוד־קדומים חופף עליה. עוד בזמנים קדומים מילאה המלמדות תפקיד מכריע בחיי היהדות, והודות למלמדים לא רבו אנאלפבתים בישראל. אחת השאיפות האידיאליות אצל כל יהודי מאז ומעולם היה: ללמד את בניהם תורה, ושאיפה זו לתורה הקימה בכל עיר ועיירה מעמד מיוחד של מלמדים. המלמדות הלכה שלובת־זרוע עם ה„חדר" ההסתורי הקיים אצלינו עד היום, ובעדות־המזרח טרם פג טעמו וכוחו. המלמד ליוה את ישראל בכל תקופותיו ודורותיו ונעשה חלק מדברי־ימיו. אין לתאר את היהדות בלי מלמדים, והודות למלמד יכולנו להחזיק מעמד בתקופות הגלות הקשות ולהיות מושרשים בתורה שבכתב ושבעל־פה ולצאת כשידינו על העליונה מויכוחים תדירים עם המשטינים וראשי הדתות האחרות. לפנים היו ההורים מחשיבים מאד את המלמד והיו מכבדים אותו במתנת כסף או חפצים בחנוכה ופורים ומועדים. הרבה מגדולי הרבנים היו מלמדים. וגם ראשי תנועת החסידות עסקו מקודם במלמדות. הבעש"ט היה בנעוריו „ריש דוכנא". רבי דובר המגיד ממזריטש היה מלמד לתלמידים. המלמדות נחשבה למדרגה עליונה בחסידות, והמלמדים עשו בה גדולות במסירותם.

השם „מלמד" התכוון למורה, המקנה דעת לתלמידים, והוא עוסק בהוראת קריאה, כתיבה, תורה, גמרא וכדומה לתלמידיו, והיו מלמדים שונים לפי גיל

התלמידים, או ארבע דרגות של ה„חדר": א) חדר לא"ב ועברי (קריאה בסידור תפילה), ב) „חדר" לחומש ורש"י (חלק מפרשת השבוע) ונביאים ראשונים, ג) „חדר" לגמרא, חומש ורש"י (פרשת השבוע כולה) ונביאים אחרונים, ד) לגמרא ותוספות. לימוד תנ"ך בחדר בכל הדרגות היה רק על קצה המזלג, כדי לא לבטל את התלמידים מלימוד גמרא, שנחשב לעיקר הלימוד, המורה ליהודי את דרכו בחיים. הילדים הלוקחים לקח מפי המלמד נקראו בשם תלמידים או תינוקות של בית רבן. המלמד נקרא „רבי". כיום הפך הכינוי „מלמד" כינוי למורה ב„חדר" שאין לו השכלה והכשרה פדגוגית־מקצועית. בדור החדש נעשה השם „מלמד" שם גנאי לכל בטלן וביש־גדא שלא יצלח לכל, ומשום כך קוראים כעת המשכילים את המלמד בשם „מורה" או „פרופסור", בעוד שאין הבדל בין פעולותיהם בהוראת תלמידים. לא היה ישוב יהודי שלא היה בו „חדר". ואפילו ישוב כפרי קטן שרק מספר מועט של משפחות יהודיות בו שכר לו מלמד לבניו. וכל יהודי ויהודי, אם עשיר ואם עני, שלח את ילדיו ל„חדר". יהודים עניים היו חוסכים מפיהם ומשלמים שכר לימוד בניהם. וגם בניהם של אביונים ממש, שלא היה להם ממה לחסוך, לא נשארו מחוץ למסגרת ה„חדר". לא היה ילד יהודי שלא למד כלום.

מעמד המלמדים מילא בוולברום תפקיד ההוראה לתלמידים בגילים שונים כבכל ישובי היהודים. היה זה משלוח־יד מקופח ומנוצל ביותר, שלא זיכה את בעליו בהערכה נכונה של הצבור (כמאמר הפתגם באידית: „שטארבן און קנעלן פארשפעטיגט מען ניט"). ולא יפלא שהיו מצויים מלמדים ששפכו מרי נפשם על ראשי תלמידיהם. אולם הם הם שטיפחו וגידלו את היסוד האנושי של וולברום התורנית והחסידית. המלמדים היו שונים זה מזה בתכונותיהם החינוכיות, בידיעותיהם הפדגוגיות ובכשרונם ללמוד וללמד. לא כל מלמד היה ראוי לתפקידו. מאידך — היו מלמדים גאונים שהשקיעו את כל מרצם וידיעותיהם בהרבצת תורה לתלמי־דיהם. מספר תלמידיהם היה מצומצם, כי ההורים חשבו להם לכבוד גדול — גם תמורת תשלום גדול — שמלמדים אלה ילמדו את בניהם תורה. והם אמנם הקימו לומדים ותלמידי־חכמים שעליהם תפארת העיר וולברום. ואם להשוות את וולברום לעיירות אחרות, הרי היא עלתה עליהם באורח יחסי במספר יודעי תורה ולמדנים ואנשי שאר־רוח.

רוב המלמדים שבעיר היו יהודים טובים ונבונים, חסידים ואנשי מעשה, וביניהם תלמידי־חכמים גדולים, מהם שפנו למלמדות מתוך זיקה שבנפש להוראה ולחינוך, מהם שרצו להיות קרובים יותר לתורה ולעבודת הבורא, ומהם שצדיקי החסידות השונים, רבותיהם של החסידים, הטילו עליהם תפקיד זה כשליחות, אחרי שעמדו על טיבם ומצאו בהם תכונות מועילות כמלמדים. והיו למדנים בוולברום שבגלל חוסר פרנסה נאלצו להיות למלמדים. אך מטעמי יהירות לא חפצו להיות מלמדים בוולברום, אלא עברו לערים אחרות ושם הצליחו מאד. הנה נזכר אני ברבי אלתר פרידמן, איש וולברום, דמות שכולה אמרה הדר. הוא ישב במונדזיוב כמלמד גמרא ומפרשיו ויצא לו שם כמלמד מפורסם, ולא כל אחד זכה להיות מתלמידיו. אצלו למדו רק תלמידים אמידים עם שכר גבוה, ותלמידיו לשעבר מזכירים עד היום את שמו בחיבה ובהערצה. מהם שקבלו תוארים אקדמיים, ומהם שתופסים עמדות חשובות בחינוך בארצות אירופה שונות. וכן רכשו

להם המלמדים מוולברום עמדה נכבדה בערים רבות בפולין, עד שנקבע כלל, שכוחה של וולברום גדול במלמדות, וערים רבות פנו לעסקני וולברום וביקשו להמליץ על מלמדים מוולברום המוכנים לכהן אצלם כמלמדים בשכר מקובל.

מעמד המלמדים בוולברום לא הכזיב, ורבים מהם תפסו עמדות כבוד בעיר והתיחסו אליהם בכבוד כאל למדנים מופלגים. רובם השתייכו לקלויזי החסידים ושפעו עליזות ומצב־רוח טוב.

---

עד מלחמת העולם הראשונה בשנות תרע"ד־ח ידעו יהודי וולברום שחינוך הבנים הוא אך ורק ב„חדרים„ אצל „מלמדים" לפי דרגותיהם. הדאגה הראשונה של ההורים בוולברום, כמו בשאר העיירות בפולין, היתה שאלת החינוך לילדים. המלמדים בעיר התחלקו לשלשה סוגים: מלמדי דרדקי, מלמדי חומש־רש"י ומלמדי גמרא עם תוספות. חלק בלתי נפרד מן ההוי של העיר היוו מלמדי־תינוקות, אליהם היו שולחים כל ילד שהגיע לגיל של 3 שנים. ההורים היו עוטפים אותם בטלית ונושאים אותם אל ה"חדר" ללמוד שם את האותיות של האלף־בית. בחדר של ד' על ד' ישבו צפופים על ספסלים נמוכים. מלמד־דרדקי היה מלמד את הילדים אלף־בית וקריאת מלה עברית. אחר זה היו עוברים למלמד יותר גדול, כדי ללמוד חומש עם רש"י. הכשרת הילדים היתה תלויה בכושרו ובטעמו של ה„מלמד". ילדי וולברום בילו ב„חדרים" עד אחרי גיל בר־מצוה. לא כולם נשארו כל הזמן ללמוד אצל אותו „מלמד" עצמו. היו שהחליפו את ה„חדרים" וה„מלמ־דים" מ„זמן" ל„זמן", והילדים היו צריכים להסתגל לנוהג השורר בכל „חדר" חדש ולביטוייו המיוחדים (אויסרעדעכצן) של כל מלמד, שראה צורך להכניס שנוי־מה בפירושו, להבדילו ממלמד אחר. ואכן עם החסרונות שלא חסרו ב„חדר" הישן יש להודות שעל־ידו היקנו לילדי ישראל תורה ומסורה לפי רוח הזמן וחונכו ברוחו לקראת תחית העם ותרבותו ונטעו בלבם אהבה עזה לקדשי ישראל וערכיו, להגים ולמסורת, לשפה ולארץ־אבות העתיקה.

בין מלמדי־דרדקי יש להזכיר במיוחד את רבי מנדל־וולף הפופולרי, שעשה רושם בזקנו הרחב ובחיוכו הטוב וכן בכתפיו הרחבים, והוא נזכר עד היום לטובה בפי תלמידיו־לשעבר. ב„הדרו" היו הלימודים נמשכים כל היום, בהפסקה לשעת־צהרים שאז חזרו התלמידים לבתיהם, ואחר הצהרים חזרו ללימודים בחדר עד הערב. אחרי חג הסוכות, עם בוא החורף, התחילו ללמוד ב„חדרים" גם בלילות, ואילו אצל ר' מנדל־וולף לא למדו בלילות. וכן יש להזכיר את מלמדי־הדרדקי איטשה מלמד שברחוב שווינסקה, יוזיפ מלמד (גרצארז), ואחד בכינויו „קאלבי־קער". לחלק מהם, בעל מספר ניכר של תלמידים, היו גם „עוזרים" שהיו מביאים לחדר ומובילים בחזרה לבתיהם את הילדים בני 3—5. לפעמים היתה גם אשת המלמד, או בכינויה „הרבנית", משגיחה על הילדים הקטנים. ילדים סרבנים שהיו בוכים ולא חפצו ללמוד היתה ה„רבנית" כובשת במתן עוגה או במעדנים שונים, וההורים היו משלמים לה בעד עמלה. דבר זה נחשב להכנסה צדדית של ה„מלמדת", כי על אף העובדה שילדים שחובת ה„חדר" עליהם לא חסרו בעיר וה„חדרים" היו מלאים, מצבם של המלמדים בפרנסתם לא היה מזהיר, ועליהם

הוטל לחפש רווחים מן הצד, ואף נשותיהם היו עוזרות בפרנסה, בסחר הנפט, שמרים וכדומה, ואף בהזנות, שדכנות ותיווך לא בחלה ידם.

בתקופת החגים, שבין „זמן" ל„זמן" (מחצית שנה בערך) היו יוצאים המלמדים לסובב בעיר למשוך תלמידים ל„חדר"יהם ל„זמן" הקרוב. כל „חדר" תפס חדר־מגורים בדירה פרטית, אם לא בדירתו של ה„מלמד" עצמו, ללא סידורים כל שהם ובחוסר נוחיות מינימלית. ה„מלמד" היה יושב בראש שולחן גדול עם פרגול (עשוי רצועות־עור לעונשים) ביד ומנצח על עשרות ילדים בני כיתות וגילים שונים, שהסבו לשולחן. לעתים היה ה„רבי" משלח לשעה קלה ילדי כיתה



משמאל לימין:
איטשה מלמד (זונאבנד) ואחיו משה החייט



יוזיפ מלמד (גרצרז)

אחת החוצה, לבל יפריעו ללימודי כיתה אחרת, והיו שנהגו לשחרר כל ילד בפני עצמו מישיבה לפני השולחן אחרי שגמר את קריאתו בסידור או בחומש, והיה יוצא לשחק בפרוזדור או ברחוב. הצפיפות ב„חדר" היתה גדולה. על פי רוב הכיל ה„חדר" לא יותר מחדר אחד, ששימש מעונו של המלמד עם בני משפחתו. קיר אחד היה תפוס מטות. באחת הפינות עמד „כפסל־שינה" שעליו ישנו ילדי המלמד. ואף השולחן שעליו היו לומדים כל היום שימש תכשיר־שינה במשך הלילה. באחת הפינות עמדה תיבת־עץ עם חפצים שונים ובפינה שניה היתה עומדת ה„מלמדת", בישלה, כיבסה ועסקה בכל מיני עבודות הבית.

דאגת ההורים גדלה יותר כשהילדים החלו כבר ללמוד חומש עם רש"י. כאן כבר היה צורך במלמד יותר טוב, שיוכל להחזיק ברסן את התלמידים הקטנים. מלמדים אלה היו משתמשים גם במיני „אלות". לסוג מלמדים אלה נמנו יעקב־אלעזר חומש, שישב בבית קלביקר, יחיאל חיים שטארק ואחרים. מלמדים אלה היו שונים זה מזה באופי ובאורח חייהם. מהם שאהבו ל„הרביץ" קשה בתלמידים, ויש שהיו „בעלי רחמים", ולא פעם היו נשותיהם של המלמדים מונעות מלהרביץ בילדים. בין הסוג שהיו „רכי לבב" נמצאו שהיו מכים בילדים במגבת. חלק ממלמדי חומש עם רש"י היו מלמדים את הילדים גם לכתוב. לרובם של מלמדים אלה היה ניגון מיוחד שבו היו מלמדים ומשננים את תורתם לתלמידים. יוצאי וולברום מזכירים את שמו של יחיאל חיימלה מלמד (שטארק) שלימד ילדים מגיל חמש ומעלה, והוא נחשב לאחד המלמדים המשובחים בעיר. אצלו היו לומדים בעונת החורף גם בשעות הלילה. אצלו היו לומדים מלבד החומש של פרשת השבוע גם ראשית לימוד גמרא ב„שנים אוחזין". התלמידים נהגו מהפסקה, כשהרבי ר' חיים היה הולך לתפילת מנחה ומעריב לבית־התפילה הקרוב. אז היו שרויים בהושך, כי הרבנית אסתר קימצה בנפט ורק עם שוב הרבי מהתפילה היתה מדליקה את מנורת־הנפט. סיום הלימודים בלילה והליכת התלמידים הביתה נחשבת עד היום חויה מלאת רשמים.

מלמדי גמרא עם המפרשים היו מצויים בעיר במצב בלתי מזהיר, כי עניי העיר לא מצאה ידם לשלם שכר־לימוד, ולפעמים היו ההורים זקוקים לבניהם ההולכים וגדלים למען יעזרו להם בפרנסה בשעת דחקם. בין מלמדים אלה אפשר להזכיר את: משה הייבר, משה־אלעזר, אברהם יוסלס ובנו שלמה, יומה'לה מלמד. ביחוד הרבו בשבחו של אברהם יוסלס, יליד וולברום, מלמד גמרא, שכל מגמתו ורצונו היה שהתלמיד יבין וידע על בורים את הלמודים. הוא לימד לא בעד הכסף שקיבל, אלא אך ורק בשביל להעמיד תלמידים טובים בתלמוד. היתה זו תורה שלא על מנת לקבל פרס. אצלו למדו 10—12 תלמידים. הוא היה אהוב מאד בין תלמידיו, וגם בכל הסביבה. הוא נחשב כמלמד ממדרגה ראשונה, והלימודים אצלו נחשבו ככיתה השביעית. הוא היה מקבל 5—6 רובל להודש כשכר־למוד. קומתו היתה בינונית, חסיד גור, גר בשני חדרים בבית חותנו הבורסקאי. ממנו עברו ללמוד בבית־המדרש. הוא היה איש שקט, מסתפק במיעוט, לא התערב במחלוקת שבזמן ההוא. הוא לא השמיע אף פעם הערה נגדית בדבר למוד התנ"ך בעברית. בתפילתו אפשר היה לראותו כמו שהוא, אמת ונאמן למסורת. שמו של אברהם יוסלס נחשב לשם־דבר בעיר וחשיבותו היתה רבה.

מובן שאין כאן המקום לפרט את כל המלמדים. כיוצא־מהכלל אפשר להוסיף, שר' גציל שו"ב היה לומד עם נערים אחדים בשעות הלילה בחור הכנסה צדדית. שלמה, חתן יומה'לה, עסק במלמדות, אף שהיה מוסמך להוראה ואף עסק בפיסוק שאלות. אך רב העיר ר' משה וינברג התנגד שיעסוק בפיסוק שאלות אנשל מלמד (גליבטר), חתנו של ר' שיימה שוחט, היה מחשובי וטובי מלמדי גמרא ותוספת בעיר. ישב ברחוב אלגוטה. הוא היה היחידי שלימד גם תנ"ך וחשבון, כתיבה ביידיש. וממנו עברו התלמידים ללמוד בבית המדרש. רבים מתלמידיו נמצאים בארץ. יהודי בעל קומה, רזה, ראש כפוף. בצעירותו היה בין

אלה שהציצו ונפגעו. היה משכיל בנעוריו, מסור כאב לתלמידיו. בכל תלמיד ראה כאילו היה בנו. מעולם לא הרים יד על תלמידיו והשפיע בשכנוע בלבד. הוא דיבר בקול שקט ואיטי. אשתו טיפלה באפיית דובשניות ותופינים ונחשבה בעיר לצדקת ואשת חיל. אנשל הגה חיבה לציונות. ותיקי וולברום מזכירים את שמו של מרדכי־וולף המלמד שבהלויתו קמה רוח סערה גדולה שעקרה מאות עצים מסביב לבית העלמין, וכמאה עצים נעקרו, וזה כחמישים שנה שלא היתה סערה כזאת. ר' מרדכי־וולף נחשב כמלמד ממדרגה ראשונה, ולמד עם 10—12 ילדי עשירים, ולא כל אחד ראוי היה ללמוד אצלו. הוא היה גר ע"י בית המדרש. הוא היה ראש בית־המדרש ואצלו היו לומדים חתנים, ולוקח ששה רובל לחודש. למדן מופלג וראש ישיבת הלומדים בבית־המדרש. הוא תבע מהלומדים ללמוד לאט באורח יסודי ולא בחפזון שאינו מבי"א לתועלת הזכרון.

הזכרנו בזה רק שמות מלמדים מהדורות האחרונים. ברם אין ספק שבכל דור ודור היו מלמדים באוכלוסיה היהודית בוולברום. העיר הרי מונה מאות שנים לקיומה. בעקב חוסר שמירת פינקסי הקהילה או מצד חברות ואגודות לא נשתמרו שמות המלמדים ברב או במעט. ואילו היו שומרים על פנקס החברא־קדישא אפשר היה למצוא שם רשימה של מלמדים שנפטרו לעולמם ונרשמו בספר. אבל צד שוה היה בכולם שהם המשיכו לחנך את הדור הצעיר ברוח ישראל סבא ולהכשיר את לבו ליהדות ולקניני האומה, בספגם מילדותם את רוח ישראל ויסודות תרבותו.

## ב. מעמד השו"בים

השחיטה, שחיטת בקר ועופות, התנהלה בוולברום כבכל עיר על ידי שוחטים יהודים בבית מטבחיים ובבתי־שחיטה שלה. השו"ב (שוחט בהמות) לא נכלל מעודו בין ה„כלי קודש" (רח"ש ר"ת: **ר**בנים, **ח**זנים, **ש**משים) שנתפרנסו מקופת הקהילה. אך גם על השו"ב היה מוטל תפקיד חיוני בעיצוב חיי הדת, ונמוסיה במקום פעולתו. ועליו הוטל לפקוח על כשרות השולחן בבית ובמשפחה ולהשפיע על קדושת המשפחה והחברה בישראל ששימש יסוד איתן להשרשת חיי תורה ויהדות. ואין להשוות את אומנות השו"ב לאומניות אחרות. אומנות השו"ב תבעה ידיעת התורה וההלכה ביחד עם ידיעת המקורות הרבים והשונים. השו"ב היה צריך להיות תלמיד־חכם הבקי במסורה והוי העם, ורק אז יכול היה לבוא בחשבון כשו"ב. במחנה השו"בים אפשר היה למצוא גאונים בתורה, ולא פעם עזרו לרבני המקום בבירור בעיות הלכה שונות.

מלאכת השו"ב נחשבה כמקצוע לכל דבר, ולא כל הבא ליטול בא ונוטל. עבודה זו, שהיא שחיטה מן הצואר ובסימנים שהם הלכה למשה מסיני, קשורה בלימוד כל הלכות השחיטה לפרטיהן ופרטי־פרטיהן. ובין השאר נאמר, שישראל היודע הלכות שחיטה לא ישחוט בינו לבין עצמו לכתחילה עד שישחוט בפני חכם ומומחה שלש פעמים ויהיה רגיל וזריז. חרש, שוטה וקטן נפסלו מלכתחילה לשחוט, וכן שכור. או זקן מופלג, או מי שידיו מרתחות, וכן סומא. והיו שאסרו אף על הנשים לשחוט. ומכאן יחוסו של השו"ב, שהוטל עליו להיות „נבחר", כי לא כל אחד יכול וראוי להיות שוחט.

כאילו אנו מובלים כשבויי חרב. הים לא היה שקט ביותר והסירות הורמו על פני הגלים הזידונים וירדו לתהומות שנפערו ביניהם. הסירות עברו־חמקו בין צוקים וסלעים איומים, והמחשבה שנתעוררה נוכח כל זה היתה: מוות מסביב, האמנם נעבור בשלום? — ואנו כה קרובים למחוז חפצנו. סוף־סוף הגענו ליבשה ונשמנו לרווחה. בחוף חיכו לנוסעים קרובים ומכירים, ולנו „חלוצי ציון", חיכה חברנו הראשון שהקדימנו בעלייתו ארצה, יוסף דבשוני.

הזוהי ארץ ישראל? מה מעטים היהודים הנפגשים בדרכנו בין המוני הערבים שבחוף ובחוצות העיר. מה מוזר הוא הגמל, ומוזרים צעיפי הנשים המוסלמיות, ומה רב החום! הרביתי לשאול, אך חברי אמר: „תחיו כאן ותראו הכל בעצמכם". והנה נכנסנו לרחוב נוה־שלום, שלא הצטיין אז בנקיונו. הנה אנו בתוך חצר אחת גדולה ומזוהמה, ועוד רגע הננו במלון חיים־ברוך! חדר האוכל היה מלא בחורים ובחורות, הרעש היה גדול, והוא גדל עוד בקום כמה מהצעירים לקבל את פנינו, החדשים, ולפנות לנו מקומות לשבת. מכל צד ניתכו עלינו שאלות לרוב באידיש. הרושם היה קשה הן מעצם השאלות והן משפתן. שכני לשולחן היה בחור גבוה וזקוף קומה, שומר בכרם ברחובות, חולצתו השחורה רקומה אדום, והוא פנה אלי בשאלה חמורה מאד: 'למה באתם? היש עוד מעט כסף בכיסיך? היום מפליגה מחוף יפו אניה החוזרת לרוסיה ויכול אתה להספיק לחזור בה בטרם תישאר כאן ללא פרוטה בכיס..." כך, בפשטות גמורה. רגע נדמה לי שהנה לפנינו כאן ה„בונדאי שלנו" מוורשה, שהיה בא ל„שערי ציון" לנסות להחזירנו למוטב... הרי־לך קבלת־פנים מעודדת ראשונה בארץ ישראל! הבלגתי ועניתי לו בנחת, ובעברית, שהבין אותה, אף כי דיבר כל הזמן אידיש: „תרשה־נא לנו לראות הכל בעינינו ואחר־כך נדע להחליט בעצמנו!" הגישו לנו ארוחה, אך איני זוכר כלל מה היתה ארוחתנו הראשונה בארץ, כי מר מאד היה ללב מפגישה ראשונה זו. אמרו לי, שכל אלה הבחורים והבחורות שבאולם זה מתכוננים לחזור לחוץ־לארץ. גמרנו לאכול. והנה הגיש לנו שכבי בן־שיחתי אשכולות ענבים טובים למראה וטעימים למאכל. אכלתי בעונג רב וכולי תמיהה: כיצד יכול אדם לבגוד בארץ המגדלת פרי נחמד כזה? מהי ההתאמה בין הזלזול הציני של בן־שיחתי ושאר חבריו בארץ ישראל ובין הענבים הנפלאים הללו? ותמיהתי גדלה עוד לאין שיעור כאשר גמרנו כולנו את הארוחה, והבחורים קמו והזיזו ברעש גדול את השולחנות והכסאות הצידה ופתחו בריקוד כללי והכריחו גם אותנו להשתתף בו, ובפיהם הזמר: „שירה חדשה שיבחו גאולים!" הכיצד, ריקוד בצהרי יום־חול, ללא כל טעם וסיבה? וזמר זה, מלים יקרות אלה של עליזי גאולה, בפיהם של מוציאי דיבת הארץ רעה! הוקל מעט ללב, שניחש ורצה למצוא כאן ביטוי להיאבקות טמירה בין חיבת הארץ וכיסופי גאולה ובין המציאות הקשה והאכזריה. הה! כמה למדתי בימים הבאים תסבוכת נפשית זו של צעירים וצעירות אלה.

חברנו איכסן שנים מאתנו אצל מכריו ואותי הביא לדירתו־הוא, דירת פועל דלה, שכדי להגיע אליה היה עלינו לעבור דרך ארוכה כשאנו שוקעים בחול ובקושי מוציאים את רגלינו ממנו. אנו גרמנו לו שלא יעבוד אותו יום. לאחר מנוחת הצהרים הלכנו לדירת „הפועל הצעיר" ואתנו כתב־המלצה מ„חלוצי ציון"

לעזור לנו ברצוננו לעבוד עבודת אדמה בארצנו. אמרתי שם, כי עוד בוורשה הוסכם בינינו ללכת לסג׳רה, למלא מקום הנופלים בהתנגשויות המעציבות שאירעו בין יהודים וערבים בסביבה ההיא. לתמהוננו ולצערנו הסבירו לנו, שבסג׳רה אין כעת צורך באנשים נוספים, ועלינו לפנות לרחובות, כי שם דרושים פועלים לקטיף השקדים ובציר הענבים. בצער רב נכנענו לגזירה. החלטנו להשכים קום מחר וללכת לרחובות עם עוד צעירים חדשים. לאחר ארוחת הערב הלכנו עם חברינו לשמוע את הרצאתו של ד״ר מוסינזון בתנ״ך. מקום ההרצאה — אולם צר בנוה־צדק, כמדומני אולם „הגימנסיה״, כביכול, שהתחילה מתרקמת אז ביזמת בעלי־דמיון ובעלי רצון עז ותקיף. החדר היה מלא אנשים, בעיקר צעירים וצעירות. המרצה דיבר על הנביא יחזקאל. שפת המרצה, שהתמזגה עם שפתו הנפלאה של החוזה, המית־ים שהגיעה אלינו מבעד לדלת הפתוחה, אור הירח המלא, שבא כאילו למלא את פגימת אור המנורה שבחדר, ונוסף לזה יללת התנים שפרצה פתאום על החולות שמסביב, יללה זו שהפתיעה, זעזעה ועוררה את הדמיון הלוהט של הבן הנידח השב לאמו־מולדתו העלובה־גלמודה, — כל אלה השרו עלי את ההרגשה: עתה אני בארץ ישראל! חשתי כאילו יש יחס וקשר ישר בין החזות הקשה של יחזקאל החוזה על חורבן הארץ והעם ובין יללה־קינה מרה זו של החזות האיומה שהיתה למציאות! הייתי כשיכור מעצמת כל הרשמים האלה ביומי הראשון בארץ ישראל. אכן, כל זה כיפר על מחזה התוגה בצהרי היום במלון חיים ברוך. עייף ויגע הגעתי עם חברי בדרך החולות העמוקים לדירתו המרוחקה, וחיש מהר נרדמתי על משכבי.

בבוקר השכמנו קום. בעצת אחד הפועלים הותיקים, שנצטרף אלינו בדרכנו לרחובות, קנינו לנו באחת החנויות חולצות כחולות־כהות וכובעי קש רחבי־שוליים. וכך יצאנו, 16 איש, בתלבושת אחידה זו שמשכה את תשומת לבם של העוברים ושבים, וצעדנו ברגל למחוז חפצנו.

---

נתן חפשי

# פון וואלבראם ביז ארץ־ישראל

1.

אין דעם היסטארישן טאָג, ווען מיין פאָטער ז״ל האָט דערציילט מיין מאמען בעת׳ן מיטאָג, וועגן חשובע מענטשן פון אונזער שטאָט — וואָס האָבן באשלאָסן ארומצופאָרן אין אלע ישובים, זאמלען א סאך געלט און אָפּקויפן דאָס יידישע לאנד פארן יידישן פאָלק — דער טאָג איז אין א גרויסער מאָס געווען אנטשיידנד אין מיין וועג צום ציוניזם און צו ארץ־ישראל. ניין יאָר בין איך דאן אלט געווען, און מיין פאָטער האָט נישט געטראכט וועגן א מעגלעכקייט אז א יינגל זאָל זיך אזוי צוהערן מיט לייב און לעבן צו א צופעליקן שמועס און

ארונטערציען די מסקנא אזוי דראסטיש און אנטשיידנד פאר זיין לעבן אין די קומענדיקע טעג.

דאָס איז געווען נאָכן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באזל יאָר 1897. אין וואלבראָם, האָט פונם קאָנגרעס, אויסער מיין פאָטער, קיינער נישט געהערט, ווייל ער איז געווען דער איינציקער אבאָנענט פון די העברעאישע צייטונג „הצפירה״. מיין פאָטער האָט אָנגעהערט צו די גערער חסידים, וועלכע זענען פאַנאַטיש אין זייער גלויבן, אריינגעטאָן יעדע פרייע שעה אין לערנען תורה שבכתב ובעל־פה. אין דער אטמאָספערע בין איך אויפגעוואקסן און דערצויגן געוואָרן, איז ביי מיר א ווונדער ביזן היינטיקן טאָג, ווי אזוי האָבן די חסידים מוחל געווען מיין טאטן אזא זינד ווי לעזן אין די צייטונגען פון די אפיקורסים ימח־שמם.

דער קאָנטאקט פון די חדר יינגלעך מיט ארץ־ישראל איז געווען זער א שטאַרקער — לויט ווי די חז״ל זאָגן, דארפן מיר האָפן אז משיח וועט אונז צוזאמען מיט אלע יידן פירן קיין ארץ־ישראל, וועט אונז איבערפירן דעם ים אויף א פאַפירענע בריק. דאגעגן די יידישע שונאים וועלן פּרובירן דיזעלבע צייט איבערגיין דעם ים אויף אן אייזערנע בריק און ווערן דערטרונקן. יעדן טאָג האָב איך געדאווענט און געזאָגט מיט התלהבות „ותחזינה עינינו בשובך לציון״. דאָס גאנצע לעבן מיינס אין שטעטל, האָט זיך אויסגעזען ווי א פּאָדער־הויז צום אויסלייזונגס־טאָג. צו דער עליה קיין ארץ־ישראל צוזאמען מיט די שול און אלע יידישע הייזער. כ׳האָב זיך באמיט מקיים צו זיין אלע מצוות, כדי איך זאָל חלילה נישט זיין פון די פושעים וואָס זענען מעכב די גאולה.

אלע יידישע ימים־טובים זענען געווען אריינגעפלאָכטן אין ענין פון יציאת מצרים און עליה לארץ הקודש. ווען מיר זענען צוגעקומען, ראש השנה ביים דאווענען, צו די תפילה „ומפני חטאינו גלינו מארצנו״ און צו די ווייטערדיקע פסוקים די הערלעכע: „והיה ביום ההוא יתקע בשופר גדול ובאו האובדים מארץ אשור והנידחים מארץ מצרים והשתחוו לד׳ בהר הקודש בירושלים״ — די פסוקים וואָס מיין טאטע האָט זיי שטענדיק איבערגעחז׳רט מיט זיין זיסע שטימע ביי די יום־טובדיקע סעודה, בין איך זער באגייסטערט געוואָרן צום אינהאלט פון די ווערטער און מעלאָדיע, דעם נגון וואָס כ׳געדענק, נאָך ביזן היינטיקן טאָג. און איך האָב גענומען צוזאמענגיסן מיינע אָרעמע מעגלעכקייטן און אנשטרענגונגען צו פאריכטן דעם פעלער פון „ומפני חטאינו גלינו מארצנו״ און צויאָגן די גאולה. שטארק רירנד און איינדרוקס־פול איז געווען, ווען דער רבי ר׳ חיימל האָט געלערנט אונז 6—7 יעריקע קינדער דעם פסוק „ואני בבואי מפדן ארם״ מיט אלע פירושים און פליטערלעך, און תמיד פלעגט ער ענדיקן מיט דעם באצויבערנדן לעגענדארן סיום וועגן אונזער מוטער רחל: „מנעי קולך מבכי ועיניך מדמעה, כי יש שכר לפעולתך ושבו בנים לגבולם״.

נאָר קיינמאָל וועל איך נישט פארגעסן א געוויסן תשעה־באב, דעם ערשטן וואָס ליגט אין מיין זכרון. אין גערער שטיבל האָט מען געלייענט מגילת איכה מיט א נגון וואָס דרינגט אריין אין דער נשמה מיט א טיפן טרויער. ווען איך און מיין ברודער זענען געקומען אהיים מיטן טאטן, זענען מיר דערציטערט

געוואָרן פונם בילד וואָס האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן: א פולשטענדיקע איבער־קערעניש אין אונזער שטוב — וועלכע האָט זיך שטענדיק אויסגעצייכנט מיט אָרדנונג און ריינקייט; די טישן מיט די בענקלעך איבערגעקערט מיט די פיס ארויף, אין שטוב א פינסטערניש און אין ווינקלביים שיין פון א קליין לעמפעלע, זיצט מיין מוטער אויף די פאָדלאָגע, מיט נאָך אייניקע שכנ׳טעס, ספרים אין די הענט און קלאָגן און וויינען אָן אויפהער. א דערציטערטער האָב איך א פרעג געטאָן מיין טאַטן: וואָס האָט פאסירט? פארוואָס וויינט אזוי די מאמע? וואָס וויינען אזוי די שכנ׳טעס? האָט מיר דער טאַטע שטיל געענטפערט: אזוי קלאָגן זיי אויף חורבן בית־המקדש און חורבן ירושלים. גלייך האָב איך זיך דערמאַנט די פסוקים פון די קינות וואָס מיר האָבן געלערנט אין „חדר״ ערב תשעה־באב: „בכה תבכה בלילה ודמעתה על לחייה״, ״הורידי כנחל דמעה יומם ולילה״, „פלגי מים תרד עיני על שבר בת־עמי״. א נייע באדייטונג, א שרעקליכע און א רעאלע האָבן מיר געוויזן די אלע זאכן, וואָס זענען ביז יעצט געווען פאר מיר ווייט, פארנעפלט און אונקלאָר. אזוי ווי ערשט נעכטן האָט פאסירט דער חורבן, און ס׳האָט געטראָפן נישט אונזערע אור־עלטערן מיט צענדליקער דורות צוריק, נאָר אונז ממש די עלטערן מיט די קינדער. און ווי פארשטענדלעך און נאטירלעך, איז געווען דאָס געוויין און געיאָמער פון די מאמע מיט אירע שכנ׳טעס.

נאָך די אלע איבערלעבענישן, האָבן מיך אָנגעהויבן צי שטיקן די טרערן און בכדי צו דערשטיקן דעם געשריי וואָס רייסט זיך פון מיין ברוסט, בין איך אוועקגעפאלן אויף מיין געלעגער מאכטלאָז. דאָס איז געווען מיין ערשטער גע־דענק־טאָג און א רוף צו מעשים.

סיי ווי סיי, מיין טאטנס דערציילונג וועגן דעם באשלוס צו זאמלען געלט און אָפקויפן — נאָך אין אונזערע טעג — דאָס יידישע לאנד, דאָס האָט פאנאנ־דער געריסן דעם נעפל און פארוואנדלט די בענקשאפט נאָך ארץ־ישראל צו א רעאלע נאָנטע רעאליזירונג אין אונזער תקופה.

מיין קינדיש הערצל האָט זיך אָנגעצונדן מיט א גלויבנס־פייער און האָפנונג. כ׳האָב דעם טאַטן נישט געשטעלט צופיל קשיות. נאָר כ׳האָב אָנגעהויבן צו שטודירן די „הצפירה״. דאָרט האָב איך געפונען פיל מאטעריאל וועגן ד״ר הערצל און זיין שאפונג, די אנטשטייונג פון פאָליטישן ציוניזם. די ציוניסטישע באוועגונג אין דער וועלט און אויך אין רוסלאנד־פוילן. כ׳בין אין יענער צייט קראנק געווען, האָט מיר מיין פאָטער געגעבן צו לייענען פאָלגנדע ביכער: „שירי תפארת״ פון וויזל „מגדל עוז״, „לישרים תהלה״, פון רבי משה חיים לוצאטו, „דברי ימי עולם״ פון קלמן שולמאַן. א נייע וועלט האָט זיך פאר מיר אנטפלעקט און מיין הארץ האָט נישט געקענט אריינגעמען אזויפיל מיטאמאָל. נאָך געדענק איך, אז פון דעם רייכן מאטעריאל וואָס כ׳האָב דאמאָלס געשלונגען אזוי ווי א דורשטיקער, האָט מיך אממייסטן געצויגן צו די קאפיטלען פון יידישע געשיכטע, וואָס דערציילן וועגן ישראל אין זיין לאנד און וועגן די מלחמות פון ישראל מיט די רוימער. און מיין טאַטע האָט נאָך צוגעגעבן: לייען, וועסטו זען אז ירושלים האָט זיך אונטערגעגעבן נישט אָן ווידערשטאנד. ערשט זע איך אז מיין מוטער איז געדעכט געווען, ווען זי האָט באשולדיקט דעם טאַטן, אז זיינע

ביכער האָבן גורם געווען, דאָס כ׳האָב זיך מיט אלע כוחות געריסן קיין ארץ־ישראל און כ׳בין אינגאנצן קאליע געוואָרן.

מיין פאָטער, האָט אין פלוג נישט געוווסט, וואָס פאר א רעזולטאטן דאָס וועט ברענגען, נאָר ווי ס׳איז מיר שפעטער באקאנט געוואָרן, איז מיין טאטע געווען אין דעם פאנאטישן שטעטל, א געהיימער „אנוס״. טראָץ דעם וואָס ער איז געווען א הייסער חסיד, איז ער געווען א משכיל, און ס׳האָט אים אין געהיים געצויגן צו די העברעאישע ליטעראטור און צו די חיבת־ציון באוועגונג. מיין פאָטער פלעגט חתמנע׳ן זיין נאָמען: יהושע מנחם ברבי יוסף הלוי פרענקל. וועגן דעם טייערן זיידן האָב איך ערשט שפעטער זיך דערוווסט, אז ער איז געווען פון די ערשטע חובבי־ציון, און ער האָט די סענטימענטן צו ציון באקומען ביי זיינע שטענדיקע רייזעס קיין קאטאָוויץ און אנדערע דייטשע שטעט. ער האָט זיך אָבער אויך געהיטן מיט זיין סוד. די געריער חסידים האָבן וואָס אן אמת חושד געווען מיין פאָטער, נאָר זיי האָבן נישט געפונען ביי אים קיין שום אָפּנויג פון יידישן רעליגיעזן וועג, אויסער די „הצפירה״, דאָס טריף־פסולע, וואָס צוליב דעם — שטארבן קליינע קינדער אין שטעטל — לויט ווי ס׳האָט געקלאָגט אין חדר ר׳ אברהם יאָסעלעס (ס׳איז דאמאָלס אויסגעבראָכן א מגפה אין וואלבראָם צווישן די קינדער). כ׳בין אלט געווען 12 יאָר, און מיין הארץ איז געווען פאנאנדערגעריסן צווישן די שרעקלעכע פארלייקנונג און נאיוון גלויבן וואָס כ׳האָב זיך אָנגעכאפּט מיט די רעשטע קינדערישע כוחות. פון דעם פונק איז געוואָרן א פלאם. די השכלה־ביכער וואָס כ׳האָב אין, געהיים באקומען פון די „אפיקורסים״ — בית־המדרש בחורים, האָבן מיין הארץ פארכאפּט. מיין עלטסטער ברודער וועלכער איז געווען א „משכיל״, האָט מיר געליפערט זער פיל ביכער ווי צבש, „דעת אלהים״ פון בערנפעלד, העפטן פון „השלוח״ און איבערזעצונגען פון פלאטאָן. נישט אלעס האָב איך פארשטאנען, נאָר דאָס וואָס כ׳האָב יאָ פארדייעט, האָט באוויזן צו צעברעכן מיין גלויבן. מיין ברודער, וואָס איז געווען פעסטער אין גלויבן, האָט פון צייט צו צייט קריטיקירט די אפיקורסים און זייערע שאפונגען, ער האָט אויך מורא געהאט צו האלטן די ביכער ביי אונז אין הויז, ווייל ס׳קען חלילה גורם זיין צו שרפות. און טאקע האָט מיין ברודער מרדכי הלל, נאָכדעם ווי ער האָט איינגעזאפּט השכלה און ציוניזם וויפיל נאָר מעגלעך איז, האָט פלוצים זיך איבערגעקערט, געוואָרן ווידער פאנאטיש פרום און שפעטער איז ער געווען פון די אקטיווע „אגודת־ישראל״ טוער. אונטערן טאטנס השפעה, האָבן מיר ביידע געלערנט אין שטוב דעם תנ״ך אויסנווייניק. און א דאנק די „הצפירה״ איז די פארשטענדיקונגס־שפּראך צווישן מיר מיט מיין ברודער — געווען לשון קודש.

דערנאָך זענען געקומען טעג פון „אהבת ציון״ — מאפו, לידער פון מרדכי צבי מאנע, „זכרונות לבית דוד״ — פון פרידבערג, די ווערק פון פרץ סמאָלענסקין. מיר זענען דאן געווען אין וואלבראָם א קליינער קרייז פון משכילים, העברעאיסטן און ציוניסטן. צו דעם קרייז האָבן געהערט מיינע חברים פון „חדר״: לייבעלע פּטאש, יחיאל מאיר ענגלשטיין, אלטער ערליך, זיין שוועסטער פעלע זאלצמאן. מערסטנטייל, האָבן מיר זיך געטראָפן ביחידות, נאָר ס׳פלעגט

זיין אַן אָוונט, און מיר זענען זיך צוזאַמען געקומען ביי ערליכ׳ן אין איינעם פון זייערע גרויסע צימערן. ביי די צוזאַמענטרעפן, האָבן ברכה און פעלע אונז געזונגען ציון־לידער אין עברית און יידיש. פון די מיטגלידער פון דעם קרייז האָבן זוכה געווען נאָר איך און יחיאל מאיר ענגלשטיין צו רעאַליזירן די שטרעבונגען קיין ארץ־ישראל. איך בין עולה געווען מיט 52 יאָר צוריק, און יחיאל מאיר איז געקומען האַרט פאַר די 2־טע וועלט־מלחמה און געקויפט דאָ א שטיק ערד, דאַן איז ער צוריק געפאָרן קיין חו״ל, בכדי צו מאַכן אלע איינאָרדנונ־גען פאַר זיין פאַמיליע צו באַזעצן זיך דאָ אין לאַנד — און פּלוצים איז אויס־געבראָכן די וועלט־קריג, ער האָט זיך אַרומגעוואַלגערט אין פאַרשידענע לאַגערן און מיט נסים האָט ער זיך געראַטעוועט פון טערעזינשטאַט און געקומען צום צווייטן מאָל אהער נאָך דער מלחמה. אלטער ערליך איז געשטאָרבן פון א קראַנק־הייט נאָך פאַרן קריג. די רעשט חברים זענען אומגעקומען דורך די נאַציס מיט פאַרשידענע מיתות משונות. ערע זייער אָנדענקונג!

צו אונזער קרייז האָבן זיך אויך גערעכנט די בית־המדרש בחורים אלטער פעלדמאַן און מענדל שווארצבאום, נאָר זיי זענען נישט געווען גענוג פעסט ביי זייער מיינונג, אז זיי זאָלן מיטמאַכן מיט אונז דעם גאַנצן וועג. ס׳זענען געווען פאַר אונז עטלעכע יוגנטלעכע פון העכערן גייסטיקן ניוואָ וואָס האָבן געטראָגן אין זיך די שטרעבונג, אוועק רייסן זיך פון די ד׳ אמות של תורה און אריינלאָזן זיך אין די ברייטע ספערן פון וועלט־יודנטום. אייניקע פון די ערשטע, וואָס כ׳האָב געקענט זענען געווען: אברהם יצחק גליבטער, אברהם יוסף ראָזנבלום, מיין עלטסטער ברודער מרדכי הלל הלוי פרענקל און אויך אלטער לעוויט.

זיי האָבן געהאַט אַן אויסערגעוויינלעכע ליבע צו די העברעאישע שפּראַך, זיי האָבן נאָכגעפאָלגט די השכלה ביכער, וואָס זענען פאַרשפּרייט געווען אין גאַנץ רוסלאַנד. זיי האָבן שטודירט פאַרשידענע פילאָזאָפישע ווערק וועגן רעלי־גיע און היסטאָרישע פּראָבלעמען.

די ספקות און גרענגלענישן וועלכע האָבן געגריבלט אין די מוחות פון חדר און בית המדרש בחורים, דער תלמוד, שולחן ערוך און חסידישקייט, און צום סוף דער דראַנג צו לערנען פרעמדע שפּראַכן און אלגעמיינע בילדונג, בכדי אויסצוטוישן די יידישע לופט־פּרנסות און האַנדל־וואַנדל אויף פּראָדוקטיווע צווייגן פון די ווירטשאַפט. די אלע זאַכן האָבן באַצייכנט די דערוואַכונג פון די איינצעלנע הויפּטזעכלעך און געהיים אויס מורא פאַר די רעליגיעזע פאַנאַטי־קער און א ביסל אויך עפנטלעך, ווייל ס׳איז געווען אוממעגלעך צו באַהאַלטן. די אויפפירונג פון די איינצעלנע האָט באַוויזן אז עפּעס נייעס קומט פאָר.

אין א ספּעציפישע לאַגע האָט זיך געפונען אין שטאָט רב הערשל בידלאָווסקי ז״ל. געווען א גערער חסיד, פונדעסטוועגן איז ביי אים געווען א ביבליאָטעק פון פסול׳ע, אפּיקורסישע ביכער, אלטע און נייע. פון צייט צו צייט, האָט ער פאַרעפנטלעכט אין „הצפירה״ אָדער אין „המליץ״ פאַרשידענע קריטיק־אַרטיקלען קעגן די פרומע פאַנאַטיקער און גערער חסידים. פאַרשטייט זיך, אז די חסידים האָבן געטראָגן א שנאה אויף אים דערפאַר, נאָר ער האָט זיך

וואונדערבאר געהאלטן. געווען רעליגיעז, אָבער אויך טאָלעראַנט, און דערפאר האָט ער פיל געליטן.

די עלטערע גווארדיע משכילים, האָבן זיך באגנוגנט מיט זעלבסט־בילדונג. נאָר מיר די יינגערע גווארדיע, האָבן געלעבט אין א רעוואָלוציאָנערע צייט וועלכעס האָט ארומגענומען די גאנצע וועלט בכלל און דאָס יידישע געזעלשאפט־ל׳עכקייט בפרט. דער פאָליטישער ציוניזם פון ד״ר הערצל האָט אויפגערודערט דאָס דרעמלענדיקע יידישע לעבן. און די ערשטע יאָרן פון 20־טן יאָר־הונדערט איז אנטשטאנען אין רוסלאנד און אין פוילן א חלוצישע באוועגונג דורך די שליחים פון די 2־טע עליה אין ארץ־ישראל. דער חלוצישער דראנג פון הגשמה עצמית האָט אָנגעשטעקט אויך וואלבראָם, און אזוי ארום האָט זיך געשאפן א געהיים קרייזל וואָס האָט זיך געשטעלט דעם ציל צוצוגרייטן די פיאָנערן פאר ארץ־ישראל. ס׳איז אונז אָבער נישט געלונגען צו פירן קאָנספיראטיווע ארבעט, און מ׳האָט גערעדט אויף אונז אין די חסידישע קרייזן. איינמאָל איז געקומען צום טאטן איינער און דערציילט אז ער האָט געהערט מיך רעדן מיט נאָך איינעם העברעאיש. כאָטש ס׳איז געווען פינסטער און ר׳האָט מיך נישט געזען — אָבער מיין שטימע האָט ער דערקענט. דאן זאָגט צו מיר מיין פאָטער: פארוואָס ביסטו נישט פאָרזיכטיק, צי וואָס רעגסטו אויף די מענטשן?

די לאגע איז געוואָרן וואָסאמאָל ערנסטער; ציוניסטישע און השכלה ביכער זענען אָנגעקומען געהיים אין שטעטל אריין. מיט פארשידענע געהיימע וועגן, האָבן מיר אָנגעקניפט א קאָנטאקט מיט די קולטורעלע און ציוניסטישע צענטערס פון די גרויסע שטעט אין רוסלאנד־פוילן. די הויפט־טעמא פון אונזערע קרייזן — איז געווען, דאָס עולה זיין קיין ארץ־ישראל, וואָס ס׳האָט דאמאָלס אויסגעזען ביי אונז ווי א חלום. מיך האָט דער ענד־ציל אינגאנצן באהערשט, כ׳האָב אָפגעלאָזט דאָס לערנען, כ׳האָב געזוכט פארשידענע וועגן צו רעאליזירן מיין שטרעבונג. ביז כ׳בין אוועק אויפן דרייסטן שריט, צו פארלאָזן די אלטע היים, דאָס הויז און דאָס שטעטל ווי כ׳האָב מיינע קינדער־יאָרן פארברענגט און אין געהיים מיט אלע וועגן זיך דורכשלאָגן קיין ארץ־ישראל, אָן מיטלען, אָן געלט, אָן א געהעריקע צוגרייטונג און אפילו אָן די נויטיקע אינפאָרמאציעס. מיין עקספערימענט איז דורכגעפאלן הויפטזעכלעך צוליב דעם, וואָס כ׳האָב נישט געקענט מעיז פנים זיין פאר מיינע עלטערן וואָס כ׳בין געווען אזוי שטארק צוגעבונדן צו זיי.

מאנכעסמאָל האָבן מיר זיך פארזאמלט אין שטוב פון יצחק מענדל לובלינג, וועלכער איז אין יענע צייטן צוגעשטאנען צו די רעוואָלוציאָנערע באוועגונג. זיין דירה איז געווען אין א שטילע געגנט, באקוועם און מיר האָבן זיך פארזאמלט ביז 30—20 יוגנטלעכע, ס׳רוב ארבעטער, צו באהאנדלען די אקטועלע פראגן וואָס זענען געשטאנען אויפן טאָג־אָרדנונג. און דאָך, האָט מען זיך דערוויסט פון אונזער אסיפה. איינמאָל, אין א באשטימטן אָוונט, זיצן מיר אזוי א 20 בחורים, און מיר הערן זיך צו יצחק־מענדעל׳ס רייד און פאַרשלאגן, עפנט זיך ברייט די טיר, מיר זענען שטארק דערציטערט געוואָרן, נאָר אנשטאט פאָליציי זענען אריינגעפאלן עטלעכע פרויען איינגעהילט אין גרויסע טיכער:

זיי זענען געוואָר געוואָרן, אז זייערע קינדער האלטן אין זער א פארדעכ־טיקע פאַרזאַמלונג. זענען זיי געקומען ארויס ראַטעווען זיי פון דער סכנה. א טייל פון די פאַרזאַמלטע האָבן זיך אויפגעהויבן און אהיים געגאַנגען מיט זייערע מוטערס. די איבער געבליבענע האָבן ווייטער פאַרטגעזעצט די אסיפה און זיך צוגעהערט צו מענדעלעס רייד. נאָך דעם פאַל האָבן מיר אויפגעהערט זיך צו פאַרזאַמלען אין דעם הויז.

צווישן די אָנהענגער פון אונזער קרייז, איז כדאי צו דערמאָנען א פוילישן יוגנטלעכן, מיין פריינט וואווער. ער האָט געאַרבעט אלס באַאַמטער אויף דער פּאָסט אין וואָלבראָם, שפּעטער אין געריכט. ער האָט געלערנט יידיש און יידישקייט ביים רב׳ס איידם. ביי מיר האָט ער געלערנט העברעאיש און געקויפט די מאַרקעס פון קרן־קימת. ער האָט אפילו געוואָלט באַקומען דעם ציוניסטישן שקל. נאָר כ׳האָב געצווייפלט צי אלס נישט־ייד קען ער אָנגעהערן צו די ציוניס־טישע אָרגאַניזאַציע. נאָך א לענגערן אַריינקלערן אין דעם ענין, האָבן מיר ביידע באַשלאָסן נעגאַטיוו, צו ביידנס באַדויערן. ער האָט שטענדיק געזוכט די נאָענטקייט און חברשאַפט פון די יידן, און זיך דערווייטערט פון די פּוילישע אינטעליגענץ. די פּאָליאַקן האָבן אים געזידלט און געטאַדלט און האָבן בשום אופן נישט געקענט פאַרשטיין; וואָס זוכט ער ביי די זשידעס, וואָס האָבן זיך אויסגעטיילט מיט זייער אויסערלעכקייט, מיט זייער טראַדיציאָנעלע קליידונג. וואווער האָט געטענ׳הט, אז ס׳איז אים שווער צו אָטעמען די פּוסטע, אַנטיסעמיטישע אַטמאָספערע פון די פּוילישע אינטעליגענץ, און נאָר ביי די יידן געפינט ער אינהאַלט, גייסטיקעס לעבן און אידעאַל. איין טאָג האָב איך זיך מיט אים געטראָפן אין ראָג פון מאַרק מיט די עלגאַטע גאַס, און ס׳האָט זיך פאַרבונדן צווישן אונז א לאַנגער שמועס. ווען מיר האָבן ענדלעך זיך צושיידט, גייט צו מיר צו הערשל דאַפנער און גיט מיך א פרעג: וואָס האָסטו בשותפותדיקעס מיט דעם שגץ? א ייד שמועסט זיך אויס מיט א גוי אין איינעם פון צוויי זאכן: אָדער אין האנדל, אָדער ווען ער וויל זיך שמד׳ן. דו, מיט קיין האנדל פאַרנעמסט זיך נישט, טאָ וואָס האָסטו צו אים? ס׳איז מיר נישט געלונגען אים צו דערקלערן די שותפותדיקע פּראָבלעמען.

ווען איך בין אוועק פון וואָלבראָם קיין וואַרשע, פלעג איך באַקומען פון דעם שגץ בריוו געשריבן אין א גוטן יידיש, און טיילמאָל אין העברעאיש. ער האָט אפילו בדעה געהאַט אָנצוהאַלטן מיט מיר דעם קאָנטאַקט שוין נאָכדעם ווי כ׳בין עולה געווען קיין ארץ־ישראל, אויך איך האָב עס געוואָלט. איך געדענק נישט איצטער וואָס האָט גורם געווען צום איבעררייסן אונזער פאַר־בינדונג. ווער ווייסט, וואָס ס׳איז געוואָרן מיט אים דער סוף, נאָכדעם ווי די נאַציס האָבן אָקופּירט פּוילן.

אינצווישן איז אויסגעבראָכן אין רוסלאַנד און פּוילן די גרויסע רעוואָ־לוציע פון יאָר 1905 וועלכע האָט באַגייסטערט אַלעמען, און אויך קיין וואָלבראָם זענען אָנגעקומען קלאַנגען פון איר.

ס׳זענען געקומען צו אונז אַגיטאַטאָרן פון „בונד״ און פּ.פּ.ס. די יידישע אַרבעטער צוזאַמען מיט אונז, האָבן באַשלאָסן צו דעמאָנסטרירן מיט די פּוילישע

אַרבעטער. מיר זענען זיך צונויפגעקומען אין די שטורמישע ווינטער־נעכט אויף קאָנספּיראַטיווע ערטער און לערנען רעוואָלוציאָנערע לידער. א נייע וועלט, א שטורמישע און א נישט קלאָרע צוקונפט האָט אונז ממש פארכשופט. ס'איז אַלץ געווען אַזוי אַנדערש, אַזוי מאָדנע באַצויבערנד. ס'האָט נישט האַרמאָנירט מיטן שטילן לעבן פון קליינעם שטעטל. מיר האָבן צוגעגרייט א רויטן פאָן וואָס מיר האָבן אויסגעהאַפט מיט גאָלדענע אותיות פאַרשידענע לאָזונגען אין פויליש און יידיש, אַזוי ווי ס'האָבן אונז געלערנט די פירער פון „בונד" פ.פּ.ס. נאָר ווי דערשטויגט זענען זיי געוואָרן, ווען אויף דער לעצטער פאַרזאַמלונג פאַרן דעמאָנסטראַציע טאָג, האָבן זיי געפונען אויף די פאָן אויך א העברעאישע אויפשריפט „יחי החופש" — זאָל לעבן די פרייהייט — און דאָס איז געווען לויט מיין איניציאַטיוו. אַלע פּראָטעסטן און טענות אַראָפּצונעמען די אויפשריפט, האָבן נישט געהאָלפן און דער העברעאישער פאָן האָט דעמאָנסטרירט אין די גאַסן, צוזאַמען מיט די פענער פון בונד און פ.פּ.ס.

.2

די רעוואָלוציע, וועלכע האָט געמאַכט א שטאַרקע איבערקערעניש אין די מוחות פון די מענטשן, האָט איינגענומען אַלעס מיט שטורם. נייע אידעען באַפליגלט פון די דערגרייכונגען פון די מאַסן, האָבן איינגעוואָרצלט זיך אין דער געזעלשאַפט. נאָר די שטורם און דראַנג עפּאָכע האָט נישט מצליח געווען אַרויסצורייסן ביי אונז די בענקשאַפט נאָך ציון, קיין ארץ־ישראל. אין יענע טעג האָט מען כמעט נישט געהערט דאָס וואָרט פון די אַלגעמיינע ציוניסטן. א סאַך יוגנטלעכע, זענען איבערגעגאַנגען אין לאַגער פון די רעוואָלוציאָנערן, וועלכע האָבן נעגירט די נאַציאָנאַלע און ציוניסטישע אידעע.

אונזער לאַגע איז געווען זער שווער: די סאָציאַליסטישע טעאָריע וועלכע האָט באַהערשט אונזער קרייז, איז צו אונז געקומען פון פּאַרטייפירער־סאָציאַליסטן וועלכע זענען געווען קעגנער פון נאַציאָנאַליזם און די טעאָרעטישע באַזע זענען געווען: קאַרל מאַרקס און דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם. דאָס האַרץ האָט ווי געטאָן, דאָס גאַנצע וועזן האָט זיך געבונטעוועט קעגן דעם טרוקענעם מאַטעריאַליזם. נאָר די ליטעראַטור האָט פּראָפּאַגאַנדירט, אַז דאָס איז דער איינציקער וועג וואָס פירט צום סאָציאַליזם און צום נצחון פון פּראָלעטאַריאַט. ס'איז פאָרגעקומען אין מיר אַן אינערליכער קאַמף וועלכן וועג אויסצוקלויבן, דעם אידעאַליסטישן וועלכער האָט געענטפערט אויף די אַנאָמאַליעס פון יידישן פאָלק, אָדער דעם מאַטעריאַליסטישן וועלכער האָט פּרובירט צו געבן א לייזונג די מענטשהייט אין אַלגעמיין.

אין יענע טעג פון גרויסע ראַנגלענישן, האָבן מיר דערהערט דעם נאָמען „פּועלי־ציון" — דאָס איז די געווינטשטע סינטעזע — האָב איך געטראַכט. דער העברעאישער נאָמען פאַרקערפּערט אין זיך די באַדייטונג פון פּועלים־ציון ד"ה יידישע ערד־אַרבעטער אין ציון.

מיינע חברים האָבן מסכים געווען מיט מיין פאָרשלאַג, איינצולאַדן רעדנער

און אינסטרוקטאָרן פון „פועלי־ציון". כ'האָב זיך פאַרבונדן מיט די בעגדינער פּאַרטיי און זיי האָבן געשיקט רעדנערס און דרוק־מאַטעריאַלן. ס'איז געווען אָנגעשטאָפּט מיט וויסן און פּאָלעמיק, קאָמענטאַרן איבער מאַרקס'ן און באָראָכאָוו'ן. מיר האָבן זיך אַנטוישט; דער זעלבער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם נאָר מיט באָראָכאָווס יידישן פּירוש וועגן א סטראַטעגישע באַזע אין פּאַלעסטינע פאַרן יידישן אַרבעטער. דער קלאַסן־קאַמף אין גלות און אין פּאַלעסטינע — אַלס דער בעסטער מיטל צו פאַרווירקליכן דעם סאָציאַליזם און די טעריטאָריאַלע קאָנצענטראַציע אין ארץ־ישראל. די עמיגראַציע קיין ארץ־ישראל וועט טראָגן א סטיכישן כאַראַקטער, נישט ווייל מיר ווילן עס, נאָר אַזוי איז דער פּראָגנאָז; און דאָס איז דער פּראָצעס.

קורץ פון דער זאַך: די פּועלי־ציון באַוועגונג האָט נישט באַפרידיקט מיין האָפנונג, מיין גלויבן. נאָך א לענגערן אינערלעכן געראַנגל האָב איך זיך אומגעקערט צום קוואַל, צו מיין יוגנט־חלום: ציון, דאָס לאַנד פון ישעיהו הנביא, פון יהודה הלוי און פון דעם יידישן ערד־אַרבעטער וועלכער איז מסוגל איר אויפפרישן ווי אין די אַלטע פאַר־היסטאָרישע צייטן. האָב איך אָנגעקניפּט א קאָנטאַקט מיט דעם צענטער פון די „עבריה" באַוועגונג אין אָדעס, און מיר האָבן געעפנט אן אָבטיילונג אין וואַלבראָם.

אין יענע טעג איז צו מיר דערגאַנגען דער נאָמען פון א נייע באַוועגונג „בילו" וואָס די ראשי־תבות אירע איז: בית יעקב לכו ונלכה. כ'האָב זיך אינגאַנצן אַריינגעוואָרפן אין דער באַוועגונג. כ'האָב דערהאַלטן פון אָדעס וווּנדערבאַר שיינע בריוו אונטערגעשריבן פון נ. טוראַווסקי. פון צייט צו צייט האָב איך אויך דערהאַלטן דעם זשורנאַל „יעווריעיסקאַיאַ זשיזן" מיט א רייך אינפאָרמאַטיוון מאַטעריאַל פון די אָרגאַניזאַציעס, פון דער ציוניסטישער יוגנט און אַלע זיינע שאַטירונגען. אין איינעם פון די בריוו, ווערט דערציילט, אַז ס'איז באַשלאָסן געוואָרן, דאָס די נייע בילוים (אַזוי האָבן מיר זיך גערופן) דאַרפן פאָרן אין די יידישע קאָלאָניעס אין רוסלאַנד אדורכצומאַכן א לאַנדווירט־שאַפטלעכע צוגרייטונג פאַר ארץ־ישראל. מיט א געפיל פון טיפן ווייטיק האָב איך זיך אַנטשולדיקט פאַרן מרכז אין אָדעס, וואָס איך קען אין יעצ־טיקן מאָמענט נישט פאָרן אויף די הכשרה, אָדער גלייך קיין ארץ־ישראל. ווייל איך האָב געדאַרפט צוגרייטן די פּאַסיקע באַדינגונגען, נישט קיין דראַסטישע, צום שיידן זיך מיט מיינע עלטערן, פאַר מיין אוועקפאָרן אין א ווייט לאַנד. אין צוזאַמענהאַנג מיט מיין פּלאַן, האָב איך פאַרלאָזט וואַלבראָם און געפאָרן קיין וואַרשע אַלס איבערגאַנגס־סטאַציע צו מיין עליה קיין ארץ־ישראל אין דער נאָענטסטער צוקונפט.

כ'האָב זיך אין וואַרשע פאַרנומען מיט געבן פּריוואַטע לעקציעס אין העברעאיש און גלייכצייטיק אויך אַלס אָנגעשטעלטער אין א געשעפט אויף נאַלעווקעס. איך בין אין וואַרשע, און מיין הארץ אין ארץ־ישראל.

נאָך פאַרן אוועקפאָרן קיין וואַרשע, האָב איך דערהאַלטן א בריוו פונם שרייבער יעקב ראַבינאָוויטש מיט א מעלדונג, אַז די „נייע־בילויים" האָט זיך אויפגעלעזט און אַלע אירע אויפגאַבן זענען אַריבער צום „הפועל־הצעיר" אין

ארץ־ישׂראל. זער מאָדנע האָט מיך געררייצט דער נאָמען, נאָר דער שרייבער פונם בריוו האָט נישט דייטליך געזאָגט, וואָס אזוינס איז די אָרגאַניזאַציע. ערשט נאָך מיין אָנקומען קיין ווארשע, האָט זיך מיר אלעס אויפגעקלערט.

.3

אין איינעם פון די זומער אָוונטן אין יאָר 1908, האָבן זיך צונויפגעזאמלט אין דער שול „שערי־ציון" אויף פּאַוויע 12 דרייצן יוגנטלעכע אין עלטער פון 18—19 יאָר און האָבן געגרינדעט א פאריין מיט נאָמען „חלוצי־ציון", און אירע צילן זיינען: איינפירן די העברעאישע שפּראַך אין טאָג־טעגלעכן לעבן פון יעדן איינעם, פיזיש און גייסטיק זיך צוגרייטן צום עולה זיין קיין ארץ ישראל, צו באארבעטן די ערד און איר צו היטן. אין ווארשע האָט דאמאָלס געהערשט מלחמה צושטאנד פון די רוסיש צארישע רעגירונג, און ס'איז געווען א גרויסע סכנה דורכצופירן ציוניסטישע פארזאמלונגען, טראָץ דעם רעגירונגס־פארבאָט האָבן מיר דאָך דורכגעפירט פארשידענע פארזאמלונגען. די ציוניסטישע פירער אין ווארשע האָבן איגנארירט די יונגלעך, די חלוצים וועלכע רייסן זיך קיין ארץ־ישׂראל באָרוועס און נאקעט. אונזער תשובה איז געווען: אלס ציוניסטן איז אונזער פּלאַץ אין ציון ביי אלע באדינגונגען.

איינעם פון אונזערע חברים איז געלונגען עולה צו זיין א שטיק צייט פאר אונז, נאָר א ביסל שפּעטער האָבן מיר די בחורים מסדר געווען אלע פּאַרמאַליטעטן און געלט־ענינים וואָס זענען נויטיק געווען צו אונזער עליה קיין ארץ־ישׂראל. און ענדלעך אין 28־סטן חודש סיון תרס"ט (1909) זענען מיר ארויסגעפאָרן פון דער טעראַספּאָלער באַן־סטאַציע אין ווארשע קיין אָדעס אויפן וועג קיין ארץ־ישׂראל. אויף דער באַן־סטאַציע האָבן אונז באגלייט זער פיל מיטגלידער פון אונזער באוועגונג, מיט אויגן פול מיט קנאה האָבן זיי אויסגע־שריען: להתראות בציון. בכדי איינצושפּורן די רייזע־הוצאות, זענען מיר געפאָרן ביז בריסק אין דער פערטער קלאַס, און פון דאָרטן קיין אָדעס מיט די דריטע. די רייזע פון ווארשע קיין אָדעס האָט געדויערט 3 טעג. אין אָדעס האָבן מיר דערלעדיקט אלע טעכנישע ענינים מיט דער הילף פון „חובבי־ציון" ביורא, און אין 4־טן תמוז תרס"ט זענען מיר ארויף אויף די שיף „דער פּרינץ אלעקסאנדער". די גרעסטע טייל פּאסאזשירן אויפן שיף זענען געווען רוסן פּראַוואָסלאַווע פּילגרימען (עולי־רגל), און בערך 30 יידן — א העלפט יוגנטלעכע חלוצים און די אנדערע העלפט — אלטע לייט וועלכע זענען געפאָרן שטארבן אין הייליקן לאַנד. ביי אונז די „חלוצי־ציון" האָט פארשטענדלעך די העברעאישע שפּראַך צוגעצויגן אלע עברית־קענער און האָבן געזוכט אונזער חבר'שאַפט. די רייזע איז געווען זער אינטערעסאַנט און האָט געדויערט 13 טעג, ווייל די שיף האָט געמאכט פיל אָפּרו־סטאַציעס אויפן וועג. די נאכט פון שבעה־עשר בתמוז האָבן מיר געהאט א וואך־נאכט: די שיף האָט זיך דערנענטערט צו די ברעגן פון יפו. נאָך האַלבער נאכט, האָבן די מאַטראָזן פארלייגט דעם אנקער און געמאכט אלע הכנות, דאָס מיר זאָלן גאַנץ פרי אראָפּגיין פון די שיף. מיר זענען שנעל ארויף אויפן דעק און מיט טרערן פון פרייד האָבן מיר געזען די קליינע ליכט

פון ווייטן־נאָנטן יפו. און מיר האָבן געטראַכט: היינט איז שבעה־עשר בתמוז, דער טאָג פון חורבן ירושלים, און מיר קומען אין דעמזעלבן טאָג אויפצובויען פון דאָס ניי דאָס אַלט־נייע ארץ־ישראל.

אונזער שיף איז געוואָרן ארומגערינגלט מיט קליינע אראבישע שיפלעך וואָס האָבן געדאַרפט אריבערפירן אונז מיט אונזערע פעקלעך אויפן ברעג. אויף די שיף זענען ארויפגעקומען די פאָרשטייער פון „חובבי־ציון" און א באַאמטער פון דער טערקישער מאכט צו קאָנטראָלירן אונזערע פּעסער און אונז געבן יעדן איינעם א רויט צעטל וואָס האָט אונז געגעבן די רעכט צו זיין אין לאַנד 3 מאָנאַטן. מיר, פאר גרויס איבערראַשונג האָבן זיך נישט פארטראַכט וועגן די באַדייטונג פון דעם באַליידיקנדיקן שריט פון די טערקישע רעגירונג אין אונזער פאָטערלאַנד. די אראבער, די לאַדקעס־אייגנטימער זענען ארויף אויפן שיף מיט זייערע קולות די הייזעריקע, און מיט זייערע מאָדנע קליידער, זיי האָבן אָנגעהויבן וואַרפן אונז פונקט אזוי ווי א חפץ אין די שיפלעך אריין. מיר האָבן געהאַט דעם איינדרוק, דאָס מיר זענען געפאַנגענע. דער ים איז דעם טאָג געווען שטורמיש, די לאַדקעס האָבן זיך געהויבן ארויף און אראָפּ איבער די כוואַליעס. ס'האָט אונז אָנגעכאַפּט א פּחד און א שרעק, מיר זאָלן חלילה נישט דערטרונקען ווערן. אין ס'האָט אונז געוועקט דער געדאַנק: צי וועלן מיר בשלום אָנקומען צום ברעג. סוף כל סוף זענען מיר ארויף אויפן ברעג, ווי ס'האָבן אונז מקבל פנים געווען פריינט און קרובים. אויך אונז „חלוצי־ציון", האָט אָפּגעוואַרט אונזער חבר דער ערשטער עולה — ח' יוסף דבשוני.

צי איז דאָס ארץ־ישראל? ווי ווייניק יידן טרעפן מיר אָן צווישן א ים מיט אראַבער וועלכע ווימלען אומעטום אין אלע גאַסן. ווי מאָדנע איז דער קעמל, ווי עקזאָטיש זענען די שלייערס פון די מוזולמענישע פרויען, ווי גרויס איז די היץ! כ'האָב נישט אויפגעהערט צו פרעגן קשיות. נאָר מיינע חברים האָבן געזאָגט: איר וועט לעבן דאָ א ביסל צייט, וועט איר אלעס זען. און אָט זענען מיר אָנגעקומען אין נוה־שלום גאַס וואָס האָט זיך נישט אויסגעצייכנט מיט איבריקע ריינקייט. מיר זענען דאָן אריין אין א גרויסן הויף, דאָס איז געווען דער האָטעל פון חיים ברוך. דער עס־זאַל איז געווען פול מיט יונגלעך און מיידלעך. דער גערויש איז געווען אויסערגעוויינלעך און ס'האָט זיך נאָך געשטאַרקט, ווען אייניקע יונגע לייט זענען אויפגעשטאַנען אונז א קבלת־פנים צו מאַכן. פון אלע זייטן האָט מען אונז פארוואָרפן מיט פארשידענע פראַגן. דער איינדרוק איז געווען א שווערער, סיי פון די עצם פראַגן, און סיי פון די שפּראַך, אין וועלכע זיי זענען געפרעגט געוואָרן. מיין שכן ביים טיש איז געווען א בחור פון הויכן וווקס, א שומר אין די וויינגערטנער פון רחובות, אָנגעטאָן אין א שווארצע רובאַשקע אויסגעשטיקט מיט רויט. ער האָט זיך געוואַנדן צו מיר מיט א הארבע פראַגע: נאָך וואָס זייט איר געקומען? צי האָסטו ביי זיך נאָך געלט? היינט פאָרט אָפּ פון יפו א שיף קיין רוסלאַנד, קענסט נאָך באַווייזן, צוריק צו פאָרן כל זמן דו האָסט נאָך א פּיאַסטער אין קעשענע!... אזוי איינפאַך זיך אוועק גערעדט.

א מינוט האָב איך געטראַכט אז ס'זיצט פאר מיר דער „וואַרשעווער

בונדיסט״. וועלכער איז שטענדיק געקומען אין „שערי־ציון״ אונז ארויספירן אויפן גלייכן וועג. נא דיר, האָסטו דעם ערשטן ברוך־הבא אין ארץ־ישראל. כ׳האָב זיך געפאסט מוט און אים געענטפערט אין עברית (טראָץ דעם וואָס יענער האָט גערעדט צו מיר אין יידיש): ערלויב אונז אלעס צו זען מיט אייגענע אויגן, און דאן וועלן מיר זעלבסט באשליסן. מ׳האָט אונז דערלאנגט א מאָלצייט. נאָר כ׳געדענק נישט וואָס מיר האָבן געגעסן, ווייל ס׳איז מיר געווען זער ביטער אויפן הארץ פון דער באגעגעניש. מ׳האָט אונז אגב געזאָגט, דאָס אלע פאר־זאמלטע אין דעם זאל גרייטן זיך צוריק צו פאָרן קיין חוץ לארץ. נאָכן אָפּעסן, האָט מיין שכן דערלאנגט א הענגל וויינטרויבן זער געשמאקע. כ׳האָב עס מיט גרויס חשק אויפגעגעסן, און האָב זיך בעת־מעשה געוווּנדערט; ווי אזוי קען א מענטש פאראטן א לאנד וועלכע גיט ארויס א זעלכע שענע פרוכטן? מיין פארוווּנדערונג איז נאָך שטארקער געוואָרן, ווען די בחורים האָבן פּלוצים אוועק־גערוקט די טישן אין א זייט און אוועקגעלאָזט זיך אין א טאנץ מיט אונז צוזאמען מיט דעם זמר: „שירה חדשה שבחו גאולים״. וואָס הייסט דאָס? א טאנץ אינמיטן טאָג, אָן א סיבה, און דער זמר פון פריילעכע אויסלייזערס ווערט געזונגען פון די וואָס רעדן שלעכט אויפן לאנד. ס׳איז עטוואָס לייכטער געוואָרן אויפן הארץ, וועלכעס האָט געזוכט און געפונען אן אויסדרוק פון דעם פערמא־נענטן גערא[illegible]גל צווישן די ליבע צום לאנד און צווישן די שווערע, אכזריותדיקע ווירקלעכקייט. וויפיל האָב איך געלערנט ערשט שפּעטער, די פסיכיש גייסטיקע קאָמפּליקאציע פון די יוגנטלעכע.

אונזער חבר האָט איינגעאָרדנט צוויי פון אונז ביי זיינע באקאנטע און מיך האָט ער גענומען אין זיין דירה, אן אָרעמע ארבעטער וווינונג, וואָס דער וועג צו איר איז געווען אזא טיף־זאמדיקער, אז מ׳האָט קוים די שיך געקענט ארויסשלעפּן. דער בחור האָט קודם־כל דעם טאָג נישט געארבעט. נאָכמיטאָג זענען מיר געגאנגען צום „הפועל־הצעיר״ מיט א רעקאָמענדאציע־בריוו פון „חלוצי־ציון״ אונז צו העלפן זיך איינאָרדנען ביי ערד־ארבעט אין אונזער לאנד. כ׳האָב געזאָגט, דאָס נאָך אין ווארשע האָבן מיר באשלאָסן צו גיין קיין סעדזשע־רא (סג׳רה) צו פארטרעטן די געפאלענע ביי די יידיש־ארא[illegible]בישע צוזאמענשטויסן פון יענער געגנט. צו אונזער באדויערן האָט מען אונז דערקלערט, דאָס אין סעדזשערא זענען יעצט נישט נויטיק קיין ארבעטער, און אז מיר זאָלן פאָרן קיין רחובות, ווייל דאָרט זענען נויטיק ארבעטער צום קטיף פון די מאנדלען און דער בציר פון וויינטרויבן.

נאָך אָוונט־ברויט זענען מיר געגאנגען מיט אונזער חבר הערן א רעפעראט פון ד״ר מאָסינזאָן אין תנ״ך. דער זאל איז געווען אין „נוה־צדק״, ס׳דאכט זיך דער גימנאזיע זאל וואָס אייניקע פאנטאזיארן האָבן דאמאָלס געגרינדעט. דער זאל, א קליינער, איז געווען אָנגעפּאקט מיט יוגנטלעכע מענטשן. דער רעפערענט האָט גערעדט וועגן נביא יחזקאל. דער רעדנער, וועלכער האָט גערעדט אין דעם נביא׳ס שפּראך, דער רויש פון ים וואָס האָט זיך געהערט דורך די אָפענע טיר. די פולע לבנה ליכט און צו דעם אלעם דאָס יאמערן פון די שאקאלן — דאָס אלעס האָט געשאפן אין מיר דאָס געפיל: יעצט בין איך אין ארץ־ישראל. כ׳האָב

געפילט, אזוי ווי ס׳איז דאָ א פאַרבינדונג צווישן די שווערע פּערספּעקטיוו פון יחזקאל הנביא וועגן דעם חורבן פון לאַנד און פאָלק, און צווישן דעם שווערן אויסוועג פון די קינדער וואָס זוכן זייער פאָטערלאַנד און די ווירקלעכקייט. כ׳בין געווען ווי שכור פון די איינדרוקן פון מיין ערשטן טאָג אין ארץ־ישראל. א מידער בין איך געגאַנגען מיט מיין חבר אין די טיפע זאַמדן צו זיין דירה, און כ׳בין אוועקגעפאַלן אויפן בעט אין א טיפן שלאָף.

אינדערפרי זענען מיר גאַנץ פרי אויפגעשטאַנען. איינער פון די אַרבעטער — וועלכער איז צוזאַמען מיט אונז געפאָרן קיין רחובות — האָט רעקאָמענדירט צו קויפן בלויע בלוזקעס און שטרויענע קאַפּעלושן מיט ברייטע ראַנדן.

אזוי האָבן מיר זיך אַרויסגעלאָזט 16 בחורים אין א איינהייטלעכן אוניפאָרם און מאַרשירט צופוס קיין רחובות.

---

**יוסף ארליך**

# וואַלבראַם אין מיינע אויגן

ווי פאַרגליטשטע קאַצן־קעפּ — די שטיינער מיט וועלכע עס זענען געווען ברוקירט די שמאָל־צעקרומטע געסלעך האָבן געגלאַנצט, ווי זיי זאָלן קוקן אויף די הייזער. די שותפות פאַרהויקערטע און צונויפגעפּרעסטע אין ענגקייט הייזער ווענט און זייערע שיפּע דעכער, ווי איינער זאָל וועלן אַרויפקריכן אויפן אַנדערן — זיך באַהאַלטן, האָבן געצוימט די גאַס, זי ענג געמאַכט. די הייזלעך זענען געשטאַנען אויף דעם ווי אַפּראַזירטן בערגל, אזוי צעשטעלט, אז זיי האָבן געשאַפן די עטלעכע געסלעך — ס׳שטעטל.

די אומגעבונג האָט דאָס שטעטל איינגעקרייזט אין זיך. דער געדיכטער נאָדל־וואַלד, דער פאַרשליימטער „טאַך", די באַגנעס וואָס האָבן זיך געהוידערט, ווי די ערד דאָרט זאָל יערן אין די זאַמדן, האָבן דאָס שטעטל געצוימט.

די נאַכט איבערן שטעטל איז געווען געדיכט, פינצטער און פייכט. אין דער סביבה איז געווען שטיל. נישט נאָר די מענטשן זענען געשלאָפן, נאָר די גאַנצע געגנט האָט געדרימלט. פאַרטאָג ווען די נאַכט האָט קוים אָנגעהויבן שיטער ווערן, די פינצטערקייט האָט לאַנגזאַם זיך איבערגעגאָסן אין גרוי, האָט די אָנגעקילטע דורך דער נאַכט געגענט גענומען זיך וואָרעמען. די נאַכט־פייכטקייט איז פאַרשוווּנדן. ס׳שטעטל און די סביבה האָבן זיך צוריק באַוויזן.

אין די קליין־געקעסטלטע פענצטער, זענען די שייבלעך נאַס געוואָרן פון דער טוי. הוילע קלעפּ פון אויסגעפאָרענע אַקסן און אויסגעריבענע רעדער האָבן פונאַנדערגעריסן די מאַרגן־שטילקייט. באַלד דערויף האָבן די קרעמפּע ברייט־ביינעקע בעל־עגלות זיך געלאָזט איבער די געסלעך וועקן די פּאַסאַזשירן.

די בעלי־עגלות האָבן געוועקט, לזיטן שטאנד. אין די גרויסע פענצטער אין מארק, האָט די „ביציסקע" לייכט אָנגעקלאפּט אין דער שויב און עס האָט זיך דערהערט א בכבודיקער רוף: ר' איסר אָדער ר' יעקב. אין די געסלעך האָט די „ביציסקע" געקלאפּט שטורמיש — שנעל אין די קליינע פענצטער־שייבלעך און די בעלי־עגלות האָבן געשריגן, יענקל אָדער מאָשקע „הייב זיך".

ווי נאָר די לייטער־וועגענער מיט די צונויפגעזאמלטע פאסאזשירן, זענען אָפּגעפאָרן צו דער באַן, וואָס איז געלעגן צוויי ווירסט פונם שטעטל, האָט זיך דערהערט דאָס שיבן פון כארזשאווערטע ריגלען און ס'קראצן פון אויפגעפראלטע טויערן. איבער די געסלעך האָבן איצט ווי נאָך א רייע געשפרייזט געביקטע יידן. יעדער פון די יידן, האָט געהאט איבערן ריקן פארבינדן א זעקל. זייערע לענדן זענען געווען ארומגעבונדן מיט א שטריק, אונטער וועלכן עס זענען געווען פאריקט זיינע פאָלעס פון דער „יופּעצע", זיי זאָלן אים נישט שטערן אין גיין. זייערע נאגעוויצעס זענען געווען פארשארצט. זיי האָבן געטראָגן „יוכטענע" שטיוול. זייערע פיס זענען געווען ארומגעוויקלט מיט א „צילקע". יעדער האָט מיט זיך געטראָגן א שטעקן. די יידן האָבן דורך אלע פיר עקן פון שטעטל געאיילט אין די דערבייאיקע דערפער ארײַן. זיי זענען געגאנגען זוכן חיונה — קויפן א „קארץ" תבואה אָדער א קיניקל.



אלי מיכל ואחיו — שואבי מים
אייזע־מאכל וואסערטרעגער און זיינע ברידער

איצט ערשט, זענען די באשטעלטע אין די דערפער פויערן, פארבייגעפארן דעם מארק — זיי זענען געפארן אין די געסלעך אריין לאדענען די סחורות פון די ירידים־פארער.

ווינטער צו זומער, רעגן אדער פראסט, ווי נאר דער טאג האט זיך געשטעלט האבן די בעל־הבית׳טעס און די קעכענס זיך געאיילט אין די יאטקעס אריין. קצבים, ברייט־ביינייק אויסגעגעסענע יידן וואס האבן געהאט אונטער־געציפטע בערד און האבן געטראגן די היטלעך פאריקט איבער די אויגן, האבן זיך געפארעט ביי די צעהאנגענע איבער די יאטקע ווענט, פריש־געטרייבערטע זייטן פלייש. די ערשט ארויסגענומענע פון איווון רויטלעך־ברוינע ברויטן, האבן אויסגעסדרטע אין די פאכן ביי די בעקערס געקנאקט פון פרישקייט. פרויען, מיט פארווארפענע איבער די אקסלען טיכלעך, זענען מיט טעפ אין די הענט, געגאנגען צו דער מעלק.

איילע־מאכל, א איבערגעבויגענער אויפן לינקן פוס — ווי ער זאל אט אט אומפאלן, דעם קאשקעט פאריקט אויף א זייט, האט געשפרייזט איבער די געסלעך, מיט איבערגעלייגטע איבער די אקסלען „נאסעס" — געטראגן אין די הייזער אריין, פריש געפלומפט וואסער. ער איז געגאנגען און גערעט צו זיך: „איך וויל מער. איך בין דער בעסטער אין שטאט וואסער־טרעגער".

אין צווישן, האט דער דאר־געלער מאנעס — דער קברן, זיך אדורכגעשלייכט איבערן מארק, ווילד אויסגעגלאצט דערשראקענע אויגן, האבן אים נאכגעקוקט און זיך געפרעגט — ווער?

אין מארק, זענען געשטאנען עטלעכע פורלעך מיט קוילן וואס די גויים האבן געברענגט פון די דאמבראווער קאפאלניעס צו פארקויפן. יידן מיט צעפלאשעטע ייבעצע פאלעס, מיט לאנגע בערד און דינע פינגער, האבן געטאפט די קוילן צו זיי זענען נישט ווייך און אונטערהאנדלט מיט די גויים וועגן פרייז.

מארדוך, דער גאסן־קערער, א הויך־ביינייקער גוי, האט צונויפגענומען ס׳מיסט אין מארק.

און די כל המינים, ווי צונויפגעקוועטשטע געוועלבער אין מארק זענען געשטאנען, די סוחרים מיט זייערע היפש־דיקלעכע ווייבער און אויסגעקוקט א קונה. די קליינע, מיט די דינע בוכשטאבן שילדלעך, איבער די טירן, האט מען קוים אנגעזען. די סוחרים, האבן נישט געוואלט זיך באווייזן, זיי האבן געוווסט, אז דער שטייער וועט זיי קאסטן טייערער, כאטש זייערע פאליצעס זענען געווען האלב־ליידיק.

די געוועלבער אין די געסלעך האבן געהאלטן די בעלי־מלאכה׳ס. יעדער פון די יידן איז געווען פארהארעוועט, פון מארגן גרוי ביז פינצטער. מערסטנטייל פון זיי, האבן געארבעט אליין. ביי א סך פון זיי, האבן מיטגעארבעט זייערע זין. ביי מאנכע האט געארבעט א געזעל און אמאל אויך צוויי. זייערע פאכן זענען געווען טיפיש יידישע: שוסטער, שטעפער, שניידער, היטל־מאכער, טאפעצירער, בעקער, זייגערמאכער, בלעכער און גערבער.

נאר איינער פון זיי אלע: א הויך ברייט־ביינייקער ייד מיט א ברייט

קנאָכיק פּנים און לאַנגע אויסגעאַרבעטע הענט איז געווען א „קאָוואַל". ביי די באַן־שינעס אין עק גאַס וואָס האָט געפירט אין שטעטל אריין, איז געשטאַנען ר׳ יחיאל׳ס נידריק הויז. דאָרט, האָט ער געקאָוועט פערד און געשמידט וועגענער. די יינגלעך, וואָס האָבן באַוויזן זיך ארויסרייסן פון „רבין" זענען אוועקגעלאָפן פון „חדר". זיי זענען געשטאַנען, מיט פאַריקטע אויף הינטן היטלעך און מיט אויסגעגלאָצטע אויגן, פאַרגאַפט געקוקט ווי די פייער פינקען פליען פונם צעגליטן אייזן, וואָס יחיאל שמידט.

פויערן פון די דערפער האָבן געוואַרט אפילו א יאָר אבי יחיאל זאָל זיי אויסשמידן א וואָגן. פון יחיאל׳ס א ראָד איז די רייף נישט אראָפּגעשפּרינגען. פון יחיאל׳ס א „אַרצ׳יק" אין „אַנקסל" האָט דאָס אייזן נישט נאָכגעגעבן, ווען די פערד האָבן געשלעפּט דעם וואָגן געלאָדענט. יעדער פויער, וועלכן יחיאל האָט אויסגעשמידט א וואָגן, האָט געמוזט זיך מיט אים אמפּערן, ער זאָל מיט אים גיין אין שענק אריין „באַגיסן" דעם וואָגן. דער הויך ברייט־ביייניקער „גברן" מיט דער לאַנג ווייסער באָרד, האָט זיך אויסגעהיטן צוליב כשרות.

יחיאל׳ן האָט מען כמעט נישט געזען אין גאַס. ער איז געשטאַנען ביי זיין „קאָוואַדלע" און געשמידט אייזן. אָבער אז עס איז ענטשטאַנען א מחלוקה ביי קהל, האָט יחיאל אָנגעטאָן ווינטער זיין טכוירענעם פעלץ, זומער זיין טיכענע ייבעצע, דער שוואַרצער קאָליר ביי ביידע מלבושים איז געווען שוין גרוי, און איז ארויס אין גאַס אונטערהערן. צווישן מנחה און מעריב האָט ער געמאַכט זיך א וועג צווישן די דאַווגער. זיין ברייט אויסגעאַרבעטע האַנט האָט א זעץ געטון אין בית־המדרש „בעלעמער". אלע יידן ערשטוינט זיך אומגעקוקט: „נישט נאָר שיינע יידן, האָבן צו זאָגן אין קהל". „אויך די בעלי־מלאכה׳ס ווילן מען זאָל זיך צו זיי צוהערן", האָט יחיאל געשריגן. זיין לייבן־קול האָט געהילכט



יחיאל גרשונוביץ, אשתו ובתו
יחיאל קאָוואַל, זיין פרוי און טאָכטער

איבערן בית־המדרש. דער ווידער־קול האָט אָפּגעשאַלט פון די נידריקע ווענט, אונטער וועלכע די יסודות האָבן אָנגעהויבן שויז זינקען אין דער ערד.

די עטלעכע אין שטעטל יידישע שיסטער, האָבן געארבעט נאָר פאר די יידן. יעדער פון זיי האָט זיך די מי געגעבן זיין „אָפּיענטיק" זאָל זיין וואָס הארטער, דער שפּיץ פון זיינס א שוך, זאָל זיין נאָך מער געפאָרעמט. אָבער אין שטעטל און אין דער געגנט ארום, זענען פארהאנען געווען הונדערטער שוסטער גוים. זיי האָבן געארבעט לויט איין „קאפיטע", און נאָר פון „יוכט".

אין די נעכט, זומער ווען די לופט איז געווען לויטער און ווינטער ווען די לופט איז געווען געפרוירן און דער שניי איז געלעגן ביז אונטער די פענצטער, האָט אָפּגעהילכט דער האמער־קלאנג. דער קלאנג פון די האמערס וואָס האָבן געקלאפּט די העלצערנע פלעקלעך, האָט אויסגעשלאָגן די ארבעטס־סימפאָניע, וועלכע די נאכט־פינצטערקייט האָט פונאנדערגעטראָגן.

נאָר דער „גאָ־גאָ" דער געשריי פון די גענדז, וועלכע די יידן האָבן געשטאָפּט אין זייערע „פּאשארניעס", האָט געשטערט דעם קלאנג פון דער ארבעט.

שבת־צונאכט (מוצאי שבת), עס האָט קוים ערשט געגרויט, עס איז נאָך נישט פארהאנען געווען א שטערן אויפן הימל, די פרומע יידן האָבן נאָך נישט געהאט „הבדלה" געמאכט, האָבן אין שטאָט אריין געאיילט די שיסטערס. יעדער פון זיי איז געגאנגען מיט א פארוואָרפענע איבער די אקסלען „הוידע". צונויפ־געבינדענע שיך. זיי האָבן אָפּגעטראָגן די אויסגעארבעטע סחורה די סוחרים.

צומאָרגנס, גאנץ פרי זענען די סוחרים וואָס האָבן געהאט שוין געגאָלטע בערד, געטראָגן די קאשקעטלעך פאריקט איבער די אויגן און די ייבעצעס זענען ביי זיי געווען אונטערגעשניטן ביז דער קני, זענען זיי געשטאנען ביי די טירן און די טוירן פון זייערע הייזער און געוועלבער, און אויסגעקוקט די אָנגעפאָרענע סוחרים, געוואָלט מיט זיי האנדלען. א גאנצן טאָג זענען די יידן געווען פאר־שמייערט — זיך געאיילט, ארויס פון הויז און אריין אין א געסל. יעדער האָט געוואָלט כאפּן נאָך איינעם פון די אָנגעפאָרענע סוחרים.

אין אָוונט, האָבן די צווויי פאסאזשירן־צעגער, אוועקגעפירט צוויי צוגע־טשעפּעטע וואגענעס מיט שיך, נאָך סאסנאָוויצע און קיין קראָקע.

דער „סטאָק" — די וואסער־קוואלן האָבן זיך געשלענגלט — זיך ארייג־געשניטן אין שטעטל אריין ווי א קלין. פון איין זייט וואסער זענען געלעגן די „סאָדזעס" אין וועלכע די פישערס האָבן געהאלטן די קארפּן אויף שבת. פון דער צווייטער זייט וואסער זענען געשטאנען די גארבארניעס אין וועלכע מען האָט געגארבט דעם „יוכט" פאר די שיסטערס. די גערבער, האָבן געהאט לאנג אויסגעצויגענע הענט פון שובן די פעל. זייערע הענט, זענען שטענדיק געווען ווי אויסגעאיילט. זייערע פינגער־נעגל זענען געווען רויט פון דער דאמב־קארע אין וועלכער זיי האָבן געווייקט די פעל. אפילו שבת, ווען זיי האָבן געטראָגן די שבת'דיקע בגדים, האָט זיך פון זיי געפילט די פעל־פוילקייט, פונקט ווי אין דער סביבה ווו עס האָבן זיך געפונען די גארבארניעס.

נאָר „הענעך" גארבער, א דארער ייד אויף אויסגעבויגענע פיס, מיט

א לאנג ביינעיק פנים און קורץ שיטער ווי אויסגעציפט בערדל, האָט איבערגעפירט זיין גארבעריי אין דער צווייטער עק שטאָט — צו די באגנעס. הענעך האָט אויסגעבויט א צוויי־שטאָקיקע געביידע. ער האָט פון ווין געברענגט מאשינען, וועלכע האָבן געשפּאָלטן און געפרעסט די פעל. דאָס איז געווען די ערשטע אין שטעטל יידישע פאבריק.

די יידישע יוגענט איז מערסטנטייל ארומגעגאנגען פוסט און פּאַסט. נישט האָבענדיק קיין באשעפטיגונג, האָבן זיי שפּאצירט מיט די שטעגן פון די באגנעס — צו הענעכן. זיי זענען געווען נייגעריק זען די וווּנדער־טעכניק, כאָטש זיי האָבן נישט פארטראָגן דעם ריח פון דעם אָפּפליסענדן וואסער אין וועלכן מען האָט געגארבט די פעל.

די יידישע יוגענט, האָט אויך שפּאצירט ארום די גומי און עמייל פאבריק; וועלכע די דייטשן האָבן אויפגעשטעלט, פון דער אנדערער זייט באן שינעס. די רויטע ציגל ווענט, אונטער וועלכע עס האָט זיך געוואלגט דער רויש פון לויפנדע טראנסמיסיע־רעדער איז געווען דער טרוים פון דער יידישער יוגענט. זיי האָבן געוואָלט ווי די גויים פון די ארומיקע דערפער פארקויפן זייער כח און שוויס, זיי זאָלן יעדע צוויי וואָכן קריגן דערפאר באצאָלט. זיי האָבן נישט געוואָלט ווארטן, מוזן אויסקוקן דער טאטע זאָל עפענען „ס׳שיפלעדל״ און זיי דערלאנגען א פּאָר גראָשן.

„די מאכט״ האָט דערצו נישט דערלאָזט.

דער איינציקער אויסוועג איז געווען דער איינער אין דער וואָך טאָג — דער „יריד״. דאָנערשטיק; גאנץ פרי האָבן די סוחרים געעפנט זייערע געוועלבער און פונאנדערגעסדרט זייערע סחורות. די מארק־שטייער, האָבן פונאנדערגעשטעלט אויף דער רעכטער זייט מארק, זייערע טישן, שטענדערס און ביידלעך. זיי האָבן צונויפגעטראָגן זייערע סחורות: שטיוול, שיך, אָנצעגער, באנדעס קאפּעלושן, היטלעך, העמדער און גאטקעס. פון דער צווייטער זייט מארק — לינקס, האָבן יידן פונאנדערגעשטעלט „פּולקאשקעס״ מיט פארשידענע רעשטלעך סחורות. די „מאסאזשיס״ וואָס האָבן פארקויפט חזיר־פלייש, זענען געשטאנען ווייטער ארויף. היינט ברייט־ביינעיק אויסגעגעסענע גויים, ביי וועלכע ס׳בלוט האָט געשפּראָצט פון זייערע פנימער, האָבן כסדר געשלייפט זייערע בלאנקענדע מעסערס. א פרומער ייד וואָס איז זיי פארבייגעגאנגען, האָט אוועקגעדרייט דעם קאָפּ.

צווישן די יידן, וואָס האָבן פארקויפט די „רעשטלעך״ און די גויים, וואָס האָבן פארקויפט „חזיר״ איז געשטאנען דער לאָמער יענקל. די גויים, האָבן אים גערופן „יאַקוב״. יענקל איז געשטאנען און געדרייט א קארבע פון א קאטע־רינקע. די קאטערינקע האָט געשפּילט איין און דעם זעלבן מאַרש. יענקל האָט געדרייט די קארבע און געשריגן מיט א הייזעריק קול: „קסאָ ריזיקוויע טען טשטשענשטשע בודויע״. א געלע פּאפּוגיי, וואָס איז געשטאנען אויף זיין אקסל, האָט אים צוגעהאָלפן. זי האָט כסדר געשריגן: „טאַק״, טאַק״. די פויערן זענען געשטאנען און האָבן באוווּנדערט דעם פויגל. יעדער פון זיי האָט געטראכט

צו עס איז כדאי ארויסצי̇יען א „לאָס" פון יענקל'ס קאטערינקע. דאָס געווינס — דער „לאָס" האָט געקענט זיין, א בלעכן רינגל אָדער שפּילקע.

אין מיטן מארק, צווישן די פארקויפער פון ביידע זייטן, האָבן זיך אוועקגעזעצט אויף זייערע פליישיק אָפּגעדעקטע פיס די „באַבעס" וואָס זייערע קעפּ זענען געווען ארומגעבינדן מיט קאָלירטע טיכלעך. זיי האָבן אָנגעבאָטן און פארקויפט זייערע סחורות: פּוטער, אייער, א הון, א קאטשקע, אָדער א גאנז. די עופות, ווי זיי זאָלן פילן זייער לעצטן טאָג, האָבן געקלאפּט מיט די פליגל און געקרייט.

אונטער זיי זענען פארפאָרן די פויערן מיט זייערע וועגענער און זיך אוועקגעשטעלט איינער נעבן אנדערן גלייך, ווי א מויערער לייגט א ציגל נעבן א ציגל. די יידן, ס'היטל פאריקט אויף הינטן, די ארבל פון דער ייבעצע פאר־שארצט, די פּאָלעס אונטערגעבויגן, דער שפּענצער־קנאָפּ נישט פארקנעפּלט, האָבן געשמייעט — זענען געלאָפן און געשפּרונגען פון איין וואָגן צום אנדערן, געטאפּט די זעק, באקוקט די תבואה — זיך געהאנדלט און געקויפט. דער רעש און געפּילדער איז געווען גרויס ווי דער זשום פון א אנטלאָפענע סטאדע בינען, וואָס באפאלט א בליענד בוים. אינם רויש און געפּילדער האָסט דו געקענט זען, ווי א ייד יואָס וויל לייזן, האלט א פויסט מארינארקע אויפן פויערס פּלייצע, פונם פויערס מלבוש וואָס ער האָט געמאָסטן — עס זאָל אים פּאסן. האָסט אויך געקענט זען ווי א „פּאַרטע" הייבט זיך אונטער ס'קלייד און מעסט אָן גאטקעס אָדער א האלקע, צו זיי זענען נישט קליין אויף איר.

פון דעם שמייען און לויפן, האָבן די יידן אין שטעטל בדוחק ארויסגע־שלעפּט חיונה. טרוקן ברויט מיט א לעפל קלייען־באָרשט אָדער א טעלער „יושקע" איז ביי מערסטנטייל יידן געווען ס'טאָג טעגלעכע עסן. אפילו אויף שבת, האָבן זיי זיך נאָר פארגינען די געדערים פון א בהמה אָדער א שטיקל קאָפּ־פלייש.

אָבער די יידן אין שטעטל, האָבן פאָרטגעזעצט זייער שטייגער — געלעבט. די יידן אין די געסלעך, האָבן געשיקט די קינדער אין חדר אריין. ביי איטשע מלמד, א הויך ברייטבייניקער ייד, מיט א לאנג צעקעמטע שפּיציקע באָרד, האָבן קינדער געלערנט „עברי" ביי יוזיפן און ברוך־לאָזרן, צוויי נידריק־קרעפּקע און דיקע יידן, וועלכע האָבן געהאט לאנג־גרויע בערד און פארגעלטע נעז און וואָנסעס פון שניפּן טאבאק, האָבן יינגלעך געלערנט חומש־רש"י. ביי מרדכי וואָלפן, א נידריק ברייט ביי̇ניקער ייד, וואָס האָט געהאט א הויך למדנישן שטערן, א גרויע ברייטע באָרד און גרויסע מיט חכמה גליענדע אויגן, האָבן בחורים געלערנט א בלאט גמרא. אין בית־המדרש ביי די טונקלע פון אלטקייט טישן, אויף וועלכע פארשידענע הענט, האָבן אין משך פון דער צייט מיט טאשן־מעסער־לעך אויסגעקריצט: א מגן־דוד, א מנורה, אָדער א חנוכה־דריידל — זענען געזעסן עטלעכע בחורים און געלערנט „פאַר זיך".

די יידן אין מארק, האָבן זייערע קינדער שוין געשיקט, פארמיטאָג אין דער שטאָטישער פאָלקס־שולע. נאָכמיטאָג אין חדר אריין. די שולע, האָט געלייטעט דעם דאָקטערס שוועסטער „פּאַני מאַריה". זי איז געווען א אלט פריילין, מיט א קאָפּ גרויע האָר וואָס זענען געווען פונאנדערגעטיילט מיט

א שרינד אין דער מיט. זומער און ווינטער האָט זי געטראָגן א לאַנג שוואַרץ ביז די קנעכל קלייד.

אין צווישן, האָט דער צענטראַלער האַנטווערקער־פאַרבאַנד אין וואַרשע, וואָס איז געשטיצט געוואָרן דורכן „דזשוינט", געעפנט אין שטעטל א באַנק פאַר די בעלי־מלאכה׳ס און קליין־הענדלער. דער פּרעזעס פון דער באַנק איז געוואָרן משה מייטליס — דער איינציקער אין שטעטל און אין דער סביבה, דאַמען־שניידער. נאָר די פּרויען פון מארק — האָבן זיך ביי אים געניית. דער דאַמען־שניידער איז יעדן אָוונט געקומען אין דער באַנק אריין. די באַנק האָט זיך געפונען אין א געדונגען צימער אין א יידיש הויז. דאָס הויז איז געשטאַנען ביי דער „טומאה". פון זינט משה מייטליס, האָט אונטערגעשריבן־באַשטעטיקט די הלוואות פאַר די יידן, האָט ער אָנגעהויבן גיין מיט א שטייפן קאַרק, שטאָלצירנדיק פאַרויס זיין בויך.

דער דאַמען־שניידערס גאַנג, האָט געערגערט עטלעכע אין שטעטל יידן — די קהילה־דאַזאַרעס. זיי האָבן זיך געשראָקן אז דער „שניידער" קען נאָך ווערן זייער קאָנקורענט. יעדער פון זיי איז געווען איבערצייגט אז די דעה־זאָגערס אין דער באַנק, דאַרפן זיי זיין. איבערהויפּט אז יעדער פון זיי האָט געוווסט, אז אין דער פּאַנצער־קאַסע וואָס מען האָט געשיקט פון וואַרשע און שטייט אין ווינקל אונטערן שרייב־טיש ווי עס זיצט דער „פּרעזעס" — ליגט געלט.

ספּעציעל זיך געערגערט, האָט נפתלי דער דאַזער. נפתלי איז געווען א וווקסיק ברייט־ביינער ייד, וואָס האָט געהאַט גראָבע פינגער מיט קליינע נעגל. ער האָט געהאַט צוויי רויטע דיקע ברעמען אונטער וועלכע עס זענען טיף געזעסן, צוויי שנעל־באַוועגנדע זיך אויגן. נפתלי, האָט געבונטעוועט דעם עולם.ווי עס איז פאַרהאַן געווען א רעדל פון צוויי דריי יידן, איז ער צו זיי צוגעגאַנגען און זיי אויפגעקלערט: „עס קען אזוי נישט זיין". „קיינער האָט אים נישט געוועלט". „ער האט זיך אליין געמאַכט". „די באַנק וועט באַנקראָטירן". „ער קען נישט שרייבן".

די יידן מיט זייערע האַלב־פאַרלאָשענע אויגן און אויסגעצויגענע פּנימער, האָבן ערשטוינט אים אָנגעקוקט און געשוויגן. זיי איז נישט געווען קיין אונטער־שייד, ווער עס באַרגט זיי, די עטלעכע זלאָטעס צום מסחר. א טייל יידן זענען דווקא געווען צופרידן, וואָס א שניידער — א אייגענער, קען פירן א באַנק.

משה מייטלעס — דער פּרעזעס, האָט געשוויגן. ער אליין, איז מיט זיך געווען נישט זיכער. ער אליין, האָט געטראַכט: אפשר קענען חלילה מקוים ווערן נפתלי׳ס רייד. ער האָט נאָר יעדן פון די יידן, וואָס האָבן איבערגערעדט פאַר אים, נפתלי׳ס רייד געזאָגט: „קודם־כל זאָל ער חתונה האָבן". „א בחור טאָר זיך נישט מישן אין קהל׳שע ענינים". „דערצו נאָך א אלטער בחור".

דער בר־סמכא אין שטעטל איז געווען דער רב. דער רב, א מיטל־וווקסיקער דאַרער ייד — נאָר הויט און ביינער, מיט א לאַנגע און דינע נאָז, ברייט למדנישן שטערן, אונטער וועלכן עס זענען געזעסן טיף, צוויי גליענדע מיט חכמה אויגן איז געווען א למדן מופלג. נישט איין ייד האָט אים אָפּגעוואַרט, ווען ער איז געגאַנגען צום דאַווענען און אים געזאָגט: „גוט מאָרגן" רב. דער רב, האָט

זומער געדאווענט אין שול, דעם ווינטער האָט דער רב געדאווענט אין בית־המדרש מיט די „יודע־ספר״.

די יידן אין שטעטל זענען געווען צונויפגעלעבט, אָבער יעדער פון זיי בעזונדער, האָט געלעבט זיך זיין לעבן, איינער איז אויפגעשטאנען פאַרטאָג צו פאָרן מיט דער באַן, א צווייטער, איז צופוס געגאנגען אין דאָרף אריין. ווער עס האָט געעפנט זיין געוועלב — געוואַרט אויף קונים און ווער עס האָט זיך געשטעלט פרעסן אָדער צושניידן.

אָבער פרייטיק מיטאָג, האָבן אלע יידן געאיילט אין באָד אריין. משה יוסף — דער בעדער, א הויך מגושמדיקער ייד מיט א ברייט פליישיק פנים, פון וועלכן עס האָבן ארויסגעקוקט, בלויע גוטמוטיקע קינדער־אויגן, האָט געשטעלט זיך הייצן דעם מקוה אויוון, שוין מיטוואָך ביינאכט. ער האָט די לאנגע שטשאפעס האָלץ, געריקט אין אויוון אריין ביז פרייטיק פאר מיטאָג. די צוויי ריזיקע „קיזל״־שטיינער, האָבן געגליט ווי א העליש פייער. מיטאָג־צייט, האָט משה יוסף גענומען „אויפגעבן״ — באגאסן די צעגליטע שטיינער מיט קאַנען קאָכעדיק וואסער, א שווער געדיכטע און צעבריטע היץ, האָט אויסגעפילט דאָס באָד.

יידן האָבן געשוויצט, זיי האָבן געקלאַפּט זיך די לייבער מיט ריטן און זיך געקילט די צעגליטע קערפּערס, מיט שעפלעך קאלט וואסער, וואָס זיי האָבן אויף זיך געגאָסן. יידן האָבן געשוויצט — זיך געקוויקט. זיי זענען געלעגן צעלייגט איבער די בענק, ביז דער רב איז ארויף שוויצן. דער אויסגעדאַרטער רב, איז ארויף און זיך אוועקגעלייגט אויף דער העכסטער — דער זעקסטער באַנק. דער מגושמדיקער בעדער — משה יוסף, איז געשטאַנען, און האָט געפּאַכעט איבערן רב מיט א אויסגעווייקט בעזעמל. די צעשפּילטע וואנדלעך פונם בעזעמל, האָבן געבריט ווי פייער ריטן. דער רב איז געלעגן און האָט געקרעכצט פון ווייטיק און תענוג.

יידן האָבן אין שוויץ אריין געאיילט. זיי האָבן ליב געהאט אויסבריען זייערע פארמאטערטע גופים. אין שוויץ האָט יעדער ייד זיך גוט געפילט. אלע זענען געווען נאקעט און זענען געזעסן, איינער נעבן אנדערן. דער סוחר נעבן דעם דאָרפס־גייער, דער בעל־מלאכה נעבן דעם מלמד. אלע יידן האָבן אויסגעקוקט דעם פריטאָג. אלע, האָבן זיי זיך געוואָלט אויספּארן — פון זיך אראָפּוואַרפן די וואָכענדיקייט — דעם עול. משה יוסף האָט גוט צוגעגרייט די שוויץ. ער איז געווען א געניטער בעדער. די יידן אין שטעטל, האָבן זיך גערימט: „נאָר מיר האָבן א משה־יוסף״. ביי יעדער געלעגנהייט, ווי נאָר א ייד איז געוואָרן אומצופרידן מיט „קהל״, האָט ער איבערגעחזרט דאָס שטעטישע שפּריך־וואָרט: „וואָס קען גוט זיין; אז דער דאזער און בעדער איז א בחור און די „הייבן״ איז א מויד.

יעדער ייד. האָט געלעבט זיין שטייגער. אָבער די עדה איז געווען צונויפגעלעבט. יעדער ייד, האָט געהאט דאגות פרנסה און משפחה. אָבער טאָמער איז ביי וועמן אין שטעטל געשען א אומגליק, האָט אלט און יונג געליטן. איינער איז תמיד גרייט געווען העלפן דעם אנדערן. זייער אָפּט, האָט מען געקענט זען צוויי יידענעס, וואָס זענען געווען אָנגעטון אין די שבת׳דיק סאטינינע קליידער, דעם שווארץ־שפּיצענעם שאַל פאַרוואָרפן איבער די אקסלען, גייען איבער די

טירן צונויפגענומען עטלעכע „גילדן" פאר א נויט־באדארפיקע משפחה. נישט איין ייד, האָט זיך אוועקגענומען דעם ביסן פון מויל און געגעבן זיין „תרימה" בשיאיס חן („תרומה בתשואת חן").

זיך געמאכט א „שמחה" אין שטעטל, האָט די גאנצע עדה, זיך מיט געפרייט. אלע יידן זענען געגאנגען קוקן, זען און באוואונדערן. איז ווער געשטאָרבן חלילה, האָט ס'גאנצע שטעטל מיטגעטרויערט. דער צער און פחד, האָט זיך ווי פונאנדערגעהאנגען איבער די יידישע טירן און פענצטער.

אָבער אנדערש, איז געווען די באציאונג צום „ראָט־הויז" — דעם שטעטל־גביר. דאָס לאנגע שטאָקיגע הויז איז געשטאנען אויף א טיפן קעלער און האָט געהאט שטיינערנע ווענט א מעטער די ברייט. דאָס הויז, האָט פארנומען דריי גאסן — א שטיק מארק, א חלק פון דער הויפט־גאס און א געסל. דאָס הויז האָט געהאט פיר טוירן.

דאָס הויז, זענען די יידן ווי ארומגעגאנגען. זיי האָבן זיך נישט געוואגט דערנענטערן. אָבער יעדער פארבייגייער, האָט פון דער זייט געכאפט א קוק, געוואָלט זען, וואָס עס טוט זיך אונטער די דיקע ווענט. דאָס לאנג־שטאָקיקע הויז מיטן שיפן דאך איז באשטאנען פון עטלעכע צענדליקע צימערן. ר' אברהם מרדכי — זיינע קינדער און אייניקלעך וואָס זענען נישט אוועק אין דער פרעמד, האָבן געוווינט אין ראָט־הויז. הינדעלע — די נגידיסטע — זיין ווייב איז געווען א מיטל־וווקסיק פליישיקע־פרוי. איר פנים איז געווען צעקנייטשט, האָט אָבער געהאט אלע נאָך סימנים פון איר יוגענט־שיינקייט. זי האָט געטראָגן א ברייט טאפטענע קרינאלינע מיט א טוזשיריק און א פעדערן־הויב אויפן קאָפּ. זי איז ארומגעגאנגען איבער די שטיבן און אויפגעפאסט, ווי אזוי אירע צוויי קעכנס קאָכן, וואָס עס טוט דער פארנאל און ווי אזוי דער סטריז'ש רייניקט דעם הויף. איר „קרינאלינע" איז געווען פארדעקט מיט א ברייטע שעלקע־שארץ. אויף דער שארץ־שעלקע זענען געהאנגען די שליסלען פון די קעלערס, ווי עס זענען געשטאנען די פעסלעך און גאנשערס וויין און די שליסלען פון דער „שפיזשאַרניע", ווי זי האָט געהאלטן די איינגעמאכצן. איז ווער אין שטעטל קראנק געוואָרן, איז מען באלד געלאָפן אין „ראָט־הויז" אריין, נאָך אביסל „איינגעמאַכץ".

אברהם מרדכי, א נידריק דארער ייד מיט א לאנג שיטערער באָרד, לאנג־בייניק פנים, גרויסן שטערן און טיף מאטע, ווי געגליווערטע אויגן, איז טאָג טאָג געזעסן איבער א אָפן ספר. ער האָט געליינט מיט די אויגן. ער האָט נישט א ריר געטון מיט די ליפן און זיך נישט א ריר געטון פון אָרט. נאָר זיינע דארע פינגער האָבן געצייפט א האָר נאָך א האָר פון זיין שוין שיטערער באָרד. נאָר דאָנערשטיק — דעם יריד־טאָג, איז ער געזעסן איבער א בוך מיט דער פעדער אין האנט און פארשריבן פינקטלעך, די געלטער וואָס די פויערן האָבן אים געבראכט. אברהם מרדכי האָט געקויפט „גיטער" ביי די פריצים, וועלכע האָבן זיך גענויטיקט אין געלט, זיי זאָלן קענען פאָרן קיין פאריז, פארברענגען. די ערד, האָט ער פאר־צעלירט — זי פארקויפט די פויערן אויף אויסצאָל. אים געהאָלפן פירן די געשעפטן, האָט שלמה און הענדל, זיינע צוויי עלצטע זון.

אברהם מרדכי האָט געלעבט אין רחבות. אין „ראָט־הויז" האָט מען זיך געפירט, ווי ביי די נגידים אין די גרויסע שטעט. ביי אים אין הויף איז געווען „ס׳גערער שטיבל". מיצאי־שבת, האָבן „גערער" חסידים, ביי אים אין שטוב „געפראַוועט" די „מלוה־מלכה". מען האָט געגעסן חלה מיט פיש און קאַרטאָפל מיט באָרשט. די חסידישע נגונים, האָבן געהילכט איבער דער גאס, ביז אין דער האַלבער נאכט אַריין. פורים האָט מען ביי אברהם מרדכי׳ן געעפנט אלע טירן לענג אויס דעם הויז און פאנאנדערגעשטעלט געדעקטע טישן. אברהם מרדכי איז געזעסן אויבן־אָן. דער טיש איז געווען באַשטעלט מיט „אָפלקעס" געלט. געטיילט „שלח מנות" האָט דער עלסטער זון. יעדער האָט באַקומען לויט זיין „סגאַל". אברהם מרדכי איז געזעסן און הנאה געהאט. ספּעציעל האָט ער זיך געפרייט, מיט די פורים־שפּילער וואָס האָבן פאַר אים פאָרגעפירט „מכירת יוסף". די פארשטעלטע, האָט ער אליין דערלאַנגט, מער געלט ווי יעדן אנדערן. אז עס האָט זיך געענדיקט דאָס „שלח מנות"־טיילן האָט אברהם מרדכי זיך געוואַשן, און זיך געזעצט צום טיש, מיט זיינע בני־בית און מיט די שטעטישע אָרעמעלייט. דעם „פסח", האָט אברהם מרדכי „געפראַוועט" אין קרייז פון זיין משפחה. צום „סדר" זענען זיך צונויפגעפאָרן פון דער פרעמד אלע זיינע קינדער און אייניקלעך און אויך אפילו ווייטע קרובים. די ליכט־העלקייט אין די שטובן האָט געבלענדט, די ווייסע טישטיכער, האָבן געשימערט. די טישן זענען געווען סערווירט מיט פּאָרצעלאַן און זילבער־באַשטעק. פאר „פסח" האָט אברהם מרדכי געשיקט רופן דעם ראש־הקהל און איב געגעבן קמחא־דפיסחא. חול־המועד סוכות, האָט ער אים געגעבן געלט, ער זאָל קויפן קאַרטאָפל און קוילן, פאר די נויט־באַדאַרפענדע.

אין „ראָט־הויז", האָט מען געלעבט זאָרגלאָז, אפילו ווייטע קרובים, זענען געווען אויסגעזאָרגט. נאָר גאולה — די עלצטע טאָכטער, איז געווען א אויסנאַם. זי איז אָפט געזעסן ביים פענצטער, מיט פארלייגטע הענט איבערן בויך און געדרייט מיט אירע גראָבע פינגער ווי א מילעכל. אירע קליינע צוגעזענקטע אויגן, האָבן שפּיציק געקוקט. זי, האָט קיינעם נישט אדורכגעלאָזט. זי האָט אָפּגעשטעלט מענטשן און זיי אויסגעפרעגט. זי האָט געוווסט אלע רכילות פון שטעטל. זי, האָט קיינעם נישט געשפּאָרט, יעדער האָט איר אונטערגעטראָגן דעם „גוט־מאָרגן", אָבער איילik. זי האָט געקענט עטלעכע שפּראכן. דאָס איז אין דער דאָרטיקער סביבה געווען א געשעעניש.

יידן, וואָס האָבן געדאַרפט אוועקשיקן א בריוו, זענען צו איר געגאַנגען, זי זאָל זיי, אים שרייבן, זי איז געווען פארביטערט. זי איז יינג געבליבן א אלמנה. אירע קינדער האָבן געלעבט אין דער פרעמד. זי איז געווען דיק און האָט געהאט א אָנגעברענט פּנים און פינגער. ווען זי איז געווען נאָך א „אייפעלע" איז דאָס שטעטל אָפּגעברענט געוואָרן.

די שטעטישע, האָבן געשעצט דאָס „ראָט־הויז" און זיינע מענטשן.

דעם טאָג, זענען די יידן ווי עס איז איבערגעקומען, פאַריאָגט און פאַרהאָרעוועט געביקט פון׳ם עול און גורל — האָבן זיי נישט געטראַכט, ווי וועט זיין דער מאָרגן.

אָבער אין אָוונט, זענען די יידן געוואָרן אומרואיק. איצט האָבן זיי

דערפילט די ענגקייט פונם שטח — דעם שטעטל. דאָס שטעטל איז געווען ארומגעקרייזט מיטן טייך, די באגנעס און די וועלדער, ווי מיט א צוים. פאר־גרעסערט נאָך די ענגקייט, פון די יידן, האָט די „טומאה", דער שאָטן פונם „ציילעם" אויפן טומאה־טורעם האָט באדעקט דעם גאנצן מארק. קריסטן, וואָס זענען געגאנגען אין דער „טומאה" אריין, האָבן שטענדיק באגריסט א אָנגעטראָ־פענעם באקאנטן ייד.

אָבער די שקצים, וועלכע האָבן געטראָגן די קאַשקעטן „נאַ באַקער", זייערע שטיוול כאלעוועס, זענען געווען שטייף און זיי האָבן געטראָגן רעקלעך אויפן פאַסאָן פון א „בעקעשע". האָבן אין דער פינצטער א ציליווע געטון א שטיין אין א יידיש פענצטער אריין. א פארשפּעטיגטן פויער, וואָס איז געגאנגען צו א ייד אין געוועלב אריין, האָבן זיי אים א זאָג געטון: „קויף נישט ביי א ייד"

יידן, האָבן געזען און געהערט און אומרואיקע זיך ארומגעקוקט. אָבער זיי זענען געגאנגען צו „מנחה־מעריב", ווי יעדן טאָג.

די בעקערס, אין זייערע קעלער־שטובן זענען געשטאנען מיט צעכראַט־טשעטע לייבער, באָרוועס אין די פוס־גריבער ביים אויוון און געקאָכט די מאָן־בייגל. פארקויפער, האָבן צעפירט — פארקויפט די בייגל די פאסאזשירן אויף די צעגער.

א ייד מיט א לאנגע באָרד אין א „צייגן" כאַלאַטל, די „נאָגיוויצעס" פאר־בונדן מיט שטריקלעך, איז געזעסן אויף א אָנגעלאדענטן מיט „שינדלען" וואָגן. אונטער דער לאסט, האָבן די רעדער פון וואָגן זיך געשיבט — געלאָפן איבער די אקסן — געקלאפט און געריסן די שטעטלדיקע נאכט־שטילקייט. די „שינדלען", האָט דער ייד איינגעקויפט, ביי די פויערן אין די דערפער. די גויים, האָבן א גאנצן ווינטער געשניצט די „שינדלען". דער ייד, האָט די „שינדלען" געפירט קיין דאמבראווע פאר די „גורניקעס".

די נאכט־פינצטערקייט, איז געווען געדיכט. פחד, האָט אין איר געלויערט. די יידן, אין שטעטל האָבן זיך די מי געגעבן זיי זאָלן ביינאכט זיין אין שטוב. פונקט אזוי, ווי ווען די גויים פון די דערפער זענען געקומען אין שטעטל אריין זיך שטעלן צום „פריזיוו", און זיי האָבן געהאקט שויבן און געריסן שילדן פון די יידישע געוועלבער. די יידישע פריזיוויניקעס זענען געזעסן אין בית־המדרש און זיך „געמאָרזעט".

די יוגענט, האָט געאיילט אין „פאריין" אריין. ווער צום „בונד" און ווער אין א ציוניסטישע אָרגאניזאציע. די לאָקאלן זענען געווען ליידיקע שטיבער אין וועלכע עס זענען נאָר פארהאן געווען בענק מיט הילצערנע טישן. דער קאלך פון די ווענט האָט זיך געשיילט. די ווענט זענען געווען באהאָנגען מיט בילדער פון פארטיי־פירער. יעדער יוגענטלעכער באזונדער, האָט געהאט די נויטווענדיקייט, זיך טרעפן מיט א חבר, א מיידל אָדער א באקאנטן. יעדער פון זיי, האָט זיך געדארפט אויסרעדן. אָבער כמעט יעדער, האָט א לענגערע צייט זיך געדרייט אונטער די פענצטער — אריינגעקוקט, ווער עס געפינט זיך אין „לאָקאַל", און קוים געוואגט איבערטרעטן די שוועל. דרייסט זענען זיי געווען אין דער „קולטורא" — דער שטאָטישער ליי ביבליאָטעק. דער ראָמאן און די

נאָוועלע, האָט ביי דער יוגענט שוין פאַרטרעטן דעם „מנחה־מעריב״. אין דער ביבליאָטעק האָבן זיי דיסקוטירט ביז שפּעט: נאַציאָנאַלע־אויטאָנאָמיע — צו עמיגראַציע. אמעריקע אָדער ארץ ישראל. אָבער מעבר ליַם, איז קיינער פון זיי נישט אוועק.

שפּעט אין דער נאַכט, מידע פונם טאָג ארבעט, האָבן די בחורים זיך געטראָפן און זיך געדרייט, „הין און צוריק״ איבערן ליידיקן מארק. זיי האָבן געאָטעמט די נאַכט־פייכטקייט און די פינצטער האָט זיי פאַרשטעלט. זיי האָבן שפּאַצירט און סודות־פול זיך איבערגעגעבן: „מיט דער צייט וועט דאָס שיסטעריי אונטערגיין״. „מען וועט טראָגן נאָר געגריוועטע שיך״. „אין זאַגלעמביע״ ארבעטן די נאָדל־ארבעטער איבער־שעה׳ן שוין״. „וואָס דען! זיי וועלן זיך לאָזן אויס־ניצן, ווי מיר?״ האָבן צוזאַם אויסגערופן עטלעכע הויל־פאַרשטיקטע קולות. מען זאָל זיי נישט הערן.

ביים אוועקגיין האָבן זיי איבערגעטוישט — זיך איבערגעגעבן די בראָשורן פון „מארקס קאַפּיטל״. די בראָשורן, האָט קאָפּל פריזיער, דער ארבייטער עסקן — א דארער ייד, וואָס האָט געהאַט א בלאַס פּנים און א פּליך אויפן קאָפּ, געברענגט געהיים פון בענדין.

אָבער די שוחטים — די נידריק פליישיק געביקטע ווי א בלעכל גע־שטאַלט — ר׳ פייוול שוחט וועלכער האָט געהאַט א קורץ שיטער בערדל און זיין אייז׳עם — מאיר שוחט וועלכער האָט געהאַט א לאַנגע רויטע באָרד, וואָס האָט מיט איר קאָליר ווי געגליט אין דער פינצטער — זענען נאַכט נאַכט געגאַנגען אין שאַכט־הויז אריין. זייערע טריט, זענען געווען שווערע. זייערע פּלייצעס זענען געווען געביקט. זיי זענען געגאַנגען און אין בוזים פאַרשטעקט געטראָגן דעם לאַנגן חלף.

יידן האָבן זיי באַגלייט מיט די אויגן. ווער מיט פּחד — זיי גייען שחט׳ן. ווער מיט פרייד — דאָס שטעטל וועט זיין פאַרזאָרגט מיט כשר פלייש.

אין מארק, נעבן פישל טאַרלאָ — ארויפצוגיין אויף א פּאָר טרעפּ, איז געזעסן איבער א ספר, די ברייט ביייניקע געשטאַלט — רבי יאָקל דיין. זיין קאָפּ איז געווען א פליישיקער און האָט געהאַט א גרויסן למדנישן שטערן און טיף איינגעזעצטע אויגן. זיין באָרד איז געווען שפּיציק, לאַנג און ווייס. ער איז געזעסן א איבערגעבויגענער איבערן ספר. ביים שיין פון א „קאַגאַניקל״ און געוואַרט אפשר וועלן יידן אים דארפן — אים קומען פרעגן א שאלה.

אז א קינד. איז צו אים אריין, מיט א פּיפּיק אָדער מיט א פליגל — צו מען קען אים ניצן, איז זיין ערשטע פראַגע געווען: „קינד וועמענס ביסטו?״ ער האָט געפסק׳נט לויטן „ס׳גאַל״, און ווי תמיד ממשיך געווען זיין עבודת־הבורא.

---

אין א טריבן פרימאָרגן, דער הימל איז געווען טונקל און שווער, דער רעגן, האָט געהאַנגען אין דער לופט, האָבן די דייטשן צונויפגעזאַמלט די עדה

וואלבראָמער ייד אין מארק. די שטאָט־גויים און די אָנגעקומענע פון די דערפער פויערן, זענען געשטאנען אָנגעלענט אין די הייזער און צופרידענע, זיי באטראכט.

די דייטשן, האָבן די אלטע און קראנקע יידן ארויסגעפירט אונטער דער שטאָט אויף דעם ליידיקן צווישן וואלד אין דעם בית־הקברות פעלד, און זיי אויסגעשאָסן. די געבליבענע עדה יידן, האָבן זיי פארטריבן צו דער באַן. דער צוג האָט זיי אוועקגעפירט, אויף זייער לעצטן וועג.

יתגדל ויתקדש!

---

זאב איסר שמואלי (סארנה)

# מוולברום ועד חולדה

## (רשמי נסיעה לישראל בשנת 1918)

בשקט ובלי רעש התנהלו החיים בעיר מולדתי, וולברום, השוכנת בקרבת גבולות המדינות אוסטריה וגרמניה. העיירה מנתה בשנת 1918 כמה אלפי נפש מישראל ולה כעשרה רחובות, קצרים וארוכים המשתרעים מסביב למגרש „השוק". ברחוב בית הכנסת — הידוע בתור „שול־גאס" — התרכז כל מה שהיה דרוש לקהילה יהודית שלמה: בית הכנסת המפואר, שני בתי מדרש, הגדול והקטן, רב, מו"צ, שובי"ם. חזנים ושמשים, בית מרחץ לכל ימי השבוע ובית זיעה לע"ש וערבי החג. ברחוב בית הכנסת היה גם מעין צבורי הנקרא „סטוק" ומהמעין הזה שאבו מים כל בני העיר לרבות גם „מים שלנו" לאפית מצות. אמנם, בכיכר „השוק" עמדה משאבה מיכנית, אבל היא היתה עפי"ר מקולקלת והיא גרמה לחבלים די רציניים בקטיעת האצבעות לבני הנעורים — זה קרה עפי"ר בשבתות, בזמן שהיו פנויים מהחדר ושחקו מסביב למשאבה הזאת.



זאב איסר שמואלי (סארנה)

בעירנו היתה גם חצר הרבי הנקרא רבי אלתר, ונוסף לכך היו גם עשרות קלויזים לכל סוגי החסידים. מפי זקני העדה שמענו שהעיר וולברום היתה מחולקת לשני מחוזות, וולברום הרגילה והחלק השני שנקרא „אחו־חדש" (נאוה לאנקע, בלע"ז). ההפרש בין שני המחוזות היה, שבוולברום היו מוכסנים ממונים

על גבית מכס מבשר וכו"ש, בו בזמן שבאחו־הדש היה הכל חפשי, בלי כל מכס. ולא פעם קרה שהמוכסנים עקלו את החמים מהתנורים בשבת, אחרי שנודע להם כי הבשר הוברח מהמחוז השני.

כזאת היתה וולברום, אנשיה לא היו להוטים באופן מיוחד אחרי מאורעות בלתי רגילים ולא אהבו לנדוד למרחקים. אמנם, ספרו מפה לאוזן, כי לפני הרבה שנים עזבו ביום בהיר אחד, 4—5 בחורי בית המדרש ונדדו למרחקים, נכנסו לבית מדרש למדעים בעיר הבירה פטרבורג ונהיו לפרופסורים ודוקטורים*). למרות כל זאת לא היה בשום איש מאתנו העוז לעזוב את העיר ולנדוד למרחקים.

על קיום ארץ העברים ידעתי מתקופת „החדר" עוד כשהייתי בן 5—6. הכל ידעתי מתוך ה„חומש": „כי תבואו אל הארץ אשר אני נותן לכם ונחלתם",



וולברום — מראה כללי

או מתוך התפילה: „ולירושלים עירך ברחמים תשוב". ידעתי את ארץ העברים רק בשם, לפי הספורים מהתנ"ך, וזה הביא אותי תוך קריאה בימי החורף לארץ אבות שהשמש בה זורחת, ארץ של שבעת המינים, ארץ אשר „זבת חלב ודבש" היא מנת חלקה, אבל בכ"ז לא עלה על דעת מי שהוא, וגם לא על דעתי, לנתק את הקשרים עם העיר שבה נולדתי ולנסוע לארץ האבות.

*) אחד מהם היה מבני משפחת שטארק שערק מהצבא לקראקא, ומשם עבר לוינה, במקום שסיים חוק למודיו באוניברסיטה. אחרי זה הוזמן לאוניברסיטה הרוסית בפטרבורג ועמד בראש קטדרה שם. בני משפחתי בוולברום, הקנאים למסורת, ישבו אחריו „שבעה" ולא רצו להזכיר את שמו.

במקרה באו לידי הספרים „אהבת ציון", „מבשרת ציון", ומתוך הספרים האלה קיבלתי השראה נוספת לתשוקתי, וכסופים עזים התעוררו גם בי לעלות לארץ האבות, לראות את הרי הארץ, מערותיה, שדותיה, כרמיה ופרדסיה, ובהיותי מלא רגשות וגעגועים כאלה נפלה הברה בעיר, שעוד היתה תחת הכובש הגרמני, שניתנה לעם ישראל הצהרת בלפור, וכי ממשלת אנגליה התחייבה ליסד מדינה עברית בארץ ישראל ומבקשים מבני הנוער היהודי המפוזר בכל רחבי העולם שיעלו לארץ ישראל על מנת לעזור ביסוד המדינה.

לא ידעתי את נפשי! לא התעמקתי יותר בלמודי בבית המדרש. הלכות מליחה והדחה, דיני עירובין ומבוי ודיני טומאה וטהרה היו רחוקים כעת מהבנתי. והרבי שלי ר' מרדכי וולף, שאצלו עוד קבלתי, מדי יום ביומו, שעור בתלמוד. נזף בי מפעם לפעם על אי הבנתי בסוגיות, שרק ימים אחדים לפני כן הייתי בקי בהן ומטייל בכל הסוגיות האלה כדג במים. הרבי שלי התאונן עלי בפני אבי ואמר לו: „מה לעשות לבנך שראשו קבור בארץ ישראל".

בתחלת נובמבר 1918, עוד לפני כריתת ברית השלום בבריסק דליטה, התאספנו „צעירי ציון" בעירנו והתחלנו לדון כיצד להפוך את הדבורים למעשה, היינו: במקום דבורים ועבודה ציונית בגולה — לעלות לארץ ולעזור בבנית הארץ. נפתחה ההרשמה לעליה, ובראש הרשימה התנוססו שלושה שמות שהטילו עליהם להיות הנחשונים, ובין השלושה האלה היה גם שמי. קשה היה לי להעלות על הדעת שמשפחתי תתן לי בתנאים ששררו אז בעולם, עולם של תוהו ובוהו. עולם אחוז להבות, לעזוב את הבית ולצאת לתוך העולם הגדול. והנה בא המקרה הבלתי צפוי ובעזרתו הודעתי לאבי על נסיעתי לארץ ישראל.

היה זה למחרת היום של האספה הסוערת שהיתה לנו בלילה עד שעה מאוחרת. אבי שאלני: „מדוע חזרת כל כך מאוחר בלילה? ובכלל ברצוני לדעת על ההתרוצצויות שאתה מתעסק מחוץ לבית המדרש? הביאו בפני די תלונות עליך מר' מרדכי וולף, וגם רב העיר התאונן שראה אותך מתחבר לפורצי המוסר". לבשתי עוז ואמרתי לאבי: „אמש עד שעה מאוחרת היתה אספה של בני הנוער הציוני ונתקבלה החלטה לנסוע לארץ ישראל, וגם אני בין הנוסעים". אבי, כפי הנראה, היה נרגז מאד מהודעתי זו, והוא הפליט: „טוב, תסע!" נשארתי כמהומם, ובאותו רגע אמרתי לאבי: „מוצא שפתיך תשמור". עד כמה שנודע לי בשנים הבאות, בעת בקורי בפולניה, הצטער מאד אבי על פליטת הפה. הוא היה בטוח שגם אם אסע, הרי כעבור שנה שנתיים אחזור הביתה. אבי ראה ולא ראה היטב. הוא לא ידע עד כמה גדולה היתה אהבתי לארץ, ועד כמה שהייתי מוכן לכל קרבן ולעמוד איתן נגד כל המכשולים כדי להגיע למטרתי.

התחלתי בהכנות לנסיעה, כמובן בחשאי. פחדתי שמא אבא יחזור מדעתו. התחלתי לארוז בהחבא אי אלו דברים, בגדים וצרכי אוכל לדרך. פה עלי להזכיר לשבח את אחותי שרהלע שתחיה, הנמצאת כעת בארגנטינה, שהיא עזרה לי בעצה וגם בכסף, מכיון שלה היתה דריסת רגל לעסקי אבא ויכלה לקחת כסף בלי ידיעתו.

אחרי איזה ימים של הכנות, נפל הפור. היה זה בערך במחצית נובמבר

1918. שלושה חברים שהיינו צריכים לצאת לדרך — אחד משלשתנו התחרט יום לפני הנסיעה, והשני שנסע אתי עד בית הנתיבות (יחיאל בן־פורת) הוחזר הביתה מהתחנה על ציודו המלא, באופן שנשארתי יחידי בתחנת הרכבת, מלבד מלווי הרבים והחברים שהיו אתי. הרכבת מוורשה לווינה היתה צריכה לעבור דרך עירנו בשעת 7 בערב, אולם מפני השיבוש בדרכים, לא הגיעה הרכבת בזמן. בינתיים נעשה גם עלי לחץ מצד אחי הבכור יצחק שאשוב הביתה, אבל דעתי היתה תקיפה ולא נתפתיתי לכל ההבטחות. אמרתי לאחי: „שרפתי אחרי את כל הגשרים, ואין אני מוכן להשאר יותר בפולניה". בשעה 11 בלילה הגיעה הרכבת מוורשה. היא היתה מלאה עד אפס מקום, עם חיילים אוסטריים וגרמניים שחזרו מהחזית הוורשאית בזמן הנסיגה הכללית מהחזית הפולנית. הייתי די אמיץ וטפסתי על דרגש הרכבת ונשארתי לעמוד על המדרגה עד התחנה הקרובה אולקוש, ורק בתחנה זו עלה בידי להבקיע לי דרך ולהכנס לתוך הקרון. חושבני שהייתי האזרח היחידי, בין אלפי חיילים אוסטריים וגרמניים שנסעו ברכבת זו. עלי לציין שכולם התיחסו אלי באהבה וחיבה.

ברכבת זו נסעתי עד הגבול האוסטרי, ואת הרכבת העבירו לפסים מיוחדים כדי להוריד את הפצועים והמתים לקרונות אחרים. בתחנה זו נפגשתי בשלושה צעירים שלפי חזות פניהם ולפי המטען שבידיהם הבנתי שגם הם עולים לארץ ישראל. אחרי שיחה קצרה נודע לי שהם ילידי קילץ וכי הם עולים לארץ ישראל. התחברתי אתם ובמשותף נטלנו את גורלנו בידינו ושמנו את פעמינו לרכבת אחרת ההולכת לווינה. לשם נסענו בלי כרטיס נסיעה ובלי דרכון. האנדרלמוסיה שררה בכל. בווינה פגשנו בעוד אי אלו צעירים מקילץ שפניהם מועדות לארץ ישראל, וביניהם: שלמה קיזר, שפילמן, קליינשטיין וגולדברג — כולם כעת בארץ.

הלכנו למשרד ההסתדרות הציונית בווינה לברר את אפשרויות הנסיעה לארץ ישראל. התחלנו להתרוצץ ממוסד למוסד ובשום מקום לא מצאנו אוזן קשבת. בכל מקום אמרו לנו: „עכשיו שעת חרום, אין יוצא ואין בא, ובכלל מי שלח אחריכם שתבואו לווינה"? אחרי ימים אחדים נודע לנו כי אין כל אפשרות להמשיך בנסיעה וכי עלינו להשאר בווינה או לצאת לאחת המחוזות שבהונגריה לעבודות שדה. נסענו לחווה שבהונגריה ועבדנו בשדה בהוצאת סלק מהאדמה וכמו כן בבית החרושת לסוכר. בחווה זו שהינו ימים ספורים וחזרנו לווינה והתחלנו שוב להתרוצץ ממוסד למוסד, אך ללא כל תועלת. גם לא היתה לי כל תעודת נסיעה. התעודה היחידה שהיתה לי היתה תעודת לידה מעיר מולדתי ומכתב משלטונות עירי על התנהגות טובה. הודות לתעודות אלה עלה בידי אחרי מאמצים רבים לקבל מהקונסוליה הספרדית, שהיתה מיופה כח מטעם השלטונות הרוסים באוסטריה, תעודת נסיעה כעין „לסי פסי" (נאנסן פאס) ובתעודה זו צויין שאני נוסע לפלשתינה דרך יפו.

אחרי שהיה של 3—4 שבועות בווינה נסענו לפיומה שהיתה אז שייכת לאיטליה במגמה להגיע בדרך זו לטריאסט. בפיומה לא נתנו לנו לנסוע הלאה והתעכבנו בעיר זו כיומיים. לבסוף שלחו אותנו השלטונות באניה לעיר אנקונה. בנמל אנקונה חיכו לנו שוטרים ולא הרשו לנו ללכת העירה, אלא העבירו אותנו

ישר מהנמל לתחנת הרכבת ומתחנה זו נסענו לניאפולי. בעיר זו פגשנו עוד חלוצים שבאו יומיים קודם בדרכים אחרות.

למחרת היום הלכנו לקונסוליה האנגלית בשביל לקבל היתר נסיעה לארץ ישראל. הקונסול קיבל אותנו בסבר פנים יפות והבטיח למלא את בקשתנו, אולם עליו קודם לטלגרף בנידון ללונדון, ואחרי שיקבל תשובה לא תהיה כל מניעה שנוכל בימים הקרובים לצאת לנסיעה. הוא ביקש מאתנו לבוא אחרי יום־יומיים לקבל את התשובה, אולם כל תשובה לא הגיעה מלונדון. וכך הלכנו לקונסול האנגלי מדי יום ביומו במשך 6 שבועות. בינתיים אזל לנו הכסף והיינו במצוקה גדולה. השתדלנו לקבל עבודה, כל עבודה שהיא, אבל העיר היתה עניה והיו די מחוסרי עבודה בלעדנו. לעזרתנו בא הד״ר ויגדורציק שהיו לו מהלכים בשלטונות העיר ובהשתדלותו קבלנו מהממשלה האיטלקית, כפליטי רוסיה, 2 לירטות ליום. והתשלום הזה ניתן לנו גם בעד הזמן שעבר, וזה איפשר לנו לאכול לחם ומרק ולהחזיק מעמד עד שנגיע למטרתנו. כ־7—6 שבועות הסתובבנו בעיר זו, בלי כל מטרה. כמובן שניצלנו את הזמן הפנוי לבקר בבתי נכות של ניאפולי, העתיקות שבסביבה. ביקרנו גם בקפרי ובפומפיה, וטיפסנו גם על הר הגעש „ויזוב". היינו „תיירים" בלי כסף. כפי שנודע לנו שמרו עלינו מצד המשטרה החשאית על כל צעד ושעל, מכיון שהיינו חשודים בעיניהם כבולשביקים.

ימים אחדים לפני פורים נתבשרנו כי אישרו לנו ויזות עד מצרים. יומיים לפני פורים שנת 1919 עלינו לאניה „סרדיניה" שהפליגה בפעם הראשונה אחרי המלחמה בקו ניאפולי מצרים באניה זו השתמשו כפי הנראה להובלת חיילים בזמן המלחמה העולמית.

לנמל באו להפרד מאתנו ד״ר ויגדורציק וראשי השלטונות של העיר ניאפולי והתזמורת של מכבי־אש הניאפוליטנית. התזמורת ניגנה לכבודנו בשעת הפלגת האניה.

באניה הגענו למספר 65 חלוצים שהתרכזו במשך הזמן באיטליה. באניה נקלענו בתוך ערב רב של מרוקנים, אלג׳ירים, סודנים ובני עמים אחרים. היינו מאושרים, רקדנו ושרנו והנפנו דגל לבן־כחול, שרכשנו לנו עוד בניאפולי, על תורן האניה. כל הפמליא של השלטונות שראו את הדגל הריעו לכבודו ובקריאת „לחיי תקומת עם ישראל בארץ ישראל"! רב החובל, שהיה די אדיב, ביקש מאתנו שנוריד את הדגל והסביר לנו שאין כל רשות להניף על האניה דגל אחר מלבד הדגל של איטליה. בצער רב הורדנו את הדגל, קיפלנו אותו והנחנוהו למשמרת לעת מוצא. אגב, את הדגל מסרנו למפלגת „הפועל הצעיר" אחרי שהגענו ארצה.

את חג הפורים בלינו באניה בשמחה ובמצב רוח מרומם. היו בינינו שני חברים יודעי נגינה: הח׳ י. שפילמן והח׳ ש. קליכשטיין והם ערכו קונצרט על כלים שונים בלווית בת רב החובל שפרטה על הפסנתר. ערכנו נשף פוריב, רקדנו הורה ושמחנו כל הלילה. גם רב החובל והצוות של האניה השתתפו בשמחתנו והרימו את כוסותיהם בקריאה „לתקומת עם ישראל".

אחרי נסיעה של 8 ימים בים הגענו לנמל אלכסנדריה שבמצרים, במקום שחיכו לנו כבר ב״כ ההסתדרות הציונית וסידרו אותנו בבתי מלון ממדרגה ראשונה וערכו לכבודנו נשף באחת המסעדות המפוארות שבאלכסנדריה. אחרי

זמן קצר הגיע לאלכסנדריה חלק מקבוצתנו שנשארה בניאפול. ביחד היינו קבוצה של 105 איש, ומכאן הכינוי לקבוצה זו „קבוצה 105".

אחרי שהיינו כבר על סף הארץ, האמנו בלב תמים שכעבור יום יומיים נבוא לארץ ישראל, אך הגורל שיחק לנו. לרגלי המאורעות שבין האנגלים והמצ־רים, לא הרשו לנו להמשיך את דרכנו, וכך נשארנו ותקועים במצרים למעלה מחודש ימים, ומכיון שלא ידענו לכמה זמן נצטרך להשאר במצרים, סידרו אותנו במשפחות אשכנזיות. אני ביחד עם עוד שני חברים ישבנו אצל משפחת פלדמן. מצבנו במשפחה זו היה מצוין. ערכו לכבודנו מדי ערב בערב מסיבות ונשפים וגם את חג הפסח הגגנו בבית משפחה זו.

יום לפני פסח 1919 הודיעו השלטונות האנגלים שירשו לנו לנסוע לארץ ישראל רק בקבוצות של 18 איש, בהפרש מנסיעה לנסיעה של 5—6 ימים, ומכיון שכל אחד רצה להיות בין ה־18 הראשונים, החלטנו על שיטה של גורל. בגורלי עלה לעזוב את אלכסנדריה באחרון של חג הפסח 1919. מאלכסנדריה נסענו ברכבת עד קאהיר. בעיר זו התעכבנו שוב יומיים — בגלל המצב הפוליטי — ולבסוף הרשו לנו להמשיך את הדרך מקאהיר לארץ ישראל. נסענו בקרונות של בקר, ללא כל סידור סניטרי או מקום לשבת. ישנו על הרצפה ואחרי נסיעה של שני ימים דרך מדבר סיני, הגענו בשעה טובה ומוצלחת לתחנת לוד. בתחנה זו היכה לנו ב"כ מפלגת „הפועל הצעיר" והעביר אותנו לבית המלון של ברוך מאיר ביפו. תל־אביב היתה בתקופה זו שכונה של יפו, והחיים התרבותיים והעסקים התנהלו ביפו ובשכונת נוה צדק. ב"כ „הפועל הצעיר" הח' צבי ליברמן, ביקר אצלנו ועמד על מהותו של כל אחד ואחד, ואחרי שנודע לו שאני מוולברום וכי ברצוני לנסוע לחבר נתן חפשי שהיה אז בקבוצת חולדה, העביר אותי ביחד עם חברי זהבי (גולדברג) לעבוד כפועלים חקלאיים בקבוצת חולדה.

מיפו נסענו בדיליג'נס עד רחובות ומרחובות המשכנו את דרכנו ברגל לקבוצת חולדה דרך המושבה עקרון.

הקבוצה חולדה קיבלה אותנו בזרועות פתוחות ונשארנו לעבוד כששה חדשים בקבוצה זו בכל ענפי המשק. במקום זה מצאתי את תחנתי הראשונה אחרי נדודים של 6—7 חדשים. השבתי שהנה הגעתי עד הסוף וכי אשאר כמתיישב בקבוצה זו, אבל הגורל רצה אחרת.

המאורעות שבין הולדה עד היום מהוות תקופה של 42 שנים בערך, ותקופה זאת מקפלת בתוכה הסטוריה די ארוכה של מאורעות כלליים ופרטיים, ועל התקופה הזאת אמשיך לספר בספר הזכרונות שבדעתי לפרסם בקרוב.

---

שושנה וועקסלער (לבית גראָסמאַן)

# ציוניזם און הכשרה

## א. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין וואַלבראָם

מיין אריינטרעטן אין די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז מיר ניט אָנגעקו־מען גרינג. כהאָב געהאַט פיל שטערונגען פון מיינע עלטערן עליהם השלום, אָבער סוף־סוף האָב איך דערגרייכט מיין ציל.

ווען כ'בין געוואָרן א מיטגליד פון די אָרגאַניזאַציע איז דאַמאָלס מרדכי גאָטליב (היינט אין ישראל) געווען פּרעזעס. עס זענען געשאַפן געוואָרן העברעאישע קורסן. איך בין אויך געווען צווישן די וואָס האָבן זיך געלערנט עברית. מרדכי גאָטליב איז געווען דער מורה פון די קורסן. מיר האָבן געמאַכט פאָרטשריטן אין די שפּראַך, און ווי מ. גאָטליב האָט שפּעטער געזאָגט: „את שושנה היית הרוח החיה של השיעורים העבריים".

אחוץ די לעקציעס פון עברית זענען אויך פאָרגעקומען רעפעראַטן איבער



שיעורי ערב לעברית עם המורה מרדכי גוטליב (בישראל)
אָוונט־קורסן פאַר העברעאיש מיטן לערער מרדכי גאָטליב

ציוניזם, יידישע געשיכטע, ווי אויך איבער אנדערע טעמאטן פון מיין ברודער אלטער ישראל, מ. גאָטליב און משה גאָלדבערג.

איך בין געווען טעטיג אלע יאָרן אין די אָרגאַניזאַציע, געגאַנגען אויסלערן פושקעס פון קק״ל. מיר האָבן איינגעאָרדנעט בלימענטעג: חנוכה, פורים, חול־המועד פסח, סוכות, כ׳ תמוז־אָוונטן, מיר האָבן נאָר געזוכט א געלעגנהייט ווי אזוי צו שאפן געלט פאַרן קק״ל.

מיר האָבן אויך געהאט א ביבליאָטעק מיט זער גוטע ספרים: יידישע, פוילישע, העברעאישע. איך מיט משה יזראעלעוויטש האָבן געפירט די ביבליאָטעק. נאָך א צייט האָט מרדכי גאָטליב אונז פאַרלאָזט, און אויף זיין אָרט איז געקומען משה גאָלדבערג. אלעס איז געוואָרן פאָרטגעזעצט. ס׳האָט ניט לאנג געדויערט און מ׳ גאָלדבערג איז אויך אוועק, און זיין אָרט האָט איבערגענומען משה צוקערמאַן. מיר האָבן ווייטער טיכטיג געארבעט אין די אָרגאַניזאַציע.

עס האָט זיך דאַמאָלס געשאפן איין יוגנט־אָרגאַניזאַציע „הנוער הציוני". עטליכע מיטגלידער פון די אָרגאַניזאַציע האָבן אָנגעפירט מיטן נוער, געהאט מיט זיי געשפרעכן, וואָס איז אזוינס דער „נוער ציוני", וואָס איז די אויפגאבע פון נוער, וואָס איז ארץ־ישראל פאַרן יידישן פאָלק? ל״ג־בעומר זענען מיר מיט זיי געגאַנגען אין וואלד אריין ביז די סטאַציע און געפירט מיט זיי געשפרעכן וועגן ציוניזם.

ביי די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז געשאפן געוואָרן א „חוג דרמטי" אונטער די לייטונג פון שמולעק קיווקאָוויטש. איינמאָל (איך וועל עס קיינמאָל ניט פאַרגעסן) אין א שבת ביינאכט — דאָס איז געווען אין זומער — זענען מיר געפאָרן קיין זשאַרנאָוועצ צו שפילן טעאַטער „טאַטע מאַמעס צרות". מיר זענען אריין אין שטעטל מיט געזאַנג. אלע טירן און פענסטער האָבן זיך אויפגעעפנט. אלעס איז געלאָפן זען די ארטיסטן... אלע בילעטן זענען געווען פערקויפט. מיר האָבן געהאט גרויס ערפאָלג.

## ב. הכשרה

סוף 1932 האָט מען אָנגעהויבן שמועסן וועגן פאָרן אויף הכשרה. ס׳האָבן באַלד זיך געמעלדעט עטלעכע חברות מיינע, און איך בתוכם. משה צוקערמאַן האָט זיך געוואַנדן צום צ.ק. קיין ווארשא, און מיר האָבן געקריגן שאלונים אויס־צופילן. כ׳האָב אויך אהיימגענומען איין שאלון, און דערצעלט, דאָס כ׳וויל פאָרן אויף הכשרה, בכדי דערנאָך עולה צו זיין. דאָס איז דאָך געווען מיין טרוים פיל יאָרן. אָבער מיינע עלטערן האָבן פון דעם ניט געוואָלט הערן. ס׳האָט ניט געהאָלפן קיין רעדן, בעטן. מיינע חברים האָבן די שאלונים אויסגעפילט, און ס׳האָט ניט לאנג געדויערט אין זיי זענען זיך צופאָרן אין פערשידענע קיבוצים. איך האָב דערווייל געקעמפט אין דער היים, געבעטן מען זאָל מיך אויך לאָזן פאָרן. הכשרה איז דאָך דאַמאָלס געווען דער איינציגער וועג פאַר די יוגנט עולה צו זיין. אָבער ווען ס׳האָט גאָרניט געהאָלפן, האָב איך געמאכט א שביתת־רעב

(הונגער־שטרייק), געלעגן אויפן בעט, ניט געוואָלט גאָר טוען, ניט צו קיינעם רעדן. האָבן דאָך מיינע עלטערן מורא געהאט אז איך זאָל ניט קראַנק ווערן, האָבן זיי מסכים געווען. ווען איך האָב דאָס דערהערט, בין איך ארויסגעלאָפן אין די אָרגאַניזאַציע מיט א שמחה אויסשרייענדיק פשוט: צוקערמאן! מיינע עלטערן זענען מסכים. גיב מיר א שאלון. איך האָב דעם שאלון אויסגעפילט אויפן אָרט און אוועקגעשיקט, און איידער וואָס האָב איך דערהאלטן א תשובה פון צ.ק. דאָס איך דארף פאָרן קיין מידליביזיצא. איך האָב איינגעפאקט דאָס פעקל און געלאָזט זיך אין וועג אריין. דער בעל־עגלה האָט מיך געפירט צו איין משפחה גראָסמאַן. זיי זענען געווען די גרינדער פונם קיבוץ. קיין דירה האָבן מיר נאָך ניט געהאט. דער קיבוץ האָט זיך ערשט געגרינדעט. דעם זעלבן טאָג זענען אָנגעקומען צוויי בחורים, און מיר זענען שוין געווען דריי. עס איז געווען א ביסל ניט היימלעך אויפן הערצן. אָבער נאָך עטלעכע טעג זענען אָנגעקומען נאָך חברים און חברות. מיר האָבן געקריגן צוויי גרויסע צימער, און מיר האָבן זיך גענומען צו דער ארבעט.

איך וויל שרייבן א פּאָר ווערטער וועגן דעם שטעטל מידליביזיצא. אייגנט־ליך איז עס ניט קיין שטעטל, נאָר איין קליינע אָסאדע. דאָס איז געלעגן 70 קילאָמעטער פאר לובלין. מיר האָבן ניט געהאט קיין ליכט. יעדער בעל־הבית האָט אין דער היים איין אויוון און באקט ברויט ווי ביי איין בעקער. קיין קוילן איז דאָרט ניט געווען. מען ברענט מיט האָלץ און פערשטייט זיך אז די באן גייט אויך ניט צו. עס איז געווען א ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, ווי אויך די יוגנט איז געווען א גוטע.

ווו האָבן מיר געארבעט? עס זענען געווען צוויי טאַרטאַקן אונטער די שטאָט. דאָרט האָבן געארבעט עטלעכע בחורים, און דאָס האָט געדארפט זיין דער יסוד פון ארבייט. אויף דעם איז געשאפן געוואָרן דער קיבוץ. א טייל האָבן געארבעט ביי האקן אָ׳ן זעגן האָלץ. אויך מיידלעך האָבן געארבעט ביי דעם פאך. איך האָב א צייט געארבעט ביי זעגן האָלץ, און איך בין געווען גאָר א גוטע פועלת, ווייל כ׳האָב געהאלטן די זעג גלייך אין דער האנט. כ׳האָב אויך געארבעט אין מטבח. איינמאָל האָב איך אויסגעשטיקט איין אויסשטייער פאר א כלה מיט די הענט, ווייל קיין מאשין האָבן מיר ניט געהאט, ווי אויך ניט די געהעריגע זאכן צום שטיקן. אלעס איז גוט געווען ווען ס׳איז געווען ארבעט אין די טארטאקן, אָדער צו האקן האָלץ. ניט איינמאָל זענען די בחורים צוריקגעקומען: „ניטאָ קיין ארבעט״. דער מצב איז געוואָרן וואָס אמאָל ערגער. מיר האָבן ניט געהאט פשוט פאר וואָס צו קויפן ברויט. אָבער מיר האָבן זיך ניט גערירט פונם אָרט, נאָר געזונגען „מיט האָפנונג אין הערצן. אז אין ארץ וועט מען זיין אין קערצן״.

אויף אזעלכע באדינגונגען זענען מיר געזיצן א יאָר צייט. מיר האָבן מער שוין ניט געקאָנט אויסהאלטן און אָנגעהויבן שרייבן קיין ווארשא וועגן אונזער מצב. דער מרכז האָט צוגעזאָגט צו שיקן איין פאָרשטייער אונז צו בעזוכן. דאמאָלס איז פאָרגעקומען אין לובלין א פגישה פון אלע קיבוצים פון לובלינער געגנט. פון יעדן קיבוץ זענען געקומען עטלעכע אָנגעבן א דין־וחשבון פון קיבוץ. פון אונזער קיבוץ בין איך געפאָרן מיטן ראש הקיבוץ. די פגישה איז געווען א זער

אינטערעסאנטע. די פאַרשטייער פון די צ.ק. האָבן צוגעזאָגט אונז באלד צו בעזוכן. מיר זענען צוריק געפאָרן אין קיבוץ און געוואַרט. עטלעכע וואָכן זענען אדורך, ביז איינמאָל האָבן מיר בעקומען א קארטל פון צ.ק. אז דער חבר איילמאַן וועט אונז בעזוכן, און גלייכצייטיג וועט אויך פאָרקומען די בעשטעטיגונג עולה צו זיין.

אין קיבוץ האָט זיך געקאָכט ווי אין א קעסל. ווער וועט האָבן דאָס גליק צו קריגן א סערטיפיקאט. ס׳איז ענדליך געקומען דער טאָג און חבר איילמאַן איז געקומען. ער איז ביי אונז געווען צוויי טעג. דורך די צוויי טעג זענען פאָרגעקומען זיצונגען, כמעט א גאנצן טאָג אויסגעפרעגט אונז וואָס מיר וועלן טוען אין ארץ ישראל, ווו ווילן מיר גיין, צו אין קיבוץ צו אין שטאָט. פארשטייט זיך דאָס מיר זענען געווען זיכער דאָס מיר וועלן גיין נאָר אין קיבוץ. סוף־כל־סוף בין איך געווען די גליקליכסטע פון גאנצן קיבוץ. איך איינע בין בעשטעטיגט געוואָרן. כ׳האָב באלד געקריגן פון חבר איילמאַן איין אישור, אז כ׳קען דעם קיבוץ פערלאָזן, פארן אהיים און גרייטן זיך צו דער עליה. דער קיבוץ איז געוואָרן אויפגעלעזט. די חברים זענען צושיקט געוואָרן אין אנדערע קיבוצים.

מיין פרייד איז געווען גאָר גרויס. כ׳האָב באלד געשריבן אהיים וועגן דעם גרויסן גליק. כ׳האָב געקריגן געלד פון דער היים אויף הוצאות, און בין צוריק אהיימגעפאָרן. די פרייד איז געווען גרויס אין דער היים מיט מיין צוריקקומען. איך האָב שטארק געבענגט נאָכן קיבוץ, נאָך די חברה. כ׳האָב ווייטער געארבעט אין די אָרגאניזאציע, צוריקגעקראָגן דעם שליסל פון די ביבליאָטעק.

נאָך פינף חדשים האָב איך געקריגן פון ווארשא פאפירן צו מאכן זיך דעם אויסלענדישן פּאס. אין דער היים איז געוואָרן א גערודער. מען האָט אָנגעהויבן נייען, מאכן פערשידענע זאכן, צוגרייטן מיך צו דער עליה. די עלטערן זענען ארומגעגאנגען און געוויינט. מיין אָבפאָר האָט זיך דערנענטערט נאָכן אוועקשיקן דעם פּאס קיין ווארשא. אין א זעקס וואָכן שפּעטער האָב איך געקריגן א ידיעה פון צ.ק. דאָס אין 11.2.1935 דארף איך זיין אין ווארשא. דעם 13־טן פאָרן מיר אָפּ. מען האָט טעלעגראפירט נאָך מיין שוועסטער אסתר׳ל. זי איז באלד געקומען מיטן מאן און קינדער. מען האָט געפּאקט די וואליזעס, געגאנגען זיך געזעגענען, שבת געמאכט איין ביבקע פאר חברים־רות בעקאנטע פאמיליע.

און זונטאָג, דעם טאָג פון מיין אָבפאָר, איז געווען א גרויסער פראָסט. כ׳האָב געבעטן מיינע עלטערן זיי זאָלן מיך ניט בעגלייטן צו די סטאציע. זיי האָבן ניט געוואָלט הערן וועגן דעם. די עלטערן האָבן געזאָגט: ווער ווייס צו מיר וועלן דיך נאָך אמאָל זען!״. מיר זענען געפאָרן א גאנצע חברה. ווען כ׳האָב די באַן דערזעען פון דער ווייטנס — האָט אזש א קלאפּ געטאָן ביי מיר אין הארצן, געזעגנט זיך, צעקושט זיך מיט אלע, ארויף אויף די באַן, און ווען זי האָט אָנגע־הויבן רירן פון אָרט זענען מיינע עלטערן נאָכגעגאנגען די באַן און אויסגעשטרעקט די הענט, אזוי ווי מען וויל עפּעס איינהאלטן, און אלע האָבן אָנגעהויבן זינגען: „פאר לחיים, א וועג א נייעם״.

ווען כ׳בין אליין פערבליבן און אלעס איז פערשוואונדן פון וואלבראָמער וואקזאל, האָב איך זיך גוט אויסגעוויינט, און דאמאָלס איז מיר געוואָרן א ביסל

גרינגער. ווען איך בין אָנגעקומען קיין ווארשא — מיין ברודער אלטער ישראל, מיט די פרוי ביטער, האָכערמאנס טאָכטער מיטן מאן, האָבן מיך אָפּגעוואַרט. מיין ברודער האָט זיך זער דערפרייט. מאָנטאָג האָבן מיר ארומשפּאַצירט אין ווארשאַ און אָנגעקוקט פאַרשידענע שיינע זאכן. דינסטאָג זענען מיר געגאַנגען אין צ.ק. און ערליידיקט אַלעס צום אָבפאָר. מיטוואָך דעם טאָג פון צושיידן זיך מיט מיין ברודער וועל איך קיינמאָל ניט פארגעסן. מיר האָבן ביידע געוויינט ווי צוויי קליינע קינדער. מיין ברודער האָט געזאָגט צו מיר: דו דארפסט ניט וויינען. דו פאָרסט אין א לאנד וואָס וועט זיין בקרוב אונזער, און האָסט אויך דיין ציל ערררייכט. איך האָב אויך וואָס צו וויינען. דאָס איז געווען אויך מיין ציל, אָבער דו ווייסט דאָך דאָס א אייגענער קוזין האָט מיר מיין לעבן רואינירט. ווער ווייסט, אויב מיר וועלן זיך נאָך זען.



אלתר ישראל גרוסמן

פארנאכט זענען מיר געפאָרן צו די באַן. טויזנטער מענטשן זענען דאָרט געווען, מער בעגלייטער ווי פאָרער. ווען די באַן איז אָנגעקומען, איז געוואָרן שרעקלעך. אָבער ס'איז געלונגען מיר ארויפצוקלעטערן. די וואליזעס האָט מיר מיין ברודער מיט פרוי ביטער אריבערגעוואָרפן דורכן פענסטער. מיין ברודער איז ארויף אויף די באַן. מיר האָבן ביידע זיך שטארק צעוויינט, געקושט. מען האָט געגעבן א פייף איינמאָל און ווידער איין פייף. די באַן רירט. מיין ברודער האלט מיך ביים האנט. זיי געזונט — זאָגט ער צו מיר. זיי גליקלעך און צופרידן. דו האָסט דיין ציל ערררייכט". און מיט די ווערטער איז ער אראָפּ פון די באַן.

---

לוי חיימוביץ

# חבלי עליה

ב־20 למאי 1924 עזבתי את וולברום ביחד עם משה ויצמן ז"ל (משה ליזר, בנו של מאיר"ל שוחט), כמובן בלי ידיעת ההורים והמשפחה. כעבור כמה ימים עברנו בהצלחה את הגבול הרומני והגענו לצ'רנוביץ. בצ'רנוביץ נמצאו אז כמה מאות בחורים שברחו מפולניה ופני כולם היו מועדות לארץ־ישראל. אולם המשרד הא"י שאליו פנינו טען שהסרטיפיקטים שברשותו מיועדים לאנשי המקום. ובכלל — המשרד אינו רשאי לרשום אנשים בלתי לגליים כמועמדים לעליה לא"י. באותו הזמן הסקורנצה (המשטרה החשאית הרומנית) היתה עורכת חיפושים וכל בלתי לגלי שנתפס נאסר והועמד לדין בפני בית משפט צבאי. ואחרי שריצה את עוונו (חודש־חדשיים מאסר) נשלח בחזרה לפולין.

למשה היתה כתובת של יהודי תושב צ'רנוביץ בשם קליגלר שהיו לו מן הבית קשרי מסחר אתו. פנינו מיד ליהודי הנ"ל. ואמנם קיבל אותנו יפה, והחשוב ביותר שהתחלנו מיד לעבוד אצלו. נזהרנו מאוד שלא להסתובב בחוצות העיר פרט לצרכים הנחוצים ביותר. כעבור כמה שבועות התחילה פעולה ציבורית במטרה לפתור את הבעיה של מאות הבחורים מפולניה. נתקיימו אסיפות ונבחר ועד שפנה למוסדות היהודיים (ועד הקהילה, ההסתדרות הציונית, המשרד הא"י) לעזור לפתרון הבעיה. באותו זמן בא אורח חשוב לצ'רנוביץ. היה זה מ. מ. אוסישקין ז"ל. והועד שלנו פנה גם אליו בבקשה להקצות סרטיפיקטים עבור יוצאי פולין הנמצאים בצ'רנוביץ.

באמצע יולי נתבשרנו שההשתדלויות של המוסדות היהודיים אצל השלטונות הרומניים נשאו פרי וכי נקבל רשות ישיבה חוקית בצ'רנוביץ לזמן מוגבל.

מיד אחרי קבלת תעודות הזיהוי המקומיות התחילה ההרשמה במשרד הא"י.

נודע לנו שברשות המשרד הא"י מספר קטן של סרטיפיקטים ואלה יחולקו בישיבה מיוחדת של המשרד בתום ההרשמה הכללית.

החלו ריצות, השתדלויות וניצול קשרים. נוסף להמלצה שהיתה לנו מצד מר קליגלר באה לעזרתי המלצה שלא פיללתי לה כלל. ביום בהיר אחד בא שליח ממשרד הרבנות המקומי למשרד הא"י (שם היו תמיד מתאספים יוצאי פולין) והזמינני לרב הראשי. הלכתי מיד עם השליח, והרב קבלני בסבר פנים יפות, והתחיל להשפיע עלי שאשוב הביתה, מפני שהנני עדיין צעיר מדי (טרם מלאו לי אז 15 שנה). הוברר לי שאבי ז"ל פנה לרב הראשי בבקשה להשפיע עלי לשוב הביתה.

הסברתי לרב ששום השפעה לא תשכנעני לחזור, וכי אחת החלטתי — לנסוע לא"י, ואודה לו מאד אם יעזור לי במשרד הא"י להשיג סרטיפיקט. אחרי שיחה ממושכת ומעניינת הבטיח הרב לעזור לי שאוכל לנסוע לא"י בהקדם.

בתחילת אוגוסט החלו הדיונים במשרד הא"י לחלוקת הסרטיפיקטים ובתום

הדיונים שנמשכו כמה ימים הודיעו על אישור 40 איש (מתוך למעלה מ־500) לנסיעה מידית לא״י, והשאר יצטרכו לחכות עד שיתקבלו סרטיפיקטים נוספים או לחזור לפולניה.

נדמה לי שזה היה האושר הגדול ביותר בחיי כשראיתי את שמי (וגם שמו של משה) בתוך הרשימה של הארבעים.

התחלנו להתכונן לנסיעה, אך יומיים לפני הנסיעה המיועדת אירעה שוב תקלה: המשטרה סירבה לתת לנו את היתר היציאה עד שנעמוד לדין בפני בית משפט צבאי על חציית הגבול ללא רשות. המוסדות החלו שוב בהשתדלויות, אולם ללא הצלחה.

לבסוף הבטיחו השלטונות שהמשפט יתקיים בקרוב והעונש יהיה מינימלי. כל ה־40 איש הוזמנו להתייצב בפני בית דין הצבאי, וכשרק נכנסנו לאולם ההמתנה הוקפנו חיילים וכעבור שעה הופיע קצין והודיע שקיבל פקודה לאסור אותנו עד שיתקיים המשפט. ישבנו בבית הסוהר הצבאי כשבוע ימים ואחר כך הובלנו תחת משמר חזק לאולם בית המשפט. הדיון במשפט היה קצר ופסק הדין היה קל באמת — אלפיים ליי קנס לכל אחד (כ־2 לירות שטרלינג).

מכאן והלאה התנהלו העניינים למישרין. ב־10 לספטמבר עזבנו את צ׳רנוביץ, וקהל רב בא לתחנת הרכבת להפרד מאתנו. ב־12 לחודש הפלגנו מקונסטנצה באניה „רומניה״ וב־16 לספטמבר 1924, כמה ימים לפני ראש השנה, הגענו לחיפה.

---

**שלמה צמח**

# בתוך עמי

שלמה צמח בא בשנת 1904 מפלונסק עיר מולדתו לוולברום, כדי להבריח את הגבול בדרכו לארץ־ישראל. הננו מביאים קטע בהשמטות מתוך ספרו „שנה ראשונה״ (הוצאת „עם עובד״, ת״א, תשי״ב) שבו הוא מתאר את בקורו בוולברום ואת לווי השחור מבני וולברום.

החובש התחיל מגלח אותי בזריזות, ובשעת מעשה עומד הוא ומסביר:

— מיד אנו יוצאים לוולברום. סוגר אני עסקי ומלווה אותך לשם. וקרוב לי בוולברום, והוא סוכן ראשי לעוברים את הגבול. אל תחשוש. אתן אותך בידים נאמנות... אלא שאין פנאי. ומשגמר החובש מלאכתו קמתי מעל הכורסא מגולח ומסופר, והחובש מאיץ בי למהר ולהימלט. נעל דלתות עסקו והלכנו לבית־הנתיבות. הרכבת זזה, ופני מועדות לוולברום.

בדרך סיפרתי למלוי כל פרשת חיי, מהיכן אני, ומה ביתי, ולאן אני הולך.

ולשם מה אני הולך. הוא אמר לי: — אין דבר. הכל טוב ונאה כשסופו טוב ונאה. בעוד שעה אחת נהיה בוולברום.

מהלך של כמה וירסטאות בין העיירה למסילת־הברזל. אולם בתחנה המולה ותנועה כבירכתי כרך גדול. כל רכבת ורכבת, הן של נוסעים והן של משאות. שנכנסת לשם מקדימים שליחים ובאי־כוח של חברות ומשרדים את פני באיה, וכל אחד נוטל מהם חלקו לפי הרשימה. הכל „ממורחים" כאן — המנהלים, הפקי־דים שוטרי־המכס, משמרות צבא־הגבול ואין דורשים תעודות ואין בודקים באמתחות. מין מלכות בפני עצמה שגויים ויהודים עשו בה יד אחת, הללו נותנים והללו מקבלים, והכל מסייעים בעקירתן של רבבות רבבות יהודים מאדמת מכורתם ומפזרים אותם בין האומות במדינות־הים. דומה זורם ומתפתל נהר שוקק של עוני ונדודים שמקורותיו תחום־המושב ותוצאותיו עיירה נידחת זו שוולברום שמה. ולארכה של דרך־גולים זו המשוכה בינה ובין מינסק וקובנה וערי אוקראינה, ליטא ופוליסיה, פרושה רשת של סוכנים בכל פניה ופניה המכוונים את המהגרים למחוז חפצם. ודאי אף כאן צרות ויסורים של בני־אדם תלושים ותועים מושכים אליהם את הרמאי ופותחים שדה נרחב למזימותיו, והוא חורך צידו ומלסטם את הבריות האובדות האלה; אבק אדם המעפר בנכר, מחליף הוא כספים למטה משערם; בידים מסבך ענינים ואחר מתירם ונוטל שכר־התרה ומעמיד אפילו פנים של פודה ומציל; נדחק אל כל חור וסדק של יאוש ויגון ועניות וקונה בחצי־חינם כוסות־כסף של קידוש, מגדלי־בשמים, טבעות־קידושין, אבני־חן ומחרוזות של מרגליות ושאר תכשיטים שרידי קנינים של ישוב וחיי רווחה ושלווה וגדולה. ואף על פי כן ישנם משטר וסדרים בתוך תחומיה של מלכות זו, ואפילו כף הרמיה שלה מעויינת שכן בעיקר אינה פוגעת, ומובטח לו למי שנכנס ברשותה, שלכל הפחות את הגבול עובר הוא בשלום.

כשהביאני החובש מבנדין איש־חסדי אל תוך הבית האדום והגדול עם חדריו המרובים והמזוהמים והומים הם המונים של בני־אדם ידעתי, כי אמנם שיחקה לי השעה והגעתי לחוף מבטחים. עכשיו גרגר אחד אני בתוך רגבי העפר שבין גלגלי מכונה רבת־כוח, ומה שיהיה עם כלל ישראל יהיה עמי. ונתחזק לבי מאד. מיד הזמנתי את בן־הלויה שלי אל המזנון ומזגו לנו שתי כוסות של יי"ש־שזיפים מוברח מעבר לגבולין, ובירכתי אותו והודיתי לו על כל הטובות והחסדים שעשה עמדי. וכשהלך ממני אל קרובו־הסוכן לטפל בעסקי, והממונה על הבית הפריש לי ד' על ד' של קרקע מרופשת, ובידי אין שמיכה לפרשה ואין אמתחת לשימה מתחת לראשי, לא בחלתי בה והשתרעתי עליה במלוא ארכי. וכך זכיתי להתערב בין הגולים ולהיות אחד מרבים, ופרחה החרדה מלבי. מוטלות היו בחדר זה כמאה נפשות חיות, צפופות ודחוקות זו על יד זו: זקנים ונשים, בתולות ותינוקות. היו אלה אבות ואמהות ואחים ואחיות וכלות ובנות־זוג שהלכו אל בניהם ואחיהם וחתניהן ובעליהן שבארצות־הברית. ובתוך צרור־כספם הקטן, הגנוז במחבואי מלבושיהם מקופל כרטיס הספינה מהמבורג ואילך; ועיניהם נשואות במורא ודאגה אל „מעבר לגבולין" זה, מקום רווחתם וישועתם, שהרי מיד משתדרוך רגלם על אדמת אוסטריה, כבר מובטחת להם חסותה של סוכנות הספינות הרשומה בכרטיסם. לפי שעה מוטלים היו כאן כדומן שדות וגדולה הצחנה ב„אולם" זה

המואר במנורת־לוקס גדולה אחת. התחילו עיני ממשמשות בקהל המנומר המושלך על פני הקרקע מעורב בין אמתחותיו ומנמנם ורוחש, ולא מצאתי בהם אלא קהות אילמת ומטומטמת זו של נדודים, עייפות ואבדן־עצות.

אלא עוד אני מתחמם בהרהורי, והנה חזר החובש ועמו עוד יהודי אחד. מיהר להפרד ממני, שלא יאחר רכבת אחרונה לבנדין, ומסרני לידי היהודי שבא עמו, ואמר לי, שהכל כתיקונו ואין לי אלא לסמוך על כל אשר ידריכני. נכנסתי איפוא לרשותו של זה. רמז לי הפטרון החדש שלי ללכת אחריו. אולם כשקמתי מן הרצפה חשתי פיק־ברכים ומנורת־הלוקס עושה עיגולים סביבי ודעתי מבודחת עלי, וטפחתי על כתפו של היהודי ואמרתי לו: יפה, יפה. הביאני לחדר מרובע ובו שולחנות עגולים ודרגשים, מעין בית־משתה קטן ומקום למשא־ומתן עם הפקידים ועם המוכסים וקציני משמרות־הגבול. על השולחן המיועד לנו עמד בקבוק שכר וכוסות וישב לפני יהודי גוץ, ננס כמעט, נעול מגפים גבוהים שבלעו מחצית שוקו ולבוש אדרת־כבשים שחורה וכל פרצופו חידודים ועקצים. חד סנטרו ובלי חתימת זקן, רק כמה שערות מסולסלות מרפרפות בו, ושאר עור לחיו קרח ומכוסה גומות אבעבועות ומוריק בגוון משונה של שחת שיבשה. חד ודק חטמו, ודומה דבקו כנפי נחיריו זו לזו. ותמה אתה, כיצד חוטם סתום זה שואף אויר, ודוקרות עיניו הקטנות והשחורות, ואפילו קדקדו מוגבה וסופו זיז שיורדים שיפועיו אל האזנים. וידיו קטנות ויבשות וזריזות ואינן פוסקות מלפרוף כפתורי אדרתו ומלהתירם. הוא כיבדני בסיגריה של הרצגובינה ופתח, וקולו ולשונו צליל להם ונעימות להם וחום להם, שלא שמעתי דוגמתם מעולם:

— אדם צעיר. כשתשאל מי הוא זה היושב בקרונות הרכבת ומשחק ב„קרש" עם האיכרים? יאמרו לך: לוזר השחור. אמת. אומן גדול אני במשחק הקלפים וגורף אני ממונם של האיכרים, החוזרים מן השוק. — ושוב. כשתשאל מי הוא זה המבריח סחורות מאסטרייך: בדים וטבק וסיגריות ותכשיטים ופרוק־למציאות? יאמרו לך: לוזר השחור. אמת. מלאכתי הברחה ועליה פרנסתי. — וכשתשאל מי הוא זה המתקן בפצירה שיניהם של סוסים גנובים ומחדש להם נעוריהם? יאמרו לך לוזר השחור. אמת. אין כמוני לאומנות הפצירה. אבל כשלוזר השחור אומר לך, הלילה עובר אתה בשלום את הגבול ומחר אתה אוכל סעודת־הצהרים ברסטורן בקראקא, הוה סמוך ובטוח אמת אני מדבר אליך. וכן יקום וכן יהיה...

הסתכל בי לוזר השחור בעיניו העוקצות להכיר בפני רשמם של הדברים שהשמיע ושפתיו הדקות הוסיפו:

— ועוד משהו: כשתשאל, אדם צעיר, עדרי־בקר הללו הרובצים על הקרקע, כמה אני לוקח מהם שכר־העברה? יאמרו לך ארבעה רובלים לכל נפש. אמת. רק ארבעה רובלים אני לוקח. אבל מכיר אני בך שבן־טובים אתה, ודבר־מה בוער ומתחת לכפות רגליך, ואנוס אתה לעבור את הגבול הלילה. ולפיכך תשלם לי כפלים: תתן לי מטבע אדום אחד ואחזיר שתי ניירות, אלא שאשגיח עליך יותר משאני משגיח על השאר.

נתתי לו מטבע אדום של זהב והחזיר לי שתי ניירות ומזגנו כוסותינו ושתינו ובירכני ב„נסיעה מוצלחת".

באולם מוטלים היו הגולים על פני הקרקע כחללים בשדה־קטל ונחירתם ניסרה באויר המחניק, שעששית קטנה מעלה כוהה ומעבה את האפלה. מצאתי את ד׳ על ד׳ שתחמו לי וישבתי בתוך הזוהמה.

כמה שעות ישנתי בתוך הזוהמה שנתחממה ונתמססה תחת גופי איני יודע. אבל כשפקחתי עיני חשתי בידו היבשה של לוזר השחור המטלטלת אותי.

— אדם צעיר, קום! אתה בעגלה השניה ותלך עמי — זירז אותי לוזר השחור, שהיה עומד ומפריש שנים־עשר גולים מתוך המחנה ומצרפם יחד ויוצא בראשם ומושכם אחריו. חשכת ליל מרחשון אופפת אותנו וגשם דק ומטריד מצין ראשי הקודה. בוססים אנו בבוץ העמוק בסימטאותיה של וולברום השרויה באפלה. לוזר השחור גופו הולך בצדי ומסביר:

— אין לך טובה מן העגלה השניה; כשהראשונה אינה עוברת, זו משתמטת וחוזרת; ומשעברה הראשונה בשלום, זו ודאי שעוברת.

עכשיו כאילו ניטלה ממנו בטיחותו. אף על פי שנעול היה מגפיו הגבוהים שבלעו מחצית שוקו, החיש פסיעותיו הצרות כנס מפני מישהו. סיגרה גדולה בפיו ואינה בוערת. עושה הוא עקיפים במגרשים ובקרפפים, פעם מתעכב ומקשיב ופעם מהסס ומביט לצדדים ומבחין בחשכה, עד שהביא אותנו מחוץ לעיירה בשדה הפתוח. כאן עמד ושרק שריקה אחת דקה. מתוך הערפל השיבו לו שתי שריקות בזו אחר זו, והוא פקד: — עכשיו בריצה!

ועקר רגליו הקטנות ועף כחץ מקשת לפנינו. הכל רצים אחריו, מי בכוחו ומי באין־ברירה. ומשהתעכב עמדנו בחצר בקתה של איכרים ושתי עגלות בתוכה, וריח תבשילי בולבוסים עולה באפנו, וסוסים נוחרים, מתעטשים ומפריחים שארית המוץ שבנחיריהם. פלטה החשכה שני גויים גבוהי־קומה ושוטים בידיהם ואדרות־כבשים שחורות על כתפם. מיד פרשו עם לוזר השחור לצדדים ונשאו ונתנו בלחש וטיכסו עצה בדאגה רבה שעה ארוכה. אבל כשחזרו אלינו התחילו בכל זאת בטעינת הגולים. לתוך קרון אחת הכניסו שש נפשות, שמתחו אותן לכל ארכן זו על יד זו כמליחים בחבית. אחר נתנו על גבן מחצלת של ערבות, שמכסים בהן עופות היוצאים לשוק, ושוב נתנו קש על גבה. תחילה יצאה קרון ראשונה עם שש הנפשות שבתוכה. המתינו שעה קלה והגיע תורה של השניה, של הקרון שלי. אבל קודם שזזה ממקומה, שמעתי קולו של לוזר השחור אומר לעגלון בקפידה:

— יש לך בקרונך בחור שחרחר אחד, מאד צעיר לימים. השגיח עליו, אם שאתה מעביר אותו או שאתה מחזירו לי — הבינות?

— הבינותי — השיב הגוי העגלון, והקרון התחיל מגלגל אופניו.

בטעות אומרים, הנפש נחרדת בשעת סכנה. חרדתה היא בתחילה לשעה קלה. אחר נאחזת היא בפרטי המאורעות ושוקעת בהם ונתפסת להם ומשתיקה את עצמה. היינו מיטלטלים ומתנדנדים שעה אחר שעה, עד שהגיעו פתאום לאזנינו קולות עמומים של שעטות סוסים בדהירתם. מיד שמענו קול מצווה: עמוד! ובלשון רוסית. הוה אומר, נתקלנו במשמר גבולות. נתעכבה הקרון. היו דין־ודברים בין המשמר ולעגלון. כנראה נשתוו הצדדים. קרב אחד החיילים אל הקרון: נחרת סוסו ניסרה באויר המועט שבקרון. התחיל בודק בכידון רובהו את תוכה. נעצו בכוח באמצע בקש ובמחצלת־הערבות והיסס; והתחיל מורידו מכאן ואילך לאט

לאט ובזהירות כמפשפש ומבקש אחרי המקום הריק. עבר את הרווח שביני ובין האשה שכנתי, שנדחקנו ונצטמצמנו לדפני הקרון, ושוב נעצו בכוח ופגע בקרקעית העגלה, וחזר והוציאו באותו היסוס, באותה זהירות כלעומת שבא. שוב זזה הקרון וגילגלה אופניה. האופנים וצירי העגלה לא היו כנראה ממורחים די צרכם, והיו חורקים ומתגלגלים בכבדות. ממשמשת ובאה השעה המכרעת, לשבט או לחסד. עכשיו התחילו נוקפים הלבבות, לא מפחד, מחרדת־צפיה.

— לצאת! הגענו — פקד הגוי המוליך בקול נמוך והזהיר: — לא לעשן, לא להדליק גפרור, לא לדבר!

בכבדות ובעצלתים התחילו שוכני הקרון מישרים איבריהם החבושים ששותקו ומתירים עצמם מבית־כלאם ועומדים על רגליהם. שוב נתחברנו לשיירה אחת, והגוי יוצא בראשה ומורה דרכה. בקרבת מקום מצד ימין ניצנצו מתוך הערפל שביבי־אור בחלונותיהם של בתי איכרים. אנו בתחומי כפר קטן. וכך אנו פוסעים בצינת הלילה ומתענגים על הליכתנו הבוטחת.

אצל גורן גבוהה וארוכה דפק המוליך שלנו על שערה, ומשנפתח ראינו לאורות של פנס־אורוות מועט את כל קהל הגולים אחינו לנדודים, שכבר נתקבצו לכאן ומוטלים הם בערבוביה ומשחירים מתוך הקש המזהיב. כיצד באו? ומהיכן באו? הרבה דרכים מובילים לגבול, ולא שתי עגלות יצאו הלילה מן העיירה וולברום. יודע לוזר השחור תכסיסיו ועוקף הוא ומפזר גייסותיו קודם שהוא מאספם ועורכם למערכה. וכיון שהזהירו על האש ולא על הדיבור, שהרי מחייצות יפה ערימות הקש ואוטמות בין הקולות ובין החוץ. מיד נפתחה לשונם של שוכני הקרונות והותרה תנועת ידיהם, וכל אחד ואחד בתוך חבורתו מפרט ומתאר את הנסים ואת הנפלאות שאירעו להם בדרכם. ונמצא גורל אחד לכולנו. אף על עגלות שלהם פקד קול מצווה בלשון רוסית: עמוד! אף אל תוכן ננעץ כידון של רובה ופישפש ולא מצא. דיקדקו המשמרות בגביית חלקם. ולא נתנו ללוזר השחור שישתמט מפניהם ויעביר קרון אחד ומסו לא פרע.

אולם לאחר זמן לא מועט נפתחו סוף־סוף שערי הגורן משני צדדיה בבת אחת. נכנסו ארבעה גויים גבוהי־קומה מזה ומזה ועמדו ותהו קמעה. ונפתחה הפרשה של עצם בקיעת הגבול. נתחלק מחנה הגולים לשנים. יושביהן של עשר קרונות יצאו בשער אחד ויושביהן של עשר הקרונות האחרות בשער אחד. עכשיו הזהירו בכל לשון של זהירות על האש ועל הדיבור כאחד. ועוד סימנים ניתנו לנו: שריקה אחת משמעה עמידה; שתי שריקות עקירה ממקום העמידה וריצה בכל הכוחות, שהרי אנו על הגבול ממש, מהלך של כמה מאות אמות ממנו. ואנו צועדים בדממה ובשלשלת ארוכה במשעולי יער שמתעבה והולך. משהעמקנו בעבי היער וסבכו, שמענו שריקה אחת מפנים ומאחור, ועשינו כמצווה עלינו — עמדנו. בחשאי עברו המוליכים לכל ארכה של השלשלת וקרבו כל איש ואשה אל האילן שלפניהם ופקדו לחבק גזעו ולצמוד את הגוף קרוב אליו, ולשהות כך בשתיקה שלמה, לא להזיז אבר, ולא להתעטש, ולא לכוחח ולא להיאנח ולהמתין ברוח עצורה לאות שיינתן. וכך ניצבים אנו בחשכת היער. גד חי אחד של ששים נפש. אילן ובן־אדם דבקים זה בזה. והאוזן דולה כל אושה וכל זיע ומצפה.

מרחוק מרחוק בקע ועלה קול אחד והיה כתלוי באויר, ספק פרסת סוס פגעה באבן, ספק אילן נזדעזע והשיר צנוברו. מיד וחזר ובקע ותלה עצמי באויר, ונתחזק יותר ונהרבה והוא קרוב מאד. עכשיו היה הספק לוודאי: פרשים במסילה. לאטם הם מתנהלים. נוקשות חרבותיהם באוכפי הסוסים. אפילו מונה אני מספרם של הרוכבים. מנין הם, שנים שנים בשורה, חמש שורות כסדרן וקצין בראשן. בינתיים נתעממו קמעה הקולות, ואין עתה שומע עוד ברורות נקישה זו של החרב באוכף. אז פלחו את האויר שתי שריקות דקות, סמוכות לקרקע, הססניות ומפתות כלחש נחשים. בפסיעות גסות עליתי על המסילה ואני מרים רגלי ורץ. הכל רצים בבהלה ובאנדרלמוסיה ואפילו נשים וזקנים. עבר על פני אחד המוליכים וכאילו מזמינני להתחרות אתו ואני נענה לו ומצטרף אליו. מתגלגלים אנו במדרון משופע מאד אל תוך חריץ עמוק. והנה כבדו הרגלים ואי אפשר בריצה. מטפס אני ועולה כמעט על ארבע בדופן זקוף ומשדל עצמי, שתחפה פסיעתי מדרך כף־רגלו של המוליך הפוסע לפני, עד שאני במעלה הדופן. שוב קלו הרגלים וצועדות בצעד רחב על גבי אדמת־מישור נוקשה וריאותי מתרחבות. כמה זמן הלכתי כך, שטוף נצחוני ואשרי, איני זוכר. והנה ניסרה קרוב לי שריקה אחת לגלגנית ומופקרת וקולנית, ורגלי עומדות מעבר מזה!

נתקבצו יחד כל שמונת המוליכים ודוחפים זה את זה כתינוקות שיצאו מבית־ספרם, ודעתם זחוחה עליהם ומדליקים הם סיגריות בחלל אגרופם וממתינים לקהלם. ומשנאספו כל הנחשלים, מונה כל אחד את אנשי השיירה שעמד בראשה, מאה ועשרים נפש, אחת אינה חסרה, וניתנה הפקודה, הפעם בקול ובפומבי ובמפורש, לפוש רבע שעה בשכיבה על הקרקע בתוך היער. וכשתישמע השריקה יוצאים בדרך הרגילה, בסך ובלי מורא, עד שנגיע עם דמדומי השחר לכפר אחד, שאינו אלא מהלך שעה ומחצה מכאן.

משנתחדשה ההליכה יצאו השיירות בכמה וכמה דרכים, מפני מראית־עין. מהלכים אנו בכביש. בני־חורין. נתקלנו במשמר־גבול אוסטרי ולא עיכב ולא מיחה ועשה עצמו שאינו רואה אותנו ומישהו אפילו בירך אותנו, ונבלע המשמר בעבי היער. היה זה כפר גדול שנכנסנו בעיבורו. כולו הומה תנועת שחרית. עדרי־בקר ורועיהם מלאו סימטאותיו. בירכתי הכפר מזדקר בנין לבנים שחומות וגגו רעפים אדומים. הוא משמש בית־מרזח לאיכרים ושומרי־הגבול ומוכסים ופונדק לגולים כאחד. והוא חנייתנו האחרונה. לאחר שאכלנו פת שחרית, יצא אלינו הפונדקי, יהודי, ובקול צרוד, קול של בית־בליעה שהקדיחוהו יינות אונגריה, נתן לי ידו הקטנה והתפוחה, כשהוא מוליך אותה מלמעלה למטה, ואומר:

— שלום עליכם, ובשעה מוצלחת!

---

יחיאל האָכערמאַן

# פון מיין שטעטל וואלבראם

(זכרונות)

## א קליינע הקדמה



יהיאל האָכערמאַן

ווען מיינע וואלבראָמער לאַנדסלייט האָבן זיך צו מיר געוואָנדען וועגען נעמען אַן אקטיוון אָנטייל ביים ארויסגעבן א יזכור־בוך צום אָנדענק פון אונזער הרוב־געוואָרענער קהילה, בין איך, דעם אמת געזאָגט, נישט געווען באַ־גייסטערט. מיין גלייכגילטיקייט איז חס וחלילה נישט געווען צוליב גרינגשעצונג, פאַרקערט, איך האָב זיך אין די אלע נאָך־מלחמה יאָרן, זינט עס האָבן אָנגעהויבן צו דערשיינען די יזכור ביכער פון די פאַרשידענע קהילות פון אייראָפּע, ארומגעטראָגן מיט א פאַרדראָס, פאַר־וואָס דאָס וועלט יידנטום האָט נישט געפונען קיין אנדערע פאָרעם וויאַזוי אויסצודריקן אונזע־רע געפילן וועגן יענע אומפאַרגעסלעכע און אומבאַשרייבלעכע געשעענישן. עפּעס האָט זיך אויסגעדאַכט, אז די השגחה וועט אונז מזכה זיין מיט א ירמיה, וואָס וועט מיט א נייער, געטלעכער שפּראַך אָנשרייבן א ספר קינות, וואָס וועט זיך איינקריצן אין יעדן יידישן הארץ פאַר אלע דורות.

נאָך א סיבה פאַר מיין אפּאַטישקייט איז געווען די באַציאונג מצד אונזער יונגען דור. טיילמאָל וואָלט זיך געוואָלט אויסשרייען אויפן קול: למי אני עמל?! און אויף וויפיל איך זאָל נישט זיין דורכגעדרונגען מיט אָפּטימיזם פאַר דער יידישער צוקונפט, בויערט דאָך ווי מיט אַן עקבער אין הארצן דער גרויסער ספק: וועלן אונזערע קינדער לייענען, וואָס מיר האָבן געשריבן? וועלן זיי זיך נישט שעמען מיט אונזער פאַרגאַנגענהייט? מיינע ספקות וועגן אָט דער פראַגע זיינען האַלבוועגס געלייזט געוואָרן דורך א גליקלעכן צופאַל.

לעצטן זומער איז מיר אויסגעקומען צו זיין אויף וואקאַציע אין א גאַנץ באַשיידענעם פּלאַץ, נישט ווייט פון ניו־יאָרק. ווי געוויינלעך אין אַזעלכע פּלעצער, פאַרנעמען זיך די מערסטע געסט מיט פאַרשידענע פאַרוויילונגען. זעלטן וועט איר דאָרט אָנטרעפן אַיף מענטשן, וואָס זאָלן אוועקגעבן א ביסל צייט אויף לייענען א בוך. איך אָבער, לייענדיק פאַריאָגט אין וואָכעדיקייט א גאַנץ יאָר, האָב גרויס פאַרגעניגן צו פאַרברענגען מיין אָפּרוצייט אין די זומער חדשים מיט לייענען. אין דעם האָטעל, וו איך האָב פאַרבראַכט מיין וואקאַציע, איז פאַראַן א ביבליאָטעק מיט א היפּש ביסל ביכער, שיין אויסגעשטעלט אין פאַרשלאָסענע שענק הינטער שויבן. אויב איר ווילט ארויסנעמען א בוך, מוזט איר זיך ווענדען

צום אייגנטימער נאָכן שליסל. אראָפּלייענדיק דורכן גלאָז די נעמען פון די מחברים אויף די רוקנס פון די ביכער, האָב איך עפּעס נישט געפונען קיין איין נאָמען, וואָס זאָל מיך אזוי פאראינטערעסירן, אז איך זאָל זיך באמיען דורכצוגיין די פּראָצעדורע פון ווענדען זיך צום באלעבאָס נאָכן שליסל. אָבער איינמאָל אין א רעגנדיקן שבת נאָכמיטאָג בין איך געזעסן אין דער ביבליאָטעק און נישט האָבנדיק וואָס צו לייענען, האָב איך זיך דאָך באמיט און האָב פארלאנגט דעם שליסל פונעם ביכערשראנק און נישט בכיוונדיק ארויסגענומען א בוך. דאָס בוך הייסט „דאָס לעבן און די צייט פון רעמבראנדט וואן רין", געשריבן אין יאָר 1669 פון יאָאניס וואן לון. דער מאנוסקריפּט פון דעם בוך איז געלעגן אויף א בוידעם אין האָלאנד. 260 יאָר שפּעטער האָט אן אייניקל פונעם מחבר געפונען און ארויסגעגעבן דעם כתב יד. עס איז געווען אן אייניקל אין 9־טן דור, דר. הענדריק ווילעם וואן לון, א פּראָפעסאָר פון געשיכטע אין ניי־זעלאנד. איך האָב א בלעטער געטאָן די הקדמה פונעם מחבר און זי האָט מיך געפאנגען. איך האָב געלייענט און געלייענט אָן אָטעם. אז איך האָב אוועקגעלייגט דאָס בוך, בין איך געווען אויסגעהיילט פון מיינע ספקות. איך האָב געטראכט: קאָן זיין אז פאר אונזערע קינדער און אייניקלעך וועלן אונזערע זכרונות בלייבן „א מאנוסקריפּט אויפן בוידעם", אָבער אויך פאר אונז זיינען דאָך אפשר גורלדיק אָנגעגרייט אייניקלעך פון שפּעטערע דורות, וואָס וועלן אונז אנטדעקן, וועלן זיין להוט צו וויסן און וועלן לייענען אָן אָטעם, ווי איך דאָס בוך פון הענדריק ווילעם וואן לון׳ס זיידע פון מיט ניין דורות צוריק. האָב איך באשלאָסן צו נעמען א מוסר השכל פון דעם האָלענדישן זיידע און פּרואוון דערציילן.

## ב. דער וואלבראָמער בי״לו׳ניק

מרדכי זשיסלס המכונה מייטעלעס איז געווען מיין עלטער־זיידע. ער איז געשטאָרבן אין ארץ ישראל איידער איך בין געבוירן געוואָרן, און דאָס, וואָס איך וויל דאָס דערציילן וועגן אים איז צום גרעסטן טייל ע״פ המסורה פון מיין טאטן און מאמען ע״ה, און אויך פון זיינע בריוו, וואָס ער האָט געשריבן צו זיין יינגסטן איידעם — מיין זיידען, ר׳ שמואל האַכערמאַן אין וואלבראָם. די בריוו איז מיר אויסגעקומען צו זען אין יאָר 1932 ביי מיין פעטער, ר׳ זשיסלס האַכער־מאַן, וועלכער האָט בשום אופן זיך נישט געוואָלט שיידן מיט דער ווינטיקער ירושה און האָט געהאָפט, אז ווען ער וועט אליין עולה־זיין און קומען קיין ארץ ישראל, וועט ער זיי איבערגעבן צו די געהעריקע אינסטיטוציעס, וואָס פארנעמען זיך מיט דער געשיכטע פון די חלוצי הישוב.

צו יענער צייט איז דאָס שפּעטערדיקע שטעטל „וואלבראָם" נאָך געווען בבחינת גמינע, און האָט ביז צו דער ערשטער וועלט מלחמה נישט פיגורירט אויף דער מאפּע פון פּוילן *). איך געדענק נאָך, אז ווען די עסטרייכישע פּאטראָלן

*) וואלבראָם האָט, וואָס אן אמת, יא פיגורירט אויף אלע אויספירליכע מפּות, און ווער עס זוכט עס אויף די מאפּע, דארף נאָר וויסן אויף וועלכע עס געפינט זיך. — דער רעדאקטאָר.

זיינען אריינגעריטן אין שטעטל און האָבן געזוכט אויף זייערע מאַפּעס ווו זיי געפינען זיך, האָבן זיי דעם נאָמען וואָלבראָם נישט געפונען. נאָר דורך די נעמען פון שכנותדיקע דערפלעך, וואָס זיינען געווען א סך קלענער פון וואָלבראָם, האָבן זיי זיך געקאָנט אָריענטירן וואוהין זיין דארפן גיין.

די יידישע באַפעלקערונג פונעם שטעטל איז געווען די מערהייט לגבי דער קריסטלעכער און האָט באַטראָפן צו יענער צייט אַן ערך 200 משפחות. וועגן דעם סאָציאַלן צוזאַמענשטעל פון דער יידישער באַפעלקערונג וועט אונז נאָך אויס־קומען צו שרייבן. איך וויל דאָ נאָר איבערגעבן אייניקע שטריכן פון דעם וואָל־בראָמער בילו׳ער, וואָס זיין אייגנאַרטיקייט האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם, וואָס ער איז געווען דער איינציקער ייד אין וואָלבראָם, וואָס האָט זיך מפרנס געווען פון ערד ארבעט. מיין עלטער־זיידע האָט זיך דערוואָרבן אייניקע הונדערדט מאָרגעס לאַנד נאָענט צו דער שטאָט, האָט אויפגעשטעלט א פויערים כאַטע און ער מיטן ווייב האָבן באַארבעט די ערד.

איז זומער, יעדן אינדערפרי, פלעגט מרדכי זשיסלס צופוס קומען צום ערשטן מנין און דערנאָך גיין צוריק אהיים צו דער ארבעט. און ווינטער פלעגט ער איינשפּאַנען א וואָגן אָדער א שליטן — אָבער קיינמאָל נישט פאַרפעלט צו קומען צום דאַווענען.

אין דער ערשטער צייט פלעגט ער האָבן אייניקע ארבעטער, וואָס האָבן אים געהאָלפן ביי דער ארבעט. שפּעטער, ווען די קינדער זיינען אונטערגעוואַקסן האָבן אויך די קינדער געארבעט אויפן לאַנד. דעַנסמאָל פלעגט ער זיך שוין דערלויבן צו פאַרבלייבן אין בית המדרש א ביסל לענגער און לערנען א פּרק משניות. נאָך שפּעטער, ווען זיינע קינדער זיינען שוין געווען בגיל ח״י האָט ער אויפגעבויט א הויז אין שטעטל גופא און האָט זיך דאָרט באַזעצט, אָבער ער איז דערביי ווייטער אָנגעגאַנגען מיט דער ארבעט אויף זיינע פעלדער. פאַר זיינע טעכטער האָט ער איינגעהאַנדלט חסידישע יונגעלייט און זיי גענומען צו זיך אויף אייביקע קעסט.

זיינע זין האָט ער נישט געלאָזט, ווי עס איז געווען דער שטייגער ביי די בעלי־ביתישע יידן אין שטאָט, זיך מאַכן פיזישע פעלערן, כדי באַפרייט צו ווערן פון מיליטער, נאָר ער האָט זיי געלאָזט גיין דינען פאָניען. אינטערעסאַנט איז, אַז אין שפּעטערע יאָרן האָבן זיינע זין ממשיך געווען די זעלבע טראַדיציע, און איך אליין האָב געקענט פיגף אייניקלעך זיינע, יידן בני תורה, וואָס זיינען געווען אויסגעדינטע סאָלדאַטן.

אין א געוויסן פרימאָרגן, גייענדיק פון דאַווענען, האָט מרדכי זשיסלס אָנגעטראָפן זיינעם א פריינט אין גאַס און אים מודיע געווען די בשורה, אַז ער פאָרט קיין ארץ ישראל. דער פריינט, א ייד א פרומער, א חשובער בעל־הבית פון שטאָט, האָט אין אָנפאַנג געטראַכט, אַז ר מרדכי טרייבט קאַטאָוועס פון ווילטאָג, אָבער נאָך א לענגערן שמועס איז אים קלאָר געוואָרן, אַז דער פאַרהאַר־טעוועטער און פאַרעקשנטער ר׳ מרדכי מיינט דאָס טאַקע אויף אַן אמת.

איז ער שנעל געלאָפן אין בית המדרש און האָט פאַרשפּרייט די נייעס

צווישן עולם. אייניקע האָבן געטראכט, אז נישט אנדערש נאָר עפּעס א רוח־רע ר"ל האָט זיך באהעפטט צו ר׳ מרדכין, וואָרום ווי אנדערש קאָן מען דאָס פאר־שטיין? אז א ייד א גביר, אויף די עלטערע יאָרן, אויסגעגעבן אלע קינדער, נחת פון לומדישע איידעמס און גערעאָטענע זין און אייניקלעך, זאָל זיך פּלוצים אויפהייבן מיר־ניט, דיר־ניט, איבערלאָזן די פעלדער און די שאָף און רינדער, די קינדער און אייניקלעך און אוועקפאָרן קיין ארץ ישראל. שוין דער פאקט אליין, וואָס א ייד א גביר, אליין נישט קיין חסיד און אויך נישט קיין גרויסער למדן, זאָל איבערלאָזן האָב און גוטס און א גרויסע פארצווייגטע משפחה, וואָס ווינט אין זעלבן שטעטל, און אוועקפאָרן קיין ארץ ישראל, האָט זיך נישט געלייגט אויפן שכל און האָט אויסגעזען אויסטערליש. אָבער ווען מיר זאָלן נאָך דערצו נעמען אין באטראכט, אז דאָס שטעטל וואלבראָם איז געווען אָפּגעריסן פון אנדערע יידישע ישובים אין פּוילן — ווייל צו יענער צייט איז נאָך נישט געווען קיין אייזענבאַן־סטאנציע און די פּאָסט האָט מען געבראכט מיט וועגענער פון דער־בייאיקע שטעט, און ווי איך האָב געהערט פון מיינע עלטערן, איז צו יענער צייט אין שטאָט נישט געווען קיין איינציקער יידישער צייטונגס־אבאָנענט — ווערט די נסיעה פון מיין עלטער־זיידן ר׳ מרדכי זשיסלס ממש א מיסטעריע. ווייזט אָבער אויס, אז די ווינטן פון חבלי גאולה האָבן דערגרייכט וואלבראָם דורך די מארק־פאָרער און דורך מגידים און משולחים. עס איז געווען, לויט מיין אויסרעכענונג (ווייל מיין מאמע האָט מיר אין יאָר 1932 געזאָגט, אז זי איז דענסמאָל אלט געווען 12 יאָר) אין יאָר 1882, די יאָרן פון דער ביל"ו באוועגונג. און א ברענענדיקער פונק פון יענעם אינווייניקסטן פרייהייטס־רוף האָט אָנגע־צונדען דעם פייערדיקן באגער פון ר׳ מרדכי זשיסלס און ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער מחנה פון יחידישע גואלים. א סך מכשולים זיינען געלעגן אויפן וועג איידער ר׳ מרדכי האָט געקענט דורכפירן זיין באשלוס.

ערשטנס האָט ער נישט געקענט, און האָט אויך מורא געהאט, צו בעטן א פּאספּאָרט אויף ארויסצופאָרן פון לאנד, און דערצו נאָך, קיין ארץ ישראל. אָבער די גרעסטע מניעה איז געווען מצד דער משפחה.

זיינע קינדער און ברידער און שוועסטער האָבן איינגעלייגט וועלטן, מיט סטראשונקעס און מיט כלערליי בקשות. קיין תחנונים האָבן נישט געווירקט, ביז די משפחה איז געפאלן אויף דער המצאה ארונטערצוברענגען צוויי רביים, אז זיי זאָלן ביי אים כאָטש פועלן אָפּצולייגן זיין רייזע אויף א פּאָר יאָר שפּעטער. איך דערמאן זיך איצט שוין נישט די נעמען פון די צוויי רביים, אָבער איך געדענק יאָ, אז זיי זיינען געווען פון דער קאָצקער גזע. זיי זיינען געקומען אויף דער שתדלנות פון מיין זיידן ר׳ שמואל, וואָס איז אליין געווען א קאָצקער חסיד. א גרויסער עולם פון פריינט און משפחה זיינען אנטקעגנגעפאָרן די צוויי רביים און פארפאָרן מיט זיי אין שטאָט דירעקט צו מרדכי זשיסלס הויז. דארט, ווי ס׳האָט מיר דערציילט מיין מאמע, איז געווען אָנגעגרייט פון אלעס גוטן און אויסערגעוויינלעכן. מיין עלטער־זיידע מיט זיין פרוי האָבן יום־טוב׳דיק מקבל־פנים געווען די גאָר חשובע געסט. נאָך מנחה מעריב האָבן זיך פארזאמלט אין זיין הויז דאָס גאנצע הויזגעזינט מיט א פאר חשובע בעלי־ביתים און האָבן

געפּראַוועט א גרויסע סעודה, ווי אויף א נגידישער חתונה. מען האָט געזאָגט תורה, געזונגען שיר־המעלות, א.אז.וו.

ערשט נאָכן עסן האָבן זיך די צוויי רביים גענומען רעדן תכלית און, דער עיקר, האָבן זיי זיך קאָנצענטרירט נישט ח״ו אים אָפּצוווענדען פון זיין באשלוס צו פאָרן קיין ארץ ישראל, ווייל דאָס האָט מען זיי געגעבן צו וויסן פאַראויס, אז עס וועט נישט געלינגען ביי אים צו פועלן. נאָר זיי האָבן אים געגעבן צו פאַר־שטיין, אז ער מוז צוליב ק״ן טעמים אָפּלייגן די נסיעה אויף א פּאָר יאָר שפּעטער. דער שמועס, אָדער בעסער געזאָגט, די רייד פון די רביים האָבן זיך פאַרצויגן ביז שפּעט אינדערנאַכט, און ר׳ מרדכי זשיסלס מיט זיין פּלוניתטע האָבן זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט מיט גרויס דרך ארץ צו זייערע רייד. און ביי די קינדער און ביי די אנדערע פאַרזאַמלטע איז ניט געווען קיין שום ספק, אז דער אלטער עקשן האָט זיך אונטערגעגעבן.

מיטאַמאָל שטעלט זיך ר׳ מרדכי גאַנץ געמיטלעך אויף און גיט א זאָג א טיפּיש פּויערישׁ שפּריכוואָרט אויף פּויליש, בזה הלשון:

„פון אָפּלייגעכץ טוען ווי די זייטן. האָט מיר אלע א גוטע נאכט. מאָרגן פאָר איך אָפּ פון וואלבראָם״.

ווי א דונער האָט זיין מודעה געטראָפן די פאַרזאַמלטע, און עס האָט נישט געהאָלפן דאָס חלשות־פאַלן פון זיינע טעכטער, און נישט די טרערן פון זיינע זין. ער האָט זיך גלייך געוואָנדן צו זיין פרוי און אָנגעהויבן פּאַקן די זאַכן פאַרן וועג. און טאַקע אינמיטן נאַכט האָט זיין עלטסטער זון אָנגערופן איינעם פון זיינע בעסטע קוטשערס, געהייסן איינשפּאַנען א פערד און אויסריכטן א וואָגן, אויפלאָדן די חפצים, און טאַקע אויף צומאָרגנס נאָכן דאַווענען און אָנבייסן איז מען ארויסגעפאָרן פון שטאָט.

ווי שווין דערמאָנט, איז וואלבראָם געווען ווייט אַוועק פון א צענטראַלער אייזנבאַן־פאַרבינדונג, און עס האָט געהייסן, אז ר׳ מרדכי מיט זיין ווייב זענען געפאָרן מיט פערד און וואָגן ביז אָדעס, און פון דאָרטן מיט א שיף קיין ארץ ישראל. (זייט 1880 שטייט דער באַנהויף אין וואלבראָם, און א ווונדער וואָס ער איז ניט געפאָרן פון וואלבראָם מיטן באַן — דער רעדאַקטאָר).

ערשט מיט זעקס חדשים שפּעטער, האָט מיר דערציילט מיין פעטער זושע, איז אָנגעקומען דער ערשטער בריוו פון אים, געשריבן אין ירושלים.

למען האמת איז מיר נישט געלונגען אין די שפּעטערע יאָרן אויסצוגעפינען דעם מאַרשרוט פון זיין רייזע. איך ווייס אויך נישט גענוי, ווען ער איז גע־שטאָרבן. פון זיינע בריוו, וואָס מיין פעטער זושע האָט מיר אין יאָר 1932 געגעבן צו לייענען, האָב איך זיך דערוווּסט אייניקע אינטערעסאַנטע זאַכן, וועלכע איך וועל דאָ אין קורצן דערציילן. גלייך ביים אָנקומען אין ירושלים האָט ער זיך באַזעצט אין מאה שערים. דאָס איז געווען אין טייל פון שטאָט ווו די כוללים האָבן אויפגעבויט דירות פאַר די אָנגעזעצענע יידן, וואָס זיינען געזעסן און געלערנט און זיך מפרנס געווען פון כולל.

מרדכי זשיסלס האָט מיטגעבראַכט מיט זיך א היפּשע סומע געלט און ער

האָט נישט געדאַרפט אָנקומען צום כולל. נאָר אזוי ווי ער האָט געוואָלט זיין אין דער סביבה פון די שטענדיקע לערנער, האָט ער זיך דאָרט געקויפט א דירה.

פון ארץ ישראל האָט ער געשיקט אינסטרוקציעס קיין וואלבראַם וויאזוי צו באַארבעטן די ערד, וואָס צו פאַרזייען און וועלכע שטרעקעס לאַנד צו לאָזן שטיין אומבאַארבעט. די הכנסה פון לאַנד איז פאַרטיילט געוואָרן צווישן די, וואָס האָבן זיך דערמיט באַשעפטיקט, און א פינפטל פאַר אים. און יעדן יאָר איז זיין איידעם — מיין זיידע — וואָס איז געווען, אזוי צו זאָגן, דער נאמן, געפאָרן קיין וואַרשע און האָט פון דאָרט איבערגעשיקט דאָס געלט קיין ירושלים.

אזוי האָט זיך אָנגעהויבן די פאַרבינדונג פון דעם, איצט דורך די היטלער מערדער פאַרשניטענעם, יידישן ישוב אין וואלבראַם, מיט דער באַפרייטער, יידישער מדינה, מיט ישראל.

יהי זכרו ברוך.

## ג. די יאָרן צווישן 1905 און 1912

צווישן דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָנסטראַציע פון 1905 ביזן יאָר 1912 איז דאָס לעבן אין וואלבראַם ווידער פאַרשלאָפן געוואָרן און קיין באַזונדערע ענדערונגען זיינען נישט פאָרגעקומען, דאָס הייסט! אין דעם אלגעמיינעם לעבן פון וואלבראַם. אין דער יידישער וואלבראַם, זיינען יאָ פאָרגעקומען צוויי וויכטיקע געשעענישן, וואָס זיינען ווערט פאַרצייכנט צו ווערן.

די ערשטע פּאַסירונג, וואָס האָט, לויט מיין מיינונג, געהאַט א השפעה אויף דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון קהלה לעבן אין וואלבראַם איז די גרויסע מחלוקה וועגן א נייעם שוחט. איידער איך וועל דערציילן וועגן יענער פּאַסירונג מוז איך באַמערקן, אז דאָס וואָס איך גיב דאָ איבער האָב איך געהערט דערציילן ביי אונז אין שטוב, ווייל מיין פאָטער איז געווען איינער פון די הויפּט העלדן אין יענער מחלוקה לשם שמים, און דעריבער וועל איך אויסמיידן די איינצלהייטן, וואָס זיינען מיר אפשר נישט איבערגעגעבן געוואָרן אין גאַנצן אָביעקטיוו. איך וועל זיך באַגניגן צו דערציילן בלויז וועגן איין איינציקן אינצידענט, וואָס איך האָב אין די שפּעטערע יאָרן געהאַט די געלעגנהייט זיך צו איבערצייגן, אז ער איז אויטענטיש.

געהאַנדלט האָט זיך עס וועגן אויפנעמען א נייעם שוחט, און ווי געוויינ־לעך אין אזעלכע פאַלן, זיינען פאָרגעשלאָגן געוואָרן אייניקע קאַנדידאַטן. די גערער חסידים האָבן זיך געהאַט זייערס א קאַנדידאַט און די אלעקסאַנדערער חסידים האָבן געהאַט אַן אַנדערן. וואָלט זיך די זאַך ווי עס איז פאַרענדיקט, ווען די רבנישע הויפן פון גער און אלעקסאַנדער וואָלטן זיך נישט אריינגעמישט אין דעם ענין. זיינען אָבער ביידע קאַנדידאַטן געווען אָנגעזעענע חסידים, און יעדער הויף האָט געשטורעמט מיט בריוו, אזוי אז די לאָקאַלע מחלוקה איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א פאַרמעסט צווישן גער און אלעקסאַנדער. וואלבראַם איז צעטיילט געוואָרן אין צוויי פיינטלעכע לאַגערן, און די שנאה האָט דערפירט צו מסירות פאַרן גובערנאַטאָר, און נאָך אזעלכע ענלעכע מעשים.

ווער ווייס ווי לאנג עס וואָלט געווען אָנגעהאַלטן די קריגעריי, און צי עס וואָלטן טאַקע נישט געוואָרן צוויי באַזונדערע יידישע קהילות, ווען נישט א גליקלעכער צופאַל, וואָס האָט א סוף געמאַכט צו דער מחלוקה. מיט א צייט פריער, איידער עס האָט אויסגעבראָכן דער קריג, האָט זיך ר׳ גרשון צווייגנבוים משדך געווען מיט ר׳ ישראל ווארשאַווער. ר׳ גרשון איז געווען אַן אָנגעזעענער, חשובער בעל־בית, און האָט זיך געטוליעט צו דער אלעקסאַנדערער סוויטע צוליב זיינע איידעמס, וואָס זיינען געווען איבערגעגעבענע אלעקסאַנדערער חסידים. זיין זון חיים־יצחק, דער חתן, איז אויך נוטה געווען מער צו אלעקסאַנדער ווי צו גער. ר׳ ישראל ווארשאַווער, דער פֿאָטער פון דער כלה, איז געווען א ייד א גרויסער למדן, און א טיש־זיצער אין גער.

די חתונה איז באַשטימט געוואָרן ביי די תנאים. און ווער עס געדענקט ווי הייליק עס איז אָפּגעהיט געוואָרן ביי יידן אין יענער צייט נישט אָפּצולייגן א חתונה, אונטער קיינע אומשטענדן, וועט פאַרשטיין, וואָס פאַר א דילעמע עס איז אַנטשטאַנען פאַר די מחותנים, וואָס זיינען אין א קורצער צייט אַרום, צוליב א קריגעריי איבער א שוחט, געווען אין צוויי פיינטלעכע לאַגערן און איינער מיטן צווייטן האָבן ניט גערעדט.

עס האָט שוין געהאַלטן דערביי, אַז עס זאָל ווערן אויס שידוך, ווען נישט דער שכל הישר פון אייניקע נייטראַלע בעלי־בתים, וואָס האָבן זיך אַריינגעלייגט אין ענין, כדי צו פאַרמיידן חלילה וחס אַן אומגליק אין שטאָט. זיי האָבן געסטראַשעטביידע צדדים, אַז צעשטערן א חתונה איז ניט נאָר א שלעכטער סימן פאַר חתן כלה, נאָר אויך א סכנה פאַר דער גאַנצער קהלה.

דער אַרגומענט, אַז די קהלה שטייט ח״ו פאַר א גרויסער סכנה האָט ענדלעך מנצח געווען. ביידע משפחות האָבן זיך גענומען גרייטן צו דער חתונה. נאָר אַזוי ווי די מחותנים האָבן נישט גערעדט איינער מיטן צווייטן, זיינען אַלע התחייבותן וועגן נדן און מתנות־אויסטויש דורכגעפירט געוואָרן דורך שליחים. אָבער אין דער לעצטער מינוט האָט מען זיך געכאַפּט, אַז עס איז דאָ א גרויסע שטערונג דורכצופירן די חתונה.

אין גאַנג פון דער קריגעריי האָט דער גערער רבי געאַסרט די שחיטה פון דעם שוחט, וואָס די אלעקסאַנדערער האָבן אָנגעשטעלט, און דער אלעקסאַנדערער רבי האָט געאַסרט די שחיטה פון דעם גערער שוחט.

נאָכאַמאָל זיינען שיר־שיר נישט צעשטערט געוואָרן אַלע באַמיאונגען פון די שלום־מאַכערס. האָט זיך איינער פון זיי אַריבערגעכאַפּט צום בעלזער רבי און צוריקגעבראַכט א פשרה היתר, דהיינו, אַז די חתונה־סעודה זאָל געפּראַוועט ווערן טאַקע אונטער איין דאַך, אָבער ביי באַזונדערע טישן. זאָלן די אלעקסאַנדערער עסן פון דער שחיטה פון זייער שוחט, און די גערער, פון זייער שוחט — און שלום על ישראל!

און טאַקע אַזוי איז געפּראַוועט געוואָרן די חתונה ווי אויך די שבע ברכות.

פון דער חתונה פשרה איז אַרויסגעוואַקסן א צווייטע פשרה, גלייך נאָך דער חתונה האָבן זיך ביידע צדדים געאייניקט, אַז דער אלעקסאַנדערער שוחט

זאָל בלייבן א שוחט־עופות און דער גערער, א שוחט־גסות, און עס איז געשלאָסן געוואָרן אן אמתער שלום אין יידישן לעבן פון שטעטל.

די אלע אויבן דערמאנטע פרטים האָב איך געהאט א געלעגנהייט צו הערן פון ר׳ חיים יצחק צווייגענבוים (דער חתן אליין), וואָס האָט זיינע לעצטע יאָרן אויסגעלעבט אין ישראל און מיט וועמען איך בין געווען נאָענט באפריינדעט.

די צווייטע פאסירונג, האָט געהאט א שטארקע ווירקונג אויף דער ווייטער־דיקער אנטוויקלונג פון דער יוגנט אין וואלבראָם, ווי אויך אויף דעם גאנצן קהלה לעבן אין שטאָט, דאָס איז געווען דאָס עולה־זיין קיין ארץ ישראל פון משה נתנס אייניקל, ר׳ נתן פרענקעל, וואָס טראָגט היינט דעם נאָמען נתן חפשי. אָבער וועגן דעם וועלן מיר איבערלאָזן פאר אים אליין איבערצוגעבן פאר די קומענדיקע דורות. מיר וועלן אויף אן אנדער אָרט באשרייבן דעם גרויסן רושם, וואָס נתנס עולה־זיין קיין ארץ ישראל האָט געמאכט אויף דער יוגנט, וואָס האָט זיך מיטן גאנצן יוגנטלעכן ברען אריינגעוואָרפן אין דער חלוצישער באוועגונג און זיך געגרייט עולה צו זיין קיין ארץ ישראל.

מיר וועלן אויך איבערלאָזן צו דערציילן וועגן חלק, וואָס דאָס יידישע וואלבראָם האָט געהאט אין דער צווייטער עליה, אונזער באליבטן און חשובן בן־עיר נתן חפשי, וואָס לעבט נאָך היינט, עד מאה ועשרים, אין ישראל.

דער דריטער עפּיזאָד פון יענער צייט, וואָס האָט געשלאָסן א גאנצע תקופה און האָט ראדיקאל געענדערט דאָס לעבן פון די יידן אין וואלבראָם, איז געווען די באקאנטע באָיקאָט־באוועגונג אין פוילן אונטער לאָזונג „סוואָי דאָ סוואָגאָ״ ווי אויך דער פרווו פון די פוילישע בעלי־בתים צו באוועגן די פויערים פון דער געגנט צו מאכן א פּאָגראָם אויף יידן.

דאָ וויל איך זיך אָפּשטעלן און געבן, בקיצור, אן איבערבליק פון דער שטימונג, וואָס האָט געהערשט צו יענער צייט ביי דער יידישער באפעלקערונג, און די רעאקציע וואָס יענע שטימונג האָט ארויסגערופן ביי דער יידישער יוגנט.

ביז צום יאָר 1912 האָבן די יידן אין וואלבראָם כמעט ווי נישט געליטן פון קיין אנטיסעמיטיזם. מ׳קען זאָגן, אז די באציאונגען מיט די גויים זיינען געווען פריינטלעכע. די שטאָטישע פוילישע באפעלקערונג, וואָס איז אגב געווען א מינדערהייט, איז געווען ענג פארבונדען עקאָנאָמיש מיט דער אָרטיקער יידישער באפעלקערונג. די יידן האָבן געוווינט אין זייערע הייזער; די יידישע מארק־שטייערס האָבן ארומגעפירט די פּראָדוקציע פון די פוילישע שוסטער משפחות; די יידן האָבן אָפּגעקויפט מילך פון זייערע בהמות און געקויפט ביי זיי האָלץ צו באהייצן זייערע אויוונס.

דאָס ביסל פוילישע אינטעליגענץ האָט שטילערהייט אָרגאניזירט א פוילישע נאציאָנאלע באוועגונג און געבונטעוועט זיך קעגן דעם צארישן רוסלאנד. אין א געוויסער צייט האָבן זיי זיך געטוליעט צו די יידן און געזוכט צו באאיינפלוסן די זין און טעכטער פון די רייכערע יידישע משפחות. די פויערים פון דער ארומיקער געגנט האָבן פארקויפט זייערע פּראָדוקטן צו די יידן און געקויפט פון די יידן פארשידענע אנדערע הצטרכותן. זייער עקאָנאָמישע לאגע איז געווען גוט. זיי האָבן נאָך גוט געדענקט זייער מערכה אונטערן יאָך פון די פוילישע

פריצים, און זייערע סימפאטיעס זיינען געווען גיכער צו די יידן איידער צו זייערע פריערדיקע באדריקער און צו דער שטאָטישער שליאכטע.

מיטאמאָל, האָט זיך די לאגע געענדערט צום שלעכטן. מען האָט אָנגעהויבן באמערקן ביי אייניקע פון די שטאָטישע אינטעליגענטן די דעמאָלס־באקאנטע באַיקאָט העצערישע פוילישע צייטונג „דווא גראָשע". דער גלח האָט געפרעדיקט זונטיק, אז די פוילישע דינסטן זאָלן פארלאָזן זייערע שטעלעס ביי די יידן און עס האָבן זיך געעפנט צוויי נייע פוילישע געשעפטן. יונגע שקצים האָבן געשלעפט די פויערים פון די יידישע געוועלבער און אפילו זיך באנוצט מיט טעראָר מיטלען קעגן די, וואָס האָבן זיי ניט געפאָלגט. מיט איין וואָרט, די שטימונג איז געוואָרן זייער אָנגעצויגן. די יידישע יוגנט האָט זיך צו דעם אלעם צוגעקוקט און איז געווען צעטומלט. זי האָט ניט פארשטאנען וואָס עס קומט דאָ פאָר. פון איין זייט האָבן זיי צוגעזען, ווי די מאסן פויערים, מיט וועמען זיי האָבן ביז איצט ניט געהאט קיין מגע ומשא, פארהאלטן זיך דווקא נייטראל און פון דער אנדערער זייט, די אינטעליגענץ און די שטאָטישע שליאכטע, וואָס מיט זיי זיינען יידן געווען אין פריינטלעכע באציאונגען, דווקא זיי זיינען געוואָרן די איניציאטאָרן פון אלע העצעס.

נישט געקוקט אויף דעם, וואָס די שטאָטישע פוילישע שליאכטע האָט ארומגעשיקט אין דער ארומיקער געגנט אויפצוהעצן קעגן די יידן, האָבן אָבער די פויערים נישט געוואגט צו קומען אין שטאָט און אנטייל צו נעמען אין א פאָגראָם ווי דאָס האָבן פארלאנגט די העצערס. די פויערים האָבן אָבער אויך, ווי ווייט מעגלעך, אויסגעמיטן צו קומען אין שטאָט, אזוי אז די שטאָטישע שליאכטע אליין וואָס איז געווען א מינאָריטעט, האָט נישט געוואגט אויף אייגענעם חשבון צו מאכן דעם אָנפאל.

דאָ האָט זיך אָבער אריינגעמישט דער גלח, וואָס האָט זיך ביז איצטער באגניגט מיט אסרן די דינסטן צו ארבעטן אין יידישע הייזער. ער האָט גאנץ איינפאך און אָפן געפרעדיקט, אז יידן — די רוצחים פון קריסטלעכן גאָט — זיינען שולדיק פאר דער דאָליע פון פאָליאקן און אז עס איז געקומען די צייט אָפצונעמען ביי זיי אלץ, וואָס זיי האָבן צוגענומען ביי די פאָליאקן.

דער קלימאקס פון דער געשפאנטער אטמאָספער איז געקומען אין א געוויסן מארקטאָג, דאָנערשטיק. אין יענעם טאָג, ווען ממש טויזנטער דאָרפס־פויערים זיינען געקומען אין שטאָט מיט וועגענער איינצוקויפן זייערע הצטרכותן פאר פסח, האָבן זיך באוויזן א פאָר שטאָטישע שקצים אינמיטן מארק און אָפן גערופן דעם המון צו ראבעווען די יידישע געשעפטן. באלד איז געוואָרן א גרויסע בהלה אין שטאָט און די יידישע קרעמער האָבן פארהאקט די טירן און אָנגעהויבן אנטלויפן פון דער גאס.

איין פאקט וואָס איז מיר איינגעקריצט אין זכרון פון יענעם דאָנערשטיק, איז וואָס אונזערער א שכן, דער אזוי גערופענער „לאָמער פעלשער", וועלכער איז געווען מכלומרשט אונזערס א פריינט און איז אָפט געקומען מיט זיין משפחה צו אונז אין הויז, האָט ארויסגעברענגט א גרויסע האק און געגעבן די פויערים, וואָס האָבן געשטורעמט און געוואָלט אויפרייסן די טירן פון אונזער געשעפט.

צום גליק זיינען צווישן די וואלבראָמער יידן געווען א פּאָר צענדליק מענטשען, וואָס האָבן זיך נישט פארלוירן פון שרעק נאָר געשטעלט א שטארקן ווידערשטאנד. די ערשטע זיינען געווען די בעלי־עגלה׳ס, בער נאָטעס מיט זיינע דריי זין — משה, עוזר און מרדכעלע — וואָס האָבן די ערשטע ארויסגעצויגן די אָרטשיקעס און אָנגעהויבן שלאָגן די פּויערים איבער די קעפּ. באלד זיינען צוגעשטאנען צו זיי די יידישע קצבים און סתם א פּאָר ווילדע יונגען, און שטראָמען בלוט האָבן זיך אָנגעהויבן גיסן פון די פּויערישע קעפּ.

דער אומגעריכטער יידישער ווידערשטאנד האָט אריינגעברענגט א גרויסע צעטומעלונג אין דעם צעבושעוועטן המון, וואָס האָט זיך אזוי דערשראָקן, אז זיי האָבן געכאפּט זייערע פערד און וועגענער און זיינען אנטלאָפן פון שטאָט. די שטאָטישע שקצים, וואָס זיינען געבליבן אָן הילף, זיינען אזוי צעשלאָגן געוואָרן, אז נאָך יאָרן שפּעטער האָבן זיי זיך נישט געוואגט אָנצוהייבן מיט די יידן.

וועגן דער ווירקונג פון דער פּאסירונג אויף דעם ווייטערדיקן גאנג פון יידישן לעבן און דער ענגערער יידישער קהלה אָרגאניזאציע, וואָס יענער דאָנערשטיק האָט גורם געווען, וועלן מיר דערציילן אין א באזונדערן קאפּיטל. נאָך איידער מיט טרעטן צו צו יענעם טייל, ווילן מיר פריער אונטערציען א סך־הכל און געבן א מער פּרטימדיק בילד פון דעם לעבן און דעם צוזאמענשטעל פון דער יידישער באפעלקערונג ביז צו יענעם יאָר, וואָס ווערט באטראכט פאר א שלום־יאָר פון א תקופה און אן אָנהויב פון אן אינטענסיוו, יידיש סאָציאל און נאציאָנאל לעבן אין וואלבראָם.

## ד. דאָס יידישע וואלבראָם

די געשיכטע פונעם יידישן ישוב אין וואלבראָם איז ביז היינטצוטאָג נאָך נישט דערמאָנט געוואָרן ביי קיין איינעם פון די היסטאָריקער פון די פּוילישע יידן(?). דער נאָמען וואלבראָם געפינט זיך אויך נישט אין די דאָקומענטן פון ועד ארבע ארצות און בכלל איז וועגן דעם יידישן ישוב פון דער שטאָט זייער ווייניק דערמאנט אויך אין דער געשיכטע פון פּוילן. לויט א פּוילישער לעגענדע, האָבן די ערשטע קרייציגלער פון דייטשלאנד, ווען זיי האָבן זיך אויף זייער וועג צו באפרייען דאָס הייליקע לאנד, דערוואוסט, אז אין וואלבראָם זיינען פאראן יידן, דורכמארשירט די שטאָט. און כדי אונטערצושטרייכן די אויטענטישקייט פון דער לעגענדע, האָבן די פּאָליאקן אָנגעוויזן אויף א קליין געסל ביים סוף פון שטאָט, וואָס זיי האָבן אָנגערופן שווינסקא אוליצא. ווי באוווסט, האָבן די פּאָליאקן געווינלעך אָנגערופן די דייטשן „חזרים”. עס ווייזט אָבער אויס, אז עס איז דאָ פּשוט געשען א טעות. די גאס האָט געדארפט הייסן שוועצקא אוליצא, דאָס הייסט, שוועדישע גאס, ווייל לויט די היסטאָרישע דאטן, איז וואלבראָם געווען באזעצט פון די שוועדן און זיי האָבן א טייל פון באַדן פון דער דאָזיקער שטאָט פארקויפט צו יידן(?). בעת מיין לעצטן באזוך אין וואלבראָם אין 1932, האָב איך

געפרווווט געוויער צו ווערן פון דעם סעקרעטאר פון דער גמינע די גענויע צאָל פון די יידן, וואָס האָבן אין יאָר 1912 געוווינט אין שטאָט, אָבער צום באַדויערן האָב איך דאָס נישט געקאָנט אויסגעפינען צוליב פאָלגענדע סיבות:

וואלבראָם איז געלעגן נאָענט צו דער עסטרייכישער גרעניץ (ווייניקער ווי דריי מייל), און לויטן געזעץ האָט א וואלבראָמער תושב געקאָנט באַקומען דעם אַזוי גערופענעם „האלבן פאס" אויף אריבערצוגיין די גרעניץ. אַזוי ארום איז וואלבראָם געוואָרן א צענטראַלער פונקט פאר הונדערטער און אפשר טויזנ־טער רוסישע יידן, וואָס האָבן געוואָלט אנטלויפן קיין דייטשלאנד און האָבן זיך רעגיסטרירט, פארשטייט זיך אז מיט כאבאר, אין דער וואלבראָמער גמינע, האָבן דאן געקראָגן די „האלבע פעסער" און פארלאָזט פוילן.

אַזוי ווי אין דער רעגיסטראַציע פון דער גמינע זיינען געווען איינגעשלאָסן אויך אָט די אלע אויסוואַנדערער, האָט די צאָל פון די וואלבראָמער יידן נישט געקאָנט זיין קיין גענויע.

לאָמער אָקאָרשט גראַפיש אָנצייכענען דעם אויסזען פון וואלבראָם און דעטאַלירן דעם צוזאַמענשטעל פון דער אַלגעמיינער און פון דער יידישער באַפעל־קערונג. וועלן מיר מער אָדער ווייניקער באַקומען א בילד פונעם יידישן לעבן ביזן יאָר 1912 און פון די ראַדיקאַלע ענדערונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען ביים אָנהויב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אין 1914.

די פּאַרבויטע וואלבראָם האָט פאַרנומען א שטח פון אַן ערך איין קילאָמע־טער אין דער לענג און איין קילאָמעטער אין דער ברייט, און איז באַשטאַנען פון א מרובע'דיקן מארק־פּלאַץ, פון זעקס גאַסן און 18 קליינע געסלעך מיט ארום 600 הייזער, צווישן זיי 40—50 אַזוי גערופענע צוויי־שטאָקיגע הייזער. דער צענטער פון שטאָט איז נאַטירלעך געווען דער מארק־פּלאַץ, ארום וועלכן עס זיינען געשטאַנען פון אלע פיר זייטן אַן ערך 40 גרעסערע בנינים מיט קראָמען פון אלע מינים. די הייזער ארום דעם מארק־פּלאַץ האָבן באַלאַנגט צו יידן און אַזוי אויך די געשעפטן מיטן אויסנאַם פון דריי קריסטלעכע שענקען. אין א ווינקל פונעם מארק איז געשטאַנען די קריסטליכע קירכע. אין מיטן מארק איז געשטאַנען א וואַסערפּלומפּ, פון וועלכן דער גרעסטער טייל פון דער באַפעל־קערונג האָט געפּלומפּט וואַסער. עס זיינען אויך געווען ברונעמער אין די זייטיקע גאַסן, פון וועלכע די איינוווינער האָבן געשעפּט וואַסער מיט עמערס פאר די טעגלעכע הצטרכותן.

דער פיזישער אויסזען פון דער שטאָט און די נאָענטע סביבה האָבן זיך אויסגעצייכענט מיט א באַזונדערער שיינקייט. פון איין זייט איז געווען א טייך מיט א וואלד, דעם אַזוי גערופענעם „שווארצן וואלד". אויף דער צווייטער זייט פון שטאָט איז געווען דער גרויסער ווייסער וואלד. אין דער גאַנצער שטאָט איז נישט געווען קיין איינציקער עפענטלעכער, געזעלשאַפטלעכער ציווילער בנין. די פייער־לעשער שאַפע איז געווען דער איינציקער געדונגענער לאָקאל. דאַגעגן האָט די יידישע באַפעלקערונג יאָ פארמאָגט געזעלשאַפטלעכע בנינים: א שול, צוויי בתי מדרשים און א מקווה. ביז דעם יאָר 1912 האָט עקזיסטירט איין איינציקע רעגי־

רונג־שול (פאָלקסשול). עס איז אויך געווען א פריוואטע פוילישע לערערין אין שטאָט פאר די רייכערע קינדער. איר לערנען האָט געהאט דעם כאראקטער פון א פוילישן דרדק־חדר. די יידן האָבן פארמאָגט א תלמוד תורה, א ישיבה, און ענלעכע לערן־אנשטאלטן. עס זענען געווען מלמדים, וואָס האָבן געלערנט מיט קליינע און גרויסע קינדער. די גאנצע שטאָט האָט פארמאָגט איין איינציקן דאָקטאָר, צוויי פעלדשערס, וועלכע זיינען אייגנטלעך געווען באנקע־שטעלערס, און אן אפּאָטעקער. די אָנפירונג פון דער גמינע איז געווען אין פוילישע הענט טראָץ דער יידישער מערהייט, אָבער די שטייערן זיינען כמעט אין גאנצן געדעקט געוואָרן פון די יידן.

מיר וועלן אויף א ווייל איבערלאָזן דעם סאָציאלן צוזאמענשטעל פון דער פוילישער באפעלקערונג און פרובירן צו געבן א בילד פון דעם סאָציאל עקאָנאָמישן צוזאמענשטעל פון די יידן. ווי שוין אויבן דערמאנט, האָבן זיך אין שטאָט געפונען ארום 100 יידישע קראָמען. די גרויסע מערהייט פון דער איבריקער יידישער באפעלקערונג איז באשטאנען פון בעלי מלאכות און יריד־פאָרער. פארשטייט זיך, אז עס האָבן אויך נישט געפעלט א פּאָר מנינים לופט־מענטשען, וועלכע האָבן געצויגן זייער חיונה פון צווייפלהאפטע מקורות. א גאנץ באזונדערן טיפּ האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דער אזוי גערופענער „שווארצער”. צוליב דער גינסטיקער געאָגראפישער לאגע פון וואלבראָם, וואָס איז געווען זייער נאָענט פון דער עסטרייכישער גרעניץ, האָבן זיך א היפשע צאָל משפחות פארנומען מיט איבערשווארצן סחורות פון עסטרייך. דער האנדל האָט זיך זייער שטארק פארשפרייט. מען האָט זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן ווען מען האָט חתונה געמאכט א זון אָדער א טאָכטער, נישט צו מאכן דעם אויסשטייער פון עסטרייכישער לאַוועוואנט אָדער נישט צו קויפן דאָרט אנדערע ספּעציעלע ארטיקל. אָבער דיזעלבע מענטשען האָבן אויך געהאט אן אנדערע פרנסה, וואָס מען האָט אין וואלבראָם גערופן „אריבערפירן טשוטן”. (אריבערפירן, דאָס איז געווען א מסחר מיט עמיגראנטן פון רוסלאנד, וואָס האָבן געשמוגלט די גרעניץ פון רוסלאנד קיין עסטרייך).

מיר האָבן נאטירלעך געהאט א רב, צוויי דיינים מיט דריי שוחטים. מיר האָבן אויך געהאט א רבין אין שטאָט. זיין פאמיליע־נאָמען איז געווען ראָטענבערג און ער האָט זיך געיחוסט דערמיט, וואָס ער איז אן אייניקל פון ר׳ מאירל אפטער. אין אלגעמיין, קאָן מען זאָגן, איז די יידישע באפעלקערונג געווען אן אָרעמע, הגם קיין אָפיציעלע אָרעמעלייט האָבן כמעט נישט עקזיסטירט. דאָ און דאָרט זיינען געווען עטלעכע, וואָס זיינע געשטיצט געוואָרן בסתר. מיט דעם האָט זיך פארנומען א פרוי, וואָס פארדינט דערמאנט צו ווערן. מען האָט זי גערופן די „צוקערניצקע”. זי פלעגט ארומגיין זאמלען געלט, זי פלעגט נישט דערציילן פאר ווער עמען און פלעגט אליין זיין די פארטיילערין. עס איז געווען נאָך א ייד, וואָס איז געגאנגען יעדן פרייטיק פון הויז צו הויז קלייבן נדבות, נישט דערציילנדיק פאר ווער עמען און נישט אָפּגעבנדיק קיין דין וחשבון. דאָס איז געווען דער אלטער מעכל מעלער (לובלינג). מעות חיטין פלעגט פארטיילט ווערן דורכן רב און צוויי

בעלי בתים. די נעמען פון די נויטבאדערפטיקע האָט מען עפנטלעך נישט ארויסגעגעבן.

די מארקפּאָרער זיינען געווײנלעך געווען אוועק פון שטאָט א גאנצע וואָך, ארומגעפאָרן מיט זייערע סחורות אויף די מערק אין די ארומיקע שטעט און צוריקגעקומען ערשט אויף שבת. זיי און די אנדערע דאָרפגייער האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט א גרופּע שווער פארהאָרעוועטע מענטשען, וואָס האָבן קוים געהאט פרנסה און געלעבט אין גרויס צימצום. קיין פארבינדונג פון דער יידישער באַפעלקערונג מיט אנדערע יידישע קהילות איז כמעט נישט געווען, מיטן אויסנאם פון פאָרשטייער פון די ארומיקע שטעט, וואָס זיינען געקומען אויפן וואָלבראָמער יריד. אויך קיין באַן־פארבינדונג איז אין יענער צייט נאָך נישט געווען אין וואלבראָם מיטן אויסנאם פון א פראכט־צוג, מיט א פּאָר צוגעטשעפּעטע וואַגאָנען, וואָס פלעגט זיך צווײמאָל אין טאָג אָפּשטעלן אין וואלבראָם. אזוי אז די יידישע קהילה אין וואלבראָם איז כמעט געווען איזאָלירט פונעם אלגעמיינעם יידישן לעבן אין פּוילן. עס איז געווען א פּאָסט אין וואלבראָם, אָבער די יידן האָבן געהאט זייער אייגענעם פּאָסט־פּארטיילער, א יידישע פרוי, וואָס איז אייגנטלעך געווען א הינער־פּארקויפערין, אָבער צוליב דעם, וואָס איר מאן איז געווען אן אויסגעדינטער סאָלדאט, האָט ער באַקומען א קאָנצעסיע, צו ווערן א בריוו־טרעגער אין וואלבראָם. היות אָבער ער איז געווען צו אלט, האָט זיין פרוי איבערגענומען זיין אמט. דער אָפּצאָל איז געווען א קאָפּעקע פאר א בריוו און א גראָשן פאר א קארטל. עס איז ווערט צו דערמאנען, אז די דאָזיקע בריוו־טרעגערין, וואָס האָט נישט געקאָנט לייענען און שרייבן, האָט געוווּסט ווי זיך אן עצה צו געבן. זי האָט געוויזן דאָס פּעקל בריוו צו מענטשען אין גאס און זיי האָבן איר אָנגערופן די נעמען פון די יידן, וועמען זי האָט געדארפט צושטעלן בריוו. אבאָנענטן פאר יידישע אָדער העברעישע צייטונגען זיינען בסך הכל געווען פיר אין דער גאנצער שטאָט. די צוויי העברעישע אבאָנענטן זיינען געווען דער באַקאַנטער נתן חפשי (פרענקעל), היינט א חשובער תושב אין ישראל, און לייבעלע פּאָטאש, וואָס איז געווען דער פעטער פון דעם באַקאַנטן גרויסן תלמיד חכם, דעם פאַרשטאָרבענעם מרדכי נארקיס.

---

דוד מ. צוקערמאן

# וואלבראם צווישן ביידע וועלט מלחמות



דוד משה צוקערמאן

הגם די גאנצע יידישע באפעלקערונג האָט ביים סוף פון דער ערשטער וועלט מלחמה נישט באטראָפן מער ווי ארום 1,200 משפחות ביי אן אלגעמיינער באפעלקערונג פון איבער 2,000, איז אָבער דאָס שטעטל וואלבראָם, צוליב זיין געאָגראפישער לאגע און אויך צוליב דער באַן־פאר־בינדונג געווען דער חוט השדרה פון דער גאנצער ארומיקער סביבה — פון די קליינע שטעט־לעך פילץ, זשארנאָוויצע, סקאלא ביי אויצעוו, האָרשניצע, קאָז־לאָוו, אז״וו. ווייל וואלבראָם האָט שוין געהאט א באַן־פארבינדונג, זיינען די סוחרים פון די ארומיקע שטעטלעך און דערפער געווען אָנגעוויזן איינצוקויפן זייערע סחורות פאר די קראָמען ביי אונז אין שטאָט. און יעדן זונטיק האָט מען געקאָנט זען די סוחרים אויף די וועגענער, אָנגעלאָדן מיט סחורות איילנדיק זיך אהין און צוריק צו זייערע שטעטלעך.

אָבער נישט נאָר פון ווירטשאפטלעכן שטאנדפונקט אליין איז וואלבראָם געווען כמעט אן אויסנאם־שטעטל, נאָר אויך די געזעלשאפטלעכע טעטיקייט האָט זיך אנטוויקלט רעש׳דיקער און פארביקער ווי אין די אנדערע שטעט. א סך האָט דערצו בייגעטראָגן די יידישע אינטעליגענץ און אויך די היפשע צאָל לומדים אין דעם פרום־יידישן סעקטאָר פון שטאָט. עס האָט זיך באלד נאָך דער ערשטער וועלט מלחמה, אין די 20־ער יאָרן, אָנגעהויבן צו אנטוויקלען א גרויסע ציוניס־טישע און העברעאישע טעטיקייט, און דער דאָזיקער אויפשוואונג האָט אָנגעהאלטן ביז ארום 1921, ווען א טייל פון די ערשטע פיאָנערן, צווישן זיי די האָכערמאנס, די פרענקלס, די גאָטליבס, די שטארקס, צווייגענבוימס, פולטאָראקס, און אנדערע האָבן עולה געווען קיין ארץ ישראל.

אין די דערמאנטע יאָרן האָבן זיך אויך אָנגעהויבן צו אנטוויקלען די ערשטע אָרגאניזירטע ווירטשאפטלעכע קערפערשאפטן, ווי דער ערשטער סוחרים־פאריין, א האנטווערקער־פאריין, און א קאָאָפעראטיווע פאָלקסבאנק, געשאפן מערסטנס דורך האנטווערקער טוער ווי די ברידער אברהם און ירמיה לאנדאו, מענדל ביבער, וואָלף וועלנער, ליפע יאקובאָוויטש און יחיאל פיינשטאט. די פאָלקסבאנק איז געווען דער צענטראלער פונקט פון דער גאנצער ווירטשאפט־

לעכער טעטיקייט אין שטאָט, ווייל וועגן אלגעמיינע מלוכה׳שע קרעדיטן האָט קיינער נישט געקאָנט אפילו טראכטן, מחמת דער אנטיסעמיטישער באציאונג צו דער יידישער באפעלקערונג. די פאָלקסבאנק האָט געגעבן קרעדיטן צו האנט־ווערקער און קליינע דאָרפסהענדלער און זי איז ממש געווען דער עקאָנאָמישער רוקנביין פון דער יידישער ווירטשאפט אין שטאָט. יידן האָבן זיך מערסטנס פארנומען מיט תבואה־האנדל און מיט גערבערייען און מיט הורט־מאנופאקטור־געשעפטן, און עס זיינען אויך געווען א גרויסע צאָל שוסטערייען. שפּעטער איז צו די ווירטשאפטלעכע אָרגאניזאציעס אויך צוגעקומען די גמילת־חסדים קאסע, געגרינדעט אין 1928, ביז צו זיין באזעצן זיך אין ארץ ישראל אָנגעפירט פון יקותיאל פאָטאש צוזאמען מיט א גרופּע קליין־הענדלער. די קאסע האָט געגעבן א סך הילף צו די גאָר קליינע סוחרים, בעלי מלאכות און דאָרפסגייער. אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז אויך צוגעקומען די סוחרים־באנק, אָנגעפירט פון דער משפחה אלטער. אָבער איר טעטיקייט איז געווען באגרעניצט נאָר צו א טייל פון די סוחרים. דאָס איז אויך געווען א געוויסע הילף פאר דער ווירטשאפט פון אונזער שטאָט.

אלץ וואָס איז פאָרגעקומען אין גרויסן מאסשטאב אין גאנץ קאָנגרעס פּוילן, האָט זיך אויך אָפּגעשפּיגלט ביי אונז אין שטאָט. ווירטשאפטלעך, קולטורעל און נאציאָנאל איז עס געווען איינע פון די זייער אקטיווע שטעט אין קיעלצער וואָיעוואודסטווע. אָבער אין די 30־ער יאָרן האָבן אָנגעהויבן צו בלאָזן נייע ווינטען אין פּוילן. דער אנטיסעמיטיזם, און ספּעציעל דער ווירטשאפטלעכער, האָט זיך געלאָזט זייער שטארק פילן און אין דער ערשטער ריי האָט דאָס געטראָפן די יידישע יוגנט, וועמענס לאגע איז געוואָרן כמעט האָפנונגסלאָז. ס׳איז נישט געווען קיין שום מעגלעכקייט צו באקומען באשעפטיקונג אין א נישט־יידישער אינסטי־טוציע אָדער אפילו פאבריק. א יידישער ארבעטער האָט נישט געקאָנט חלומען צו באקומען א שטעלע. אונזער שטאָט איז געווען באקאנט מיט איר גרויסער גומי־פאבריק, וואָס האָט געהערט צו דער וועסטען־אונטערנעמונג, (א גרופּע דייטשע פאבריקאנטן). די פאבריק האָט געגעבן באשעפטיקונג פאר ארום 2,000 ארבעטער און צווישן זיי האָבן זיך קוים ארייינגעשטופּט דורך פארשידענע פּראָ־טעקציעס פיר ביז פינף יידן. איז נישט קיין וואונדער, וואָס די דאָזיקע אויס־זיכטלאָזיקייט האָט געפירט דערצו, אז א גרויסער טייל פון דער יידישער יוגנט איז אוועק צו די ראדיקאלע באוועגונגען און דאָס האָט נאָך מער פארשטארקט די שטימונג קעגן דער יידישער באפעלקערונג.

אָבער דער שארפסטער אנטיסעמיטיזם איז געקומען צום אויסדרוק נאָך דעם היטלער־זיג אין 1933, ווען די פּוילישע רעגירונג און היטלער־דייטשלאנד זיינען געוואָרן מחותנים און די שטאָט איז כמעט פארפלייצט געוואָרן מיט דייטשן, וואָס זיינען, ווי עס האָט זיך שפּעטער ארויסגעוויזן, געווען היטלעריסטישע אגענטן. זייער הויפּטזיץ איז געווען די גומי־פאבריק. און אזוי האָבן די פּאָליאקן כמעט בלינדערהייט, נישט זעענדיק די סכנה וואָס שטייט פאר זייער טיר, דעם גאנצן צאָרן אויסגעגאָסן אויף דער קליינער מינדערהייט, די יידן. עס איז אזוי ווייט דערגאנגען, אז א יריד־טאָג (די ירידים אין וואלבראָם זיינען פאָרגעקומען מאָנטיק

און דאַנערשטיק) איז געוואָרן דער שרעק־טאָג פאר דער יידישער באפעלקערונג. און עס איז נישט דורכגעגאנגען קיין איין יריד אָן אנטיסעמיטישע אינצידענטען שפּעטער איז נאָך צוגעקומען דער פּזמון פון באליידיקן דאָס פוילישע פאָלק, און יעדער כוליגאן, וואָס האָט געוואָלט זיך א ביסל איזדעקעווען איבער די יידישע קרעמער און סוחרים איז אוועק מיט א מסירה, אז דער און דער האָט כלומרשט באליידיקט דאָס פוילישע פאָלק. איינער פון די דאָזיקע קרבנות איז געווען העניך זיכער, דער אָנפירער פון „ביתר" אין אונזער שטאָט, וואָס איז טראגיש אומגעקומען אין אוישוויץ. א דאנק גרויסע באמיאונגען און אינטערווענצן איז עס געלונגען אים דעמאָלס ארויסצוראטעווען פון א צעיושעטן המון פאָליאקן. די פאָגראָם־שטימונג האָט זיך צעשפּרייט ווי א פעסט איבער אלע קליינע יידישע שטעטלעך, און אויך אונזער שטאָט איז נישט געווען קיין אויסנאם. עס איז פשוט געווען געפערלעך פאר די דאָרפגייערס זיך צו באווייזן אין די דערפער. מען האָט צעשלאָגן און צעראבירט יידישע קראָמען און סטראגאנעס. ווי שטארק דער אנטיסעמיטיזם איז געווען, איז גענוג אָנצווייזן אז אפילו שוין דעם לעצטן זומער, אין 1939 פארן אויסברוך פון דער מלחמה, ווען דער חלף איז שוין געלעגן אויפן האלז, האָבן די פוילישע מאכטהאָבער מער נישט געהאט אין זינען ווי זיך צו באוואָרענען, אז אפילו אין א קליינער שטאָט זאָל חס וחלילה נישט פאסירן דאָס „גרויסע אומגליק", אז א יידישע מערהייט זאָל אריין אין שטאָטראט. מיט פארשידענע רעפּרעסיעס האָט דער סטאראָסטע געצוואונגען די יידישע פארטרעטער צו רעזיגנירן. אָבער מער קיין וואלן צו דעם נייעם שטאָטראט האָבן זיי שוין נישט דערלעבט דורכצופירן. דאָס קאפּיטל שטאָטראט פארדינט א באזונדערע אויפמערקזאמקייט.

הגם וואלבראָם איז געווען אין דער צאָל פון איר באפעלקערונג כמעט די גרעסטע אין איר קרייז (וואלבראָם האָט געהערט צום קרייז אָלקוש), איז זי געווען ביז אין די שפּעטע 30־ער יאָרן נאָר אן „אָסאדע", פארוואלטעט פון א „זאַרזאָנט גמינע". אין וועלכער די ארומיקע דערפער האָבן געהאט א מערהייט. די וואלן זיינען פאָרגעקומען איינמאָל אין צוויי יאָר. מען האָט זיך פארזאמלט אין הויף פון דער שטאָט־פארוואלטונג, און וועלכער קאנדידאט פאר „לאווניק" עס האָט געהאט גרעסערע שרייערס, דער איז אויסגעקליבן געוואָרן. זעלבסטפארשטענדלעך, אז דער קול יעקב איז שטענדיק געבליבן אין דער מינדערהייט.

אָבער ווען וואלבראָם איז געוואָרן לעגאַל א שטאָט, האָבן די יידן א דאנק דער פאראייניקונג פון אלע יידישע גרופּעס, וואָס האָבן ארויסגעשטעלט איין יידישע ליסטע צו די וואלן צום ערשטן שטאָטראט אין 1931, באקומען א געהעריקע רעפּרעזענטאנץ. עס איז אינטערעסאנט צו באמערקן, אז איינער פון די אָנגעזעענע יידן אין שטאָטראט איז געווען דר. אלעקסאנדער אייזענשטאט ז"ל, וואָס פארדינט באזונדערס דערמאנט צו ווערן. דר. אלעקסאנדער אייזענשטאט, וואָס האָט געשטאמט פון אן אינטעליגענטער, אסימילירטער משפחה אין ווארשע און האָט זיך באזעצט אין וואלבראָם אלס מעדיצינער, איז געוואָרן אָן גוזמא איינער פון די באליבטסטע יידישע פארטרעטער פון אלע שיכטן פון דער יידישער באפעלקערונג. מחמת אינערלעכע סיכסוכים אין פוילישן לאגער איז דער בירגערמייסטער

די לעקטאָרן פונם פאריין זענען געווען: קאָפּל פּרוכטצווייג, מענדל זאַנאבענד, יידל גוטנשטיין און שפּעטער איך מנשה פרענקל, משה לובלינג און אנדערע.

די פארוואלטונג האָט זיך געוואָנדן צו די יידישע סאָציאליסטישע פּארטייען, זיי זאָלן שיקן רעפערענטן.

דאן האָבן זיך א לאָז געטאָן קיין וואלבראָם רעפערענטן פון אלע פּאר־טייען ווי: בונד, רעכטע און לינקע פועלי־ציון און אויך אלגעמיינע ציוניסטן. יעדער איינער האָט געוואָלט צוציען די צוהערער צו זיינע אידעען. נאָר דער באָדן איז נאָך נישט געווען גענוג צעאקערט צו ענטוויקלען א פּארטייאישע טעטיקייט.

איך זענען אנטשטאנען שוועריקייטן מצד די פוילישע רעגירונג, וועלכע האָבן געפּאָדערט פאראנטוואָרטליכע פּוליעריקע פּאָרשטייער מצד דעם פּראָפע־סיאָנעלן פאריין. האָט מען אויסגעזוכט דעם שניידער דעם ח׳ יוסף מארמאנט וועלכער איז שוין געווען פּוליעריק אלס פאראנטוואָרטליכער. אלס סעקרעטאר איז באשטימט געוואָרן דער ח׳ אברהם אבא מינץ וועלכער איז שפּעטער געווען אויך א פונקציאָנאר, און ער האָט מיט זיינע אלזייטיקע ידיעות פיל מיטגעהאָלפן צו דער אנטוויקלונג פונם פאריין.

ווען מנשה פרענקל איז צוריקגעקומען פון ארץ־ישראל האָט ער זיך אויך אריינגעוואָרפן אין דער קולטורעלער ארבעט.

קיין פּראָפעסיאָנעלע ארבעט אין פאקטישן זין פון וואָרט איז דאמאָלס נאָך נישט געפירט געוואָרן, ווייל עס איז נישט געווען קיין באַזיס פאר א קלאסן־קאמף צוליב דער אָרימקייט פון די ארבעטס־געבער און די קליינע ווארשטאטן וועלכע זענען הויפּטזעכליך באשטאנען פון די קינדער, די ארבעטס־געבערס און 1—2 געזעלן.

די רעפעראטן זענען געוואָרן שטארק באזוכט, אפילו די באלעבאטישע שיכטן זענען געקומען הערן די רעדנער. די אונאויפהערליכע דיסקוסיעס ארום די רעפעראטן, האָבן פארברייטערט די עלעמענטארע ידיעות פון די יוגנט.

און לאנגזאם האָבן זיך ארויסגערוקט אייניקע יוגנטלעכע אין די פאָדערשטע שורות באקומענדיק די מעגליכקייטן אָנצופירן מיט די ארבעט אינם פאריין.

צווישן אנדערע איז אָנגעקומען אין שטעטל דער ח׳ קאָפּל פּרוכטצווייג וועלכער איז באשטימט געוואָרן פון די לינקע פועלי־ציון באוועגונג אין זאג־לעמביע, צו גרינדן א „יוגנט״ אָרגאניזאציע פון די לינקע פועלי־ציון. אין יאָר 1920 האָט זיך געשפּאָלטן די אלוועלטליכע פועלי־ציון פּארטיי אויף צוויי פּארטייען — רעכטע און לינקע — און יעדע פּארטיי האָט געוואָלט איבעריאָגן די אנדערע. דער ח׳ פּרוכטצווייג האָט זיך באזעצט אין וואלבראָם און געפונען דאָרט זיין פּרנסה.

דאן איז אויך געקומען דער ח׳ יודקעוויטש פון דאמבראווע און ער האָט געשאפן א קרייזל פון „בונד״. צום „בונד״ איז אויך צוגעשטאנען דער דענטיסט באבאד. דאָס אלעס איז מעגלעך געוואָרן ערשט נאָך א לענגערע ארבעט פון

דעם פּראָפעסיאָנעלן פאריין וועלכער האָט אויפגעהויבן דעם קולטורעלן ניוואָ פון די ארבעטנדיקע יוגנט אין שטאָט.

ווען דער ח׳ יידל גוטנשטיין איז געפאָרן קיין ווארשע אין יאָר 1924 איז דער פּראָפעסיאָנעלער פאריין זיך צופאלן און דער אינוועטאר איז איבער־געגאנגען צום „בונד״, ווייל אירע חברים זענען געווען די אָנפירער און טאָן־געבער פון דעם פאריין.

ערשט אין די שפּעטערע יאָרן פון 1925 ביז 1939, ד״ה ביזן אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג האָבן זיך געשאפן און אנטוויקלט אלע יידישע פּארטייען וועלכע האָבן געווירקט און אויך געקעמפט צווישן זיך ווי דאָס ברויזנדיקע שפּעריקע פוילישע יידנטום.

---

לייבל פרענקל

## די פּראָלעטארישע באוועגונג



לייבל פרנקל

מיינע נאָנטע מנשה און גאָלדע — די איידעלע נשמות, אומגעקומען אין די נאַציסטישע לאַגערן —

אין אייביקן אָנדענק — געווידמעט.

צום דערשיינען פון יזכור־בוך — מיין חוב און הייליקע פליכט — ווידמען א קאפּיטל דער פּראָלעטארישער באוועגונג, צו איר ערשיינען אויף דער יידישער גאס אין וואלבראָם.

---

די יאָרן 1924/5 אָדער א ביסל שפּעטער דארפן באצייכנט ווערן אלס היסטאָרישע דאטע פון אָנהויב פון געזעלשאפטלעכן לעבן צווישן די יידישע פאָלקס־מאסן אין וואלבראָם.

די שניידער, שוסטער און שטעפּער אַרבעטער, אויסגענוצטע פון זייערע ברויט־געבער, נישט זייענדיק אָרגאַניזירט, נעמענדיק אַ ביישפּיל פון די גרע־סערע שטעט, באַשליסן אויך אָרגאַניזירן פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען פון אַלע פאַכן אויך אין וואָלבראָם.

נאָדל־פאַריין.

דער ערשטער פאַריין איז געווען דער נאָדל־פאַריין פון שניידער, היטלמא־כער, וועש נייטאַרינס א.אַ.וו.

דער ערשטער פאָרזיצער פון נאָדל־פאַריין איז געווען דער חבר יאָסל מאַרמונט, אַן אַקטיווער טוער פון דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג.

אין די יוגנט־חדר יאָרן געווען אַ ישיבה־בחור, געלייענט די העברעאישע ליטעראַטור, און די יידישע קלאַסיקער־שרייבער. אימער פאַרפּאָלגט דורך די פּאָליציי, געבליבן טריי דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אַלע יאָרן.

אין די לעצטע יאָרן האָט זיך דער נאָדל־פאַריין געפינען אין לאָקאַל פון בונד צוליב פאַרשטענדליכע סיבות, אָבער די השפּעה איז ווייטער געווען לטובת די ראַדיקאַלע עלעמענטן.

לעדער־פאַריין.

דער לעדער־פאַריין איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1924. געפירט אַ שטענדיקן קאַמף קעגן די בעלי־מלאכה׳ס, די ברויט געבער, און האָט פיל דערגרייכט.

כדאי צו דערמאָנען דעם באַרימטן שטרייק אין די גאַרבאַרניע פון לאַנדאַו פאַר אַ 8־שעהדיקן אַרבעטס טאָג און בעסערע מענטשליכע באַדינגונגען.

דער שטרייק האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ נצחון.

דער לעדער־פאַריין איז געווען אַ כוח וואָס האָט באַוויזן צו אָרגאַניזירן אַלע אַרבעטער פון שטאָט, יידישע און פּוילישע.

אַקטיווע טוער פון פאַריין זיינען געווען: גרשון מייטליס, עוזר פוקס, מענדל סטוצקי, פייוול שניצער, חיים דוד האַבערפעלד, לייביש גערשאַנאָוויטש, משה גאָטליב, וואָיטעק א.אַ.

היסטאָרישע תקופה.

די יאָרן 7־1926 דאַרפן פאַרצייכנט ווערן אַלס אָנהויב פון פּאָליטישער טעטיקייט צווישן די אַרבעטער־מאַסן.

אין קעגנזאַץ פון „פּועלי־ציון“, „בונד“, האָט די פּראָלעטאַרישע באַוועגונג געפירט אַ פּאָליטיש־קולטורעלע אויפקלערונגס־אַרבעט צווישן דער יידישער און פּוילישער באַפעלקערונג. פאַרשפּרייטן צייטונגען און פּראָקלאַמאַציעס אין די דערפער אַרום וואָלבראָם, אין רעזולטאַט דאַפון, אַקטיווע קעמערלעך אין די דערפער דלוז׳צע, מאַקאָווע און קאַליש, וואָס האָבן אין אַ געוויסער מאָס געהאַמעוועט די כוליגאַנישע אַנטיסעמיטישע בעסטיע.

די ערשטע עפענטליכע אקציע, די 80 אונטערשריפטן פאר דער פראָלעטארישער ליסטע 13 צו די סיים־וואלן — אין רעזולטאט דערפון, גרויסע מאסן־ארעסטן און צווישן זיי אויך דער וואלבראָמער דענטיסט באבאד (פירער פון „בונד"), האָט געהאט א שטארקן אָפקלאנג אין דער אומגעבונג.

די לאָזונגען אויף די ווענט: ארבעטער, פויערן, שטימט 13! האָט באגייסטערט פיל יוגנט. מיט דרייסטקייט קען מען זאָגן אז די פראָלעטארישע באוועגונג האָט זיך ריזיק פונאנדערגעוואקסן, וואלבראָם איז געוואָרן רויט...

אויך ישיבה בחורים זיינען מיטגעריסן געוואָרן מיטן רעוואָלוציאָנערן עקסטאז.

כדאי צו דערמאנען דעם געוועזענעם ישיבה־בחור נחום כאַבע. איבערגעריסן מיט דער ישיבה, אוועק קיין סאסנאוועצ, פארשריבן זיך צו דער ארבעט אין די שאכט — מיטן געדאנק צו פארשפרייטן ליטעראטור צווישן די קוילן־גרעבער. ווערט ארעסטירט דורך די פאָליציי און אָפגעזעסן אין טורמע 5 יאָר (לעבט אין ווארשע, באזיצט די ראנג פון פאדפולקאָווניק).

שלמה זינגער (אייניקל פון אלטן רב אין וואלבראָם), א ישיבה בחור געוועזן א דרוקער ארבעטער. געוועזן טעטיק אין דער פראָלעטארישער באוועגונג אין וואלבראָם, סאָסנאָוועצ, לאָדז׳. שטארק גערודפט פון דער פאָליציי, אוועק קיין בעלגיע. אויך דאָרט געוועזן טעטיק.

שלמה׳לע איז געוועזן באהאוונט אין דער יידישער ליטעראטור, באהערשט די העברעאישע שפראך און אירע שרייבער, אימער מיטן בוך אין האנט. געוועזן א גוטער אגיטאטאָר אין וואָרט און אין שריפט. כבוד זיין אָנדענק!

די גרונטלייגער פון דער פראָלעטארישער באוועגונג אין וואלבראָם זיינען געוועזן:

ראובן נייפעלד, משה נארציז, שלמה זינגער, משה לעוויס, שלעזינגער (ביידע אוועק אין ראטן־פארבאנד), טעמצ׳יע שטארכאן, ישראלקע מידלארזש רחל׳ע וויינבערג (די טאָכטער פון בוסקער מלמד), יעקב מענדל רייכשטיין, קיווע פאָלטאָראַק (לעבט אין ענגלאנד), מינדעלע קאמינסקא, רייזל באנד, שפרינצע לעוויט, משה ציגלער, ראובן דארפבערגער (זיין פאָטער געוועזן א לוין־ארבעטער אין פאצאנאווסקי׳ס זייף־פאבריק).

די פראָלעטארישע באוועגונג — אויף אלע אָפשניטן פון לעבן — איז געוועזן טעטיק, געזוכט לעגאלע פלעצער פאר איר פארצווייגטע טעטיקייט.

קולטורא.

די „קולטורא" — דער שטאָלץ פון וואלבראָם, א ריזיקע ביבליאָטעק, ביכער אין דריי שפראכן, יידיש, העברעאיש און פויליש. די „קולטורא" האָט אויסגעבילדעט א דור פון יוגנט, אָנגעזאפט מיט וויסן. „קולטורא" איז געווען די היים פון דער יידישער יוגנט.

ביים אויסוועלן א נייע פארוואלטונג — פארשטענדלעך געוואָרן באהערשט פון דער פראָלעטארישער באוועגונג.

אלע אויסגעוועלטע חברים מיטן חבר אבראמטשע שטארק — זיינען ביי דער מאכט נאָך נישט געווען קאָמפּראָמיטירט. כשר׳ע און לאַיאַלע מענטשן...

ביי די „קולטורא" געווען טעטיק א דראמאטישער־קרייז, א ספּאָרט־פאריין און באזונדערס דער בארימטער פּראָלעטארישער כאָר — דיריגירט פון חבר משה לובלינג.

פארלעזונגען, רעפעראטן אויף פּאָליטישע ליטערארישע טעמען, אפהאנד־לונגען וועגן שרייבער, מערסטנטייל רעפערירט פון חבר מנשה פרענקעל ווי אויך א ציקל רעפעראטן געווידמעט די יאָרצייט פון ברוך שפּינאָזא. רעפערירט האָט חבר אבראמטשע שטארק אין עטלעכע פאָרטזעצונגען.

דער קולטורא־זאל איז אימער געווען איבערפולט מיט יוגנט — א אויס־דרוק פון אקטיוויטעט און רייפקייט אין אלע פראגן פון געזעלשאפטלעכן לעבן.

אקטיווע טוער אין דער דערמאנטער תקופה פון „קולטורא" זיינען געווען: מרדכי מייטליס, יחזקאל געליבטער, יחזקאל טאַרלאָ, דוד חיימאָוויץ, זעלדע וויינשטיין, כוואַלע צווייגענבוים, אליהו ליכטיק (שטעפּער) און דער שרייבער פון די שורות.

פּראָלעטארישע יום־טובים

ווען עס פלעגן זיך דערנענטערן די יום־טובים (1 מאַי, פּאריזער קאָמונע, לענין־יאָרצייט) — גרויסע אבלאַוועס און ארעסטן צווישן די ארבעטער אין וואלבראָם (אין די שפּעטערע יאָרן פלעגן ארבעטער אויסמיידן נעכטיקן אין דעם היים, שוין עטליכע טעג פאר די דערמאנטע יום־טובים) און רעזולטאט — די קאָזע איז אימער געווען פארפולט מיט ארעסטירטע חברים, וואָס זיינען באפרייט געוואָרן ערשט עטליכע טעג נאָכן „יום־טוב".

א פּחד פלעגט באפאלן די היטער פון דער מאכט — פאר די מוטיקע יידישע יוגנטלעכע — אזוי האָבן די וואלבראָמער ארבעטער־מאסן פאָרטגעזעצט דעם קאַמף.

א כאראקטעריסטישער פאקט

שבועות 1934 — א מאַסאָווקע אין דעם קראקעווער וואלד, געווען אַנוועזנט מער ווי 150 יוגנטלעכע. פּלוצלינג — א בהלה — פּאָליציי האָט ארומגערינגעלט דעם וואַלד. א פאררעט — א פּראָוואָקאציע געמוזט זיין. איבער 50 ארעסטירטע.

פּיאָנערן־באַוועגונג.

אויך די פּיאָנערן האָבן געפירט א פארצווייגטע טעטיקייט צווישן דער שול־יוגנט, געשטורמט אנדערע אָרגאניזאציעס אין שטאָט, אגיטירט און געוויזן א נייעם וועג פאר דער יוגנט, האָבן באוויזן מעשים. זייער וואָרט איז געווען וואָגיק און איבערצייגענד צווישן דער יוגנט.

די אקטיווסטע צווישן זיי זיינען געווען:

לאה וועלנער (לעבט אין כערסאן), זיסמע לעוויט (געשטאָרבן ביים

מיליטער), משה גאָטליב (רויט־ארמעער, אומגעקומען אויפן פראָנט), זאָשיע שטארק, טויבע וויינבערג (די ווייסע שיקסע), לאה און גיטעלע ערליך, פּאָלעק פּאָטאש, ישראל צווייגענבוים, שימעלע קאַכאַן, זיסל און שרה ווייצמאַן א.א.

די מאָפּר. אקציע פאר די פּאָליטישע ארעסטירטע איז געווען קאָנצענטרירט אין זייערע הענט. געקומען אין באַרירונג מיט אלע קרייזן פון פּראָגרעסיווע מענטשן — אויך ציוניסטן האָבן געשטיצט פאר הילף די פּאָליטישע ארעסטירטע, דער קאָנטאַקט מיט די ברייטע שיכטן פון דער באַפעלקערונג האָט אויך געהאַט א פּאָליטישע באַדייטונג.

פּרעסע.

די ארבעטער צייטונגען: אונזער וועג, די ליטעראַרישע טריבונע, צ׳ער־וואָני שטאַנדאַר, און דער ווילנער „פריינט" זיינען אין די הונדערטער עקזעמ־פּלאַרן פארשפּרייט געוואָרן וואָך־וואָך רעגולאַר.

די פּרעסע איז מיט באַגייסטערונג געליינט געוואָרן פון ברייטע שיכטן פון דער וואָלבראָמער יוגנט, טראָץ די פיל ווייסע פלעקן... פון דעם צענזאָר.

„פּאַלעסטינע אָן א פּרוכת".

א בראָשור פון פסח נאָוויק (אמעריקאנער פּראָגרעסיווער טוער, הויפּט־רעדאַקטאָר פון מאָרגן־פרייהייט אין אמעריקע), האָט אָנגעמאַכט א איבערקערע־ניש אין שטאָט, כמעט דער גאַנצער סניף פון „פרייהייט" איז געוואָרן מיטגעריסן מיטן רעוואָלוציאָנערן אינהאַלט פון דער בראָשור.

די געשעעניש האָט געהאַט א שטאַרקן אָפּקלאַנג אין גאַנצן לאַנד, דער־גאַנגען ביזן צ.ק. פון פועלי־ציון, שפּיזמאַן פון וואַרשע געקומען ראַטעווען די שריפה... געפּרוווט ווירקן אויף חברים, ליידער...

דער סאַנאַציע־רעזשים — נישט קענענדיק דערדריקן די אַלץ וואַקסענדע השפּעה פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג — האָט אָנגעוואַנדן א נייע טאַקטיק — פיזיש דערדריקן דעם אַקטיוון טייל פון חברים.

קאַרטוז־בערעזאַ — קאָנצענטראַציע־לאַגער, דאָס געשפּענס פון ווילדן טעראָר. דאָרט זיינען פארשיקט געוואָרן אָן שום משפּט טויזנטער ארבעטער, פאַרפּייניקט, אויסגעהונגערט — עבודת־פּרך. אויך וואָלבראָמער חברים געוואָרן פארשיקט, אלע אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען! קיינער זיך נישט געבראָכן!

מיט כבוד דאַרף דאָס דערמאָנט ווערן!

מאַגיסטראַט־וואַלן.

ווי אויף אלע אָפּשניטן פון לעבן, האָט זיך די פּראָלעטאַרישע באַוועגונג באַמיט צו ערשיינען אין אַלגעמיינעם עפנטליכען לעבן.

מאַגיסטראַט־וואַלן אין יאָר 1935.

עס איז דערלאַנגט געוואָרן צווישן אַנדערע, אויך א ליסטע מיט כשר׳ע

מענטשן... נישט לשם דעמאָנסטראַציע, נאָר ממש זיין פאַרטרעטן דאָרט, און פירן א קאַמף קעגן דער גרויסער אַרבעטסלאָזיקייט.

טעאָפיל קינדלער, א פאַבריקס־אַרבעטער — איז געווען דער ערשטער קאַנדידאַט.

ווי שטענדיק — וואַלבראַמער אַרבעטער — יידישע און פוילישע, האָבן נישט ענטוישט. 180 שטימען באַקומען די ליסטע 13.

חבר קינדלער, געוואָרן אויסגעוועלט מיט א בייפאַל פון שטימען.

חבר קינדלער איז אומגעקומען אין היטלעריסטישן קאָנצענטראַציע־לאַגער, קעמפענדיק קעגן דייטשן אָקופּאַנט.

כבוד זיין אָנדענק!

## פענדלאַך־אַקציעס.

צווישן אַנדערע פּאָליטישע אַקציעס האָבן די פענדלאַך־אַקציעס פאַרנומען א וויכטיקן טייל אין פּאָליטישן קאַמף.

אויף דעם געביט האָבן זיך ספּעציאַליזירט פיל יוגנטלעכע וואָס האָבן זיך מוסר נפש געווען ביים פאַרוואַרפן פענדלאַך מיט לאָזונגען אין פאַרשידענע קוואַרטאַלן פון שטאָט.

ס'איז כדאי צו דערמאַנען דעם העלדישן טאַט פון די חברים זיסמע לעוויט און חיים'ל האָלץ וואָס האָבן פאַרוואָרפן פענדלאַך אויפן באַלקאָן פון דער פּאָליציי, און אויפן שפּיץ פון פייער־לעשער זאַל. דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט פיזישע פייניגונגען און אויך טורמע.

די אַקציע איז פולשטענדיק געלונגען.

ס'איז געווען באַוווּסט, אַז דער פּאָליציי־קאָמיסאַר אין אַלקוש, האָט געטאַדלט די פּאָליציי אין וואַלבראָם — ווי איז דאָס מעגלאַך — באַלד וועט מען אייך אויף אויף די פּלייצעס פענדלאַך אָנהענגען.

ווען פאַרליבטע פּאָרלאַך פלעגן שפּאַצירן אין די אַפּטייקער, קראַקעווער, זשאַרנאָווצער געסלאַך, אָדער ביים טייך, פלעגן דערפילן אַז ס'וועט זיין אַן אַקציע, פלעגן גלייך זיך אָפּטראָגן אהיים, נישט וועלנדיק זיך פאַרשאַפן קיין צרות מיט דער פּאָליציי.

ביי אַזאַ אַקציע איז אַמאָל אַרעסטירט געוואָרן דער יוגנטלעכער אַקטי־וויסט ישראל צווייגענבוים (לעבט אין ישראל).

נאָך אַן אינטערווענץ פון זיינע עלטערן איז ער באַפרייט געוואָרן אלס מינדעריעריקער.

געווען א ראָמאַנטישע צייט פון פענדלאַך...

## יידישיסטן.

אויך אין וואַלבראָם ווי אומעטום, געווען טעטיק א קרייז פון יידישיסטן.

רעפעראַטן געווידמעט דער יידישער ליטעראַטור און קונסט פלעגן פאָר־קומען אין קולטורא־זאַל אָדער אין אַן עפנטלעכן זאַל מיט דער באַטייליקונג פון פרעמדע און אייגענע כוחות.

וואָלמאַן יפון וואַרשע (עוזר שניצער׳ס שוואָגער) פלעגט עפטער באַזוכן וואָלבראָם און גלייכצייטיק געבן פאָרלעזונגען וועגן יידישער ליטעראַטור.

מנשה פרענקעל, דער העברעאישער לערער — דער אַקטיווער אידישיסט, פלעגט זייער אָפט געבן פאָרלעזונגען וואָס האָבן צוגעצויגן פיל יוגנט. דער לאָקאַל אימער געווען איבערפולט.

צום דערמאַנטן קרייז האָבן געהערט: יידל האַכערמאַן, עוזר שניצער, באַבאַד, גאָלדע דעם רבינ׳ס, זינדל קורלענדער, די שוועסטער יזראַלעוויטש, הינדעלע ז׳שאַבנער, יאַדזיע גאָלדבערג, שלמה מענטליק, שמעון שלענסקי א.א.

דער גרעסטער טייל פון די אויבנדערמאַנטע האָבן מאָראַליש און מאַטע־ריעל געשטיצט די פּראָלעטאַרישע באַוועגונג.

צום שלוס, די תקופה וואָס איך האָב געווידמעט דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג פאַנגט אָן פון די יאָרן 1924—1938.

מעגלעך אַז געוויסע היסטאָרישע פאַקטן זיינען מיר אַרויס פון געדאַנק, אויך מעגלעך אַז געוויסע ערשיינונגען זיינען נישט גענוי איבערגעגעבן געוואָרן, אָבער אין תוך גענומען האָב באַמיט זיך שילדערן דאָס לעבן פון דער רעוואָלו־ציאָנערער באַוועגונג ווי איך האָב עס געזען זייענדיק מיטבאַטייליקט אין געזעלשאַפטלעכן לעבן.

מיין פליכט — צום דערשיינען פון יזכור־בוך האָב געווידמעט דאָס קאַפּיטל.

---

ש. ברקאי

# בֵּית-דפוס בוולברום

## (לזכרו של ר׳ מרדכי־הלל הלוי פרנקל הי״ד)

העיר וולברום היתה האחרונה בין ערי המחוז הקרובים לה שהקימה בתוכה בית־דפוס. מאורע חשוב זה בעיר אירע כמה שנים לפני מלחמת העולם הראשונה, עוד בתקופת שלטון רוסיה. עד אז — אם מי שהוא מבני הישוב היה זקוק לדברי־דפוס קטנים און יותר גדולים, להזמנות לחתונות, בר־מצוה וכדומה, היה פונה לאולקוש או למיכוב, ששם היו מצויים בתי־דפוס בקנה־מדה קטן ומספקים את הצורך ל„כל דכפין״. גם בערים הללו לא היו מדפיסים אלא בזעיר אנפין, ולא היו מדפיסים בהן ספרים או עתונים. מבחינה זו היו פונים לעיר הפלך קילצה או לערי זגלמביה שבהן אף הופיעו עתונים ביידית וספרים. בקרבת מקום לוולברום אמנם נמצא עוד מרכז־דפוסים גדול ומקובל, בעיר קראקא העתיקה, ששם הופיעו ספרים ועתונים בעברית ויידית. ברם הדרך לקראקא היתה „קצרה וארוכה״ בעקב הגבול המפריד בין תחומי גליציה המערבית לבין פולין הקונגרסית.

בית־הדפוס הוא מקצוע תרבותי שהומצא בידי יוהנס גוטנברג הגרמני במחציתה של המאה החמש־עשרה. גם הדפוס היה בראשיתו פרימיטיבי בכל. גוטנברג המציא את האותיות הנפרדות ובהן היו מסדרים את ספרי התנ"ך הראשונים בעברית ואת ספרי התלמוד ויתר ספרי הקודש. גם מכונת ההדפסה הפרימיטיבית ביסודה נשתכללה מזמן לזמן. אמצאת הדפוס השפיעה על התפתחותו ותרבותו של האדם ונתנה למליוני בני־אדם מקור לא־אכזב לשאוב ממנה השכלה ודעת.

מי היה היוזם של הקמת דפוס בוולברום? היה זה מיודענו ר' מרדכי הלל פרנקל שבשנות נעוריו „הציץ" ולא נפגע, בנו של ר' יהושע מנדל מראשוני המשכילים בעיר והחותם הראשון על „הצפירה" בעברית, אחיו של נתן חפשי שקידש את שם עיר מולדתו בעלותו בעליה השניה לארץ הקודש. מבחינת משיכתו לקריאה בספרים היה ר' מרדכי הלל קרוב לעולם הדפוס, ולפי חשבונו אפשר היה למצוא צרכנים לצרכי דפוס גם בוולברום והסביבה, הגם שבוולברום או בקרבתה לא עמד חיל־מצב או קסרקטין של צבא, או הזמנות מטעם משרדי העיריה שטרם התקיימה בעיר. אם לדון לאור המצב הכלכלי לא התקיימו אז בוולברום התנאים הנאותים להתפתחות הדפוס, ואפילו לא לצרכי המסחר של העיר והסביבה. ויש לזכור, שאז, לפני מלחמת העולם הראשונה, טרם התקיימו מפעלי תעשיה וחרושת בעיר, ואף לא היו בה בנקים, תיאטרונים ובתי מסחר מפותחים. אף בתי ספר ומוסדות צבור הזקוקים לדפוס לא היו בה. ובכל זאת עשה ר' מרדכי הלל „קפיצת נחשון" והעיז לעשות את הצעד וכונן בית־דפוס בעיר. ברם הוא היה די זהיר בקיימו את מאמר חז"ל: תפשת מרובה לא תפסת, תפסת מיעוט — תפסת. ביסוד הדפוס הוא נקט בשיטת המיעוט.

שתי השיטות הראשיות המקובלות כיום באומנות הדפוס הן: שיטת סדור היד, ושיטת סדור המכונה. סדור היד נעשה באותיות־דפוס נפרדות, הנמצאות בתוך מגרה גדולה. מגרה זו מחולקת למגורות קטנות, ובתוך מגורות אלו ממוינות אותיות הדפוס. אותיות הדפוס עשויות מקבילוני־מתכת שוי גובה ורוחב, אשר בראשיתם מגולפות אותיות בולטות בכוון הפוך. בסדור המכונה אין אותיות דפוס, הואיל וסדור זה נעשה בעזרת מכונה הנקראת בשם „מסדרת", והפולטת שורות עופרת שלימות, ובראש כל שורה אותיות בולטות. הסדר יושב לפני המסדרת והוא כותב בה בדומה לכותב במכונת־כתיבה. ברם בסדור בלבד לא סגי. אחרי תהליך הסדור בא תהליך ההדפסה, ורק אז „חסל סדור ההדפסה".

מכונת ההדפסה קיימת בצורות שונות, גדולות וקטנות, הכל לפי גודל הדפוס והיקף ההזמנות. במכונת ההדפסה שמים את הסדר על גבי לוח ישר וסוגרים אותו היטב בתוך מסגרת ברזל, שאותיות הדפוס או שורות העופרת לא תתפזרנה בשעת ההדפסה. בזמן פעולתה של המכונה עובר הלוח עם הסדר הנה והנה מתחת לגלילים מסתובבים. אחד הגלילים האלה מורח דיו־הדפסה על פני הסדר; וגליל אחד, הנקרא בשם טנבור הדפוס, מביא עמו תוך כדי סבובו גליון ניר אחרי גליון ניר, וכיון שכל גליון־ניר נלחץ אל הסדר, הרי שהוא מקבל ממנו את העתק האותיות והגלופות.

אני הייתי בימים ההם מורשה־מדריך של משרד גדול בלודז למערכות בתי־דפוס על אספקת האותיות השונות ותיבותיהן המקצועיות וכן מכונות־הדפסה קטנות ובינוניות ויתר מכשירי העבודה בדפוס. אני הקימותי אז בפיליצה הסמוכה לוולברום בית־דפוס קטן בשביל ר׳ יצחק־מאיר מינץ חתנו של האדמו״ר יוסטמן ממשפחת הרבי מגור. מינץ זכה אז בשטר־גורל של חצר הגורים כ־15,000 רובל, והוא החליט להשקיע חלק מהכסף בהקמת דפוס בפילץ, ששימש אז מרכז גדול לחסידי גור ופילץ, וביניהם עשירים מופלגים ובעלי חרושת גדולים בלודז ופביניץ וערי הסביבה, ומהם חשב להיבנות ולקבל מהם הזמנות לדפוס. בקרתי מקודם את העיר ותרתי את המקום, שוחחתי עם מינץ ועמדתי על תכניותיו, חזרתי ללודז וביצעתי את ההזמנה. הבאתי לפילץ את כל המכשירים הדרושים לבית־דפוס קטן עם מכונת־הדפסה „טיגל״ המתנועעת ברגל. שהיתי כמה שבועות בפילץ ולימדתי לאחד מקרוביו את מלאכת הסידור וההדפסה. בעיר חלקו לי אז כבוד גדול. אטו מילתא זוטרתא היא להקים בית־דפוס ולהיות בקי ב„אותיות הזעירות״ הללו?

אחר זה נשלחתי מטעם המשרד הלודזאי לוולברום לפי הזמנת ר׳ מרדכי הלל פרנקל. והנה נתברר שאנו קרובים קרבת משפחה. שמי היה אז „ברוקנר״, ומשפחת ברוקנר היתה מושרשת מדורות בישוב היהודי בעיר, וכל משפחתי מצד אבי היו וולברומאים. בני העיר קבלוני יפה בכל מקום והרבו להזכיר את שבחו של ר׳ מאיר ברוקנר, שהיה גביר גדול בעיר וחשוך בנים ועשה למען העיר גדולות ונצורות בהקמת מוסדות. ר׳ יהושע מנדל סיפר לי הרבה עליו ועל אבי סבי, ר׳ מאיר שמעון ברוקנר שאני נקרא על שמו. התאכסנתי אז בביתו של ר׳ מוטל מנטליק שהיה גיסו של סבי ר׳ אברהם־מרדכי ברוקנר איש וולברום שנקרא בפי כל בשם „הפריץ היהודי מטשאנוביץ״. בוולברום כבר שמעו עלי מספוריו של סבי שהיה מתפאר בי שיש לו נכד הכותב נגונים בכתב תוי־נגינה במהירות הבזק בלי להשמיט אף קמט או הגה אחד. ישבתי בוולברום כמה שבועות. הבאתי מלודז סדור שלם של מערכת דפוס, אותיות יהודיות ופולניות ורוסיות בצורות שונות, עבות וצרות, גדולות וקטנות, וגם מכונת־דפוס „טיגל״, מכונה לחיתוך נייר וכדומה. הקימותי את הדפוס ברחוב אלגוטה, מול המעין, ליד בית־המדרש ובית־הכנסת ולימדתי לר׳ מרדכי הלל את המלאכה. היתה זו עבודה מסוג „אקסי־דנץ״ הדורשת טעם טוב של הסדר וידיעת האורנמנטיקה, וכל המוסיף לדעת הרי זה משובח. בערים יותר גדולות מדפיסים בבתי הדפוס עתונים וספרים, ספרי סטטיסטיקה עם לוחות שאינן נוחות לסידור וכדומה, ספרים עם ניקוד לבתי־ספר. בינתים יצאו לדפוס „מוניטין״ בעיר. בחורי בתי־המדרש והחדרים וגם מבוגרים באו יום־יום לראות במחזה הדפוס ולעמוד על סוד הדפסת ספר ודברי דפוס. היה זה אז ממש סנסציה בעיר, ואני הייתי ה„גבור״ הראשי, ועלי היה להסביר איך וכיצד עושים זאת. מאידך היו שמחים לשמוע שגם אני חצי וולברומאי שהספיק כבר להכיר את חידושי העולם הגדול...

ר׳ מרדכי הלל (נולד 1886) היה בקי בספרות העברית, קרא ושנה הרבה גם בלועזית, ידע פולנית ורוסית ועברית היטב ומקצוע הדפוס היה חביב עליו. היה מדפיס בעברית ויידית, ברוסית ואחר כך בעיקר בפולנית. הוא הראה כשרון גם בציור וסיגל לעצמו מלאכת חריטת אותיות־עץ מכל המינים והגודלים שעמדו

על הגובה המקצועי. גיסו ר׳ איציק פוסלושני היה בעל בית־דפוס במיכוב, וחותנו ר׳ משה יוסף ווייל ממיכוב עזר לחתנו בוולברום מבחינה כספית להקים את הדפוס. ר׳ מרדכי הלל היה מתגאה במלאכתו, ובפיו היו שגורים דברי חז״ל: אהוב את המלאכה. אשתו, בניו ובנותיו עזרו בעבודה בדפוס. אף אחיו יהודה ומנשה למדו אצלו את המקצוע ועבדו בדפוס עד שעלו ארצה.



ר׳ מרדכי הלל פרנקל, אמו וקרובי משפחה

בשנת 1928 העביר ר׳ מרדכי הלל את מגוריו יחד עם הדפוס לבית סבו, אבי אמו, ר׳ משה נרציז, אשר ברחוב פילץ. בבית זה ישבו גם הוריו ר׳ יהושע מנדל ואשתו. היה זה בית מורשת של המשפחה. מלבד זה היה מטובי עסקני אגודת־ישראל בעיר ונמנה על חסידי גור. בארחות חייו התנהג בקנאות אורטו־דוכסית. לחגים היה נוסע לגור לחסות בצל האדמו״ר. בימי הבחירות לועד הקהילה כשהופיעו חסידי גור וחסידי אלכסנדר בשתי רשימות נפרדות, וכל אחד הרבה להשמיץ את הצד השני בחומר התעמולה שלו, שני הצדדים התיחסו באמון מלא לבעל הדפוס ומסרו לו את עבודת ההדפסה, והוא ביצע את העבודה בסודיות מוחלטת. וכן היה פעיל בארגון בעלי־מלאכה בעיר. הדפוס היה קיים כל הזמן מאז יסודו עד מלחמת הנאצים הגרמנים.

בנו אריה הנמצא בישראל סיפר לי, שאביו היה מזכירני בכל הזדמנות ומספר על עבודתי בהקמת הדפוס. ופעם אחת קבלתי ממנו מכתב (אינני יודע ממי קבל את כתובתי) שהפתיעני מאד. הוא הביע במכתב את שמחתו לדעת, שהסופר גשורי שהתפרסם במאמריו הרצופים על המוסיקה היהודית מעל דפי גליונות השבועון העברי „בדרך" שהופיע בוורשה — זה אני. אחות אשתו היתה נשואה לר' יוסף ברוקנר ממיכוב, אחיו של ר' הרשל ברוקנר מוולברום (שלשת בניו, אלתר, דוד ואריה עם בתו מרים הרבט נמצאים בישראל).

מכל משפחתו נשאר רק בנו אריה שעלה לישראל כחדשיים לפני פרוץ המלחמה האחרונה. ר' מרדכי הלל ואשתו, שלש בנותיהם ושני בניהם ניספו בעת הגירוש הטראגי של יהודי וולברום. יהי זכרם ברוך!

---

לייבל פרענקל

# יידישע פרנסות

די עקאָנאָמישע סטרוקטור פון דער יידישער באַפעלקערונג אין וואָלבראָם איז אין גרעסטן טייל נישט געווען קיין אַנדערע פון די שטעטלאַך אין אונזער סביבה.

ווען לענדיק מאַכן אַן איבערבליק ווי אַזוי אונזערע אומגעקומענע עלטערן — טאַטעס און מאַמעס — האָבן זיך געראַנגעלט פאַרן קיום — פון זונטיק פרי ביז ערב שבת, וואָך־וואָך אין הייסע זומער־טעג, אָדער אין די רעגנס־טעג פון שנייען און פרעסט, זוכנדיק פרנסה אין די אַרומיקע אומגעבונג, וועל איך זיך באַמיען באַהאַנדלען יעדן צווייג באַזונדער.

מיט וואָס האָבן וואָלבראָמער יידן זיך באַשעפטיקט?

דאָרפס־גייער

פון דער פרנסה האָבן געלעבט פיל צענדליקער משפחות פון דער יידישער אָרימקייט, וואָס פלעגן אַנפאַנגען יעדן מאָנטיק גאַנץ פרי, האַבנדיק אָפּגעדאַווענט מיטן ערשטן מנין, און זיך געלאָזט אין וועג, וואַנדערן אין די דערפער, אויפ־קויפן ביי די פויערים, וואָס האָט זיך געלאָזט, א פריש געבוירן קעלבל — און שלעפן עס אויף די פלייצעס אהיים, אָדער א קו וואָס האָט מער קיין מילך נישט געגעבן, און טרייבן קיין וואָלבראָם, א זעקל תבואה, א ביסל פעדערן פאַר א פריש חתונה־געהאַט פּאָרל, גענז, קאַצ'קעס אָדער הינער, א פּעלעכל פון א קרוליק, א ביסל פּרוכט — און פון דעם ציען אויף פרנסה.

יידישע מאַמעס פלעגן אַלעס אָפּקויפן און זיך באַמיען צו מאַכן א פריילעכן שבת אָדער א אַנדערע שמחה אין שטוב.

צום גרעסטן טייל זיינען די דאָרפסגייער געווען אָרימע מענטשן וואָס האָבן גאָרנישט פאַרמאָגט קיין אייגנס, אָבער מיט דער הילף פון דער האַנטווערקער־באַנק, פלעגן זיי נעמען יעדן זונטיק א קליינע הלוואה (אָן פּראָצענט!) צו קענען אויפקויפן אין די דערפער, וואָס האָט זיך געלאָזט — און דערפון שלעפן דעם עול פון פרנסה.

בעלי מלאכה׳ס

די האַנטווערקער זיינען געווען דער גרעסטער טייל פון די וואַלבראָ־מער יידן.

שניידער, שוסטער, שטעפער, היטלמאכער, גאַרבער, סטאָלערס, שטוב־מאַלער, בעקערס, טרעגערס און אויך אנדערע פאַכן פון פרייע פּראָפעסיעס.

די האַנטווערקער פלעגן אויך באַשעפטיקן אין זייערע וואַרקשטאַטן אַרבע־טער, אָדער ווו מען האָט זיי גערופן — געזעלן — וואָס פלעגן צוזאַמען פון פרי ביז שפּעט אין אָוונט (ביז מנחה) שווער אַרבעטן אָן א ביסל לופט, און פרנסה איז קיינמאָל נישט געווען בריוח.

זייער פּראָדוקציע — צום גרעסטן טייל (שיך, מלבושים, היטלעך) פלעגט עקספּאָרטירט ווערן קיין זאַגלעמביע.

די שוסטער האָבן געהאַט א שווער לעבן, ווייל אויך די שטאָטישע גולאָנעס (פּויערים), יעדער ביי זיך אין שטוב, האָט געהאַט א שוסטער־וואַרקשטאַט — און אין די ווינטער־טעג, ווען די פעלדער האָבן גערוט, האָבן זיי געהאַט א צווייטע פרנסה — געמאַכט שיך צו ביליקע פּרייזן, ווייל יעדער האָט זיך באַמיט ביליק צו פאַרקויפן און קענען ווייטער אַרבעטן. דעריבער האָבן יידישע שוסטער געמוזט זיך צופּאַסן און אויך קענען פאַרקויפן זייער שיך־פּראָדוקציע צו די שטיוול־סוחרים, ווייל די נויט האָט זיי געצוווּנגען. זיי האָבן קיין ברירה נישט געהאַט.

געווען שוסטער וואָס האָבן געוואַגט, געפּאַקט זייערע פּעקלעך, געלאָזט זיך אין דער גרויסער וועלט מיט זייערע פאַמיליעס, קיין פּאַריז אָדער בעלגיע.

שייקע יונגערמאַן און שמואל נאָוולאַצקי זיינען דאָס געווען — גוטע פאַכלייט ...... די מיטגרינדער פון האַנטווערקער־פאַריין אין וואַלבראַם.

מאַרקט־שטייער, יאַרמאַטשיקעס

פון דעם צווייג האָבן געלעבט צענדליקער משפחות, וואָס פלעגן וואַנדערן מיט זייערע סחורות אויף די מערק און ירידים, אויספּאַקן זייערע סחורות אויף סטראַגאַנעס און פאַרקויפן צו די פּויערים, וואָס פלעגן ברענגען זייער דאָרפס־פּראָדוקציע און איינקויפן נויטיקע שטוב־זאַכן, שיך, באַקליידונגס־אַרטיקלען און אזוי ווייטער.

אין די פרי־מאָרגן שעהן פלעגן זיי פּאַקן די פּעקלעך אויף די וואָגנס געשפּאַנט אין פערד, לאָזן זיך אין וועג, קיין אַלקוש, פּילץ, ז׳אַרנאָווצע, סקאַלע, מיכאָוו, אויספּאַקן די סחורות, א ביסל פאַרקויפן — און ווידער פאַרפּאַקן, און אין די שפּעטע אָוונט שעהן קומען אהיים.

דאָס איז געווען א שווערע פרנסה... אין די רעגנס, אין די ברענענדע הייסע תמוז־טעג, און אויך אין די ווינטערדיקע טעג פון שנייען און פרעסט.

א גרויסער טייל זיינען געווען די שטיוול־סוחרים וואָס פלעגן אין די הערבסט־טעג פארקויפן זייערע שטיוועל צו די פויערים. געווען שטענדיק א גוטער סעזאָן.

וואלבראָמער שטיוול האָבן געהאט א רום אין דער סביבה. געוואָרן עקספּאָרטירט קיין קאטאָוויץ און שלעזיען.

צווישן די באקאנטע שטיוועל־סוחרים זיינען געווען די דריי ברידער פאָלטאראק׳ס, און די ברידער וואָלף, געצל, מאניעק און משה קיוקאוויץ.

אויך דער פאָטער זייערער פלעגט יעדן אָוונט איינקויפן אין די עלגאטער גאס שיך אָדער שטיוועל און אהיים שפאצירן טראָגנדיק זיי אויף דער האנט.

שלמה קיווקאוויטש, זייערס א קרוב, אויך א שטיוועל־סוחר, געווען א ייד מיט א גוט הארץ, און א חבר לעת צרה, פלעגט העלפן א נויטבאדערפטיקן אָדער פאר א קראנקן צו קענען אים אין שפּיטאָל איינאָרדנען.

געווען א בעל מלאכה, א היטלמאכער, מענדל ביבער און זיין פרוי רבקה׳לע די טאָכטער פון שייע דוד וויינדלינג, אין שטוב דעם טיק־טאק און גערויש פון די מאשינען האָט מען אין מארק געהערט. א גרויסע משפחה געווען.

ר׳ מענדל ז״ל איז געווען א פשוטער ערליכער ייד, כמעט קיין גאל נישט געהאט, קיין הויך וואָרט האָט מען פון אים נישט געהערט. רעספּעקטירט יעדן מענטש מיט כבוד, געווען אן אָנגעזעענער אין בית מדרש, געגעבן פיל צדקה, טעטיק אין זיין בראנזש צווישן די היטל־מאכערס. אין די פרייע אָוונט־שעהן פלעגט מען אים זען מיט זיינע חברים וואָלף (שאַמשי) וועלנער און הערשל יאקובאוויטש. אלע זיינען זיי געווען מאָדערנע פאָלקס־טיפּן, שטאָלצירט מיט דער מלאכה.

אלע זיינען אומגעקומען. כבוד זייער אָנדענקן.

סוחרים

די מאנופאקטור־סוחרים זיינען געווען דער גרעסטער טייל און דער רעכסטער טייל פון די יידישע באפעלקערונג. די סוחרים פלעגן פאָרן קיין לאָדזש ברענגען זייערע פארשידענע שטאָפן פאר זייערע געשעפטן.

צו די גרעסטע געשעפטן פון דער בראנזשע האָבן געהערט די משפחות ציגלער, האָכערמאן, לעסמאן, אברהם׳לע באָרנשטיין (גראלעס), יקותיאל פישעל (ביי די פאָסט), דוד ערליך (געמבע) פון ראטהויז, אלטער לעוויט, מלך זילבער־בערג (דעם רב׳ס זון). ביי אים פלעגט מען באקומען א גוטן שטאָף אויף אן אנצוג.

געווען א צווייג פון לעדער סוחרים ווי אברהם וועלגרין, יזראלעוויטש און אנדערע וואָס זיינען נישט געווען אונטערשטעליק פון זייערע שניט־סוחרים.

די גאלאנטעריע בראנזשע איז שוין באשטאנען פון גרעסערע און קלענערע געשעפטן.

תבואה־סוחרים

צו די עלטסטע תבואה סוחרים וואָס האָבן געהאנדלט מיט די פריצים ברויך פאררעכנט ווערן מיין עלטער־זיידע משה (בן נתן) נאַרציז ז״ל, מענדל קאָרנפעלד און אנדערע.

געווען א סוחר פון תבואה ר׳ משה פייבל בלאקובסקי ז״ל, א ייד א למדן, א הייסער גערער חסיד. אין גערער שטיבל האָט מען אים שטארק רעספעקטירט. ער האָט ליב געהאט שחרית צו דאווגען פארן עמוד. געווען ערליך אויך אין מסחר.

געווען א תבואה סוחר דער געלער יוסל צוקערמאן, א ראדאָמסקער חסיד, א גוטער בעל תפילה צו מוסף. יעדעס וואָרט ארויסגעזאָגט מיט טאקט און מיטן געגעבענעם ניגון. יעדער האָט אים געליובט פארן דאווגען. אן ערלעכער ייד, א תלמיד חכם.

אלע זיינען זיי אומגעקומען. כבוד זייער אָנדענק.

צווישן די גרויסע געשעפטן איז באוווסט דאָס געשעפט פון ביירעך יאנאָווסקי, א חסידישער ייד מיט א הדרת פנים וועלכער האָט זיך געפירט ביד רחבה, געווען א גערער חסיד, געזוכט יחוס.

אויך משה, א יונגערמאן, א משכיל, געחלומט וועגן ארץ־ישראל, איז אומגעקומען מיט דער גאנצער פאמיליע, אגב איז ער דערשאָסן געוואָרן אין זיין וווינונג אין חאַרשניצע ביי מיעכאוו.

כבוד זייער אָנדענק!

די אייזן־בראנזשע איז געווען קאָנצענטרירט אין עטלעכע הענט. דאָס גרעסטע געשעפט איז געווען פון שלמה אורבאך. א ביסל ווייטער זיינען געווען די געשעפטן פון אברהם לאנדא און יוסף זיעלאנקי. אין דער קראקעווער גאס איז געווען דאָס געשעפט פון יוסף גאָלדבערג, א ייד א משכיל, א מאָדערן־חסידישער מענטש. משה, דער איינציקער זון, א ציוניסטישער עסקן. געווען א בוכהאלטער אין איסר זאלצמאנס טארטאק. זייער באליבט ביי יעדן.

אין די לעצטע יאָרן האָבן זיי געוווינט אין קראָקע. די גאנצע משפחה, אלע אומגעקומען, אויסער דריי שוועסטערן וואָס לעבן אין ישראל.

כבוד זייער אָנדענק.

פערדס־הענדלער, בהמות־סוחרים

אויך אין די דערמאנטע צווייגן האָבן זיך באשעפטיקט צענדליקער משפחות.

די ברידער אלעזר און ברוך האקמאן, די ברידער דאנציגער (באלשעוויק), מרדכי לעוויט און פיל אנדערע האָבן געפירט א האנדל מיט בהמות, געווען באקאנט צווישן די פויערים אין אלע דערפער. מ׳האָט זיי רעספעקטירט, געפירט א שיין משפחה לעבן.

צווישן די פערדס־הענדלער זיינען געווען די פאָפולערסטע סוחרים חיים נונבערג (יאקלס זון), די ברידער יאָסל און ראובן בירמאן (שילעשעווערס) און אונזערע אומפארגעסלעכע שכנים, לאָזער מייטליס מיט זיינע זין: לייבל (איטשע בעקערס איידעם), ראובן איטשע און יעקל, אלע זיינען זיי געווען געניטע

סוחרים פון דער בראנזש און אויך גוטע רייטער אויף פערד, וואָס פלעגן רייטן מיט פערד קיין קיעלץ אויפן שטאָטישן יאריד און פלעגן מאכן א גוט לעבן.

לייבל און ראובן זיינען געווען גבורים. די גוים פלעגן פאר זיי מורא האָבן.

אמאָל זיינען רעקרוטן געקומען אין שטאָט און אָנגעהויבן האקן שויבן און רייסן יידישע בערד. דאמאָלסט איז ראובן געשלאָפן, ווייל פארטאָגס איז ער צוריקגעקומען פון א רייזע רייטענדיק א גאנצע נאכט אויף זיינע פערד. כ'האָב אים אויפגעוועקט, ער איז ארויס אין די בלויזע הויזן, באַרוועס און געוויזן זיין גבורה. בלוט האָט געררונען אין גאס פון די כוליגאנעס. אויך ראובן איז געוואָרן פארוווּנדעט. עטליכע פון די כוליגאנעס האָט ער איבערגעגעבן אין די הענט פון דער פאָליציי.

אויך לאָזער זייער פאָטער, איז געווען א „פאָלקס־מענטש". געלעבט מיט בטחון, פאר קיינעם זיך נישט פארקלאָגט, די גוים קומענדיק קויפן א פערד פלעגן שטארק פילן זיין צוקלאַפּן מיט דער האנט. א ציטער האָט זיי אָנגעכאַפּט, געווען א ייד א גברן.

אלע זיינען ז"ל אומגעקומען. נישט געבליבן קיין זכר פון דער גרויסער משפחה.

כבוד זייער אָנדענק!

קצבים

א גרויסער טייל פון די קצבים האָבן געהאט זייערע יאטקעס אין די עלגאטער גאס אין גראָסמאנס הויז. די איבריקע זענען געווען צעוואָרפן אין אלע טיילן פון שטאָט.

צווישן די בולטסטע קצבים זענען געווען: חיימל רויטמענש, (זשאק), יוסל זארושינסקי, בעריש ראטמענש, אלע רעליגיעזע יידן.

פורמאנעס

די פורמאנעס, א פּאָר משפחות, פלעגן שטיין מיט זייער געשפאַן ביי פאָטאשן אין מארק. זיי פלעגן פירן פאסאזשירן צו די באן אָדער פון די באן אין פארלויף פון א גאנצן טאָג.

אלע האָבן געהאט ווארעמע יידישע הערצער. אויך זיי האָט דער ברוטאלער גורל יישט אויסגעמיטן.

כבוד זייער אָנדענק!

פאבריקאנטן

געווען עטלעכע פאבריקאנטן אין שטאָט וואָס האָבן פּראָדוצירט יעדער אויף זיין שטייגער.

מלך פאצאנאווסקיס זייף־פאבריק מיט א יידישן ארבעטער (ראובן דאַרפּס־בערגערס פאָטער). געווען א רייכער אָנגעזעענער חסידישער ייד מיט א הדרת

פנים, א בעל צדקה, אן אלעכסאנדערער חסיד. געפאלן א קרבן אויף קידוש השם. אָנגעטאָן אין טלית און תפילין איז ער אומגעקומען אין זיין אייגענער שטוב נישט וועלנדיק אויספילן דעם באפעל פון ס.ס. מאן.

כבוד זיין ליכטיקן אָנדענק!

הערשל ווערדיגער, א סאדעוואסער פאבריקאנט, באשעפטיקט אין זומער סעזאָן א פערסאָנאל מיט ארבעטער, זיינע סאָקן און גאַזאָז האָבן געשמט אין דער סביבה.

געווען א הייסער מזרחי עסקן, געטרוימט וועגן ארץ־ישראל, באטייליקט זיך אין אלע אקציעס פארן אויפבוי פון לאנד.

א ווארעמער ייד. געטאָן טובות פיל משפחות און אלץ אין געהיים. ביי אים געווען א אָפענע טיר. געווען באליבט ביי אלע שכנים אין גאס.

זיין גאנצע פאמיליע, אלע זיינען זיי אומגעקומען. נישט געבליבן קיין זכר פון דער משפחה.

כבוד זייער ליכטיקן אָנדענק.

לאָמיר קיינמאָל פארגעסן — ווער זיינען געווען די מערדער פון אונזערע נאָנטסטע — און אויך דער אומקום פון קהלת וואלבראָם.



קבוצת בנות פעילות במוסדות וארגונים שונים

# תנועות ומפלגות

נתן חפשי

## המהפכן הראשון בעיירה

### (לזכרו של אלעזר רוזנשטין־בידרמן ז"ל)

יוצב נא כאן ציון לאחת הסנוניות הראשונות של דור ההשכלה והמהפכה בוולברום, אלעזר, או כפי שהיה מכונה בפי כל: לוזר רוזנשטיין־בידרמן.

בן למשפחה עניה. האב — חייט, יהודי חרד לקיים מצווה קלה כחמורה. הבן הזה, הבכור בבני המשפחה, בעל קומה בינונית, כפוף במקצת, פנים רציניים תמיד ושקוע בהרהוריו. אך מדי תיכנס אתו בשיחה משתפך על פניו חיוך נעים. הייתי רואהו בבית המדרש ממרחק מסוים, בגלל גילו הבכיר ממני, אך ממרדכי אחי שהיה ידידו ובן גילו שמעתי תמיד את תהילתו כבחור מצטיין ושוקד על לימודיו, לימודי התלמוד, בין הטובים שבתלמידי בית המדרש. בקבוצה הקטנה של ראשוני המשכילים הצעירים בוולברום — אברהם יצחק גליבטר, אברהם יוסל רוזנבלום ואחי מרדכי — היה לוזר הנועז והמקורי ביותר. הוא השקיע עצמו כולו, בחשאי ובסתר כמובן, בקריאה ועיון בספרי פילוסופיה ומדעי הטבע בעברית, יידיש ופולנית. היה מרבה בוויכוחים מעמיקים ונוקבים בשאלות הדת והאמונה, והעיז יותר ויותר להטיל ספק במקובל ומקודש בעם מדור דור. הוא לא הצטמצם כחבריו המשכילים בהרהורים ספקניים וביקורתיים ביחס לדרכי היהדות המסורתית, ועם זה להשלים באין ברירה עם המקובל. הוא הסיק מסקנות נועזות וקיצוניות — מופרזות ברוח המטריאליזם הסוציאליסטי שהתפשט אז ברחבי רוסיה הגדולה ובפולין הרוסית. לאט לאט יצא לו שם רע בפי כל בני העיר שהתאכזבו ממנו קשות והצטערו מאד על הבן היקר שיצא לתרבות רעה. יותר ויותר הוקיר את רגליו מבית המדרש, אשר מפקחיו ותלמידיו הוותיקים כבר אמרו להחרימו ולהוציאו מבית המדרש בחרפה וקלון ככופר ומסית ומדיח. הוא לא חיכה ל„מבצע" זה וניתק עצמו כליל מבית המדרש. ובינתיים באה שנת 1905, היא שנת המהפכה הכל־רוסית הגדולה, שהדיה הגיעו עד לוולברום. לוזר עבר מדרכי הנועם של ההשכלה העברית אל דרך הסער והסופה של המהפכה הסוציאליסטית. הוא „בלע" את כתבי מרכס, אנגלס, פלכנוב ושאר גדולי הסוציאליזם המטריאליסטי, ובאותו זמן גם עיין בספרות ועתונות שבמחתרת חלוצי המהפכה הראשונים ברוסיה מתנועת „חופש העם" והסוציאליסטים־רבולוציונרים. לוזר התמסר כולו לפעילות החברתית בין צעירי הפועלים היהודים, שכירי החייטים, הסנדלרים, הנגרים ושאר בעלי

מלאכה שהעבידו פועלים שכירים, וכן בין בנות דלת העם הצעירות שעבדו כמשרתות ועוזרות בבתי האמידים והעשירים שבעיירה. (אז נותק לוזר מהעברית ומהרעיון הציוני, לא כל כך בכוונה מיוחדת, אלא מתוך התנאים שבהם פעל והאנשים שאתם בא במגע כה קרוב).

יום העבודה של הפועלים השכירים היה מתחיל בשעה מוקדמת בבוקר ומסתיים בשעת ערב מאוחרת. עבדו במשכורת זעומה, בתנאי ניצול קשים, ע״י עבודת נמלים מתמדת, מצד לוזר, בהסברה פופולרית, הוקם אירגון כללי של הפועלים היהודים בוולברום, שפעל רבות לשחרר את המנוצלים העלובים מתנאי הניצול הקשים בעבודתם. ולא קל היה הדבר. הרי המנצלים נותני העבודה עצמם היו ברובם עניים ועלובים, שעמלו קשה מבוקר השכם ועד הערב המאוחר למען לחם לאכול ובגד ללבוש לבני משפחתם. ובכלל מוזר היה הדבר שיקומו פועלים נחותי דרגה ויעיזו לדרוש מבעליהם דרישות נועזות כהגדלת המשכורת, קיצור יום העבודה ויחסי אנוש הגונים. לאחר מאבק קשה, שביתת הפועלים בהדרכתו של לוזר ומו״מ ממושך, ולא מעט גם בהשפעת הלחץ הכללי של המהפכה שהתפשטה אז בכל יישובי רוסיה ופולין — נכנעו והשלימו נותני העבודה לדרישות הפועלים, שיצאו מאפילה לאור גדול והרבו לשבח ולציין את הכושר ההסברתי והארגוני המצויין של לוזר ומסירותו הרבה לענין. בטיילי יום אחד עם שקיעת החמה במורד רחוב פילץ אל מחוץ לעיר הופתעתי למראה כמה מצעירי הפועלים המטיילים אף הם שם — תופעה בלתי רגילה. אמרו לי הפועלים מתוך נחת רוח מרובה: עתה, לאחר השביתה, מספיקים אנו ליהנות משמש ואויר הבוקר לפני העבודה ולשאוף אויר צח בטיול ערב לאחריה, תחת אשר עד כה לא ראינו אור שמש ביום ולא נשמנו אויר חפשי בחוץ עד חשכת הליל, וללוזר חלק רב בהישג גדול זה. — הזמן החפשי הזה נוצל ע״י לוזר להנחלת ידיעות אלמנטריות בהשכלה לפועלים.

לוזר היה במגע קרוב עם מחתרת מפלגת פ.פ.ס. (המפלגה הסוציאליסטית הפולנית) שהיתה חזקה ורבת־פעלים באיזור מכרות הפחם בסביבות דומברובה, בנדין וסוסנוביצה. מהם, וגם מה„בונד״, היה מקבל להפצה בוולברום ספרות תעמולה סוציאליסטית בפולנית ויידיש, שנדפסה על נייר דקיק ונוח לחסל או להטמין בשעת מאסר או התקפת הבולשת הצארית. אנשי פ.פ.ס. ביקשו מאד מלוזר לעבוד אצלם כתעמלן נודד באיזור המכרות במשכורת הוגנת, דבר שלוזר היה זקוק לו מאד במצבו החמרי הקשה מאד לנוכח מצב החירום והחרם שהונהג בבית מצד אביו הקנאי כלפי בן סורר ומורה זה שאיכזב אותם, את ההורים, קשות ומרות, ואשר בשלו בושו לראות פני הבריות ברחוב ובבית התפילה. אך לפעול למען האידיאל בעד כסף — זה היה נגד כל אופיו ומהותו של לוזר, בגד נפשו המסורה בתום לרעיון שחרור האדם העובד והסובל. בכל מקום שנדרש הופיע ועזר ככל יכלתו ללא כל תגמול, וכן הקפיד לשתף פעולה עם המפלגות ולהתרחק מהמפלגתיות.

לפעמים היה משיג יום עבודה פה ושם, לעתים רחוקות גם אצל אביו, כנראה בהשתדלות אמו, ובזה היה מחיה את נפשו בצימצום רב. גם לבושו הלך ונתדלדל ופניו העידו על גודל סבלו, אך גם על עוז רוחו וקשיות ערפו למול

כל תוקפיו ומציקיו ותוך תנאי חייו הקשים לאין שיעור. לא יכולתי להיפגש אתו תכופות בגלל זהירותי שלא לצער את הורי ולא לביישם בכל העיר. וגם כשנפגשנו במקומות סתר לא סיפר כלום על עצמו ושוחחנו רק על עניני התנועה המהפכנית אשר הייתי קרוב לה ומשתתף בה כיכלתי המצומצמת. באחת מפגישו־תינו, בפינה נידחת של העיירה, ביום חורף סגריר וקור חזק, נדהמתי לראותו בלבוש קיץ ללא מעילו הארוך, המגושם אך חם, שהיה לובשו תמיד בימי קרה. קומתו הכפופה כל־שהיא תמיד היתה הפעם כפופה ומכווצת במיוחד. שאלתיו לפשר הדבר והוא ענה לי בקיצור, כאילו דרך אגב, שנפגש בפועל מיסכן שלא הגיע ליכולת קנית מעיל חורף, והוא, לוזר, פשט את מעילו והלביש לאותו פועל, ומיד עבר לשיחה על נושא אחר לגמרי. לא ידעתי נפשי. לא נגעתי אף אני בנושא זה, אך הדבר השאיר בלבי רושם בל ימחה. מקרה דומה סופר לי על נעליים שמסר למחוסר נעליים, והוא הכניס את רגליו למשהו עלוב דומה בקושי לנעליים. כזה היה לוזר ה„כופר", המטריאליסטן, ה„מומר להכעיס", כפי שכינו אותו הקנאים. הוא להט כולו באש האמונה בקדושת חייו של המיסכן, המנודה והסובל, ונתן את נפשו על אמונה זו.

תנאי חייו במזון, לבוש ודירה שהיו למטה מהמינימום החרוש לאדם, הטביעו בו את חותמם האיום. הוא חלה בריאותיו בצורה רצינית ומסוכנת, ללא תשומת לב מצד משפחתו, וללא יכולת מצד מעריציו הפועלים לעזור. במאוחר התענינו במצבו המרכז האזורי של פ.פ.ס. והשתדלו בדבר העברתו לסנטוריום מתאים בפולניה ואח"כ למקום ריפוי והבראה בחו"ל, אך עוד הם עושים כה וכה צ:דה השחפת שבגופו במהירות לקראת הסוף המר, והוא גווע ומת תוך יסורים איומים, כשליד מיטתו אחיו הצעיר אהוב נפשו, ואחותו.

אויביו מחוגי הקנאים הדתיים ראו במותו זה עונש מן השמים על שהדיח את הצעירים מן האמונה באבינו שבשמים והוציאם ל„כפירה בת ההפקר". הרב רבי משה ויינברג גזר שלא יובא לקבורה לא בבית העלמין פנימה אלא מחוץ לגדר ליד בית הקברות. החברה קדישא סרבה לטפל בו. אז קמו צעירי הפועלים שלוזר היה להם לאב ואם, השביתו את עבודתם והתאספו ליד חדרו הדל והעלוב שבעליית אחד הבתים, ובאו לעזרתם שלשה בני אדם מבוגרים מהשיכבה הירודה והנחותה ביותר, והתנדבו למלא את מקום החברה קדישא בכל מה שיש לעשות מסביב לנפטר להכינו לקבורה. הם צעדו בראש תהלוכת האבל כנושאי המיטה הראשונים, ואחריהם קהל לא רב של פועלים. מחוץ לבית הקברות, אך קרוב לגדר, חפרו ללוזר קבר, כשתלמידיו־חבריו עומדים מסביבו אבלים ושבורים ורצוצים עד עומק הנפש. לא העיז אף אחד מאויביו לבוא ולהפריע, ולקיים את גזירת הרב. אזהרה נמרצת לרב על התנהגותו המחפירה במצב זה, ותביעה למקום כבוד לקבורת לוזר בבית העלמין הגיעו ממרכז פועלי ציון ס.ד. בבנדין, אך זה הגיע לאחר מעשה.

היה זה קץ טראגי מכאיב ומזעזע לחיים צעירים עשירי לבטים, חיפושים וחיטוטים. בחיפושים הרציניים מאד, בבקשת האמת מתוך תום ומסירות נפש, תוך תעויות וטעויות קיצוניות, היה לוזר סמל, הגשמה בפועל של האהבה לזולת, של חוסר כל אנוכיות ואהבת עצמו עד לקצה הגבול, של אמונה תמימה ומסירות

נפש למען הסובל, המנוצל, המקופח והמושפל. הוא הרים מעפר את האדם המושפל בחייו החמריים, והוא הפיח בו רוח־חיים חדשה, השיב לו את צלם האלהים ואת כבוד האדם שאבדו לו בעניו ומרודו. תהי נא הסליחה לטעויותיו ותעיותיו, ויהי זכרו ברוך על מעשיו הטובים והמבורכים.

---

נתן חפשי

# דער ערשטער רעוואלוציאנער אין שטעטל

## (צום אָנדענק פון לוזער ראָזנשטיין־בידרמן ז״ל)

זאָל פאראייביקט ווערן דער אנדענק פון איינעם פון די ערשטע שוואלבן פון דער השכלה און רעוואָלוציע, לוזער ראָזנשטיין־בידערמאַן.

א זון פון א אָרעמער פאמיליע. דער פאָטער א — שניידער און א פרומער ייד. דער זון, דער עלטסטער פון די משפחה, א מיטלוויקסיקער, א ביסל איינגע־בויגן, שטענדיק מיט א ערנסט פנים און פארטאָן אין געדאנקען. נאָר ווען די הויבסט אָן א געשפרעך מיט אים — צוגיסט זיך אויף זיין פנים א זיסער שמייכל. איך פלעג אים נאָר זען פונ־דערווייטנס, ווייל ער איז געווען עלטער פון מיר. נאָר מיין ברודער מרדכי־הלל וואָס איז געווען אין זיין יאָר עלטער, האָט אים שטענדיק באצייכנט אלס איינעם פון די בעסטע לערנער, אלס איינעם פון די בעסטע בית־המדרש בחורים.

אין דער קליינער גרופע פון די יונגע, ערשטע משכילים אין וואלבראָם: אברהם־יצחק געליבטער, אברהם־יאָסל ראָזנבלום און מיין ברודער מרדכי־הלל — איז לוזער געווען דער מוטיקסטער און אָריגינעלסטער. ער האָט זיך אין געהיים ארייגעלאָזט צום לייענען און שטודירן אין די פילאָזאָפישע און נאטור־וויסנ־שאפטליכע ביכער, האָט זיך אריינגעלאָזט אין טיפע דיסקוסיעס אין רעליגיע פראגן, און ער האָט מער ווי אלע אנדערע געהאט די דרייסטקייט צו צווייפלען אין די פארהייליקטע דאָגמאַטישע געזעצן ביים פאָלק פון דורי דורות. ער האָט זיך נישט באגנוגנט בלויז מיטן סקעפטישן צוגאנג צום טראדיציאָנעלן יודנטום, און צום סוף שלום מאכן מיטן אָנגעגומענעם וועג. ער האָט ארויסגעצויגן די קאָנסעקווענצן, די עקסטרעמע אינם גייסט פון סאָציאליסטישן מאטעריאליזם, וועלכער האָט זיך דאמאָלס פארשפרייט אין רוסלאנד און אין רוסישן פוילן.

לאנגזאם האָט ער באקומען א שלעכטן נאָמען אין שטעטל. מ׳האָט זיך אנטוישט אין אים און מיטגעפילט דעם טייערן זון וואָס איז אוועק אויף שלעכטע וועגן. ער האָט זיך וואָס אמאָל מער דערווייטערט פון בית־המדרש און זיינע אויפזעערס און תלמידים האָבן שוין בדעה געהאט אים צו לייגן אין חרם אריין און ארויסטרייבן מיט חרפה און שאנד פון בית־המדרש אלס פארלייקנער און אפיקורס — ער האָט אָבער נישט געוואָרט אויף זייער „אקציע״, און האָט זיך

זעלבסט אָפּגערוקט אינגאנצן פון בית־המדרש. אינצווישנצייט איז אָנגעקומען דאָס יאָר 1905 — דאָס אלגעמיין־רוסישע רעוואָלוציע־יאָר וואָס איר עכאָ איז דערגאנגען ביז וואלבראָם. לוזער איז איבערגאנגען פון דעם דעליקאטן השכלה־וועג צום שטורמישן וועג פון סאָציאליסטישער איבערקערעניש. ער האָט ווי א דורשטיקער געשלונגען די ווערק פון מארקס, ענגעלס, פּלעכאנאוו און אנדערע טעאָרעטיקער פון סאָציאליסטישן מאטעריאליזם, און אין דערזעלבער צייט האָט ער אויך שטודירט די געהיימע ליטעראטור און פּרעסע פון דעם רוסיש־רעוואָלוציאָנערן אוואנגארד פון די „נאראדנאיא וואליא" און סאָציאל־רעוואָלוציאָנערן. לוזער האָט זיך אינגאנצן איבערגעגעבן צו אן אויפקלערונגס־ארבעט צווישן די יוגנטליכע יידישע ארבעטער וועלכע האָבן געארבעט אלס שניידער, שוסטער און סטאלארעס ביי די יידישע בעלי־מלאכות, און יידישע אָרימע מיידלעך וועלכע האָבן געארבעט אלס משרתים אין די רייכע הייזער. (דאמאָלס האָט לוזער איבער־געריסן מיטן ציוניסטישן געדאנק, נישט מיט א ספּעציעלע כונה, נאָר א דאנק די באדינגונגען אין וועלכע ער איז געווען טעטיק און אויך די מענטשן מיט וועלכע ער איז געקומען אין קאָנטאקט).

דער ארבעטס־טאָג פון די געזעלן־ארבעטער האָט זיך אָנגעהויבן אין די פריסטע מאָרגן־שעה'ן און געענדיקט אין די שפּעטע אָוונט־שעה'ן. זיי האָבן געארבעט פאר א קליינעם געהאלט ביי זער שווערע עקספּלאָאטאציע באדינ־גונגען. א דאנק די מוראשקעס ארבעט פון לוזערן, זיין פּאָפּולערע אויפקלערונג איז אנטשטאנען אין וואלבראָם אן אָרגאניזאציע פון יידישע ארבעטער, וואָס האָט פיל געווירקט צו באפרייען די אויסגענוצטע הארעפּאשנע מאסן פון די שווערע ארבעטס־באדינגונגען. און דאָס איז נישט לייכט געווען; ווייל די עקספּלאָאטאָרן, די ארבעטס־געבער זענען אליין געווען אָרעם און נעבעכדיק, וואָס האָבן שווער געהאָרעוועט טאָג און נאכט פאר פּרנסה וועגן זייערע משפחות. און ס'איז בכלל געווען זער מאָדנע, אז ס'זאָלן אויפשטיין ארבעטער פון נידריקן שטאנד און האָבן די חוצפה צו פאָדערן פון זייערע באלעבאטים אזעלכע שטארקע פאָדערונגען ווי צ. בש. א גרעסערן ארבעטס־לוין, א קירצערן ארבעטס־טאָג און מענטשליכע באדינגונגען. נאָך א לאנגן קאמף — אן ארבעטער־שטרייק אונטער דער אָנפירונג פון לוזערן, נאָך לענגערע אונטערהאנדלונגען און אויך אונטערן איינפלוס פון דער רעוואָלוציע וועלכע האָט זיך דאמאָלס פארשפּרייט אין אלע ישובים פון רוסלאנד־פּוילן — האָבן די ארבעטס־געבער זיך אונטערגעגעבן און מסכים געווען צו די פאָדערונגען וואָס די ארבעטער האָבן אוועקגעשטעלט. די ארבעטער זענען דערפאר זער דאנקבאר געווען און זער גערימט די אָרגאניזאציע־פעאיקייטן און די איבערגעגעבנקייט פון לוזערן צו די ארבעטער־זאך.

איינמאָל, שפּאצירנדיק מיטן זון־אונטערגאנג אין עק פּילצער גאס אויסער דער שטאָט — האָב איך באמערקט עטליכע יונגע ארבעטער אויך שפּאצירן דאָרט — א נישט נאָרמאלע דערשיינונג, האָבן מיר די ארבעטער געזאָגט מיט א געוויסע צופרידנהייט: יעצט נאָכן שטרייק, קענען מיר ערשט הנאה האָבן פון די זון און פרישע לופט פאר די ארבעט און אויך נאָך דער ארבעט, בעת מיר האָבן נישט

געזען ביז איצט, די זון־ליכט און נישט געאָטעמט מיט די פרישע לופט צוליב די שווערע ארבעטס־שעהן וואָס מיר האָבן געארבעט — און לוזער האָט א גרויסן חלק אין אונזער דערגרייכונג. די פרייע צייט איז אויסגענוצט געוואָרן דורך לוזערן צו געבן עלעמענטארע בילדונג פאר די ארבעטער

לוזער איז געשטאנען זער נאָענט מיטן אונטערגרונד פון די פ.פ.ס. פארטיי וואָס איז געווען זער שטארק און טעטיק אינם ראיאָן פון די קוילן־גרובן אין דאמבראָווע, בענדין און סאָסנאָוויץ. פון זיי און אויך פון „בונד", פלעגט ער באקומען צו פארשפרייטן אין וואלבראָם סאָציאליסטישע ליטעראטור־פראָפּאַגאנדע וועלכעס איז געווען געדרוקט אויף פּליס־פּאפּיר, בכדי מען זאָל עס קענען בעקוועם פארניכטן בעת אנ׳ארעסט פון דער צארישער געהיימער פּאָליציי. די פ.פ.ס. טוער, האָבן געבעטן לוזערן, דאָס ער זאָל ארבעטן אלס זייערער א אגיטאטאָר אינם קוילן־ראיאָן פאר א גוטן געהאלט. טראָץ זיין שווערן מאטעריעלן צושטאנד, האָט ער דעם פאָרשלאג נישט אָנגענומען. זיין לאגע איז באשווערט געוואָרן א דאנק דעם וואָס זיין פאנאטישער פאָטער האָט אים ממש אין חרם אריין געלייגט פאר זיין ווידערשפעניקייט און פאר זיין אויפפירונג, וואָס צוליב אים האָט דער פאָטער נישט געקענט זיך ווייזן אין בית־המדרש. נאָר טראָץ דעם אלעמען — איז ארבעטן לטובת אן אידעע פאר געלט — דאָס איז געווען געגן זיין כאראקטער, געגן זיין וויסן און נשמה וואָס איז געווען געטריי דעם געדאנק פון דער פרייהייט. דעם ארבעטנדיקן און ליידנדיקן מענטש. אויף יעדן פלאץ וואָס ער איז נויטיק געווען, האָט ער געהאָלפן ווי ווייט מעגלעך — אָן א שום אָפּצאָל — און האָט מיטגעווירקט מיט אלע פּארטייען און דערווייטערט זיך פון ענגע פארטייאישקייט.

טיילמאָל, האָט ער באקומען א טאָג ארבעט און מאנכעסמאָל ביי זיין פאָטער — נאָך שטארקע באמיאונגען מצד זיין מוטער — און אזוי ארום האָט ער זיך א ביסל דערנערט אויף א לענגערע צייט. זיין קליידונג איז געוואָרן אָפּגעלאָזענער פון טאָג צו טאָג און זיין געזיכט האָט עדות געזאָגט וועגן זיין ליידן. איך האָב זיך מיט אים נישט געקענט אָפט טרעפן, ווייל איך האָב נישט געוואָלט מיינע עלטערן פארשאפן עגמת־נפש און פארשעמען אין דער שטאָט. ווען אפילו מיר האָבן זיך געטראָפן אין געהיימע ערטער, האָט ער גאָרנישט דערציילט וועגן זיין פריוואטן לעבן, נאָר מיר האָבן געשמועסט וועגן די רעוואָלוציאָנערע באוועגונג, וואָס איך בין געווען איר נאָענט און באטייליקט זיך אין דער ארבעט לויט מיינע מעגליכקייטן. אין איינעם פון אונזערע צוזאמענטרעפן, אין א קאלטן ווינטער־טאָג, בין איך ערשטוינט געוואָרן זעענדיק אים אָנגעטאָן אין א זומערדיקן מלבוש און זיין לאנגן פאלטן דעם גראָבן, וועלכן ער פלעגט טראָגן אין די קאלטע טעג. זיין איינגעבויגענע פיגור איז דאָסמאָל נאָך מער איינגעבויגן געווען און איינגעשרומפּן פון די קעלט. ווען איך האָב אים א פרעג געטאָן — האָט ער מיר קורץ געענטפערט, אז ער האָט געטראָפן אנומלט אן אָרימען ארבעטער וועלכער האָט נישט געהאט קיין מעגליכקייטן צו קויפן א ווינטער פאלטן, האָט ער אים זיינעם אוועקגעגעבן. אן באלד איז ער אריבער צו אן אנדערער טעמע. איך בין געוואָרן זער צוטומלט, איך האָב מער וועגן דעם

נישט דערמאנט, נאָר דער פאל האָט איבערגעלאָזט אויף מיר אן אונפארגעסליכן איינדרוק. אן ענליכע פאסירונג האָט מען מיר דערציילט האָט פאסירט מיט א פאָר שיך וועלכע ער האָט געשענקט איינעם א שיכלאָזן ארבעטער. אזא טיפ איז געווען לוזער דער „אפיקורס", דער „מאטעריאליסט", דער „משומד להכעיס" אזוי ווי די פאנאטיקער פלעגן אים רופן. ער האָט אינגאנצן געברענט אין פייער פון דעם גלויבן, אין דעם הייליקן לעבן פון דעם אומגליקליכן, דעם ליידנדיקן און האָט זיין גייסטיק רייכע נשמה געשטעלט צום דינסט פון דעם גלויבן. זיינע לעבנס־באדינגונגען און עסנווארג, קליידער און דירה זענען געווען אונטער יעדן מינימום און דאָס האָט אויף אים געהאט א געפערליכע ווירקונג.

ער האָט באקומען א לונגען־קראנקהייט אין זער אן ערנסטע פאָרם אָן אויפמערקזאמקייט מצד זיינע עלטערן און אָן א מעגליכקייט מצד זיינע אָנהענגער די ארבעטער אים צו העלפן. שפעטער איז דאפאָן געוואָר געוואָרן דער ראיאָן־קאָמיטעט פון פ.פ.ס. און זיי האָבן זיך באמיט אים איבערצופירן אין א פאסיקן סאנאטאָריום. נאָר, בעת זיי זוכן דעם וועג, דאָס צו דערלעדיקן, האָט די שווינדזוכט אין זיין קערפער מארשירט מיט שנעלע טריט צום ביטערן סוף און ער איז אויסגעגאנגען אין שווערע ליידן, ווען ביי זיין טויטן בעט האָבן זיך געפונען זיין ליבלינג דער יונגערער ברודער און זיין שוועסטער.

די רעליגיעזע פאנאטיקער האָבן געזען אין זיין טויט א שטראָף פון הימל, ווייל ער האָט פארטריבן די יוגנט פונם גלויבן און זיי איבערגעגעבן צו די כופרים. דער רב ר' משה וויינבערג האָט גוזר געווען, דאָס מען זאָל אים נישט קובר זיין אויפן בית הקברות נאָר אויסערן פלאָט נעבן גוטן אָרט. די חברה קדישא האָט זיך אָפגעזאָגט אים צו טאָן זיין רעכט. דאן האָבן עטליכע יונגע ארבעטער — וואָס לוזער איז געווען פאר זיי ווי א פאָטער — איבערגעריסן די ארבעט און זיך פארזאמלט ביי דעם אָרימען און נעבעכדיקן צימער אויפן בוידעם, און האָבן זיך מאָביליזירט צו פארטרעטן די חברה קדישא מיט אלעם. נאָכדעם ווי זיי האָבן זיין רעכט געטאָן, האָבן זיי די ערשטע געטראָגן די מיטה און נאָך זיי, זענען געגאנגען א קליינע צאָל ארבעטער. אויסערן בית־הקברות, נאָר נאָענט צום פלויט, האָבן זיי געגראָבן פאר לוזערן א קבר, בעת זיינע תלמידים און חברים שטייען ארום דעם קבר טרויעריק און צובראָכן ביז צו די טיפענישן פון די נשמה. עס האָט נישט געוואגט קיינער פון זיינע שונאים צו קומען שטערן און מקיים צו זיין די גזירה פונם רב. א שטרענגע ווארנונג פאר דעם רב — פאר זיין אויפפירונג אין דעם פאל און א פאָדערונג פון דער קהילה אָפצוגעבן אן ערן־אָרט פאר לוזערן איז אָנגעקומען פון בענדינער צענטראלע „פועלי־ציון" צ.ס. — נאָר עס איז דערהאלטן געוואָרן שוין נאָך אלעמען.

דאָס איז געווען א ווייטיקליכער און טראגישער סוף פון א יונג לעבן, וואָס האָט זיך מוסר נפש געווען מיט דעם אמת־זוכעריי, מיט שטענדיקן געראנגל מיט זיך אליין און מיט דער ארומיקער וועלט. לוזער איז געווען דער סימבאָל פון ליבע צום מענטש, פון גלויבן אין דעם דערנידריקטן און שוואכן אָן א ביסל אייגן־ליבע. ער האָט אויפגעהויבן פון ערד דעם מענטש וואָס האָט געליטן מאטע־

ריעל און אריינגעבלאָזן אין אים א נייע נשמה, צוריקגעגעבן אים דעם געטליכן געשטאלט.

זאָל דאָס זיין א פארצייאונג פאר זיינע טעותים און בלאָנדזשעניש.

זאָל זיין אָנדענקן זיין געבענטשט, פאר זיינע גוטע כוונות און מעשים.

---

# התנועה הציונית ומפלגותיה בוולברום

בתוך חשכת הצרות המרובות שבאו על ישובי היהודים בפולין בעקב מלחמת העולם הראשונה בשנים תרע״ד־ח, ובוולברום שנמצאה בתוך החזית למעלה מחודש — בכלל, ומתוך החורבנות העצומים, התליות וההריגות, השוד והבזה, מעשי הזדון ועלילות־השוא שיהודי פולין ראו בעיניהם בשנות המלחמה, יצאה בת־קול שהכריזה: הנה ימים באים... כל אוזן קשבת שמעה את קול ההכרזה הזאת... כל עין בוחנת ראתה וכל לב הרגיש אותה. „הצהרת בלפור" ו„מדינת היהודים" של הד״ר הרצל עוררו תקוות בלב היהודים, ונוצרה התנועה הציונית שהלכה והתגברה בכל מקום ישוב יהודי וחדרה לכל עמקי החיים של היהודים. גם וולברום לא עמדה מנגד. והנה כמה ידיעות עליה בעתונות העברית של אז:

וולברום, י״ח אייר תרע״ז. הרעיון הציוני שהיה תוסס בלבות רבים מבני עירנו עוד לפני המלחמה, קבל לפני שנה צורה מוחשית בדמות „אגודת הציונים". אגודה זו, שבעת הווסדה היו לה רק שלשים חבר — מונה עתה עד מאה ועשרים חבר. אולם מלבד מספר החברים נתרבו בעיר גם מספר השוקלים והסכומים הנאספים לטובת הקרן הלאומית. בשנה שעברה נמכרו רק חמשים שקלים ונאספו לקופת הלאום 663 כתרים, וברבע הראשון של שנה זו כבר נמכרו מאה שקלים ולטובת הקרן הלאומית כבר נשלחו אלף כתרים. במשך השנה ערכה האגודה חמשה נשפי־תעמולה ציוניים וגם הציגה שלש מחזות. הרעיון הציוני רוכש לו לבבות בין כל שדרות התושבים היהודים שבעיר, וגם מתפשט הוא בערים הסמוכות.

הרב דמתא ומקצת מן החסידים אמנם משתדלים הרבה להפריע לציונים בעבודתם, וכבר היה מעשה ורצו להעביר את אחד השו״בים ממשמרתו אך ורק מפני שבנו הוא הראש של אגודת הציונים... אולם התנגדות זו אינה מרפה את ידי הציונים המסורים. אדרבה, עוד מחזקת את לבם לעבודת העם. („הצפירה" תרע״ז, גליון 11).

וולברום, י״ח שבט תרע״ח. זה כשנתיים ימים שהציונים בעירנו יסדו ביבליוטיקה עברית. אבל עדיין לא זכינו לאשורה. שיעורי־הערב ללימוד השפה העברית שיסדנו מתפתחים יפה והתלמידים רואים ברכה בלימודם. מר מילייקובסקי

מוורשה נאם פה בעת האחרונה פעמיים בבית־הכנסת ורבים מנכבדי עירנו נתנו את ידם לאגודה הציונית. הננו מקוים, כי עתה, אחרי שאגודתנו נתאשרה בכוחות חדשים נוכל להגביר את פעולתנו. חבל רק שהרב הנכבד בעדתנו, השם לבו באמת לצרכי עדתנו מביט בעינים זעומות על הצעירים שלנו ומפריע הרבה בעד עבודתם. (הצפירה תרע״ח, גל. 49).

אלה הן שתי הידיעות על הפעולה הציונית הראשונה בוולברום. הפעולה הציונית נעשתה אמנם באורח ספונטני. מכל מקום היה קשר בין הציונים בוולברום לבין הנהגת הפעולה הציונית בשטח הכיבוש האוסטרי בפולין. ידיעה אחת מז׳ באדר תרע״ז אומרת, שלפני שבועות אחדים נתאספו הציונים מערי הכיבוש האוסטרי בפולין לאספה משותפת בקילצי, שבה השתתפו עשרים ציר, באי־כוחן של אגודות ציוניות שונות מעשר ערים. האספה ארכה שלשה ימים ואחרי שנשמעו הרצאות שונות על שאלות ציוניות וארצישראליות ועל שאלות היום, ואחרי שנגמרו הויכוחים המפורטים על פתרונן של כל השאלות הללו, קבלה האספה שורה שלימה של החלטות על סדור העבודה הצבורית והתרבותית בכל מקום ומקום ועל אופני התעמולה הארצישראלית בין הצעירים אשר יתכוננו לעלות כתום המלחמה לארץ־ישראל, אם בתור פועלים חקלאיים, ואם בתור שומרים („הצפירה" תרע״ז, גליון 1).

הצעירים לא יכלו לקפוא על שמריהם בקרב „זקני" הציונים. הם שאפו לפעולה אקטיבית ודחופה. הצעירים החלו להתארגן בפני עצמם בשני ארגונים: הסתדרות השומרים, וצעירי־ציון, ושניהם התפשטו בימי המלחמה במדה מרובה, והם לא פסחו גם על וולברום, ובה הופיעו ברחוב היהודי אגודת השומרים לחוד ואגודת צעירי־ציון לחוד. ההבדל בין שניהם היה, כי „השומר" שואף לחנך את חבריו הצעירים ע״י ההשפעה המוסרית של החברים הזקנים — ליהודים בעלי תבונה מוצקה, ויחד עם זה שמים לב לחינוכם הגופני. למופת עמדה להם הסתדרות „השומר" בא״י. וצעירי־ציון שמו להם לעיקר את ההתפתחות השכלית של החברים. הרעיון של צעירי־ציון שהיה מרחף זמן רב באויר בין הנוער בעיר הלך וקיבל צורה מוחשית והתקרב להתגשמותו בחיים.

המועדון של צעירי־ציון שכן ברחוב קראקא. לועד הראשון נבחרו: עובדיה גוטליב, מנשה פרנקל, משה מוניביץ, סאלצ׳ה קיבקוביץ, אברהם׳צה קיבקוביץ. מנשה פרנקל הרצה לעתים קרובות על נושאים אקטואליים. מוורשה באו להרצות ישראל ריטוב וישראל מרמינסקי. צעירי־ציון בוולברום ראו את הציונות לא כרעיון מופשט, החי במוחות יחידי סגולה, כי־אם בתור תנועת־עם כבירה שסיסמתה היא: „עם העם בשביל העם", והגיעה השעה שיהיו עקביים ונאמנים לרעיון הציוני ולגשם בעצמם את מגמת־הדרור ולסלול דרך ציונה, ולשם כך דרושה התארגנות והבנה מעשית עצמית לשם עליה לארץ־ישראל. באגודת צעירי־ציון היו כמאה חברים. ברם בתוכה נמצאו כאלה שלא האמינו בכוחותיה והם חיפשו להם משענת יותר חזקה. מוורשה בא להרצות הד״ר יצחק שיפר הי״ד והוא הצליח להשפיע ליסד במקום את „פועלי ציון".

---

שמעון ווייגרטן

# תנועת הנוער הציוני אין וואלבראם

אין אָנהויב פון די דרייסיקער יאָרן האָט זיך געגרינדעט אין וואלבראָם א ציוניסטישע יוגנט באוועגונג „הנוער הציוני" וועלכע איז געווען אָנגעשלאָסן אין החלוץ הכלל־ציוני.

שוין אין פארלויף פון א קורצע צייט האָט זיך דער קן שיין אנטוויקלט און ער האָט געציילט 200 חברים און חברות.

דער הויפט ציל פון דער באוועגונג „הנוער הציוני" איז געווען צו פאר־ווירקלעכן דאָס שטרעבן פון דער וואלבראָמער יוגנט זיך צוצוגרייטן צו עליה קיין ארץ־ישראל פיזיש און גייסטיג. און אָט דער הויפטציל האָט זעלבסט־פארשטענדלעך אויטאָמאטיש פארפליכטעט צו אנדערע צילן און אויפגאבן. און דאָס הייסט אדורכפירן געלד־זאמל אקציעס פאר דעם קרן־קיימת־לישראל און אנדערע ציוניסטישע פאָנדן. און גלייכצייטיק פארשפרייטן אידיש און ציוניסטיש וויסן און ספעציעל די העברעאישע שפראך.

דער קן איז געווען איינגעטיילט אין פינף קבוצות לויט די יאָרן און לויט די גייסטיקע אנטוויקלונג פון די חברים. אין שפיץ פון די קבוצות זענען גע־שטאנען מדריכים וועלכע האָבן געזאָרגט פאר גייסטיקע שפייז פאר זייערע קבוצות, און דער אמת איז, אז זיי האָבן געלייסטעט פיל מי און צייט פאר די קבוצות, און די שעורים און רעפעראטן וועלכע זיי האָבן געגעבן, זענען נישט נאָר געווען זער אינטערעסאנט נאָר אויך זער באלערנד און וויכטיק!

אזוי ווייט ווי מיין זכרון דערלאנגט, וויל איך דאָ דערמאנען די נעמען פון די מדריכים וועלכע איך געדענק ביז היינט צו טאָג, און דאָס זענען די חברים משה קלמן יזרעלעביץ, אברהם יקותיאל שקלארז, פייבילי ראָטמענש, יוסעלע גאָטליב, חיה רובינסקי, מאָטיל עסטרייכער.

אויסער אונדזערע אייגענע אָרטיקע מדריכים פלעגן אונדז באזוכן מדריכים פון דעם מרכז וועלכער האָט זיך געפונען אין ווארשע אויף דער מאריאנסקא גאס נומער 8.

גאנץ באזונדערס דארף מען דאָ אונטערשטרייכן און דערמאנען דעם חבר דוד שטערן וועלכער פלעגט קומען צו אונדז פון צייט צו צייט און ער האָט שטענדיק מיטגעברענגט צו אונדז אין קן פיל לעבן און גייסט.

אונדזער קן אין וואלבראָם איז געווען אין ענגען קאָנטאקט מיט דעם קן אין דער קרייז־שטאָט מיעכאוו און צוזאמען מיט שותפותדיקע כוחות פלעגן מיר אָרגא־ניזירן אויספלוגען און כינוסים אין דער ברייטער אומגעגנד.

אין שפיץ פון אונדזערע אונטערנעמונגען וועלכע מיר האָבן אדורכגעפירט זענען אָן צווייפל געשטאנען די זומער־קאָלאָניעס, דאָס הייסט: מושבות קיץ. דער גרעסטער טרוים פון אלע חברים איז געווען זיך צו באטייליקן אין אָט די זומער קאָלאָניעס, ווייל דאָס האָט אונדז געגעבן א מעגלעכקייט צו פארברענגען א חודש צייט אין אן אינטעלעקטועלער סביבה אין שויס פון דער נאטור.

אויף אייביק וועל איך געדענקען מיינע טייערע שוועסטער און ברידער פון קן הנוער הציוני אין וואלבראם, און אייביק וועל איך טרויערן אויף אייער שוידערלעכן און טראגישן אונטערגאנג און פארניכטונג.

עס איז ממש אונגלויבלעך אז אט די גאלדענע יידישע און ציוניסטישע יוגנט איז נישט מער פארהאנען, און מיין איינציקער ווונש איז, שתהי נשמתם צרורה בצרור החיים, ויהי זכרם ברוך לעד!

---

# תנועת המזרחי בוולברום

הרעיון הציוני התחיל לחדור לוולברום עוד בתקופת שלטון הרוסים הודות ל„הצפירה" העברית שנתקבלה בידי חותמים אחדים מבני העיר. הציונים הראשונים בעיר זו היו: ר' יהושע מנדל פרנקל ובנו נתן (חפשי), לייבל פוטאש ואלתר ארליך. גם בוולברום היו קיימים שני גורמים מעכבים לציונות: א) התנגדות גדולה לציונות המדינית מצד כל היהודים בעיר, ב) האיסור על הציונות מטעם שלטון הצאר הרוסי ומטפחיה היו צפויים למאסר או גלות לסיביר. ובכל זאת גברה התשוקה לציונות בלב הציונים והם פעלו תחת מסוה של „הועד האודיסאי להתישבות חקלאית בסוריה וארץ־ישראל" שפעל באורח חוקי. יתכן שמי שהוא מיהודי וולברום השתתף גם באספת חובבי־ציון בקטוביץ שאינה רחוקה מוולברום שנמצאה אז בתחום הגבול עם אוסטריה ופרוסיה, ויהודיה יכלו לקבל תעודות־נסיעה מעבר לגבול.

רק בשנת תרע"ז החל המזרחי בפולין בפעולת ארגון רחבה. בוורשה התכנסה אספת היסוד של המזרחי בפולין לפי יזמת ר' יהושע השיל פרבשטין, נשיא המזרחי בפולין וציר הסיים בפולין, והועד שנבחר באספת היסוד ניגש במרץ לעבודה וניהל תעמולה רחבה בין שדרות החרדים לטובת רעיון המזרחי. מלבד זה הופיע השבועון „המזרחי" בעברית בעריכתו של הרב המטיף הציוני יצחק ניסנבוים (מזכירו של הרב שמואל מוהליבר) בהשתתפות רבני המזרחי הדגולים: הרב י"ל קובלסקי מוולוצלבק, הרב מ. א. עמיאל מגראיובה, הרב יהודה לייב גרויברט מסטאשוב, הרב נחום אש מצ'נסטחוב ורבים אחרים. תעמולה זו הכתה שרשים גם ביהדות וולברום. והנה בזה כמה קטעים מהעתונות העברית אז על יסוד המזרחי בוולברום והתפתחותו:

וולברום. בעירנו נוסדה אגודת „מזרחי" שמספר חבריה עולה לחמשים. כששהה הרב י. י. רפפורט מאנדזיוב פה היתה האספה הכללית ונבחר ועד שאליו נכנסו: זאב אלתר, דוב פייגנבוים, מרדכי הלל פרנקל, נחמיה ביטר, צבי בידלובסקי ודוד ארליך (הצפירה, י' תמוז תרע"ח).

וולברום. ביום 13 ליולי היתה בעירנו האספה הכללית של המזרחי ובה

נבחר ועד חדש, שאליו נכנסו ה. ה. בידלובסקי (ראש האגודה), דובר פייגנבוים (סגן), נחמיה ביטר (מזכיר), דוד ארליך (מורשה הקק"ל), י. מ. אנגלשטין (גזבר), חנוך לנדוי, יהודה פוטאש, חיים יצחק צווייגנבוים ואלתר לויט (הצפירה, ז' אלול תרע"ח).

וולברום. דרך עירנו עבר מר יהודה שצירנסקי מוורשה ונאם פה ע"ד תעודת „קרן המזרחי". הנאספים הטו אזניהם לדבריו החמים והתנדבו לטובת המוסד הזה (הצפירה, ו' תשרי תרע"ט).

וולברום. פה היתה אספה כללית של אגודתנו, שבה השתתפו כשבעים וחמשה מזרחיים וכשלשים חברים מצעירי־המזרחי. את האספה פתח היו"ר מר צ. בידלובסקי ומסר דו"ח מעבודת הועד. אחר זה הרצה מר גוטליב על הרעיון הציוני בכלל והמזרחי בפרט. אחרי ויכוחים והצעות שונות נבחר ועד חדש: זאב אלטר — יו"ר, יחיאל מאיר אנגלשטין, נתן ביטר — מזכיר, צבי ורדיגר — גזבר. נבחרו כמו כן ועדת הקק"ל, ועדת העתונות וועדת לבקורת (המזרחי, ב' אדר ב, תרע"ט).

וולברום. זה כשלשה חדשים נוסדה פה אגודת צעירי־מזרחי המונה לעת עתה כחמשים חבר. בכ"ה שבט היתה אספת היסוד. מר דוד יזרעאלוביץ נשא נאום בעברית וביאר את פרוגרמת צעירי מזרחי. אספת היסוד בחרה בועד שאליו נבחרו: יו"ר ד. יזראעלוביץ, סגן יו"ר פ. גרוסמן, מזכיר — מ. גוטליב, גזבר — א. ציגלר. באותו מעמד נאסף הרבה כסף לטובת מושבת טשלינוב. באקציה זו השתתפו גם חברי „צעירי אמוני ישראל". ערכנו שיעורי ערב לעברית, לתנ"ך ותלמוד, ובכלל מתפתחת כאן אגודתנו באופן הכי טוב (המזרחי, י"ז באדר תרע"ט).

במסגרת פעולת התעמולה שלחו ראשי המזרחי המרכזי מוורשה מפעם לפעם רבנים ומטיפים נודעים גם לוולברום. ראשון למרצים היה הרב י"י רפפורט מאנדזיוב (ליד לודז), תלמיד־חכם גדול ומרצה מצוין, שידע להקסים את שומעיו. הוא היה מעמודי התוך של המזרחי בפולין ובמו ידיו הקים סניפים למאות ברחבי פולין הקונגרסאית. וכן באו הרב נתן מילייקובסקי והרב י"ל גרויבארט מסטאשוב, שהרצו על תעודת המזרחי ותכנית עבודתו, תיארו את מצב החינוך בישראל ואת הצורך בתיקונים והרמתו, בהדגישם את המחסור בחדרים ובתי־ספר לתורה ודרך־ארץ שבהם ילמדו גם אומנויות וידיעות חילוניות. וכן דיברו על ישוב ארץ־ישראל, בקורם הועיל הרבה להרמת מצב המזרחי בעיר. אך הכיבוש של היהדות החרדית לרעיון המזרחי לא היה קל, וביחוד אחרי ש„שלומי אמוני ישראל" (ששינו אחר כך את שמם ל„אגודת ישראל") החלה להפריע לבנין הארץ. בועידה השניה של המזרחי בפולין שהתקיימה בוורשה בימי כ"ה ניסן—א' אייר תרע"ט השתתפו כצירים מהמזרחי בוולברום ה"ה צבי בידלובסקי וח. י. צווייגנבוים. המזרחי גדל בוולברום ועלה לכוח בעל השפעה גדולה שחייב את המפלגות הציוניות להתחשב בה. השפעתה המוסרית על הסתם־דתי היהודי גדלה יותר, הודות לזה שהעומדים בראשה היו בעלי עבר ציוני ומסרו הרבה ממרצם לרעיון הציוני.

קנין יפה של המזרחי בוולברום היה בית־התפילה שלו בבית מיכאל לובלינג, שבו נתרכזו החברים והעסקנים מאנשי המזרחי שהתפללו מקודם בשטיבלך שונים

ושם הרגישו עצמם כפותים ללא חופש פעולה. מלבד זה קרו מקרים שכמה מהמתפללים קבלו נזיפה מהקנאים על מזרחיותם. נמנו וגמרו לייסד בית־תפילה משלהם. הם הזמינו לבעל־תפילה את יוסל דער געלער שהנעים בזמירותיו את התפילות בשטיבל הגורי, והוא נענה להזמנת המזרחי והיה עובר אצלם לפני התיבה. הוא סידר לו מקהלה שבה שרו איטשה אלתר, גרשון הוטרמן, מנשה ויהודה פרנקל, קורנברויט ואחרים בניצוחו של אברך אחד. סודרה שם אזכרה לד״ר הרצל מטעם הציונים הכלליים באולם המזרחי.

תנועת צעירי־מזרחי העמידה לנגד עיניה את חינוכו של הנוער הדתי כתנאי ראשון להקמת דור של ממשיכים ומגשימים. מועדון צעירי־מזרחי בעיר הפך למרכז תרבותי ציוני, שריכז סביבו צעירים חובשי בתי־מדרש וישיבות וגם אוהדים מחוגי המשכילים היהודים. צעירי־מזרחי היוו גורם חשוב בחיים הצבוריים של הקהילה היהודית. דוד יזרעאלי היה הרוח החיה בקרב הצעירים. אחיו יעקב עלה ארצה בין חלוצי המזרחי מתקופת העליה השלישית והשתתף בבנין הארץ בזיעת עמלו. לפני כשנה הוא נפטר, והעדרו מורגש בין אלה שעשו הרבה להקמת המולדת העברית.

רבים היו הלבטים והמכשולים בראשית דרכו של השומר־הדתי ובני־עקיבא, הוא ארגונו של הנוער הרך והמתבגר. ההורים לא ראו בעין יפה את השתתפותם של בניהם בתנועת נוער. גם המורים ראו מכשול רציני ללימודים בהשתייכותם של התלמידים לארגון נוער על רקע פוליטי. רק יחידים מבין חברי המזרחי, ובמיוחד בחוגי צעירי־מזרחי, הכירו בחשיבותה של תנועת נוער דתית בעלת מגמה צופית והודות ליזמתם של אלה נוסדה תנועת השומר־הדתי. ברם בוולברום סבלה מהתחרות עם ארגוני ה„אגודה״. החוה החקלאית המרכזית „עובדיה״ אשר בסלבקוב הפכה להיות מרכז הכשרה חשוב לשומרים, וגם בוולברום יצאו לשם להכשרה למען העליה לארץ־ישראל.

---

# אגודת ישראל ומפעליה

## א.

תנועה זו החלה את קיומה בוולברום עוד בתקופת הכיבוש האוסטרי, כשהד״רים כהן וקרליבך מגרמניה פלסו את הדרך לארגון החרדים בפולין ברוח הרעיונות של רבי שמשון רפאל הירש זצ״ל. גם לוולברום הגיעו שלוחות המארגנים הנ״ל ונוסד ארגון „שלומי אמוני ישראל״, השם הראשון של הארגון, ורק אחרי זמן שינו את שמם ל„אגודת ישראל״. עיקר פעולתה היה בשטח החינוך. הם לקחו תחת ידם את התלמוד־תורה שבעקב מכשולים שונים לא הצליחה להתבסס כהוגן, והשתדלו לשפר את מצבה. גם להם נכונו קשיים בתקון המצב. על כל פנים נמצאו למוסד זה עסקנים שהשתדלו לעשות משהו למענו ולהוציאו למרחב. הם יסדו כמו כן בעיר „חדר מתוקן״ שבו למדו גם למודי



חדר מתוקן של אגודת ישראל




בנות „בית יעקב" בוולברום

חוץ, מלבד הלמודים התורניים. ואחרי טפול בחנוך הבנים החלו לשים עין גם על חנוך הבנות.

בבית מדרשה של אגודת־ישראל נתחדשה הדאגה לחנוך הבנות. היה ידוע שצריכים לדאוג שהבנים ילמדו תורה. ומה תעשינה הבנות? שלחו אותן לבתי הספר הממלכתיים ואחר לגימנסיות. המורים במוסדות אלה היו אמנם יהודים, אך התרבות שהרביצו בבנות היתה זרה ומתנכרת לרוח ישראל סבא. כמובן שהעריצו רק את התרבות וההיסטוריה הפולנית, ולא ידעו כלל ש„שמוני נוטרה את הכרמים, כרמי שלי לא נטרתי". אפשר לתאר מה היו התוצאות של חינוך כזה ומה היו פני הדור מתרבות כזו המובילה להתבוללות גמורה. ומה היו התוצאות? בשביל הבנים, תלמידי־החכמים, לא היו בנות לנישואין. ידועות לנו טרגדיות, שבנות מבתי החסידים לא רצו להינשא לבני תלמידי־חכמים. אז קמה אשה אחת, שרה שנירר ע"ה, ואמרה שגם את הבנות צריכים לחנך ברוח התורה ויסדה את בית הספר הראשון „בית יעקב" ואחר כך את הסמינר למורות „בית יעקב" בקרקוב. גם לוולברום הגיעה הבשורה הזאת. הגברת שרה שנירר בקרה



בנות „בית יעקב" בוולברום



בנות „בית יעקב" בוולברום

בוולברום ובביה"ס של האגודה התקיימה אספת נשים והאורחת נאמה על ערך „בית יעקב", ונוסד בוולברום בית ספר „בית יעקב" לבנות.

המורות השפיעו מרוחן לא רק על החניכות שלהן, אלא גם על ההורים בסדור הרצאות בכל ליל שבת והצגות של ילדי ביה"ס במשך השנה. „בית יעקב" גילה לתלמידות את מכמני אוצרותינו האמיתיים והן נשארו בנות נאמנות לעם ישראל.

הדאגה התחילה מבית־הספר. אבל כאשר הילדים גמרו את ביה"ס היו צריכים לארגן את הנוער שימשיך בדרך שהורו להם בביה"ס. אז נוסדו הארגונים „צעירי אגודת ישראל" ופרחי „אגודת ישראל" בשביל הבנים; „בנות אגודת ישראל" ו„בית יעקב" בשביל הבנות. המטרה של צעירי אגו"י היתה לארגן את הצעירים, שמצבם הכלכלי לא הרשה להם להמשיך בלמוד התורה בישיבות במסגרת של אגו"י. צא"י ארגנו שיעורי תורה בבית המדרש או בבתי־תפילה של החסידים והרצאות על נושאים תורניים ומדעיים במועדון התנועה.

נוסדה גם ספריה שהכילה כמה מאות ספרים מהספרות החרדית בשביל הנוער שהתענין בספרות. בין הפעולות של צא"י בתור חובשי בית־המדרש היו: תקון ספרים, איסוף כסף לתקון או לקנות ספרים לבית־המדרש הישן.

בשנת תר"ץ התחילה באגו"י התנועה לישוב א"י. אז נוסדה "קרן הישוב"

של אגו"י. חברי צא"י נרתמו לעבודה הקדושה הזאת. נעשו כל מיני פעולות — הפצת קופסאות של „קרן הישוב", מגביות, התרמות וכיוצא בזה.

עסקני האגודה בעיר היו: בריש לזנובסקי, יצחק קורנברויט, דוד ארליך (עבר אליהם מ„המזרחי"), בירך ינובסקי, אברהם זילברברג.

## ב.

## לזכר אחת הדמויות של „אגודת ישראל" בוולברום

קהילת הקודש וולברום זכתה לגדל דורות של עסקנים, וכל דור בנפרד עשיר ומגוון היה, עסקני ציבור ועסקנים פרטיים, עסקנים לשם שמים, עסקנים לשמם הם, שליחי מפלגות, אמונות ודעות, ושליחי הגורל הטוב שעסקו בצרכי ציבור באמונה, ושכרם היה שהציבור ראה ברכה והצלחה ממעשי ידיהם, ובעצמם התקיימו מעגמת נפש וכו'.

בשנת 1922 נוסדה מפלגת „אגודת ישראל" בעירנו. מיסדי אגודה זו ה ר' אברהם זילברברג זצ"ל, ר' אשר אלתר פלדמן זצ"ל ור' צבי קלוגמן זצ"ל. זכתה „אגודת ישראל" שנשיאה בעירנו ר' אברהם זילברברג זצ"ל היה גם הארי



צעירי שלומי אמוני ישראל בוולברום



בנות שלומי אמוני ישראל בוולברום

שבחבורה המשמש אות ומופת לימים רבים, עסקן, איש החזון והמעש, האדם שידע לשלב את טובת הפרט בטובת הקהילה, ואת האחרונה בחזון העם, ומכאן שלא התגדר בד׳ אמותיה של שליחות אחת בלבד.

עמל ויגע היו מנת חלקם עד אשר זכו ליסד את ביה״ס הדתי לבנים בשם „תלמוד־תורה״, ולאחר מכן יסדו את בית הספר לבנות „בית יעקב״, ואת תנועת „בנות אגודת ישראל״, וכאילו על מנת לבסס מפעלים אלו יזמו את יסודו של גן־ילדים ליד בית־יעקב ועם זאת נתגבשה מערכת החינוך הדתי אשר הוקמה על ידי אגודת ישראל, ואשר נשאה את שמו של ר׳ אברהם זילברברג הן מבחינת השקעת הזמן והמרץ והדאגה עד הקמתם, והן מבחינת השקעת ממונו ורצונו הטוב לקיים את יצורי כפיהם. ושכרו היה שמחת בני ובנות ישראל בתורה, אותם אהב אהבה עזה בצורה כה בולטת, ולשמחת כל תושבי העיר וולברום והסביבה.

גם לאחר זרוע חינוכית זו לא שקטו „האגודה״ ונשיאה ומועצת אגודת ישראל בעירנו. ניתן לומר שהם ראו בזה אך את בסיסו של הגשר, שהיה צריך להוביל את בני עירנו החרדים לארץ הקודש והילכך המשיכו ובנו את הגשר עמודים עמודים, נדבכים נדבכים.

כנשיא „האגודה" הקדיש הרבה מרץ ודברי הסבר עד אשר הצליח ר' אברהם זילברברג לארגן קבוצה גדולה של חברי אגודת ישראל בעירנו לשם רכישת קרקעות בארץ ישראל, והאיץ בהם ללמוד המקצועות הדרושים לשם האחזות בארץ, כגון חקלאות, נגרות, מסגרות ועוד, שעתידים היו לפרנס בעליהם בכבוד. משהוקמה נקודת ההכשרה הראשונה ליד מרכז אגודת ישראל, לא שקט ולא נח עד אשר הצליח ר' אברהם זילברברג לשגר לשם קבוצת צעירים מבני עירו לעבור הכשרה יעילה, ועשה לילות כימים בדאגה ובהשתדלות עד אשר זכה לראות מהם עולים לארץ האבות.

אמנם לא אחת ספג עלבונות מחוגי החסידים הקיצוניים, אולם מי כמוני זכה לראותו יוצא בשמחה בריקודי חסידים בעת נסיעתו של אחד מבחוריו ארצה, הבין שאך זה הגמול אשר ביקש, ומכאן שאב את כוחו, את מרצו, את התלהבותו להמשיך לשמש בקודש.

עם כל היותו שקוע בעבודה למען לא יגרע חלקה של „אגודת ישראל" בהגשמת חזון העם בעתיד עסק גם בבעיותיו היום יומיות של ההווה.

ביתו היה פתוח לרווחה לכל דכפין, מי לעצה, מי להלוואה, או לעזרה בכל צורה אחרת. לכן בתקופת ההתארגנות של ועד הקהילה, טבעי היה שיבחר כפרנס מטעם מפלגתו „אגודת־ישראל" וכפרנס דאג לשיפורים ושיפוצים בבית הכנסת, בבתי הספר ולכל מוסדות הקהילה האחרים. יסד קופת גמילת חסדים לנצרכים אשר קבלו הלוואות בלי ריבית ויצג את הקהילה לפני העיריה והשלטון.

הנשיא וחבר עוזריו שבתחום שלטונם עשו רבות כדי להפוך את עקרונות ארגונם הלכה למעשה תוך נקיון כפיים ויושר לב היו לשם דבר אף בקרב מתנגדיו.

הוא היה במלוא תנופתו כאשר השיגה את עמנו השואה הגדולה ביותר אשר ידע בתולדותיו.

תלמידיו, חבריו ובני עירו חרתו על לוח לבם את זכרו הקדוש של מנהיגם. תהיה מנוחתו עדן!

מוגש על ידי יחיאל גולדפרווינד.

---

# תנועת בית"ר

## א.

בין התנועות הציוניות בעיר לא נעדר גם מקומה של בית"ר, ומבחינת ההתעוררות הציונית והפעילות הלאומית לא מעט היה חלקה. בסוף 1926 נדבקה קבוצת נוער בשורת הציונים הכלליים מהאידיאות והסיסמאות שהושמעו ע"י „ציונים אקטיביסטיים" עם זאב ז'בוטינסקי בראש. היא תבעה שינויים מידיים בפעולות התנועה הציונית, מה שהביא לסכסוכים תמידיים עם הועד הציוני המקומי.

במשך 2—3 שנים היכה הריביזיוניזם שרשים בעיר. נתוספו חברים חדשים



פלוגת הכשרה בית״ר בוולברום
א הכשרה אָפטיילונג פון בית״ר



ברית החיל של בית״ר
א ברית החיל גרופּע פון וואלבראָם

משכבות שונות. בית״ר וברית הצה״ר היו אז מהארגונים הפופולריים בעיר. כל תופעה רביזיוניסטית או מפעל נחשבו למאורע והצטיינו תמיד בהצלחה ובהכרה. בחול המועד פסח היו מסדרים „תערוכות בזר״ לטובת הקק״ל. היתה אז התמודדות מכל ארגוני הנוער הציוני בשטח זה. הבית״רים הצטיינו בפעולה זו.

הפעולה לתרבות והתעמלות של בית״ר היתה ניכרת בשיעורים לעברית, תולדות ישראל, זמרה והתעמלות. המרצים הפופולריים מטעם המרכז בוורשה היו מבקרים בעיר לעתים קרובות ותמיד הצליחו.

עד שנת 1930 בזמן שפרשו מההסתדרות הציונית לקחו חלק בעבודה הציונית לכל סעיפיה, ובעיקר בפעולה למען הקק״ל והצטיינו באיסוף כספים למען הקרן.



קבוצת ביתרי״ם בוולברום
א הכשרה אָפּטײלונג פון בית״ר

עקשנות והתמדה רבה השקיעו החברים לעמידה במערכה, לקיום הרוח הלאו־מית שפעמה בקרבם. חיי הנוער נעשו מענינים ומלאי תוכן. כל אספת פלוגה או גדוד היתה חשובה בעיניהם. הנוער מצא ענין רב בתלבושת האחידה של כל תנועה.

כל התנועות שאפו כמובן ל„התפשטות" ואורגנו מסיבות ותהלוכות. בל"ג בעומר היו מסדרים תהלוכה אל היער וחוזרים לפנות ערב בחצוצרות ודגלי כחול־לבן מתנוססים במצעד.

הבית"ר סידר שנה שנה מושבות־קיץ לשכבות נוער ושלח את הבית"רים ובית"ריות היותר מבוגרים למחנות לשם למוד מקצועות ואימון צבאי.

בין הפעולות הגדולות שביצעה מפלגת הריביזיוניסטים בעיר היה „מפעל הפטיציה" שהיתה קשורה לתכנית האבקואציה של יהודי פולין, ובלי להתחשב בהתנגדות מטעם חוגי השמאל חתם חלק גדול של האוכלוסיה היהודית על הפטיציה.

„ברית החייל" של הרביזיוניסטים מנה בוולברום כ־150 חברים. כמו כן היתה להם חוות הכשרה וניהלו פעולה מפלגתית מסועפת.

בראש פעולת הבית"רים נמנו: ה. זיכר, יעקב וינשטין ואימרגליק.

[illegible]

## ב.

## צום אָנדענק פון הענעך זיכער

אין די יאָרן 1923־25, ווען מיר א גרופע חדר־יינגלאך, זיינען געוואָרן באגייסטערט מיטן אידעאל פון א יידיש לאנד, איז אויך הענעך זיכער געווען צווישן זיי.

ער איז געווען פול מיט ברען, זיין גאנצע פאמיליע מיטן פאָטער בראש זיינען געווען ציוניסטן (זיי האָבן געשטאמט פון פילץ). ער האָט פארמאָגט אָרגאניזאטאָרישע פעאיקייטן און טיילמאָל אויך געפרוווט דרשה'נען פאר אונז יוגנטלעכע.

אין א שפעטערע צייט ווען מיר האָבן ביים הנוער־הציוני אָרגאניזירט א סקאוטן גרופע „שומרים" און מארשירט מיט שטעקנעס אין וואלד אריין, איז הענעך געווען אונזער קאָמענדאנט — אים האָט געצויגן צו זיין א „גענעראל" מיט שליפעס...

געווען א באגייסטערטער ציוניסט. געוואָרן א רעוויזיאָניסט. אין די תקופה ווען אין די ציוניסטישע באוועגונג אין פוילן איז אָנגעגאנגען א קאמף צווישן גרינבוים'ס גרופע „על המשמר" און לעוויטעס גרופע „עת לעשות" איז ער געווען א פאנאטישער גרינבוים'איסט — אלס געטאָן מיט התלהבות. צו די סיים־וואלן אוועקגעגעבן פיל ענערגיע פארן זיג פון גרינבוים'ס ליסטע. געפירט א געוואלטיקן קאמף קעגן די מה־יפית'ניקעס פון אגודת־ישראל. געפאלן א קרבן פון א בלוט־בלבול, ווען א קריסטלעכע פרוי האָט געוואָלט עפעס קויפן ביי זיי אין געשעפט, און געוואָלט נעמען בחינם, גערופן פאָליציי און איבערגעגעבן אז ער האָט

באליידיקט דאָס פוילישע פאָלק, זי אָנרופנדיק: „פּאָלסקא שוויניאַ״״. דאָס געריכט האָט אים פרייגעלאָזן.

אין תקופה פון הכשרה־קבוצים איז אויך וואלבראָם ווי אנדערע שטעטלאך געווען געבענטשט מיט צוויי קבוצים — א „לינקער״ און א „רעכטער״ פון בית״ר.

ביידע האָבן קיין גרויסע עקזיסטענץ נישט געהאט, ווייל פון טראָגן וואסער מיט קאנען, און עטליכע ארבעטס־טעג אויפן בית הקברות, אויסגראָדן די אלטע מצבות, און אויך אין לאנדעס גארבארניע — איז קיין אנדערע ארבעט נישט געווען פאר די צענדליקער בחורים און בחורות, ווייל זייער ציל איז נאָר געווען עולה זיין. מדארף צוגעבן אז די ארבעט האָבן זיי געמאכט מיט גרויס התלהבות.

דאמאָלס איז אויסגעבראָכן א קאָנפליקט צווישן ביידע קבוצים און אפילו דערגאנגען מיט א געשלעג. דאמאָלס איז העניך זיכער געווען דער טאָן־געבער, און פאר דער טרחה האָט ער באקומען זיין באצאָל — געזונטע קלעפּ פון קבוצניק שמחה אוליאַן און חיים שפעקטער. דער קאָנפליקט איז געוואָרן פאַר־ענדיקט.

העניך איז געווען זייער א קלוגער בחור. מען האָט אים גערופן: בן־זקונים.



קבוצת וולברומאים שניסו לנסוע לארץ ישראל בעגלה... ולא הצליחו
א גרופּע וואלבראמער וואס האבן געפּרופט פארן קיין ארץ־ישראל אין א וואגן...
און ניט מצליח געווען

אויף יעדער ערשיינונג אין געזעלשאפטלעכן יידישן לעבן פלעגט ער זיין אקטיוו, און רעאגירן אויף זיין שטייגער.

אין כ' תמוז פלעגט ער מארשירן בראש פון בית"ר צום שול צו דער אזכרה. אין דער תקופה פון ברית החייל אין וואלבראָם, וואָס האָט ארומגענומען צענדליקער הארפאשנע משפחות, איז הענעך זיכער געווען דער אָרגאניזאטאָר פונעם געוואגטן שריט צו אָרגאניזירן א רייזע קיין ארץ־ישראל מיט וואָגן און פערד. הענעך איז געווען א פאנטאזיאר — די רייזע איז אויך געווען א פאנ־טאזיע.

ליידער האָט ער נישט זוכה געווען צו זיין אין אונזער לאנד און מיטבאטיי־ליקן זיך אין אויפבוי־פּראָצעס — וואָס איז געווען זיין טרוים. די היטלעריסטישע חיות האָבן אים אומגעבראכט.

הענעך איז אומגעקומען אין אוישוויץ, באטייליקנדיק זיך אין א אקציע פון אויפרייסן די גאז־אויוועגס.

כבוד זיין שטאָלצן אָנדענק.

---

י. בן־פורת

# על תנועת „השומר" בוולברום

ראשית צמיחת „השומר" בוולברום היתה בזמן מלחמת העולם הראשונה. בין ראשוני מיסדיה נמנו מרדכי פוטאש ומנשה פרנקל, בעזרת המפקדה העליונה בבנדין עם שמעון לובלסקי, ונצטרפו אליה רבים מהנוער בעיר.

ראשית פעולתם היתה בצנעה מחוץ לעיר. היו מקיימים משטר של „חיילים" ממש, לבושים מדי חקי, כתפיות וסרטים לציון דרגות, חוט מושזר לצד שמאל שהוביל לכיס החזה למשרוקית. תרמילים על שכמם והמימיות בצד, מעשה גייס ממש, ושמרו על עשרת הדברות השומריות בהקפדה.

לפעולתם החינוכית לציונות ולארץ־ישראל היתה השפעה גדולה על הנוער. פרטי התהוות השומר בעיר אינם נהירים לי די צרכם, ואולי יספרו על כך מחוללי התנועה הציונית בעיר.

זכורני מקרה שהשאיר עלי רושם בל ימחה. היה זה בזמן מלחמת העולם הראשונה, כשהצבא האוסטרי התישב בעיר. בין צבא הכיבוש היה קצין אוסטרי יהודי בשם הלר. הוא היה ציוני עוד בביתו והתידד עם הנוער הציוני בעיר, והיה מבאי בית הראָטהויז. אגודת הציונים עדיין היתה אז „במחתרת". באחד מימי חנוכה סידרה אגודת הציונים נשף חנוכה. הצעד הראשון בפומבי לנשף זה היה הזמנת הלר.

פלוגת השומר, ואני בתוכם לבושים בגדי חכי עם מקלות ביד (במקום רובה) עמדנו בשתי שורות בחדר הראשון דרוכים ומחכים לבואו של הלר. מפקד

הפלוגה היה מנשה פרנקל. הלר נכנס לבוש בגדי שרד מפוארים. ניתנה פקודה „דום״ ועמדנו מתוחים. הלר עבר בין השורות, הסתכל, בדק, ואז ניתנה הפקודה: התקוה. שרנו בהתלהבות וברטט.

כשאני מעלה בזכרוני את המעמד הזה ואת שירת „התקוה״ הזאת, אני חי שוב את הימים ההם כשראינו את עצמנו כחיילים יהודים לעתיד, צעירים משולהבים עם הרעיון של ארץ־ישראל.

הרושם העז של העבר הרחוק מימי נעורים אלה נשאר לי בזכרון עד היום.

לא פעם כשעמדתי בלילה בשמירה עם נשק ביד כאיש־הגנה עוד לפני מלחמת הקוממיות, נזכרתי באותו מקרה.

---

י. בן־פורת

## די „השומר״ באוועגונג אין וואלבראם

דאָס אנטשטיין פון די „השומר״ אָרגאַניזאַציע אין וואלבראַם דאטירט נאָך פון די צייטן פון די ערשטע וועלט־מלחמה. די גרינדער זענען געווען: מרדכי פאטאש, מנשה פרנקל, א. אנד. א גרויסע הילף האָט געגעבן דער ה׳ לובעלסקי פון בענדין. באלד זענען צוגעשטאנען פילע יוגנטלעכע אין שטעטל.

צום ערשטן איז די ארבעט געווען א קאָנספּיראַטיווע, אויסער דער שטאָט, און געהערשט האָט ממש א מיליטערישער רעזשים, אלע שומרים זענען געווען אָנגעטאָן אין חאקי אוניפאָרמען מיט שליפעס און בענדער צום באצייכנען די ראנגעס, א שנירל פארפלאָכטן אין דער לינקער קעשענע, רוקזאק אויף די פּלייצעס. זיי האָבן געמאכט דעם איינדרוק פון זעלנער, גלייכצייטיק האָט געהערשט א מיליטערישע דיסציפּלין.

די באלערנדע אקציע פארן ציוניזם און אויף ארץ־ישראל האָט געהאט א געוואלטיקע השפעה אויף דער יוגנט. די פּרטים פון אנטשטייאונג פון „השומר״ אין שטעטל זענען מיר נישט אזוי גוט באקאנט. נאָר עס איז מעגלעך אז עס וועלן דערציילן וועגן דעם די גרינדער פון דער ציוניסטישער באוועגונג אין שטעטל.

נאָר עס איז מיר פארבליבן אין זכרון א געשעעניש וועלכעס האָט פּאסירט אין צייט פון דער ערשטער וועלט־קריג און האָט איבערגעלאָזט אויף מיר א אונפערגעסלעכן איינדרוק.

ווען דאָס עסטרייכישע מיליטער האָט אָקופּירט וואלבראָם, איז אויך געווען צווישן זיי א יידישער אָפיציר מיטן נאָמען העלער. דער אָפיציר איז נאָך געווען א ציוניסט פון זיין היים — האָט ער זיך טאקע באפריינדעט מיט די ציוניסטישע יוגנט און איז געווען א שטענדיקער איינגייער אין ציוניסטישן קלוב וועלכער האָט געפירט זיין ארבעט אין געהיים.

אין איינעם פון די חנוכה־טעג האָט די ציוניסטישע אָרגאניזאציע איינגע־אָרדנט א חנוכה־אָוונט און פארשטענדלעך איינגעלאדנט דעם אָפיציר העלער.

די גרופע שומרים, און איך צווישן זיי, אָנגעטאָן אין חאקי מונדירן מיט שטעקנס אין די הענד, האָבן מיר זיך אויסגעשטעלט אינם ערשטן זאל ווארטנדיק געשפאנט צו העלערס אָנקומען. דער קאָמענדאנט פון דער דעפילאדע איז געווען ה' מנשה פרענקל. העלער איז אָנגעקומען, געקליידט אין זיין שענסטן מונדיר. מיטן באפעל „דום" האָבן מיר זיך געשטעלט ערנהאפט און געשפאנט. העלער איז אדורך צווישן די צוויי שורות, באטראכט יעדן איינעם אויפמערקזאם און קאָנטראָלירט דעם אויסערלעכן עפעקט פון אונזער דיסציפלין פעאיקייט. דאן איז געגעבן געוואָרן א באפעל „התקוה" און ס'איז אויסגעבראָכן א התלהבותדיק געזאנג פון אונזער פרייהייטס־ליד מיט איבערגעבנקייט און ציטער.



ליאון הלר

ווען איך פיר אדורך אין מיין זכרון דעם פייערלעכן שטאנד און דאָס עקזאל־טירטע התקוה געזאנג — לעב איך איבער נאָכאמאָל יענע הערלישע טעג ווען מיר האָבן זיך באטראכט אלס יידישע זעלנער פארן יידישן פאָלק און פארן יידישן לאנד — ארץ ישראל.

דער שטארקער איינדרוק פון דעם געשעעניש פון דער ווייטער פארגאנ־גענהייט אין מיינע קינדהייטס־יאָרן איז פארבליבן אין מיין זכרון, ביזן היינ־טיקן טאָג.

ווען איך בין געשטאנען ביינאכט אויף שמירה מיט געווער אין האנד אלס הגנה־חבר נאָך פאר אונזער פרייהייטס־מלחמה — האָב איך זיך נישט איינמאָל דערמאנט אין דער פאסירונג.

און דאכט זיך אז עס איז נישט קיין צופעליקייט, דער היסטאָרישער צונויפ־טרעף פון געשעענישן.

---

מ. בידלובסקי

# רעכטע „פועלי־ציון"



משה בידלובסקי

התנועה הציונית בעירנו נוסדה בין כותלי בית־המדרש, ושם היא ניהלה את פעולתה הראשונה, מפני שחבריה הראשונים היו בחורי בית־המדרש, שברובם היו מבני מעמד הסוחרים.

ורק במאוחר יותר, כשלתנועה כבר היה מועדון משלה, נתוספו חברים חדשים ופעולתה והשפעתה גדלו והיו ניכרות באוכלוסיה העירו־נית בכלל ובקרב הנוער בפרט.

שני המאורעות הגדולים בשנת 1918: השחרור הלאומי של העם הפולני, והשחרור הסוציאלי של העם הרוסי, השפיעו ללא ספק על מהלך המחשבה של הנוער העירוני, ובתנועה הציונית היו מצויים לעתים קרובות חיכוכים פוליטיים עם קבוצת חברים שחפצו לקשר את הציונות עם הסוציאליות. ובשנת 1918 חל פילוג וקבוצת חברים שיצאו יסדו ארגון חדש בשם „ארבעטער־היים פועלי־ציון". מיד נבחר ועד מהחברים דלהלן: נ. טרלו (יושב־ראש), חנה סימה



פועלי ציון ימין



פועלי ציון ימין

לובלינג (סגן יו״ר), זיסקינד צוויבל, והאחים אברהמלה וירמיהו לנדאו. הם שכרו מעון ברחוב מנצ׳רסקה והחלו לנהל פעולה שהתגברה עוד יותר עם כניסתם של שני חברים חדשים מנשה פרנקל והרשל בוכבינדר.

הוחלט להזמין את המשורר הוורשאי ש. וולמן בתור איש־מקצוע במפלגה ועם בואו נתגברה הפעולה עוד יותר. בכל ערב התקיימו ערבי־ויכוחים, בכל ליל־שבת — ערב־תיבות (קעסטל־אָוונט), ובכל שבת אחרי הצהרים — הרצאה מדינית מאת ח. וולמן. נוסד איגוד להתעמלות המתנהל בידי החבר ש. ש. קיבקו־ביץ, שמנה חיש שמונה קבוצות להתעמלות. המורים הראשונים להתעמלות היו: א. קלסנר, ב. יזראעלביץ, מ. גוטליב ומשה לובלינג. המעון הורחב והיו בו ארבעה חדרים.

כמו כן נוסד איגוד נוער שהתפתח במהירות ומספר חבריו הגיע למאה. בועד נבחרו החברים דלהלן: ה. וול, מ. לובלינג, מ. בידלובסקי, א. פרייברג, י. קופרברג, ב. לובלינג וש. גוטנשטיין. הנוער ניהל פעולה מיוחדת.

פעמיים בשבוע התקיימו הרצאות של החברים היותר קשישים. כמו כן נוסדו שיעורים ללימוד כתיבה ביידית. לימדו החברים: בידלובסקי, לובלינג.

האחרון לימד פעמיים בשבוע גם קורות היהודים. חדרי המעון היו מלאים ונאלצנו להגביל קבלת חברים.

במעון פועלי־ציון הכינו בפעם הראשונה בעיר הצגה תיאטרונית מטעם החוג הדרמטי בהנהלת החבר וולף קיבקוביץ. הציגו את „הגנבים" של בימקו, וההצלחה היתה גדולה מאד.

כמו כן נוסד איגוד מקצועי, ובשני מקצועות בוצעה פעולה בהצלחה. נותני העבודה נענו לתביעות, שהן: הכרה באיגוד, ועשר שעות עבודה ליום. עד אז היו עובדים 12 שעות.

לועידת־הפילוג שלחנו את הציר חבר מנשה פרנקל.

הפעולה הנמרצה מטעם מצודת פועלי־ציון, כפי שהיו מכנים את מעון המפלגה בעיר, והשפעתה החזקה על הנוער העירוני — כל זה עורר רוגז רב אצל החוגים הדתיים בעיר ובראשם רב העיר, והם מנסים להפריע בכל מיני אמצ־עים. ברם הודות למאמצי החבר טרלו ולקשריו ב„חלונות הגבוהים" במשרד המחוזי נדחו כל ההתקפות. (ההתקפות גברו ביחוד עם קבלת הידיעה שהחבר וולמן מרצה בכל שבת על נושאים הנוגדים לרוח הדתיים). והמתיחות בעיר הגיעה לידי כך שקבוצת יהודים ניסו בימי שבת לפרוץ לתוך המעון ולהפריע להרצאות. אך קבוצת חברים עמדה על המשמר בחוץ, והמפריעים נאלצו לחזור.

הפעולה האינטנסיבית התנהלה במרץ עד שפרצה המלחמה בין פולין והבולשבים, וחלק החברים נתגייס לצבא הפולני. חלק מהחברים עזב את פולין במטרה לעלות ארצה ישראל. גם החבר וולמן גויס לצבא (בינתים הוא נשא לאשה את צירל שניצר, ילידת וולברום).

אנו ממשיכים בפעולה בארגון ההתעמלות ובקרב הנוער. אך הפעולה נעשתה קשה יותר מיום ליום, ועם כניסת חיילי הגנרל האלר לעיר נאלצנו לסגור את המעון ולהפסיק את הפעולה, עד לאחר סיום המלחמה.

אחרי הפילוג של פועלי־ציון בשנת 1920 היה שורר בוולברום שקט פוליטי כללי. ורק בשנת 1924, במסיבה שנערכה מטעם האיגוד הציוני לכבוד פתיחת האוניברסיטה בירושלים, נוסד פועלי־ציון צ. ס. על־ידי החבר אברהמצה קיבקוביץ. בועד הראשון נבחרו: קיבקוביץ, וילנר, הברפלד, חיימוביץ, מ. מייטליס, זלדה וינשטיין, ש. גולדברג.

הם מתחילים לנהל פעולה נמרצה בכל השטחים של א"י העובדת. מפעם לפעם מזמינים מרצים, כמו ביאלופולסקי ואחרים. אחרי זמן קצר מונה האיגוד למעלה ממאה חברים. פעולתה העיקרית מכוונת נגד הפו"צ שמאל שנוסד אף הוא באותו זמן. אחרי זמן קצר נוסד ארגון „פרייהייט" שהחל לנהל פעולה חלוצית, כמו ליצור מקומות הכשרה לצעירים ולהכשירם לעבודה פרודוקטיבית. עבודה בחקלאות ועבודות אחרות. נשלחו חברים להכשרה לערים אחרות, וסודרו מקומות עבודה בעיר לצעירים שהגיעו מערים אחרות. בזמן קצר מנתה הנקודה 30—40 חלוצים. הם קיבלו עיסוק: בבית־החרושת למי־סודה של הרשל ורדיגר, בבית־החרושת למי־דבש של אלחנן פוטאש, באחוזה „מארינובקה" של יחיאל מאיר אנגלשטין, אצל זלצמן בפריקת קמח, אצל בנימין לויטה. לא נמצא אף

חלוץ אחד ללא עבודה. כל הארגונים הציוניים עזרו ליצור מקומות עבודה. ואמנם בזמן קצר נוצרה נקודת הכשרה בשביל קרוב למאה חלוצים וחלוצות.

בשנת 1930 החלה לגבור העליה לארץ־ישראל והמפלגה החלה לפעול פעולה נמרצה. נוצר „העובד", שפעל בעיקר בעיר בקרב האומנים. בראש „העובד" עמד יחזקאל גליבטר.

באותה תקופה הרחיב „החלוץ הצעיר" — שנוסד בשנת 1927 — את פעולתו בראשית יחזקאל גליבטר.

בשנת 1930 חידשנו את פעולת פועלי־ציון (ימין) באיחוד עם ציונים סוציאליסטים. בעיר בקרו מטעם המרכז בוורשה ואף הרצו בה הד"ר יצחק שיפר, מ. ניישטאט, ישראל מרמינסקי, ישראל ריטוב, אברהם ביאלופולסקי ואנשל רייס. במשך זמן מסוים עמד בראש האיגוד המחודש אברהם קיבקוביץ — לשעבר יו"ר צעירי־ציון. בשנים שאחרי זה כיהן כיושב ראש יוחנן הברפל.

בעקב הלחץ הכלכלי האנטישמי על היהודים נעשה ענין קבלת סרטיפיקטים לשם עליה לישראל יותר מוחשי. בוורשה התקיים המשרד הא"י המרכזי, שהיה אחראי לחלוקת הסרטיפיקטים. כל מפלגה חפצה להשפיע על קבלת סרטיפיקטים בשביל חבריה. מפלגת פועלי־ציון (צ.ס.) היותה את הכוח החזק ביותר במשרד הא"י. לשם חלוקת סרטיפיקטים נבחרו מטעם המפלגה שלנו שלש ועדות בשלשה חבלים: זגלמביה, שלזיה העליונה (מושב הועדות היה בסוסנוביץ), צ'נסטוחוב.



פועלי ציון ימין

על חלוקה זו הוחלט בועידת הפו״צ שהתקימה בסוסנוביץ ובה השתתף החבר יצחק פונט מא״י שנמשכה יומים. מוולברום השתתפו בועידה: אברהם קיבקוביץ, משה לובלינג, יוחנן הברפלד ומ. בידלובסקי. בישיבה נבחרה ועדת החבל בת שבעה חברים: קראווצ׳יק מסוסנוביץ, מדריך מהועד המרכזי, סובקובסקי מבנדין, מנשה פרנקל מקטוביץ, זלץ מדומברובה, פרופסור זכס ומגיסטר רוקח מצ׳נסטחוב, בידלובסקי מוולברום. לאיגוד היו שני חדרים למעון ברחוב ליסטופאדה ובהם התנהלה פעולה ערה. במועצת העיריה השתתף מצדנו כנציג חברנו אברהם קיבקוביץ.

ליד האיגוד נוסד ארגון נוער בשם „פרייהייט״ שמנה כ־150 חברים. בעניינים טכניים בפוליטיקה היו הבונד ופו״צ קשורים ביניהם בישיבות משותפות.

כמו כן התקיימה ליד הפו״צ מקהלה גדולה בת שלשים חבר, ומשה לובלינג היה מנצחה. במעוננו נערכו מפעם לפעם הרצאות ספרותיות ומדיניות, ערבי־תיבות וכיוצא בזה. הפעולה היתה ערה והמעון היה תמיד מלא חברים שהתענינו בכל הנעשה באיגוד.

---

י. לעדערמאַן

# לינקע פועלי־ציון

די דאָזיקע ערינערונגען און נאָטיצן שרייב איך 25 יאָר נאָכן פאַרלאָזן מיין געבורט־שטאָט וואלבראָם.

איך באַמי זיך צו רעקאָנסטרואירן אין מיין זכרון געוויסע פרטים וועגן דעם לעבן אין מיין שטעטל — איר גייסטיקן און עקאָנאָמישן צושטאַנד, איר צווישן־פּאַרטייאישן געראַנגל.

עס איז שווער אויף אַזאַ ווייטער דיסטאַנץ פון יאָרן צו געדענקען כראָנאָלאָגיש דאַטעס און פּאַסירונגען. און אויב איך האָב ערגעץ־ווו געטעות׳ט — בעט איך ביי די לייענער אַנטשולדיקונג.

---

וואלבראָם, אַ רואיק יידיש שטעטל אין קאָנגרעס־פּוילן (קעלצער גובער־ניע), אַרומגערינגלט מיט פּרעכטיקער נאַטור פון גרינס: וועלדער, פּרוכט־סעדער און פעלדער.

דורות־לאַנג האָבן די יידן פון שטעטל וואלבראָם, אין אַ סביבה פון אַרומיקער פּוילישער באַפעלקערונג, אויסגעלעבט זיך רואיק זייער יידיש און רעליגיעז לעבן. דורות יוגנט האָבן געוועבט זייערע חלומות פון אויפשטייג און

צוקונפט. דער עקאָנאָמישער צושטאנד האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם אידעאישן געראנגל פון דער יוגנט.

מיט א צעבראָכן הארץ און מיט א געפיל פון ווייטיק, דערמאן איך זיך פלעצער וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט חברישער באציאונג און שטענדיקע פּאָליטישע און ליטעראַרישע דיסקוסיעס: 1) די בוסקער ליניע — (דאָס בחנטע שטיבל ביי דער חברטע רוחעלע); 2) די ליטעראַרישע יאטקע (א וורשט־געשעפטל ביי ח׳ ראָטמענטש), דאָרט זענען פאָרגעקומען דיסקוסיעס מיט פאר־בייסעכץ; 3) אין האטעלעכל (ביי דעם באליבטן פּאָרל חוה און זינדל קורלענ־דער), וואָס איז ממש פאר אונדז געווען אן אָפּטיילונג פון טלאמאצקי 13.

איך בין מספיד דאָס שטעטל מיט איר יידישער באפעלקערונג, זייער לעבן און שאפן ווי אויך די דערמאנטע פלעצער, וועלכע זענען פון א ברוטאלער מערדערלעכער האנט פארשניטן געוואָרן. כבוד זייער אָנדענק!

וואלבראָם 1925.

דאָס שטעטל איז געבויט אין דער פאָרם פון א שלאָס־מעם (ם); פיר זייטן מיט קלייטן און טראָטוארן און אין דערמיט א מארק. צוויי מאָל א וואָך



הועד של פועלי ציון שמאל
קאָמיטעט פון די לינקע פועלי־ציון

פלעגן די פויערים פון דער ארומיקייט ברענגען זייערע פראָדוקטן צו פארקויפן און איינקויפן זייער געברויך אין די ארומיקע געוועלבער. פון די פיר עקן פון מארק האָבן זיך געצויגן פיר גאסן. אין אָנפאנג פון די גאסן האָבן געוווינט יידישע בעלי־מלאכות און קליינהענדלער. פון דאָרטן האָט זיך געלאָזט הערן דער טיקטאק פון ניי־מאשינען און דאָס קלאפן פון העמערלעך, אויסגעמישט מיט יידישע לידלעך. ארויפצו ווייטער אין די געסלעך האָבן שוין געוווינט געמישט, קריסט־לעכע און יידישע האנטווערקער, אממערסטן שוסטער און טישלער. קיין גימ־נאזיע איז אין שטעטל נישט געווען, בלויז א פאווּשעכנע שול, ווו א טייל פון דער יידישער יוגנט האָט געלערנט בייזאמען מיט די פוילישע שילער. צוליב פרומקייט האָט די רעשט די פאווּשעכנע שול נישט באזוכט. אזוי האָבן זיך געפלאָכטן די באציאונגען צווישן ביידע טײלן יוגנט.

פאר דער יידישער יוגנט אין שטעטל איז וואָס ווייטער געוואָרן ענגער. האנטווערקער און קליינע זענען געווען איבערגענוג. און די יוגנט האָט פשוט נישט געהאט זיך מיט וואָס צו פארנעמען.

מיט דער צייט זענען אין שטעטל אנטשטאנען פארטייען; אזוי איז אנט־שטאנען דער „בונד”, „קאמוניסטן”, „אגודת ישראל” און די ציוניסטישע פארטיי. יעדע איינע פארטיי האָט אויף איר שטייגער געפרווּוט פארענטפערן די אָנגעווייטיקטע פראגן פון דער יידישער יוגנט אין שטעטל, וואָס האָט נישט געהאט ביי וואָס צו פארדינען און געלעבט אָן א קיום, בעת אירע קריסטלעכע חברים פון דער שול האָבן געהאט פרייע מעגלעכקייטן פון איינאָרדענען זיך.




פועלי ציון שמאל בכינוסם בוורשה
די לינקע פועלי־ציון אין א קאָנפערענץ אין ווארשא

בכדי צוצוציען נייע מיטגלידער, פלעגן די פאראנענע אָרגאניזאציעס איינ־אָרדענען פרייע דיסקוסיע־אָוונטן. האָבן מיר א גרופע אומצופרידענע פון די אלע דורך די פארטייען פאָרגעלייגטע רעצעפטן זיך באגעגנט. מיר האָבן אָנגעהויבן שטודירן די בראָשור פון בער באָראָכאָוו — די קלאסן־אינטערעסן און די נאציאָנאלע פראגע — און מיר זענען געקומען צום אויספיר, אז נאָר דער וועג קען פארווירקלעכן אונדזערע אָנגעווייטיקטע פראגן.

אין 1925 האָט זיך אין שטעטל באזעצט ח' קאָפל פרוכטצווייג. (א פריזיער פון פאך. אן אלטער פועלי־ציון פון בענדין (זאגלעמביע), א חבר מיט גרויס



מימין לשמאל: אלתר לדרמן, פפירניקוב, בנימין יזראעלוביץ

דערפארונג פון אָרגאניזאציע און פארטיי ארבעט. אויף אן עפנטלעכן דיסקוסיע־אָוונט איינגעאָרדנט דורכן „בונד" אין שטעטל, ווו מיר די שפעטערדיקע פועלי־ציון זענען געווען, האָט חבר פרוכטצווייג גענומען א וואָרט. מיר האָבן באלד דערפילט — ווי אונדזערס א חבר האָט זיך אויסגעדריקט — „דאָס איז עס"! פרוכטצווייג האָט באקומען אונדזער אונטערשטיצונג. ער האָט זיך מיט אונדז גלייך פארבונדן. די ערשטע צוזאמענטרעפן זענען געווען ביי אים אין געשעפט. ס'איז געשאפן געוואָרן א קאָמיטעט פון פאָלגענדע חברים: קאָפל פרוכטצווייג, חיים לובלינג, אלתר לעדערמאן, בנימין יזראלעוויץ, יעקב וועלנער, מענדעלע אנקער און חייה'לע פרייבערג.

נאָך עטלעכע אזעלכע צוזאמענטרעפן האָט ער מיר געזאָגט: נישט געזאָרגט, דער מענטשן־מאטעריאל איז א גוטער. —

מיר טרעטן צו עפענען א פועלי־ציון אָרגאַניזאַציע אין שטעטל. אונדזער ערשטע אויפגאַבע איז געווען פאַרשפּרייטן די „אַרבעטער־צייטונג״ און „פרייע יוגנט״. צו אונדזער פרייד געלונגט אונדז צו שאַפן א שיינע צאָל אבאָנענטן.

מיר אָרגאַניזירן די בעקער־אַרבעטער און בשותפות מיט זיי נעמען מיר א לאָקאַל פון צוויי צימערן און עס הויבט זיך אָן אן אַקטיווע פועלי־ציון טעטיקייט אין שטעטל.

צו אונדזער ערשטער אַרבעט געהער די אַקציע ביי די בעקער־אַרבעטער: מיר רופן די אייגנטימער וועגן אונטערשרייבן א קאָלעקטיוון אָפּמאַך און באַקומען נישט קיין ענטפער. מיר דערקלערן א שטרייק. דאָס שטעטל בלייבט אָן ברויט. נאָך צוויי טעג שרייבן א טייל בעקער אונטער דעם אָפּמאַך און דער רעזולטאַט איז: 8 שעה אַרבעט, א בעסערן לוין און סאָציאַלע פאַרזיכערונג. מיר פייערן א נצחון! ביז דאָ האָבן בעקער אַרבעטער געאַרבעט פון שבת צונאַכטס ביז פרייטיק צונאַכטס.

ס׳ווערט אויסגעוויילט א פאַרוואַלטונג פון בעקער־אַרבעטער פאַריין. דער אָפּקלאַנג פון דער שטאַרקער אָרגאַניזאַציע ביי די בעקער אַרבעטער רופט אַרויס שטאַרקע פאַראינטערעסירונג אין שטעטל.

אונדזער פּאַרטייאישע אַרבעט האָט זיך שטאַרק פאַרצווייגט. מיט יעדן טאָג האָט זיך אונדזער אָרגאַניזאַציע פאַרגרעסערט אין צאָל. מיר זענען געצוווּנגען געווען צו נעמען נאָך צוויי לאָקאַלן א חוץ דעם בעקער־אַרבעטער פאַריין.

מיר שאַפן די באַרימטע פוסבאַל מאַנשאַפט „גוויאַזדאַ״ — „שטערן״ מיט אירע רויטע זיידענע העמדלעך און גרינע שטערן.

בעת א ראַיאָן צוזאַמענפלי אין אָלקוש מיט חבר זרובבל, האָט זיך א פּוילישע צייטונג דערשראָקן און געשריבן אן אַרטיקל אונטערן קעפּל „מה יפית באָלשעוויצקי אין אלקוש״. שפּעטער, אין יאָר 1931, בעתן אַלגעמיינעם צוזאַמענפלי פון „שטערן״־ ספּאָרט־געזעלשאַפט אין וואַרשע, האָט זיך אונדזער קלוב „שטערן״ אויסגעצייכנט.

מיר האָבן געשאַפן א דראַמאַטישן קרייז, וועלכער האָט א חוץ פּראָלעטאַרישע סצענעס אויך אויפגעפירט יידישע פּיעסן.

אין שטעטל פילט זיך אונדזער טעטיקייט אויף טריט און שריט. חברים פון ראַיאָן באַזוכן אונדז כסדר; מיר פילן א מאַנגל אין אָרגאַניזאַציאָנעלע כוחות. מיר ברענגען אַראָפּ דעם חבר קאָרנפעלד פון דאַמבראָווע און מיר אָרדנען אים איין ביי אַרבעט.

חבר פּראָכטצווייג, אונטערן נאָמען קאָפּל, ווערט שטאַרק פּאָפּולער אין שטעטל נישט בלויז ביי דער יידישער באַפעלקערונג, נאָר אויך ביי דער קריסטלעכער. ס׳איז כדאי צו דערמאַנען אז בעת מיר האָבן דורכגעפירט א לאָטעריע מיט 500 לאָסן, האָט חבר קאָפּל אַליין פאַרשפּרייט 270, און דאָס דער רוב ביי קריסטן.

די קליינבירגערלעכע באפעלקערונג און האנטווערקער, וועלכע איז געווען אפשר דער גרעסטער טייל פון דער באפעלקערונג אין שטעטל, האָבן זייער א סך געליטן פון שטייער־אמט, ווייל זיי האָבן זיך נישט אויסגעקענט אויפן שטייער־סיסטעם, און מיט די טערמינען פון די שטייער־צאָלונגען. זיי האָבן נישט געזאמלט די קוויטונגען פון באצאָלן שטייער און דערפאר טאָפּלט באצאָלט. מיר האָבן איינגעאָרדנט אין געשעפט ביי קאָפּל א שאנק און קאָנצענטרירט אין איר אלע קוויטונגען פון כמעט דעם גרעסטן טייל קליינהענדלער און בעלי־מלאכות און שטעטל. די שטייער־אינקאסענטן האָבן שוין געוווסט, אז דאָרט ווערן דערלעדיקט אלע שטייער־פראגן. אזוי ארום האָבן מיר איינגעבערענגט די אָרעמע יידישע הענדלער און האנטווערקער פיל מי און אויך געלט. דאָס האָט אונדז געבערענגט פיל נוצן. שפּעטער, אין יאָר 1926, ווען דאָס שטעטל איז צום ערשטן מאָל געגאנגען צו די שטאָט־ראט־וואלן, האָבן מיר, די לינקע פּועלי־ציון פּארטיי אדורכגעפירט א ראטמאן. דאָס איז געווען דער איינציקער יידישער ארבעטער־ראטמאן, דער חבר קאָפּל.

ס'איז אויך כדאי צו פארצייכענען אז טראָץ אלע קאָמבינאציעס פון דער קריסטלעכער באפעלקערונג אָנצושליסן קריסטלעכע דערפער צו דער שטאָט, איז



פועלי ציון שמאל

יושבים בשורה השניה מימין לשמאל: מנחם סטיצקי, חיים לובלינג, י. זרובבל (מא"י), קופל פרוכטצווייג, אלתר לדרמן

דאָך געלונגען דער יידישער באַפעלקערונג אַדורכצופירן 13 מאַנדאַטן פון די 25 וועלכע זענען געווען אין ראַט.

די ערשטע זיצונג פון ראַט, וועלכע האָט געדאַרפט פונאַנדערטיילן די אַמטן און דער ראש העיר האָט געדאַרפן זיין אַ ייד, האָבן די ענדעקעס און כאַדעקעס פאַרלאָזט די זיצונג און אויסגערופן: מיר ווילן נישט זיצן אין קיין יידישער שול! — אָבער אַ דאַנק דער האַנדלונג פון דער פ.פּ.ס. זענען די זיצונגען ווייטער פאָרגעקומען און עס האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ יידישן וויצע־בירגער־מייסטער.

ח׳ קאָפּל פאַרנעמט דעם אַמט פון סאָציאַלער הילף ביים מאַגיסטראַט. דאָ זעען מיר אַ ברייט פעלד פאַר אַרבעט. אין דער רשימה פון קרוב צו 300 אונטער־שטיצטע, געפינט זיך נישט קיין איין ייד, בעת צווישן די געבער האָבן יידן אויסגעמאַכט דריי פערטל.

מיר האָבן צוזאַמענגעשטעלט אַ רשימה פון יידישע אָרעמע האַנטווערקער, טרעגער און קליינהענדלער, וועגן וועלכע מיר האָבן געוווסט, אַז זיי נויטיקן זיך אין מאַטעריעלער הילף. מיר האָבן באַזוכט די מענטשן און האָבן זיי דער־קלערט, אַז מיר ווייסן זייער מאַטעריעלע לאַגע און מיר ווילן זיי העלפן. אָבער צו אונדזער איבערראַשונג האָט קיינער פון זיי נישט געוואָלט גענימען פון אונטערשטיצונג.

מיר זענען אַוועק צו אברהם מלמד (אין דער פּילצער גאַס), וועלכער האָט געוווינט אין אַ גרויסער קעלער־שטוב ווו בייטאָג האָט ער געקנעלט מיט קינדער און אויך דאָרטן געוווינט, און ביינאַכט איז אַ גרויסער טייל פון דעם קעלער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ לינת־צדק. מיר האָבן אים געגעבן צו פאַרשטיין אַז לויט אונדזער מיינונג וועט די מצוה פון לינת־צדק נישט פאַרקלענערט ווערן ווען ער וועט פון מאַגיסטראַט באַקומען אַ חודשלעכן געהאַלט פאַר זיין אַרבעט. און דאָס איז געלונגען. מיר האָבן דעם קעלער אויסגעקאַלעכט און אַריינגעשטעלט עטלעכע אייזערנע בעטלעך מיט דעקן, געבראַכט אַ קאָמיסיע פון מאַגיסטראַט וועלכע האָט באַשטעטיקט דעם לינת הצדק אַלס שטאָטישן אַנשטאַלט, און אברהמען אַלס דער וואָס פאַרנעמט זיך מיט דעם און באַשטימט פאַר אים אַ חודשלעכן געהאַלט. דאָס האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם אין שטעטל.

ווייטער האָבן מיר אַדורכגעפירט אונדזערס אַ רשימה פון נויטבאַדערפטיקע וואָס האָט באַטראָפן אַ העלפט פון דער קריסטלעכער אונטערשטיצונג.

מיר שאַפן אויך אַ באַראַכאָוו־ביבליאָטעק, אַ חוץ חברים און סימפּאַטיקער האָבן זיך צו אונדז געוואַנדן אַ סך פון דער יידישער אינטעליגענץ און סתם בירגער און האָבן זיך באַשטייערט מיט צענדליקער ביכער. אפילו פון דער קריסטלעכער פּראָלעטאַריש־דענקענדער באַפעלקערונג מיט וועלכע ח׳ קאָפּל איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג, האָבן מיר אַ סך ביכער באַקומען.

כדאי צו דערמאַנען, אַז אין שטעטל האָט עקזיסטירט אַ ביבליאָטעק

אונטערן נאָמען „קולטורא“. אָבער אונדזער באָראָכאָוו־ביבליאָטעק האָט גענומען אויף זיך די אויפגאבע, צו געבן א בוך יעדן וואָס וויל לייענען, אָן אן אָפּצאָל... די קולטור־קאָמיסיע האָט איינגעלאדן סימפּאטיקער פון דער ארבעטנדיקער יידישער אינטעליגענץ, וועלכע האָבן צוויי מאָל אין וואָך פאָרגעלייענט יידישע ליטעראַרישע שאפונגען, און אויך געגעבן פאר יוגנט צו פארשטיין ווי אזוי מען דארף לייענען א בוך.

אונדזער גלענצנדער כאָר האָט באשיינט אונדזערע מסיבות, ארבעטער־פייערונגען מיט זיינע לידער.

דער ספּאָרט־קלוב „שטערן“, וועלכער איז באקאנט געווען מיט זיינע ספּאָרט־פארמעסטונגען און מיט זיין דיסציפּלין צו די באשלוסן פון דער פּועלי־ציון פארטיי, איז באקאנט געווען אין דער גאנצער געגנט. אָנגעפירט איז ער געוואָרן דורך אונדזער אייגענעם חבר בנימין יזראלעוויטש (איצט אין לאנד) וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט אויפן צוזאמענפלי פון ספּאָרט־קלוב „שטערן“ אין ווארשע אין יאָר 1931.

אונדזער פּאָפּולאריטעט אין שטעטל האָט זיך שטארק געהויבן. די ארבעטער יוגנט האָט ביי אונדז געפונען איר היים. דאָס האָט געצוואונגען דעם „בונד“ מיטן ד״ר באבאד זיך ווענדן צו אונדז וועגן שאפן אן אָוונט־שול פאר ארבעטער. און אזוי איז געעפנט געוואָרן א געמיינזאמע אָוונט־שול, אן אָפּטיילונג פון ציש״א מיט א לערערין געשיקט דורך איר. די לעקציעס זענען פאָרגעקומען אין אונדזערע לאָקאלן, אין דעם לאָקאל פון דער „געזעלשאפט אָוונט־קורסן“.

מיר האָבן געשאפן אן עספּעראנטאָ־קורס, אָנגעפירט דורך דעם לערער ווייצמאן פון אָלקוש. אויף דעם אינטערנאציאָנאלן עספּעראנטאָ־קאָנגרעס אין 1931 אין קראקע האָב איך אָנטיילגענומען.

יאָר־יערלעך האָבן מיר צוזאמען מיט די יוגנט־חברים פון סאָסנאָוויץ איינגעאָרדנט זומער־קאָלאָניעס אין דער געגנט פון אונדזער שטעטל, וואָס איז געווען געבענטשט מיט א רייכער נאטור. מיר ברענגען דאָ א רייע בילדער פון די זומער־קאָלאָניעס.

מיר זענען אויך געווען פארטרעטן אויפן סעמינאַר איינגעאָרדנט דורכן קאָמיטעט אין סאָסנאָוויץ פון וועלכן מיר ברענגען דאָ אויך א בילד.

---

**ארטור נונבערג** (ארה״ב)

# די בונדישע אָרגאַניזאַציע

ביז אָנהויב 1920 איז דאָס סאָציאַל־עקאָנאָמישע לעבן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין וואָלבראָם געווען אין אַזאַ מצב, אַז עס האָבן זיך אין אים נישט אָנגעזען קיין פּאָליטיש־אידעאָלאָגישע קלאַסן־דיפערענצירונגען.

עס זיינען דאָן נאָך נישט געווען קיין גרויסע אַרבעטס־וואַרשטאַטן אָדער פאַבריקן. יעדער בעל־מלאכה האָט באַשעפטיקט זיין אייגענע משפחה ביים אויפנייען אַ מלבוש אָדער ביי מאַכן אַ פּאָר שיך און שטיוול, וואָס האָבן, אגב,



ארטור נונברג

געהאַט אַ שם אין דער צאַרישער אימפּעריע. קיין פּראָלעטאַריער אין מאָדערנעם זינען פון וואָרט זיינען נישט געווען. עס זיינען געווען איינצלנע פאַלן פון סאָציאַל־נאַציאָנאַלן פּראָטעסט אין 1905, אָבער זיי האָבן נישט איבערגעלאָזט קיין שפּורן אין רואיקן בעל־מלאכה׳שן און קליין־סוחרישן שטעטל, וואָס איז אויפן שליאַך צווישן קעלץ און סאָסנאָוויצע פון מזרח צו מערב און פון טשענסטאָ־כאָוו קיין קראָקע פון צפון צו דרום.

די שול, דאָס בית־המדרש, דאָס חסידים־שטיבל זיינען געווען די מקומות פון געזעלשאַפטלעכן קאָנטאַקט. ביי די טישן אין בית־המדרש, ביי אַ משניות און ביי אַ גמרא, אין פּאָליש און ביי דער מערב־וואַנט בין מנחה למעריב, האָט דער אונטערוואַקסנדיקער דור געלעבט מיט דעם עכאָ פון סאָציאַלן און נאַציאָנאַלן

אויפברויז אין אזעלכע יידישע צענטרען ווי ווילנע, ביאַליסטאָק, וואַרשע און לאָדזש.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה און נאָך דעם אָנשלוס פון דער שכנות־דיקער, אינדוסטריעל הויך אנטוויקלטער אויבער־שלעזיע צום זעלבשטענדיקן פוילן, האָט פאַר דער באַקליידונגס־אינדוסטריע אין וואָלבראָם זיך געעפנט א גרויסער אָפּזאַץ־מאַרק קיין זאַגלעמביע און אויבער־שלעזיע. עס האָבן זיך אָנגעהויבן אויסצוקריסטאַליזירן די סאָציאַלע קלאַסן־דיפערענצן פון יידישן וואָלבראָם. שניידער, שוסטער, היטלמאַכער, גאַרבער־אַרבעטער האָבן געפונען באַשעפטיקונג אין די אויפגעקומענע נישט גרויסע וואַרשטאַטן. די פּאָליטיש־אידעאָלאָגישע חלוקי־דעות האָבן גענומען קומען צום אויסדרוק אין די אַנשטאַלטן פון יידישער וועלטלעכער קולטור, וואָס האָבן שוין עקזיסטירט פון פריער, ווי די געזעלשאַפט „קולטורא", וועלכע איז געווען אן אינסטיטוציע אויסשליסלעך נאָר פאַר די מער פאַרמעגלעכע, אינטעליגענטע, ציוניסטישע און משׂכּילישע יונגעלייט און מיידלעך. די „ברייטע" פּשוטע מאַסע איז נישט געווען דרייסט גענוג אַריינצוגיין אין דער „קולטורא", כדי צו נעמען א בוך און זיך אויסלעבן געזעלשאַפטלעך צווישן די קינדער פון דער „בורזשואַזיע". ערשט אין 1921־1922 געהערט שוין צו דער געזעלשאַפט „קולטורא" אויך יוגנט פון אַרבעטער־ און קליינהענדלער־קלאַס, וואָס איז שוין סאָציאַליסטיש אָנגעשטעקט. דאָס זיינען די חברים ציגלער, נייפעלד, זאָנאַבענד, וויסאָקעס, לעוויטס, מאַרמאָנד, מידלאַזש און אַנדערע. די „קולטורא" ווערט די פּלאַטפאָרמע פאַר פּאָליטיש־אידעאָלאָגישע שטרייטן. זי ווערט די איינציקע גרויסע פאָלקס־אָרגאַניזאַציע, וואָס פירט א ברייט־פאַרצווייגטע קולטור־טעטיקייט. זי האָט אן אייגענע ביבליאָטעק, אָרדענט איין פאָרלעזונגען און האָט אויך א טעאַטער־גרופּע, אונטער דער אויפזיכט פון ש. ש. קיווקאָוויטש. די „קולטורא" ראַנגלט זיך נישט נאָר מיט אינעווייניקס־טע אידעאָלאָגישע סיכסוכים, נאָר מוז זיך אויך אַנטקעגנשטעלן דעם שטאַרקן אָנגריף מצד די רעליגיעזע יידן, וואָס האָבן זיך באַנוצט מיט אַלע מיטלען — אפילו מיט שיקאַנעס — קעגן דער אינסטיטוציע. מיין ערשטער אינעווייניקסטער פּראָטעסט קעגן דעם רעליגיעזן סעקטאָר, וואָס האָט געוואָלט מיט געוואַלט איינ־האַלטן זיין השפּעה אויפן יידישן לעבן, איז געווען פאַרבונדן מיט דער „קולטורא" און מיט איר דעמאָלטיקן פאָרזיצער, דעם בונדיסט ש. באַבאַד.

אין דער געזעלשאַפט „קולטורא" האָט זיך אויסגעפאָרעמט די פּאַרטיי־פּאָליטישע פיזיאָנאָמיע פון דער וואָלבראָמער יוגנט. ציוניסטן, פּועלי־ציון, בונדיסטן, קאָמוניסטן האָבן אין דער „קולטורא" געשאַפן זייערע אָרגאַניזאַציאָ־נעלע ראַמען. דער בירגערלעך־ציוניסטישער עלעמענט, גרופּירט אַרום ד"ר אייזנשטאַט, מ. צוקערמאַן, גאָטליב, בידלאָווסקי, מיטלמאַן און אַנדערע, האָט געגרינדעט אן אייגענע ביבליאָטעק אין אן אייגענעם לאָקאַל.

די פּועלי־ציוניסטן, אונטער דער פירערשאַפט פון דעם פון אַלעמען באַליבטן פּרוכטצווייג, האָט געשאַפן אן אייגענע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט גרופּירט אַרום זיך די לינקע עלעמענטן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און פון יוגנט־לעכע קאָמוניסטן, וועלכע האָבן נישט געהאַט די לעגאַלע מעגלעכקייטן צו דינגען

אן אייגענעם לאָקאל. דערפאר זיינען די לינקע פועלי־ציון געוואָרן דאָס שפרינג־ברעט צו דער אומלעגאלער קאָמוניסטישער באוועגונג פאר א סך וואָלבראָמער יוגנטלעכע. דער גרעסטער טייל פון דער שפעטערדיקער אגרעסיווער קאָמוניסטישער פירערשאפט זיינען אין א געוויסן פעריאָד געווען די פירער פון דער לינקער פועלי־ציוניסטישער יוגנט. עס איז דאריבער פאר קיינעם נישט געווען קיין איבערראשונג, ווען ביי די וואלן צו דער גמינע איז זייער פירער פרוכטצווייג אויסגעוויילט געוואָרן אויף דער פועלי־ציון־ליסטע. מיט דעם פריצייטיקן טויט פון פרוכטצווייגן, פאר דער מלחמה, האָבן די לינקע פועלי־ציון פארלוירן זייער השפעה צווישן דער יוגנט אין וואלבראָם.

די בונדיסטן באבאד, יוטקעוויטש, מורמאן, וויסאָקע, ראָטמענטש, וואָס זיינען געווען זייער אקטיוו אין דער „קולטורא", האָבן אין 1926 געגרינדעט די געזעלשאפט „קולטור־ליגע". די „קולטור־ליגע" איז געוואָרן די היים פון „בונד" און א וויכטיקע קולטור־דערציערישע אינסטיטוציע פאר די יידישע ארבעטער און פאָלקס־מענטשן. זי האָט געהאט א גרויסע און גוט באזוכטע ביבליאָטעק אין שטאָט, זי האָט איינגעאָרדענט קולטור־אונטערנעמונגען, געברענגט פרעלעגענטן פון דער גרויסער שטאָט, געגעבן ניט נאָר א פּאָליטיש־בונדישן נאָר אויך א קולטורעלן אינהאלט דעם יונגען אונטערוואקסנדיקן דור צווישןביידע וועלט־מלחמות.

אין די בונדישע לאָקאלן, ביי פאָדאָלסקין אין דער פילצער גאס, אין דער מענצארסקע און אין מארק ביי קאמינסקי, אין די ענגע שטובן פון יידיש וואלבראָם, אין די גאסן און געסלעך, אויף די פעלדער פון לאָבזווו און ביים טייך, אין פילצער און אָלקושער וואלד, — האָבן יוגנטלעכע, יינגלעך און מיידלעך, מיט ביכער אונטער די אָרעמס, דיסקוטירט וועגן פרץ און זשעראָמסקי, בערנארד שאָו און טאָלסטאָי, רעמארק און בארביס; זיך געאמפערט וועגן מארקסיזם און לעניניזם, פלעכאנאָוו און קאוטסקי, וועגן „בונד" און ציוניזם.

אין „יוגנט־וועקער" פון פעברואר 1927 איז שוין פאראן א באריכט פון דער בונדישער יוגנט־אָרגאניזאציע „צוקונפט".

דער בונדישער לאָקאל ווערט א צענטער פון יידישן ארבעטער־לעבן אין וואלבראָם. גלייכצייטיק הייבן זיך אָן די פּאָליצייאישע שיקאנעס: אויפלייזן פארזאמלונגען, נישט געבן קיין דערלויבענישן פאר עפנטלעכע אונטערנעמונגען, שטערן די ערשטע מאי־פייערונגען, אד"גל. אין נומ׳ 10 „יוגנט וועקער" פון 1928 און אין שפעטערדיקע באריכטן אין „יוגנט וועקער" און אין דער בונדישער טעגלעכער „פאָלקסצייטונג" געפינט מען באריכטן וועגן כסדרדיקע פּאָליציי־שיקאנעס קעגן דער בונדישער באוועגונג.

אויך אין וואלבראָם באווייזן זיך סימפטאָמען פון דער מאָסקווער מגיפה, — עס הייבט זיך אָן דער ברודער־קאמף פון די קאָמוניסטן קעגן אלע אנדערשדענקענדיקע ארבעטער.

אין דער תקופה פון אלגעמיינעם פּאָליטישן ווירוואר אין פוילן, פון פילסודסקיס האלב־פאשיסטישן רעזשים, ווער איך א פּראָלעטאריער, און אין 1929—1930 שליס איך זיך אָן אין דער בונדישער באוועגונג אין זאגלעמביע.

אין דער בונדישער אָרגאַניזאַציע האָט געהערשט אַן אַטמאָספער פון הארציקער חברשאַפט און וואַרעמער משפּחהדיקייט. איך וויל דאָ פּרוּוון אויפצו־לעבן אין מיין זכרון א ריי געשטאַלטן פון וואָלבראָמער חברים־בונדיסטן, וואָס זיינען אומגעקומען אינעם היטלערישן מבול.

ש. באַבאַד, דער פאָרזיצער פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע, א הארציקער מענטש, א דענטיסט פון פאַך. זיך באַזעצט אין וואָלבראָם מיט זיין שוועסטער אסתר בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. מיט זיין סאָציאַלער פּאָזיציע, מיט זיין גאַנצער האַלטונג, מיט זיין אינטעליגענץ האָט ער זיך אויסגעטיילט פון דעם גאַנצן ארום. דאָך איז ער געווען גרייט אָפּצוגעבן זיין קאַריערע, זיין גאַנץ לעבן



באבאד
ראש הבונד

פאַר דער בונדישער באַוועגונג. ער איז געווען אויסגעוויילט ווי א בונדישער ראַטמאַן אין וואָלבראָמער שטאָטראַט און געוואָרן געפּסלט פון דער מאכט מכלומרשט דערפאַר, וואָס ער איז נישט געווען קיין פּוילישער בירגער. ער האָט זיך פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה באַזעצט אין לאָדזש און איז דאָרט אומגע־בראַכט געוואָרן דורך די דייטשע רוצחים.

מאיר מורמאַן — דער אַדרעס פאַרן „בונד" און פאַר בונדיסטן. א שטעפּער־קאַמאַשן־מאַכער פון פאַך. געאַרבעט שווער כדי אויפצוהאַלטן זיין גאַנצע משפחה. געווען לאַנגיאָריקער סעקרעטאַר פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע; געווען פאַר־אַנטוואָרטלעך פאַר אַלע מאַטעריעלע נויטן פון דער אָרטיקער אָרגאַניזאַציע און פון די צענטראַלע בונדישע קערפּערשאַפטן און רעדאַקציעס. געווען דעלעגירט צו אַלע בונדישע ראַיאָן־קאָנפערענצן. געווען א מיטגליד פון זאַגלעמביער־קראָ־קעווער־טשענסטאָכאָווער ראַיאָן־קאָמיטעט, אויך א מיטגליד אין דער לאַגער־קאָמענדאַטור פון די זומער־לאַגערן פאַר דער בונדישער יוגנט.

חיים וויסאָקע, פון פאַך א שניידער. געטריי געדינט דעם „בונד" אויף פאַרשידענע פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָזיציעס. געווען קאַנדידאַט אויף דער בונדישער ליסטע צו דער גמינע. געווען אָנפירער פון דראַמאַטישן קרייז און אנד., וואָס

האָט געגעבן פאָרשטעלונגען אין וואלבראָם, פּילץ, זשאַרנאָווצע און אָלקוש. געווען אויך דיריגענט פון כאָר ביי דער „קולטור־ליגע״, א כאָר וואָס האָט באַשיינט בונדישע אונטערנעמונגען אין וואלבראָם און אויף ראַיאָן־צוזאַמענפליען. זיין גאַנצע משפחה, זיין פרוי, וואָס האָט געשטאַמט פון די מאָנעטאַס,ביידע שוועסטער, רוזשע און טאובע, זיינען געווען אקטיוו אין „בונד״ און ספּעציעל זיך אויסגעצייכנט ווי הויפּט־ראַליסטן אין דעם דראַמאַטישן קרייז ביי דער „קולטור־ליגע״ און אין כאָר. אלע אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשע רוצחים.

ש. יוטקעוויטש, פון פאַך א שניידער, אַן ארבעטער־אינטעליגענט, א שיינרעדנער. פאַרנומען פאַרשידענע אמטן אין דער בונדישער באַוועגונג. געווען פאָרזיצער פון דער „קולטור־ליגע״, קרייז־פירער, רעפערענט, קאַנדידאַט אויף בונדישע ליסטעס בעת וואַלן. פאַרן קריג אריבערגעפאָרן קיין קעניגסהוטע, אויבערשלעזיע, און דאָרט אומגעקומען ערגעץ ווו אין א דייטשן לאַגער.

לייבוש ליכטיג, א שניידער פון פאַך. א טעמפּעראַמענטפולער יוגנט־טוער. געווען פאָרזיצער פון דער בונדישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „צוקונפט״, פאָרזיצער פון דער וואלבראָמער אָפּטיילונג פון פּראָפעסיאָנעלן באַקליידונגס־ארבעטער־פאַריין, ווען דער „בונד״ האָט דעם פאַריין איבערגענומען. געשטאָרבן יונגערהייט פון טובערקולאָז. בעת זיין לוויה, וואָס האָט זיך פאַרוואַנדלט אין א דעמאָנסטראַציע — דער עולם אָן היטלען, מיט רויטע פענער — האָט די חברה־קדישא געמאַכט א סקאַנדאַל און האָט געדראָט נישט מקבר צו זיין דעם מת.

די ברידער ראָטמענטש, די ברידער מאָנעטאַ, וואָס האָבן אָנגעפירט מיט דער טעטיקייט פון ספּאָרטקלוב „מאָרגן־שטערן״, די פּולטאָראַקס, וואָס זיינען געווען די אָנפירער פונעם „סקיף״, רייזל שטאַרכאַן, ענדזל רודזין, — זיי אלע זיינען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשע בעסטיעס.

די אלע דערמאַנטע חברים זיינען געווען דער אקטיוו פון דער בונדישער באַוועגונג אין אלע אירע צווייגן. דאָס זיינען געווען די מענטשן, דאָס איז געווען די סביבה, דאָס איז געווען די אַטמאָספער, וואָס איך האָב געטראָפן קומענדיק אין מיין היימשטאָט. אלץ האָט זיך דאָ געענדערט דורך דער צייט, וואָס איך האָב געלעבט מחוץ וואלבראָם ווי אַן ארבעטער אין סאָסנאָווצע. איך האָב געטראָפן אין וואלבראָם אַן אקטיוו געזעלשאַפטלעך לעבן, שאַרפע צווישן־פּאַרטיי־קאַמפן, א פאַרביטערטן געראַנגל צו געווינען דעם יונגען דור, צו באַהערשן די צוויי פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען — דעם נאָדל־ און דעם לעדער־פאַריין. איך בין אריינגעצויגן געוואָרן אין דער בונדישער ארבעט, וואָס האָט זיך גענויטיקט אין וואָס מער אקטיווע טוערס.

די „קולטור־ליגע״, דער „בונד״ האָבן געהאַט דעם לאָקאַל אויף דער שטילער מענצאַרסקי גאַס, ווו מען האָט זעלטן געזען דורכגיין א מענטש. נאָר איינצלנע מענטשן האָט מען יאָ געקאָנט זען, וואָס זיינען געגאַנגען צופוס צו דער באַן און פון דער באַן, ניט קאָנענדיק זיך דערלויבן דאָס פאָרן (מיטן הויפּט־וועג, מיט לייבס, משהס אָדער מיט עזורס פערד און וואָגן. אין אָוונט אָבער, נאָך די ארבעטס־שעהן, האָט זיך דאָס פנים פון דער גאַס געביטן. יוגנטלעכע אין די צענדליקער גייען אין ביבליאָטעק טוישן זייערע ביכער, הערן א לעק־

ציע, באזוכן זייער קרייז, קומען אויף פראָבעס פון דראמאטישן קרייז אָדער כאָר אין די לאָקאלן זיינען איינגעפירט דיזשורן ביי דער ביבליאָטעק, ווו עס זיינען טעטיק טאָובע וויסאָקע, ענדזל רודזין, משה ראָטמענטש, מיין שוועסטער פייגעלע, וואָס איז א צייט אויך געווען סעקרעטארין פון דער „צוקונפט״ (איצט אין דרום־ראָדעזיע). אין א זייט, ביי א טישל, זיצט א ספּעציעל באשטימטער מענט, צו וועלכן די נייע לייענערס קומען נאָך אן עצה וועגן ביכער צום לייענען, זיך דורכ־צושמועסן און באקומען אויפקלערונגען וועגן דעם, וואָס זיי האָבן געלייענט. אין א צווייטן זאל א לעקציע, א זיצונג, א פּראָבע. די יוגנט האָט באקומען אן אינהאלט אין לעבן, אן אידעאל. און אין א שבת, א יום־טוב, ווען ס'איז א שיינער טאָג אין דרויסן, געפינען זיך אלע אויף די פעלדער און אויך דאָ — מען לייענט ביכער, מען דיסקוטירט. דאָס גאנצע געזעלשאפטלעכע לעבן איז קאָנצענטרירט אין סקאלער־אָלקושער וואלד. דאָרט זאמלען זיך די קרייזן, דאָרט קומען פאָר די ספּאָרט־איבונגען. אין א פריען פארנאכט אין מארק, אויפן טראָטואר לעבן האָכערמאנס און קאמינסקיס הייזער, — די גאנצע וואלבראָמער יוגנט שפּאצירט, עס איז אוממעגלעך זיך דורכצושטופּן אין דער ענגשאפט. דאָ אויך — מען דיסקוטירט, מען אמפּערט זיך.

די וואלבראָמער בונדישע אָרגאניזאציע איז געווען אָנגעשלאָסן אין זאגלעמביער־קראָקעווער־טשענסטאָכאָווער ראיאָן־קאָמיטעט. זי האָט זיך באטיי־ליקט אין אלע זיצונגען און קאָנפערענצן פון ראיאָן־קאָמיטעט, אין אלע אויספלוגן, צוזאמענפאָרן און צוזאמענפליען. די וואלבראָמער אָרגאניזאציע איז געווען



א גרופּע וואלבראָמער בונדיסטן אויף א זומער קאָלאָניע
פון יוגנט בונד „צוקונפט״

פאַרטראָטן מיט א גרעסערער גרופּע אויף דעם לאַנד־צוזאַמענפֿלי פֿון דער בונדישער יוגנט־באַוועגונג אין פּוילן, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין וואַרשע, שבֿועות 1932, און געפֿאָרן אהין מיט א ספּעציעל געדונגענעם אויטאָבוס. ווען דער זאַגלעמביער ראַיאָן־קאָמיטעט האָט, לויט דעם מוסטער פֿון די גרעסערע בונדישע צענטערן, אַרויסגעפֿירט די יוגנטלעכע אַרבעטער אויף פֿיר וואָכן אויף דער פֿרייער לופֿט, צווישן בערג, וואַלד און וואַסער, און איינגעאָרדנט די זומערדיקע „צוקונפֿט־לאַגערן", האָט אויך וואַלבראָם געשיקט גרעסערע גרופּעס קיין ראַד־וואַנאָוויץ, קאַלוואַריע, סאָלצע. אין די בעסקידן און טאַטרען האָבן אָפּגעהילכט דער גאַנג און דאָס געזאַנג פֿון דער וואַלבראָמער יוגנט.

ווי אין אַלע פּראָווינץ־שטעט, אַזוי אויך אין וואַלבראָם, ווען די יוגנט וואַקסט אונטער, וויל מען זיך אַרויסרייסן אין די גרויסע שטעט, מען זוכט אַרבעט אין כזשאַנאָוו, קראָקע, אין אויבערשלעזיע און אין זאַגלעמביע. די וואָס פֿאָרן אַרויס פֿון וואַלבראָם, ווערן ניט פֿאַרלאָרן פֿאַרן געזעלשאַפֿטלעכן לעבן. זיי ווערן אַקטיווע טוערס, ווי למשל, זאַנאַבענד אין קראָקע, מאָנעטאַ אין כזשאַנאָוו און דער גרעסטער טייל ווערט אַקטיוו אין זאַגלעמביע. מען טרעפֿט די וואַלבראָמער ווי פֿירער אין אַלע פּאָליטישע גרופּירונגען.

איך דערמאַן זיך א כאַראַקטעריסטישן עפּיזאָד. עס איז פֿאָרגעקומען א ראַיאָן־קאָנפֿערענץ פֿון אַלע פּראָלעטאַרישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס אין זאַגלעמביע וועגן א געמיינזאַמער ערשטער מאַי־אונטערנעמונג. עס זײַנען געווען פֿאַרטראָטן די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס פֿון „בונד", קאָמוניסטן, „טור", (פּ.פּ.ס.־יוגנט), פּועלי־ציון לינקע און רעכטע, החלוץ. די איינציקע אָרגאַניזאַציע, וואָס צווישן אירע פֿאָרשטייער זײַנען נישט געווען קיין וואַלבראָמער, איז געווען דער „טור". אַלע אַנדערע אָרגאַניזאַציעס זײַנען געווען פֿאַרטראָטן מיט דעלעגאַטן, וואָס האָבן באַקומען זייער דערציאונג און זײַנען רײַף געוואָרן אין דעם שפּעריש״ן וואַלבראָם, צווישן זיי דער העלדישער טוער פֿון דער אונטערערדישער באַוועגונג אין זאַגלעמביע, שפּרינגער. אויך אין דער פּראָפֿעסיאָנעלער באַוועגונג אין זאַגלעמביע, אין נאָדל־פֿאַריין און אין האַנדלס־אָנגעשטעלטן־פֿאַריין, זײַנען געווען וואַלבראָ־מער, ווי יצחק און רייזל שטאָרכאַן, יעקל סקאָוראָן, וויגדער נונבערג, חנה און רחל בערי און אַנדערע. די צוויי פֿאַראַנטוואָרטלעכע רעדאַקטאָרן פֿון די געזעל־שאַפֿטלעך־פּאָליטישע אויסגאַבעס פֿון האַנדלס־אָנגעשטעלטן־פֿאַריין זײַנען געווען וואַלבראָמער — נחום כאַבע, איצט אין פּוילן, און אַלטער נונבערג, איצט אין אַמעריקע.

דאָס לעצטע מאָל פֿאַרן מבול האָב איך פֿאַרבראַכט מיט דער גרופּע וואַלבראָמער אין דעם „צוקונפֿט־לאַגער" אין די בערג זומער 1939. איך האָב ווי א קאָמענדאַנט פֿון לאַגער געפֿירט א גרופּע אויף דעם באַרימטן באַרג אין די בעסקידן, באַביע־גורע, וואָס האָט זיך געגרעניצט מיט דער שוין דעמאָלט דורך דײַטשלאַנד אָקופּירטער טשעכאָסלאָוואַקיע. דאָרט, אויפֿן באַרג, האָבן מיר געזען סימנים פֿון אָנקומענדיקן וואָלקנבראָך. א סך מיליטער אין פֿולער באַוואָפֿנונג, מיט לײַכטע און שווערע קריגס־מכשירים, באַוואַכן יעדע באַוועגונג. שטעכיקע דראָטן פֿאַרצוימען דעם וועג, וואָס פֿירט צו דער טשעכישער גרעניץ. מען וואָרנט



משפחת יוסף ברוך יזרעאלי
די פאמיליע פון יוסף ברוך יזראעלעוויץ

אונדז מיר זאָלן נישט מאכן קיין טומל, נישט גיין נאָענט צו די דראָטן אד״גל. קיינער פון אונדז האָט זיך דעמאָלט נישט פאָרגעשטעלט, אז דאָס איז דאָס לעצטע מאָל אין לעבן, וואָס מיר פארברענגען אין א זומער־לאגער, אויף דער פרייער לופט, ווי וואנדערנדיקע, זינגענדיקע, פריילעכע יונגע מענטשן.

מיר אלע האָבן דערפילט די ברוינע שמוציקע טריט פון די דייטשע האָרדעס, וואָס האָבן עטלעכע וואָכן שפעטער אדורכמארשירט די גרענעץ דורך באביע גורע און די גרעניצן פון פוילן. נאָר יחידים האָבן איבערגעלעבט דעם חורבן. עס איז דער הייליקער חוב פון די לעבן געבליבענע צו דערציילן ווי אזוי עס האָט געלעבט א וואונדערליכע יוגנט, וואָס איז אויף אזא בארבארישן אופן פארשניטן געוואָרן דורך די דייטשע רוצחים.

# רשמים וזכרונות

פייבל שניצר

## משוט בוולברום עיר החרבה

בסיור דמיוני על פני הקהילה היהודית בעירנו וולברום עובר אני בהוצותיה ומסתכל בסימטותיה ומתעכב ליד כל בית ודירה יהודית ומעלה בזכרוני את חייהם, מצבם המשפחתי, עיסוקם ופעולתם הצבורית של מכירי וידידי. מתחיל אני ברחוב הראשי, רחוב קרקוב, ומהבית הראשון של הניך לנדוי הבורסקאי ומשפחתו. הם היו אנשי עמל ובעלי מרץ, ובמרצם ובעמלם פתחו את בית־המלאכה, הכניסו בי מיכון והפכוהו לבית־חרושת מודרני והעסיקו מספר פועלים. הניך היה פעיל בעניני צבור. שנים רבות היה חבר בועד הקהילה היהודית וגם נציג במוסדות העיריה. היו לו שלשה בנים ושתי בנות. בֵּתו היה בית ציוני, והתרומות לקרנות הציוניות היו לחם הוקם. הם היו מחולקים בהשקפתם הציונית. הניך היה נוטה לכלל־ציונות. בתו הבכורה ובעלה חיים דוד פיגנבלט היו פעילים באגודת המזרחי. שני בניו אברהמלה וירמיהו היו בנעוריהם פעילים בפועלי־ציון. כל ימיה היתה משפחת לנדוי נאמנה לחזונה הציוני, בלי לזכות להגשמתו, כי נשמדו על ידי רוצחי עמנו. שני נכדי הניך, בנו של חיים דוד פייגנבלט ובת בתו לאה הצליחו להינצל מצפרני הרוצחים ונמצאים בארץ.

גציל קורנפלד היה זה יהודי מסורתי וילדיו לא סטו מדרכו. הוא היה איש פיקח ובקי בהלכות המשפט, ידע את כל החוקים ויעץ ליהודים כיצד לנהל את משפטיהם, וכן היה מופיע לפעמים בשמם בבית־המשפט. ידע לכתוב בקשות וערעורים ושימש כיועץ ליהודים בענינים אלה. כולם הושמדו בידי הצורר הגרמני הנאצי.

שלמה האופה ובניו. הם היו אנשי עבודה ועמל. ביגיע כפיהם אכלו את לחמם. יהודים פשוטים ומקובלים על כל תושבי העיירה. ממשפחתם לא נשאר זכר, ואין מי שידליק נר זכרון לנשמתם.

הרופא היהודי הד״ר איזנשטט. הוא היה רופא כללי טוב, בעל פרקטיקה עשירה, ומכובד על כל תושבי העיר והסביבה, לרבות על בלתי יהודים. הם העדיפו להזמינו בשעת מחלות על פני הרופא השני הבלתי־יהודי. מוצאו ממשפחה יהודית פשוטה ועממית, והוא הלך בעקבותיה. אחרי מות הוריו שכר לו יהודי אדוק לומר קדיש לזכרם, וליום מותם היה נוהג לבוא לבית־המדרש להזכיר את

נשמתם ולהגיד בעצמו קדיש באותו יום. היה ציוני נלהב, התענין בבעיות עמו בכלל ובבעיות היהודים בעיירה בפרט. אשתו רופאת־עינים היתה. את שתי בנותיו חינך בדרכו. הנאצים הגרמנים במגמתם להגשים את מטרתם הרצחנית לא הבדילו בין יהודי אקדמאי ופועלי או בין מתבולל לציוני, ויד רצחנית זו רצחה את כולם.

בעלת האכסניה פייגלה גולדברג. כאן רותקה מחשבתי למקום זה, כי חלק משנות נעורי בליתי בבית זה, ועז רצוני לחדור פנימה ולחפש לא רק את ילדי חיים דודל, את בנו הבכור אפרים עם בני משפחתו, חיהלה עם בן זוגה זונדל קורלנדר, את בעלת־הבית פייגלה גולדברג הפקחית עם בן־זוגה שמעון שלנסקי שאתו עברתי כברת דרך בנעורי, אלא מחפש אני גם את הנוער המתקדם שהתאסף כאן כמעט ערב ערב, שבת בשבת ובחגים, וגולל אני בדמיוני יריעה אחרי יריעה של זכרונות מהימים ההם, את השיחות והויכוחים על נושאים ספרותיים ופוליטיים שהתנהלו כאן, השירים שנשמעו, הבדיחות שהשמיע הליצן שמואל ישעיהו קיבקר־ביץ, המרצים והנואמים והמקהלה והתיאטרון שהתאכסנו כאן, הסוכנים היהודים שבאו לעירנו להציע את סחורותיהם. מחפש אני בבית הזה את חברי וידידי משכבר הימים, את חיימלה לובלינג עם בת־זוגו טובה לויט ושני ילדיו, את דבורה צוקרמן עם בן־זוגה ראובן ויסוקי וילדם, את בן דודי ישראלקה שניצר. זוכר אני את חברתי פייגלה לפני נשואיה ואת חברי וידידי היקר שמעון שלנסקי, ועוד זכרונות דומים שבשעתם העשירו את תוכן חיינו. וגעגועים נפשיים תוקפים אותי על חברי וידידי היקרים שלעולם לא אפגש אותם ולעולם לא אראה אותם. בחלומותי הם מנעימים לי את שנתי ובהשכימי להקיץ הם מדאיבים את נשמתי, כי הם אינם בחיים, ונשמדו בידי צוררי היהודים.

מלך פצנובסקי, בעל בית־חרושת לסבון, נמנה עם עשירי עירנו. נוסף לזה היה בעל רכוש של נכסי דלא ניידי. בשכבו חולה במטתו בא חייל גרמני לסחבו לעבודה. אשתו, ברצותה להגן על בעלה החולה, השתטחה עליו במיטתו. ואז שלפה המפלצת בצורת אדם אקדחו וירה בשניהם שנהרגו במקום. ועודני שקוע במחשבתי על הרצח הנתעב של מלך פצנובסקי ואשתו שרצחו בדם קר.

איטשה האופה היה עטור זקן ארוך וסמיך שכיסה את כל פניו. היו לו שלשה בנים ושלש בנות. שתי בנות ובן אחד (שמו היה אלטר) היו שמנים מחוץ לדרך הטבע. אלטר הצטיין גם בכוח רב. היה סוחר קמח, והיה מספר על כוחותיו בהיותו צעיר שאז היה לוקח שק קמח תחת בית שחיו כקופסת גפרורים. כוחותיו עמדו לו גם אחרי שהגיע לגיל העמידה, כשהיו לו כבר נכדים. הגרמנים הסדיסטים רצו לשעשע עצמם בכוחותיו, היו סקרנים לדעת, לכמה כדורי־רובה זקוק יהודי בעל כוח כזה כדי ליהרג. הוציאוהו לכיכר ובפני קהל התחיל המשחק הטראגי בחייו של אלטר השמן ובעל הכוח. ירו בו כדור אחד ונשאר חי. ירו בו עוד ששה כדורים, עד שהיה מוטל על האדמה, אך נשמתו טרם פרחה. נטלו הסדיסטים הגרמנים ילד יהודי ושמו אותו על בטנו וירו גם בו. הכדור יצא מהילד וחדר לגופו של אלטר, ושניהם הוציאו ביחד את נשמתם. הדי יריות כדורי־רובה של המרצחים בשני הקרבנות החפים מפשע מלווים אותי בסיורי האבל הזה.

בסימטה הצדדית היה גר משה העגלון (בכינויו „משה קוטלורז״) עם יתר היהודים. הנה היה כאן המזנון של אהרן וינשטין (המכונה „אהרנדל הנקניקן״) שלנקניקיו יצאו מוניטין בכל מחוז קיילץ לא רק בגלל הכשרות אלא גם בגלל טבעם המשובח וטעמם הטוב. גם הגויים שבעיר העדיפו את נקניקיו אף־על־פי שהיו ביוקר.

יענקלה רויכר ע״ה. הוא ומשפחתו עברו לגור לעיר סוסנוביץ, ובדירתו היה יושב מלך זילברברג ז״ל, בנו של הרב המקומי שלמה אלעזר זצ״ל. היתה לו אשה ושתי בנות, עסק במסחר של אריגים ופירנס את משפחתו בכבוד. היה מקובל מאד על הבריות. שודדי עמנו שדדו ממנו את כל רכושו ובחיפושים אחרי ביזה נוספת מצאו חתיכת בד שהסתיר על כל צרה שלא תבוא. בעד פשע זה תלו אותו התליינים הגרמנים בחזית ביתו והשאירו אותו תלוי עד שהעורבים נקרו את עיניו ואת חלקי פניו.

וולוויל אלטר ואיסר זלצמן. הם היו בין אצילי ועשירי העיר. ביתם היה היפה בכל בתי העיר והדירות מרווחות ומרוהטות בטיב טעם יהודי מסורתי. בדירתו של איסר זלצמן גרה היום המלומדת המשומדת אסתר גולד עם בני משפחתה. הם מתפארים שקנו את הבית הזה בפרוטות.

בכניסה לחצרו של בית משפחת ארליך התעכבתי ליד הבית הבודד מצד ימין, שזה היה הקלויז דחסידי גור, וגוללתי בזכרוני את הימים שאחי המבוגר יענקל למד אתי כאן בערבים את המסכתא דבבא בתרא. לא רק אנו לבדנו למדנו כאן, למדו עוד בחורים עם פיאות מסולסלות ומוסתרות מאחורי אזניהם וחתימת זקן על סנטרם, ולא רק הם, גם אברכי משי שהיו מסובים על שלחנות חותניהם למדו כאן וגם יהודים למדו, שרצו לרומם את רוחם אחרי יום עיסוקם בדברי חולין, ובאו לכאן לרוות את נשמתם בדף גמרא. כעת שקט בקלויז דחסידי גור. אין כאן שום תנועה. לא לומדים כאן ולא באים להתפלל מנחה ומעריב במניין. חסידי גור אינם עורכים כאן את מצוות שלוש הסעודות בשבת בצוותא. היום גרה כאן גויה זקנה ומחזיקה בארון ספרים את מטלטליה. והדמויות שמצאו כאן את פורקן נפשן עולות בזכרוני אחת אחת. עודני זוכר את שמותיהן עם הדרת פניהן עם זקניהן המטופחים, בניגוד לחסידי אלכסנדר. את מנדל דוד סטשבסקי, חנוך רובינסקי, אפרים לובלינג ועוד. וגם חנוך ארליך שמת כמה שנים לפני השואה עוד חרות בזכרוני.

הנדיל היה בנו של אברהם מרדכי ארליך, ואף על פי שמוצאו היה ממשפחה אצילה ומיוחסת, היה הוא עניו בהליכותיו ובהתנהגותו, מוחל על כבודו, מוצא ענין בשיחה עם כל יהודי והתענין בבעיותיו. הוא גם דאג לעניני הצבור היהודי בעירנו. היה נציג קבוע במוסדות העיריה וניהל שם מאבק קשה ובלתי פוסק על זכויותיהם של היהודים ונגד קיפוחים והפליות כלפיהם. לחם נגד הטלת מסים שיפגעו רק ביהודים. היה חביב ונערץ על כל שכבות קהילתנו, וגם היה מכובד על האוכלוסיה הבלתי יהודית. בנפש דואבת עוזב אני את הקלויז ופוסע לאט בחצרו של אברהם מרדכי ארליך ומציץ לתוך מעונו הנאה (שכעת הוא משמש לתחנת משטרה) ועובר גם על הסוכה שאורכה כ־20 מטר. בסוכה זו ישבו בחג הסוכות כל דרי חצר זו, וכל בעל־בית הביא עמו אורח משלו לסעודת החג. עכשיו היא שוממה ומוזנחת ואין מי שיטפל בה. הילדים אינם שיקשטו אותה, וגם היהודים שקיימו את מצוות ישיבה

בסוכה אינם. נשמדו כולם. ובמחשבות עצובות יוצא אני את השער הראשי ומגיע לכיכר השוק.

שם, בככר השוק, עברתי את חנות העורות של שכנא שוורצבוים, כי נמשכתי למשפחת וועלגרין. אברהם וועלגרין ע"ה היה יהודי בעל מסורת, נעים הליכות ונוח לבריות. היתה לו חנות לעורות, גם ילדיו עסקו במסחר זה אחרי נשואיהם. הנה בת הזקונים רבקה שהתאהבה במשה צוקרמן, אף כי ששידוך זה לא היה לפי רוח הוריה, אף על פי כן לא הפריעו לה להנשא לו. יתר דיירי הבית הזה היו יוסלי הצורף עם משפחתו, איציקל לעזירגין החייט. מכל משפחתו הצליחה להנצל בת אחת הנמצאת בישראל, וגם הרשל בידלובסקי, יהודי פיקח, עסקן צבורי שדאג לכלל צבור יהודי בעירנו, חביב ומכובד על קהילתנו. ממשפחתו נשאר רק בן אחד, משה, הדר בירושלים.

אחרי החנויות היהודיות נמצא הבנק של בעלי מלאכה זעירים. הבנק הזה נוסד על ידי בעלי מלאכה זעירים בעירנו, ובמרוצת הזמן התפתח ונעשה לבנק חשוב בעירנו. המחזור הכספי השנתי הגיע לממדים גדולים. בבנק הזה עבד בן דודי עוזר שניצר כקופאי.

עוזר, שהצליח להתחמק מצפרני הרוצחים הנאצים התחבא במקומות שונים, במקום שאכל לא לן, ובמקום ששתה לא נח, וחי בפחד תמידי לא רק בפני הגרמנים אלא גם בפני הגויים. כקול עלה נדף היה הפחד שלו. אזלו כוחותיו. אפסו תקוותיו ונפל ברוחו ובשנת 1944 מסר המסכן את עצמו לידי הרוצחים הגרמניים, ובאושוינצים מצא את מותו.

בסיורי העצוב בככר השוק עובר אני על פני החנויות שרובן היו יהודיות. זוכר אני עוד את מצבן הכלכלי, אלו שהתפרנסו בדוחק ונאבקו על קיומם ואלו שהתפרנסו בשפע. אני נגש לחנות פירות של קרובי יעקב גבלהס (נקרא על שם אביו). גם חנות זו נקראת על שמו, אביו וולוולי־הירש שמת שנתיים לפני השמדת היהודים בעירנו, היה יהודי תורני וירא שמים. כל שנותיו כיהן כגבאי של חברה קדישא בעירנו ולאו כל בר מנין זכה לטיפולו הבלעדי. הוא טיפל רק במיוחסים גדולים, חסידים ולומדי תורה. בנו עוזר היה אופה, וחזקה היתה לו לאפות מצות לקראת חג הפסח לכבוד החג. הוא לא היה האופה היחידי שאפה מצות, אלא המצות שלו היו מהמפורסמות בכשרותן. אבי ע"ה מימיו לא אכל בחג הפסח אל את מצותיו של עוזר גבלהס. אביו בכבודו ובעצמו השגיח על כשרותן והביקוש למצות שלו היה רב. בערב חג הפסח היו נוהגים חסידי העיר לאפות אצלו מצות שמורה. כל חוג של חסידים אפה לחוד, והביא עמו קמח שמורה בכד חרס תוך השגחה קפדנית. והם בעצמם לשו את הבצק ועשו את המצות, ובשיר מזמור תפילה להלל ליווה את מלאכת מצווה זו. היום חדל לאפות מצות עוזר גבהלהס ויהודי וולברום אינם קונים מצות, וגם החסידים אינם מקיימים את אכילת מצות שמורה בלילות סדר, כי הם נשמדו על ידי רוצחי עמנו, ככה נעקרו יהודי וולברום עם מסורתם הנאה שהוסיפו להם תוכן לחייהם. מעזר גבלהס ניצל בן אחד דוד־יצחק הנמצא בישראל, ונכדו של וולף הירש. עוזר דוד רוטמנש יחד עם אברהמלה זילברברג היו בין הקרבנות האחרונים בעירנו, אחרי שרוצחי

שודדי עמנו נטלו מהם כופר נפש, זהב ותכשיטים, ירו בהם וככה נסתם הגולל על חיי יהודים בעיר וולברום שנמשכו קרוב ל־600 שנה.

נזכרתי גם באופה מהצד השני של הככר, בטוביה רינשטיין. הוא לא אפה מצות אלא כל ימות השנה אפה כעכים שיצאו להם מוניטין בטיבם המשובח בכל הסביבה. בתחנות ובקרונות הרכבת השמיעו הרוכלים היהודיים צעקות ביידיש „כעכים דוולברום" (וואָלבראָמער בייגעל). את הכעכים אפו האופים היהודיים בשעה מאוחרת של לילה בכדי שליציאת הרכבת הראשונה יהיו כעכים טריים. בלילות חורפיות כשהכיכר היתה עטופה עלטת הלילה, בקע רק האור מבעד לאשנב מרתפו של טוביה ושם היה גם דר עם משפחתו. שומרי לילה ושוטרים נהגו לרדת בלילות אלו למרתפו לחמם את גופם. גם נוסעים שהקדימו בבואם להעגלונים שיסיעו אותם לתחנת הרכבת ירדו מטה וטעמו מהכעכים הטריים. טוביה חי בדוחק. הוא לא נעזר על ידי שוליות אלא על ידי אשתו מלכה רחל הקצאפשע, בתו של יחיאל המכונה קצאַפּ. הנוער הפרולטארי קרא לה „האם". את הכנוי הזה לא העניקו לה עקב העובדה שילדה 17 ילדים, אלא לפי ספרו של הסופר הרוסי מקסים גורקי. ילדיה היו פעילים במפלגה הקומוניסטית הבלתי חוקית והיא שתפה פעולה עמם בכל. החביאה את החומר הבלתי ליגלי שהביאו הביתה לפעולות. ולא רק זה. גם הסתירה והאכילה את השליחים המחוזיים שהגיעו לעירנו לארגן את הפעולות הבלתי חוקיות, והבלשים עקבו אחריהם. למשטרה היתה ידיעה על מעשיה ולעתים תכופות ערכו חפושים בביתם, אבל הם העלו חרס. הם הושיבו את בנה יעקב מנדל ואחרי כן את בנה השני מאיר בבית הסוהר, עינו אותם, אולם הם לא הודו. בית המשפט לא יכול להוציא נגדם פסק דין, כי המשטרה לא הביאה נגדם הוכחות העשויות להעיד על אשמתם, ולבסוף שוחררו. הדבר הלך ונשנה מדי פעם לפעם. המשטרה היתה חסרת אונים ושלחה אותם למחנה עינויים לקרטוז ברזה. מתוך רוב עינויים נחלשה השמיעה של יעקב מנדל. אולם הוא לא נכנע. מחושל ברוחו ובאמונה בצדקת דרכו המשיך לפעול למען חזונו, כי היה בטוח שימיו של המשטר הזה ספורים. האם מלכה רחל בגבורה אמהית וברוח שקטה נשאה בלבה את סבלה היא ויסוריהם של ילדיה, כי האמינה שלא רחוק הוא היום בו תקבל גמול בעד מעשיה וסבלה. אבל לא זכתה לכך, כי נשמדה יחד עם יתר נשי עירנו. גם ילדיה לא זכו לראות בהגשמת חזונם הנכסף שלמענם הקריבו את מיטב שנות נעוריהם. בפרוץ המלחמה נמלטו לברית המועצות ושם מתו ממחלת טיפוס. נשארו בחיים רעיתו של יעקב מנדל, זיסל וייסמן, וגם בעל בתה רבקה, חיים רוטמנש, שהיו ביחד אתם. וכה ניתק הפתיל של חייהם הצעירים, ותהיה נשמתם צרורה בצרור חיינו.

והנה הרחוב ליסטופאדובה, או כפי שהיה נקרא על ידי היהודים „רחובו של הרב", כי הרב המקומי רבי שלמה אלעזר זילברברג זצ"ל היה גר שם. התעכבתי על יד ביתו, ואני מעלה בזכרוני את סגולות אישיותו. אם לדבר על קיומן של סגולות אישיות ומידות נעלות אצל אנשים, כגון צניעות, ענווה, תמימות. כל המידות האלה וכדומה התגשמו באישיותו. הרב היה תלמיד חכם גדול ומפורסם בכל סביבתו. יהודים של הסביבה העדיפו לבוא אליו לדין תורה או לסדר סכסוך כל שהוא ביניהם, במקום לפנות לרביים משלהם. לרב היו הרבה

צרות ודאגות פרטיות במשפחתו. נוסף על כל אלה נשא גם על שכמו את דאגת קהילתו. הוא בא לעזרה לאלה שירדו מנכסיהם בכדי להחזירם שוב למקור פרנסתם. הוא דאג לעניים שיהיה להם לחורף פחם להסקה ולקמחא דפסחא לכל דכפין. ביד נדיבה וברחב לב חילק נדבות לעניים ומתן צדקה לנזקקים. על שולחנו היו תמיד מסובים אורחים קבועים וארעיים. משרתו לא הספיקה לו לכסות את ההוצאות הרבות שהיו לו. הוא מכר את הבית שקבל בירושה מהוריו ואיזן על ידי כך את תקציבו. כשהגרמנים כבשו את עירנו היה הוא כבר איש בא בימים, צנום, רזה וחלש בגופו. והם לא חסו על כבודו ועל בריאותו הרפה ועשו אותו ללעג ולקלס. ציוו עליו יחד עם יהודים נכבדי העיר לטאטא את חוצות העיר. ובחיסול הקהילה היהודית בעירנו הובילו אותו הגרמנים לקרון שהיה מיועד למשלוח היהודים להשמדה ויחד עם קהילתו מצא את מותו במחנה ההשמדה בלזשיץ.

הנה ביתו של אנשל מלמד. הוא לימד נערים גדולים שרובם הגיעו לבר מצווה וידעו ללמוד דפי גמרא עם תוספות. כשנתיים למדתי אצלו. היו לו חמשה בנים ובת יחידה חרשת אלמת והיתה מוצלחת בכל. חרות בזכרוני בנו איטשה־יחזקאל שהיה בחור שקט ומצניע לכת, משונה ומוזר באופיו. בשיחה בחברה אהב לתבל את שיחותיו במליצות ובבדיחות, אבל בבדידות. היה רציני ומכונס בתוכו. היה חביב ונערץ על כל יודעיו. ממשפחת אנשל גליבטר הצליח להינצל מצפרני הנאצים בן זקוניו יענקל הנמצא בישראל.

הנה מגוריו של יענקל החובש. גם אביו הרשל היה חובש. על יענקל מסופר שבנעוריו עד לגיל 18 שנה היה בין חובשי בית המדרש ושקד בלימודי תורה. ביום בהיר אחד עזב את העיירה ונסע לעיר המחוז קילץ ובילה שם שנתיים, הוא חזר משם לבוש חליפה קצרה וגם הביא עמו תעודת תואר של חובש מוסמך. יענקל הצטיין במקצועו ונעשה למומחה ובמיוחד למחלות ילדים. הרופאים כיבדו אותו וגם התייעצו עמו במחלות ילדים שונות. הוא גם הצטיין בעקירת שניים. עקר שניים חולות בלי לגרום כאבים. היה חביב ומכובד על כל האוכלוסיה בעירנו, לרבות הגויים ובני הכפר. הגויים קראוהו מתוך חיבה „יענקעלע״. היה עוד חובש אחד בעירנו — גוי. אבל אליו התיחסו בזלזול. את יענקל העדיפו גם על פני הרופאים. טעמם היה עמם, כי לא הקפיד על המחיר בעד הביקור אצל החולה. גם אחותו היחידה מינדל בהיותה כבר בחורה מבוגרת הלכה בעקבות אחיה ונסעה לעיר קילץ ורכשה שם מקצוע כמיילדת והיתה המילדת הטובה ביותר בסביבתנו. היא לא שלטה די צרכה בשפה הפולנית, אבל זה לא הזיק לפרסומת שלה. היא היתה מוכרת ומכובדת בכל הסביבה, לרבות הבלתי יהודית. גם הרופאים התייחסו אליה בכבוד בתור מומחית במקצוע. מינדל המילדת נשמדה יחד עם יתר הנשים היהודיות בעירנו, ויענקל היה בין האחרונים היחידים שנשארו אחרי חיסול קהילת וולברום. הובילו אותו ואת יתר היהודים מחוץ לעיר ונשמדו. והמקום שבו נמצאות הגופות של האחרונים לא ידוע.

אני נכנס לרובע היהודי, לרחוב בית הכנסת. גם בשפה הפולנית נקרא בשם זה. בסביבה זו אף בית אחד לא־יהודי לא היה. כאן התרכזו מוסדות הדת בעירנו,

בית העלמין הישן מלפני 250 שנה וגם הראשון בתולדות הקהילה היהודית בעיר זו. המרחץ והמקוה, שני בתי מדרשים, קטן וגדול. בית הכנסת הנאה, קלויזים שונים של חסידים, מלמדים עם חדרים דרדקאים, והזכרונות גוללות לפני יריעה אחרי יריעה של תמונות מהחיים הרוחנים של היהודים המסורתיים שמצאו כאן את פורקן נפשם. חובשי בית המדרש ששקדו על תורה, הבטלנים כגון שלמהלה הבטלן ועוד שישבו בבית המדרש באפס מעשה. היהודים שהתקבצו כאן לתפילות שחרית, מנחה ומעריב, הדרשנים שנהגו לבוא לעירנו. השבתות והחגים על תלבושתם המסורתית — קאפוטות משי עם אבנטים שלבשו בימים ההם. הדמויות המרכזיות של בית המדרש: יעקב החזן שהיה עטור בזקן ארוך ופיאות ארוכות. הגבאי שלמה הברמן שבנו משה נפל בישראל במאורעות. הבעל קורא התמידי ישעיה דוד וינדלינג, הכובען. היהודים המיוחסים שמקומם היה על יד הכותל המזרחי, פשוטי העם והסבלים ושואבי המים שישבו סביב השלחן על יד הדלת — כל אלה עוברים בזכרוני. נזכרתי גם בקרובי רבי גציל שוחט, שערך תקון חצות בביתו בו היה דר בפינה בכניסה לבתי מדרשים ולבית הכנסת. זכורני עוד את הרושם שעשה על אלה שעברו על יד ביתו בבוקר בעוד מסביב חושך ושקט ומבעד חלונו בקע אור מעששית נפט וגופו כפוף על הספר ובניגון עגום נוגע עד לב עבר על תפלותיו. במיוחד השפיע על יהודים דתיים שעברו לבתי המדרש לתפילות סליחות לפני הימים הנוראים. זוכר אני גם את הימים הללו. היהודים היו מרוכזים בבתי תפילות ופניהם היו רציניים. מלובשים בקיטלים וטליתותיהם מעל לראשם והתחננו לפני קונם למחול על עוונותיהם שחטאו בשנה החולפת. תנו לפניו את דאגותיהם ואת מר לבם ובקשו ממנו ישועות לנשמתם הדוויה. היום שקט ברובע היהודי, דממת מוות שוררת בסביבה זו, אין בה יהודי אחד. רוב הבתים נהרסו על ידי קלגסי הגרמנים. את בית המדרש הקטן הפכו לבית־חולים. ובית המדרש הגדול לאורווה, ובית הכנסת למחסן בגדים של היהודים הנרצחים, ואת יהודי העיר הובילו לטבח. מה גדול הוא הכאב. מה מר ואיום הוא הרובע היהודי שבו תססו החיים המסורתיים של יהודי וולברום במשך ששה דורות.

והנה הספריה העירונית היהודית בשם „קולטורה". אבן פינה לספריה זו הונחה בראשית תקופת התנועה הציונית הכללית בעירנו ונוסדה בד בבד עם הפעולה להגשים את התקוה הנכספת לשיבת ציון, וגם להחדיר לבני עירנו הכרה לאומית וכללית, ונתקבלו חברים לספריה אנשים שהשתייכו לזרמים שונים של ציונות וגם כאלה שטרם השלימו עם הרעיון הציוני. אלה גברו על מייסדיה והוציאו אותה מידיהם, והפכו אותה לספריה אפוליטית וקראו לספריה היהודית העירונית בשם „קולטורה". השתתפו בה כל הגורמים שבעירנו. בספריה זו היו כמה אלפי ספרים בשפות יידיש, פולנית, גרמנית ועברית, רובם ביידיש, מכיוון שהנוער בעירנו העדיף ואהב את השפה הזאת על שפות אחרת והיתה זאת שפת האם. וספריה זו שמשה כתחנה ראשונה לקראת התקדמות תרבותית וחברתית לכל שכבות הנוער. חובשי בית המדרש, אלה ששקדו על התורה, והספק הראשון התחיל לחדור למוחם והתעם בדרך לא דרך. מצאו אותה על ידי הספרים שבספריה זו. זוכר אני עוד את הפולמוס סביב ספרו של הסופר פיירברג בשם „לאן".

הנוער שעזב את החדר וגם אלה שגמרו את בית הספר הממלכתי והתחילו לצעוד לעולם הרחב הבלתי מוכר להם, מצאו את ההדרכה בספריה. השד־ליות בבתי המלאכה שהתענינו בגורלם של הפועלים ובמאבקם לשפור תנאיהם מצאו את עידודם בספריה. כל גורם פוליטי וכל שכבה שבעירנו מצאו ספרים שספקו את דעתם ורצונם. הספריה היתה פתוחה להחלפת ספרים שלוש פעמים בשבוע. פעילי הספריה הדריכו את הקוראים בבחירת ספר רצוי להם לפי רמת הכרתו האישית של הקורא. הנוער בעירנו שקע בראשו וברובו בקריאת ספרים והיה שואף דעת. הויכוחים והבקורת על נושאים שונים לא פסקו בין הנוער. הויכוח היה ער ותוסס. ועד הספריה הזמין מפעם לפעם סופרים ומשוררים שהרצו על נושאים שונים. כן שיתפה היא פעולה בכל שטחי החיים התרבותיים והחברתיים, עם האיגוד המקצועי שהיה שוכן כאן. היה קיים חוג דראמטי ומקהלה ועוד. הספריה שימשה כמרכז לתרבות בעירנו ממנה שאב הנוער את ההכרה הלאומית והמעמדית. בחיסול האיגוד המקצועי בשנת 1929 על ידי המשטרה העביר הנוער את כל מרכז פעולתו לספריה. גם הפעילות הבלתי ליגאלית. בימי החלפת ספרים המה הרחוב היהודי מהנוער שזרם לספריה עם ספרים תחת בית שחים, אלה לכאן ואלה לכאן. כעת שקט ברחוב הזה. הספריה נסגרה עוד בשנת 1938 על ידי המשטרה הריאקציונית הפולנית והחרימה את הספרים. והנוער הובל לטבח בשנת 1942 על ידי רוצחי עמנו.

---

יאָסל חריף

# דער פעטער לייביש

א ליכטל צום אָנדענק פארן פעטער לייביש אָסטרי
און זיין משפחה ז״ל און פאר קהילת קודש וואלבראָם.

טויכט אויף וואלבראָם אין מיינע זכרונות פון די קינדער יאָרן. אין וואלבראָם האָט געוווינט דער פעטער לייביש, א ייד א הארציקער און לוסטיקער, צוזאמען מיט מומע שפרינצע, א דיקלעכע גוטמוטיקע פרוי מיט קינדער דריי — עוזר מלכה און ישראל. עוזר דער בכור האָט נאָך זוכה געווען נאָך דער שריפה צו קומען קיין ישראל און בויען זיין הויז אויפסנייי. און הגם פון זיין פנים האָט געשפראָצט געזונטקייט, אלע זאפטן פון דער יוגנט, אויסגעזען געזונט און פריש, אויסגעהיטן אין זיך די רואיקייט פון די דאָרפישע וואלבראָמער לאנדשאפטן. וואָס ער האָט איינגעזאפט אין די קינדעריאָרן — האָט דאָס הארץ אויפגעהערט קלאפן אין בעסטן מיטן פון זיין לעבן. מיט א אייביקן פלאץ האָט אים באזאָרגט דער רעננה׳ער בית עלמין. דאָרט שטייט זיין מצבה ווי א פאָרשטייער פון די וואָס האָבן צו דעם אויך נישט זוכה געווען. און אזוי ווערט אראָפגעשלונגען אין דער אייביקייט

א גאנצע משפּחה, ווי א סך פארשניטענע יידישע משפּחות. א מצבה א איבערבלייב, וואָס פארשליסט, פארזיגלט א רינג אין דער משפּחה־קייט.

אנטקעגן אלע טריטן וואָס דאָס יידישע פאָלק איז מיט זיי געטויט געוואָרן, און דאָס אש צעשפּרייט איבער פעלדער און וועלדער, און ניט יידיש איז דאָרט מער די שפּראָצונג אויף זיי — ווערט פארזיגלט א תקופה וואָס וועט מער נישט צוריקקומען, פארזיגלט די וועגן פון א ביטערן גלות, וואָס האָט אין יעדן שארך משיחישע טריט געהערט. און האָט אין יעדן שארך זיין אנטפלעקונג געפילט, אָנגעשלאָסן א תקופה וואָס וועט מער נישט צוריקקומען: שטרעבונגען, האָפע־נונגען, הייסע תפילות אויף גאולה, האָט די רוצחישע לאַפּע פארטיליקט, אָפּגע־מעקט פון אונטער די הימלען.

פעטער לייביש און זיינס גלייכן, וואָס זיינען מיט די פיס אויף ערד געשטאַ־נען, און זייערע קעפּ האָבן אָנגעשפּארט אין הימלען, ווער האָט זיך געזעגנט פאַרשטעלן אז פון אחד בעיר ושנים במשפּחה זיינען ניט מער געבליבן ווי מצבות. פאַראַן משפּחות וואָס דאָס איז אויך ניט געבליבן.

אָבער דעם פעטער לייביש און נאָך הארציקע וואָלבראָמער יידן. מיט א צאפּלדיק יידיש לעבן, דערמאנען זיך מיר מיט זייערע שווערע אינדערוואָכנס, ווי שבת יום־טובדיקע יידן. די פיס אויף דער טאַרפּישער ערד, אָבער זייערע קעפּ האָבן אָנגעשפּארט אין די הימלען.

כדאי צו דערמאָנען יידישע פּרנסות, פון וואָס יידן האָבן זיך אלץ מפרנס געווען. א מאָדנע פּרנסה האָט געהאט פעטער לייביש. אויך מיט וואַקס האָט ער געהאנדלט, און אויך פארקויפט אין קלויסטערס פון דער וואָלבראָמער סביבה, וואַקס געקנאָטענעם פון בינען־האָניק פאר וואַקסענע ליכט, געשלעפּט זיך אינדער־וואָכנס איבער שווערע וועגן. און אין שבת יום־טוב־טעג געפּראַוועט יידישקייט מיט א זמר אויף די ליפּן. פול מיט בטחון.

שווער די פּרנסה און א סך צער גידול בנים. און ווען ער האָט שוין אָפּגעטאָטעמט, חתונה געמאכט די קינדער, געקאָנט זיצן א ביסל לענגער אין וואָלבראָמער בית־המדרש ביי א פּרק משניות, קהלן זיך, פּראַווען גבאות אין דער חברה־קדישא, פארציען א יום־טוב ניגון אין א וואָכן־טאָג, האָט אויפגע־שטורמט דער היטלערישער הוראגאן, אָפּגעשוואָנקט דאָס ריינע ערלעכע לעבן. ווי פון אנדערע, אויך דאָס לעבן פון פעטער לייבישס שטוב.

און איצטער האָבן אוודאי גויים געירשנט און איבערגענומען די יידישע פּרנסות, און פארקויפן ווייטער וואַקס פאר זייערע קלויסטערס.

ניט בלויז דער פעטער לייביש דערמאנט זיך, דאָס איז נאָר א אָפּשיין פון יידיש לעבן וואָס ס׳האָט זיך קיין אָרט געפונען, וואָס איז געווען פארוואָרצלט אין א טראַדיציאָנעלן פאָלקסטימליכן לעבן. און דאָך פול מיט בענקשאַפט, שווער, שווער. בארג ארויף האָבן זיי דאָס לעבן דאָס בידנע געשלעפּט, אָן א ציל און אָן א צוועק. די ערד האָט געברענט הינטער די פיס, און דער ייד איז געוואָרן די קנויט, דער אייל, דער וואַקס, פאר די שייטערהויפנס וואָס האָבן אין גיהנום־פייער אלץ פארברענט.

פארברענט דאָס הויז פון ייד אין פוילן וואָס האָט אזוי זאַפטיג געטראָגן

קערנער פון גאולה אין זיך... און זענען ממש אויף דער שוועל פון דערלייזונג געפאלן...

וועט ווידער וועקן זיך א לעבן, אויפשטיין א פאָלק. ס׳וועט בליען א מדינה, אנטפלעקן נייע כוחות. ס׳וועט אָנגעפילט ווערן אלץ מיט הייליקן ציטער, פון באנייאונג. איך פון זיי, פון די אומגעבראכטע. אָבער דאָס תמימות, די גאנצקייט, דער בטחון, דאָס גלויבן. די גוטסקייט, די אייגנארטיקייט, דער חן און פשוטקייט פון רחמים, און חסד, פון אהבת ישראל, פון לאָזן זיך באנוגן מיט אזוי ווייניק. און דאָך האָבן א סך אויסגעשפינען אזא יידיש לעבן, דאכט זיך, אז דאָס וועט שוין ניט קומען...

ווייניק איז מיר אויסגעקומען צו זיין אין וואלבראָם. פשוט ניט געקומען צו דעם. אזוי ווי אין חלום לעבט אויף פאר מי וואלבראָם פון יאר 1917, נאָך פיר יאָר אָפוועזנהייט פון מיין היים וואָס איז געווען אין סלאמניק, געפינענדיק זיך אין סאָסנאָוויץ ביי דער דייטשער אָקופאציע. פיר יאָר ניט זייענדיק אין דער היים, האָט זיך מיר פארבענקט, און אין חול־המועד פסח האָב איך זיך ארויסגעלאָזט אין וועג. מיט דער באן האָט מען ניט געקענט פאָרן. די באן איז געווען פארנומען פארן מיליטער. בין איך מיט יידישע בעלי־עגלות געפאָרן.

פארברענגענדיק די צווייטע טעג פסח אין דער היים, ווי עס האָט געהערשט די עסטרייכישע אָקופאציע, האָב איך זיך באלד נאָך פסח צוריקגעלאָזט ווידער מיט פירן איבער מיעכאָוו און וואלבראָם וואָס איז געווען העלפט וועגס צווישן סלאמניק און סאָסנאָוויץ. א שלאגסרעגן האָט גענידערט, דורכגענעצט ביז די ביינער. און אזוי בין איך אריין אין שטוב פון פעטער לייביש אָפכאפּן דאָס הארץ, און כאפּן א ביסל ווארעמקייט. גוטע צייטן געווען ווען מען האָט זיך געהיטן מער פאר א רעגן ווי פאר זעלנער... אין די וואלבראָמער געסלעך האָבן זיך געדרייט פראנץ יאָזעפס זעלנער, די הויזן פארקנעפּלט איבער די שיך, האָבן זיי געלאכט אין פנים גוטברודעריש.

דעם פעטער לייביש האָב איך אינדערהיים נישט געטראָפן. אויפגענומען מיט איר גאנצער מומישער הארציקייט האָט מיך מומע שפרינצע. אָט שטייט מיר נאָך פאר די אויגן א זויבערע דירה. א געזונטקייט האָט געשפּראָצט פון אלעם. עס האָט זיך נאָך געפילט דער פרישער קאלך פון די ווענט, וואָס מען האָט אויסגעקאלעכט אויף פסח. די הויך פארבעטע בעטן מיט ווייסע געשטיקטע קושנס און יאשעקלעך קליינינקע פון אויבן האָבן אראָפּגעקוקט מיט ריינלעכקייט. אין שלימות, ווי יעדעס פיצעלע פשוטע מעבל אין שטוב.

די מומע שפרינצע האָט דערלאנגט צום טיש הייסע מילך, וואלבראָמער געזאָטענע בייגל געפלאָכטענע און באשיט מיט מאָן. דער ווייסער טישטוך אויפן טיש האָט געבלאנקט, און מומע שפרינצע האָט געשטראלט צוליב איר אונגעריכטן גאסט.

אינצווישן האָט אויפגעשיינט די זון נאָכפסחדיק. וואלבראָמער יידן האָבן זיך געדרייט אין מארק, געשטאנען רעדלעך, ווי א המשך פון חול־המועד. און צווישן זיי דערמאנט זיך מיר א קירישער סאָלדאט מיט א בערדל. דער פאסיק איז אים געהאָנגען ווי א גארטל אויף זיינע לענד, און געשמועסט אין א גאליציאנער

יידיש מיט זייטן. א פּאָר ווערטער גערענק איך נאָך ביז היינט וואָס איך האָב עס דאמאָלס אויפגעכאפּט: „עך בין א סאָלדאט פון אונדזער קייזער זאָל לעבן, שטארק און געזונט זאָל ער זיין. עך טאָר נישט רעדן פּאָליטיק... השי״ת זאָל העלפן, מען זאָל אויסגעלייזט ווערן און אהיימגיין״. ביז היינט איז מיר געבליבן דער קירישער סאָלדאט אין זכרון, מיט זיין בטלניש אויסזען צווישן א רעדל יידן אויפן וואלבראָמער מארק. טראכט איך: ווי איז דער איבערבלייב פון זיי? אלע פון וואלבראָם, וואלבראָמער יידישקייט. דער יידישער קירישער זעלנער? דער מלאך פון פארגעסונג זאָרגט פאר אונז. אָבער זיי שווימען קאפויער אין שווער פארפלאָנטערטע חלומות, אין פריידיקע טעג, ווייל דאָס וואָס עס האָט זיך געפיקט אין פוילן נאָך יאָר 1917, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, דאָס ברויזנדיקע לעבן, דאָס געזעלשאפטלעכע און קולטורעלע לעבן, ווי עס זענען אויסגעוואקסן פארטייען. באוועגונגען. אָרגאניזאציעס, ארבעטער, א שטארקע ציוניסטישע באוועגונג, ווי דאָס פרצוף פון קליין שטעטעלע האָט זיך געענדערט.

אָט אָט האָבן זיך געהערט די שאלן פון אויסלייזונג. עס האָט אויפגעוואכט א נייער דור וואָס האָט זיך געריסן אין דער ברייטער וועלט, און אמשטארקסטן קיין ארץ־ישראל, געשטרעבט געגאנגען און נישט דערגאנגען.

אויפן רעננה׳ער בית־הקברות שטייט די מצבה פון עוזר בן לייביש אָסטרי מוואָלבראָם, פוילן. א מצבה, צו וועלכער אנדערע האָבן אויך נישט זוכה געווען. א מצבה אין ישראל, וואָס סימבאָליזירט די אלע דאָרט וואָס האָבן אין שווערן לעבן, אין ביטערן געראנגל. געחלומט, א יומטובדיקן גאולה־חלום, און נישט דערגאנגען. און פון דאָרט ארויס פון דעם פרימאָרגן 1917, שרייט א פארבאָרגענע שטים וועגן דער פאראנטוואָרטלעכקייט וואָס ליגט אויף אונז, אז וואלבראָם און אלץ וואָס זי האָט אין זיך געטראָגן, גייסטיג לכל הפחות, זאָל אויפשטיין פאר די ווייטערדיקע דורות, פארן המשך, און מיטן פנים צום וואלבראָמער ספר אריין וויינען ווי אונזערע אבות האָבן געוויינט ביי קריאת איכה. ווייל דאָס ספר איז געוואָרן א מצבה, ווי מען וויינט זיך אויס. נישטאָ קיין פעטער לייביש אין וואלבראָם, ווי די וואקסנע פרנסה, צערגאנגען צערטריפט געוואָרן. די וועלט וויל פארגעסן. מיר נישט!!!

---

יחיאל בן־פורת

## על מה שהיה ואיננו

כמו מתוך ערפל בוקעים ועולים הזכרונות מהימים ההם, כשוולברום היהודית עמדה על מכונה, והיא חולפת לנגד עיני וקמה לתחיה לרגע קט.

בסימטת בית־הכנסת (שולגאס) היו מרוכזים כל בניני־הקודש: בית־הכנסת ובית־המדרש הגדול והקטן עם השטיבלך, והחדרים שכולם אפשר היה למצוא כאן. מקום זה היה מרכז החיים הרוחניים של דורות יהודים בעיר.

בית־המדרש הגדול היה פתוח מטרם שחר, ובחורים יושבים רכונים על הגמרות. וקולם בוקע ועולה זה בשאגת אריה וזה בקול דממה דקה.

זכורני גם סתם יהודים פשוטי העם, בעלי־מלאכה ומחזרים בכפרים (דאָרפס־גייער) שהשכימו קום לרוות צמאונם בכמה פרקי תהלים ובתפילה לפני צאתם לעסקיהם בחיפוש פרנסה למשפחותיהם, יהודים מושרשים מדורי דורות שנולדו בקדושה, בכדי להנחילם לבניהם אחריהם עד ימות המשיח.

אילו יכולנו לדובב את כותלי בית־המדרש שספגו בקרבם את התפילות של דורות יהודים, את נגוניהם שמקורם ברדיפות של צוררים יהודים למיניהם בכל הזמנים.

גל של חויות עולה ומתפרץ מדי הזכרי בשטיבל חסידי אלכסנדר שאבי חיים שמחה היה מתפלל שם — יהודים תמימים בהליכותיהם ושומרי מסורת תוך קפדנות, עומדים עטופים בטליתותיהם ומתפללים ומקשיבים לתפילתו של רבי הרצקה טוביה הזקן העובר לפני התיבה ומרעים בקולו. זקן וחלוש, אבל בתפילה כוחו רב. ומרעים בקולו „הבט משמים וראה כי היינו ללעג ולקלס בין הגויים נחשבנו כצאן לטבח יובל". כל המרטירולוגיה היהודית מצאה את ביטויה בתפילה הזאת.

מה יקרים לי היום כל הזכרונות שצפים ועולים בזכרוני מהימים ההם. הנה שחרית של שבת. איזה שלוה היתה נסוכה על העיר. מכל הרחובות נוהרים יהודים להתפלל לבתי התפילה השונים וטליתות בידיהם, ויש שהולכים עטופים בטליתות. לתומם האמינו שחייהם יזרמו כמו על מי מנוחות עד עולמי עד.

ובדמיוני אני משוטט בסמטאותיך וברחובותיך, וולברום היהודית, השוממים והריקים כעת מיהודים. מחפש אני סימן וזכר לחיים השוקקים והתוססים. אך לשוא, כל הנוער התוסס שחיפש דרכים לחיים חדשים — הכל נעקר מן השורש. נדמה לנצח שירת הילדים והנוער. לא שומעים יותר את קולות המתפללים הבוקעים מתוך בתי התפילה הרבים. חלפה לתמיד אותה האוירה המיוחדת שהיתה אופפת את העיר בשבתות ובחגים ובימים הנוראים.

קשה הפרידה מוולברום. נציץ עוד פעם לסימטת בית הכנסת. כאן בסביבה הוקם הגיטו ליהודי וולברום בזמן כיבוש הנאצים. בית־הכנסת נהרס עד היסוד, ורק קיר אחד נשאר במקום. בית המדרש הגדול משמש כיום למחסן עירוני. הפסוק „מה טובו אהליך יעקב" שהיה חרות על דלת הכניסה לא נמחק ממנה. בית־המדרש הקטן חולל ונהפך למוסד קטולי לנזירות נוצריות. הספריה הגדולה שמנתה אלפי ספרים שהיותה מקום מרכזי בעיר לאלפי נוער ומבוגרים נשרפה כליל.

וולברום הפכה לתל חרבות בשביל יהודים. כולם, כולם אבדו באבדן הגדול. אך מורשתה הרוחנית לא תיעקר מלבנו לעולם. והיא תעמוד לנו ביצירת חיים חדשים במולדתנו החדשה־הישנה.

ומתפלל אני תפילה חרישית לנשמותיכם היקרות, יהודי וולברום: תפילת קדיש...

---

יחיאל האָכערמאַן

# מיין באזוך אין וואלבראם אין 1932

## (אַ קאַפּיטל זכרונות)

מיין געבורטס־שטעטל וואָלבראָם געהערט צו יענער קאַטעגאָריע יידישע מקומות (דער רוב מנין פונעם שטעטל זיינען געווען יידן). וואָס אפילו אין פוילן גופא האָט מען אויך גאַנץ ווייניק געוואוסט פון זייער עקזיסטענץ. א וואָלבראָמער ייד, ווען ער האָט געוואָלט באצייכענען פון וואַנען ער קומט, האָט ער מאנכעסמאָל געמוזט צוגעבן די גובערניע־שטאָט קיעלץ.

איך געדענק נאָך פון דער ערשטער וועלט מלחמה, ווען די דייטשע חילות האָבן אריינמארשירט אין אונזער שטעטל און האָבן פּרובירט פעסטצושטעלן אויף זייערע מאַפּעס, וואו זיי געפינען זיך, האָבן זיי קוים געפינען פארצייכנט דעם נאָמען וואָלבראָם, כאָטש דערבייאיקע דערפלעך מיט א צענט חלק באַפעלקערונג ווי אין וואָלבראָם, זיינען יאָ געווען דערמאַנט. איך מוז זיך מודה זיין אז אין מיינע ערשטע וואַנדעריאָרן, אויפן וועג פון וואָלבראָם קיין ארץ ישראל, האָב איך אלעמאָל אויסגעמיטן צו געבן א דירעקטן ענטפער פון וואַנען איך קום.

עס זיינען געווען קליינע שטעטלעך אין פוילן, וואָס האָבן געשפּילט א געוויסע ראָלע אינעם יידישן לעבן פון פוילן. געווען אזעלכע, וואָס האָבן געשמ׳ט צוליב א גרויסן חסידישן רבין אָדער געשפּילט א געוויסע ראָלע אין צייט פון די משיחישע באַוועגונגען, אָדער זיינען, לאָמיר זאָגן, מפורסם געוואָרן דורך גירושים און פּאָגראָמען. ערגעצוואו איז זייער נאָמען געווען פארצייכנט אין דער אכט־הונדערט־יאָריקער געשיכטע פונעם יידישן קיבוץ פון פוילן. נישט אזוי איז געווען מיט מיין שטעטל וואָלבראָם. דער נאָמען האָט נישט פיגורירט אינערגעץ.

איך האָב פארלאָזט מיין געבורטס־שטאָט אין ענדע פון דער ערשטער וועלט מלחמה און האָב זיך אהין אומגעקערט אויף א קורצן באזוך פון ארץ ישראל מיט אכצן יאָר שפּעטער.

אינעם טאָג־טעגלעכן לעבן פון די טויזנט יידישע משפחות, וואָס האָבן דאָרט געלעבט פאר יענער מלחמה, זיינען נישט פאָרגעקומען קיין באַזונדערע ענדערונגען. דער גרעסטער טייל וואָלבראָמער יידן זיינען געווען בעלי מלאכות, וואָס האָבן זייער פּראָדוקציע געפירט אויף יארידים, און קליינהענדלער. וואָס האָבן זיך געשלעפּט מיט פּעק סחורות איבער די דערפער, געפירט אַן אויסטויש־האנדל מיט די פּויערים: פארקויפט מלבושים און געקויפט תבואה אָדער קעלבלעך.

די גראַבסקי שטייער־פּאָליטיק און דער וואוקס פון דעם אנטיסעמיטיזם צווישן דער פּויערישער באַפעלקערונג האָבן געמאַכט דאָס לעבן פונעם יידן אין דעם קליינעם שטעטל אומדערטרעגלעך, אָבער דאָך האָבן יידן ווי עס איז

פרובירט זיך צוצופאסן צו די נייע באדינגונגען און טיף אין הארצן געהאָפט אויף בעסערע טעג.

דער יונגער דור האָט אין א גרויסער מאָס אויסגעוואנדערט פון וואָלבראָם און די שטאָט האָט געמאכט דעם רושם פון א שטארק פארעלטערטן קערפער וואָס בויגט זיך צו דער ערד. זייער טרעפלעך האָט פאר מי כאראקטעריזירט די יידישע לאגע אין וואָלבראָם צו יענער צייט א דאָרטיקער תושב בעת איך האָב אים געפרעגט וועגן דעם צושטאנד פון יידישער פרנסה און שטייגער לעבן נאָך דער באפרייאונג פון פוילן. עס איז געווען אין א זונטיק אינדערפרי, די טירלעך פון די יידישע געוועלבלעך זיינען געווען האלב פארמאכט און אויף די שוועלן פאר די געוועלבלעך זיינען געזעסן די סוחר׳טעס און האָבן דערציילט איינע דער אנדערער די צרות פון דער פארגאנגענער וואָך.

אין מארק האָבן שפאצירט די מאנסלייט מיט די הענט פארלייגט אויף הינטן און זיך געקאָכט וועגן שטאָטישע ענינים און וועגן מלוכה׳שער פּאָליטיק. פלוצים איז געוואָרן א סומאטאָכע צווישן די שפאצירנדיקע. עס איז עפּעס געשען, וואָס האָט איבערגעריסן די מאָנאָטאָנע זונטיק שטימונג. וואָס איז מיט דער צייט געוואָרן ביי די יידן אין די קליינע שטעטלעך כמעט ווי א יום טוב, ווייל דאָס איז געווען דער איינציקער טאָג אין דער וואָך, אין וועלכן זיי האָבן נישט מורא געהאט פאר דעם סעקוועסטראטאָר, אז ער וועט סעקוועסטרירן די בעבעכעס פאר נישט באצאָלטע שטייערן.

געשען איז אָט וואָס: דער געלער דוד איז פלוצים געשטאָרבן. סטייטש, נישט האָבנדיק געווען פריער א פּאָר חדשים קראנק און מען זאָל האָבן געזאָגט פאר אים תהלים בציבור, נאָר פשוט אָן א זיי־געזונט אוועקשטארבן און איבער־לאָזן אלע צרות פון דער וועלט און בעיקר די מאטערנישן פון די יידן אין וואָלבראָם אלס ירושה צו זיינע פריינט? אזא מין געשעעניש איז טאקע געווען א גרויסע סענסאציע אין וואָלבראָם. מיין פריינט. מיט וועמען איך האָב שפּאַ־צירט ארויף און אראָפּ אין מארק, הערנדיק די נייעס, האָט זיך אויף א ווילע אָפּגעשטעלט און מיט א רעזיגנירנדיקן טאָן צו מיר געזאָגט: הער זיך איין. מיין ליבער יחיאל, דו קאָנסט איבערגעבן אונזערע באקאנטע אין ארץ ישראל, אז אין דער אמת׳ן זיינען מיר אלע דאָ אין וואָלבראָם שוין לאנג געשטאָרבן, נאָר מען טראָגט אונז ארויס אויפן בית עולם צוביסלעך; כאַפּ נאָר א קוק אויף מענטשן מיט די אויסגעלאָשענע פנימער און מיט זייער הילוך, וואָס דרייען זיך ארום אין מארק; קוק דיך צו צו דער יוגנט, וואָס גייט ארום מיט אויסגעשטארצטע אויגן און מיט אָפענע מיילער, וואָס לעכצן נאָך א ביסל לופט צום לעבן, וועסט דו דיך באלד איבערצייגן, אז וואָס איך זאָג דיר, איז גאָרנישט איבערגעטריבן.

אזוי טאקע האָט דאָס שטעטל וואָלבראָם מיט אלע יידן אויסגעזען צו יענער צייט. א גרויסער מארק־פּלאץ. וואו עס דרייען זיך ארום לעבעדיקע מתים. די איינציקע האָפענונג איז געווען, אז די קרובים פון ארץ ישראל אָדער פון אמעריקע וועלן זיך מרחם זיין און זיי אָפּראטעווען פון אונטערגאנג.

געקומען זענען גאנץ אנדערע צייטן און אויפן אָרט פון הילף און האָפענונג

האָט אהין ארײנמארשירט די בארבארישע נאצי ארמיי, א פינסטערער וואָלקן האָט פארחושכט די לעצטע האָפנונגס־שטראלן פון א גוסס׳דיקער יידישער קהילה. אינם יאָר 1941 (לויט ל. שפיזמאנס בוך „יידן אין נאצי פוילן"), האָבן די ווילדע וויסנשאפטלעכע מערדער אויפגעשטעלט א געטאָ־פלאץ אין וואָלבראָם און געמאכט פון דעם שטעטל א זאמל־פונקט פאר פארטריבענע יידן פון פארשידענע שטעט. (דאָס איז אפשר דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע פון וואָלבראָם, וואָס איר נאָמען איז דערמאנט געוואָרן אין דער ברייטערער יידישער וועלט). די קליינע יידישע קהילה האָט זיך דערוואָרבן א זייער חשוב׳ן פלאץ אין דער געשיכטע פון דעם אונטערגייענדיקן יידישן קבוץ אין פוילן.

פאר מיינע אויגן שוועבט דאָס בילד פון יענעם מארק־פלאץ, אויף וועלכן עס האָבן זיך אָפגעשפילט די שוידערלעכסטע סצענעס. אין מיינע אויערן הילכען אָפּ יללות פון יענע אומשולדיקע קרבנות, וואָס זיינען צונויפגעטריבן געוואָרן ווי שאָף הינטער דער שטאָט אויף דעם אויסזידלונגס־פלאץ.

עס פארפאָלגן מיך די רחמים בעטנדיקע בליקן פון מיין מוטער, שוועסטער און צענדליקער נאָענטע קרובים; עס איז פארקלעמט מיין הארץ פון די הילפ־לאָזע בליקן פון מיינע טייערע יידן פון מיין געבורטס־שטאָט און מיט מיין גאנץ לייב און לעבן שווער איך נישט צו פארגעסן. זכור אזכור את חורבן קהלתנו ק"ק וואָלבראָם עד יום מותי!

יאָ, היטלער האָט ארויפגעשטעלט וואָלבראָם מיט אבלוטיק־רויטן פלעק אויף זיין שחיטה־מאפע. מיין שטעטל איז פון איצט אָן נישט מער אומבאקאנט. זיך דערלעבט פירסום, אז אָך און וויי!

---

מנחם סטיצקי

# יחיאל גרשונאוויטש

## (ברעקלעך זכרונות פארצייכנט פון א אייניקל)

זעלטן האָט אים ווער אָנגערופן ביי זיין פאמיליען נאָמען: יחיאל גרשונא־וויטש. אָפט פלעגן מענשן אים רופן פשוט: ר׳ יחיאל, אָדער יחיאל קאָוואל. שכנותדיקע דאָרפספויערים צווישן וועלכע ער איז געווען ברייט באקאנט אלס אויסגעצייכנעטער פאכמאן און אפילו אלס „ספעציאליסט" פאר הינקעדיקע פערד, פלעגן זיך ווענדן צו אים קורץ: חיליא, ח־ליא. צי צאש יעשטשע בענדזיע ז טעי שקאפי, קולעיע יוזש דווא מיעשיאנצע" (יחיאל, עס וועט נאָך עפּעס זיין פון דער שקאפע? זי הינקט שוין צוויי מאָנאטן). און יחיאל האָט געשוויגן, לאנג באטראכט די פערדישע קאָפּיטא, א שאָקל געטון מיטן גרויען קאָפּ, זיין ברייטע דלאניע באדעקט מיט לייכטע ווונדן א פיר געטאָן איבער זיין לאנגער באָרד און קורץ געשטעלט זיין „דיאגנאָזע": „ספרובויעמי צאש זראביטש" (מיר וועלן

פריוון עפעס מאכן). און דאָס „פריוון" האָט געהייסן שמירן מיט א ספעציעלער שמיר־עכץ, פאַרבינדן מיט באנדאזש און דעם זאַרגפולן פויער הייסן קומען אויף א צווייטן וויזיט.

אזוי האָט יחיאל געהיילט פארוואונדעטע און הינקעדיקע פערד, אָפטער מיט דעם מין געמאכט „וויזיטן" אין ווייטע דערפער פון דער געגנט און געוואָרן פּאָפולער אין דעם ברייטן דאָרפישן ארום, וואָס האָט ארומגעקלאמערט דאָס שטעטל וואלבראָם.

יחיאל גרשונאוויטש איז לויט זיין אָפּשטאמונג געוועזן א טיפּישער דאָרפי־שער ייד. און דאָס האָט זיך געמערקט פון זיין גאנצן וועזן, זיין האלטן זיך אין דער היים, זיין באציונג צו מענשן, פירונג און מנהגים, געוווינהייטן און כאראק־טער. א שטאָלצער און הארטנעקיגער ביז עקשנות, א שווייגענדיקער און שטרענ־גער, פרום און אָפּגעהיטן.

פונוואנען דער ־רעספּעקט וואָס עס פלעגט ארויסרופן ביי פיל מענשן דער הויכגעוואקסיקער און גראדליניקער ייד מיט דער ברייטער אין צוויי זייטן צעוואָר־פענע בלאָנדע גרויע באָרד? אוודאי ניט זיין פרומקייט. געווען א סך פרומע און אָפּגעהיטענע יידן אין וואלבראָם. ווארשיינלעך האָבן דאָ געווירקט אנדערע סיבות, פריער פאר אלעם זיין פאָלקסטימלעכקייט, און לאָמיר דאָס אָנרופן גרייט־קייט צו געזעלשאַפטלעכע הילף פאר נויטבאדערפיקע. געוויס אויך זיין ארבעט־זאמקייט און בארוף — זעלטן ווען גייען יידן צו אזא שווערע פיזישע ארבעט ווי שמידעריי.

ניט לייכט געווען אים אריינצוציען אין א לענגערן שמועס. אָט זיצט ער א שווייגנדיקער, קוקט גלייך אין פנים פון זיין מיטשמועסער, ווארפט אלע ווײלע סקעפּטישע בליקן פון טיף זיצנדע אויגן, צוקט מיט געצירטע ברייטע וויעס, ווי ער וואָלט וועלן וועגן און באטראכטן יעדעס וואָרט מיט צווייפל און אומצוטרוי.

אויסערלעך רואיק און צוריקגעהאלטן, אָבער אונטער דער מאסקע פון קאלטקייט האָט געקלאפּט א פילבאר און ווארעם הארץ פאר מענשליכע עוולות און ליידן.

א בעזונדערן אינטערעס פלעגן ביי אים ארויסרופן פּראָבלעמען פון קהלישע ענינים, — צביעותדיקע האלטונג פון מאנכע גבירים אין שטעטל, וואָס זענען הארטער פון שטיין" און ווילן ניט שטיצן מיט א „ברייטער האנד" פאר־שידענע אלגעמיין נויטוועדיקע קהילעשע ענינים (און נויטווענדיקע צוועקן האָבן דווקא ניט געפעלט אין שטעטל — די שול, דער בית־המדרש, פארשידענע הילפס־קאסעס ווי קופת גמילות־חסד, צו גאָר אינדיווידועלע אומגליקס־פאלן כראָניש קראנקע, פרנסה׳לאָזע גרויסע פאמיליעס א. אנד.).

אינטריגעס ארום דער קהילהשער קאסע, סכסוכים צווישן פאַרשידענע פּאָליטישע גרופּירונגען, פון וועלכע עס איז אָפט געפלאָסן ניט קיין גאָר פיינער אראָמאט. אָט די און ענליכע ענינים זענען אָפט געווען א טעמא פאר לאנגע שמועסן מיט יידן ביי א גלעזל ביר אין א אטמאָספער פון שבתדיקע צו יום־טוב־דיקער געמיטליכקייט.

געווען א סך פרומע און אָפּגעהיטענע יידן אין וואלבראָם, אָבער די צאָל

אָפּפּערוויליקע, גרייטע צו מסירת־נפש פאר די אמונה איז ניט געווען איבעריק גרויס. דער רוב פון דעם סאָרט יידן האָבן באלאנגט צו פארמעגליכע און סוחרישע שיכטן, ניט איבערגעמידעטע פון פיזישער ארבעט, אויסגערוטע, איז ביז אָפּגע־היטנקייט און פרומקייט ניט געווען פאר זיי קיין גרויסע לאסט. אנדערש ביי בעלי־מלאכות, ארבעטס־מענשן, אויסגעהאָרעוועטע, אויסגעמאטערטע פון שווערער פיזישער ארבעט, אָפט פון פריען מאָרגן שעהן ביז אין דער טיפער נאכט אריין ביים אָנגעגליטן פרעס־אייזן, אָדער ניימאשין, פארדאגעטע מיט עול פרנסה — און פאר די שיכטן פון האָרעוואניע איז אָפּגעהיטנקייט און פרומקייט געווען פארבונדן מיט גרויסע שוועריקייטן און אפילו מיט מסירות־נפש. פונדאנען צווישן אנדערן די פערהעלטניסמעסיקע קליינע צאָל פרומע יידן צווישן די שיכטן.



בנו של גרשון פריזר



רחל וינברג־שניצר ובנה

יחיאל גרשונאוויטש האָט זיך אָן ספק אויסגעטיילט צווישן דער קליינער צאָל אָפּגעהיטענע יידן.

מיר איז פארבליבן אין זכרון א עפּיזאָד, וואָס כאראקטעריזירט בולט דעם טיפּ אָפּפּערוויליקן יידן.

דאָס יאָר 1929. איבער גאנץ אייראָפּא גייט אדורך א גרויסע פאליע פון שווערע פרעסט און שנייען. אויך פוילן איז געלעגן פארשיט אין טיפע שנייען. פראָסטיקע ווינטן און שניי זאוויערוכעס האָבן פאראליזשירט די קאָמוניקאציע צווישן דאָרף און שטאָט. די באנען קומען מיט גרויסע פארשפּעטיקונגען. מענשן באמיען זיך וואָס ווייניקער ערלעדיקן זייערע געשעפטן, ווי דאָס איז געווען אָנגענומען ביי קליינהענדלער אין גאס, נאָר בלייבן אין זייערע שטיבער און טוליען זיך צו די אָנגעהייצטע קאכל־אויוונס.

און ר׳ יחיאל קאוואל? ניט נאָר וואָס ער האָט ניט איבערגעריסן זיין שווערע ארבעט אין דער אָפענער קוזשניע און אויפן פלאץ נעבן איר, נאָר ער האָט אפילו ניט רעזיגנירט פון זיין טאָג־טעגליכן אויפשטיין 3—4 א זייגער פארטאָג און גיין אין בית־המדרש דאווענען. ער איז תמיד געווען דער ערשטער פון ערשטן מנין.

תמיד זענען ביי אים געווען געפלאצט די פינגער פון פראָסט און קעלט פארוויקלט מיט באנדאזשן. אָבער זיין ארבעט האָט ער ניט איבערגעריסן. ווי תמיד שטייט ער אויפן אָפענעם פלאץ, שמידט די פערד און פאריכט וואָגנס.

און נאָך א זעלכע טעג פון שווערע ארבעט זיצט ער אין אָוונט און ציילט, גלייכט אויס די צעקנייטשטע געלטבאנקנאָטן — דעם טעגליכן פארדינסט, ציילט נאָך אמאָל דעם סכום זלאָטעס — זיין „אייזערנעם פאָנד", וואָס אין שופלאד (ער איז קיינמאָל ניט געווען קיין גרויסער, ווייל מיטן שווערן האמער קען מען קיין סך ניט אנזאמלען). ווידער הערן מיר זיין אָפטע פראזע: „אויסגעפראצעוועט געלד, ס'איז זיס יעדער גראָשן". „וואָס מיר גבירים? מיר איז בעסער פון זיי אלע — פלעגט ער אָפטמאָל מיט א שמייכל זאָגן — כ'האָב ניט קיין פחד, אז מען וועט מיך בעגנבנען" — ס'איז זיס יעדער גראָשן"....

אָפט פלעגט ער ברענגען צום אויסדרוק זיין אינערלעך גליענדיקן האס צו די „מענשלעך, וואָס לעבן פון שווינדל און לופט־געשעפטן", צו די „געלדזעק וואָס וועלן סיי ווי סיי ניט מיטנעמען זייער מאיאָנטעק אין קבר אריין".

פון זיין קליינעם „אייזערנעם פאָנד" פלעגט ער צערטיילן קליינע הלוואות–א „גמילות חסד" פאר א בעקאנטן הענדלער, וואָס מוז צאָלן דעם וועקסל און ניט לאָזן אים צום פראָטעסט".

*

איך וועל זיך דערלויבן נאָך א קליין בילדל פון זיין שטייגער לעבן, וואָס ווארפט א געוויסע ליכט אויף דער געשטאלט: יחיאל.

אין קליינעם שטיבל אויפן „גארן", ווי עס וווינט אלע זיינע יאָרן יחיאל, הערשט איצט א אויסערגעווענליכע שטילקייט. אפילו זיין אייניקל וואָס האָט ליב צו טומלען און „פערדרייען די שטוב מיטן קאָפּ אראָפּ" גייט איצט אויף די פינגער. ער ווייסט גוט אז מען טאָר ניט שטערן דעם זיידן, ווען ער שרייבט בריוו. צו וועמען זענען געווענדעט די גרויסע, אויסגעצויגענע, לאנגע און ציטער־דיקע אותיות וואָס ער לייגט איצט אוועק אויפן פאפיר, ר' יחיאל? יאָ. דאָס שרייבט ער שוין צום וויפילטן מאָל בריוולעך צו זיין זון וואָלף קיין פאלעסטינא (געקומען אין לאנד אין 1925), און קען זיך ניט ערווארטן דעם געגארטן ענטפער. זיין ווייב גיטל, וואָס מישט מיט א הילצערנעם לעפל אין גרויסן טאָפּ רויטן באָרשטש וועלכע צערטראָגט א זיסלעכן און ווארעמען ריח איבערן שטיבל — זיפצט און ווישט מיט דער האנד די פערוויינטע אויגן, שעפטשעט שטיל און באוועגט מיט די ליפן (הויךריידן וואגט זי נישט, ווייל זי וועט ווידער הערן פון איר מאן דעם שטרענגן פאָרוואורף: א אָנטשעפעניש פון א יידענע. מען ארבעט, מען לעבט, געזען א אָנטשעפעניש פון א נארישע יידענע". אזוי האָט ער אוודאי געוואָלט פארשרייען זיין אינערלעכן אומרואיקן בענקשאפט צום זון).

און גאָט ווייס צו ער עסט כאָטש צו דער זאט אין דעם פאלעסטינא. אוי, אוי. אפילו אזא מחיידיקן באָרשטש ווי פאר די אָרימע לייט. מען קען דען גלויבן אין זיינע בריוו? איין גאָט ווייסט דעם אמת.

געענדיקט דאָס שרייבן, פלעגט ער מיטן בליק רופן זיין ווייב און לאנגזאם און הויך איבערלייענען דעם בריוו. גיטל שווייגט, ווישט מיט א טיכל די אויגן

שאָקלט מיטן קאָפּ און בעט זיך ווי א קליין קינד — יחיאל, שרייב אים נאָכאמאָל, זאָל ער שרייבן דעם אמת, דעם גאנצן אמת. און יחיאל פאָלגט זי דאָס מאָל און שרייבט צו נאָך עטלעכע ווערטער אויפן ווייסן בייגעלע פּאפּיר.

*

אין די דרייסיקער יאָרן האָט ר׳ יחיאלן געטראָפן א גרויס אומגליק. אין איינער פון די קורצע זומערדיקע נעכט איז אויסגעבראָכן א ריזיקע שריפה. דאָס פייער האָט בליץ־שנעל ארומגענומען דאָס גאנצע הויז און אלץ איז געשטאנען אין פלאמען („בייזע צינגער" האָבן עקשנותדיק גערעדט, אז דאָס פייער האָט דווקא א צוזאמענהאנג מיט דער הויכער געלד־אסעקוראציע פונם שכנותדיקן פליייש־געשעפט. וואָס „בייזע" צינגער קענען ריידן...). זיין גאנצער פארמעגן איז אוועק מיטן פייער.

איצטער האָט ר׳ יחיאל זיך אריינגעצויגן אין שטיבל צו זיין זון הענדל (זיין גאנצע פאמיליע ווי אויך זיין שוועסטער שרה אומגעקומען דורך היטלע־ריסטישע באנדיטן). ביידע פאמיליעס האָבן געוווינט אין א קליין שטיבל, צוזאמען געארבעט, געשמידט פערד און פוירישע וועגן, פאריכטן שלעסער, און אזוי האָבן געצויגן פרנסה צוויי פאמיליעס.

דעם שווערן קלאַפּ האָט יחיאל אויפגענומען רואיק. ער האָט זיך ניט באקלאגט אויף זיין ביטערן גורל אויף דער עלטער. אָבער דאָך האָט זיך געמערקט א ענדערונג אין זיין האלטן זיך אין דער שטוב. ער פלעגט זיך שוין אָפּטער באקלאָגן אויף זיין שלעכטן געזונט־צושטאנד (מיר איז נישט פארבליבן אין זכרון, אויב ער האָט זיך ווען ס׳איז באקלאָגט אויף זיין געזונט צושטאנד. פאר־קערט, ער האָט אָפטמאָל געהאט דערוויזן זיין שטארקייט. אָט א עפּיזאָד : געקומען אין שטעטל גרשון ברייטבארט, א באקאנטער העלד פון רייסן אייזערנע קייטן און בייגן אייזערנע שטאנגען אין פארמלחמהדיקן פוילן. — ניט קיין גרויסע קונץ דאָס בייגן „אייזערנעס" — זאָגט מיט א שמייכעלע ר׳ יחיאל. און בכדי דערווייזן זיין שטארקייט כאפּט ער א אייזערנעם שטאנג ארום 5 מ״מ די גרעב און דרייט עס ארום עטליכע מאָל אין זיין מוסקולירטער האנד. דאָס ארומדרייען א אייזער־נעם שטאנג אויף דער גאָלער האנד האָט געמאכט אויף אונז קינדער א טיפן איינדרוק. אויך צופעליקע צושויער, וואָס האָבן בייגעווווינט די זאך אויפן פלאץ נעבן זיין קוזשניע האָבן געשמייכלט און באוווּנדערט דעם זקן, וואָס בייגט מיט אזא לייכטקייט אייניקע שטאנגען אויף איין דארער, נאָר פעסט מוסקולירטער האנד).

*

דער גורל האָט געוואָלט, אז ער זאָל ניט אומקומען פון די היטלערישע מערדער, נאָר שטארבן אין עלטער פון 70 יאָר אויף זיין אייגענעם בעט. בעת זיין קורצער קראנקהייט קומען אים באזוכן פיל יידן אין שטעטל. אויך דער שטעטלדיקער רב איז געקומען צו זיין קראנקן בעט און ווינשן אים א רפואה שלימה.

ירושלים, דעם 11 דעצעמבער 1961.

ראובן קאַכאַן

# אין דער שול גאס

דער זיידע פלטיאל פישער — א הויכער, א פשוטער ייד מיט א באָרד, נישט קיין גרויסער, און אויף די וואָנסעס זיינען ביי אים שטענדיק געווען סימנים פון שנופּ טאבאק. ער אליין האָט נישט געקענט לערנען, נאָר האָט אליין ליב געהאַט צו הערן לערנען. און טאקע צוליב דעם האָט ער זיך איינגעקויפט א איידעם וואָס קען לערנען, און דאָס איז געווען מיין פאָטער איטשעלה, וועלכער איז געווען א גוטער לערנער, אָבער קיין בעל פרנסה איז ער נישט געווען. און דאריבער האָט אים מיין זיידע פלטיאל שפּעטער נישט ליב געהאַט.

מיין זיידע פלעגט מיר נישט איינמאָל געבן מיטן שטעקן איבערן קאָפּ ווען ער פלעגט מיך טרעפן שפּילן קאָרטן. ער האָט מיך אָבער ליב געהאַט, ווען איך פלעג אים שפּעטער, ווען איך בין שוין געווען א גרויס יינגל, צוהעלפן כאַפּן פיש. איך געדענק נאָך אז איך פלעג שוין ארויסקוקן אויף דעם טאָג מיטוואָך פרי, ווען עס פלעגט קומען דער פויער גרודניאַוו פון לאָבזעוו מיט זיין פורמאַנקע.

און אזוי זיינען מיר געפאָרן יעדע וואָך אין א צווייטן דאָרף, ווו דער זיידע האָט שוין געהאַט זיינע טייכלעך אָנגעדונגען. נישט איינמאָל האָט פּאסירט אז אנשטאט פיש האָבן מיר ארויסגעשלעפּט זשאבעס און אויך א פּאָר פישלעך, און מיר האָבן זיך געמוזט לאָזן אין א צווייטן טייך כדי מיר זאָלן אהיים ברענגען א ביסל פיש אויף שבת.

אונזער שטעטל איז געווען א קליינס, אָבער אין באגריף פון אונז, יונגע חברה, האָט עס אין זיך פארמאָגט אלץ. נישט ווייט פון שטעטל — פעלדער, וועלדער, און אויך א טייך, ווו מיר פלעגן זיך באָדן מיר פלעגן זיך צוזאמען נעמען עטלעכע חברה פון שול גאס, און מיט שרעק זיך געלאָזט אין וואלד אריין קלויבן יאגדעס. און ווען מיר האָבן שוין געהאַט אָפּגעקליבן פולע טעפּלעך, האָבן זיך פלוצלינג באוויזן שקצים און גענומען יאָגן, און ווער עס האָט נישט באוויזן צו אנטלויפן איז אהיים געקומען מיט א צעבראָכן הערצל און א ליידיק טעפּל. צום טייך זיך באָדן פלעגן מיר גיין דורך די לאָנקעס ווייל דורך דער פּילצער גאס האָבן מיר מורא געהאַט גיין, ווייל דאָרטן זענען תמיד געווען שקצים פאר וועלכע מיר האָבן מורא געהאַט.

אָבער גאָר אנדערש האָבן מיר זיך געפילט אין אונזער שול געסל. דאָ האָט קיין איין גוי נישט געוווינט אויסער אברהמלה גארבער׳ס סטרוזש, און פאר אים האָבן מיר נישט מורא געהאַט. דאָ אין שול געסל האָט אלעס געשמעקט מיט יידישקייט. די טענער פון לערנען האָבן זיך געהערט פון אלע זייטן, פון איין זייט פון קליינעם בית המדרש, און פון דער צווייטער זייט פון גרויסן בית המדרש. פון איין זייט מענדל וואָלף מלמד און פון דער צווייטער זייט יאָסיפּ׳ס חדר וואָס האָט איבערגעשטיגן אלע טענער און ווו די קולעכלעך פון די קינדער האָבן זיך צעקלינגען אין גאנצן געסל.

א קליין געסל אָנגעפּאַקט מיט פארשידענע טיפּן יידן — סוחרים, דאָרפס־

גייער, בעלי עגלות, א ליכט ציער, גארבערס, א בעקער, א חזן, מלמדים און כלי־זמרים, און אויך למדנים, א שטייגער ווי ר׳ שלמה ימהלעס איידעם. ער איז פונעם געסל כמעט נישט ארויס געגאנגען, און גאנצע טעג געזעסן און געלערנט, און זיין פרוי שיינדל האָט נעבעך געמוזט האָרעווען און מפרנס זיין אזא גרויסע משפחה — 5 זין און 3 טעכטער (די פאטיקעס האָט מען זיי גערופן).

מיט דעם יינגערן צווילינג האָב איך מיינע קינדערישע יאָרן פארבראכט. כאָטש מיר זיינען נישט שטענדיק געווען זאט — דאָך האָט מען אונז געהאלטן פאר די שטארקסטע יינגלעך אין געסל. מיין טאטע איטשעלע מלמד איז געווען א לערנער און האָט געפּרופט זוכן פרנסה פון מלמדות און פון האנדל — נאָר שלימזלדיק איז אים געגאנגען. און מיין ברײַנדל האָט געמוזט צוהעלפן צו דער פרנסה. און טאקע מיין מאמע און שיינדל שלמה ימהל׳ס האָבן זיך פארנומען מיט פירן כשר פלייש — קאצ׳קעס, גענז און הינער פאר די סאסנאווצער און באַ־זונדער פאר די רייכע און פרומע בעלי־ביתטעס. און מיר יונגע חברה האָבן געהאָלפן שלעפּן די פּעק צו דער באן. געוווסט האָבן מיר אז דעם טאָג וועלן מיר קיין וואָרעמס נישט עסן, און אזוי זיינען מיר געזעסן אויף דער שוועל און אָפּ־געווארטן ביז אונזער מאמע וועט שוין קומען צוריק. און אזוי זיצנדיק פלעגן מיינע ברידער דערציילן מעשהלעך פון הערשעלע אָסטראָפּאָלער און אנדערע. און אזוי זיינען מיר אונטער געוואקסן גאנץ לייטישע בחורימלעך אין אונזער געסל.

און איינציקווייס האָט זיך אָנגעהויבן אין געסל באוויזן סימנים פון לעזן א ביסל, און פון לערנען א פאך און פארדינען. מיין עלטערער ברודער פלעגט אריין גיין צו יוסף היטעלמאכער, און מיט אמאָל ווערן מיר געוווּיר אז ער נייט שוין היטלעך און פארדינט שוין געלט.

דאָס לערנען זיך א פאך האָט מיין פאָטער נישט אזוי שטארק געארט. נאָר די חברים זיינע, און דאָס אויפהערן לערנען — דאָס האָט דעם טאטן שטארק וויי געטאָן. מיין ברודער האָט מיט איינמאָל זיך איינגעפּאקט א פּעקל און אוועק נאָך סאָסנאָווצע.

אונז האָט שוין געצויגן אין שטאָט אריין. איינמאָל אין א שבתדיקן זומער טאָג ווען אין שול גאס הויבן זיך אָן צו פארמאכן די לאָדענס, נאָך דעם שבתדיקן עסן, האָבן מיר זיך עטלעכע יינגלעך אין די יידישע היטלעך געלאָזט צו דער פאבריק אויף א מעטש. צוריקוועגס האָבן מיר באקומען קלעפּ פון די שקצים.

אָנקומענדיק אין דער עלגאָטער גאס האָבן מיר געטראָפן א „מאניפעס־טאציע". שווארץ פון מענטשן, פול מיט יידן אין די שבתדיקע קאפּאָטעס, און מען שלאָגט זיך ביז בלוט. גייענדיק א ביסל ווייטער האָבן מיר געזען ווי לאה דעם היטלמאכערס ווייב, וואָס האָט געוווינט נעבן דער „קולטורע" שטייט מיט א שיסל וואסער און וואשט דעם קאָפּ פון בלוט א געלן ייד. דאָס איז געווען דער סקאַלאָן, אזוי האָט מען אים גערופן. דערנעבן איז געשטאנען דעם באבאדס (דענטיסטס) שוועסטער און שרייט אויף א ליטווישן יידיש: גיט אויך אייך אזוי. גייט בעסער אין מקוה אריין. וואָס האָט איר דאָ צו טאָן? דאן האָבן מיר זיך דערוווסט, אז א רעדנער פון ווארשא האלט דאָ א פאָרלעזונג, און די יידן זיינען

געקומען שטערן. מיר ייִנגלעך פון שול געסל האָבן איינציקווייס אויך אָנגעהויבן נעמען ביכלעך פון דער „קולטורא" וואָס האָט געהאַט א גרויסע השפעה אויף אונזערע ווייטערדיקע אַנטוויקלונג. איך געדענק איינמאָל ווען מיין פּאָטער האָט געטראָפן מיין עלטערן ברודער לעזן א ביכל, פלעגט ער מיט אים פּרוּוון אריינגייען אין א וויכוח, וועלנדיק וויסן ווי ווייט ער איז שוין דערגאַנגען, און פרעגט אים: צו טראכסטו חלילה אז עס איז נישטאָ קיין גאָט אויף דער וועלט? מיין ברודער האָט אויסגעמיטן צו ענטפערן, נישט וועלנדיק מצער זיין אונזער טאַטן.

אין אונזער געסל זיינען איינציקווייס אויסגעוואַקסן וואַרשטאַטן. די יוגנט האָט אָנגעהויבן ווערן בעלי מלאכות.

ביי אונז אינדערהיים איז געווען א היטלמאַכער וואַרקשטאַט אַנטקעגן־איבער, שימע חאַבעס זין האָבן געהאַט א שטעפּער וואַרקשטאַט, און אויך די צוויי ברידער מייטליס זיינען געווען שטעפּערס. די זין פון ר' שלמה'לה יומהל'ס האָבן זיך גענומען לערנען טריקאָטאַזש. און אזוי איז אונזער מאַמע געוואָרן לייכטער צו שלעפן די פּעק מיט פלייש קיין סאָסנאָוויצע.

צו יענער צייט האָט דאָס שטעטל אָנגעהויבן פּאָליטיש אויפצוואַכן. עס האָבן זיך געעפנט פּאַרטיי לאָקאַלן פון אַלע ריכטונגען, פון רעכטס „אגודת ישראל" ביז „בונד" און קאָמוניסטן. א קליין שטעטל — און עס האָט געקלעקט יוגנט פאַר אַלע פּאַרטייען.

אין אַלע ווינקלעך פון שטעטל זיינען פאָרגעקומען שטורמישע דיסקוסיעס, און נישט איינמאָל האָבן זיך די דיסקוסיעס געענדיקט מיט קלעפּ.

מיין עלטסטער ברודער האָט שוין דאַמאָלט פאַרדינט. ער האָט פאַר מיר באַשטעלט א קורצן אַנצוג וועלכן איך האָב זיך נאָך דאַמאָלס געשעמט אָנטאָן, נישט וועלנדיק פאַרשאַפן מיינע עלטערן קיין עגמת נפש, ווייל נישט ווייניק האָט די מאַמע געליטן פון אונז ווען מיר זענען געווען קליינע קינדער. דאָך פלעגן מיר שבת נאָכמיטאָג זיך לאָזן אין גאַס אריין, אין לאָקאַל פון „פרייהייט" וואָס מייטליס און חיימאָוויץ האָבן געגרינדעט.

אין די זומערדיקע טעג פלעגט די יוגנט ווייניק פאַרברענגען אין די פּאַרטיי לאָקאַלן. דער וואַלד, די קראַקעווער גאַס איז געווען אַלעמענס לאָקאַל. דאָרטן האָבן זיך געטראָפן גרופּנווייז ייִנגלעך און מיידלעך כמעט פון אַלע פּאַרטייען, און פריילעך פאַרבראַכט אזוי ווי יוגנט אונטערן פרייען הימל. פון מיין גרופּע ליגט מיר נאָך ביז היינט אין זכרון איין חברטע האַקמאַן וועלכע האָט זיך אויסגע־צייכנט מיט איר פריילעכקייט, כאָטש זי האָט נישט געשטאַמט פון קיין רייכער היים. זי האָט פשוט נישט געוווּסט וואָס הייסט אומעטיג זיין.

שבת אָוונדיקע שפּאַצירן האָבן שוין געהאַט מער א ראָמאַנטישן כאַראַקטער. דאָ האָט מען שוין געטראָפן פאַרליבטע פּאָרלעך שפּאַצירנדיק ביז צום טייך אָדער קיין לאָבזעוו און אויף אַלע אַנדערע וועגן אונטערן שטעטל.

נאָר די מער אַקטיווע פּאָליטישע יוגנט האָבן פאָרטגעזעצט זייערע שפּאַצירן ביז שפּעט ביינאַכט אין מאַרק און שפּאַצירט און דיסקוטירט ביז מיד ווערנדיק.

איך דערמאַן זיך, ווען איך מיט די חברטע זאַשע זיינען אויסגעוועלט געוואָרן צו פאָרן אויף א זומער קאָלאָניע פון דער „פרייהייט" וואָס איז פאָרגע־קומען אין א דאָרף אין די בעסקידן, ווו מיר זיינען געשלאָפן אין סטאַדאָלעס אויף היי, אין די טעג זיך געלערנט און געאַרבעט, און זער פריילעך פאַרבראַכט.

דאָרט איז צו אונז געקומען דער חבר טאַבענקין פון ארץ ישראל און אין די אָוונטן געהאַלטן פאַר אונז פאָרטראָגען. נאָך ביז היינט זענען ביי מיר געבליבן אין זכרון זיינע ווערטער ווי ער האָט געשילדערט דאָס לעבן אין ארץ ישראל, ווו עס ווערן פאַרווירקלעכט די ציוניסטישע סאָציאַליסטישע אידעאַלן. איך געדענק ווען ער האָט איינמאָל ביי פאַרענדיקן זיין רעפעראַט געזאָגט: ווען אויף דער וועלט וועט זיך שוין הערן די מוזיק פון באַפרייאונג וועט דאָרט פעלן די יידישע מוזיק, אויב מיר יידישע חלוצים און יוגנט וועלן נישט באַווייזן צו שאַפן אין ארץ ישראל א באַזע פאַר יידישע נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע באַפרייאונג.

באַגייסטערט זיינען מיר פון דאָרט אַהיימגעפאָרן און זיך גענומען צו אונזער טאָג־טעגלעכע אַרבעט.

יוסף ישראל וועלנער (ארצות הברית)

# איבער בעלי צדקה און גמילות חסד אין וואַלבראַם


יוסף ישראל וועלנער

מיין ברודער ירחמיאל ע"ה האָט געהאַט א שווער לעבן אָן א מוטער, וואָס איז געשטאָרבן אין 1919 אין די טיפוס עפּידעמיע. דעריבער איז ער נישט געווען זייער אַנטוויקלט און נישט ביים בעסטן געזונט. ווען ער איז געקומען אין נאַצישן לאַגער וואו ער האָט געהאָרעוועט שווער און האָט געמוזט שפּאַנען יעדן טאָג אַכט קילאָמעטער, איז אים געשוואָלן געוואָרן א פוס און ער האָט נישט געקאָנט גיין צו דער אַרבעט, האָט אים דער דייטש ימ"ש צוזאַמען מיט נאָך שוואַכע יידן אַרויסגענומען צום דערשיסן. אַזעלכע זאַכן האָבן פּאַסירט יעדן טאָג. דער דייטש האָט אַרויסגענומען די שוואַכע און זיי אויסגעשאָסן. מיין ברודער איז אים געפאַלן צו זיינע פיס און האָט אים געבעטן: דערשיס מיך נישט, איך קאָן אַרבעטן. עס האָט נישט געהאָלפן קיין בעטן. אַכצן טעג אין כסלו האָבן אים די פאַרשאָלטענע דייטשן אומגעבראַכט.

מיין פאָטער משה יצחק האָט געצויגן זיין פּרנסה פון זיין זייגערמאכער־געשעפט און פון האנדלען מיט צירונג, אָבער זיין הויפּט־באשעפטיקונג איז געווען צו זאָרגן פארן כלל אין אונזער שטאָט וואָלבראָם. ער האָט דאָס געטאָן שלא על מנת לקבל פרס. ווי לאנג איך געדענק, איז ער געווען גבאי פון די חברות: תלמוד־תורה, ביקור־חולים, חברה אחיעזר און חברה־קדישא. ער איז אויך געווען גבאי אין אלקעסאנדערער שטיבל, גבאי פון כולל פארן רבי׳ן פון אלעקסאנדער. די מייסטע צייט האָט ער אָפּגעגעבן פאר דער חברה „ביקור־חולים״, וואו אויך שמעון בעקער איז געווען גבאי. מיין פאָטער איז אויך געווען מוהל.

אין שטאָט האָט אויך עקזיסטירט א פרויען־פאריין. די צוויי חברות ביקור חולים און דער פרויען־פאריין האָבן געארבעט צוזאמען, און אז אן אָרעמאן האָט געדארפט קריגן אן אומזיסטע מעדיצין, האָט ער געמוזט האָבן די אונטער־שריפטן פון מיין פאָטער און פוןביילע בריינדל, דער גבאי׳טע פון פרויען־פאריין.

אין וואָלבראָם האָט מען זייער געהאלטן פון דער מידה פון הכנסת אורחים און פון צדקה. איך האָב געהאט די געלעגנהייט צו זען די ביכלעך פון די צדקה חברות. יעדן פרייטיק איז ארומגעגאנגען איבער דער שטאָט יעקב חזן מיטן ביכל פון דער חברה „ביקור־חולים״ און בנימין סקלאזש מיטן ביכל פון דער תלמוד־תורה און יעדער ייד האָט געגעבן וויפיל ער האָט געקאָנט, פון פינעף גראָשן ביז 30 גראָשן א וואָך. דאָס ביכל פון דער חברה אחיעזר איז געווען ביי לייזער ציגלער. און ביילע בריינדל האָט איינקאסירט דאָס געלט פארן פרויען־פאריין. דאָס געלט איז דערנאָך פארטיילט געוואָרן לויט דער ערלעכער און יושר׳דיקער אָפּשאצונג פון די גבאים. קיין אָרעמקייט האָט אין וואָלבראָם נישט געפעלט. ווען עס איז געקומען פאר׳ פסח, זיינען דער רב און מיין פאָטער און נאָך א פּאָר גבאים געגאנגען צונויפזאמלען פאר מעות חיטין, און פאר ווינטער זיינען זיי ארומגע־גאנגען זאמלען געלט פאר באהייצונג פאר די אָרעמעלייט. עס איז אויך געווען א חברה גמילת חסדים, וואו מען האָט יעדן נויטבאדערפטיקן געליגן געלט אָן פּראָצענט. מלך פּאצאַנאָווסקי האָט געבויט איז זיין הויז א בּיוראָ בחינם פאר דער גמילת חסדים־קאסע און איז אויך געווען דער גבאי.

קיין וואָלבראָם פלעגן קומען אָרימע לייט פון אלע עקן פוילן. זיי האָבן זיך זייער גוט געפילט ביי אונז אין שטאָט, ווייל ווי איך האָב שוין פריער דערמאָנט, האָט מען אין וואָלבראָם געהאלטן פון הכנסת־אורחים. איך געדענק, אז עס זיינען געקומען צו אונז אין שטאָט פארשידענע אָרימע לייט, צווישן זיי גרים, און לערנערס. אלע האָבן זיך געפילט זייער גוט ביי אונז. עס איז למשל געקומען קיין וואָלבראָם א ייד, וואָס מען האָט אים גערופן לחַי. ער איז געווען נישט גאנץ נאָרמאל, אָבער ער איז געווען א גרויסער לערנער. ער איז פארבליבן אין וואָל־בראָם שיינע עטלעכע יאָר. און אויך דער גר־צדק איז געווען אין וואָלבראָם א לאנגע צייט און נאָך א סך אנדערע. ווען ס׳איז געקומען פרייטיק פארנאכט, האָט לייבעלע שמש און דערנאָך אפרים שמש זיי פארטיילט אין אלע שטיבלעך און בתי־מדרשים.

עס זיינען אין וואָלבראָם געווען איין שול, צוויי בתי־מדרשים און 12 שטיבלעך: צוויי אלעקסאנדערער, צוויי גערער, איין אגודה, איין ראדאָמסקער, איינס ביי מרדכי דראך, איינס ביי ר׳ יוסף׳ס, איינס ביים רבין ר׳ שלום, איינס ביי ר׳ סענדער ליפא, איינס ביי די האנטווערקער, און א מנין ביים רב ר׳ שלמה לאָזער זילבערבערג.

די אויפגאבע פון די חברות איז געווען צו העלפן די אָרעמעלייט פון אונזער שטאָט. די חברה אחיעזר למשל האָט געהאָלפן נויטבאדערפטיקע מיט געלד; די חברה ביקור־חולים האָט אויסדריקלעך געהאט דעם ציל צו העלפן קראנקע מיט רפואות, מיט געלט, מיט שיקן קראנקע אין קור־ערטער און אויך פאַרזאָרגן יידן, וואָס זאָלן וואכן ביי קראנקע. דערמיט האָט זיך דערעיקרשט פארנומען מיין פאָטער. ער אליין פלעגט גיין איינמאָל אָדער צוויי מאָל א וואָך נעכטיקן צו א קראנקען, אָדער ער פלעגט שיקן מענשן פון דער חברה, און אז עס איז נישט געווען וועמען צו שיקן צום קראנקען, פלעגט די חברה באצאָלן פאר א וואך־מענש. איך וויל דאָ ברענגען עטלעכע ביישפילן אויף צו ווייזן, אין וואָס ס׳איז באשטאנען די ארבעט פון א גבאי פון ביקור־חולים. איינמאָל קומט אריין אלטער, יעקב לאָזערס זון, און זאָגט צו מיין פאָטער, אז זיין טאטע איז שטארק קראנק. מיין פאָטער איז ארויפגעגאנגען צו יעקב לאָזערן און אים געטראָפן ליגן אין א שרעקלעכן צושטאנד. די דירה איז געווען א שלעכטע, דער ריח איז געווען נישט צום אויסהאלטן. איז מיין פאָטער געגאנגען צו מיכאל פערלמוטער, גענומען א 96׳ער בראָנפן און א באליע. ער האָט אויפגעקאָכט וואסער, אריינגע־זעצט דעם חולה אין דער באליע און אים געוואשן. דאן האָט ער געבראכט פרישע וועש פון דער היים, האָט איבערגעצויגן דאָס בעט און האָט דעם אלטן ממש מחיה געווען. מיין פאָטער האָט דעם קראנקען נאָך באזוכט אזוי עטלעכע טעג ביז ער איז געשטאָרבן. ער איז געווען אין עלטער פון איבער אכציק יאָר.

משה ראָזענבאום „ביק״ האָט אין דער מלחמה חתונה געהאט מיט טעמע זילבערמינץ, א חברה מיינע פון הנוער הציוני. זיי האָבן זיך אויסבאהאלטן מיט א קינד ביים פאָרעמבער גלח. קורץ פאר דער באפרייאונג האָט דער גלח זיי ארויסגעטריבן. אינדרויסן האָט אויף זיי געוואַרט א פוילישער פאָליציאַנט און ער האָט זיי דערשאָסן, הי״ד.

איצט וויל איך דערציילן וועגן דער לעצטער חברה „קץ כל אדם״, חברה־קדישא. די חברה האָט נישט געדארפט זאמלען קיין געלט וועכנטלעך, ווייל זיי האָבן באקומען געלט פאר קרקע׳ס. ראובן פראָמער און לייזער ציגלער זיינען געווען די גבאים ראשונים. דאן זיינען געווען יאָסל האבערפעלד, דער געלער ראובן מייטעלעס און מיין פאָטער. נאָך יעדן שמחת־תורה פלעגט ביים געלן ראובן מייטעלעס זיין א שמחה פון דער „חברה־קדישא״. געלט האָבן זיי געהאט גענוג און ראובן מייטעלעס פלעגט אויך נישט זשאַלעווען א ביסל משקה. ער האָט געהאט א ברייטע האנט. אלעמאָל האָט מען געהאט אין זינען צו וויילן נייע גבאים. אָבער אזוי ווי מ׳איז געוואָרן בגילופין, האָט מען שוין באשטעטיקט די אלטע גבאים און מען האָט געטרונקען לחיים. אָבער די אלע חברות האָבן זיך



די טעכטער פון משה יצחק און אסתר וועלנער
רחלביילע, שרהלה



וואָלף וועלנער ומשפחתו

געפירט זייער דעמאָקראטיש און אומפּאַרטייאיש, צו העלפן די ליידנדיקע אלע גלייך.

וואָלבראָם האָט געהאט נישט בלויז אָרעמע לייט פון דער פרעמד, נאָר אויך אירע אייגענע. איך וויל דאָ אויסרעכענען די טירן־גייערס: דער אלטער משה ע״ה פלעגט אריינקומען יעדן פרייטיק. ער האָט נישט געוואָלט נעמען מער ווי איין גראָשן. ער האָט געזאָגט, אז דאָס איז זיין צדקה, נישט צו נעמען מער.

דאָס יידישע לעבן אין וואָלבראָם איז געווען פארשידנפארביק. עס זיינען געווען חתונות און לוויות און — אויך מחלוקתן וועגן דאַזאָרעס, וועגן שוחטים און אנדערע כלי קודש. זעקס חדשים פארן אויסברוך פונעם קריג האָט דער סטאַראָסטע אויפגעלייזט די קהילה צוליב די מחלוקת און ער האָט באַשטימט פינעף דאַזאָרעס — הענעך לאנדאו, ד״ר אייזענשטאט, אברהמלע וויינשטיין, משה יצחק וועלנער און ביבעק מיטעלמאן. די קהילה איז געווען טעטיק ביז דעם חורבן. בעתן אריינמארש פון די דייטשן האָבן מיר זייער מורא געהאט, אז זיי וועלן ארעסטירן צוערשט די קהילה מענטשן. מיין פאָטער און איך און צוויי ברידער זיינען אנטלאָפן. מיר זיינען בלויז געלאָפן ביז מיעכאוו און די דייטשן האָבן אונז אָנגעיאָגט.

---

ישראל מענדל זילבערמינץ

# צוויי געשטאלטן

## א.
## דער קאצאפ

יחיאל דוד זילבערמינץ, אָדער ווי מען האָט אים גערופן מיט זיין צונאָמען דער „קאצאפ״, איז געבוירן געוואָרן אין וואדיסלאוו אין יאָר 1844, און אלט זייענדיק פיר יאָר איז זיין מוטער, אן אלמנה מיט דריי קליינע קינדער, געקומען זיך באזעצן אין וואָלבראָם, וואָס האָט זיך אין יענע יאָרן גערעכנט אין דער געגנט אלס גרויסע שטאָט. אין זיין פריסטער יוגנט האָט ער זיך שוין געלערנט דאָס פאַך בעקעריי. און ווען די רוסישע מאכט האָט אָנגעהויבן בויען די באן ליניע אין וואָלבראָם, האָט ער געבאקן ברויט פאר די רוסישע אַרבעטער (קאצאפן), וועלכע האָבן געבויט די באן ליניע, און זייט דאמאָלס האָט מען אים גערופן „דער קאצאפ״. פון צוועלף קינדער זיינען אים געבליבן ביים לעבן נאָר זעקס. אין וואָלבראָם האָט ער געהאט פינף און פינפציק אייניקלעך. ער האָט זיך קיינמאָל נישט געאיילט, ווי ער וואָלט געוווסט אז עס איז אים נאָך באַשערט צו לעבן א סך יאָרן. אין וואלבראָם האָט ער געלעבט ניינציק יאָר.

אלע זיינע יאָרן האָט ער געארבעט. און מיט אים האָט מיטגעארבעט זיין גאנצע משפחה. זיין בעקעריי איז געווען די איינציקע אין שטאָט וואָס איז אָפן געווען בייטאָג און ביינאכט. און אין קאלטע ווינטער נעכט, ווען דאָס שטעטל איז

געשמאק געשלאָפן, איז ביים קאַצאַפּ געווען אָפן, און יעדער האָט געקאָנט פריי אריינגיין, אוועקזעצן זיך אָפּרוען, אָנוואַרעמען זיך, און עסן א פרישע בייגל. אין גאס פאר זיין בעקעריי זיינען געשטאנען די בעלי־עגלות וואס האָבן געפירט פאסאזשירן צו די באַן, און פון די באַן סטאציע, דאָ האָבן זיי געהאט זייער סטאציע. און פרעמדע פאסאזשירן וועלכע זיינען געקומען אין שטעטל אריין אין דערמיט נאכט, האָבן ביז פרי דערוויילע געכאפט א דרימל ביים וואַרעמען באַק אויוון, אָדער גאָר אויפן פּיעקעלעק, נאָכן אָפּעסן עטלעכע בייגל. ער האָט קיינמאָל נישט קאָנטראָלירט צי די עסערס האָבן באצאָלט פאר די בייגל. ער האָט געגלויבט אז יידן זיינען ערליך. און אז א ייד עסט א בייגל און באצאָלט נישט, פלעגט ער זאָגן, איז א סימן אז ער האָט נעבעך נישט קיין געלט. דערפאר דאַרף ער ליידן הונגער?

ער האָט ליב געהאט העלפן יידן. האָט ער טאקע צו דעם צוועק אויסגע־נוצט זיינע עטליכע הונדערט אָפּגעשפּאָרטע קערבלעך וועלכע זיינען געווען איינגעטיילט אין טאַרבעלעך, און יעדעס טאַרבעלע האָט געהאט א נאָמען.

יעדן זונטיק פלעגן יידן קומען זיך באָרגן געלט. האָט ער יעדן געגעבן זיין טאָרבעלע, און יעדן פרייטיק פלעגן זיי די טאָרבעלעך צוריקברענגען, און ער פלעגט עס היטן ביז איבער שבת, און זונטיק עס ווידער צוטיילן. ער פלעגט זעלטן ארויסגיין פון שטוב. און אז עס האָט זיך געמאכט אמאָל אז ער האָט געמוזט גיין פרייטיק צו נאכט, אויף א "זכר" ביי אן אייגענעם, האָט ער אָנגעזאָגט די קינדער זיי זאָלן היטן די טאַרבעלעך.

דאווענען אין שול פלעגט ער נאָר שבתים און ימים־טובים. ביים דאווענען איז ער קיינמאָל נישט געזעסן. אפילו אין יום־כפור פלעגט ער שטיין א גאנצן טאָג און נישט אוועקזעצן זיך.

יעדן פרייטיק פלעגט ער גיין אין מקוה אריין זיך באָדן, און נישט איינמאָל האָט פאסירט אז ער איז צוריק געקומען, אין די שמוציקע וועש, און די קלאָרע וועש וועלכע ער האָט מיטגענומען אין באָד אריין איז ערגיץ פארשווונדן. ער האָט שוין געפונען עפּעס א תירוץ, אָבער אלע אין שטוב האָבן געוווּסט דעם אמת, אז די וועש האָט ער אין באָד אוועקגעגעבן אן אָרעמען יידן. און אזוי פירנדיק זיך האָט ער באוויזן אויפצושטעלן אין שטאָט איינע פון די פארצווייגסטע ארבעטער משפחות, וועלכע האָבן געלעבט צוזאמען ווי איין פאמיליע.

איצט איז די משפחה מער נישטאָ. געבליבן בלויז עטליכע אייניקלעך. די איבריקע זיינען אומגעקומען צוזאמען מיט די גאנצע וואלבראָמער קהילה.

## ב.

## טוביה איסר ריינשטיין (אָדער טוביה מלכה רחל'ס).

טוביה בעקער איז געווען דעם קאַצאַפּס אן איידעם. ער איז געווען א פשוטער ייד, מער ווי דאווענען און זאָגן א קאַפּיטל תהילים האָט ער נישט געקענט. אָבער געווען א ייד מיט א יידיש האַרץ. זיין לעבן איז באשטאנען פון דריי זאכן: ארבעטן, דאווענען און געבן צדקה.

נישט געווען קיין גרויסער בר מזל, אָבער געווען א גרויסער בר מזל צו קינדער. צוויי און צוואנציק קינדער זיינען ביי אים געבוירן געוואָרן. ער האָט זיך שטענדיק געאיילט, ווי ער וואָלט מורא געהאט אז ער וועט עפּעס פארשפּעטיקן. ווען די צייט פלעגט אים נאָר דערלויבן פלעגט ער לויפן אין בית המדרש אריין מיט א גרויסן טלית און תפילין־זאק. אָבער אינם זאק זענען געלעגן ברויט אָדער חלות, וועלכע ער האָט דאָרט אוועקגעגעבן. ער פלעגט אויך פאסטן יעדן דאָנערשטיק. די סיבה פון פאסטן האָט ער געהאלטן פאר א סוד, בלויז איינצעלנע מענשן דערציילט. און דערציילט האָט ער אז ער האָט געדינט אין די רוסישע ארמיי זעקס יאָר, און דורך די גאנצע צייט זיך נישט ראזירט די באָרד און נישט געגעסן טריפה, אָבער זייענדיק אויפן פראָנט אין מאנזשוריע אין די רוסיש־יאפּאנישע מלחמה האָט ער געליטן הונגער. האָט ער געכאפּט א הינדל, עס אליין געשאָכטן, אָפּגעבראָטן און אויפגעגעסן, און פאר די עבירה טוט ער תשובה.

עס האָט אמאָל פּאסירט אז ס'איז צו אים אריינגעקומען יענקל צוקערבעקער בעטן ביי אים א נדבה פאר עמיצן. גראַד האָט זיין ווייב איבערגעלאָזט ביי אים עטליכע הונדערטער וועלכע ער האָט געדארפט באצאָלן א חוב פאר מעל, און אזוי ווי זיינע הענט זיינען געווען מיט טייג, האָט ער געזאָגט יענקלן ער זאָל זיך אליין ארויסנעמען פון טאש. וויפיל, פרעגט אים יענקל? וויפל סא'יז דאָ, ענטפערט ער אים. וועגן חוב האָט ער פארגעסן, און ווען דער בעל חוב איז געקומען מאנען דאָס געלט, האָט ער זיך דערמאנט אז יענקל האָט ארויסגענומען דאָס גאנצע געלט. זיין מזל איז געווען אז יענקל דער צוקערבעקער האָט נאָך נישט געהאט צעטיילט דאָס געלט צווישן די אָרעמעלייט. אויך זיין ווייב מלכה רחל איז נישט אָפּגעשטאנען אין צדקה געבן פון טוביה'ן. אלע זיינען אומגעקומען אין גרויסן חורבן. פון די משפחה איז קיין איינציקער נישט געבליבן.



טוביה רינשטיין האופה
טוביה ריינשטיין דער בעקער



ישראל דוד זילבערמינץ (קאצאַפּ)
דער בעקער קאצאפ (זילבערמינץ)



ראובן פרומער ומשפחתו
ראובן פרומער מיט זיין פאמיליע



משפחת זילבערמינץ, ממנה נשארו בחיים רק שניים



משה בן ראובן פרומר



קבוצת וולברומאים ברוסיה בזמן המלחמה
וואלבראָמער בעת׳ן קריג אין רוסלאנד



קבוצת החלוץ „פרייהייט"



חיים וואָלף זילבערמינץ און זיין פרוי טעבלה



רחל פרענקל
אשת מרדכי הלל פרענקל

מאיר קיבקוביץ

# בראשית העליה השלישית

## (זכרונות)

### א.

היה זה לפני 42 שנה, מיד לאחר פרסום הצהרת בלפור הידועה; רוח חדשה־רעננה החלה לנשוב בישובים היהודיים בפולין, וגם אלינו, לוולברום, הגיעה חיש מהר. בעקבות ההתעוררות הציונית הוקמו סניפי ההסתדרות הציונית בישובים שונים והוחל בשליחת חברים לא״י. גם סניף ההסתדרות הציונית בוול־ברום החליט על שליחת מספר חברים לא״י, וכך איתרע שיצאנו, חמישה חברים־חולמים, לדרך ארוכה, רווית קסם והרפתקה.

יחד עם שטרק אברהמצ׳ה, יהודה פרנקל, ידידי האישי שנפטר זה לא כבר, עוזר זונבנד ויעקב פישל, יצאנו מיד עם סיום מלחמת העולם הראשונה לגרמניה, ומשם הגענו להולנד. כאן נאלצנו להפסיק זמנית במסע, הואיל ובגלל נסיבות שהזמן גרמן — מלחמת העולם הראשונה — היו עדיין דרכי הים חסומות. כך השתקענו באופן ארעי בהולנד, והואיל ולא יכולנו להמשיך בדרכנו, החליטה ההסתדרות הציונית בהולנד להפוך אותנו לגרעין חלוצי כדי להכשירנו לעבודה מעשית בארץ. במסגרת תכנית זאת למדתי שנתים גננות.

היתה זאת התקופה היפה ביותר בחיי. תמיד הנני שמח להזכר בה ולראות מחדש בדמיוני את השדות המוריקים, את הבתים ההולנדיים הקטנים והנוחים, את האנשים האדיבים ואת האוירה הכללית הרוגעת והשלווה.

### ב.

שנת 1920. פצעי המלחמה הגלידו קמעא. החיים חזרו אט־אט למסלולם. נתיבות הים והיבשה נפתחו מחדש, ואנו מצאנו עצמנו חיש מהר בדרך ארצה, ולא עברו ימים רבים וראינוה במו עינינו.

החיים בא״י בשנות העשרים של המאה העשרים היו מענינים מאד, מלאי מתח, אך קשים. עוד בהולנד נוסדה ע״י הד״ר ז. סוסקין המנוח קבוצה שהיתה מיועדת לערוך נסיונות חקלאיים בתחנות מיוחדות לפי השיטה הידועה שלו, בשם „שיטת סוסקין". וכך הגעתי לשוני (ליד בנימינה), ששימשה תחנת נסיונות למטרה זאת. במקום זה משלה בכיפה קדחת טרציאנית והפילה קרבנות רבים. גם אני נפלתי לה קרבן. לאחר מכן עבדתי כפועל בנין בתל־אביב ובמסילת הברזל סרפנד־לוד. העבודה היתה קשה מאד, לא לפי הרגלי העבודה שקניתי לעצמי בעיר מולדתי, והרבה מעל לכושר העבודה הפיזי שלי. אך בכל זאת היינו מאו־שרים, מלאי מרץ ותקווה. עד שבאו מאורעות מאי 1921, וחלומותי היפים גזו. (אגב, במאורעות אלה נפל חברנו משה הברפלד ז״ל).

חליתי, ולפי הוראת הרופאים נאלצתי לחזור לפולין, לוולברום. זכר הימים,

הקצרים אך מלאי הענין מא״י, לא מש מזכרוני אפילו יום אחד, וכך החלטנו לעלות שוב לא״י, ובמהרה הוצאנו החלטה זאת מן הכוח אל הפועל: בשנת 1933 עלתה משפחתי ביחד עם משפחתו של חברנו יחיאל פולטורק לארץ, ושוב לא עזבנו אותה יותר.

---

עובדיה גוטליב

# עיירתי וולברום

(קטעים מזכרונות ימי נעורי שעברו עלי בעיירה זו)



עובדיה גוטליב

פרק .

אתאר בקצרה מראה פני העיר וסביב[ת]ה בראשית המאה הנוכחית. אגב תיאורים ישו[...] בבו בפרק זה גם תיאורי דמויות, חו[...]ת ומאורעות שונים. הכל לפי ה„סדר" שבנ[...]ח זכרוני להעלותם.

## א. המבנה הכללי של העיר

כיכר השוק, מרובע כ־150 על 150 מט[ר] מוקף 7 בתים מכל צד (לא פחות ולא יותר) ה„מרכז המסחרי" של העיר. מכל פינותי[ו] מסתעפים 2 רחובות (לא פחות ולא יותר) מהם „ארוכים", אשר ברובם „יוצאים" ומת[...] חברים עם „דרכי המלך" המובילות למרחקים, ומהם קצרים, הנפסקים בקצה העיר וגובלים בשדות זרועים או באדמות מרעה, ללא דרך יותר, כשכולם מסתעפים לסמטאות וסמטי־סמטאות. כזהו, בקווים כלליים, היה מראה מבנה העיר, בדומה ליתר ערי פולין, הבנויות בסגנון טפוסי זה של עיירות אירופה המרכזית והמזרחית.

## ב. השוק

בימים ההם היו רוב רובם של בתי העיירה בנויים מעץ, ורק 7 הבתים בצדו הדרומי של כיכר השוק, ועוד בית אחד בפינתו הצפונית־מזרחית מול בית־היראה של הנוצרים, היו בנויים אבן. בתי אבן אלה היו בני שתי קומות בעוד שבתי העץ היו נמוכים וברובם בעלי קומה אחת.

במרכזו של השוק היתה הבאר, בעלת 2 משאבות, אחת שהופעלה בעזרת 2 גלגלים, ולצד השניה משאבת־יד רגילה, אלכסונית. זו ש„על גלגלים" היתה

לעתים קרובות מקולקלת והגלגלים הסתובבו ל„ריק". וכשהיתה ב„מצב מיוחד" כזה, ניצלנוה, אנו הזאטוטים, בתכלית הניצול, התחרינו במהירות סיבוב הגלג־לים — במצב ה„שאיבה לריק" היתה זו עבודה קלה — ולא הרפינו ממנה עד שתיקנוה מחדש או עד — וגם זה קרה — שמי שהוא מהנערים תחב — תוך סקרנות — אצבע לתוך גלגלי השינים, שהיו תמיד פתוחות... ונפטר מאצבעו או אף מכל כף היד לעולמים... (מעשה שהיה).

כ־50 צעד מזרחה לבאר עמדה שורה של צריפי עץ, כ־20 במספר, ששימשו כאטליזים, מהם סיפקו קצבי וולברום בשר בקר ועגל לעקרות הבית של כל העיר.

לימים, כשר׳ ישראלקה גרוסמן בנה מחדש את ביתו הגדול, לאחר שהישן, של עץ, נשרף ב„שריפה הגדולה", והקצה אגף שלם לבנית שורה של חנויות קטנות, שכרו הקצבים חנויות אלו, העבירו לשם אטליזיהם והצריפים שבשוק נהרסו.

עם הריסתם של הצריפים נהרס גם משכנם ושטח מחיתם של מאות חולדות ועכברושים, מהם שגדלם הגיע לגודל חתולים, שהיו „מסתופפים בצלם" של צריפים אלה, מבלי שידע איש על קיומם בממדים כאלה... שבועות רבים נמשך הציד וההרג ע"י נערי הקצבים וסתם „גויים", ששכרום במיוחד ל„עבודה" זו. ורק יחידים — לרוב מהסוג הקטן שהיו יותר זריזים — הצליחו להימלט למרתפי הבתים הסמוכים ולהציל את נפשם...

ב־40 החנויות שבשוק התרכז עיקרו של הסחר במוצרים תעשיתיים: טכס־טיל, ברזל, טבק, עורות, סדקית, עור וכו׳ שהיה רובו ככולו בידי יהודים (רק חנות אחת היתה של „גוי"), 4 בתי מזיגה (2 של גויים) וכמה מאפיות.

לאחר הריסת הצריפים סללו את השוק וריצפוהו במין אבנים מיוחדות, שקציהן מחודדים וראשיהן עגולים. לא זכרו לי אם השוק היה מרוצף לפני כן או שרוצף מחדש. עכ"פ, המרצף — יהודי היה (אינני זוכר את שמו), וכמה „גויים" עזרו על ידו בהגשת אבנים וחול.

## ג. התאורה

תאורה לא היתה בימים ההם, הסתפקו באור הבוקע מתוך החנויות, וכשאלה נסגרו שרר חושך ואפלה. וכשהגיע היום והעמידו מנורת ה„לוקס" הראשונה — היה זה מאורע. דומני, כי „דודיק", מסגר פולני, שביתו היה בכיכר השוק, היה „ממונה" על הדלקת ה„לוקס" (לא כל בן־אדם פשוט היה מסוגל לכך, והיה צורך ב„ידע" מסוים...), ובעת ה„הדלקה" הראשונה התאספו המונים לראות ב„פלא" זה. אנחנו, הנערים, המשכנו לראות במחזה זה עוד ימים רבים וללוות כל „הדלקה" בתרועות גיל...

יום אחד יצאה גזירה מטעם ה„מלכות" — אינני זוכר אם היה זה לפני העמדת ה„לוקס" או לאחריה — שעל כל בעל־בית לתלות פנס בשער ביתו ולהאירו במשך כל הלילה. על פנסים אלה היו כתובים באותיות אדומות שם הרחוב ומספר הבית. זוכרני כי הכתבות היו בשפה הרוסית בלבד (מספר הבית שלנו, „רינוק מספר 4", עומד איתן בזכרוני).

האופטימיסטים ראו ב„גזירה" סימן לקידמה ולפרוגרס, שבעקבותיהם יבוא בוודאי גם החופש. לעומתם, טענו הפסימיסטים, כי „מלכות הרשעה" לא לתאורה התכוונה אלא להקל בכך על „עושי החיפושים" למצוא על נקלה את הכתובת שנמסרה ע"י המלשינים למיניהם: על מבריחי סחורות, מורדים במלכות או על סתם עבריינים...

גיסי לייב הירש היה סבור, כי ה„צייר" שצייר את הכתובות על הפנסים בצבע אדום, אחד „מאנשי החברה" היה, ורצה באופן כזה ל„התנקם" בממשלת הצאר...

עוד 2 „גזירות" דומות זכורות לי. האחת, וזו באה מטעם כבאי האש שבעירנו. כשרבו השריפות גזרו על כל בעל־בית להעמיד ליד שער ביתו חבית מלאה מים... „גזירה" זו בוטלה עם עבור הקיץ ולא־נתחדשה יותר. ה„גזירה" האחרונה, וזו נגזרה בתקופה הרבה יותר מאוחרת, נגזרה ע"י „קומנדנט משוגע" שנקלע לעירנו בזמן האוקופציה האוסטרית במלחמת העולם הראשונה. „משוגע" זה דרש לא פחות ולא יותר מכל בעל־בית בעירנו לרחוץ את המדרכה שלפני ביתו יום יום במים ובסבון... וכבר נשמעו הצעות לגזור „תענית צבור" לביטול ה„גזירה"... למזלם של בעלי־הבתים הועבר ה„משוגע" במהרה מעירנו והגזירה בוטלה.

בקשר ל„גזירת הפנסים" שח לי ר' יעקב יזרעאלי ע"ה, שהיה נוהג להזכירני נשכחות, כי בנו של איטשה זלצר, שביתו היה בשוק, היה מתחכם ומוריד „כובעה" של המנורה שהיתה בתוך הפנס. מיכל המנורה קיבולו היה כדי להספיק להאיר לילה אחד, ובכל ערב היה צריך למלאותו. הנ"ל חסך לו גם טרחה יתירה ומילא את מיכלו מערב שבת לערב שבת...

## ד. „שרות התחבורה"

לאורך צדו המערבי של השוק, לפני ביתו הגדול של ר' יוסף־בר פוטש והבתים הגובלים אתו, „קנו להם שביתה" עגלוני העיר, שהסתדרו שם עם עגלותיהם, ובזכותם נשמר שרות תחבורה ותעבורה סדיר בין העיר לבין תחנת הרכבת, שהיתה מרוחקת כ־2 קילומטרים ממנה. עגלונים אלה כולם יהודים היו. מהם נשארו בזכרוני: בר־נטע; שלשת בניו משה, עוזר ובן־זקוניו מרדכילה; לייב, שסוסיו נחשבו ל„אריות" וגיסו אברהם „קראצמיך" או קראצמארובקי".

זה האחרון היה בין הנחשלים ועגלתו היתה רתומה לסוסה אחת בלבד, מפגרת לרוב. במשך כל היום עסקו עגלונים אלה בהובלת סחורות מתחנת הרכבת העירה. לפעמים גם נזדמנה להם „נסיעה מיוחדת", לרוב, כשהיה צורך להבהיל את הרופא מפילץ הסמוכה, למקשה ללדת או לאיזה חולה מסוכן. (משום מה היה הרופא הפילצאי מקובל כעולה במומחיותו על זה שבעירנו. אין נביא בעירו). במקרה האחרון השתמשו לרוב בשרותם של לייב העגלון ושל העוזר בער־נטעס, שהיו זריזים במלאכתם וסוסים „אבירים" להם. „קרצמכובקה" לא בא בכלל בחשבון לשליחות מעין זו... והיה נאלץ להסתפק בהובלת סחורות בלבד בכל זאת, כשעה לפני עבור רכבת מסה"ב, היה הוא תמיד הראשון בשורת העגלונים

שהסתדרו בשוק עם עגלותיהם וחיכו לנוסעים. חבריו ויתרו לו על המקום הראשון, בידעם היטב כי למרות ויתורם סופו לצאת האחרון: הנוסעים, בחששם לאחר את בוא הרכבת העדיפו תמיד את האחרים עליו ורק כשחבריו כולם יצאו כבר, הספיק לאסוף נוסע או נוסעים מספר מהמאחרים, שבאין־ברירה נסעו אתו. ולפעמים קרובות, כאשר התקרבו כבר לתחנת הרכבת, הספיקו עוד לשמוע את צפצוף הרכבת שיצאה בינתיים לדרכה...

„אין צועקין על לשעבר", ועכשיו, לאחר שקרה מה שקרה ובדלית ברירה, לא נשאר להם לנוסעיו, שעתותיו בידם והזמן אינו דוחקם יותר, אלא להשאר בעגלתו של „קראצמיך" ולחכות בסבלנות עד שזה ימלאנה בנוסעים נוספים ויוביל אותם בנחת ובשלום חזרה העירה. אגב, לא תמיד היה „קראצמיך" בין הנחשלים, בעת הצורך היה זריז למדי, ובריב שפרץ פעם בינו לבין גיסו לייב שעלה עליו בכוחו ובגבורתו, לא היה עומד ומחכה עד שמהלומתו של לייב תפגע בו, אלא הזדרז, קפץ עליו ונגס בתנוך אזנו של לייב, והתנוך נעלם ואיננו... בלעהו, ולא נודע כי בא אל קרבו...

פרק ב. על השריפות

## א. „למי צלצלו הפעמונים"

דומני, שכל ילידי עירנו סובלים מאיזה פחד, מין אלרגיה ר"ל, לשמע קול צלצולם של פעמונים. אשם בכך פעמון האזעקה, שהיה קבוע בראשו של עמוד עץ גבוה בטבורו של השוק ע"י הבאר, עשוי נחושת מעורבת, וגגון סכך עליו מפני הגשמים, כדי שלא יעלה חלודה העלולה חס ושלום להחליש את קולו, קול פחדים, שהלך מסוף העיר ועד סופה.

בתחילה, יחידי היה בעיר ולימים, — כשנתנסו בנסיונות מרים ופרצו שריפות „קטנות" בקצה העיר ועד שהשמועה הגיעה לשוק כדי להפעיל את הפעמון, „הלך" בינתיים רובע שלם ועלה באש — הוסיפו לו כמה „פעמוני עזר", האחד ברחוב קראקא והשני ברחוב פילץ. אולם שנים אלה קולם חלש היה ושמשו רק כאמצעי תקשורת, לתת סימן כי פרצה תבערה אי־שם ויש להפעיל את „המז־עיק הראשי" — הוא הפעמון שבשוק.

בעולם הגדול יש ובאמצעות צלצול פעמונים מבשרים בשורות טובות, כמו: הולדת יורש עצר, נצחון סיום מלחמה וכיוצא בהן; פעמון זה שבעירנו לעולם לא בישר טובות ועוד בהיותי תינוק, הכרתיו לדעת ועמדתי על טיבו. בתחילה, היה צלצולו לפעמים משעשע, — היה זה בימי א' בשבוע, בהם היו כבאי עירנו נוהגים לסדר חגיגותיהם ותמרוניהם, ודגל היו תולים על פי הבאר באשמורת הבוקר, ששימש כסימן ליום תמרון, כדי שצלצול הפעמון לא יבהיל את הצבור. אולם, — מאז אותו לילה, כשפרצה השריפה „הגדולה" (הראשונה שאני זוכר), ועוררו אותנו הקטנים משנתנו, הלבישונו בחפזה והזהירו אותנו לא לעזוב את הבית, בשעה שה„גדולים" היו עסוקים באריזת הסחורות שבחנות והכלים שבבית

לקול יבבת הפעמון שאליו נתלוו פעמוניהם של 2 בתי היראה שבעיר — מאז אותו לילה. שנאתי את הפעמון ואת צלצולו, לרבות הצלצולים לשם תמרונים. „לא מדובשך ולא מעוקצך"... ומאז נשארה בי „אלרגיה" לצלצול פעמונים, בדומה לקולות צופרי האזעקה שבימינו, שאינני מחבבם אפילו כאשר מודיעים עליהם מראש, שהם באים לשם נסויים בעלמא...

## ב. שריפות של ממש — השריפה „הגדולה"

השריפה שהזכרתי בפרק הקודם, זו שאכלה את ביתנו, היתה השלישית והאחרונה משלש השריפות שפקדו את עירנו תוך תקופה של 5 שנים ואשר כל אחת מהן העבירה מן העולם חלק ניכר מבניני העיר. קדמו לה 2 שריפות „חשובות": השריפה „הגדולה" וזו של ר' משה באנד.

השריפה הגדולה. נקראת כך מטעם פשוט, היא היתה הגדולה בשלשתן ופרצה בליל קיץ אחד אחרי חצות בשנת 1903, באחד הבתים ברחוב שוינסקה ממערב לכפר השוק, „אכלה" מימינה ומשמאלה, הכל לפי כיוון הרוח באותן השעות הספורות, ועד שהאיר הבוקר הספיקה להפוך מחציתה של העיר (כמעט בדיוק) לערימת רמץ ענקית וארובות מעלות עשן, כאילו הסיקו תנוריהן, מזדקרות ממנה פה ושם... בשריפה זו „נעלמו" צדו המערבי של רחוב קראקא על כל סמטאו־תיהם, צדה המערבי והצפוני של ככר השוק וכמחצית רחוב פיליצה.

באשמורת הבוקר, כאשר החלו כבאי העיירות הסמוכות להגיע ולבוא לעזרתם של כבאי עירנו — לא היה כבר מה להציל, האש דעכה מעצמה. אותה שעה, עמדו כבר „הנשרפים" וחיטטו ברמץ שנשאר מבתיהם, שמא ימצאו בו משהו מכלי בתיהם הראוי עוד לשמוש.

## ג. הכבאים שבעירנו

כבאי עירנו מעולם לא הצטיינו בכבוי דליקות. היו אומרים עליהם שהם „גבורים" בשעת עריכת תמרוניהם ו„מומחים" לשתית בירה וזלילת נקניקים ביום חגיגתם, שערכו מדי שנה ביער „הלבן", והיו מטילים עליהם האשמה שלא עשו מאומה למנוע התפשטות האש והשתוללותה. למען האמת יש להגיד שאין זה נכון לגמרי. הם היו לא יותר טובים ולא יותר גרועים מכבאי יתר העיירות שבסביבתנו, אלא שהנסיבות גרמו לכך שיקרה מה שקרה: א. הכבאים כולם מתנדבים היו. ב. משום מה רוב רובו של הצבור היהודי לא התנדב ובין 30—40 הכבאים היו רק 3—4 מבין הצבור היהודי. ג. ה„איסטרטגיה" הקבועה, שבתוקף התנאים, יתכן שאי אפשר היה לשנותה. טול למשל, השריפה „הגדולה" שתו־ארה לעיל:

הרחובות שנשרפו כל בתיהם בתי עץ היו. אחוזים ודבוקים אחד לשני, ולא עוד, אלא שחלק ניכר מהם היו מכוסים בגגות עשויים רעפים קלועים מקש. בפרוץ אש בטבור „בלוק" בנין עץ כזה, באמצע ליל קיץ חם, ובטרם הספיקו הכבאים להתלבש היה כבר ה„בלוק" כולו אחוז להבות — אין לך — אם ברצונך לבלום את האש באיזה מקום שהוא — אלא לבדוק את כוונו של הרוח ועל פיו

**אריה פרענקל**

# געשטאלטן

## א. מאָטל מייזלס

די געשטאלט פון מיין חבר מאָטל ליגט מיר גוט אין זכרון. אן איינציגער זון, געלעבט אונטער דער אויפזיכט פון זיין שטרענג־רעליגיעזן פאָטער אברהם. מאָטל האָט זיך געלערנט בוכהאלטעריע, און זיך געריסן צו קענען זיין נישט אָפּהענגיג פון זיין פאָטער.

מיטגעריסן געוואָרן מיטן אלגעמיינעם שטראָם פון די יוגנט־יאָרן און געקומען אין די ציוניסטישע אָרגאניזאציע, אלץ אין געהיים, נישט וועלנדיק דערצערנען זיינע עלטערן.

איך דערמאן זיך אן עפּיזאָד: אין פּורים 1925 האָט די ציוניסטישע אָרגאַניזאציע איינגעאָרדנט א באל, געווידמעט דעם יאָרטאָג פון ירושלים־אוניווערזיטעט. געווען רעפּעראטן, ווי געוויינלעך געהאלטן פון באוווסטן ציוניסטישן מזרחי־עסקן הערשל בידלאָווסקי, און דערנאָך ווי דער שטייגער, מוזיק און טענץ. מיר האָבן די קונץ פון טאנצן נישט געקאָנט. מיר האָבן פארפולט דעם רוים מיט עפּעס אנדערש, געזונגען און צום שלוס געטראכט ווו אזוי וועט מען די נאכט איבערנעכטיקן, ווייל זיין פאָטער ווי מיין פאָטער האָט אונז שפּעט נישט אריינגעלאָזט. מיר האָבן — ווען אלע זענען זיך פונאנדערגעגאנגען — אויסגעבעט אויף די טישן און געפּרוווט איינדרימלען. אָבער אויף א הארטער באנק איז שווער צו שלאָפן, און פּלוצים דערהערן מיר דאָס קלינגען פון די גלאָקן — א שריפה. דאָ זיינען מיר געווען: מאָטל, איך און מענדל האבערפעלד. (דער לאָקאל האָט זיך געפונען אין געסל פון סטראז׳אצקע סאפּע).

מיר זיינען ארויס אין גאס און געטראָפן דעם אלטן נאכטוועכטער לויפט און אלארמירט. מיר זיינען אים געקומען גלייך צו הילף. די שריפה איז אויסגעבראָכן אויף די טומאה־געסל ביי די קאָלעס, און האָט זיך פונאנדערגעשפּרייט.

יעדער פון אונז איז געלאָפן אהיים העלפן פּאקן. מיר האָבן געוווינט אין די עלגאטער גאס. אָבער מיין זיידע און דער עלטער־זיידע משה נארציז האָבן געוווינט זייער נאָנט פון אָרט. מיר האָבן געהאָלפן פּאקן, און עס אראָפּטראָגן אין קעלער. צום גרויסן גליק איז די שריפה נאָך עטלעכע שעהן געוואָרן פארלאָשן.

זייענדיק א חבר אין „פרייהייט״, דער איינציקער מיטן יידישן היטל, פלעגט ער שטענדיק מיט הלצה פרעגן יעדן וואָס ער פלעגט באגעגנען: „צי קאָן זיך א פרייהייט־חבר אויסלעבן אין דער היינטיקער קאפּיטאליסטישער אָרדנונג״. אלע חברים פלעגן אים שטענדיק דערמאנען זיין „מאָטיוו״. פאר מיר פלעגט ער אויסוויינען זיין ביטער הארץ, אָבער נישט געקאָנט דראסטיש ענדערן זיין לעבענס שטייגער, ווייל שטענדיק האָט ער געטראכט וואָס וועט זאָגן זיין פאָטער.

ווען זיין גורל אין די לעצטע יאָרן איז מיר נישט באַקאַנט.

געווען א פרייליכער בחור, פול מיט לעבן אלע זיינע יאָרן, און אזוי אויך אומגעקומען צוזאמען מיט אלע יידן פון וואָלבראָם.

כבוד זיין אָנדענק.

## ב. פנחס ראטנער (פינטשע פאלוך)

ווער פון אונז דערמאנט זיך נישט די געשטאלט פון אומגעקומענעם פינטשע פאַלוך?

ווען יידישע פאָרלאַך פלעגן אין די לאנגע אָוונטער שפאצירן אין די געסלאך אָדער ביים טייך, שפאצירנדיק אין די קראקעווער נאָך די בריק, ביז צו די באַן־ליניעס, פלעגן זיי אָפט איבערפאלן ווערן פון פוילישע כוליגאַנעס, אונטערוועלט העלדן, און פיל מאָל טיילן קלעפּ, און אויף די געוואלטן פלעגט פינטשע קומען צו הילף און אָנברעכן די ביינער פון די כוליגאַנעס, ווייל אין אים האָט געברויזט דער ווידערשטאנדס־קאמף קעגן כוליגאנעס וואָס האָבן שטענדיק באמיט שלאָגן יידן ביי יעדער געלעגנהייט.

פינטשע האָט נישט געקאָנט פארטראָגן קיין עוולות!

גערופן האָט מען אים „אינטעליגענט״. עס האָט אים פיל געפעלט פון עלעמענטארע פאָלקס בילדונג — וואָס מען קען אים אָדער זיינע עלטערן נישט באשולדיקן, ווייל די נויט האָט אים געצוווּנגען פון די פריעסטע יוגנט־יאָרן מיט־העלפן צוזאמען מיט זיינע שוועסטער אין יאָך פון פרנסה.

אין „קולטורא״ געווען א שטענדיקער גאסט, שטענדיק האָט ער זיך באמיט פרעגן „וואָס צו ליינען״, בעלעטריסטיק, אויך וויסנשאפטליכע ביכער פלעגן אים זייער אינטערעסירן. זשול־ווערן׳ס „180 טעג אונטערן וואסער״, האָט אים געגעבן פיל צו דערציילן און איבערחזערן.

א געוואלטיקן רושם האָט אויף אים געמאכט „דער גבור אין קייטן״ פון וויקטאָר הוגו. ער האָט מיטגעלעבט דעם סאָציאלן אינהאלט פון דעם בוך.

רעפעראטן, פאָרלעזונגען, טעאטער־פאָרשטעלונגען, האָט ער נישט אויס־געמיטן. שטענדיק געוואָלט מער וויסן און אלעס פארשטיין.

אינטערעסאנט צו דערמאנען זיין קאמף פארן יידישן בוך: אין די יאָרן 1928—1930, ווען די „קולטורא״ האָט ווי שטענדיק איינגעאָרדנעט א ליטעראַרי־שע פאָרלעזונג אין סוכות יום־טוב מיטן אָנטייל פון מנשה פרענקל און וואלמאַן (עוזר שניצערס שוואָגער), האָבן די פרומאקעס זיך אָרגאניזירט און אלע „שטיבלעך״ האָבן זיך מיטבאטייליקט און געוואָלט דעמאָלירן די ביבליאָטעק, און אויף איין מאָל ליקווידירן די ,מגיפה״ פון אפיקורסות.

דער ווידערשטאנד פון די יידישע יוגנט, די פּראָגרעסיווע, איז געווען א שטארקע. פינטשע איז געווען איינער פון די הויפט פארטיידיקער פון כבוד פון יידישן בוך און וואָרט. עס זיינען געווען פארוווּנדעטע פון ביידע צדדים. דער בונדיסט באבאד האָט באקומען די ערשטע קלעפּ, און דער געלער ראובן מייטליס איז ארומגעגאנגען עטליכע טעג מיט א צוגעבונדענעם קאָפּ.

יעדעס יאָר ווען פוילישע רעקרוטן פון די דערפער פלעגן זיך אָפּשטעלן אין שטאָט נאָך זייער אדורכגיין די קאָמיסיע, פלעגן זיי זיך, ווי דער שטייגער איז, אָפּטרינקען. און דאן האָבן זיי אָנגעהויבן שלאָגן יידן און ברעכן שויבן. אין אזא צייט פלעגט פינטשע נישט קענען איינרוען אין שטוב, און איז ארויס אין גאס, ווו עס האָבן זיך שוין געפונען אנדערע יוגנטלעכע, און צוזאמען אָפּגעשלאָגן די יונגע פוילישע כוליגאנעס.

ער איז אומגעקומען מיט אלע וואָלבראָמער יידן.

כבוד זיין אָנדענק.

## ג. יחזקאל געליבטער

יחזקאל׳ס פאָטער „אנטשל מלמד" איז געווען א ייד א תלמיד חכם, אָבער א קנאפּער פארדינער, און דער עול פון פרנסה איז אין גאָר א גרויסן טייל געפאלן אויף יחזקאלן, וועלכער האָט געפירט א שטעפּער ווארקשטאט אין ערשטן צימער פון זייער דירה, און אין צווייטן צימער האָט אנטשל געלערנט מיט קינדער.

יחזקאל איז געווען אן איידעלער בחור, באַצויגן זיך מיט כבוד צו יעדן איינעם. באזונדערס האָט ער רעספּעקטירט זיין פאָטער. די שלעכטע מאטעריעלע לאגע פון זיין פאמיליע האָט יחזקאלן פארשאפט א סך ליידן. ער האָט שטארק געוואָלט פאָרן קיין ארץ ישראל, אָבער געפאָרן איז ער נישט, ווייל ער האָט נישט געוואָלט איבערלאָזן זיין פאמיליע אין פוילן, ווו ער וועט זיי מער נישט קענען שטיצן.

ער איז געווען פיזיש א צובראָכענער און גייסטיק א געליטענער. אָבער שטענדיק פול מיט הומאָר, אלעס צוגענומען באהבה. ביזן לעצטן מאָמענט גע־גאנגען לאנג געקליידט, נישט וועלנדיק פארשאפן זיין אלטן פאָטער עגמת נפש.

אומגעקומען מיט אלע יידן אין וואָלבראָם.

כבוד זיין אָנדענק!

---



משה שניצר



שלמה ליכטיג ואשתו



זישה וויינשטוק

# אלקנה נייער ז״ל

אלקנה נייער איז געבוירן געוואָרן אין דעם שטעטל ניעמציס, אין זאגלעמביער קרייז, ווו זיין משפחה איז באקאנט געווען מיט עושר און כבוד.

אין מיט פון די צוואנציקער יאָרן האָט זיך אלקנה נייער באזעצט אין וואָלבראָם מיט זיין פרוי פריידיל און מיט זיינע פיר זין: אליעזר, ראובן, משה׳לה און אברהמ׳לה.

באלד נאָך זיין אָנקומען קיין וואלבראָם האָט נייער אויפגעבויט איין עלעקטרישע קראפט־סטאציע וועלכע האָט באדינט די גאנצע שטאָט וואָלבראָם און די אומגעגענד.

די פאמיליע נייער האָט זיך איינגעוואָרצלט אין וואלבראָם אזוי ווייט אז די וואָלבראָמער יידן האָבן דעלעגירט נייערן צום שטאָטראט.

אין שטאָטראט האָט מען נייערן צוגעטיילט די אויפגאבע צו קאָנטראָלירן די גערעכטע פארטיילונג פון סאָציאלע הילף און ארבעט פאר דער אָרימער באפעלקערונג. זער הערלדיש האָט ער פארשטאנען צו פארטיידיקן די אינטערעסן פון דער יידישער נויטבאדערפטיקער באפעלקערונג, אָבער דער אמת איז, אז ווען ער האָט ניט מצליח געווען צו פארזאָרגן פון דער שטאָטישער קאסע, האָט ער פארזאָרגט פון זיין אייגענע טאש. ער האָט געהאט א לייכטע האנט פאר צדקה און געגעבן מיט ברייטע הענט, שטיל און באשיידן.

באלד נאָכן אויסברוך פון קריג איז אלקנה נייער נפטר געוואָרן. זיין יידיש גוט הארץ האָט מער ניט געקענט פארטראָגן די צרות און ליידן פון זיינע ברידער. די פרוי נייער איז אויסגעזידלט געוואָרן צוזאמען מיט דער גאנצער קהילה. דער עלטסטער זון אליעזר, איז אוועקגעגאנגען צו די פארטיזאנער, ווו ער האָט געפונען זיין העלדישן טויט. ראובן, משה׳לה און אברהמ׳לה זענען אוועקגעשיקט געוואָרן קיין סטלובאַ־וואָלאַ אין ארבעטס־לאגערן.

פון דער גרויסער שיינער משפחה איז נאָר לעבן געבליבן איין זון, ראובן, וועלכער לעבט אין ישראל.



אלקנה נייער



אברהם נייער



פריידל נייער

# אויה, מה היה לנו?

## (מזוועות השואה והחורבן בוולברום)




המצבה על קהילת וולברום במרתף השואה על הר־ציון

משה לובלינג

## א מצבה

איך וויל פאר א מצבה
שרייבן ווערטער.
אויף קברים צעשפרייטע
אין אלע ערטער.
פאר אלע וואָס מ׳האָט נישט
מיט קבורה באַערט,
פאר קברים וואָס אויסגעגלייכט
מ׳האָט מיט די ערד.
פאר צעשטערן די רו
פון קברים־זקנים,
דורך אויסוואורפן
אמאָל פרידליכע שכנים.
ביינער צעשפרייטע
וואָס קיינער וועט קלייבן,
פאר יעדן פון זיי וויל איך
כאָטש איין וואָרט שרייבן.
אָבער זיי זיינען פיל,
זייער צאָל איז גרויס,
און איך פארמאָג
א קליין ביסל ווערטער בלויז.
טראכט איך:
בעסער דעם קאָפּ אין טרויער בייגן,
לאָזן א טרער,
און פארזינקען אין שווייגן.
און שווייגן ווי פעלזן
פון קאלטן גראניט,
און זוכן די קברים
אויף יעדן שריט און טריט.
איך וועל קיינמאָל נישט ווערן
זוכנדיק מיד,
און ס׳וועט קיינמאָל אויפהערן
קלאָגן מיין ליד.
פון בלוטיקע טעג
און געשענדעטע נעכט,
הייליקע אידעאלן
וואָס געוואָרן פארשוועכט.
גאנצע בית־עלמינ׳ס

וואָס זיינען געשטאָרבן
און טעג וואָס זיי האָט נישט
געטרייסט דער מאָרגן.
פאר ווייַ געשרייען
וואָס ס׳האָט קיינער דערהערט.
פאר מיליאָנען לעבנס
וואָס געוואָרן צעשטערט.
אנשטאט א מצבה
טו איך דאָס שרייבן.
עס זאָל פאר אונזערע
קינדער פארבלייבן.

23.10.61

אברהם צבי הלוי

## לְסָבִי אִגֶּרֶת*)

מִנֶּכֶד נָבוֹךְ בָּאָרֶץ אִגֶּרֶת לְסָבִי אֲשֶׁר בְּפּוֹלִין הַנִּרְצָחַת:
עָלָה הַכּוֹרֵת עַל גִּזְעֵנוּ, בָּא מָוֶת בְּנַפְשֵׁנוּ, הִשְׁתּוֹלְלוּ יִצְרֵי כָּל שַׁחַת.
עַל מַה עוֹד נֶהֱגֶה, אִם יַעֲלֶה שָׁמַיְמָה קוֹל עֲנוֹת הַטֶּבַח?
מֵאֶבֶן נֶאֱלַם כָּל לֵב וְאֵל שׁוֹכֵן בַּמְּרוֹמִים וּתְהִלָּה לוֹ וָשֶׁבַח.
הַיְחַיְּכוּ עוֹד עֵינֶיךָ, יִקְרְנוּ פָּנֶיךָ וְתַעַטְרֵם שַׁלְוַת אֹמֶן?
הֵן בּוֹשְׁנוּ מִכָּל חַיָּה, נֻבַּל צַלְמֵנוּ בָּאָדָם, הָיִינוּ כְּדֹמֶן.
הֲתֵדַע גַּם כַּיּוֹם פֵּשֶׁר שִׁגְעוֹן הַדָּמִים בְּזוֹ תֵּבֵל־מַכְשֵׁלָה?
הֲיִפָּלֵא כִּי אִבְּדָה נַפְשִׁי סִבְרָהּ, שִׂכְלָהּ אֵלָהּ?
אֵיכָה יֵשֵׁב אֵל וְיִדֹּם וּכְדֹב שַׁכּוּל לֹא יִקֹּם נִקְמַת חֲלָלָיו:
בְּתַעֲצוּמוֹת עֻזּוֹ אֵיכָה יִשְׁקֹט, הַגִּבּוֹר לָנֶצַח אֵיכָה יִשְׁלָו?
אֶרְאֶה יָדְךָ נִבְהֶלֶת־מוּרָמָה וּדְבָרְךָ רוֹעֵד: „לְאַט לְךָ הַנַּעַר:
חֶבְלֵי מָשִׁיחַ הֵם וְעוֹד יַעַן אֵל לָאָדָם מִתּוֹךְ הַסַּעַר״.

אֶזְכֹּר יַלְדוּתִי, נָאָה הֲדוּרָה רַעֲמַת זְקָנְךָ וּלְטִיפַת יָדְךָ מַרְגַּעַת.
תַּחַת מִקְלַט טַלִּיתְךָ רֵיחָנִית יָדַעְתִּי אֱלֹהַי בְּגִיל וּבְרַעַד.
הֲתִזְכֹּר? חֹרֶשׁ יֶרֶק רוֹחֶשֶׁת לְכָדַתְנוּ בְּרִשְׁתוֹת אוֹרָה וּתְכֵלֶת.

*) שיר זה מוקדש לסבי ר׳ יצחק הלוי לזנובסקי ז״ל, יליד וולברום, שהיה חתנו של ברמהרציג מוולברום, שהיו בעלי אחוזה בוולברום.

„מִנְחָה" הִגִּיעָה. כְּאִילָנוֹת בְּנִיעַ עָמַדְנוּ בְּהוֹדָיָה צוֹהֶלֶת.
וְקוֹל אֱלֹהִים הִתְהַלֵּךְ מִסָּבִיב. רָאשֵׁי עֵצִים דָּלְקוּ כְּנֵרוֹת.
פָּסַד וְרָסַב הַלֵּב הַגּוֹלֵשׁ. קָסְמוּ וְקָרְאוּ נְאוֹת הַשֶּׁסֶק הַנֹּרְד.
פִּתּוּנוּ שְׁבִילִים בֵּין אֳרָנִים וְלִבְנִים מִשְׁתָּאִים. קָרַב הָעֶרֶב.
הִתְחִילָה עֲדַת צְלָלִים מִתְגַּנֶּבֶת, מְגִיחָה וּמְמַלְּאָה הַקֶּרֶב.
כְּצִפּוֹר חָרֵד נִלְסַצְתִּי אֶל קַן־יֵשׁוּתְךָ וְיָדְךָ הַחֲזָקָה סוֹעֶדֶת.
הֲתַעֲצֹר כֹּחַ גַּם עַתָּה לְנְחוֹתֵנִי הַדֶּרֶךְ, יָדְךָ הָרוֹעֶדֶת?
גָּדַלְתָּ מְאֹד בְּיַעַר בַּלַּיְלָה. לְרַגְלֵינוּ חָרְקוּ אִצְטְרֻבָּל וָמַחַט.
קַפּוֹטַּת מֶשִׁיְךָ רַכָּה וּמְפַיֶּסֶת וְקוֹלְךָ־חֶסֶד מֵנִיס כָּל פַּחַד.
יַלְדוּתִי עוֹלָה בָּאֵשׁ. דַּלָּה, הִכְסִיפָה הַדְרַת זְקָנְךָ רוֹטֵט.
תָּשַׁשׁ דַּרְכְּךָ, סָבָא, נָמוֹג הֵדוֹ לְנֹפֶץ עוֹלָם מִתְמוֹטֵט.
אֶרְאֶה דְמוּתְךָ־רַחֲמִים נִכְמֶרֶת עַל גַּבְרוּתִי הָאֻמְלֶלֶת:
כִּי אוֹיָה! חָרֵב מַעְיַן יַלְדוּת, גּוֹסֶסֶת אַגָּדַת הַיֶּלֶד.
כִּי סֻגַּר לִבִּי מֵאֵל חַי וְטַל תְּפִלָּה לֹא יְחַ[ן]־יַרְוֶה צְחִיחוֹ.
לֹא תִצְפֶּה בָּנוּ עֵין אֵל מִסְתַּתֵּר, מִפְּצָעֵינוּ הִתְעַלֵּם גַּם מְשִׁיחוֹ.
כְּיָתוֹם בּוֹדֵד וְעָזוּב אֶעֱמֹד כּוֹשֵׁל בִּפְנֵי זַוְעַת הַהֲפֵכָה.
הֲיָבוֹא עֶזְרִי מֵעִם אָדָם מִתְנַעֵר מֵחָרְבוֹת עֵמֶק הַבָּכָא?
מִשְׁתּוֹלֵל מַעֲרְבֹּל הַדָּמִים וְאַתָּה חֲלוֹם רָחוֹק, סָבִי.
הֲתִשְׁסֹק, הֲתָבִין, יְשִׁישִׁי, לִשְׂרִיד חֲזוֹנִי — פֶּטֶר כְּאָבִי.
נָחַשׁ הַסָּפֵק בִּי שׁוֹרֵץ, נְחִירַי מָלְאוּ גָפְרִית וְאַדֵּי תֹּפֶת נֶעֱרֶכֶת.
הַרְצֵף נָא, סָבָא, מַרְבִיבֵי־אֱמוּנָתְךָ עַל מִדְבַּר נַפְשׁוֹ שֶׁל הַנֶּכֶד!

יעקב רימון

# לֹא יְדַעְנוּ קִבְרָם

לזכר הסבא ר' יצחק לזנובסקי
שהיה בעל אחוזה בוולברום
ולזכר בנו — חותני ר' שמואל
בר' יצחק הלוי לזנובסקי הי"ד.

נִפְתְּחוּ בּוֹרוֹת, הוּצְאוּ שְׁלָדִים,
מִקִּבְרוֹת קְדוֹשִׁים.
(בִּקֵּשׁ צוֹרֵר אַכְזָר לְפַנּוֹת מָקוֹם
לְעוֹד מוּמָתִים,
כִּי אֶפֶס מָקוֹם...)

אֵבָרִים מְקֻטָּעִים,
שִׁלְדֵי־עֲצָמוֹת
הָשְׁלְכוּ כְּדוֹמֶן עַל פְּנֵי שָׂדוֹת.
מְכוֹנוֹת טָחֲנוּ עֲצָמוֹת קְדוֹשׁוֹת
וַיִּהְיוּ לְקֶמַח דַּק
וִידֵי צוֹרְרִים פְּזָרוּהוּ
וּנְשָׂאוֹ הָרוּחַ...
וַיִּמָּלֵא הֶחָלָל גַּרְגְּרִים
וּמִכָּל גַּרְגִּיר זָעֲקָה נְשָׁמָה...
וּמִן הֶחָלָל הִתְפַּזְּרוּ לְכָל עֵבֶר
גַּרְגְּרֵי־נְשָׁמוֹת
כְּנֵרוֹת כְּבוּיִים
עֲלֵי קַרְקַע עֲקֻבָּה מִדָּם...
זוֹעֲקוֹת נְשָׁמוֹת בָּאֲוִיר,
בּוֹכוֹת וּמְיַלְלוֹת
נִשָּׂאוֹת עִם כָּל רוּחַ...
אָן נָשָׂא הָרוּחַ
אֵפֶר עַצְמוֹת קְדוֹשִׁים
לְלֹא טָהֳרָה, לְלֹא הַדְלָקַת נֵר,
לְלֹא אֲמִירַת קַדִּישׁ?
אָן נָשָׂא הָרוּחַ אֵפֶר קָדוֹשׁ?
וְלֹא לִוּוּהוּ אוֹמְרֵי תְהִלִּים,
לְלֹא דִמְעָה, לְלֹא אֲנָחָה;
אָן נְשָׂאוּכֶם אֲפָרוֹת קְדוֹשִׁים?
אוֹיָה —
לֹא יָדַעְנוּ קִבְרָם...

משה לובלינג

# וכך זה התחיל


משה לובלינג

אף פעם פולין לא היתה משוחררת מאנטישמיות. אולם משנת 1933 כשהגיע היטלר לשלטון בגרמניה, נעשו הפולנים האנטישמיים יותר תוקפניים ומצבם הכלכלי של היהודים החמיר משנה לשנה בקצב מזורז.

מורגשת ביותר הירידה הכלכלית של האוכלוסיה היהודית בעיירות הקטנות. הפרנסות היהודיות מצטמקות מיום ליום. נפתחים ומוקמים יותר ויותר קואופרטיבים פולניים כמו „ספולם", „ידנושץ" אשר מושכים לאט ובהדרגה אליהם את הקונים הנוצריים מהעיר והכפר.

ובשנת 1939 נמצאים כבר בפולין זו — מיליון יהודים מחוסרי פרנסה. הקבצנות מתגברת ובערים הגדולות כמעט שלא פוגשים קבצנים בודדים, אלא קבוצות שלמות; אחד נכנס לחנות ואומר: בוקר טוב, שש. זאת אומרת, אני מבקש נדבה עבור ששה אנשים, המחכים בחוץ. הנוער היהודי בורח מהמסחר, מחיי הנע־ונד, לומד מקצועות פרודוקטיביים, אולם גם זה לא פותר את מצבם הכלכלי, משום שלתעשיה הכבדה ולמוסדות ממשלתיים לא מקבלים יהודים. גם בתעשיה הקלה השייכת לבעלים יהודים אין דריסת־רגל לפועל היהודי. היו מקרים במקומות עבודה שהפועלים הנוצרים היו בהם 90 אחוז במפעל, הכריזו הפועלים שביתה, משום שבעל בית־החרושת היהודי העיז לקבל יהודים אחדים לעבודה. כמובן, שהירידה הכלכלית מגבירה את הפעילות הפוליטית של הנוער היהודי, המחפש דרך להחלץ מהמיצר. פתרונות ריאליים כמעט שאינם במציאות, הדרך היחידה: ארץ־ישראל, גם כן סגורה לפניהם. וכמו שקרה לא פעם, מתנחמים היהודים בנסים וישועות, אלהים יעזור לעמו במצוקתו. אך חלק גדול מהיהדות הפולנית מביטה בחרדה על המצב הכלכלי הקטסטרופלי אשר שום אדם נבון לא יכול לנבא את אחריתו. כולם מרגישים, שמוכרח לבוא זעזוע עולמי חזק המסוגל לשבור או לעצור את מכונת התופת של האנטישמיות המגבירה את פעולתה ואת לחצה על יהודי פולין עד לידי שקיעתה האבולוציונית המוחלטת.

את ימי חודש אוגוסט סופרים באוירה מתוחה, כולם מרגישים בעליל שהמלחמה קרבה ובאה. בכל הערים מתארגנות קבוצות מגיני אויר שבהן משתתפים

הרבה יהודים. בחצרות ובמגרשים ריקים — חופרים תעלות נגד התקפות אויר. רוב המרתפים נהפכים למקלטים ואת פתחי החלונות סוגרים במבני בטון.

בסוף חודש אוגוסט באה המתיחות לשיאה. היטלר מאשים את פולניה בהפרת הסכמי הגבול הפולני־גרמני, ובבגידה. מרגישים, שהמלחמה תפרוץ מיד. אמנם, העם הפולני מוכן לקרבנות על שחרורו. גם הנוער היהודי נכון לקרב, למען שחרור פולין ונגד הנאצים. העם הפולני יודע ומעריך את נכונות ההקרבה היהודית ובשעת חירום זאת — נעלמת האנטישמיות כאילו לא היתה קימת כלל.

ביום רביעי 30 באוגוסט מכריזים על גיוס יחידות מלואים שונות. כולם מתיצבים כאיש אחד. והאזרחים הלא מגויסים יושבים ומאזינים למקלטי הרדיו כדי לשמוע את חוות דעתם של הדיפלומטים האירופיים. ובינתיים מדביקים על החלונות פסי־ניר צרים למגן נגד לחץ־אויר בעת ההפגזות. היו גם מדינאים כאלה שהצהירו: לא תהיה מלחמה, היטלר רק מאיים ותו לא...

אולם ביום חמשי בערב ב־30 לאוגוסט — מכריז היטלר מלחמה על פולין, ומיד למחרת בבוקר טסים המפציצים הגרמניים בשמי פולין וזורעים הרס ומות על עריה וכפריה, וצבאם הממוכן והמצוחצח חודר בנקודות שונות לתוך הטרי־טוריה הפולנית.

למרות זה, שחיינו זמן ממושך במצב־רוח מלחמתי — באה פריצת המלחמה עלינו כהפתעה. הייתי בימים אלו בסוסנוביץ, שבה גרתי בשנים האחרונות. בשבת בבוקר נפוצו שמועות, כי הצבא הפולני חדר 14 קילומטר לגרמניה ע״י בויטן. רבים רצו להאמין בזה, אולם במהרה ראו את החיילים החוזרים משם בספורים אחרים לגמרי. הבהלה והפניקה גברה בזמן הצהרים, כששמעו את הקריין של רדיו קטוביץ, בבקשו מוורשה הבירה משלוח דחוף של אגדים ותרופות לקטוביץ כדי לאפשר מתן עזרה ראשונה לחיילים הפולנים הפצועים. מתהלכות שמועות, כי במחסני הצבא פתחו את הארגזים ומצאו בהם קש ואבנים במקום תרופות. ושואלים האנשים: היכן מסכות־הגז שהבטיחו לחלק לאוכלוסיה האזר־חית? השמים מלאים מטוסים, אולם מטוסים פולנים אינם בנמצא. הבגידה גדולה והבהלה עוד יותר. בשבת בבוקר מגיעים הפליטים הראשונים משלזיה העילית. ולמרות זאת, מאמינים כי הצבא הפולני יעצור את התקדמות הנאצים, והדרכים מלאות אנשים הבורחים למזרח. בני־אדם נוסעים בעגלות, באוטומובילים, באופנו־עים, רבים מסיעים את מטלטליהם על עגלות־יד קטנות, אולם מרבית האנשים רצים ברגל. הדוחק הוא עצום, האוטומובילים אינם יכולים לנסוע, כי חסר להם בנזין, משאירים אותם ובעליהם רצים הלאה. רבים משליכים את חבילותיהם המכבידות על נושאיהם ורצים הלאה. את כולם תפס בולמוס הבריחה ואינם יודעים לאן...

אני רץ עם ההמונים עד לסטשמישיץ. ביום ראשון בערב הצלחתי להתגנב לרכבת הנוסעת בכוון לוולברום. שתי המסילות עמוסות רכבות המתקדמות לאטן. לא ידוע אף לאחד, שהמנהרה פוצצה והרכבות לא תוכלנה להגיע למטרתן. ביום שני בבוקר הותקפו במכונות יריה של הטייסים הגרמנים ביער של רבשטין וטייסים אחרים זורקים פצצות ביער. ביער היו מרוכזים חיילים בלי קציניהם,

והגרמנים ידעו מזאת. מתהלכות שמועות, כי הפולשים הגרמנים נמצאים בכל שטחי פולין עוד לפני פרוץ המלחמה. ביום שלישי בבוקר נעצרנו במבואות וולברום. מרחוק אני רואה את העיר ואליה לא הגעתי. לפנינו ואחרינו מסילת הברזל מלאה רכבות. נפוצה ידיעה, כי אחד ראה חייל גרמני לא הרחק מהקרונות ובן־רגע נהיתה בהלה. חלק מאתנו לוקח את חבילותיהם ורצים ליער. אנחנו מחליטים לשלוח 2 נשים לוולברום לשמוע מה מתרחש שם. אנשים מספרים: במקומות שהגרמנים מגיעים אליהם — נאסרים הגברים. תוך שעות ספורות, הן חוזרות ומספרות, כי בוולברום ישנם כבר גרמנים.

איננו רואים שום מטרה בהתקדמותנו, ואני הולך לוולברום. אני לוקח את תרמיל־הגב ועוד כמה חבילות קטנות ומגיע למחסום. שני חיילים גרמנים ניצבים ליד המחסום ומרשים לנו לעבור בלי להוציא הגה. אנו נכנסים לרחוב הקרקובי. כל חמשים מטר עומד חיל גרמני מזוין ומלוה במבטו את העוברים. אני מבולבל כל כך, שאינני מבחין מי הולך לפני ומי אחרי. הרחוב ריק מאדם, מחוץ לחיילים הגרמנים המפיצים מורא ופחד על העוברים ושבים. בהתקרבי לסימטת הגורני, רציתי להכנס לאחי חיים שהיה גר ע"י מכבי האש, אך פתאום יצאה מולי אחותו של חיים שפקטור ואומרת לי: מר לובלינג, תלך מהר לככר השוק, משום שהגר־מנים מרכזים את כל הגברים בככר השוק. המשכתי ללכת הלאה. בהתקרבי ל„שופה", צעק אלי חיל שאכנס לככר השוק. זרקתי מעלי את ילקוט־הגב ומסרתיו לאשתי. אני עצמי נכנסתי לככר, שהיה מוקף סביבו חיילים גרמנים אשר לא נתנו לצאת אף לאחד. ועל מדרגות בית־המרקחת בבית קמינסקי עמדו שלשה חיילים עם מכונת־יריה מכוונת כלפי ההמונים. חלק גדול מהאנשים היו זרים פליטים ממקומות שונים. הייתי כה עייף ומבולבל שלא הייתי מסוגל לחשוב. לפנות ערב שוחררו הקשישים מעל לגיל 60 והצעירים מגיל 15 ויתרם במספר 1,400 איש הם מסדרים בשורות ברביעיות, ועל יד כל שורה שלישית צועד חיל גרמני בנשק אוטומטי ובפנס כיס חשמלי.

אנו מתחילים ללכת לרחוב הפילצאי, על המדרכות עומדות האמהות, הנשים והאחיות ומלוות אותנו בבכי היסטרי. כולן קוראות בשמות קרוביהן, ומדי שנפגשים המבטים עולות הזעקות עד לב השמים. אנו צועדים, עוברים את הנהר, את היער, בעוברנו קילומטרים אחדים, אחרי היער, מחשיך לפתע והנה בא הערב. אנו פונים ימינה ולא יכולנו להבחין בשטח מהו, אם זה שביל־שדה או שדות חרושים, ההליכה היא אטית וכבדה. לא מרשים לנו לשוחח בינינו. מצב רוח מדוכא שורר בכל. כל אחד בטוח בזה שהגרמנים יחסלו אותנו במצעד הזה, וכך אנו הולכים דוממים ומצפים בכל רגע לשמוע את היריה הראשונה. רבים מהצועדים נופלים מכוחותיהם, אין להם אפשרות פיזית להמשיך. החזקים תומכים בכושלים, כי ברור לנו, שאת כל המפגרים יירו במקום. ואם תישמע היריה הראשונה — ייקרש הדם בעורקינו. בינתיים נשמעות פה ושם יריות בודדות, והדן מדרדר באוזנינו. איננו יודעים מה שהתרחש מאחורינו, כי אסור לנו להסתובב אחורה ובין כך לא היינו מבחינים בגלל החושך הסובב אותנו.

אחרי כל יריה, אנו מאמצים את השמיעה לדעת, אם במקרה לא באה

בלוית צעקת אדם, אולם לא נשמעה שום צעקה. כל יריה נשארת תלויה בדומית חשכת הליל. רק הפחד לא עוזב אותנו. ההליכה נעשית כבדה מרגע לרגע, כי הדרך בה אנו פוסעים מלאה תלים וגבעות, בורות וגיאיות. וכשאחד נופל, נופלים אחדים אחריו, כך אנו נופלים וקמים ושוב נופלים וקמים כדי ליפול שנית. סוף סוף עמדנו ליד בתים בנויים בתוך השדה. ניתנת פקודה להכנס — ואנחנו נכנסים. כאן ניתנה רשות לשיחה חפשית, אך איש אינו פוצה פה. בן־רגע נודע לנו מקום הימצאנו. אנו נמצאים בוירפקו בביהח״ר הישן לניר של מואז. מכונות אין פה, אך אשפה ואבק מלוא חפניים. מרוב עיפות שכבנו על רצפת הבטון המרופדת בשכבת אבק עבה. אולם השינה רחוקה מאתנו, כי מחכים כל רגע שהגרמנים יכנסו ויוציאונו מי יודע לאן. כמובן, שתוך שעות אחדות נהיה האויר ללא נשוא, ולאף אחד לא איכפת הדבר. השאלה היחידה המנסרת בחלל היא: מה יהא בסופנו? לאן מובילים אותנו? ולמה? אך התשובה לא ניתנת. הלילה נמשך כנצח ומחשבות מרות מטרידות את מוחינו. והנה בוקע אור היום, מגרשים אותנו החוצה, מים לרחיצה אין, אנו מנערים את בגדינו מאבק והם הגרמנים מתמוגגים מרוב נחת. והנה מתגלית תמונה כזאת: פרוסות לחם מֻנחות על שמיכה שטוחה על הרצפה, הגרמנים מעמידים אותנו בשורה וכל אחד ניגש ולוקח. פרוסת לחם אחת. וכל מי שאינו מוצא חן בעיניהם, זוכה בבעיטה חזקה בישבן, ברגע שהוא מתכופף לקחת את הלחם. מיד הם מסדרים אותנו שוב ברביעיות, אולם הם בוחרים את בעלי הזקנים להעמידם בשורות הראשונות. כונתם היתה בזה, להשפיל את היהודים בעיני האוכלוסיה הכפרית. אנו צועדים בכוון לזבירצ׳ה עם הכביש, השמש בוערת והאבק הוא גדול. התושבים הנוצריים עומדים בנחת עם משפחותיהם ליד בתיהם הקטנים ומתבוננים לדפילדה האפורה הזורמת לפניהם. ממכוניות צבאיות העוברות מצלמים אותנו. סוף סוף הגענו לזבירצ׳ה. הם מוליכים אותנו לבית־חרושת „ארבאר״ על מגרש גדול המוקף בחומה גבוהה, ובתווך במגרש, נמצאת תעלה חפורה; שני מטר עומקה, חמשים מטר רוחבה. בן־רגע מופיעים על גגות ביהח״ר חיילים במכונות־יריה מכוונות אלינו. אנחנו נמצאים יחד עם מאות אחדות של פולנים. הגרמנים מתחילים לרדת לחיינו. הם מחלקים אותנו; פולנים — ימינה, יהודים — שמאלה. ירד הלילה, הקור גובר ועולה. אנו שוכבים סרוחים על הארץ. חלק מאתנו נרדם וחלק שני רק מנמנם. כולם מצפים ליום המחרת, לראות מה הוא יביא בכנפיו. עם השחר, ראינו מיד מה שהלילה הביא לפולנים. במשך הלילה הספיקו לגנוב מאתנו מה שיכלו. אצלי גנבו את אדרת־החורף. דבר אחד ידענו; אין לנו להתאונן בפני הגרמנים על הגניבות וחשבנו בלבנו, שאלה החפצים יהיו כפרתנו. מה שכן הציק לנו — היה המחסור במים וחום היום העומד בעצומו. בשעה 10 בבוקר הופיעו קצינים גרמניים וצוו עלינו להסתדר בשורות ברביעיות. אחרי שהסתדרנו, בחרו ארבעה יהודים מזוקנים ואמרו להם לרוץ כמו כלבים בזחילה. ואחרי כל אחד מהם רץ חייל גרמני להמריץ את ריצתו, ואגב הריצה המבוהלת, זכו בבעיטות מגפיהם של הגרמנים בכל מקום שיכלו לפגוע, בראש בבטן, וצעקו: עצלנים, יותר מהר, יותר מהר. ארבעת היהודים רצו ונפלו, נפלו ורצו עד שלבסוף נפלו מתבוססים בדמם ומחוסרי הכרה. אז נתנה פקודה: 8 יהודים „ראוס״. קחו מפה את הזבל.

שמונה יהודים יצאו והרימו את האומללים והשכיבום בשורה האחרונה. והצילו את נפשם במה שיכלו. ואז לקחו הגרמנים והוציאו שוב ארבעה יהודים ושוב קרו אותם הדברים וחוזר חלילה. כך נמשך משחק־השטן עד שעות הצהרים.

אחר הצהרים הביאו חבית גדולה עם מים. צוו עלינו להסתדר בשורה, בכדי לקבל מים, ולא היו לכולנו כלים לקבל את המים. התיצבו בשורה הקדמית אלה מאתנו שהיו להם כלים, אולם הם קבלו מכות במקום מים. אנו עמדנו בשורה יחד עם הנוצרים, ובו ברגע שיהודי קבל את המים, הוציא השכן הנוצרי במכות את המים מידיו. בינתיים שוקעת שמש ארגמן במערב. אנו שוכבים על הארץ רעבים, צמאים, שבורים ורצוצים ובשבילנו היום עוד לא נגמר. האנחות הנשמעות פה ושם מהיהודים המוכים והדוויים אינן נותנות מנוח ומטילים אימה ופחד ליום המחרת. אף אחד לא ישן את שנתו. הקור גדול מסביבנו, והרצפה רטובה מהערפל הסמיך שהשתטח עלינו כענן כבד. אינני יכול להרדם, למרות עיפותי הרבה, וגם הקור חודר לעצמותי. לבסוף שכבתי יחד עם איטשה ולנר מרחוב האלגוטה ולצדו שוכב גם יעקב שמואל ספלובטש, הפרופסור למוסיקה. לולנר נשארה עוד אדרת החורף שלו, אנו נלחצים אחד לשני, להתחמם בצורה הדדית. לאט לאט, אנו נרדמים. אך התעוררנו מוקדם בבוקר. הקור מפריע לשנתנו. אנו מחפשים קצת מים לרחוץ את עינינו, היינו מקבלים גם מים מלוכלכים, אולם גם אלה לא היו. עבר יומנו השלישי, בלי אוכל ובלי שתיה. בערך בשעה 10 בבוקר הופיעה על המגרש מחלקה של קצינים וחיילים בתחמושתם המלאה. הקצינים נכנסים למשרד הנמצא בקצה המגרש והנותרים עומדים ומחכים.

אנו מרגישים שמשהו נורא יתחולל עכשיו, ואולי הגיע הקץ? סוף סוף יוצאים הקצינים וכאן מתחיל „יום ששי העקוב מדם", כפי שקראנו לו לאחר מזה.

על המגרש התגוללו גושי בטון גדולים, שמשקל כל אחד מהם הגיע עד למאתיים קילו. הגרמנים נתנו פקודה: 4 אנשים יקחו גוש בטון כזה וישליכו אותו לתעלה אשר באמצע המגרש. עם הגוש היה צריך לרוץ, ואלה שלא יכלו להתקדם בריצה — קבלו מכות רצח. אחרי שזרקנו לשם את כל הגושים צוו להוציאם בחזרה. וכאן היה המבצע הרבה יותר קשה. מכות נפלו כרעמים, ודמנו נגר כמים.

משחק הדמים הזה נמשך יום שלם. לזרוק את הגושים, להוציא אותם בחזרה, ולעת ערב שנו והחליפו את עבודתנו. ניתנה פקודה להתקדם בריצה ולעבור את המגרש מקצה לקצה, ובכל פעם שעברנו את המגרש, היה צריך לקפוץ מעל התעלה, אלה שפגרו בריצתם, קיבלו מכות צרורות. כולם רצו והרבה נפלו לתוך התעלה. פתאום נתנה פקודה: „לסגור", ז"א: כל ארבעה אנשים ישתלבו בזרועותיהם וכך ירוצו. כמובן, שבצורה כזאת, הקפיצה מעל התעלה נהיתה בלתי אפשרית. וכל פעם שעברנו את המגרש נפלו עשרות מאתנו לתוך התעלה ולצאת מהתעלה — לא נתנו יותר. המשחק הזה הבהיל אותנו מאד. ומי שרק יכול היה, השתדל בכל כוחותיו האחרונים, לא ליפול לתוך התעלה. אולם זה היה כמעט בלתי־אפשרי משום שהיה מספיק, אם אחד מהקבוצה היה חלש

יותר או קשיש יותר, לסחוב את ארבעתם לתוך התעלה. וכך נתמלאה התעלה אנשים ואחד שכב על השני כערמה אחת. כעבור שעה, התמלא הבור כולו ולא היה צורך לקפוץ יותר, כי המגרש התישר עם גופות בני־אדם. המשחק נגמר עם שקיעת השמש. וכאן, הגענו בצפיה גדולה לנורא שבנוראים: לאלף הגברים ויותר שנמצאו על המגרש זה ימים אחדים, קבעו מקום מיוחד בקצה המגרש למלא את צרכיהם... לא קשה לתאר את מראה הפינה ההיא. לאותה פינת סרחון גרשו אותנו במכות נמרצות. כולם נדחקו לקצות המחנה, בכדי להמלט מהמכות. פתאום נתנה פקודה: לשכב! וכל החיילים כיוונו את האוטומטים אלינו. הדוחק היה כה גדול, שפשוט אי־אפשר היה לשכב. כל הצואה שהצטברה במשך ימים אלו נדרסה ברגלינו. הסרחון היה נורא. אנו שוכבים אחד על השני, „ומי שירים את ראשו יירה". — נשמעת זעקה. אנו שוכבים כך כל הלילה. מהגגות, שעליהם נצבות מכונות־היריה, נדלקו זרקורים המופנים אלינו. אנו השלשה נשארנו לשכב בקצה המון האדם, בשפתו ממש. למרות זה שידענו, שאנו עלולים לקבל מכות, ואולי גם את הכדורים הראשונים — בכל זאת קבלנו לאשרנו רק בעיטות אחדות, ואפילו לא מכה אחת... במשך הלילה.

לפנות בוקר החל לרדת גשם שנמשך עד השעות הראשונות בבוקרו של יום, ואז היתה לנו הזדמנות לשתות מים ישר מהשמים. לאחר מזה, כבסנו את בגדינו המלוכלכים בתעלה שנתמלאה מים ושטחנו אותם על הארץ ליבשם. אף אחד לא הפריע לנו לשבת בתחתונינו, משום שמחוץ לשלשת החיילים ע"י השער הראשי והמשמר על הגגות, לא היו יותר גרמנים על המגרש.

בשעה 12 בצהרים הביאו לנו מים לשתיה וכל אחד רוה את צמאונו כמה שיכול. אחר כך, הביאו לנו אוכל שנשלח לנו ע"י הקהילה היהודית בזבירצ'ה. העובדה הזאת עודדה אותנו עד למאד והפחד נעלם. למחרת ביום ראשון קבלנו חבילות מזון מאנשים פרטיים. שוחחנו אתם דרך השער, ונודע לנו מהם, שישחררו אותנו בעוד ימים אחדים. את הידיעות האלו קבלו היהודים מהמפקדה הגרמנית בעיר.

יום השני שלאחריו עבר בשקט. ישבנו על המגרש והרתחנו תה על המדורות שהדלקנו. כל הלילה בערו המדורות, בכדי לחמם אותנו, כי רעדנו מקור ומהעתיד הבלתי ידוע.

ביום שלישי בבוקר התישבו קצינים אחדים ע"י שולחנות ורשמו את כל אחד מאתנו, לאיזו עיר אנו רוצים ללכת. אני נרשמתי לסוסנוביץ.

ביום הרביעי שוב הופיעו, בחרו אחראי אחד לכל קבוצה ונתנו בידו הרשאה בכתב בצרוף שמות האנשים שנרשמו ללכת למקום מסוים וצוו עלינו ללכת עם הכביש.

אולם היהודים מזבירצ'ה יעצו לנו לא ללכת בקבוצות וגם לא עם הכביש. כי קבוצות אנטישמיות של הנוער הפולני מתכוננות להתנפל עלינו על הדרכים.

עוד יעצו לנו, שלא נצא מיד מפה, אלא להשהות את זמן יציאתנו לשעות

המאוחרות של היום. הסתובבנו אצל מכירים פה ושם בכדי להרויח זמן, ולא ליפול טרף בידי האנטישמיים.

אני יצאתי עם בחור צעיר מסוסנוביץ' לדרכנו. מטרתנו היתה העיר סוסנוביץ.

אנו פסחנו על הכביש והשתמשנו רק בשבילי שדה למרות עיפותנו הגדולה, לא זחלנו אלא כמעט רצנו כל הדרך. מאחורי התחנה „גולונוגה" פגשנו עגלה מובלה ע"י איכר, התישבנו על העגלה ונסענו אתו עד דומברובה. כשהגענו לבנדין היה כבר חושך. הרחובות היו ריקים מאדם. מזמן לזמן ראינו, איך אנשים עוברים ביעף את הרחובות ונעלמים מיד. מבוהלים שאלנו את האנשים לפשר הדבר. אז אמרו לנו, כי הוצאה פקודת עוצר, כי משעה שבע בערב אסור ליהודים להתהלך ברחוב. היינו קרובים לככר השוק החדש, ונזכרתי שיש לי פה מכיר. נכנסנו אליו, הם נבהלו מאד ממראה פנינו. סיפרנו להם, מהיכן אנו באים ומה שעבר עלינו בימים האחרונים.

אנחנו התרחצנו כדבעי, אכלנו ארוחה אנושית ונסינו להרדם, אולם היריות הבלתי פוסקות ברחוב לא נתנו לנו לישון. החלונות היו מודבקים ומכוסים, שהאור לא יחדור החוצה.

ובבוקר למחרתו נכנסנו עם הטרם הראשון לסוסנוביץ.

משה לובלינג

## דער אנהויב

פריי פון אנטיסעמיטיזם איז פוילן קיינמאָל נישט געווען.

אָבער פון יאָר 1933 מיטן קומען צו די מאַכט פון היטלעריזם אין דייטש־לאַנד, ווערן די פוילישע אנטיסעמיטן אגרעסיווער און די יידישע עקאָנאָמישע לאַגע פארערגערט זיך פון יאָר צו יאָר אין א גאַלאָפּירנדיקע טעמפּאָ.

אמשטארקסטן פילט זיך די עקאָנאָמישע ירידה פון די יידישע באפעלקערונג אין די קליינע שטעטלעך ווי די יידישע פרנסות ווערן איינגעשרומפּן פון טאָג צו טאָג, עס עפענען זיך אלץ מער און מער פוילישע קאָאָפּעראַטיוון ווי „ספּאלעם" און „יעדנאַשטש" וועלכע ציען לאנגזאם אריבער די דאָרפישע און שטאָטישע קריסטלעכע קונים צו זיך.

און אין יאָר 1939 געפינען זיך שוין אין פוילן א מיליאָן פרנסה־לאָזע אָדער האלב פרנסה־לאָזע יידן.

די בעטלעריי פארשטארקט זיך און אין די גרעסערע שטעט גייען שוין נישט איינצעלנע בעטלער, נאָר גאנצע גרופּן, איינער גייט אריין אין א געשעפט און זאָגט: פאַר דריי אָדער פאר זעקס. דאָס הייסט: אז דריי אָדער זעקס בעטלער וואַרטן אין דרויסן. די יידישע יוגנט וויל אנטלויפן פון מסחר, פון האנדל־וואַנדל לעבן. זיי לערנען פאכן, אָבער אויך דאָס לעזט נישט די עקאָנאָמישע לאַגע זייערע, ווייל אין די שוער־אינדוסטרי אָדער אין מלוכישע אנשטאַלטן ווערן יידן נישט אָנגענומען, און אפילו אין די לייכטע אינדוסטרי פון יידישע אייגנטימער

קען קיין ייד נישט אריינקומען. עס זיינען געווען פאלן אין אזעלכע אונטערנעמונגען ווי די קריסטלעכע ארבעטער וועלכע זענען געווען על פי רוב 90 פּראָצענט פון די פאבריק ארבעטער האָבן דערקלערט א שטרייק, ווייל דער יידישער בעל הבית האָט צוגענומען עטליכע יידישע ארבעטער. פארשטענדליך אז די ירידה אין עקאָנאָמישן לעבן איז געווען א גרויסע, און האָט נאָך מער פארשטאַרקט די פּאָליטישע טעטיקייט פון די יידישע יוגנט, וועלכע זוכט וועגן ווי אזוי צו באפרייען זיך פון זייער עקזיסטענץ לאָזיקייט. אָבער רעאלע וועגן זענען נישט פארהאנען פּאָרלויפיק. און דער איינציקער וועג: ארץ ישראל, איז פאר זיי אויך געשלאָסן. ווי שטענדיק טרייסטן זיך יידן מיט נסים, גאָט וועט העלפן ווי אלעמאָל. אָבער א גאָר גרויסער טייל פון פּוילישן יידנטום קוקט מיט שרעק אויף די עקאָנאָמישע קאטאסטראָפאלע לאגע וואָס קיינער קען נישט פאראויסזאָגן מיט וואָס דאָס וועט זיך ענדיקן.

אלע פילן אז עס מוז קומען עפּעס א וועלט־איפּטרייסלונג וואָס זאָל צוברעכן אָדער איינהאלטן די טייוול מאשין פון אנטיסעמיטיזם וואָס ארבעט אלץ שנעלער און שטארקער און קאָן דערפירן צום עוואָלוציאָנערן אונטערגאנג פון פּוילישן יידנטום.

די טעג פון חודש אויגוסט ציילן זיך אין א זער געשפּאנטער אטמאָספער. אלע פילן שוין אז די מלחמה הענגט אין די לופט. אין אלע שטעט ווערן אָרגאַניזירט לופט־שוץ גרופּן, אין וועלכע עס באטייליקן זיך אסך יידן. אויף די הויפן און אנדערע פרייע פּלעצער ווערן געגראָבן טראנשייען קעגן לופט־אָנגריפן. דאָס רוב קעלער שטובן ווערן פארוואנדלט אין שוץ פּלעצער, און די פענסטער ווערן פארמאכט מיט בעטאָן.

סוף אויגוסט ווערט די לאגע מער געשפּאנט. היטלער באשולדיקט פּוילן אין פארלעצן די פּויליש־דייטשע גרעניצן, אין פּראָוואָקאציעס. אלע פילן אז אָט אָט און די מלחמה ברעכט אויס.

דאָס פּוילישע פאָלק איז גרייט אויף קרבנות, פאר פּוילנס פרייהייט. אויך די יידישע יוגנט איז גרייט צום קאמף פאר פּוילנס פרייהייט און קעגן די נאציס. דאָס פּוילישע פאָלק ווייסט און שאצט אָפּ די יידישע קאמפגרייטקייט. און אין די טעג פארשווינדט דער אנטיסעמיטיזם ווי ער וואָלט קיינמאָל נישט געווען.

מיטוואָך דעם 30־טן אויגוסט קומט פאָר א מאָביליזאציע פון א ריי קאטעגאָריעס רעזערוו סאָלדאטן. אלע שטעלן זיך ווי איינער, און די איבריקע דערווייל נישט מאָביליזירטע בירגער זיצן און הערן זיך צו צום ראדיאָ כדי צו הערן וואָס עס זאָגן די גרויסע אייראָפּעאישע דיפּלאָמאטן. און דערווייל פארקלעבט מען מיט פּאפּיר־פּאסן די פענסטער, זיי זאָלן נישט פּלאצן פון לופט־דרוק ביי א באָמבארדירונג. עס האָבן אויך נישט געפעלט פּאָליטיקער וועלכע האָבן געטרייסט, אז עס וועט קיין מלחמה נישט זיין. היטלער סטראשעט בלויז, האָבן זיי געזאָגט.

אָבער דאָנערשטיק דעם 31־טן אויגוסט ביינאכט דערקלערט היטלער דורכן

דייטשן ראַדיאָ קריג קעגן פוילן, און גלייך צומאָרגנס גאַנץ פרי פליען שוין די דייטשע באָמבארדיר עראָפּלאַנען איבער פּוילישע שטעט און זייען טויט און פאַרניכטונג. און זייער מאָטאָריזירטע ארמיי דרינגט אריין דורך פאַרשידענע פּונקטן אין די פּוילישע טעריטאָריע. און נישט געקוקט וואָס מען האָט שוין א לענגערע צייט געלעבט אין א קריגס־שטימונג, האָט דאָך דער אויסברוך פון מלחמה געווירקט אזוי ווי ער וואָלט געקומען אומגערעכט.

איך האָב מיך אין יענע טעג געפונען אין סאָסנאָוויץ, ווו איך האָב די לעצטע פּאָר יאָר געווינט.

שבת פרי האָבן זיך פארשפּרייט קלאַנגען, אז דאָס פּוילישע מיליטער איז אריין 14 קילאָמעטער אין דייטשלאנד ביי בויטהען.

א סך האָבן געוואָלט דערין גלויבן, אָבער באלד האָבן זיי געקאָנט זען די צוריקלויפנדע זעלנער וועלכע האָבן דערצעלט גאָר עפּעס אנדערש. ווען מען הערט דעם ראַדיאָ ספּיקער פון קאַטאָוויצער ראַדיאָ ווי ער בעט ביי ווארשא, אז מען זאָל וואָס שנעלער ארויסשיקן קיין קאַטאָוויץ באנדאזשן און אנדערע מעדיקאמענטן, כדי צו דערמעגליכן צו געבן די ערשטע הילף די פארוואונדעטע פּוילישע זעלנער.

עס גייען ארום קלאנגען, אז אין די גרויסע מאגאזינען, נאָכן עפנען די קאסטענס האָט מען געפונען אנשטאט מעדיקאמענטן — שטיינער מיט שטרוי. איצט פרעגן שוין מענטשן: ווו זענען די גאז מאסקעס וואָס מען האָט צוגעזאָגט צו טיילן די ציוויל־באפעלקערונג? די הימלן זענען פיל מיט עראָפּלאנען. אָבער פּוילישע עראָפּלאנען זעט מען נישט.

דער פעראַט איז גרויס, די פּאניק נאָך גרעסער.

שבת פרי קומען אָן די ערשטע פּליטים פון אויבער שלעזיע. א סך מענטשן גלויבן נאָך אז די פּוילישע ארמיי וועט איינהאלטן די דייטשן. און דאָך זענען די וועגן וואָס פירן קיין מזרח פול מיט מענטשן. עס פאָרן מענטשן מיט פערד און וואָגן. מען לויפט מיט אויטאָמאָבילן, מאָטאָציקלען. א סך פירן זייערע פעקלעך אויף קליינע האנט וועגעלעך. אָבער דער מערהייט לויפט צו פוס. דער געדראַנג איז גרויס. די אויטאָמאָבילן קענען נישט פאָרן. עס פעלט בענזין. לאָזן זיי די אייגענטימער איבער און לויפן ווייטער. מענטשן ווארפן די פּעק וועלכע זיי קענען מער נישט דערטראָגן און לויפן ווייטער. אלע לויפן און ווייסן נישט וואוהין. איך לויף מיט די מאסע ביז סטשעמיעשיץ. זונטיק ביינאכט געלונגט מיר ארייננצוכאפּן זיך אין א צוג וואָס גייט אין די ריכטונג קיין וואלבראָם.ביידע ליניעס זענען באלייגט מיט באנען וועלכע פאָרן זער פּאמעלעך. קיינער ווייסט נאָך נישט אז דער טונעל איז שוין באָמבארדירט און די באנען קענען דעריבער נישט פאָרן. מאָנטיק נאָך מיטאָג, ווען מיר געפינען זיך אין ראבשטינער וואלד ווערן מיר באשאָסן פון דייטשע פליער מיט מאשין געווער, און אנדערע פליער ווארפן באָמבעס אין וואלד. אין וואלד זענען געווען קאָנצענטרירט א סך זעלנער, אָבער שוין אָן די אָפיצירן, און די דייטשן האָבן דאָס שוין געוווסט.

עס גייען ארום קלאנגען, אז דייטשע דיווערסאנטן געפונען זיך שוין אין גאנץ פוילן נאָך פון פאַרן קריג.

דינסטיק פאַרטאָג בלייבן מיר שטיין אונטער וואלבראָם. איך זע שוין די שטאָט. מיר שטייען שוין עטליכע שעה. פאַר אונז און אונטער אונז איז די ליניע פול מיט ציגער. עס פאַרשפּרייט זיך א קלאנג אז איינער זאָל האָבן געזען, נישט ווייט פון די וואגאָנען א דייטשן זעלנער. עס ווערט א פּאניק. א טייל נעמען די פּעקלעך און לויפן אין וואלד אריין. מיר באשליסן צו שיקן צוויי פּרויען קיין וואלבראָם און זען וואָס דאָרט הערט זיך. מענטשן וויסן שוין צו דערציילן אז ווי די דייטשן קומען אריין נעמען זיי צו די מענער. נאָך עטלעכע שעה קומען זיי צוריק און דערציילן אז אין וואלבראָם זיינען שוין דאָ די דייטשן.

פאַרן ווייטער האָט קיין זין נישט און איך גיי קיין וואלבראָם. איך טו אָן מיין רוקזאק מיט די קלענערע פּעקלעך וואָס איך האָב געהאט און מיר גייען, מיר קומען צו צום שלאבאן.

צוויי דייטשע זעלנער שטייען און לאָזן אלע אדורך נישט רעדנדיק קיין וואָרט. מיר גייען אריין אין די קראקאָווער גאס. יעדע 50 מעטער שטייט א דייטשער זעלנער אין מיטן גאס מיטן געשטרעקטן געווער און באגלייט אלע גייענדיקע. איך בין אזוי צעמישט אז איך זע נישט ווער עס גייט פאַר מיר און ווער עס גייט נאָך מיר. די גאס איז לער, מען זעט נישט אויסער די זעלנער קיין איינציקן מענטש. צוקומענדיק צום גורנא געסל בין איך אריין אין געסל און פון דאָרט געוואָלט צוקומען צו מיין ברודער חיים וועלכער האָט געוווינט ביי די שאפע. פלוצלינג איז ארויס צו מיר חיים׳לע שפּעקטאָר׳ס שוועסטער און מיר שנעל א זאָג געטאָן:

— פּאַניע לובלינג. גייט שנעל ארויס אין מארק, ווייל די דייטשן נעמען ארויס אלע מענער אין מארק אריין.

איך בין ווייטער געגאנגען. צוקומענדיק צו די שאפע האָט שוין א זעלנער צו מיר געשריגן איך זאָל אריין אין מארק. איך האָב אראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם רוקזאק, וועלכן מיין פרוי האָט צוגענומען, און בין אריין אין מארק וועלכער איז געווען ארומגעשטעלט ארום און ארום מיט דייטשע זעלנער וועלכע האָבן קיינעם נישט ארויסגעלאָזט. און אויף די טרעפּלעך פון די אפּטייק, אין קאמינסקיס הויז זענען געשטאנען דריי זעלנער מיט א מאשין־געווער אָנגעשטעלט צו די מאסע מענטשן וואָס האָבן זיך שוין דאָרט געפונען. א גרויסער טייל פון די מענטשן זענען געווען, אָנגעלאָפּענע. איך בין אזוי מיד און דערשראָקן, אז איך בין נישט פעאיק אפילו צו טראכטן.

פאַרנאכט ווערן באפרייט אלע וועלכע זענען עלטער פון 60 און יונגער פון 15 יאָר. די איבריקע 1,400 מענער שטעלן זיי אויס צו פיר אין א ריי, און ביי יעדע צווייטע ריי גייט א דייטשער זעלנער מיט אויטאָמאטיש געווער און מיט אן עלעקטרישן טאשן־לאָמפּ.

מיר הויבן אָן גיין אין די פּילצער גאס אריין. אויף די טראָטוארן שטייען

מאמעס, פרויען און שוועסטער און באגלייטן אונז מיט היסטערישע געוויינען. אלע רופן די נעמען פון זייערע נאָענטע. און ווען די בליקן באַגעגענען זיך ווערן די געוואלדן נאָך גרעסער. מיר גייען, דער טייך, דער וואלד. מיר זענען שוין עטליכע קילאָמעטער נאָכן וואלד, די נאכט פאלט צו.

עטליכע קילאָמעטער נאָכן וואלד גייען מיר אריין רעכטס, מען האָט נישט געקענט באמערקן צו איז דאָס א פעלד וועג, אָדער צו עס איז סתם צוואקערטע פעלדער. דאָס גיין איז זער שווער, זיי לאָזן אונז נישט מיר זאָלן רעדן צווישן זיך. די שטימונג איז א געדריקטע. יעדער איינער איז זיכער אז זיי וועלן אונז ערגיץ דאָ אויסשיסן. און אזוי גייען מיר שווייגנדיקע און מיר דערווארטן יעדע מינוט צו הערן דעם ערשטן שאָס.

א סך שטייען אָפּ פון גיין. זיי קענען נישט מער גיין. די שטארקערע האלטן אונטער די שוואכערע. מיר ווייסן אז די וואָס וועלן בלייבן הינטער-שטעליק וועלן ווערן דערשאָסן. און ווען עס פאלט דער ערשטער שאָס, ווערט אונז יעדן איינעם דאָס בלוט פארגליווערט אין די אָדערן. און די שאָסן הערן זיך איצט שוין עפטער. אָבער וואָס עס פאסירט ווייסן מיר נישט, ווייל די שאָסן פאלן הינטער אונז, און מיר טאָרן זיך נישט אומקוקן. כאָטש מיר וואלטן סייווי גאָרנישט געזען, ווייל עס איז גענוג פינסטער. די שפאנונג איז גרויס.

נאָך יעדן שאָס שטרענגגן מיר אָן דעם געהער, צו דער שאָס ווערט נישט באגלייט מיט א געשריי פון א מענטש. אָבער מען הערט נישט קיין געשריי. יעדער שאָס בלייבט איינזאם הענגען אין די שטילע פינסטערניש. אָבער דאָס מינדערט גאָרנישט פון די שרעק. דאָס גיין ווערט וואָסאמאָל שווערער. דער וועג אויף וועלכן מיר גייען איז א וועג פון בערגלעך און גריבלעך. אזוי, אז ווען איינער פאלט פאלן אויך אנדערע. אזוי גייען מיר און פאלן, הייבן זיך אויף כדי ווידער צו פאלן.

ענדלעך בלייבן מיר שטייען ביי עטליכע געמויערטע געביידעס אין מיטן פעלד. זיי הייסן אונז אריין גיין. מיר גייען אריין. דאָ קענען מיר שוין רעדן צווישן זיך, כאָטש קיינער רעדט נישט. אָבער מיר ווייסן שוין איצט וווּ מיר זענען. מיר געפונען זיך אין וויערפקא אין מועז׳נס אלטע פאפיר פאבריק. קיין מאשינען זענען דאָרטן נישטאָ, אָבער מיסט און שטויב גאנצע בערגער.

מען לייגט זיך אויס אויף די בעטאָנען ווי עס זענען אמאָל געשטאנען די מאשינען. און די איבריקע לייגן זיך מידע אוועק אויף די בעטאָן פאָדלאָגע וועלכע איז אויסגעבעט מיט מיסט און שטויב. אָבער קיינער שלאָפט נישט. יעדע מינוט דערווארטן מיר אז זיי וועלן אריינקומען. אָדער זיי וועלן אונז ארויסנעמען. ארויס לאָזן זיי קיינעם נישט. פארשטייט זיך, אז נאָך עטליכע שעה ווערט די לופט אונערטרעגליך. אָבער קיינער לייגט נישט קיין אכט דערויף. די איינציקע פראגע איז: וואָס וועט זיין? וואוהין פירן זיי אונז? און צו וואָס?

אָבער קיינער קען דעם ענטפער נישט געבן, און די נאכט ציט זיך ווי אן אייביקייט. ענדליך ווערט טאָג. זיי טרייבן אונז ארויס אין דרויסן. מיר זענען אזוי שמוציק אז איינער דערקענט נישט דעם צווייטן. קיין וואסער זיך אָפּצוואשן

איז נישטאָ. מיר קלאַפּן אָפּ די קליידער פון שטויב וויפיל איינער קען. זיי קוקן אונז אָן און קוועלן פון נחת.

שטיקלעך ברויט ליגן אויף א אויסגעשפרייטער קאָץ וואָס ליגט אויף די ערד. זיי שטעלן אונז אויס אין א ריי, און יעדער איינער מוז צוגיין און נעמען איין שטיקל ברויט. און ווער עס געפעלט זיי נישט באַקומט א געזונטן קאַפּע אין הינטן אריין, ווען ער בייגט זיך אראָפּ צו נעמען דאָס שטיקל ברויט.

באַלד שטעלן זיי אונז ווידער אויס צו פיר אין א ריי, אָבער איצט קלויבן זיי אויס אַלע יידן מיט בערד און שטעלן זיי אין די ערשטע רייען. דאָס טוען זיי כדי צו מאַכן די יידן צו שאַנד און צו שפּאָט אין די אויגן פון דער דאָרפישער באַפעלקערונג. מיר מאַרשירן אין די ריכטונג פון זאַוויערטשע. מיר גייען מיטן שאָסע. די זון ברענט. דער שטויב איז זייער גרויס און מיר גייען פּשוט אין א וואָלקן פון שטויב, אַזוי אַז איינער דערקענט שוין נישט זיין שכן וואָס גייט ביי זיין זייט.

די קריסטלעכע דאָרפישע באַפעלקערונג שטייט זיך רואיק מיט זייערע פאַמיליעס פאַר די קליינע הייזלעך זייערע און קוקן זיך צו צו די גרויע דעפילאַדע דורכפאַרנדיקע. מיליטער אויטאָס מאַכן פון אונז פּאַטאַ־אויפנאַמען. ענדליך קומען מיר אָן אין זאַוויערטשע, זיי פירן אונז אריין אין „ערבער׳ס פאַבריק אויף א גרויסן פּלאַץ וואָס איז ארומגענומען מיט א גרויסע מויער און אין דער מיט פון פּלאַץ געפינט זיך אָן אויסגעגראָבענער ראָוו צוויי מעטער טיף און א מעטער פינפציק די ברייט.

עס באַווייזן זיך באַלד אויף די דעכער פון די פאַבריק־געביידעס סאָלדאַטן מיט מאַשין געווערן וועלכע זענען אָנגעשטעלט צו אונז. מיט אונז געפינען זיך עטליכע הונדערט פּאָליאַקן. זיי הויבן אונז אָן דערגיין די יאָרן. די דייטשן טיילן אונז פון אנאנדער. פּאָליאַקן רעכטס — יידן לינקס. אויפן פּלאַץ געפינט זיך נישט קיין איינציקער דייטש. די נאַכט פאַלט צו. עס ווערט שטאַרק קיל. מיר ליגן אויסגעלייגט אויף די ערד, א טייל שלאָפן איין און א טייל דרימלען בלויז. אַלע ווילן שוין דערלעבן דעם מאָרגן, און זען וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען. אָבער באַלד אין דער פרי זעען מיר וואָס די נאַכט האָט געברענגט פאַר די פּאָליאַקן. אין משך פון די נאַכט האָבן זיי ביי אונז צוגעגנבעט אַלץ וואָס זיי האָבן נאָר געקאָנט. ביי מיר האָבן זיי צוגענומען מיין פּאַלטן. מיר האָבן געוווּסט אַז קלאָגן זיך האָט נישט קיין זינען. האָבן מיר געטראַכט. זאָלן די זאַכן זיין א כפרה. עס האָט אונז מער געקווילט דאָס נישט האָבן קיין ביסל וואַסער. און עס שטעלט זיך ווידער א הייסער טאָג.

א זייגער 10 פרי זענען אָנגעקומען אויפן פּלאַץ עטליכע דייטשע אָפיצירן און אונטעראָפיצירן. באַלד האָבן זיי באַפוילן אַז די יידן זאָלן זיך אויסשטעלן אין פיר רייען. און נאָכן אויסשטעלן זיך, האָבן זיי אויסגעקליבן פיר יידן מיט בערד און געהייסן זיי לויפן ווי הינט אויף אַלע כיר. און נאָך יעדן איינעם פון די יידן, איז נאָכגעלאָפן א דייטש און אים געטריבן ער זאָל שנעלער לויפן און דערביי זיי מכבד געווען מיט קלעפּ און קאָפּעס מיט זייערע שטיוול

ווי זיי האָבן געטראָפן, אין בויך אין קאָפּ, און דערביי געשריגן: פּאָולענצער! שנעלער, שנעלער. די יידן זענען אזוי לאנג געלאָפן ביז זיי זענען געבליבן ליגן צעבלוטיקטע און באַוווסטלאָזע. דאן האָבן זיי באַפוילן: 8 יודן ראוס! נעמט דאָס דרעק וועק! אכט יידן זענען ארויס און האָבן די יידן אוועקגעטראָגן הינטער די לעצטע ריי און דאָרט זיי געראַטעוועט מיט וואָס זיי האָבן געקענט. דאן האָבן זיי גענומען אנדערע פיר יידן. און ווידער האָט פּאַסירט דאָס זעלבע. און אזוי האָט דער טייוול־שפּיל זיך געצויגן ביז די מיטאָק שעהן.

נאָכמיטאָק האָט מען ארייננגעבראַכט א גרויס פּאַס וואסער. האָבן זיי געהייסן מיר זאָלן זיך שטעלן אין א ריי צו באַקומען וואסער. נישט אלע האָבן געהאַט אין וואָס צו נעמען דאָס וואסער. האָבן זיך געשטעלט די וואָס האָבן יאָ געהאַט. אָבער באַקומען האָבן זיי קלעפּ נישט וואסער, ווייל אין די ריי נאָכן וואסער זענען מיר געשטאַנען צוזאַמען מיט די קריסטן. און ווי נאָר א ייד האָט באַקומען זיין פּאָרציע וואסער, האָט עס זיין קריסטליכער שכן אים ארויסגעקלאַפּט פון די האַנט.

און אין מעריב פאַרגייט די זון בלוטיק־רויט. מיר ליגן אויף די ערד הונגעריקע, דורשטיקע, מידע און צעבראָכענע, פאַר אונז איז דער טאָג נישט צו ענדע. די קרעכצן פון די צעשלאָגענע יידן לאָזן נישט פאַרגעסן דעם טאָג, און ווארפן אָן א שרעק פאַרן קומענדיקן מאָרגן.

קיינער שלאָפט נישט, עס איז זער קאַלט, און די ערד איז פייכט פון דעם געדיכטן נעפּל וואָס האָט זיך ווי א שווערער וואָלקן צעלייגט. איך קען נישט איינשלאָפן כאָטש איך בין שטאַרק מיד. עס איז מיר זער קאַלט. צום סוף לייג איך מיך צוזאַמען מיט איטשע וועלנער פון די עלגאַטער גאַס. אין דער צווייטער זייט ליגט יעקב שמואל ספּלאַוואַטש, דער מוזיק פּראָפעסאָר, וועלכער האָט נאָך זיין פּאַלטן. מיר פּרעסן זיך צוזאַמען, אזוי אז איינער זאָל וואַרעמען דעם אנדערן. מיר שלאָפן צו ביסלעכווייז איין. מיר שטייען אויף זער פרי, די קעלט לאָזט אונז נישט שלאָפן. מיר זוכן א ביסל וואסער, כאָטש אָפּצוואַשן זיך די אויגן. זאָל עס זיין שמוציק וואסער, אָבער אויך שמוציק וואסער איז נישטאָ. שוין דער דריטער טאָג ווי מיר זיינען אָן עסן און אָן טרינקן.

אונגעפער א זייגער צען פרי קומען ארויף אויפן פּלאַץ אן אָפּטיילונג מיליטער מיט אָפיצירן אין זייער פולער באַוואָפענונג. די אָפיצירן גייען אריין אין א ביוראָ וואָס געפינט זיך אין עק פון פּלאַץ, און די איבריקע שטייען אין דרויסן און וואַרטן.

מיר פילן אַז דאָ וועט עפּעס פּאַרקומען, און אפשר איז דאָס דער סוף? ענדליך קומען די אָפיצירן ארויס און עס הויבט זיך אָן דער בלוטיקער פּרייטיק ווי מיר האָבן אים שפּעטער אָנגערופן.

אויפן פּלאַץ האָבן זיך געפונען בעטאָן בלאָקן, יעדער בלאָק פון הונדערט פינפציק ביז צוויי הונדערט קילאָ די וואָג. האָבן זיי באַפוילן אז יעדע 4 מאַן זאָלן נעמען אזא בלאָק און אים אריינוואַרפן אין ראָוו אריין, וואָס האָט זיך געפונען אין דער מיט פון פּלאַץ. מיטן בלאָק האָט מען געמוזט לויפן. די וואָס האָבן

נישט געקענט לויפן האָבן באַקומען קלעפּ. נאָכן אַריינוואַרפן אַלע בלאָקן האָבן זיי געהייסן זיי צוריק אַרויסנעמען. און דאָ איז די לאַגע געווען שוין אַ סך ערגער. און קלעפּ זענען געפאַלן און בלוט איז געראָנען. דער בלוטיקער שפּיל האָט געדויערט אַזוי אַ גאַנצן טאָג. אַריינוואַרפן די בלאָקן, און אַרויסנעמען די בלאָקן. פאַרנאַכט האָבן זיי געטוישט אונזער אַרבעט. איצט האָבן זיי געהייסן מיר זאָלן לויפן פון איין עק צום צווייטן עק פון פּלאַץ. ביי יעדן מאָל אַדורכלויפן דעם פּלאַץ האָט מען געדאַרפט איבערשפּרינגען איבערן ראָוו. די וואָס זענען געבליבן הינטערשטעליק האָבן באַקומען קלעפּ. אַלע זענען געלאָפן, און אַ סך זענען אַריינגעפאַלן אין ראָוו אַריין. אויף איינמאָל איז געפאַלן אַ באַפעל „איינשליסן״, ד.ה. יעדע פיר מאַן זאָלן זיך נעמען אונטער די אָרעמס און אַזוי לויפן.

פאַרשטייט זיך אַז איצט איז דאָס איבערשפּרינגען דעם ראָוו געווען כמעט אוממעגלעך, און ביי יעדעס מאָל לויפן זענען צענדליקער מאַן אַריינגעפאַלן אין ראָוו אַריין. אַרויס פון ראָוו האָבן זיי מער נישט געלאָזט. דאָס שפּיל האָט אונז שטאַרק געשראָקן, און ווער עס האָט נאָר געקאָנט האָט זיך באַמיט מיט אַלע כוחות נישט אַריינצופאַלן. אָבער דאָס איז געווען כמעט אוממעגליך, ווייל עס איז גענוג געווען אַז איינער פון די פיר איז געווען אַ שוואַכערער אָדער אַן עלטערער, אַז אַלע פיר זאָלן אַריינפאַלן. דער ראָוו איז שוין געווען פול מיט מענטשן און איינער איז געלעגן אויפן צווייטן.

נאָך אַ שעה צייט איז דער ראָוו געווען פול און מען איז שוין דעם ראָוו אַדורך געלאָפן, מען האָט שוין נישט געדאַרפט שפּרינגען. דער שפּיל האָט זיך פאַרענדיקט ווען די זון איז אונטערגעגאַנגען, אָבער דאָ האָט אונז דערוואַרט דאָס שרעקליכסטע:

די איבער טויזנט מענער וועלכע האָבן זיך געפונען אויף דעם פּלאַץ שוין עטליכע טעג האָבן באַשטימט אַ ווינקל פון פּלאַץ אויף דערליידיקן זייער פיזיאָלאָגישע באַדערפענישן. מען קען זיך פאָרשטעלן ווי דער ווינקל האָט אויסגעזען. אין אָט דעם ווינקל האָבן זיי אונז מיט קלעפּ אַריינגעטריבן. אַלע האָבן זיך אַריינגעשטופּט טיפער אין ווינקל, נישט ווילענדיק באַקומען קיין קלעפּ. אויף איינמאָל איז געפאַלן אַ באַפעל: „הינלעגן זיך״. און אַלע סאָלדאַטן האָבן אָנגעשטעלט זייערע אויטאָמאַטן צו אונז. די ענגשאַפט איז געווען אַזוי גרויס אַז עס איז נישט מעגליך געווען זיך צו לייגן. דאָס אַלעס וואָס האָט זיך אָנגעזאַמעלט דורך די עטליכע טעג איז געוואָרן מיט די פיס צעטרעטן. דער געשטאַנק איז געווען שרעקליך. מיר לייגן זיך איינער אויפן צווייטן. ווער עס וועט דעם קאָפּ אויפהויבן ווערט דערשאָסן! הילכט אַ געשריי. מיר ליגן אַזוי די גאַנצע נאַכט. פון די דעכער ווו עס שטייען די אויטאָמאַטישע געווערן ציגדן זיך אָן פּראָזשעקטאָרן וועלכע זענען געווענדעט צו אונז. מיר דריי זענען געבליבן ליגן ביים ראַנד פון די מענטשן מאַסע. טראָץ דעם וואָס מיר האָבן געוווסט אַז מיר זענען אויסגעשטעלט צו כאַפּן קלעפּ, און אפשר אויך די ערשטע קוילן. אָבער צום גליק האָבן מיר אויסער עטליכע קאָפּעס נישט באַקומען קיין איין קלאַפּ אין פאַרלויף פון די גאַנצע נאַכט.

פאַרטאָגס האָט אָנגעהויבן גיסן א שטארקער רעגן, וועלכער האָט געדויערט ביז עס איז געוואָרן טאָג. איצט האָבן מיר שוין געהאט די געלעגנהייט צו טרינקן פריי וואסער גלייך פון הימל. און ווי נאָר עס איז טאָג געוואָרן, האָבן מיר גלייך ביים ראָוו וועלכער האָט זיך פון רעגן אָנגעפילט מיט וואסער, אויסגעוואשן די קליידער וועלכע זענען געוועזן שטארק שמוציק, און זיי אויסגעשפרייט אויף די ערד צום טרוקענען.

קיינער האָט אונז נישט געשטערט צו זיצן אזוי אין די בלויזע אונטערוועש, ווייל אויסער די דריי סאָלדאטן ביים הויפט טויער, און די וואך אויף די דעכער ארום, זיינען מער קיין דייטשן אויפן פלאץ נישט געוועזן.

א זייגער צוועלף מיטאָק האָט מען אונז אריינגעברענגט וואסער און יעדער האָט געקאָנט נעמען וויפיל ער האָט געוואָלט. און מיט עטליכע שעה שפּעטער האָט מען אונז אריינגעברענגט עסן, וואָס עס האָט אונז אריינגעשיקט די זאוויערטשער קהילה. דער פאקט האָט אונז שטארק אויפגעהייטערט, און די שרעק איז פארשוואונדן. צומאָרגנס זונטיק האָבן מיר שוין באקומען פעקלעך עסן פון פריוואט מענטשן. מיר האָבן שוין געקאָנט מיט זיי רעדן דורכן טויער, און פון זיי האָבן מיר זיך דערוווסט, אז מען וועט אונז אין עטליכע טעג באפרייען. אזא צוזאָג האָבן די פאָרשטייער פון די יידישע געמיינדע אין זאוויערטשע באקומען פון די קאָמאנדאטור.

דער מאָנטיקער טאָג איז אדורך רואיק. מיר זענען געזעסן אויפן פלאץ און געקאָכט זיך טיי ביי די פייערן וואָס מיר האָבן געצינדן און ביינאכט האָבן געברענט צענדליקער פייערן וועלכע האָבן געברענט א גאנצע נאכט, עס זאָל אונז נישט זיין אזוי קאלט. די מערהייט איז נישט געשלאָפן נאָר געזעסן ביים פייער און זיך געווארעמט.

דינסטאָג פרי זענען אָנגעקומען עטליכע אָפיצירן און זיך געזעצט ביי טישלעך אויפן פלאץ און רעגיסטרירט יעדן איינעם, און געפרעגט יעדן וואהין ער וויל גיין, אין וועלכע שטאָט.

איך האָב זיך רעגיסטרירט קיין סאָסנאָוויץ.

מיטוואָך גאנץ פרי זענען זיי ווידער געקומען, אויסגעקליבן אן עלצטן פון יעדער גרופּע, און אים געגעבן א שריפטלעכע דערלויבניש, אין וועלכע עס זענען געווען אויסגערעכנט אלע מענטשן וועלכע האָבן זיך רעגיסטרירט צו גיין אין די זעלבע ריכטונג, און געהייסן אונז גיין מיטן שאָסע. אָבער די זאוויערטשער יידן האָבן אונז געראטן מיר זאָלן נישט גיין גרופּן ווייז ווי די דייטשן ווילן, און מיר זאָלן נישט גיין מיטן שאָסע נאָר מיט זייטיקע וועגן, ווייל גרופּעס פון די אנטיסעמיטישע יוגנט, פלאנירן אונז צו באפאלן אויף די וועגן.

זיי האָבן אונז אויך געראטן נישט צו גיין דירעקט פון דאנען, נאָר דרייען זיך א ביסל אין שטאָט, אָדער ביי באקאנטע און דערנאָך ערשט גיין.

איך בין מיט א יונגען בחור פון סאָסנאָוויץ ארויס אין וועג, אונזער ציל איז געווען סאָסנאָוויץ. מיר האָבן אויסגעמיטן שאָסעען, און באנוצט זיך בלויז מיט פעלד וועגן. טראָץ אונזער מידקייט, זענען מיר געפלויגן, נישט געגאנגען.

ארטור נונבערג, ארצות הברית

# אין גערא נגל מיטן טייוול

פרייטיק, דעם 1־טן סעפטעמבער, האָבן די באוואָפנטע דייטשע בעסטיעס ארייננמארשירט קיין פוילן. דעם זעלבן אָוונט האָב איך פון באלקאָן פון דעם בונדישן לאָקאַל אין סאָסנאָווצע, אויף דער דריטער־מאי־גאס, געזען דעם נעבעכדיקן צוריקטריט פון פוילישן מיליטער. עס ציען זיך לאנגע שורות פורן, געשפאנט מיט פערד אָדער אָקסן אָנגעלאָדן מיט דעם האָב און גוטס פון דער ציווילער באפעלקערונג. שבת פרי, מיטן לעצטן אויטאָבוס פון סאָסנאָווצע, לויף איך צו מיינע עלטערן קיין וואָלבראָם. אויך דאָ פאקט מען זיך. יונגווארג אין מיליטער־עלטער, מיטליעריקע מענער שלאָגן זיך מיט דער דעה: יאָ לויפן, ניט לויפן. מאמעס, יונגע פרויען ראטן זייערע קינדער און מענער זיי זאָלן אנטלויפן, זיך ראטעווען. מאָנטיק באווייזן זיך עטלעכע דייטשע פאָרפאָסטנס אויף מאָטאָציקלעטן און פאָרן גלייך צוריק, און ספּאָנטאן ווערט א בהלה אין שטאָט: מען לויפט ארויס פון די שטובן מיט פעקלעך אונטערן אָרעם אָדער אויף די פלייצעס, מיט קליינע קינדער אין וועגעלעך — אלע לויפן צום מיעכאָווער שאָסע. מיין ברודער משהלע און איך זיינען צווישן דער מאסע. איך ווער מיטאמאָל א פליט. דער מיעכאָווער וועג איז איין גרויסער זיך באוועגנדיקער ים מיט מענשן. דייטשע עראָפּלאנען באגלייטן אונז, ווארפן באָמבעס, לאָזן זיך ארונטער און שיסן מיט מאשין־געווער אויף דעם שטראָמענדיקן מענטשן־ים. אין כאשניצע קויף איך א פערד און וואָגן, בשותפות מיט דריי בענדינער פליטים, וואָס קאָנען ווייטער נישט גיין צופוס. זאלבעפינף רייסן מיר זיך צו די מזרח־גרעניצן פון פוילן. לאנג זיינען מיר ניט צווישן די „גליקלעכע”, וואָס פאָרן אויף א וואָגן. שפּעט ביינאכט קומען מיר אָן קיין סאנדאָמיעזש. מיר מוזן אדורכפאָרן אריבער דער ווייסל. די בריק איז שוין געוואָרן באָמבארדירט. פויליש מיליטער לאָזט אונז נישט אדורכפאָרן. צופוס קאָנען מיר, איינשטעלנדיק אונזער לעבן, אפשר אריבערגיין די בריק. צוזאמען, אויף דער אנדערער זייט ווייסל, קויפן מיר ווידער א פערד און וואָגן און דורך לובלין, כעלם, הרובעשעוו קומען מיר אָן ערב יום־כיפור קיין קאָוועל. אין קאָוועל הערשט אנארכיע. דאָס פוילישע מיליטער אנטלויפט פון די קאזארמעס, גיסט זיך ארייַן אין ים פון פליטים, וואָס האָט פארפלייצט די שטאָט. קיין ציווילע פוילישע מאכט עקזיסטירט נישט מער. די רוסישע ארמיי רייסט זיך צו די גרעניצן פון סטאלין־היטלער־אָפּמאך. מיר פינף דינגען צוויי צימערן, נאָענט פון די מיליטערישע קאזארמעס, ביי א קאָוועלער איינזאמער יידישער פרוי. די פול־געפּאקטע מיליטערישע זאפּאסן מיט לעבנס־מיטל ווערן אויסגעליידיקט דורך דער ציווילער באפעלקערונג. מיר קויפן איין און גרייטן זיך אָן שפּייז. אין דער ציכטיקער און רואיקער וואוינונג גייען דורך אין מיין זכרון די איבערלעבונגען פון די לעצטע פּאָר וואָכן און איך באנעם אונזער איצטיקן טראגישן מצב. עס איז יום־כיפור ביינאכט, עס איז מיין געבורטסטאָג. איך זע פאר מיינע אויגן וואָלבראָם, די פּילצער גאס. אונזער הויז,

מיינע נאָענטע. פלוצים באַקום איך שרעקלעכע ווייטיקן, איך פיל ווי עמיצער וואָלט גערייסן מיינע הענט, איך קריך אויף די ווענט. פאַרצווייפלט שטעק איך אריין מיינע הענט און ס׳פּנים אין א זאַק מיט האָבער, וואָס מיר האָבן געקויפט פאַרן פערד. איך הייב אָן ספּאַזמאַטיש צו וויינען. אין אַזאַ צושטאַנד ווער איך אַנטשלאָפן. איך וועק זיך אויף צומאָרגנס. אונזערע פערד און וואָגן האָט מען צוגעגנבעט. די רוסן זיינען שוין אין שטאָט. מען באַוועגט זיך פריי. אין גאַס טרעף איך חברים און באַקאַנטע פון גאַנץ פוילן. אַלעס האָט זיך געצויגן קיין מזרח. א גאַנצע גרופּע וואַרשעווער בונדיסטן וואוינען אין דער קאָוולער יידישער פאָלקסבאַנק.

איין עפּיזאָד פון קאָוועל איז ווערט צו דערמאָנען. דער עפּיזאָד איז פאַרבונדן מיטן נאָמען פון דעם אומגעבראַכטן דורך די באָלשעוויקעס בונדישן פירער וויקטאָר אַלטער. חבר וויקטאָר אַלטער האָט זיך אויך געפונען אין קאָוועל. חבר משה קויפמאַן, שפּעטער אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד, לאָזט מיר וויסן, אז עס קומט פאָר א באַראַטונג מיטן אָנטייל פון חבר וויקטאָר אַלטער, אין פאָליש פון קאָוולער בית־המדרש.

מיר זיינען געווען א געציילטע גרופּע בונדישע טוער. חבר אַלטער האָט רעפערירט וועגן דער געשאַפענער פּאָליטישער לאַגע און אונז באַקענט מיט דער דעקלאַראַציע, וואָס ער און די פירער פון די פוילישע באַן־אַרבעטער, פּ.פּ.ס.־שע טוער, האָבן אויסגעאַרבעט, כדי איבערצוגעבן דער סאָוועטישער מאַכט. צום סוף זאָגט אונז ח׳ אַלטער: „אויב מען וועט איבערגעבן, לויטן מאָסקווער שטייגער, אז איך האָב זיך מודה געווען אין קאָנטר־רעוואָלוציאָנערער אַרבעט און פּאַראַט קעגן סאָוועטישן רעזשים, זאָלט איר וויסן, אז דאָס וועט זיין א ליגן״. צוויי טעג שפּעטער איז חבר אַלטער געוואָרן אַרעסטירט אין קאָוועל. די בונדישע גרופּע, צוליב מורא פאַר ווייטערדיקע אַרעסטן, איז זיך פאַנאַנדערגעפאָרן. א טייל איז אַוועק קיין ליטע, א טייל, און איך בתוכם, — קיין לעמבערג. זייענדיק אין לעמבערג, האָב איך געזוכט אַרבעט. אין אַרבעטס־אַמט האָט מיך פאַרמסרט א געוועזענער סאָסנאָוויצער „צוקונפטיסט״, וואָס איז אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער בונדישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע פאַר וועלן שאַפן א קאָמוניסטישע „יאַטשייקע״. נאָך עטלעכע טעג אויסבאַהאַלטן זיך אין בזשוכאָוויצע בין איך געפאָרן ווי א פּרייוויליקער קוילן־גרעבער קיין דאָנבאַס, מיטן געדאַנק אז דאָרט וועל איך קאָנען איבערלעבן דעם שטורעם. דעם 30טן דעצעמבער 1939 האָט די נ.ק.וו.ד. אַרעסטירט מיין ברודער משהלע. איך האָב גראָד געהאַט מיין פרייען טאָג און בין געווען אין שטאָט סערגאָ, נישט ווייט פון די קוילן־גרובן. א זאַוויערטשער בונדיסט לעווקאָוויטש איז געקומען צו לויפן אין שטאָט מ׳ר אָנזאָגן, אז משהלע איז אַרעסטירט. איך האָב געהאַט א פאַרגעפיל, אז זיי מיינען ניט מיין ברודער. איך האָב געבעטן מיין חבר ער זאָל צוריקגיין אין אונזער וואוינונג און אויב מיין ברודער וועט באַפרייט ווערן, זאָל ער קומען צו א באַשטימטן פּלאַץ ביי דער באַן־סטאַנציע. אַזוי אי׳ז עס טאַקע געווען. ביים אויספרעגן מיין ברודער האָבן זיי געזען, אַז זיי האָבן געמאַכט א טעות, געגומען נישט דעם ריכטיקן נונבערג. פון דער באַן־סטאַנציע זיינען מיר נאָך דעם זעלביקן אָוונט אַוועקגעפאָרן, דורך

כארקאָוו, קיעוו, לעמבערג, קיין קראָקע, צוריק אין דעם גיהנום, פון וועלכן מיר זיינען מיט אזוי פיל פחד אנטלאָפן.

צומאָרגנס זיינען מיר אוועקגעפאָרן קיין לעמבערג. מיטן יאנואר 1940 זיינען מיר געווען צוריק ביי די דייטשן, איך אין קראָקע און מיין ברודער אין וואָלבראָם.

סוף יאנואר זיינען זיך צונויפגעקומען די איבערגעבליבענע טוער פון „בונד” אין קראָקע: באלע סטשעקאטש, לושקע אלעקסאנדראָוויטש, סאלע פאניק, פישל הארענדאָרף, יעקב צעלעמענסקי און דער שרייבער פון די שורות. מיר האָבן געגרינדעט אן אונטערערדישן בונדישן אפאראט און זיך געשטעלט אין קאָנטאקט מיטן אונטערערדישן צענטראל־קאָמיטעט אין ווארשע. דורך וואָלבראָם, טשענסטאָכאָוו, פיעטריקאָוו, ראדאָמסק בין איך אין פעברואר געקומען קיין ווארשע און אויף א זיצונג פון צענטראל־קאָמיטעט איבערגעגעבן וועגן דעם מצב פון דער יידישער באפעלקערונג אין דער פראָווינץ, וועגן דעם פאראָרעמטן, פרנסה־לאָזן, טראגישן צושטאנד פון דער יידישער ארבעטערשאפט און וועגן דעם ווילדן, סאדיסטישן געיעג פון די דייטשע בעסטיעס אויף די יידן. עס איז באַשלאָסן געוואָרן איינצושטעלן א קאָנטאקט מיט אלע שטעט פון זאגלעמביער־טשענסטאָכאָווער־קראָקעווער־טארנאָווער ראיאָן, צו געבן מאטעריעלע הילף די נויטליידנדיקע און ספעציעלע הילף פאר דער יוגנט, צו עפענען אומזיסטע קיכן פאר דער הונגעריקער יידישער באפעלקערונג, צו שאפן קינדער־היימען און צו פארשפרייטן די אומלעגאלע בונדישע ליטעראטור.

איך האָב דאן אין שליחות פון „בונד” באזוכט קראָקע, טאָרנע, בענדין, סאָסנאָוויעץ, אָלקוש און וואָלבראָם.

די הילף, וואָס איך האָב געבראכט קיין וואָלבראָם, האָט אויפגעהייטערט די דערשלאָגענע, פאראָרעמטע יידישע ארבעטער. עס איז געשאפן געוואָרן אן אונטערערדישער פארטיי־קאָמיטעט פון די חברים מאיר מורמאן, חיים וויסאָקע, עידזל רודזין, משה ראָטמענש און מאָנעטא. דער פארטיי־קאָמיטעט האָט דיספּאָנירט מיט די הילפס־געלדער, האָט איינגעשטעלט אומלעגאלע קרייזלעך, איינגעאָרדענט לעקציעס, מאי־פייערונגען און פאנאנדערגעטיילט די אומלעגאלע ליטעראטור. די קאָלעקטיווע צוזאמענטרעפן זיינען פאָרגעקומען אין די וווינונגען פון די חברים וויסאָקע, ראָטמענש, פּאָלטאָראק און שמולעוויטש־וויסאָקע.

עס איז אויך געשאפן געוואָרן אן אונטערערדישער יוגנט־קאָמיטעט פון די חברים בערל פּאָלטאָראק, חאטע וועלנער, שטאָרכאן און סקאָווראן. די מיטגלי־דערשאפט איז איינגעטיילט געוואָרן אין קרייזלעך צו פינף, די קרייזלעך האָבן זיך פארזאמלט איין מאָל א וואָך. מען האָט געלערנט לייענען און שרייבן יידיש, געלייענט און פארטייטשט די אומלעגאלע ליטעראטור. דער יוגנט־קאָמיטעט האָט דיספּאָנירט מיט אן אייגענעם בודזשעט פון דער באקומענער חודשלעכער סובסידיע.

בעת דער אויסזידלונג און איבערזידלונג אין קראָקע אין 1941, האָבן מיר — איך און מיין פרוי — זיך באזעצט אין וואָלבראָם.

אין יוני 1941 איז ארעסטירט געוואָרן מאריא שטשענסנא, א פוילישע

קוריערין פון אונטערערדישן „בונד", וועלכע איך האָב געקענט פון אירע פריער־דיקע באזוכן ביי מיר אין וואָלבראָם. עס זיינען פאָרגעקומען גרויסע ארעסטן צווישן אונטערערדישן בונדישן אקטיוו אין פיאָטרקאָוו, טאָמאשאָוו, ראדאָמסק, טשענסטאָכאָוו, קראָקע, און אין וואָלבראָם איז ארעסטירט געוואָרן חבר עידזשל רודזין. די קאָרעספּאָנדענץ, וואָס איך האָב אונטערגעשריבן מיט נאָמען אדאם נאוולאָצקי, איז געגאנגען אויפן אדרעס פון עידזשל רודזין. חבר רודזינען האָט מען איבערגעשיקט אין דער באַרימטער קראָקעווער טורמע מאָנטילופּא. מען האָט אים טאָג־איין, טאָג־אויס געפּייניקט אין דער געסטאַפּאָ אז ער זאָל אויסגעבן זיינע חברים.

נאָכן פארגלייכן די האנטשריפט פון ח. רודזין מיט דער האנטשריפט פון די געפונענע בריוו ביי דער ארעסטירטער מאריא שטשענסנא, האָט די געסטאַפּאָ פעסטגעשטעלט, אז דאָס איז נישט זיין האנטשריפט.

נאָך עטלעכע חדשים פון שרעקלעכער פייניקונג האָבן זיי אים צוריקגעשיקט קיין וואָלבראָם מיט אונטערגעהאקטע לונגען. דאָס גאנצע לייב זיינס איז געווען צוקאַטעווועט, ער האָט קיינעם נישט אויסגעגעבן.

איך האָב זיך געראַטעוועט אדאנק דעם רבינס טאָכטער גאָלדעלע פרענקל. געשען איז עס דורך א צופאל. איך בין ארויסגעגאנגען פון מיינע עלטערנס וווינונג צום שכנותדיקן פריזירער קיווע ראָזענבערג. איך האָב זיך נאָר באוויזן אוועקצוזעצן אויפן שטול ווי עס קומט צו לויפן גאָלדעלע און זאָגט מיר, אז געסטאַפּאָ איז ביי מיר אין שטוב. דורך די לאָנקעס לויף איך צום טייך, ווו קעגנאיבער דער מיל האָט געוווינט א קריסט, וואָס האָט אמאָל געארבעט ביי מיין טאַטן. דאָרט אין דעם סטאָדאָלע־שייער האָב איך זיך אויסבאהאלטן עטלעכע טעג. איך הויב אָן א צווייפאכיק געיאָגט לעבן ווי א ייד און ווי א געזוכטער אומלעגאלער בונדישער טוער. אין די זעלטענע שעהן, בייטאָג און ביינאכט, ווען איך פארברענג אין דער היים, שטייט מיין פרוי אויף דער וואך. יעדע באוועגונג אין גאס איז פארדעכטיק. יעדער טריט פון א דייטשן שטיוול הילכט אָפּ אין דער שטוב. ביינאכט זיינען מיינע מלבושים אין קעלער, צווישן די קוילן, כדי אין פאל פון א פלוצימדיקן איבערפאל נישט צו פארגעסן אין איילעניש עפּעס וואָס זאָל פארראטן מיין זיין אין שטוב. דער ביטערער צופאל האָט געוואָלט, אז גראָד קעגנאיבער אונז, ביי יוסף פאלוך — חיימל דעם בעקערס איידעם — אין הויז האָט געוווינט א דייטשקע, וואָס עס האָבן זי כסדר באזוכט דייטשע בעאמטע פון ל'אנדראט. די שיכורע קולות פון איר פענצטער אין משך פון דער גאנצער נאכט האָבן פארסמט מיינע זעלטענע שעהן אין דער היים, ווו סאלע, מיין פרוי, איז כסדר געשטאנען ביים פענצטער און האָט אָבסערווירט יעדע באוועגונג פון די דייטשע רוצחים.

מיין פּערמאנענטע באהעלטעניש איז געווען ביי איינעם פון די חסידי אומות העולם, א פּאָלאק אויף דער זשארנאָווצער גאס, קעגנאיבער דער קליינער קירכע; זיין נאָמען, אויף וויפיל איך געדענק, איז געווען מאָשיצקי. ער איז געווען א קצב. בעת דער מלחמה האָט אים די דייטשע מאכט באשטימט צוצו־

שטעלן רויִע פעל קיין קראָקע. אין זיין הויז האָב איך געהאַט צוויי באהעלטענישן: אויפן בוידעם צווישן היי, בעת אין שטאָט איז געווען רואיק, און אין קעלער, אונטער דער שטאַל, בעת די דייטשע חיות האָבן געווילדעוועט אין שטאָט, אָדער ווען די קראָקעווער מיעכאָווער געסטאַפּאָ איז געקומען אין שטאָט אריין.

דאָרט, אין קעלער, אונטערן שטאַל, האָט מיר דער איידעלער פּאָלאַק, אָפּגעגעבן מזל־טוב און מיר אָנגעזאָגט, אז מיין פרוי האָט געבוירן א זון...

ניט געקוקט אויף מיין נעגאַטיווער באַציאונג צו אלע די, וואָס האָבן נאָר געהאַט וואָסער ניט איז שייכות צו די יידן־ראַטן, וויל איך דאָ דערמאַנען די האַנדלונג פונעם לייטער פון ארבעטס־אַמט ביים יידן־ראַט משה צוקערמאַן, וואָס האָט מיר, דורך זיין סעקרעטאַרין, פרידמאַן־רינסקיס טאָכטער, יעדעס מאָל צו וויסן געגעבן, ווען די געסטאַפּאָ קומט אין שטאָט, כדי איך זאָל זיך באַצייטנס אָפּטראָגן.

איך וויל דאָ דערמאַנען נאָך אן עפּיזאָד ווען א יינגל פון א גוטער היים, וואָס האָט זיך געלאָזט אויף גליטשיקע וועגן און האָט צוגעדינט די דייטשן מיט ווערטער און מעשים, האָט גלייכצייטיק געראַטעוועט מיין לעבן. דאָס איז געשען, ווען איך בין געפאָרן אין פּאַרטיי־שליחות מיט דער באַן פון קראָקע און אויפן וועג האָב איך זיך געדאַרפט איבערזעצן אויף דער סטאַנציע טונעל אויף א צווייטער באַן, וואָס האָט מיך געדאַרפט פירן קיין וואָלבראָם. אָן דעם מגן־דוד־צייכן, מיט פאַלשע פּאַפּירן, שטיי איך אַזוי אין באַן ביים פענצטער, קוק ארויס כדי קיינער זאָל מיך ניט דערקענען. פּלוצים, פאַר דער סטאַנציע טונעל, הער איך ווי עמיצער זאָגט צו מיר אויף יידיש: „אַלטער, אַנטלויף אין טונעל, פאָר נישט קיין וואָלבראָם." איך קוק זיך ארום און דערזע רינסקיס זינדל. ער איז מיר נאָכגעפאָרן, כדי אָנצוווייזן אויף מיר דער געסטאַפּאָ, וואָס האָט געוואַרט אויף דער וואָלבראָמער באַן־סטאַנציע, און אָנשטאַט דעם האָט ער מיך גאָר געראַטעוועט.

אין די יאָרן 1940—1941 האָבן זיך די יידן אין וואָלבראָם, אין פאַרגלייך מיט אַנדערע שטעט, געלעבט „רואיק". אויסער די „נאָרמאַלע" גזירות ווי טראָגן דעם מגן־דוד, דאָס באַראַבעווען יידישע וווינונגען, קאָנפיסקירן יידיש האָב און גוטס, כאַפּן אויף ארבעט, אוועקשיקן די יוגנט אין די לאַגערן, אָפּשליסן די שטאָט, כלומרשט צוליב עפּידעמיעס, אָבער אין דער אמתן כדי ניט צו באַקומען קיין לעבנסמיטל — זיינען אַקטן פון אָפענער רציחה געווען זעלטן.

אין יאָר 1942, שוין עטלעכע חדשים פאַר דער אויסזידלונג, האָבן מיר דערפילט דעם גאַנצן גרויל פון דייטשן באַרבאַריזם. זייער אָפּט ווערט די גאַנצע שטאָט איינגעהילט אין טרויער. א פחד באַהערשט יעדע יידישע שטוב. קיינער איז ניט זיכער צי ס׳וועט היינט צו אים נישט קומען א שליח פון דעם מערדער באַומגאַרטען און אים צונעמען אין דער פאַבריק, צום לאַנדראַט, פון וואַנען עס וועט אין א קורצער צייט ארום קומען א טעלעפאָן צום יידן־ראַט, זיי זאָלן צושיקן די חברה־קדישא „אויפצורוימען דאָס שמוץ" — א באַליבטער אויסדרוק פון די דייטשע קאַניבאַלן.

נאָך עטלעכע חדשים זיין אין שפּיטאָל באַווייזט זיך ווידער דער מיעכאָווער פּוילישער געהיים־פּאָליציאַנט לישקעוויטש. ער שיסט יעדן צו וועמען ער האָט

נאָר עפּעס א טענה. זיין טרייף בלוט קאָכט אין אים. ער האָט געפילט דעם טעם פון די עטלעכע מעסער־שטעך פון פינטשע ראָטנער און האָט דאָס נישט געקאָנט פארגעסן. געשען איז עס בעת דער געהיים־פּאָליציאַנט האָט געפירט פינטשען אין וואלד אריין און געהייסן אים ארויסגיין פון אויטאָ. פינטשע האָט געוווסט, וואָס דאָס מיינט – האָט ער זיך געוואָרפן מיט א מעסער אויף דעם גזלן און אים שטארק צעשטאָכן. לישקעוויטש האָט אָבער נאָך געהאט גענוג כוח ארויסצונעמען זיין רעוואָלווער און פינטשען צו דערשיסן.

די יידישע באפעלקערונג דערפילט, אז דער ענדגילטיקער חורבן איז נאָענט. עס קומען אָן באריכטן וועגן אויסזידלונגען און ליקווידאציעס אין אנדערע שטעט פון דער קיעלצער וואָיעוואָדסטווע. דער יידן־ראט באמיט זיך דורך וואָרט און שריפט צו בארואיקן די געמיטער. דער יידן־ראט לייקנט די ידיעות און לאָזט וויסן אז „ווער עס וועט פארשפרייטן אזעלכע קלאנגען, וועט ווערן איבערגעגעבן צו דער דייטשער מאכט".

דער שטארקער ווילן צום לעבן און איבערצולעבן דעם מבול, די קליינ־שטעטלדיקע שכנים־באציאונגען מיט די יידנראטלער און זייערע משפחות, דאָס מער־ווייניקער „רואיק" לעבן אין וואָלבראָם — דאָס אלץ האָט געפירט דערצו, אז מען זאָל זיך לאָזן פארוויגן, מען זאָל זיך לאָזן איינרעדן, אז „ביי אונז וועט דאָס נישט געשען".

פרייטיק אין אָוונט, אָנפאנג סעפּטעמבער 1942, האָבן פויליש־אוקראַינישע באנדעס פארזיגלט די שטאָט. פּונקט צוועלף ביינאכט — מיט גרויזאמער דייטשער פּינקטלעכקייט — האָט דער מערדער באומגארטען אין דער יידישער גמינע איבערגעלייענט די אָפיציעלע פאראָרדענונג וועגן דער ליקווידאציע פון יידישן ישוב אין וואָלבראָם. כמעט אין דערזעלבער מינוט האָבן עראָפּלאנען, לויט א פּלאן אָדער „צופעליק", באָמבארדירט וואָלבראָם. במשך פון דער נאכט, פון פרייטיק אויף שבת, האָט זיך געהערט דער כסדרדיקער אָפּקלאנג פון ביקסן־שיסעריי. דאָ האָט זיך ווער געוואָלט ראטעווען פון דער ארומגערינגלטער שטאָט און איז דערשאָסן געוואָרן; דאָ האָט מען סתם ארויסגענומען א ייד און אים דערשאָסן פאר זיין הויז; דאָ האָבן פּאָליאקן געוואָלט פּטור ווערן פון א יידישן שכן, וואָס האָט זיי אָנפארטרויט ווערטפולע זאכן, און זיי האָבן דערפאר אינספּירירט א דייטשן, פוילישן אָדער אוקראַינישן מערדער אויסצופירן דעם מאָרד.

שבת פרי האָט מען אלע יידן צונויפגעטריבן אויפן מארק. דאָס בילד פארגליווערט נאָך היינט דאָס בלוט אין מיינע אָדערן. זיידעס און באָבעס, טאטעס און מאמעס גייען צוזאמען מיט זייערע משפחות. מיט א זעקל אויף דער פּלייצע, א פּעקל אונטערן אָרעם, אן עופהלע, א קינד אויף דער האנט ציען זיך רייען יידן פון אלע עקן שטאָט, פון דער פּילצער און קראָקעווער גאס, פון דער מיעכאָווער און עלגאָטער גאס, פון דער זשארנאָווצער און שול־גאס, — צום מארק. די האָס גייען ניט ארויס פון שטוב ווערן דערשאָסן אויפן אָרט.

זאָל דאָ דערמאנט ווערן נאָר איינער פון א סך קידוש־השם אקטן בעת דער אויסזידלונג:

דייטשע פּאָליציי און אירע ארויסהעלפערס גייען איבער די שטיבער

קאָנטראָלירן צי עס איז ווער געבליבן אין די הייזער. זיי קומען אריין אין דער וווינונג פון דער חסידיש־נגידישער משפחה מאָטל מענטליק — מאָטל שענקער. אופן טיש, אָנגעצונדענע ליכט. די מענער אָנגעטאָן טליתים לערנען הויך און מיט התלהבות פון אָפענע ספרים. די פּאָליציי בלייבט שטיין שטום. נאָך א מינוט קומט א באפעל, אז זיי זאָלן ארויסגיין אויפן זאמל־פלאץ. די קדושים ענטפערן נישט, ווי נישט צו זיי איז געווענדט דער באפעל. זייערע שטימען ווערן העכער זיי לערנען מיט נאָך מער התלהבות. די פּאָליציי גייט ארויס און שיקט אריין א יידישן פּאָליציאנט, ער זאָל באווירקן די משפחה ארויסצוגיין אויפן זאמל־פלאץ. דער פּאָליציאנט ברעכט צוזאמען. די דייטשע באנדיטן גייען אריין און עס דערהערט זיך א שיסעריי, אלע אין שטוב זיינען דערשאָסן געוואָרן.

עס קומען צו פאָרן אויף פויער־ישע פאָרן די יידן פון זשארנאָוצע, פון סקאלע און פון פּילץ. דער גרויסער מארק־פלאץ אין מיטן שטאָט ווערט איין גרויסער יאָמער־טאָל. די דייטשע קאניבאלן גייען ארום צווישן די רייען אומגליקלעכע יידן און מיט דייטשער העפלעכקייט זאָגן זיי צו אן אלטן מאן, צו א קראנקער פרוי: „עס וועט דיר זיין שווער צו גיין צופוס צום אויסזידלונגס־פלאץ ביי דער פאבריק, זעצט אייך ארויף אויף דער צוגעגרייטער פויערישער פור; עס וועט אייך גאָר נישט געשען, מיר זאָרגן פאר אייער באקוועמלעכקייט". פורן מיט זקנים און שוואכע ווערן גלייך אָפּגעפירט הינטערן בית־עולם, אויפן סקאלער וועג, ווו עס ווארטן שוין אויף זיי די מערדער מיט מאשין־געווער און צוגעגרייטע אָפענע קברים...

לויט א באפעל רירט זיך דער ים מענשן צו דער גומי־פאבריק הינטער דער שטאָט. מיין לעצטער בליק פאלט אויף דער שטאָט פון פיל־דורותדיקן יידישן לעבן. איך זע די גלייכגילטיקע, נייגעריקע פּנימער פון מיינע פוילישע שכנים. איך קלאמער זיך אין מיין משפחה. מיין טאטע־מאמע מיין פרוי און קינד, מיין שוועסטער און ברידער.

אויפן אויסזידלונגס־פלאץ, וואָס איז ארומגערינגלט פון באנדעס דייטשן, אוקראַינער און פּאָלאקן, מיט געווער און לאָפּאטעס אין זייערע הענט, הערט זיך א כסדרדיקע שיסעריי און עס הילכן אָפּ די קלעפּ פון די לאָפּאטעס. און צווישן דער מאסע: קינדער טוליען זיך צו זייערע עלטערן, עלטערן באוויינען זייערע קינדער, גרופּעס יידן דאווענען בציבור מנחה־מעריב, זאָגן די ערשטע סליחות.

דער בכבודיקער וואָלבראָמער רב, וועלכער האָט נישט געוואָלט, אז מען זאָל אים ארויספירן אין א צווייטער שטאָט, כדי זיך צו ראטעווען פון דער אויסזידלונג, שטייט מיט א מאסע יידן און אלע זאָגן בקול רם סליחות. און פון הימל גיסט א לאנגזאמער דראָבנער, קאלטער רעגן, וואָס דרינגט אריין און נעמט דורך און דורך יעדן אבר.

צומאָרגנס קומט פאָר דאָס כסדרדיקע שטעלן און איבערשטעלן: מענער באזונדער, פרויען באזונדער, יונגע באזונדער און אלטע באזונדער, געזונטע באזונדער און שוואכע באזונדער.

דער פייף פון אָנגעקומענעם פראכט־צוג צעוויגט די מאסע. נאָך אזא

נאכט און טאָג אויפן פלאַץ ווערט דער פראכט־צוג פאר א סך אומגליקלעכע אַן אויסלייזער. אלע פרויען און קינדער, אלטע און קראנקע מענער ווערן אריינגע־טריבן אין די וואגאָנען. די דייטשע רוצחים גייען ארום, באַרואיקן די קרבנות און הייסן זיי אלעס מיטנעמען, ווייל „איר פאָרט צו מזרח, דאָרט איז קאַלט״.

אין בעלזשעץ זיינען שוין געווען צוגעגרייט ריזיק־גרויסע מאסן־קברים. די געזונטע און יונגע מענער האָט מען געשיקט אין די קאָנצענטראציע־לאגערן סטאלאָווע־וואָלע, ריישע, פלאשאָוו, סטרי, אויף שקלאפן־ארבעט.

איך האָב זיך ארויפגעכאפט אויף אן אויטאָ פון דער עראָפּלאַן־פאבריק אין ריישע, וואָס האָט געוואָלט מיטנעמען עטלעכע צענדלינג מעטאל־ארבעטער. איך בין קיין מאָל נישט געווען קיין מעטאל־ארבעטער, אָבער איך האָב זיך געוואָלט ארויסרייסן פונעם גיהנום־פלאַץ. דאָס גרויליקע בילד ביים אויטאָ, צו וועלכן עס רייסן זיך טויזנטער מענטשן, איז נישט צום באשרייבן. די בליקן פון יידן־עלטסטן ספּלוואַטש־ספּלעווינסקי און פון סעקרעטאר ביבעק מיטלמאן פאלן אויף מיר. זיי ווייסן, אז איך בין ניט קיין מעטאל־ארבעטער, אָבער זיי ווארפן מיך ניט ארונטער פון אויטאָ, — איך מעג בלייבן. אין „פלוג־מאָטאָרן־ווערקע״ רייכסהאָף (פּ.ז.ל. רזעשאָוו) רעגיסטריר איך זיך ווי ארטור נונבערג, כדי ווי ווייט מעגלעך צו פארווישן מיינע שפורן פון דער קראָקעווער געסטאַפּאָ.

דעם ערשטן זונטיק אין ריישער לאגער, עס איז גראָד אויסגעפאלן ראש־השנה, בין איך געלעגן אין באראק אויף דער הארטער פריטשע. אין מיין דמיון זיינען אויפגעשוואומען די גרויליקע בילדער פון מארק, פון אויסזידלונגס־פּלאַץ און פונעם לאנגען טויטן־צוג מיט פרויען, קינדער און זקנים. איך האָב געטראכט צי דאָס ווייטערדיקע לעבן האָט א זינען... נאָך א לאנגען אינערלעכן געראנגל, האָב איך באשלאָסן צו באקעמפן דעם דראנג צום טויט, צו קעמפן פארן לעבן.

אין ריישער לאגער, ווי אין אנדערע ארבעטס־לאגערן, ארבעטן מיר שווער, ווערן אויסגעמאטערט פיזיש, קוים וואָס מיר האלטן זיך אויף די פיס, אָבער פארפאנצערטע אינעווייניק, אָרדנען מיר איין אינטימע קולטור אונטערנעמונגען, פּאָליטישע שמועסן אויפן סמך פון געהיימע ראדיאָ־באריכטן פון שערמאנען, פון עלי פייגענבלאט, פון מאָטל ווייסבראָדט, מיר שטעלן איין א חברישע הילף ביז צום טיילן זיך מיט א ביסל זופּ, א ביסן ברויט און ביז צו א צי פון א ציגארעט. דער אויסדרוק „לאגערברודער״ ווערט א טייל פון אונזער זיין. בעת די רוסישע ארמייען האָבן מארשירט אויף לעמבערג, פשעמישל — ארום דער מיט פון 1944 — האָבן זיך געשאפן אינטימע גרופּן, וואָס האָבן פלאנירט איבערצורייסן די דראָטן און צו אנטלויפן אין וואלד. א טייל פון די אנטלאָפענע זיינען אויסגע־מאָרדעט געוואָרן דורך די פּוילישע פּאָגראָמטשיקעס אין די ריישער וועלדער.

אויך צו מיר איז געקומען י. מ. פאצענאָווסקי וועגן אנטלויפן. ער איז געווען זייער אנטוישט ווען איך האָב אים אָפּגעזאָגט און ער האָט מיר איבערגעגעבן א טשיקאווען עפּיזאָד פון דער צייט, ווען די געסטאַפּאָ האָט מיך געזוכט. אין יענער צייט האָט מען געהאט ארעסטירט, פאר האנדל, צוויי קינדער פון דער רייכער משפּחה פאצענאָווסקי. די געסטאַפּאָ האָט זיך צו זיי געוואָנדן וועגן טוישן א קאָפּ פאר א קאָפּ, זיי זאָלן אויסגעפינען ווו איך באהאלט זיך, וועלן

זיי באפרייען די צוויי פּאַציענאָווסקיס. טראָץ זייער נעגאַטיווער באַציאונג צום „בונד" און צו אונטערערדישע בונדישע טוער, האָט די פאַמיליע באַשלאָסן, אַז אפילו ווען עס דראָט זייערע צוויי קינדער דערמאָרדעט צו ווערן, וועלן זיי נישט איינגיין אויף אַ טויש.

אויך אין לאַגער ריישע האָט די וואָלבראָמער גרופּע איבערגעלאָזט פיר קברים. עס זיינען דערשאָסן געוואָרן דורך די דייטשע רוצחים די דריי ברידער פייגענבלאַט פאַר ניט לאָזן זיך באַראַבעווען פון די לאַגער־עלטעסטע אַלפרעד און יורעק, און דער בכבודיקער וואָלבראָמער בעל־הבית לייבעלע קאַנער, וועלכן די דייטשן האָבן דערשאָסן סתם צוליב רציחה. זיין יינגערער זון, וואָס האָט ביי געווינט דאָס דערשיסן פון טאַטן, איז אריינגעפאַלן אין אַ מרה־שחורה. אים האָט מען דערשאָסן אין לאַגער אורבוס, ווו מיר האָבן געאַרבעט אין אַ פאַבריק הינטער די וואָגעזן־בערג אין עלזאַס־לאָטרינגען.

אויף די וועגן פון ריישע, פּלאַשאָוו, פּאָסענבערג, קאָלמאַר, זאַקסענהאַוזען, בראַונשווייג, ראַווענסבריק, און לודוויגסהאַפן געפינען זיך צעוואָרפן קברים פון דער גרופּע וואָלבראָמער יידן, וואָס האָבן זיך געוואָלט ראַטעווען פון אויסזידלונגס־פּלאַץ קיין ריישע. זאָל זייער אָנדענק ניט אויסגלאָשן ווערן אין אונזערע הערצער.

---

יוסף ווע**לנע**ר, אמריקה

## די מלחמה

דינסטיק פאַרטאָג האָבן די דייטשן ימ"ש אריינמאַרשירט אין וואָלבראָם. באַלד האָבן זיי צעשאָסן צוויי יידן ביי שלמה הויקער אין הויז: משה סוכערס ברודער און נאָך אַ ייד פון עלקיש. איך בין געלעגן אויפן בוידעם אין זעלבן הויז. אין ראַטהויז איז געווען דער פּאָליציי־פּאָסטערונעק. דער דייטשער קאָמאַנ־דאַנט האָט באַלד איבערגענומען די פּאָליציי און האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז מען זאָל פאַרשווינען פרויען און קינדער, אָבער צו די מענער זיין שטרענג. ער האָט באַפוילן, אַז אַלע מענער זאָלן אַרויס אינמיטן מאַרק. מען האָט צונויפ־געטריבן אפשר זיבן ביז אַכט טויזנט מאַנצבילן, צווישן וועלכע עס זיינען אויך געווען פּאָליאַקן. די יידן זיינען צום גרעסטן טייל געווען אָנגעלאָפענע פון זאַגלעמביע. צווישן די צוזאַמענגענומענע יידן איז אויך געווען דער וואָלבראָמער רב, דער עלקישער רב, און נאָך רבנים. זיי האָבן אונז געהאַלטן ביז דריי אזייגער. דאַן האָט דער קאָמאַנדאַנט געגעבן אַ באַפעל, אַז מענער אונטער 16 און איבער 40 קאָנען גיין אהיים און די איבעריקע זאָלן בלייבן אויפן פּלאַץ. אַרום פיר אזייגער האָבן זיי אונז אויסגעשטעלט צו פיר אין אַ ריי און אונז געהייסן מאַרשירן. מיר זיינען געווען אַרום 4,000 מענטשן. ווען מיר זיינען

אָנגעקומען קיין אָגראָדזינעץ, האָבן זיי אונז אריינגעטריבן אין א פאבריק און פארטאָגס האָבן זיי אונז ארויסגענומען און ווידער אויסגעשטעלט צו פיר אין א ריי. איך בין געגאנגען מיט מיינע ברידער רחמיאל און מענדעלע און מיט מיין פעטער שמואל טשענסטאָכאָווסקי. די דייטשן האָבן אונז אָנגעזאָגט די בשורה, אז אלע יידן וועט מען אויסשיסן. דאן האָבן זיי אונז געטריבן קיין זאוויערטשע און דאָרט האָבן זיי אונז אריינגעשטופט אין א גרויסן ארומגעמויערטן פלאץ. צום ערשטן זיינען די פאָר פאָלאקן געגאנגען צו די דייטשן און געבעטן, אז זיי ווילן נישט זיין צוזאמען מיט די יידן, האָט מען זיי נאָט־רלעך אָפגעזונדערט. אויפן וועג האָט די זון שטארק געברענט און די רשעים האָבן קיין וואסער נישט צוגעלאָזט. מיר האָבן געבעטן וואסער ביי די פאָליאקן און מען האָט געוואָלט צאָלן 20 זלאָטעס פאר א גלאָז וואסער, אָבער די דייטשן האָבן געזאָגט: ניין, קיין וואסער פיר די יידן. די קהילה אין זאוויערטשע האָט זיך פאר אונז איינגעשטעלט און האָט געפועלט, אז זיי זאָלן מעגן ברענגען פאר אונז וואסער און זופּ.

פרייטיק נאָכמיטאָג האָבן זיך די דייטשן גענומען „טרייבן שפּאס" מיט אונז און האָבן אונז מיט די ביקסן געטריבן פון איין זייט פלאץ צום אנדערן. אונז געהייסן שפרינגען איבער גריבער און געשלאָגן מיט די ביקסן איבער די קעפּ. איך בין דאָרט געווען מיט דריי ברידער, רחמיאל, יעקב־מענדעלע און הערש־לייב. די צווייטע וואָך האָט מען אין וואָלבראָם זיך דערוואוסט, וואו מיר זיינען, זיינען מיין מוטער און נאָך אנדערע פרויען געקומען און האָבן אונז געברענגט עסן. נאָך צען טעג האָבן די דייטשן אָנגעהויבן אונז צו באפרייען. מיר זיינען אהיימגעקומען קיין וואָלבראָם א טאָג פאר ראש השנה. ערב ראש השנה האָבן די יידן געזוכט וואו צו דאווענען. מיין פאָטער ע"ה איז געגאנגען צום רב רעדן וועגן דאווענען ביים רב. עס זיינען גראָד געווען עטלעכע יידן ביים רב ווי אלטער פעלדבערג, יאנקעלע פעלדבערג, ישראל יצחק וואלהענדלער, לייבעלע מייטעלעס און נאָך אנדערע און מיט אמאָל קומען אריין דייטשן מיט ביקסן און ארעסטירן אלע יידן, וואָס האָבן זיך געפונען ביים רב און אויך דעם רב. זיי האָבן אויך


הירש לייב וועלנער


יצחק מידלאַרז


איטשע דוד יאַנאָווסקי

גרעסטירט גויים, דעם גלח און נאָך אנדערע. עס האָט געהייסן, אז זיי ווערן גענומען ווי ערובניקעס, טאָמער וועט ווער טויטן א דייטש, וועט מען זיי אלע דערמאָרדן. פארשטייט זיך, אז די גויים האָט מען נישט אָנגערירט, אָבער די יידן און באזונדערס דעם רב האָבן זיי געשלאָגן און אים געוואָלט צווינגען צו עסן חזיר. מיין פאָטער האָט זיך ביים דייטש געבעטן, אז זיי טאָרן נישט עסן קיין פלייש, ווייל זיי זיינען קראנק אויף די נירן.

מיר זיינען די גאנצע נאכט נישט געשלאָפן, מיר זייגען געווען זיכער, אז מען וועט די יידן אויסשיסן און מיין פאָטער צווישן זיי. צומאָרגנס, דעם ערשטן טאָג ראש השנה, האָבן די דייטשן ארויסגעטריבן די יידן אין מארק און זיי געצוואונגען צו עפענען זייערע געשעפטן און זיי געהייסן אויסקערן דעם מארק. מיין זיידע ע״ה, א ייד פון 75, האָט געמוזט אום ראש השנה אין דער זיידענער קאפּאָטע קערן דעם מארק און דייטשן מיט ביקסן האָבן די אלטע יידן געיאָגט צו ארבעטן שנעל. דעם צווייטן טאָג ראש השנה בין איך ארויס צו דער פאבריק וואו די יידן זיינען געזעסן, און איך האָב געבעטן די דייטשן, וואָס איך האָב געקענט פון פאר דער מלחמה און וואָס איך האָב פאר זיי געארבעט, אז זיי זאָלן פאר מיין פאָטער אינטערווענירן, אז מען זאָל אים באפרייען און מען זאָל מיך נעמען אָנשטאט אים און אז מען וועט שיסן, זאָל מען שיסן מיך אָנשטאט א פאָטער פון אכט קינדער. דאָס האָט מען אויסגעפּועלט. זיי האָבן מיך גענומען און מיין פאָטער אהיימגעשיקט.

ווען איך האָב געזען ווי מען פּייניקט די יידן, בין איך געגאנגען צום דייטש און אים געבעטן, אז ער זאָל מיך לאָזן מאכן די גאנצע ארבעט און מען זאָל די יידן נישט שלאָגן. זיי האָבן ספּעציעל געפּייניקט ישראל יצחק רעטמאנען, ווייל ער איז געווען בלאָנד און זיי האָבן געשריגן אז ער איז יעזוס. איך האָב דאן די ארבעט געמאכט און די בחורים האָבן מיר געהאָלפן און עס איז געוואָרן שטיל.

איינמאָל קומט אריין צו אונז הארי ימ״ש. ער איז געווען קאמינסקיס איידעם. ער איז געווען א דייטשער שפּיאָן פאר דער מלחמה און איז איצט געוואָרן קאָמיסאר. זאָגט ער צו אונז און צו די פּאָליאקן: איר פּאָליאקן וועט אהיים גיין, אָבער די יידן וועלן דאָ שטארבן. צו יענער צייט איז יחיאל ענגלארד געווען דער יודען־עלטסטער, ווייל דערזעלבער הארי האָט אים געקענט ווי א שכן און האָט אים מזכה געווען מיט דעם אמט. מיין פאָטער, קומענדיק אהיים איז באלד געלאָפן צו יחיאל ענגלארד, זיין בעסטן פריינט, אז ער זאָל זען ארויסצונעמען די מענטשן און ספּעציעל מיך, ווייל מיין פאָטער האָט מורא געהאט, טאָמער וועט מיט מיר עפּעס געשען, וועט ער זיך נישט קאָנען מוחל זיין. יחיאל האָט אינ־טערווענירט און נאָך צוויי וואָכן האָט מען אונז יידן אויסגעביטן פאר אנדערע צוועלף זאקלאדניקעס און די גויים גאנץ באפרייט. דאן האָבן זיך אָנגעהויבן אנדערע צרות: נישט גיין אויפן טראָטואר, טראָגן בענדער און גיין צו דער ארבעט. אנדערע וועלן שרייבן מער וועגן די יאָרן. איך וויל בלויז דערמאנען יטלעכע פרטים, ווי יודענראט, יידישע פּאָליציי, סאניטעטן, די פארבאָטן צו גיין אין גאס נאָך אכט אזייגער און די פארבאָטן ארויסצופאָרן פון שטאָט.

די דייטשן האָבן צוגענומען די יידישע געשעפטן און פארנומען די שול און דעם בית המדרש, די יוגנט האָט געפירט געשעפטן, האָט ריזיקירט מיטן שווארצן מארק, כדי צו ברענגען פרנסה פארן הויז. דורך די יאָרן פלעגן די דייטשן כאפן יידן צו דער ארבעט קיין קראָקע, קיין מיעכאוו אָדער אנדערע ערטער. מען האָט געוואוסט, וואו די מענשן געפינען זיך, מען האָט פאר די צוגעכאפטע געשיקט עסן, קליידער, אָדער זיי פלעגן זיך ארויסכאפן און קומען אהיים, אָבער איינמאָל, א וואָך פאר שבועות 1942, האָבן די דייטשן ארויסגענארט אין מארק די יידן. די וואָס האָבן זיך אויסבאהאלטן, האָבן זיך דערוויייל געראטעוועט, אָבער די וואָס האָבן די דייטשן געגלויבט, זיינען ארויס אין מארק. זיי זיינען ארייגעפאקט געוואָרן אין לאסט־אויטאָס און מען האָט זיי אוועקגעפירט קיין קראָקע. מיר האָבן זיי מער נישט געזען. דאָס איז געווען דער ערשטער פארלוסט אין מענטשן. עס זיינען געווען ארום 40 יונגעלייט. עטלעכע געדענק איך, ווי מיין פעטער שמואל טשענסטאָכאָווסקי, ער האָט איבערגעלאָזט א פרוי מיט אכט קינדער; שאול ראָזענצווייג, לעסמאנס איידעם, שמואל מייטעלעס און מיין ברודער מענדעלע. ער האָט געהאט א גאָלדן הארץ. זעלטן איז ער געקומען אהיים פון בית מדרש אָן אן אורח צום אָנבייסן. ער האָט זיין באָרד נישט גערירט ביז די דייטשן זיינען געקומען קיין וואָלבראָם. ער איז געווען א גרויסער תלמיד חכם און צו אלע מעלות האָט ער געהאט אויך די מעלה פון סאָציאלן באוואוסטזיין. ער האָט געלייענט די פוילישע סאָציאליסטישע צייטונגען „טידזשען ראָבאָטניקא” און „ראָבאָטניק”.

פאר מיין פאָטער איז דאָס געווען א געפערלעכער קלאפּ. ער איז גרוי געוואָרן פון זאָרג און ווייטיק. מיר האָבן געשיקט גוים קיין קראָקע, געוואוּיר ווערן, עס האָט געקאָסט א פארמעגן, אָבער עס זיינען נאָך געווען רייכע יידן אין וואָלבראָם, ווי לעסמאן, און שכנא שווארצבוים און אנדערע, וואָס האָבן זיך געקאָנט לאָזן קאָסטן. מען האָט זיך בלויז דערוואוסט, אז מען האָט די יידן ארויסגעשיקט פון קראָקע אין דער ריכטונג פון בעלזעץ. מער האָבן מיר פון זיי נישט געהאט קיין ידיעות.

דער טרויעריקער שבת! דער לעצטער קידוש, וואָס מיין פאָטער האָט געמאכט פרייטיק צונאכט, אונזער לעצטע סעודה, וואו מען האָט מער געוויינט ווי געגעסן, די לעצטע נאכט! ארום 12 האָבן מיר געהערט באָמבארדירן די פאבריק. מיר האָבן געמיינט, אז הילף איז געקומען. עס איז בלויז געווען זאלץ אויף אונזערע וואונדען. צומאָרגנס איז אלץ געגאנגען מיט דער דייטשער אָרדנונג, מען האָט געשלעפט, געשאָסן, געהרגעט, א תל געמאכט פון אונזער האָב און גוטס. זיי האָבן אויסגעשאָסן ביים בית־החיים הונדערטער מענשן. די קראנקע און אלטע האָבן זיי דערשאָסן אין די הייזער. די רשעים האָבן אונז צוזאמענגעטריבן אויפן פלאץ אנטקעגנאיבער דער פאבריק, וואו ס׳איז געווען זייער הויפּט־קווארטיר. שבת נאכטס האָבן מיר געזאָגט די ערשטע סליחות אונטערן פרייען הימל. עס איז געווען די לעצטע נאכט מיט אונזערע טייערסטע. די געוויינען זיינען געגאנגען עד לב השמים. דאָס געוויין פון מיין שוועסטערל רחל־ביילע וועל איך קיינמאָל נישט פארגעסן. זי איז געווען זייער א טייער קינד. זונטיק

אינדערפרי זיינען געקומען די רוצחים. זיי האָבן צעריסן אונזערע משפחות — די יונגע און שטאַרקע האָבן זיי געהייסן גיין רעכטס, זקנים, פרויען און קינדער לינקס. באַלד זיינען צוגעפאָרן וואַגאָנען און זיי האָבן אריינגעשטופּט אין זיי אונזערע טייערסטע. די געוואַלדן און געוויינען זיינען געווען שרעקלעך. צווישן די אוועקגעשיקטע זיינען געווען דער וואָלבראָמער רב מיט זיין משפּחה, דער רבי מיט זיין משפּחה, מיין מוטער, מיינע צוויי שוועסטערלעך, רחל־ביילע 16 יאָר אַלט און שרה־לאה 7, מיינע צוויי ברידערלעך דודל 14 און פּנחס לייזער 12 יאָר.

אויפן פּלאַץ זיינען מיר פאַרבליבן ביז פרייטיק, ערב ראש השנה. אינצווישן האָבן זיי אוועקגעשיקט אַנדערע יידן אין ארבעטס לאַגערן. מיר האָבן נאָך געהאַט די אילוזיע, אַז אונזערע פאָטערס, מוטערס און קינדער וועלן בלייבן לעבן. מען האָט אונז דאָך פאַרזיכערט, אַז זיי גייען אין לאַגערן. איך האָב מיטגעגעבן מיין שוועסטערל אַלץ, וואָס איך האָב געהאַט, כדי זיי זאָלן זיך קאָנען העלפן.

ערב ראש השנה האָבן זיי אויסגעקליבן 401 יידן, האָבן אונז אריינגעפּאַקט אין פיר וואַגאָנען און האָבן אונז געפירט קיין ראַזוואַדאָוו אויף ארבעט אין סטאַלאָווא־וואָלע ביי די הערמאַן־גערינג־ווערקע. ראש השנה ביינאַכט האָט מיין פאָטער ע״ה געדאַוונט מעריב. עס איז געווען פינסטער אין וואַגאָן, האָט ער געדאַוונט אויסנווייניק; ווי אַן אַלטער בעל תפילה האָט ער געקאָנט אַלע תפילות פון אויסנווייניק. אויך שחרית און מוסף האָט ער געזאָגט פאַרן עולם. די צווייטע נאַכט זיינען מיר אָנגעקומען אין ראַזוואַדאָוו. מקבל פּנים געווען האָבן אונז די שוואַרצע ס.ס. מיט ביקסן איבער די קעפּ און שיסנדיק האָבן זיי אונז געטריבן אין א שייער. דאָרט זיינען מיר געלעגן אויף דער ערד. די לופט איז געווען נישט צום אויסהאַלטן און יעדע פּאָר מינוט זיינען אריינגעקומען די שוואַרצע טייוולאָנים, האָבן געשלאָגן און ראַבירט, וואָס זיי האָבן געקאָנט און געזען: מלבושים, צירונג, שטיוול, אַז״וו. צווישן די 401 יידן זיינען געווען אויך יידן פון זשאַרנאָווצע, פּיליץ און דזיאַלאָשיץ. דעם צווייטן טאָג האָבן זיי אונז רעגיס־טרירט און באַפוילן אוועקצוגעבן אַלץ, וואָס מיר פאַרמאָגן, ווי געלט און צירונג און האָבן געדראָט, אַז אויב מען וועט עפּעס ביי עמיצן געפינען, וועט מען אים דערשיסן. מיר האָבן אריינגעוואָרפן אין קאָרב אַלץ, וואָס מיר האָבן געהאַט. דאַן האָבן זיי אונז געהייסן נעמען פאַרזשאַווערטע פושקעס פון דער ערד און האָבן יעדן געגעבן א ביסל וואַסערדיקע קרויט־זופּ. נאָך דעם האָבן זיך אָנגע־הויבן די אמתע צרות. מען האָט אונז געטריבן צו דער ארבעט קיין סטאַלאָווא־וואָלא, וואָס איז געווען פיר קילאָמעטער פונעם לאַגער. פון די אַכט קילאָמעטער יעדן טאָג, צו און פון דער שווערער ארבעט, מיט וואַסערדיקער זופּ און דעם שטיקל ברויט, מיט א צולאָג: קלעפּ — פון אָט די אַלע זאַכן זיינען מענשן געפאַלן ווי פליגן. דער ערשטער וואָלבראָמער איז געפאַלן שמעלע דער שניידער, דאַן פישעלע פעלטשער. אום יום־כיפּור האָבן די דייטשן צונויפגערופן דעם גאַנצן לאַגער פון עלף הונדערט יידן און האָבן ארויסגענומען א רב פון נעפּאַלאָמיץ. זיין נאָמען איז געווען פרענקעל. דער רשע האָט פאַרגעלייענט דעם טויט אורטייל

פאר דעם, וואָס דער רב האָט נישט געוואָלט ארבעטן אום יום־כיפור און האָט אין אים אריינגעשאָסן צוויי קוילן.

מיר וואָלבראָמער האָבן געארבעט ביי זייער א שווערער ארבעט, ביי די „שטאל־ווערקע". מיט אונז זיינען געווען א ייד מיטן נאָמען שווימער, וואָס איז געווען פון דאָמבראָווע, און נתן נונבערג. די צוויי זיינען באשטימט געוואָרן, ווייל ווי זיינען געווען זייער שטארק, אלס פאָר־ארבעטער. שווימער האָט זיך פאר־טרויט פאר א פּאָליאַק, אז ער איז א לינקער. האָט אים דער פּאָליאַק געמסרט פאר די דייטשן. אינדערפרי פארן אפּעל, ווען מיר אלע זיינען געשטאנען צו גיין צו דער ארבעט, האָט דער דייטש ארויסגערופן שווימערן און אים געפרעגט ווער עס איז זיין בעסטער פריינט. שווימער, מיינענדיק אז ער גייט זיי געבן מער ברויט, ווייל דעם טאָג פריער האָט ער באשטימט זיי צו געבן מער זופּ, פאר דעם וואָס זיי האָבן זייער גוט געארבעט, האָט אָנגעוויזן אויף נתן נונבערג. האָט דער דייטש ארויסגענומען א פּאַפּיר און פאָרגעלייענט, אז שווימער און זיין פריינט ווערן דערשאָסן, ווייל זיי זענען קאָמוניסטן. מען האָט זיי קובר געווען אויפן פּלאַץ. נתן נונבערג, וואָס איז געווען א ייד, א גברן, איז נישט באלד טויט געווען. די ערד האָט זיך איבער אים געהויבן ביז ער איז געשטאָרבן.

דעם צווייטן אינדערפרי ביים מאכן דעם אפּעל האָט דער רשע ארויסגע־כאַפּט יידן פון דער ריי און זיי דערשאָסן. צווישן זיי איז געווען אלטער פעלד־מאנס זון און ישראל איסר ביבערס איידעם. ביים ארויסנעמען דעם רעוואָלווער האָט דער רשע אים אומגעוואָרפן און דער מענש האָט זיך צוגעדעקט מיטן מאנטל, און אזוי איז ער דערשאָסן געוואָרן.

דאָרט אין לאגער זיינען אויך אומגעקומען אלטער פעלדמאן מיט צוויי יינגלעך. ביי דער ארבעט האָבן די פּאָליאַקן געהאט די ממשלה איבער אונז. די שמוציקע אנטיסעמיטן האָבן אונז געשלאָגן און געפּייניקט, אז עס איז גאָר נישט צום באשרייבן. זיי האָבן אונז געצוואונגען צו ארבעטן אָן מאנטלען און ווען מען איז געגאנגען נאָך די מאנטלען, זיינען זיי נישט געווען, ווייל מען האָט זיי צוגעגנבעט. דאָס ערגסטע איז געווען דאָס אהיימגיין נאָך דער ארבעט. זיי האָבן אונז געשלאָגן און געטריבן. די שוואכע זיינען געפאלן, האָט מען זיי באלד דערשאָסן. איך געדענק ווי גייענדיק פון דער ארבעט, האָט מיין ברודער אינאיינעם מיט בעריש לאזנאווסקיס ברודער געהאָלפן א קראנקן. צוויי שווארצע ס.ס. האָבן דאָס דערזען, זיינען זיי צוגעקומען און האָבן געוואָלט אז מיין ברודער מיט לאזנאווסקין זאָלן דערשיסן דעם קראנקן. מיין ברודער איז צוריקגעלאָפן צו דער גרופּע. לאזנאווסקין און דעם קראנקן האָבן זיי דערשאָסן. ווידער זע איך ווי חיימל גאָלדפריינד פון זשארנאָווצע און ישראל יצחק וואלהענדלער העלפן א קראנקן און עס קומען צו צוויי ס.ס., נעמען זיי ארויס פארן טויער פונעם לאגער און דערשיסן זיי אלע דריי. איינמאָל ווען איך האָב געארבעט נאכט שיכט — צו גיין ביי נאכט איז געווען דאָס גרעסטע גהינום, ווייל די וואָס זיינען געווען די לעצטע, זיי איז געווען צום ערגסטן. אריינקומענדיק אין לאגער, האָבן זיי אונז געציילט. מען האָט געמוזט זיין צו פיר אין א ריי. צום אומגליק איז ישראל אוליע ווייסבראָט געבליבן איינער, האָבן זיי אים באלד דערשאָסן. צו־

מאָרגנס איז מיין פאָטער ארויס, אים מקבר זיין, האָט ער געמוזט צוזאמענעמען אין א שיסל דעם מארך פון קאָפּ, אזוי איז ער געווען דורכגעשאָסן. נטע אייבעשיץ איז געשטאָרבן פון הונגער, ער האָט נישט גענומען די טריפה׳נע זופּ; לייביש וואלהענדלער איז געשטאָרבן אין שלאָף; אליה מרדכי איז געשוואָלן געוואָרן, האָבן זיי אים דערשאָסן; זיין זון ישעיה איז אוועקגעפירט געוואָרן צוזאמען מיט בנימין ציגלער, יאָסל זעלאָנקי און נאָך אנדערע. עס האָט געהייסן, אז זיי גייען אין שפּיטאָל. 18 טעג אין מרחשון האָבן זיי ארויסגענומען מיין ברודער ירחמיאל און אים דערשאָסן, ווייל ער איז געשוואָלן געוואָרן. אזוי איז אָנגעגאנגען דאָס שיסן און דאָס געשוואָלן ווערן. פון די זשארנאָווצער איז שוין קיינער נישט געבליבן. אלע אינאיינעם מיט מיין קוזין זאכנאוויעצקי, זיינען געווען טויט. אז דער דירעקטאָר פון דער פאבריק שולצער, האָט געזען אז די יידן ווערן אלץ



אלתר פלדמן ומשפחתו



משפחת רוטמנש, אשתו, בניו ונכדיו
די משפחה פון חיים ראָטמענש, זיין פרוי, קינדער און אייניקלעך

ווייניקער, (אפשר איז ער געווען א בעסערער דייטש), האָט ער געפועלט ארי־ בערצונעמען די געזונטע צו זיך אין ווערק. ער האָט אויפגעבויט דריי באראקן און האָט אויסגעקליבן 275 יידן, זיי אריבערגענומען אין פאַבריק. פיל פון אונז זיינען אנטלאָפן פון לאגער, אָבער זייער ווייניק איז דאָס געלונגען. די איינציקע, וואָס ס׳איז זיי יאָ געלונגען, צו אנטלויפן און צו בלייבן לעבן, זיינען משה׳ל און מלך פולטאָראק, אייזיק וואנדערסמאַן און חיימל לעדערמאַן. די וואָס זיינען אומגע־ קומען, זיינען געווען יצחק שוחט ראָזענבערג, משה׳ל קאָרנפעלד, מאיר ווײנדלינג, הענעך בראָס, דער מנהל און זיינע דריי זין, בינעם און מלך גלאזער און נאָך א סך מער, וועמענס נעמען איך קאָן זיך נישט דערמאנען. עס זיינען אויך אומ־ געקומען עטלעכע, וואָס זיינען געכאפט און געבראכט געוואָרן דורך די פּאָליאקן אין לאגער, ווי מיין ברודער הערש־לייב, צוויי ברידער מידלארז און נאָך זיבן, אלע וואָלבראָמער. ווען מען האָט זיי געבראכט אין לאגער, האָבן זיי זיך געמוזט אויסלייגן אין א ראָד אויף דער ערד און די שווארצע ס.ס. האָבן אויף זיי מיט די ביקסן געטאנצט און זיי געשלאָגן מיט די ביקסן. דאן האָבן זיי באפוילן צו גראָבן קברים. אָבער זיי האָבן זיך שוין נישט מער געקאָנט רירן. זיי זיינען געווען אין גאנצן געשוואָלן און פארבלוטיקט, האָבן די ס.ס. אריינגעיאָגט די יידן צוריק אין באראק און האָבן זיך געטראכט: מיר וועלן זיי א וואָך שפעטער דערשיסן.

אינצווישן איז ווידער געקומען פונעם שעף פון דער פאבריק א פאָדערונג נאָך אנדערע 66 יידן, האָבן די ס.ס. דאן אויסגעקליבן די צאָל יידן, צווישן זיי א סך וואָלבראָמער ווי אברהם לאנדויס דריי זין און מיין פאָטער ע"ה. ער האָט נישט געוואָלט גיין, ווייל איך בין געבליבן א קראנקער און ער האָט מיך נישט געוואָלט איבערלאָזן. די דריי לאנדויס האָבן זיך פאר געלט אויסגעקויפט ביי דער פאָליציי און זיינען געבליבן, ווייל מען האָט קיינמאָל נישט געוואוסט, וואו עס איז בעסער. פון לאגער איז געווען לייכטער צו אנטלויפן. דאגעגן אָבער זיינען די באדינגונגען אין ווערק געווען בעסער, מען האָט נישט געטריבן צו דער ארבעט. מען האָט אויך געקאָנט שלאָפן לענגער. די יידן, וואָס זיינען געבליבן אין ראזוואדאָוו זיינען שוין געווען פארמשפט צום טויט. מען האָט אונז שוין נישט געטריבן צו דער ארבעט. מיר האָבן נאָר צענומען די באראקן, די שול און בית־המדרש אין ראָזוואדאָוו. בלויז די שוסטער, שניידער און טאפעצירער זיינען נאָך געווען פריווילעגירט, ווייל זיי האָבן געארבעט פאר די דייטשן פער־זענלעך. דאָס זיינען געווען: יודל קרייזלמאן, לייבל בערגער, און צוויי יאָסל וויינדלינגס. מיין פאָטער ע"ה איז אריין צו יודל קרייזלמאן אין דער שוסטער־ווערקשטוב נאָך אביסל שוץ, ווייל זייער שטוב איז געווען מער זיכער קעגן קלעפ, האָבן זיי אים געהייסן מוחל זיין, ווייל זיי האָבן געהאלטן זייערע פעטערס, משה און עוזר וויינדלינג ע"ה. משה וויינדלינג איז געווען קראנק. דאָס איז געווען 18 טעג אין כסלו. אזוי ווי מיין פאָטער איז ארויס פון זיי, וועלנדיק גיין צו זיין בלאָק, האָבן אים געכאפט די צוויי מערדערס, דער שטורמאן און דער



משפחת הרשל ברוקנר
ראש המשפחה בן ר' מאיר שמעון ברוקנר מככר השוק

שעף פון געסטאפּאָ נאָוואק, און האָבן אים נעבעך אזוי צעשלאָגן, אז דאָס בלוט איז פון אים גערונען און אז ער האָט נאָך אויפגעהויבן דעם קאָפּ, האָבן זיי אים געשאָסן. דאָס איז געווען דער סוף, „זו תורה וזו שכרה". א שעה שפּעטער האָב איך געהערט, אז מען האָט געהרגעט א ייד. איך האָב נישט געוווסט, אז ס'איז מיין פאָטער. איך האָב געמיינט, אז ער איז ביי יודלען. אביסל שפּעטער איז געקומען א וויינענדיקער מיין ברודער הערש־לייב. פון אים האָב איך זיך ערשט דערוואוסט מיין אומגליק.

מיט א צוויי טעג שפּעטער זאָגט צו מיר דער קאָך, אז איך זאָל מאָרגן גיין צו דער ארבעט, עס וועט זיין נייעס. האָב איך גענומען מיין ברודער און שלמה ווערדיגער, הערשל און מאיר ווערדיגער און מיר זיינען געגאַנגען צו דער ארבעט. מיר זיינען געגאַנגען קיין ראָזוואדאָוו און האָבן געמוזט אָפּרייסן די שול און דאָס בית המדרש און ביי דער ארבעט האָבן אונז די שווארצע געשלאָגן און ביי אונז צוגענומען וואָס מיר האָבן געהאט. דעם צווייטן טאָג, ווען מען האָט גערופן צו דער ארבעט, האָט מיין ברודער שוין נישט געוואָלט גיין און האָט אויך נישט געוואָלט ארויסגיין פון באראק. איך בין ארויס און מיט מיר זיינען געווען פישל וויינגארטען און נאָך עטלעכע. האָט דער רשע אויסגעקליבן 15 מאַן און 6 פּאָליציי. מען האָט אונז געזאָגט, אז מיר גייען אין ווערק ארבעטן. זיי האָבן געגעבן דער פּאָליציי און פישל וויינגארטען זיבן רידלעס און קילאָפּעס. מען האָט אונז געהייסן נעמען אונזערע פּעקלעך און מיר זאָלן זיין גרייט צום גיין. ביים ארייננגאַנג אין בלאָק זיינען געשטאַנען שווארצע פוןביידע זייטן און האָבן אונז געשלאָגן איבער די קעפּ. דעמאָלט האָבן זיי א פּאָר מענשן געהרגעט. און איך האָב געהאט אזא כוח, אז איך בין צוגעגאַנגען צום גרעסטן רשע און האָב אים געבעטן, אז ער זאָל לאָזן מיטגיין מיין ברודער און מיינע פריינט. זיי זיינען שטארק און קאָנען ארבעטן. האָט ער געזאָגט, אז ער דאַרף נאָר 21 מענשן און די ליסטע איז שוין פארטיק. אזוי האָב איך מיך געמוזט געזעגענען מיט מיין ברודער און דאָס איז געווען דאָס לעצטע מאָל וואָס איך האָב אים געזען.

מיר האָבן זיך קוים דערשלעפּט אין ווערק. ווען מיר זיינען געקומען אין לאגער, זיינען מיר געווען זיכער, אז מען גייט אונז שיסן. די פּאָליציי און פישעל זיינען געגאַנגען גראָבן א גריב פאר 21 יידן. אזוי ווי מיר זיינען געקומען אין לאגער, האָבן מיר געזען, אז 21 יידן זיינען שוין גרייט מען זאָל זיי שיסן. איך געדענק עטלעכע וואָלבראָמער ווי יחיאל מייטעלעס, חיים־בער ציגלער, יעקב־יצחק און אפרים לובלינג, אהרן שטארכאַן און נאָך אנדערע. מען האָט זיי אוועק־געפירט הינטערן לאגער און אויסגעשאָסן. צוויי טעג שפּעטער, 23 טעג אין בסלו, זיינען ארויסגענומען געוואָרן אלע יידן פון ראָזוואדאָוו. עס זיינען געווען 135 יידן, מערסטנס וואָלבראָמער, משה עוזר, יאָסל ווײנדלינג, יאָסל „גאַנוועד" מייטעלעס, הירשל שלמה ווערדיגער, מיין ברודער הירש־לייב און שלמה חיה לאהס און נאָך אנדערע וועמענס נעמען איך געדענק נישט. זיי זיינען אלע אויסגעשאָסן געוואָרן.

דעמזעלבן טאָג האָבן די רוצחים געברענגט די מלבושים צו אונז אין

לאגער און מען האָט מיך ארויסגענומען צום סאָרטירן די מלבושים. האָב איך געפונען מיין פאָטערס און מיין ברודערס מלבושים און אונטערוועש פאַר־בלוטיקט.

עטלעכע וואָכן שפעטער האָט זיך ווידער אָנגעפאַנגען א רעגיסטרירונג אויפן פארלאנג פון די דייטשן אויף אויסצובראַקירן די שוואכע. האָבן זיך אונזערע לאגער עלטסטע פלייסיק גענומען צו מאכן א ליסטע און האָבן אויסגעקליבן 60 מאן, מערסטנס וואָלבראַמער. זיי האָבן די ליסטע געגעבן דער געסטאפּאָ און עס איז געקומען א מחנה געסטאפּאָ־לייט צונעמען די 60 מאן. אינצווישן זיינען א סך געשטאָרבן, ווי סרולקע באָרענשטיין, פישעל וויינגארטען און אנדערע. אָבער אונזערע יידישע אפּוטרופּסים האָבן נאָר געוואָלט אויסליפערן 60 מענשן, כאָטש עס האָבן שוין א סך געפעלט. האָבן זיי געשלעפּט פון אלע זייטן געזונטע מענשן ווי יאָסל קאָרן, אונאַוויסקיס איידעם, נחמיה אייבשיץ, מאָטעלע מייטעלעס און נאָך, און מיר זיינען געגאנגען צו דער ארבעט. דאָרט האָבן מיר געהערט, ווי מען האָט אויסגעשאָסן 57 מאן.

עס איז כדאי צו דערציילן א זאך, וואָס האָט פּאסירט אין יענעם מאָמענט. צווישן די 57, איז געווען הירש וואָלף יעזשיס זון. הירש וואָלף יעזשי לעבט היינט אין אמעריקע. ער האָט מיר דערציילט די מעשה.



מאיר פאסערמן ומשפחתו
מאיר פאסערמאן און זיין פאמיליע

אין יוני אָדער יולי 1944 האָבן זיי אונזער לאַגער דעפּאָרטירט קיין פּלאַשאָוו. פאַר דער ליקווידאַציע איז געלונגען צו אַנטלויפן ביי 90 מענטשן און צווישן זיי אויך וואָלבראָמער יידן ווי הירש וואָלף יעזשי. די רוסן זיינען געווען בלויז 10 קילאָמעטער אַוועק. יעזשי איז געלאָפן און האָט זיך פאַרהאַלטן אין לובלין, וואו ער האָט געהאַנדלט מיט וואָס ער האָט נאָר געקענט. איינמאָל זיצנדיק אין א רעסטאָראַן רופט אים א ייד ביים נאָמען אויפן קול. דאָס האָט דערהערט איינער פון די רוסישע סאָלדאַטן, איז ער צוגעקומען צו אים און האָט אים געפרעגט צי זיין נאָמען איז יעזשי. ער איז געוואָרן זייער דערשראָקן, אָבער ער האָט געמוזט ענטפערן, אַז יאָ. פרעגט אים דער רוסישער סאָלדאַט, צי ער האָט א זון. זאָגט ער: איך האָב געהאַט א זון, אָבער ער איז מער נישט צווישן די לעבעדיקע. אויף דעם זאָגט דער רוס: ביי אונז אין דער אַרמיי איז דאָ א יונגערמאַן מיטן נאָמען יעזשי, וואָס איז אַנטלאָפן ווען מען האָט אים געפירט צום דערשיסן. ער זאָגט אַז זיין פאָטער און אַלע יידן פון לאַגער זיינען טויט. אַזוי האָט ער נאָך לאַנגע זוכענישן געפונען זיין זון. ער האָט אים קוים דער־קענט, ער איז אויסגעוואַקסן א הויכער און האָט געטראָגן א מונדיר. דאָס איז געווען אין פּראַגע ביי וואַרשע אין חודש נאָוועמבער. זיין זון האָט אים דער־ציילט, ווי מען האָט זיי געפירט צו דערשיסן, האָט מען זיי אויסגעטאָן נאַקעט און געפירט צו צען. ער איז געווען צווישן די לעצטע זיבן, האָבן זיי געזען, וואָס מען טוט צו זיי, זיינען זיי זיך צעלאָפן. פיר זיינען דערשאָסן גע־וואָרן און דריי איז געלונגען צו אַנטלויפן. די דריי זיינען געווען: מאָטעל מייטעלעס, יעזשי און איינער פון נעפּאָלאָמיץ. זיי האָבן זיך אָנגעטאָן פאַפּירענע זעק און זיך אָנגעשלאָסן אין א פאַרטיזאַנער גרופּע. מיט די פאַרטיזאַנער זיינען זיי געבליבן ביז די רוסן זיינען געקומען און זיי האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער רוסישער אַרמיי. איצט האָבן זיך געטראָפן פאָטער און זון. הירש וואָלף האָט געמוזט צוריקפאָרן קיין לובלין, ווייל אין פּראַגע איז געווען מלחמה־זאָנע. אַרום דעצעמבער איז הירש וואָלף'ס זון געקומען קיין לובלין. ער האָט געוואָלט בלייבן דאָרט, אָבער זיי האָבן מורא געהאַט, ווייל מען האָט פריער געשאָסן דעזערטירן. ער איז צוריקגעפאָרן קיין פּראַגע, ווייל דעם 13־טן יאַנואַר האָט זיך געזאָלט אָנהויבן די אָפענזיווע. זיי האָבן אָפּגערעדט אַז זיי וועלן זיך טרעפן אין וואָלבראָם. די מלחמה איז אָנגעגאַנגען און הירש וואָלף איז געקומען קיין וואָלבראָם. ער האָט געוואַרט אויף זיין זון. ער האָט געוואַרט און געוואַרט, ביז ער איז געוואויר געוואָרן, אַז הינטער ראַדאָם זיינען געפאַלן 420 אונטער־אָפיצירן און צווישן זיי זיין זון מיט זיינע צוויי חברים.

און איצט צוריק צום ענין. אין סטאַלאָווא וואָלא האָט זיך דאָס לעבן איינגעשטעלט. מען האָט געהונגערט, מען האָט זייער שווער געאַרבעט, מאַנכע זיינען געשטאָרבן, אָבער עס זיינען נישט פאָרגעקומען קיין מאַסן־אַקציעס. פון די 401 וואָלבראָמער יידן זיינען פאַרבליבן אַרום 30 ביז 40 מאַן. איך האָב אָנגע־הויבן צו פאַרדינען ביי פאַרריכטן זייגערלעך. איך האָב אָרגאַניזירט די וואָל־בראָמער, וואָס זיינען בכוח צו געבן איין פּאָרציע ברויט א וואָך פאַר די אָרעמע וואָלבראָמער. בצלאל גאָלדפריינד איז געווען מיט מיר און האָט געזאָרגט פאַר

דערווירטשאפט. פאר אים האָט מען געהאט דרך־ארץ און ער האָט געפּועלט, אַז מען זאָל העלפן די אָרעמע. עס האָט לאנג נישט אָנגעהאלטן, מיט פארשידענע תירוצים האָבן זיי זיך ארויסגעדרייט. איך האָב יעדן פרייטיק צעשניטן צוויי לאבן ברויט מיט נאָך אנדערע זאכן פאר די אָרעמע. בצלאל גאָלדפריינד האָט געהאָלפן. ער איז געווען איינער צווישן עטלעכע יידן, וואָס האָבן פארנומען וויכטיקע ארבעטס־שטעלעס אין די „שטאָל־ווערקע". ער האָט געקאָנט ארבעטן ביים גיסן אייזן, ווי דער בעסטער מייסטער און די גויים האָבן אים זייער ליב געהאט. עס איז וועגן אים א סך צו דערציילן.

עס איז געווען ניין טעג אין תמוז. דער טאָג איז געווען זייער א שיינער. מיר זיינען געגאנגען צו דער ארבעט. איך בין געגאנגען מיט בצלאלן צוזאמען און מיר האָבן געשמועסט וועגן דעם, אז ווען עס מאכט זיך א געלעגנהייט, וואָלטן מיר אנטלאָפן, אָבער בצלאל האָט נישט געגלויבט, אז מיר וועלן ארויס לעבעדיקע פון דאנען. איך האָב אים געבעטן אז ער זאָל זיך נישט מיאש זיין, אָבער ער האָט זיך נישט געלאָזט איינרעדן. ער איז געווען זיכער, אז ער וועט נישט ארויס פון דאנען א לעבעדיקער. ער איז געגאנגען צו זיין ארבעט און איך צו מיינער.

ארום 1.30 אזייגער הער איך ווי מען שרייט און מען לויפט אין יענער ריכטונג, וואו בצלאל ארבעט. איך בין אויך געלאָפן. זאָגן מיר גויים, אז בצלאל איז טויט און אז מען האָט אים גענומען אין לאגער. בין איך אהין געגאנגען און האָב געטראָפן מאָטל וואנדערסמאן און נאָך צוויי טראָגן בצלאלן אויף א ברעט. ער איז נישט געווען טויט, נאָר זיינעביידע פיס זיינען געווען ארונ־טערגענומען און צעריבן. ער האָט אויפגעשטאפלט איין־טאָניקע בלאָקס מיט דער הילף פון א קראַן. ווען ער האָט שוין געהאט אויפגעשטאפלט ארום 40 בלאָקס אין דער הויך, האָט דער קראַן־מאַן (ער איז געווען א גוי און מען ווייס נישט צי האָט ער עס געטאָן בכיוון, צי עס איז געשען אן אומגליק) אויסגעדרייט דעם קראַן און דער גאנצער שטויס בלאָקס איז אויף אים ארויפגעפאלן. איך האָב געהאָלפן אים אהיימטראָגן. האָט ער מיר געדאנקט און האָט מיך געבעטן, אז מען זאָל נישט מעלדן די דייטשן. ער וויל שטארבן, נישט זיי זאָלן אים שיסן. ער האָט אויך געבעטן, אז מען זאָל גדענקען זיין יאָרצייט. מען האָט אים געברענגט אין לאגער. מען האָט גערופן דעם דאָקטער, אָבער וואָס האָט ער געקאָנט טאָן? עס איז קיין הילף פאר אים נישט געווען. דער דאָקטאָר האָט אים געגעבן א שלאָף־געטראנק און אים געהייסן ציילן. דודל זילבערבערג איז אריינגעקומען און געזאָגט מיט אים ודוי און... ער האָט ביז 37 געציילט און איז אנטשלאָפן געוואָרן אויף אייביק. איך האָב פאר אים געקויפט א טלית קטן און א ווייס העמד און מען האָט אים קובר געווען אין לאגער. מען האָט אויסגעקריצט אויפן בוים פ.נ. בצלאל בן חיים גאָלדפריינד.

עס איז אין לאגער געווען א וואָלבראַמער מיטן נאָמען הערשל שולזינגער. ער איז געווען זייער א שווערער ארבעטער אין די „שטאל־ווערקע". האָבן אים די פּאָליאקן געמסרט און די דייטשן האָבן אים צוגענומען און דערשאָסן.

אינצווישן איז געקומען צו אונז אין לאגער א טראנספּאָרט פון ריישע.

אין וועלכן עס האָבן זיך געפונען עטלעכע וואָלבראָמער: חנא שיקמאַן און חיים דודלס איידעם פון האָטעל. איינמאָל האָבן די עראָפּלאַנען פון די אַליאירטע באָמבאַרדירט דאָס „ווערק", איז דעמאָלט חיים דודלס איידעם געפאַלן. צוויי וואָכן שפּעטער, עס איז געווען ארום מיטן אלול, האָבן זיי אונז געבראַכט קיין פּלאַשאָוו נעבן קראָקע. די נאכט פארן טראנספּאָרט איז געלונגען ארום 90 מאַן צו אַנטלויפן, צווישן זיי ארום 10 וואָלבראָמער און אויך מיר און דעם שוין אויבן דערמאָנטן הירש וואָלף יעזשי. אין פּלאַשאָוו האָבן מיר אָנגעטראָפן א סך וואָלבראָמער. זייענדיק אין פּלאַשאָוו א פּאָר טעג, האָט מען אלע אויסער פּאַכמענער אוועקגעשיקט; צווישן די אוועקגעשיקטע, וואָס איך האָב מער נישט געטראָפן, זיינען געווען מאָטעל עסטרייכער און הענדעל אייבעשיץ.

פון פּלאַשאָוו בין איך געשיקט געוואָרן מיט די זייגערמאכערס קיין זאַקסענהאַוזען. דאָרט האָב איך געטראָפן וואָלבראָמער. איך וועל דאָ בלויז דערמאָנען די נעמען פון די, וואָס לעבן נישט מער: מאָטעל ווייסבראָט, קאַנער, צוויי ברידער קאָרנבלויט, מאָטעל מייטעלעס, שלענסקי, געליבטער, און נאָך אַנדערע וועמענס נעמען איך קאָן מיך נישט דערמאָנען. נאָך עטלעכע טעג האָט מען זיי אויך אוועקגעשיקט.

דאָס איז געווען ארום נאָוועמבער 1944. ארום מערץ 1945 האָב איך געטראָפן שמחה גערשאַנאָוויץ אין סאַקסענהאַוזען. ער איז געווען זייער שוואַך. איך האָב אים געהאָלפן מיט וואָס איך האָב געקענט, אָבער דעם 20־טן אַפּריל 1945 האָט מען אונז אַלע ארויסגעפירט פון סאַקסענהאַוזען און איך האָב פון אים מער נישט געהערט. דעם 2־טן מאַי בין איך באפרייט געוואָרן דורך דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

איך וויל נאָך דערמאָנען מיינע חברים, וואָס זיינען אומגעקומען דורך די דייטשע רוצחים:

משה איזראַלעוויטש, יוסף גאָטליב, משה פּערלמוטער, שלמה ווערדיגער, דוד שטאַרק, הערצקע מייטעלעס און אַלע מיינע טייערע חברים און חברות פון וואָלבראָם, הי"ד.

---

משה לובלינג

## עקדת יצחק

מצבם הכלכלי הקשה של יהודי וולברום, שמספרם הגיע ב־1942 עד לשמונת אלפים נפש, התדרדר במדרון במהירות רבה מיום ליום (החיים הציבוריים והתרבותיים נדמו עוד זמן רב לפני זה). רוב היהודים התקיימו ממכירת חפציהם ורכושם שרכשו להם בהרבה שנות יגיעה ועמל, ובמחצית השניה לשנת 1942 רעבו כבר מאות משפחות לפרוסת לחם ממש.

התקווה, בת לווייתו של האדם גם בימי מצוקה קשים ביותר, הצטמקה והלכה מיום ליום. ובמקומה השתררו מבוכה, דכאון וייאוש.

הריגת יהודי הפכה למעשה שבכל יום. היו יורים באדם על חטא שמצאו אצלו לחם לבן, ירו בו בגלל בשר שמצאו אצלו, ואדם הומת גם על שלא מצאו אצלו כלום...

בשורות רעות החלו להגיע מהעיירות הסמוכות, ידיעות על רעב, מצוקה והרג, ולבסוף על גירושים.

חדלו להאמין להודעות הגרמנים שהיהודים נשלחים למחוזות מיוחדים ושם יעסקו בעבודה וישארו בחיים. כולם כבר ידעו שגירוש פירושו מוות; אך נמנעו מלדבר על כך גלויות. היתה זאת מין הונאה עצמית, מין הקלה זמנית.

הסתיו אשר בשנים כתיקונן הוא מעונן ביותר היה הפעם בהיר ויבש, ועיכב את בואו של החורף. היה בקרני השמש משום פגיעה ברגשותיהם, שהשמש זורחת כתמול שלשום.

היה רצון שעננים יחשיכו את פני השמש, שרעמים וברקים יסעירו את העולם וישטפו גשמים זורמים כזרמי הדמעות, גשמים לא ממים אלא מדם, דמם של מיליוני היהודים! אולי יתעורר ויזדעזע העולם? אך שותק הוא העולם כשעם שלם מובל לטבח!...

ביום ששי 5.9.42, יום לפני הסליחות הראשונות, הוזעק היודן־ראט מהבוקר השכם. תאריך הגירוש כבר היה ידוע למחר, בשבת ב־8 בבוקר נדרשים כל יהודי העיר וולברום מנער ועד זקן, אנשים נשים וטף, להתאסף בככר השוק. כל אחד, רשאי לקחת אתו רק חבילה קטנה עד 8 ק״ג.

מדוכאים ממעשי הטירור והרצח שהיו מנת חלקם במשך כל הזמן, הביאה הידיעה על הגירוש בהלה עצומה על האוכלוסיה היהודית. קמה התרוצצות מבוהלת. כל אחד חיפש בעיני שכנו מבט של תקוה, של נחמה, אבל לשוא. לא היתה כל תקוה, כל נחמה.

הבהלה גדלה עוד יותר כשהתפשטה השמועה בעיר שבליל אתמול אסף רב העיר ואתו כמה גבאים את כל ספרי התורה, וקבר אותם בבית העלמין הישן, סימן שאין שום תקוה להצלה ומתקרב הקץ.

מכל הבתים עלו זעקות יאוש איומות, וברחובות התרוצצו אנשים, נשים וטף כשהם מתיפחים ובוכים.

הנאצים בראותם את הפניקה שפרצה אצל היהודים חששו שזה עלול לחבל במזימתם ולגרום להם צרות. ולכן גייסו באותו יום שישי לפנות בוקר את כל הגברים המסוגלים לעבודה, ושלחו אותם לחפור תעלות מבור מים אחד לשני בביצור, בכדי לנטוע בלבם תקוה שאם שולחים אותם לעבודה, יתכן שפקודת הגירוש תבוטל. ויתכן שרבים מהיהודים נטו להאמין בכך.

(בוולברום פעלה מחתרת פולנית שגרמה לגרמנים צרות רבות, אבל לצערנו לא עזרה ליהודים במאומה, ויתכן גם שעזרה למרצחים הנאצים בגירוש היהודים).

אבל בחזרם מהעבודה בשעה 4 אחר הצהרים, ראו כבר כולם את האמת המרה.

50 עגלות עם היונקים (מגויסים מהנוער הפולני ששיתף פעולה עם

הנאצים) עם אתים בידיהם חזרו ממיכוב וחשניצה אחר שגמרו שם את מלאכתם השפלה, בהשמידם את כל יהודי שתי הערים האלה.

בפקודת הגרמנים הקיפו את העיר בשרשרת שבל ימלט ממנה אף יהודי אחד.

וברחובות העיר החלו פולנים בני העיר ואכרים מהסביבה מהלכים מבית לבית, ומבקשים מהיהודים למסור להם את חפציהם, באומרם, הרי בין כה וכה יקחו מכם הגרמנים את הכל.

מצב הרוח המיואש הגיע למדרגה כזאת שאנשים כבר אינם מסוגלים לחשוב בדעה צלולה. לכל אחד כבר ברור שזה הוא יומה האחרון של וולברום היהודית. אין מקום להצלה. אין מקום למצוא נחמה.

אנשים מתהלכים ברחובות העיר ומסתכלים במראה הרחובות, כדי לספוג לתוכם את זכר העיר שאותה בנו בזיעה במשך חמש מאות שנה. מתהלכים ובוכים כמו בערב יום כפור. אך לא מברכים זה את זה, רק נפרדים במבטים אילמים ומחרישים. מחפשים הם נחמה בשמים, אבל נתקלים בקרני השמש הדוקרות והאדומות כדם. כאילו גם מלמעלה השלימו עם גזר דינם. הכל פנה להם עורף. הכל מתנכל להם. הארץ, השמש, השכנים, שדות ויערות. הכל מסביב עוין. המקום שבמשך דורות חיו בו, עבדו, חלמו ויצרו, נראה להם פתאום זר.

הלילה ירד והשכה כסתה לאט לאט את העיר. ליהודים אסור להימצא בחוץ. יושבים בבתים באפלה בפחד מות ומקשיבים בדממה לכל רחש מהרחוב. החבילות ארוזות ומוכנות ליד כל דלת. הרחובות ריקים מאדם, אימת המות שוררת באפילה הדוממות, מדי פעם נשמעת יריה, ומכל יריה נכרתת נפש יהודי. ושוב דממה. דממה של גסיסה.

בביתו של פוטש הזקן גר באותו זמן חתנו ר׳ הרשל בידלובסקי, אחד מותיקי הציונים בעיר, עסקן ציבורי רב פעלים, חבר במועצת העיר, פרנס האוכלוסיה היהודית עד פרוץ המלחמה. הוא סירב להצטרף ליודן־ראט שלא לחלל את עברו המפואר כעסקן ציבורי וציוני במשך עשרות בשנים.

התפרנס לאחרונה מהכסף שהביאה בתו תילה בברחה עם בעלה ישראל וולאך מלודז, שנורה אחר שמצאו אצלו כסף.

בזמן האחרון לא היו רואים אותו ברחוב. מבכר היה לשבת בבית בשתיקת אלם ולהקשיב לדברי בנו יצחק (איטשה) על מצב היהודים בפולניה. איטשה נשאר נכה אחרי מחלה בילדותו, רגליו היו משותקות, ורק באגודלים שבידיו היה לו כח מישוש, כל ימיו היה יושב וקורא ספרים והיה מפותח מאוד מבחינה רוחנית ובעינים בוחנות ובהירות הסתכל על המתרחש בחיים.

שניהם, האב והבן העריכו נכונה את המצב, ושיחתם נסבה סביב שתי נקודות:

א) המאבד את עצמו לדעת אין לו חלק לעולם הבא.

ב) קידוש השם.

והמסקנה שאליה הגיע יצחק היתה, ששני הנושאים קבלו במצב הנוכחי משמעות משותפת אחת. שמי שמאבד את עצמו לדעת כדי שלא ליפול חי בידי

המרצחים הנאצים, מקדש את השם לא פחות מגבורי מצדה בשעתם, שהרגו את עצמם ולא ליפול חיים בידי הרומאים.

ובאותו יום שישי האחרון נגמר ביניהם הויכוח, ובערב כשהרבה מהיהודים הלכו לבית המרקחת לקנות טפות ולריאן „כצידה לדרך", הלך גם בידלובסקי הזקן לשם. הוא עמד ושתק. אנשים נכנסו קנו והלכו והוא עדיין עומד ושותק, רק שפתו התחתונה רעדה. לבסוף התגבר על היסוסיו הקשים, ניגש קנה ויצא, הוא לא קנה ולריאן לחזק את הלב. רק כדורי לימונל להפסיק את פעילות הלב.

האב לא יכול לעמוד נגד הטענות הצודקות של הבן האומלל שמוטב לו למות עכשיו בבית מאשר להיות מומת מחר ביריה באמצע הרחוב.

הוא בא הביתה ואתו 30 כדורי לימונל.

היו כבר הרגעים האחרונים שמותר היה ליהודים להמצא ברחוב.

בבית לא הוציא הגה מפיו והעמיד את הכדורים עם כוס מים ליד מיטת בנו יצחק. שני האחים ושלוש האחיות שעמדו סביב המטה נפרדו מאחיהם בבכי קורע לבבות.

הרשל האב ישב על מטת בנו ולטף את שערות ראש בנו. אך כשיצחק התחיל לבלוע את הכדורים קם בפתאומיות ממטת בנו ונצב על יד ארון הספרים. הסתכל סביבו כאילו מחכה למה שהוא, אבל זה לא בא. לתומו האמין שאולי יתרחש נס, וישמע הקריאה „אל תשלח ידך אל הנער" (וכאן מובל עם שלם לעקידה), אבל הקריאה לא באה, ובנו יקירו גווע בעזרתו ולנגד עיניו. נשאר עומד כמאובן על יד ארון הספרים.

שם עמד לא רק אביו של יצחק לבדו. יחד אתו עמדו מאובנים בזעקת אלם מיליוני אבות נטולי אונים כשנגד עיניהם מושמדים יקיריהם, מנער ועד זקן, אנשים ונשים וטף על לא עוול בכפיהם.

יצחק הרגיש עיפות רבה ובשארית כוחותיו הפנה את מבטו האחרון לעבר אביו ונרדם לעולמים...

גופו האתלטי של האב נזדעזע ונשבר, ובנפלו על בנו, חיבק את ראשו בשתי ידיו ונשק את עיניו הנעצמות כשהוא מתיפח בבכי מר.

לא על בנו האומלל בלבד בכה אלא על עם שלם חסר ישע שנמק ביסורים ובדמים.

מנורת נפט קטנה האירה את החדר החשוך והטילה צללים שחורים על הקירות. היה כבר חצות הליל והאב עדיין ישב על יד מטת בנו.

אבא! נשמעה פתאום קריאה מהפינה בה עמדו יתר בני הבית. הוא הרים את ראשו וראה אור חזק פרץ אל החדר מבחוץ, הוא נדחף אל החלון וראה שכל העיר מוארת כמו מאור השמש. נשמעו צפירות אזעקה ורעש אוירונים, והתפוצצות חזקה. הלבבות פעמו בחזקה, הצללים נעלמו, ולרגע נדלקה בעיניהם שלהבת של תקוה.

אך חיש מהר נעלמו האוירונים, ושוב ירד העצב על הכל והחושך שוב כיסה את רחובות העיר.

(התעלומה לא נפתרה עד היום. יש רגלים לדבר שהגרמנים ביימו את הדבר בכדי לאפשר למרצחים שמירה מעולה למנוע בריחה של יהודים).

יצחק היה כבר מעבר לחיים. דומם יצאו האב ובנו מוטל לחצר וליד הבאר חפרו קבר. חרש חפרו שלא להקים רעש. וכשהקבר היה מוכן הוציאו את יצחק מהבית, וכך קברו האב והבן את מתם היקר.

שעה ארוכה עמדו שניהם ליד הקבר הרענן ושפות האב לחשו משהו חרישי. והנה הגיע הליל לקיצו והתחיל מאיר המזרח. האיר היום, אך לא להם.

---

כששמי הלילה השחורים הוארו מאופק אל אופק, עדת היהודים נשאה עיניה אל השמים המוארים ואל צפירות האזעקה, מרעש האוירונים וההתפוצצות החזקה. הלבבות פעמו בחזקה ולרגע נדלק בעיניהם שלהבת של תקוה.

מיידית: י. בן־פורת (פולטורק).

---

משה לובלינג

# עקידת יצחק

די עקאָנאָמישע לאגע פון די וואלבראָמער יידישע באפעלקערונג, וועלכע האָט געציילט פון זיבן ביז אכט טויזענט נפשות, האָט זיך אין יאָר 1942 מיט א גאלאָפירנדיקע שנעלקייט געקייקלט בארג אראָפּ. (דאָס געזעלשאפטלעכע קול־טורעלע לעבן איז שוין לאנג געווען טויט).

די גרעסערע טייל פון די יידישע באפעלקערונג האָט געלעבט פון פארקויפן זייערע זאכן וועלכע זיי האָבן זיך דערוואָרבן נאָך א סך יאָרן שווערע ארבעט. און אין די צווייטע העלפט פון יאָר 1942, האָבן שוין הונדערטער פאמיליען ממש געהונגערט.

די האָפנונג וועלכע באגלייט דעם מענשן אין די גרעסטע נויטן, האָט זיך איינגעשרומפּן פון טאָג צו טאָג, און פארדעקט געוואָרן מיט פּיין, אומגליק און יאוש וועלכע האָבן זיך געמערט אלץ מער און מער. דאָס שיסן א מענטשן איז געוואָרן א טעגליכע דערשיינונג.

מען האָט דערשאָסן ווייל מען האָט ביי דעם מענשן געפונען ווייס ברויט. מען האָט געשאָסן פאר געפינען פלייש, און מען האָט דערשאָסן ווייל מען האָט גאָרנישט געפונען.

טרויעריקע ידיעות זענען אָנגעקומען פון שטעדט און שטעטלעך, ידיעות וועגן הונגער, פּיין און מאָרד, און צום סוף די אויסזידלונג. קיינער האָט שוין נישט געגלויבט די דייטשע מעלדונגען אז די יידן ווערן געשיקט אין ספּעציעלע געגנטן, ווי זיי וועלן לעבן דאָרט און ארבעטן. אלע האָבן שוין געוווסט, אז „אויסזידלונג" — הייסט טויט.

כאָטש א סך האָבן דערפון נישט געוואָלט רעדן אָפן. דאָס אליין נארן זיך האָט זיך זיי אויסגעוויזן, מאכט זיי גרינגער פאָרלויפיג, אָבער נאָר פאָרלויפיג.

דער הערבסט איז נישט געווען ווי שטענדיק א פאַרוואָלקנטער, נאָר א טרוקענער, א שיינער, און נישט געלאָזט אָנקומען דעם ווינטער, און די זונען־שטראַלן האָבן געריייצט, ווי די צינישע בליקן פון די דייטשן און פּאָליאַקן. עס ווילט זיך דער הימל זאָל זיין פאַרוואָלקנט, פאַרשטעלן די זון. דינערן און בליצן זאָלן אויפטרייסלען די וועלט, ס׳זאָל גיסן א רעגן, ווי ס׳גיסן טרערן, און דער רעגן זאָל נישט זיין וואַסער, נאָר בלוט, בלוט פון מיליאָנען יידן. אפשר וועט די וועלט דערוואַכן. אָבער די וועלט שווייגט, ווען ס׳ווערט א פּאָלק ביז טויט פאַרפּייניקט.

פרייטיק 5.9.42 אטאָג פאַר די ערשטע סליחות, איז דער יידן־ראַט געווען אלאַרמירט שוין פון גאַנץ פרי. דער טערמין פון די אויסזידלונג איז שוין געווען באוווּסט.

מאָרגן שבת 8 אזייגער פרי דאַרפן זיך פאַרזאַמלען אויפן מארק פּלאַץ אלע וואָלבראָמער יידן, מענער, פרויען, אַלט און יונג. מיטנעמען קען יעדער איינער א פּעקל פון 8 קילאָ, און זייענדיק צובראָכן פון די טעראָר און מאָרד אקטן אונטער וועלכע די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך געפונען די גאַנצע צייט, האָט דער באַפעל וועגן די אויסזידלונג אריינגעבראַכט צווישן די יידישע באַפעלקערונג א שרעקלעכע בהלה.

מענשן האָבן אָנגעהויבן לויפן איינער צום צווייטן, מורמלנדיק: וואָס וועט זיין? וואָס טוט מען? יעדער איינער האָט געזוכט אין דעם אַנדערנס אויגן א בליק, א טרייסט, אָבער די טרייסט האָט זיי קיינער נישט געקענט געבן.

די בהלה איז געוואָרן נאָך גרעסער, ווען ס׳האָט זיך פאַרשפּרייט די ידיעה אז נעכטן ביינאַכט האָט דער שטאָטישער רב מיט נאָך עטליכע יידן באַגראָבן אויפן אלטן בית־עלמין אלע ספרי תורות, א סימן אז ס׳איז מער נישטאָ קיין רעטונג, ס׳דערנענטערט זיך דער סוף. פון אלע הייזער האָט זיך געהערט ווילדע פאַרצווייפלונגס געשרייען. אין די גאַסן זענען געלאָפן וויינענדיק מענער, פרויען, קינדער.

ווייזט אויס אז די נאַציס האָבן נישט געקענט פאַרגינען יידן זאָלן וויינען, האָבן זיי טאַקע דעם זעלבן פרייטיק גאַנץ פרי מאָביליזירט אלע ארבעטספעאיקע מענער צו ארבעט, און זיי געשיקט אויף די באַגנעס, דורכגראָבן קאַנאַלן פון איין וואַסער־גרוב צום צווייטן. ווייזט אויס אז די דייטשן האָבן די ארבעט נישט געברויכט. נאָר מורא האָבנדיק אז אזא מאַסע פאַרצווייפלטע מענשן קען זיי אָנמאַכן צרות (אין וואָלבראָם האָט געאַרבעט א פּוילישע אונטערגרונד־באַוועגונג וועלכע האָט פאַרשאַפט די דייטשן גרויסע צרות, אָבער ליידער נישט געהאָלפן יידן, און אפשר אויף דעם געביט מיטגעאַרבעט מיט די דייטשע מערדער), האָבן זיי מיט די ארבעט געוואָלט שוואַכער מאַכן די בהלה, גלויבנדיק אז א סך יידן וועלן אָנהויבן טראַכטן, אז מען נעמט זיי אויף ארבעט, קען זיין אז די אויסזידלונג וועט בטול ווערן, קען זיין אז א סך יידן האָבן אָנגעהויבן אזוי טראַכטן. אָבער גייענדיק צוריק פון די ארבעט אזייגער 4 נאָכמיטאָג, האָבן שוין אלע געזען דעם טרויעריקן אמת.

50 פורן מיט יונאַקיס (מאָביליזירטע פּוילישע יוגנטליכע וואָס האָבן מיט־

געארבעט מיט די דייטשע מערדער), מיט רידלן (לאפאטעס) זיינען אָנגעקומען פון מיעכאָוו און חאשניצע נאָכן ענדיקן זייער מאָרד ארבעט איבער די דאָרטיקע יידישע באפעלקערונג. און די דייטשן האָבן זיי באלד ארומגעשטעלט ארום די שטאָט, קיינער זאָל נישט קענען ארויס פון שטאָט.

אין דער זעלבער צייט באווייזן זיך אין די גאסן שטאָטישע קריסטן און דאָרפישע פויערים און גייענדיק פון שטוב צו שטוב לייגן זיי פאָר די יידן, אז זיי זאָלן זיי אוועקגעבן זייערע זאכן, זאָגנדיק דערביי: סייווי וועלן די דייטשן אלעס צונעמען.

די פארצווייפלונג דערגרייכט א מדרגה, אז מענשן זענען מער נישט פעאיק קלאָר צו טראכטן. פאר יעדן איינעם איז שוין קלאָר, אז דאָס איז דער לעצטער טאָג פון יידישן וואלבראָם, נישטאָ ווו צו זוכן א רעטונג, נישטאָ ווו צו געפינען א טרייסט. מענשן גייען ארום אין די גאסן ווייענדיקע ווי ערב יום־כיפור. אָבער מען ווינטשט זיך נישט, מ׳געזעגנט זיך מיט שטומע בליקן. און די זון בלענדט, גאָר נישט ווי אין א הערבסטיקן פארנאכט. און די וועלכע ווילן זוכן א טרייסט אין די הימלען, און ווענדן זייערע בליקן ארויף, שטויסן זיך אָן מיט זייערע בליקן אין די שפיציקע שטראלן פון א בלוטיק רויטע זון. און די ערד, די הימלען, פעלדער און וועלדער ארום שטעט און שטעטלעך, ווי יידן האָבן הונדערטער יאָרן געלעבט, געארבעט, געשטרעבט און געהאָפט, האָבן זיך ארויס־געוויזן פאר פרעמד.

די נאכט האָט לאנגזאם איינגעדעקט ס׳שטעטל, מענשן זיצן אין דער פינסטער און הערן זיך איין צום קלענסטן רויש פון גאס. די פעקלעך ליגן ביי יעדע טיר גרייט.

די גאסן זענען פינסטער און ליידיק פון מענטשן, יידן טאָרן מער נישט זיין אין גאס, זיצן זיי אין די פינסטערע הייזער אין טויט שרעק, און הערן זיך איין אין די נאכטשטילקייט, פון צייט צו צייט הערט מען שיסן, און מיט יעדן שאָס ווערט פארשניטן א יידיש לעבן.

און ווידער שטיל, א גסיסה שטילקייט.

אין הויז פון אלטן פאטאש האָט די לעצטע צייט געוווינט פאטאש׳נס איידים ר׳ צבי (הערשל) בידלאָווסקי. איינער פון די עלצטע ציוניסטן אין שטאָט, א געזעלשאפטלעכער עסקן, א מיטגליד אין שטאָט־ראט און דאזאר פון דער יידישע געמיינדע ביזן קריג. ער איז נישט אריין אין יודן־ראט, נישט וועלנדיק פארשוועכן זיין געזעלשאפטלעכע ארבעט פון צענדליקער יאָרן, און האָט זיך דערנערט מיט זיין משפחה פון דעם געלט וואָס זיין עלצטע טאָכטער טילע האָט מיטגעבראכט מיט זיך אנטלויפנדיק מיט איר מאן ישראל וולאך (מען האָט אים דערשאָסן זוכנדיק גאָלד) פון לאָדזש ווו זיי האָבן געוווינט ביזן קריג. זעלטן ווען פלעגט מען אים זען אין גאס. א שווייגנדיקער פלעגט ער גאנצע טעג אָפּזיצן ביי זיך אין שטוב, און אשווייגנדיקער פלעגט ער אויסהערן די אויספירונגען פון זיין זון יצחק (איטשע) וועגן דעם מצב פון די יידן.

יצחק איז געבוירן געוואָרן א קאלעקע. ער האָט נישט געקענט גיין און אין די הענט געהאט בלויז קראפט אין די גראָבע פינגער. ער פלעגט גאנצע טעג

זיצן און ליינען און איז געווען גייסטיק ענטוויקלט, מיט א שאַרפן קלאָרן בליק אויף אַלע געשעענישן אין לעבן.

ביידע, סיי דער פאָטער, סיי דער זון, האָבן ריכטיק אָפּגעשאַצט די לאַגע. זייערע געשפּרעכן זיינען שטענדיק געווען אויף צוויי טעמעס: המאבד את עצמו לדעת אין לו חלק לעולם הבא. און קדוש השם. און די אויספירונגען פון יצחק׳ן זיינען געווען: אַז ביידע פּסוקים האָבן אין די איצטיקע לאַגע זיך געטוישט מיטן אינהאַלט, און אַז ווער ס׳באַגייט זעלבסטמאָרד בכדי נישט אַריינצופאַלן אין די דייטשע מערדערס הענט, איז נישט ווייניקער מקדש השם ווי יענע היס־טאָרישע קעמפער פון „מצדה״ וועלכע האָבן זיך אַליין אויסגעשאָכטן, נישט וועלנדיק אַריינפאַלן צו די רוימער אין די הענט. און אין דעם לעצטן פּריטיק האָבן זיי פאַרענדיקט די דיסקוסיע, און נאָך פאַרנאַכט ווען מענשן זיינען געגאַנגען אין אַפּטייק קויפן וואַלעריאַן טראָפּן מיטצונעמען זיך אויפן וועג, האָט זיך אין אָפּטייק אויך געפונען דער אַלטער בידלאָווסקי. ער איז געשטאַנען און געשוויגן, מענטשן זיינען אַריינגעקומען, געקויפט און אַרויסגעגאַנגען, און ער איז אַלץ נאָך געשטאַנען א שווייגנדיקער. בלויז די אונטערשטע ליפּ האָט ביי אים געציטערט. נאָך לאַנגע וואַקלונישן האָט ער אויך געקויפט, אָבער נישט וואַלעריאַנער טראָפּן צו דערפרישן ס׳האַרץ, נאָר פאַסטילן אָפּצושטעלן ס׳האַרץ. ער האָט סוף־כל־סוף נישט געקענט קעמפן קעגן די גערעכטע טענות פון זיין אומגליק־לעכן זון, אַז ס׳איז אים בעסער צו שטאַרבן איצט, איידער דערשאָסן צו ווערן מאָרגן אין מיטן גאַס, און ער האָט געקויפט 30 פאַסטילן לומינאַל, און מיט זיי אַהיימגעגאַנגען. עס זיינען שוין געווען די לעצטע מינוטן וואָס יידן מעגן גיין אין גאַס. אַהיימקומענדיק האָט ער נישט רעדנדיק קיין וואָרט, אַוועקגעשטעלט ביים בעט ווי יצחק איז געלעגן, די פאַסטילן און א גלאָז וואַסער.

האַרץ־רייסנד איז געווען ס׳געוויין פון די צוויי ברידער און די דריי שוועסטער און וויינענדיקע האָבן זיי זיך מיט אים געזעגנט.

די גאַנצע צייט איז דער פאָטער געזיצן אויפן בעט און געגלעט זיינע האָר פון קאָפּ. און ווען ער האָט אָנגעהויבן שלינגען די פאַסטילן, איז דער פאָטער ווי אויפגעשפּרונגען פון בעט, און זיך אַוועקגעשטעלט ביי די ספרים שאַנק ווי ער וואָלט געוואָרן פאַרשטיינערט.

ביי די ספרים שאַנק איז נישט געשטאַנען בלויז דער פאָטער פון יצחק׳ן, דאָרט איז געשטאַנען פאַרשטיינערט אין שטוב דער ווייגעשריי פון מיליאָנען טאַטעס וועלכע זיינען מאַכטלאָז, ווען זייערע טייערסטע און נאָענטסטע ווערן אומגעבראַכט פאַר פרעמדע זינד.

יצחק האָט געפילט א שטאַרקע מידקייט, און מיט די לעצטע כוחות זיין בליק געוואָנדן צום פאָטער, און אַנטשלאָפן געוואָרן זיין אייביקן שלאָף. דער פאָטער האָט זיך א לייכטן וואַקל געגעבן. דער העלדישער טאַטע האָט זיך צוזאַמענגעבראָכן, און אַרויפפאַלנדיק אויפן זון האָט ער מיט ביידע הענט אַרומגענומען זיין קאָפּ, און קושנדיק זיינע פאַרמאַכטע אויגן, זיך ביטער צעוויינט.

ער האָט נישט נאָר געוויינט נאָך זיין אומגליקליכן זון. ער האָט געוויינט אָך א הילפסלאָז פאָלק וואָס גייט אויס אין בלוט און פיין.

אין שטוב איז געווען פינסטער. א קליין נאפט לעמפל האָט שוואך בא־ייכטן די שטוב, און געוואָרפן שווארצע שאָטן־פלעקן אויף די ווענט. ס׳איז זוין געווען האלבע נאכט, חצות. און דער טאטע איז נאָך אלץ געלעגן ביים ונס בעט.

טאטע! האָט זיך דערהערט א לייכטער געשריי פון די איבריקע קינדער. נר האָט אויפגעהויבן זיין קאָפּ. א שטארקע ליכט איז אריינגעפאלן אין צימער ורכן פארהאנגענעם פענסטער. ער איז צוגעלאָפן צום פענסטער. די גאנצע טאָט איז געווען שטארק באלויכטן, ווי די זון וואָלט פלוצלינג אָנגעהויבן יינען.

די סירענעס האָבן געפּיפן, און עס האָט זיך געהערט דער רעש פון ערעאָפּלאנען, און באלד א שטארקער אויפרייס. די הערצער האָבן אָנגעהויבן טארקער קלאפן. די שאָטנס זיינען פארשוואונדן. און עס האָט זיך געדאכט, אז נס איז נאָך דאָ א שטיקל האָפנונג, אָבער די אעראָפּלאנען זיינען אוועק, און דער רויער איז געבליבן, און עס איז ווייטער פינסטער.

(דער פאקט איז ביז היינט נישט געוואָרן אויפגעקלערט, קען זיין אז אָס האָבן די דייטשן אליין געמאכט, כדי די מערדער וועלכע האָבן באוואכט די טאָט אין 3 טיפע רייען, זאָלן זען צו די יידן אנטלויפן נישט).

יצחק איז שוין געווען טויט.

שטיל זיינען זיי ארויס פון שטוב. דער פאָטער מיט זיין זון מאָטל, און אויפן הויף ביים ברונעם, אָנגעהויבן גראָבן א קבר. שטיל האָבן זיי געגראָבן, ישט צו מאכן קיין רעש.

און ווען דאָס קבר איז פארטיק געוואָרן האָבן זיי אראָפּגעטראָגן זייער טויטן זון און ברודער, און אים באגראָבן.

לאנג, לאנג זיינען ביידע געשטאנען ביים פרישן קבר און דער פאָטער האָט עפּעס שטיל געמורמלט, ביז די נאכט האָט שוין געהאלטן ביים ענדע און דער מזרח האָט זיך אָנגעהויבן העלן. א סימן אז ס׳ווערט ליכטיק.

אָבער נישט פאר זיי.

---

שמעון ווייגארטן

# וואלבראמער אין די פארניכטונגס-לאגערן אין פשעמישל

ווען איך שרייב די שורות וועגן די פיין און ליידן פון אונזערע נאָענטע און טייערסטע וואלבראָמער יידן אין די טויטן־לאגערן, און וועגן זייער טראגישן סוף, טריפט מיין הארץ פון ווייטאָק און שמערץ וועלכע זענען נישט צום איבער־

טראַגן. דער פאַרדרוס און ווייטאָק איז נאָך גרעסער צוליב דעם פּיינלעכן געדאַנק אַז אפשר האָט עס דאָך געקענט זיין אַ ביסל אַנדערש, און אפשר האָבן זיך נאָך אַ ביסל מער יידן געקענט אַפּראַטעווען, אַנשטאָט די קאַלטע קאָמפּרעסן וואָס די יודן־ראַט־מענטשן האָבן אונז איינגערעדט און פאַרפירט אונז מיט פאַלשע אינפאָרמאַציעס.

אָט די פאַלשע אינפאָרמאַציעס וועגן אַרבייטס־לאַגערן פאַר פרויען און קינדער ווי זיי וועלן נישט באַהאַנדלט ווערן, האָבן די דייטשן „פאַרקויפט" צו די יודנראַטן פאַר גוט געלט, גאָלד און מתנות, וועלכע די יודנראַטן האָבן טאָג און נאַכט אַרויסגעשלעפּט פון יידן, מיינענדיק אַז דערמיט וועלן זיי זיך אָפּראַטעווען מיט זייערע משפחות.

אַזוי ווי אין פיל אַנדערע שטעט האָבן זיך לײדער אויך אין וואַלבראָם געפונען איינציקע מינדערווערטיקע פּערזאָנען וועלכע האָבן געוואָלט ראַטעווען זיך פאַר יעדן פּרייז. דאָס הייסט, מען האָט אַרויסגעשלעפּט געלט ביי יידן פאַר פאַלשע צוזאָגן און אילוזיעס, ווי די נביאי־השקר האָט מען זיינער צייט צוגעזאָגט „שלום, שלום ואין שלום".

איך האַלט אַז עס וואָלט געווען איינס פון די גרעסטע אומרעכטן און אַ היסטאָרישער פעלער אַז מען זאָל נישט אויסטייטלען די פּערזאָנען וועלכע האָבן פאַרפירט דאָס יידישע פאָלק אין יעדע שטאָט און שטעטל. נישט קיין פּריוואַטער פאַרדרוס צו די אָדער אַנדערע פּערזאָנען דיקטירט מיר מיין צוגאַנג, נור די הייליקע פליכט קעגן די אומגליקלעכע קדושים, קעגן זייער שווידערליכן טויט, אַז מען זאָל אָנווייזן געוויסע פּערזאָנען וועלכע האָבן וועז אפילו נור אינדירעקט געגעבן זייער האַנט צו די מערדערס און פאַרלייכטערט זייער מערדערישע אַרבעט.

אונזער תורה וועלכע איז אַ מוסטער פון מאָראַל, וועלכע פּרעדיקט מחילה און סליחה, האָט אויך אונז באַפוילן „ובערת הרע מקרבך". זאָל עס זיין אַ וואַרנונג פאַר די צוקונפטיקע דורות, בבחינת למען ידעו ויראו, אַז איין ברודער זאָל נישט אויפהייבן זיין האַנט אויף זיין ברודער און געבן זיין האַנט צו זיין ברודערס שונא.

מיר זענען שטאָלץ אויף די יעניקע לאַנגיעריקע פּרנסים פון די קהילה ווי: יחיאל צווייגנבוים, לייזער ציגלער, מיכאל פּערלמוטער, אברהם זילבערבערג, וועלכע האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון זייער חברשאַפט אין די קהילה אין דער קריגס־צייט, און באַלד איינגעזען אַז מיט די נאַציס וועט נישט זיין קיין מיטאַרבעט. נישט געוואָלט האָבן קיין פּריווילעגיעס און נישט געוואָלט פאַרקויפן זייערע ברידער.

מענדעלע פישל, דער זון פון יקותיאל פישל, האָט געהונגערט אין לאַגער און אָפּגעהיטן כשרות, און ערוועקט רעספּעקט ביי יעדן איינעם.

זאָל עס דאַריבער זיין אַ וואַרנונג פאַר די דורות, אַז אפילו אין די ערגסטע באַדינגונגען איז קיינער נישט פּטור זיך אויפצופירן ווי אַ מענטש, ווי אַ שטאָלצער ייד.

און אַזוי ווי דער יודנראַט האָט אונז פאַרפירט מיט ליגנס און פאַלשע צוזאָגען, האָט עס פּאַסירט, אַז אינם טאָג פון אויסזידלונג האָבן זיך כמעט אַלע

יידן צוגעשטעלט צום פונקט. דאָס הייסט, מען האָט זיך איבערגעגעבן צו די מערדערס מיט אייגענע הענט און געגאַנגען צום טויט ווי שעפעלאך. אין דער זעלבער צייט זענען די יודנראטן געזעסן אין דער געביידע פונם יודנראט און געגלויבט אז זיי האָבן זיך געראטעוועט מיט זייערע משפחות.

דאָס ארויסגיין פון שטאָט ביז צום זאמלפונקט איז אין מיינע אויגן איינס פון די גרעסטע טראגעדיעס פון די פארניכטונג. דאָס גרויזאמע בילד ווי אזוי מען האָט ארויסגעפירט פרויען, קינדער און אלטע פון שטאָט ביז צו די באַן־סטאציע וועל איך קיינמאָל נישט פארגעסן.

די שאנד פון אונזער פאסיוויטעט מאכט מיך נאָך היינט רויט ווען איך טראכט, אז מיר האָבן דאָך גאָרנישט געהאט וואָס צו פארלירן. פארוואָס האָבן מיר פארלייכטערט דעם מערדער זיין ארבעט?

נאָר ווי שוין געזאָגט? דאָס איז נישט געווען די שולד פון די מאסן, נאָר פון פירערס „פארפירערס" וועלכע האָבן געמיינט אז זיי וועלן זיך רעטן פאר זייערע בלוטיקע מיטהילף. אָבער זיי האָבן זיך נישט גערעטעט. די גאַז־קאמערן האָבן אויך זיי ארייַנגענומען.

דעם צווייטן טאָג פון דער אויסזידלונגס־אקציע האָט מען די זקנים מיט די קינדער און פרויען אוועקגעשיקט מיט לאסט־וואגאָנען קיין בעלזשעץ. דאָס געוויין ביים צוטיילן זיך מיט די משפחות איז געווען אזוי הויך אז מען האָט געקענט הערן ביז דעם צווייטן עק וואלד. עס איז געווען ביטערער ווי דער טויט אליין.

מענטשן האָבן געקוקט אין הימל נאאיוו און קינדעריש געווארט אויף א נס: אפשר וועט דאָך גאָט זיך דערבארימען אין די לעצטע מינוט און ראטעווען זיינע קינדער. אָבער קיין נס האָט נישט פאסירט. די וואגאָנעס זענען אוועקגעפאָרן אָנגעפאקט מיט דעם טייערכטן פון אלעם טייערן. קיין איינער איז ליידער נישט מער צוריקגעקומען.

דעם דריטן טאָג, דאָס הייסט מאָנטיק דעם 8־טן סעפטעמבער, האָט זיך אָנגעהויבן דער שקלאפן מארק. מייסטערס פון דייטשע פירמעס זענען אָנגעקומען קיין וואלבראָם „קויפן" שקלאפן פאר דער דייטשער אינדוסטרי.

די רעשט פונעם וואלבראָמער יידנטום זענען צוזייט און צושפרייט געוואָרן איבער גאַנץ פוילן. די מייסטע זענען נישט מער צוריקגעקומען. נאָר איינצעלנע פון איינצעלנע האָבן זיך געראטעוועט.

בערך 5000 מענער האָבן זיך געפונען אין וואלבראָם אויפן פונקט צוזאמען מיט פילצער יידן וועלכע מ׳האָט געבראכט קיין וואלבראָם. יעדן טאָג זענען אוועקגעשיקט געוואָרן הונדערטער. אזוי ארום האָט זיך דאָס אוועקשיקן פאר־צויגן ביז צען טעג.

זונטיק, דעם צווייטן טאָג ראש־השנה, 15.9.1942, בין איך אוועקגעשיקט געוואָרן, מיט מיין פאָטער דוד וויינגארטן מיט נאָך 300 יידן קיין פשעמישל. אין פיר לאסטוואָגנס זענען מיר ארייַנגעפרעסט געוואָרן ווי די הערינג אָן עסן און אָן טרינקן און אפילו אָן לופט. איך האָב פארשטאנען אז מיר פאָרן אויף א פלאץ ווי עס ערווארטן אונז גרויסע צרות, און איך האָב אפילו געטראכט

ווען אנטלויפן, און מעגליך אז איך וואָלט באוויזן צו אנטלויפן, ווייל איך האָב געהאט א קריסטלעך אויסזען. אָבער איך בין געווען צוזאמען מיט מיין פאָטער וועלכער וואָלט נישט געקענט שפרינגען, און אזוי האָב איך נישט געהאט קיין הארץ אים איבערצולאָזן אליין, און איך בין געבליבן.

די שטאָט פשעמישל איז שוין דאמאָלס געווען שטארק באָמבארדירט. דאָס יידישע געטאָ איז געווען קאָנצענטרירט אויף א פלאץ ווי עס זענען געשטאנען נאָר אלטע חורבות, נישט ווייט פון דעם פלאץ ווי מען האָט קאָנצענטרירט דאָס שטעטישע מיסט און אָפפאל. אזוי האָבן געלעבט אין שמוץ און געשטאנק די לעצטע הונדערטער יידן פון דער פשעמישלער קהילה. אונז וואלבראָמער האָט מען ארויסגעפירט אין א דאָרף הינטער פשעמישל. דאָס איז געווען דאָס בארימטע דאָרף ווישניצובקא, א דאָרף וואָס האָט זיך געצויגן 10 קילאָמעטער. עס האָט זיך גערעכנט פאר דעם גרעסטן דאָרף אין פוילן.

מען האָט אונז אונטערגעברענגט אין א גרויסע סטאַדאלע, אויף האָלצענע פריצעס. די פליי און לייז האָבן אונז געגעסן לעבעדיקערהייט. אונזער ארבעט איז געווען ביי גרובן קאנאלן און לייגן גאז און נאפט־רערן. אין די רערן האָבן די דייטשן געפירט נאפט פון די גרובן ביז צו די גרויסע נאפט־רעזערוווארן. די רערן האָט מען אויך געדארפט אדורכפירן דורך דעם טייך סאן, און מען האָט אונז געצוואונגען צו ארבעטן אין וואסער שווימענדיק. פארשטייט זיך אז פיל יידן זענען אומגעקומען און דערטרונקען געוואָרן אין וואסער. געארבעט האָבן מיר פון 6 אין דער פרי ביז 10 אזייגער ביינאכט. דאָס עסן וואָס מ׳האָט באקומען איז געווען איין ברויט, א האלב ליטער וואסערדיקע זופּ און קרויט. און צו דעם האָט מען אונז געשלאָגן, געפייניקט און דערנידערט. מענשן זענען אויסגע־שטאָרבן פון הונגער און פון די קלעפּ. בערך צוויי חדשים נאָך אונזער אָנקומען האָט מען ליקווידירט דאָס געטאָ אין פשעמישל, דאָס הייסט: פארניכטעט.

נאָכדעם האָט מען אונז איבערגעשיקט קיין ראדימנא. דאָרט האָט מען אונז געהאלטן אין א אלטע חורבה ווו מען האָט פאר דעם אויסגעארבעט שטריק. דאָרט בין איך געווען נאָך צוויי חדשים. דער מצב פון די וואלבראָמער אויף דעם נייעם פלאץ אין ראדימנא איז נישט צו באשרייבן. די קעלט איז געווען שרעקלעך, און די כינים און פליי האָבן אונז נאָך אוועקגערויבט דאָס ביסל שלאָפן וואָס מען האָט אונז געלאָזט. אלע זענען געוואָרן פארצווייפלט אָן אויסנאם. מען האָט ארויסגעקוקט אויפן טויט.

יעדן טאָג זענען געשטאָרבן און דערשאָסן געוואָרן מענשן וואָס האָבן מער קיין כוח געהאט צו הארעווען. איך האָב אָנגעקוקט מיינע וואלבראָמער ברידער און געטראכט טרויעריקע געדאנקען. פארשטיין האָב איך נישט געקענט: פארוואָס האָבן זיי פארדינט אזא ביטערן טראגישן גורל? די איינציקע אנטוואָרט וואָס איך האָב מיר געקענט געבן איז אז ס׳ווייסט אויס, אז אלעס איז הפקר, און לית דין ולית דיין.

אלע וואלבראָמער מיט וועלכע איך בין געווען שטייען מיר פאר די אויגן. זייערע כשרע הייליקע פנימער וועל איך קיינמאָל נישט פארגעסן. ליידער געדענק איך נישט זייערע נעמען. וועל איך מיך באמיען צו דערמאנען די וויניקע

וועלכע איך געדענק נאָך. זיי זענען אלע דערשאָסן געוואָרן אָדער אויסגעשטאָרבן פון הונגער, קעלט, ליידן און פּיין.

דריי ברידער, בערל, איסר, טוביה פולטאראק, לייב זשוריקער, געווינט ביי לייבל קאָנער אין הויז, פּייוול ראטמענש, דער זון פון ניחא די קצבטע זושי ראטמענש.

צוויי ברידער לייזער און אברהמטשע גזשעביען מיט זייער פאָטער, אהרן וויינשטיין מיט זיינע 3 זין אברהמעלע, משה׳לע און ישראל, אייזיק שמולעוויץ — א אייניקל פון ר׳ מרדכי דראך. ישראל גאָטליב, א ברודער פון יוסל מאיר דער חזן, מיין שוואָגער אברמהלע נונבערג מיט זיין פאָטער און זיין ברודער.

אין יאנואר 1943 איז דערשאָסן געוואָרן מיין ליבער פאָטער דוד בן שמעון וויינגארטן. דאמאָלס האָב איך באשלאָסן נישט לענגער אָפּצולייגן און איך בין אנטלאָפן קיין קראקא און אריינגעגנבעט זיך אין א ארבעטסלאגער פון פלאשאָוו. דאָרט איז די לאגע געווען א פיל בעסערע ווי אין פשעמישל. דאָרט האָב איך געטראָפן אייניקע וואלבראָמער, די דריי ברידער לעסמאן, נתן שמולעוויץ מיט זיין זון יחיאל, בנימין כץ, זייוויל גלעצער א זון פון טוביה גלעצער. נאָך מיין אָנקומען קיין פלאשאָוו האָב איך גלייך געשריבן קיין ראדימנא און איך האָב ערמוטיגט פיל אנדערע אז זיי זאָלן אנטלויפן, און איך האָב זיי אָנגעוויזן וועגן ווי אזוי דאָס אדורכצופירן. ווי עס איז באקאנט האָבן זיך נור איינצעלנע ארויסגעריסן פון ראדימנא און אזוי ארום זיך געראטעוועט. און דאָס זענען מענדעלע פישל (היינט אין ישראל), שלמה פוקס, די דריי ברידער אברהם, שמעון און איזאק קיווקאוויץ, זין פון וואָלף קיווקאוויץ פון קעניגסהוטע. די צוויי ברידער שמואל און נתן ביבער (זון פון מענדל ביבער) זענען דערהרגעט געוואָרן אויפן וועג. די אלע איבערגעבליבענע אין ראדימנא זענען דערהרגעט געוואָרן. כבוד פאר זייער אָנדענקן.

אייניקע חדשים שפּעטער איז אין דעם לאגער אויסגעבראָכן א טיפוס מגפה. פיל מענטשן זענען געשטאָרבן. עס האָט געהאלטן דערביי אז מען זאָל פארברענען דאָס גאנצע לאגער מיט די באראקן מיט אלע מענטשן, בכדי די מגפה זאָל זיך ניט פארשפרייטן. ווי אזוי מיר האָבן אויסגעמיטן דאָס אומגליק איז א רעטעניש ביזן היינטיקן טאָג.

צוויי וואלבראָמער בחורים האָבן באדינט די קראנקע אין דער קראנקענשטוב. זיי האָבן פיל געהאָלפן די קראנקע און געלינדערט א ביסל פון זייערע ליידן און שמערצן. דאָס זענען געווען יורעק נייפעלד (דער זון פון שמואל נייפעלד, דער קצב) און יורעק אלטער, א אייניקל פון ר׳ וועלוויל אלטער.

אין סעפּטעמבער 1943 בין איך מיט בנימין כץ און משה מייטליס (היינט אין אויסטראליע) אוועקגעשיקט געוואָרן אין א פארניכטונגסלאגער אויף דער יעראזאלימסקא גאס, און נאָך א קורצע צייט ווידער געטיילט געוואָרן. מיך האָט מען געשיקט אין א עמאיל־פאבריק הינטער קראקא. דער לייטער פון דער פאבריק, א פאָלקס־דייטש פון טשעכיע, האָט אונז זער פיל געהאָלפן, און נאָר א דאנק אים זענען מיר געבליבן לעבן, ווייל ער האָט אונז בייצייטנס עוואקואירט קיין טשעכיע אין דער שטאָט ברינייץ. ער האָט די גאנצע צייט געזאָרגט

פאר אונז און מיר האָבן כמעט נישט געהונגערט, וואָס ס'איז א זעלטענע ערשיינונג. דאריבער האָט ער טאקע פארדינט אז מיר זאָלן אים דערמאנען אלס איינעם פון מיליאָנען דייטשן וועלכע זענען געשווימען קעגן שטראָם. זיין נאָמען איז אָסקאר שינדלער.

איך וויל איך באצאָלן א אלטן חוב מיין פריינד אברהם קיווקאוויץ, יעצט אין אויסטראליע, פאר זיין הילף וואָס ער האָט מיר געגעבן ווען איך בין קראנק געווען אויף טיפוס אין לאגער, און א דאנק זיין הילף געבליבן לעבן.

איך וויל ענדיקן מיט א דאנק פאר דעם ארגון יוצאי וולברום בישראל פאר דער הייליקער איניציאטיוו וואָס זיי האָבן גענומען אויף זיך. יישר כוחכם.

---

## איבער פוילנס חרובע שטעט

געווידמעט מיינע ברידער חיים און יהושע

אָפּטמאָל הויב איך מיך ארויף הויך,
אויף די וואָלקנס פון מיין ציגארעט;
און איך שוועב מיר פארשטעלט פון רויך,
איבער פוילנס חרוב'ע שטעט.

כ'באזוך בית עלמינס, ברודער קברים,
דער איינציקער אוצר וואָס געבליבן,
נאָך פוילנס יידן, וואָס רייך און אָרם,
זיינען געוואָרן אויף אש צעריבן.

פון מצבות זוך איך שפורן,
א שטיקל פארקן כאָטש ביי דער זייט.
אקעראייזנס זיינען געפאָרן,
און אויף קברים קארטאָפּל פארזייט.

ס'האָבן שווארצע מענטשן קראען,
פארפינסטערט אלץ וואָס געהאט האָט פראכט.
הערט מען איצט דאָרט וויינטן וואיען,
אזוי קלאָגן זיי דאָרט יעדע נאכט.

שולן, שטיבלעך, געבליבן שטום,
אָפּגעווישט אלץ אָן א צייכן.
נאָך א גליק וואָס אין הימל די זון
זיי האָבן נישט געקאָנט דערגרייכן.

און איבער פוילנס נייע שטעט,
די אלטע זון דאָרט ווייטער שיינט.
און ס'שוועבט אין לופט קינדערס געבעט,
וואָס האָבן זיך פארן טויט צעוויינט.

23.10.61 — מ. לובלינג

# בלוט פלעקן

געווידמעט די קינדער פון מ׳ינע שוועסטערן און ברידער

.1

ס׳גייען קינדער אין א ריי,
מיטן שפילצייג אין די הענט.
אויפן פוכיג ווייסן שניי,
ווער האָט זיי אהער געברענגט?

געריסן פון די מוטערס הענט
קינדער קליינע פול מיט חן
זיצן זיי ביי פעלזן ווענט,
וויינענדיק זייער לעצט געוויין.

.2

בלוט פלעקן צווישן בערגער,
ס׳פייפט דער ווינט א שטורם נאכט.
ס׳האָבן דייטשע קינדער מערדער
קינדס געוויין שוין שטיל געמאכט.

ליגן זיי איצט אויפן שניי,
ווי א שווארצער פאָן, מיט רויט.
קיין געוויין מער, קיין געשריי,
ס׳האָט זיי שטיל געמאכט דער טויט.

.3

יעדע נאכט ווען ס׳בלאָזט א ווינט,
דורך די שפארעס פון מיין שטוב,
הער איך ס׳וויינען פון מיין קינד
פון זיין אָפן קבר גרוב.

כ׳וויל וויינען, נאָר כ׳האָב קיין טרער.
כ׳וויל שרייען, נאָר ס׳איז מיר שווער.
בלויז שיסן און וויינען כ׳הער.
אוי! עס רופט דאָרט מאמע ווער.

מ. לובלינג

מלך גלאזער

# אינם קאמף פארן לעבן

## א.



מלך גלאַזר

געווען איז דאָס מאָנטיק דעם 1.9.39, ווען דאָס דייטשע מיליטער האָט אריינמארשירט און פארנומען די שטאָט. גלייך איז דערשינען דער באפעל פון שטאָט־קאָמענדאנט אז אלע יידישע מענער פון 16 ביז 60 יאָר מוזן זיך צושטעלן אויפן מארק־פלאץ, און ווער עס וועט דורכן מיליטער געפונען ווערן זיך אויסבאהאלטן וועט דערשאָסן ווערן גלייך אויפן אָרט.

אין שטאָט איז אויסגעבראָכן א מהומה. מען האָט נישט געוווסט וואָס איז דער ציל פון דעם דאָזיקן באפעל. די גרעסטע טייל האָט זיך פאר מורא צוגעשטעלט אויפן מארק. די רעשט האָט זיך אויסבאהאלטן אויף די בוידעמס און אין די קעלערס. די פארזאמעלטע אויפן מארק יידן האָבן זיי אונטער א שטרענגער וואך, אָן עסן און אָן טרינקען צופוס אוועקגעפירט קיין זאוויערטשע.

אזוי האָבן זיך אָנגעהויבן די רדיפות אויף די יידן אין דער שטאָט וואלבראָם.

עס זיינען אָנגעקומען די ימים נוראים. באלד דעם ערשטן טאָג ראש־השנה האָבן די ס.א. דורכגעפירט אן אבלאווע איבער די הייזער, און ווי נאָר זיי האָבן געטראָפן יידן דאווענען (אין די שילן האָט מען זיך ניט געוואגט צונויפ־צוקומען), האָבן זיי ארויסגעפירט זיי צו קערן די גאסן.

איך בין געווען צווישן די קערער צוזאמען מיט מיינע ברידער און חברים. ווען איך האָב זיך געלאָזט גיין נאָך א שאפעלע צוזאמענצונעמען דאָס מיסט, האָט אויף מיר אן ס.א. מאן א געשריי געטון: „דו הונד, מיט די הענדע נים דאָס דרעק״. אזוי האָבן זיי אונז געפירט דעם ערשטן און צווייטן טאָג ראש השנה. אָט דער אופן פון כאפן צו דער ארבעט האָט זיך געצויגן ביז אין דער העלפט 1940 יאָר.

## ב.

אין דער צווייטער העלפט 1940 איז אריין אין קראפט דאָס געזעץ פון צוואנגס־ארבעט, פאר אלע פון 16 ביז 60 יאָר. דאמאָלס אנטשטייט די יידישע קולטוס געמיינדע (יודענראט) און אן ארבעטס־אמט. היות איך בין דאמאָלס אלט געווען 15 יאָר בין איך נאָך נישט ארונטערגעפאלן דער צוואנגס־רשימה.

מיינע עלטערע ברידער דאקעגן האָבן גלייך באקומען פון דעם יודענראט

צעטלען צוצושטעלן זיך צו דער ארבעט. ס'זיינען געווען טעג ווען זיי האָבן געאַר־בעט ביים שניי שאַרן אָדער ביים אויסלאָדען וואַגאָנען, ווען מען האָט זיי צופעליק אין גאס געכאַפּט.

איך האָב דאַמאָלס געטראַכט און זיך געטרייסט דערמיט אַז ביז מען וועט מיך אַריינציען אין אַרבעטס־איינזאַץ, וועט מען שוין זיין באַפרייט. אָבער דאָס איז געווען בלויז אַן אילוזיע. עס איז געקומען די צייט נישט נאָר אויף מיר נאָר אויך אויף מיין יינגערן ברודער.

איך בין געווען גאַנץ גלייכגילטיק צו דער זאַך, ווייל איך האָב נישט געוואָלט שאַפן קיין עגמת־נפש און שוועריקייטן מיינע עלטערן, און, ווען איך האָב באַקומען צוגעשיקט אַ צעטל צו דער אַרבעט בין איך געגאַנגען.

## ג.

די ערשטע אַרבעט מיינע איז געווען ביי אַ פּויער אונטער דער שטאָט. מען האָט געדאַרפט די אַלטע הייזער צעוואַרפן, און אויף זייער אָרט האָט געהייסן זאָל מען שטעלן נייע. דער פּויער איז געווען אַ פאָלקס־דייטש פון פּויזן, געהייסן האָט ער דעמבסקי. ער פלעגט אונטערהעצן די פּוילישע אויפזעער קעגן אונז. זיי האָבן אונז געיאָגט ביי דער אַרבעט, כדי מיר זאָלן פיזיש און גייסטיק זיך ברעכן. אָפט מאָל פלעגט דעמבסקי אַליין אונז שלאָגן, אָדער אונטערשיקן זיין זון. אַזוי האָב איך געאַרבעט ביים פּויער ביז סוף זומער 1941. עס איז געקומען דער ווינטער און די בוי אַרבעט האָט געמוזט איבערגעריסן ווערן. דאַן בין איך איבערגעשיקט געוואָרן צום שניי שאַרן אויף די שאָסייען. די דאָזיקע אַרבעט איז געווען מיט איבעררייסן, און האָט מיר דערמעגלעכט אַריבער צו שמוגלען אַ ווינטער.

## ד.

גלייך אין אָנהויב זומער 1942 האָב איך ווידער געמוזט אָנהויבן די אַרבעט ביים פּויער. נאָך אַ קורצער צייט אַרבעטן, בין איך געפעלן געוואָרן דעם פּויער און ער האָט מיך איבערגעשיקט אין זיין דאָרף אַריין צו פעלד אַרבעט.

דאָ האָבן שוין געאַרבעט 8 יידישע און צוויי קריסטלעכע מיידלעך. איין קריסטלעכער אויפזעער. און איך בין צוגעקומען. די אַרבעט דאָרט איז געווען פיל שווערער ווי די פריערדיקע, ביים בוי. זי האָט געדויערט פון 7 אינדערפרי ביז 5—6 נאָכמיטאָג. אין סעזאָן האָבן מיר געאַרבעט ביז 7—8 אָוונט. דערפאַר אָבער, איז די אַרבעט געווען אַ זויבערע, אויף דער פרישער לופט. עסן האָבן מיר באַקומען ביים פּויער. און אַ גאָר גרויסן פּלוס האָט די אַרבעט געהאַט — עס האָט געהייסן אַז מיר זענען אומבאַרירבאַר. ווען עס זענען פאָרגעקומען אַבלאַוועס אויף מענשן אַוועקצושיקן אויף אַרבעטספּלעצער, האָבן זיי מיט אונז דאָס נישט געטון, ווייל אונזער אַרבעט האָט געהייסן — איז דרינגענד.

אַזוי האָב איך רואיק געאַרבעט אין דאָרף, נישט ווויסנדיק אַפילו וואָס אין שטאָט קומט פאָר. אין שטאָט, דערווייל, האָבן זיך אָנגעהויבן אַבלאַוועס אויף אַרבעטער וועלכע מען האָט אָפּטראַנספּאָרטירט אין די אַרבעטס לאַגערן.

## ה.

מיין רואיקייט האָט אָבער לאנג נישט געדויערט. די אקציעס האָבן זיך אלץ מער פארשטארקט. די ס. ס. האָט זיך שוין נישט גערעכנט מיט די פאָרשטייער פון דער קהילה. עס האָט שוין נישט געהאָלפן קיין פראָטעקציע. ווער עס איז אונטער געקומען אונטער דער האנד. ווען מען האָט געכאפט, האָט מען ארויפ־געזעצט אויף לאסט־אויטאָס און אוועקגעפירט אין ארבעטס־לאגערן קיין קראָקע.

עטלעכע יונגע לייט זענען אנטלאָפן פון דער ארבעט און צוריקגעקערט זיך אין שטאָט־אריין. דער רוב איז פארבליבן אין די לאגערן.

מיין משפחה האָט זיך דאמאָלס אויסבעהאלטן.

## ו.

נישט לאנג, נאָך דעם ווי די אבלאוועס האָבן זיך פארענדיקט, האָט אויסגע־בראָכן א נייע מהומה. פון די ארומיקע שטעט האָבן זיך געהערט קלאנגען וועגן אויסזידלונגען. מענשן האָבן אָנגעהויבן צו מאכן בונקערס, אין די קעלערן און אויף די בוידעמער. עטלעכע פאמיליעס האָבן געזוכט א וועג ווי אזוי זיך אריבער־צושמוגלען אין „רייך" אריין. דאָרט איז נאָך געווען רואיק און מענשן האָבן זיך איינגערעדט אז די „רייך" יידן וועט גאָרנישט געשען ווייל זיי רעכנען זיך אלץ דייטשע יידן.

מיין משפחה האָט אויך געמאכט א בונקער. געווען איז ער אויף א בוידעם פול מיט פעדערן. ער איז געווען אויסגערעכנט פאר זעקס פערזאָן. האָט מען באשלאָסן אז בלויז די פרויען און קינדער, וואָס האָט פונקט געציילט די דאָזיקע צאָל, זאָלן אריין אין בונקער. די איבריקע — די מענער — זאָלן זיך צושטעלן צום „פונקט".

## ז.

ביז עס איז אָנגעקומען די פינצטערע נאכט פאר די יידן פון אונזער שטאָט. געווען איז עס אין סעפטעמבער 1942. די גאנצע שטאָט איז געווען באלויכטן, ארומגערינגלט פון מונדורירטע פוילישע בוי דינסט, א.ג. יונאקעס, פון פייער־לעשער און פוילישער פאָליציי. אלעס אונטער דער אויפזיכט פון דער דייטשער זשאנדארמעריע. העל איז געווען די שטאָט, אָבער פאר די יידן איז עס געווען ביז גאָר פינצטער.

די מענטשן האָבן געפילט און געזען מיט די אייגענע אויגן אז דאָס איז דער לעצטער טאָג פון זייער דאָ־זיין. אָבער לײדער גאָר נישט געקענט אויפטאָן. בלויז עטלעכע מענשן, וועלכע האָבן זיך באוואָרנט מיט א מקום מקלט אין א דערבייאיקן דאָרף ביי א בעקאנטן פויער, איז געלונגען זיך ארויסצורייסן און אנטלויפן.

אויך עטלעכע משפחות וועלכע האָבן צוגעגרייט בונקערס האָבן זיך אויס־באהאלטן. קיינער איז שוין די נאכט נישט געשלאָפן. אין גערויש און אין טומעל האָט מען געגנייט רוקזעק, איינגעפאקט פאר יעדן, דאָס בעסטע ביסל וועש, קליידער און עסנווארג. און ווען עס האָט נאָר אָנגעהויבן טאָגן האָבן זיך דערהערט די געשרייען פון די ס.ס.: „אלעס ראוס".

מיר האָבן ארויסגעקוקט דורכן פענסטער, האָבן מיר געזען מענער, פרויען מיט קינדער גיין מיט רוקזעק אויף די פלייצעס, אין דער ריכטונג צום מארק.

אזוי ווי מיר האָבן געהאט באשלאָסן, אז די פרויען באהאלטן זיך אויס אין בונקער און מיר מענער שטעלן זיך צו דעם „פונקט״. האָבן מיר געמאכט אלע צוגרייטונגען דערצו. אָבער דאָ האָט זיך צו אונז צוגעטשעפעט א שכן מיט זעקס נפשות. אזוי ווי עס איז אוממעגלעך געווען אריינצולאָזן מער ווי זעקס מענשן אין בונקער, האָבן מיר פארלאָזט דעם בונקער און זיך אלע צוזאמען צוגעשטעלט צום „פונקט״.

## ח.

אויפן מארק איז שוין כמעט געווען די גאנצע שטאָט. מיר זענען געווען פון די לעצטע. דער מארק איז געווען ארומגערינגלט מיט ס.ס. און דייטשע זשאנדארמעריע. מען האָט אונז איסגעשטעלט צו צען, אין רייען, און אונטער שטרענגער וואך אונז ארויפגעזעצט אויף א פלאץ נעבן דעם באנהויף. אויפן וועג האָבן זיי אונז שטארק געיאָגט. ווער עס האָט נישט געקענט נאָכיאָגן, האָט מען גלייך דערשאָסן. דערנאָך האָט מען ווידער ארומגערינגלט דעם פלאץ מיט א שטרענגער וואך, דערביי ארויסגענומען איינעם פון דער מאסע און דערשאָסן, ווארנענדיק דערביי אז אָט אזא סוף וועט האָבן יעדער וואָס וועט פרווון אנט־לויפן. זיי האָבן אונז גלייך סאָרטירט, מענער באזונדער, פרויען מיט קינדער באזונדער. אויפצומאָרגנס האָט מען גלייך, אלע מענער, פרויען, קינדער און אלטע לייט אריינגעשטופט אין לאסט־וואגאָנען און אוועקגעפירט. א טאָג שפעטער איז מען געוואָר געוואָרן (פון פוילישן מאשיניסט) אז מען האָט זיי אוועקגעפירט קיין בעלזשעץ. (ביז היינט, האָט זיך קיינער פון זיי נישט אָפּגערופן). די איבריקע האָט מען איבערגעלאָזט ליגן אויפן פלאץ אונטערן פרייען הימל אָן עסן און אָן טרינקען, און ווי אויף צו להכעיס האָט געגאָסן א שטארקער רעגן ביי טאָג און ביי נאכט. אזוי האָבן מיר געמוזט ליגן אוןווארטן, ביז עס זענען געקומען סוחרים אונז קויפן ווי שקלאפן. זענען געקומען די סוחרים, אויסגעקליבן זיך די שטארקסטע יונגעלייט, אוועקגעפירט זיי מיט לאסטאויטאָס און באנען אין די פארשידענע לאַגערן אין פוילן און אין דייטשלאנד. די, וועלכע האָבן נאָך נישט געהאט דאָס „גליק״ אוועקצופאָרן, האָט מען צוריק געפירט אין שטאָט אריין, פארשפארט זיי אין בית מדרש, און אזוי לאנג זיי דאָרט געהאלטן ביז עס האָט זיך אויף זיי „דערבארעמט״ א סוחר.

אזוי האָט זיך פארענדיקט די ערשטע אויסזידלונג פון אונזער שטעטל.

## ט.

ספעציעלע יסורים האָבן זיי פארשאפן די יידישע פרויען. דאָס איבער־טראנספאָרטירן פון די פרויען האָבן זיי אָרגאניזירט אויף א ברוטאל־מערדערישן אופן. מען האָט אָנגעשטאָפּט אין יעדן וואגאָן 120—130 פרויען מיט קינדער. די הארצרייסנדיקע געשרייען און געוויינען זענען דערגאנגען ביזן הימל. מען האָט

נישט געקענט אויסהאלטן די איצטיקע יסורים, און נאָך מער שרעק און פחד האָט מען געהאט פאר די אומבאוווסטע ליידן וואָס ווארטן זיי. צו דעם אלעם האָבן זיי אין יעדן וואגאָן אריין צוגעוואָרפן א פּאָר טויטע פון די פריערדיקע הרוגים, בכדי דעם עולם צו האלטן אין שרעק, און אזוי ארום פּסיכאָלאָגיש אים ברעכן.

דער יסורים וועג האָט נישט לאנג געדויערט. דער צוג האָט געווירט, און דערפירט זיי אהין ווי איך האָב שוין פריער דעמאנט.

## י.

אין שטאָט זענען נאָך פארבליבן עלטערע יידן, מיטן פרעזעס פון יודענראט, עטלעכע אָרדנונגס־דינסט, בכדי צו ליקווידירן די פארמעגנס. אויך א פּאָר פאכ־לייט פון יעדן פאך, שניידער, שוסטער, בעקערס, קצבים א.א. בכדי צו דערלעדיקן די אינטערעסן פון דער זשאנדארמעריע.

דערפון האָבן אויך גענאָסן די אויסבאהאלטענע יידן, פון די בונקעס און פון די ארומיקע דערפער. אויפן חשבון פון די איבערגעבליבענע יידן, האָבן זיך איינציקווייז לעגאליזירט אויך די אנטלאָפענע פון די לאגערן און באהעלטענישן, וועלכע זענען געקומען ליקווידירן זייערע פארמעגנס. אזוי, אז ביסלעכווייז האָט די שטאָט ווידער געציילט ביי א 400 יידן. האָט מען זיך מערסטנס פארנומען מיטן אויספארקויפן דאָס ביסל האָב און גוטס. מען האָט זיך גערעכנט דערמיט אז עס וועט נישט לאנג דויערן און מען וועט אלעמען ליקווידירן, דערפאר דארף מען זיך פארשאפן א ביסל געלט, כדי זיך קענען ווידער אויסבאהאלטן און אויסהאלטן די קריטישע צייט.

אונזער משפחה האָט זיך ווידער צונויפגעטראָפן — דער טאטע, און מיר זעקס ברידער. דאָס האָט דאן געהייסן א העלפט פון אונזער משפחה. מיר, די ברידער זענען אנטלאָפן פון דעם לאגער סטאלאווא־וואליא, און אהיים געפאָרן מיט געפעלשטע „פשעפוסטקעס", אז מיר פאָרן אויף אורלויב. דעם טאטן, האָט איינער פון די ברידער, וועלכער איז געווען ביי די פארטיזאנער, ארויסגעגנבט פון א לאגער נעבן קראָקע, און אים געבראכט צו זיך אין שטעטל נעבן אונז. שפּעטער האָבן די קצבים אים אויפגעפּאָדערט און אים לעגאליזירט ביי אונז אין שטאָט אלס שוחט. צוויי פון מיינע עלטערע ברידער זענען לעגאליזירט געוואָרן, צו דער ליקיווידירונגס גרופּע (פון פארמעגן) און מיר, די דריי יינגערע, זענען געווען באהאלטן די גאנצע צייט אין א צימער. מיר האָבן, אזוי ווי אלע אנדערע אלעס אויספארקויפט פון שטוב, צוגעגרייט זיך א ביסל געלט, אין פאל ווען מען וועט עס דארפן. לאנג האָט עס נישט אָנגעהאלטן. נאָך אכט וואכן האָט אויסגעבראָכן אין שטאָט א בהלה. מען האָט שוין געהערט וועגן א נייער אויסזידלונג. די איינציקע מחשבה איז געווען ווי אזוי זיך ארויסצודרייען פון דער נעץ. א טייל האָבן אָנגעהויבן ווידער טראכטן וועגן מאכן בונקערס, אנדערע וועגן אנטלויפן אין די דערפער, מיינענדיק אז מען וועט איבערהאלטן די קריטישע צייט. און נאָך דער אויסזידלונג, וועט מען זיך צוריקקערן אין שטאָט אריין.



דוד זילברבערג



חיה מנוחה, אשת דוד זילברבערג



בתו של דודל זילברבערג



זישה הוכרמן ואשתו רוזשה

קיין סך צייט איבערצוטראכטן איז נישט געווען. גלייך צומאָרגנס, האָט מען באַמערקט א פערשטאַרקונג פון ס.ס. און פּאָליציי, און ווען עס איז נאָך טונקל געוואָרן איז די שטאָט אַרומגערינגלט געוואָרן מיט פּוילישער פּאָליציי, וועלכע איז געווען קאָנטראָלירט דורך דער דייטשער זשאַנדאַרמעריע. יעדער איז גלייך צוגעטרעטן רעאַליזירן זיין פּלאַן.

מיר האָבן געהאַט אָפּגעשמועסט מיט א בעקאַנטן פּויער אַז אין פאַל פון עפּעס, וועט ער אונז אַריבערפירן די גרענעץ — קיין סאָסנאָווצע. ער האָט טאַקע געוווינט ביי דער גרענעץ פון פּראָטעקטאָראַט אין דעם רייך. איינגעפּאַקט פאַר יעדן א ביסל וועש און עפּעס עסן, האָבן מיר זיך געלאָזט דורך אונטערוועגן צום ציל. מיר זענען בשלום אַדורך די וואַך, דורך פעלדער אַרויף אויפן שאָסיי. געגעוי דעם וועג צום פּויער האָבן מיר נישט געקענט, נאָר א דאַנק דעם וואָס מיין עלטערער ברודער האָט אַמאָל געאַרבעט ניט ווייט, און ער האָט אַמאָל דעם פּויער געזען פון דער נאָענט, האָבן מיר געטראָפן גלייך צו זיין הייזל. מיר זענען אָנגעקומען, איז געווען צוויי ביי נאַכט. שטיל האָבן מיר אָנגעקלאַפּט אין פענסטער, מיט א צייכן, כדי נישט אויפמערקזאַם צו מאַכן די איבריקע שכנים. דער פּויער האָט אונז גלייך דערקענט און אַריינגעלאָזט אין זיין וווינונג. ער האָט אונז אויסגעבעטעט און מיר האָבן איבערגענעכטיקט ביי אים אין צימער. אויף צו מאָרגנס האָבן מיר געמוזט אַרויף אויפן בוידעם, דאָרט זיך איינאָרדענען, ווייל עס איז געווען ערב זייערע יום־טובים. און די שמוקלערס האָבן נישט געוואָלט אַדורכגיין די גרענעץ, וועלכע איז געווען שטאַרק באַוואַכט. מיר האָבן געמוזט איבערוואַרטן ביז איבער די חגאות. דערווייל האָבן מיר געטראַכט אַז אפשר וועט זיך אין שטאָט נאָרמאַליזירן, עס וועלן פאַרבלייבן א ביסל יידן, וועלן מיר זיך צוריקקערן אַהין. מיר האָבן געוואָלט וואַרפן גורל צווישן אונז, ווער עס זאָל ריזיקירן און גיין זען וואָס עס הערט זיך אין שטאָט. אָבער דער עלטסטער ברודער האָט נישט דערלאָזט דערצו, דערקלערנדיק אַז אויף אים אַלץ עלטסטער ליגט דער חוב צו זאָרגן פאַר אַלעם. ער האָט זיך טאַקע גלייך געלאָזט אין וועג אַריין.

דער טאָג איז ביי אונז געווען ווי יום־כיפּור. מיר האָבן גאָרנישט געגעסן, א גאַנצן טאָג געזאָגט תהילים. מיר האָבן געוווּסט אַז דער ברודער גייט היינט אַדורך א שווערע איבערלעבונג. שוין נאַכט און ער איז נאָך אַלץ נישט געווען. מיר האָבן פערשידנס געטראַכט, אויפן געדאַנק איז געקומען דאָס ערגסטע. ביז ענדלעך, אַרום 7 אָוונט, האָבן מיר דערהערט אויף די בוידעם טרעפּ, שטילע טריט. מיר האָבן געוואַרט מיט גרויס שפּאַנונג ביז מיר האָבן אים דערזען. ער האָט אונז דערציילט וועגן די געפאַרן וואָס ער איז אַדורכגעגאַנגען. קומענדיק אין שטאָט האָט זיך אים אויסגעדאַכט, ווי די גאַנצע שטאָט וואָלט געווען נאָך א שריפה. מענשן זענען געלאָפן מיט העק אין די הענט. זיי האָבן אויפגעהאַקט טירן און פענסטער, געלאָפן מיט זעק אויף די פּלייצעס. ער האָט זיך אַדורכגעשמוגלט צו דער גאַס ווי דער פרעזעס האָט געוווינט, מיינענדיק אַז אפשר איז דער פרעזעס געבליבן. פונדערווייטנס האָט ער שוין געזען, ווי מען האַקט פון

זיין וווינונג ארויס די פענסטער מיט די וויטרינעס. האָט ער גלייך פארשטאַנען דעם בראָך, אַז היינט איז פאָרגעקומען דער אמתער סוף פון אונזער שטאָט. עס האָט זיך אים געוואָלט א בליק טון אויף אונזער הויז, האָבן אים שקצים דערקענט און געוואָלט אים איבערגעבן אין די הענט פון דער פּאָליציי. עס איז אים געלונגען פון זיי זיך ארויסצודרייען, און באהאלטן זיך אין א קלאָזעט ביי אונזערס א שכן. פּלוצים איז אריינגעקומען די שכנטע. דער זעענדיק אים האָט זי זיך שטארק דערשראָקן, מיינענדיק אַז ער באהאלט זיך דאָ אויס די גאנצע צייט. ביז ער האָט איר אויפגעקלערט אַז ער איז געקומען כאָפּן בלויז א בליק, וואָס עס הערט זיך אין שטאָט.

האָט זי אים דערציילט וועגן דער צווייטער אויסזידלונג.

## יב.

ס'האָבן זיך געשטעלט 300—400 יידן. מ'האָט זיי אָפּגענארט, אַז מ'פירט זיי אויף א זאמלפּונקט אין א דערנעבנדיקן שטעטל, און אויפן וועג האָט מען זיי אלע אויסגעשאָסן. ווען מען כאַפּט אין שטאָט, שיסט מען גלייך אויפן אָרט.

די דייטשע זשאנדאַרמעריע פארקויפט די יידישע הייזער די פּאָליאַקן. דער פרעזעס מיט זיין משפחה זענען אנטלאָפן.

דערוויסנדיק זיך דאָס אלעס, האָט מיין ברודער זיך געלאָזט אין וועג אריין. ער איז ארויס פון קלאָזעט, ארומגעקוקט זיך צי מען דערקענט אים נישט, און געלאָזט זיך דורך די אונטערוועגן ארויס פון שטאָט. אין מיטן וועג האָבן אים ווידער שקצים דערקענט, האָבן זיי אָנגעהויבן אים נאָכיאָגן מיט געשרייען יודע, יודע. קוים מיט צרות איז אים געלונגען ארויסצודרייען זיך פון זייערע לאַפּעס, און באהאלטן זיך ביי א בעקאנטן קריסט — א פריזיר מיט וועמען ער האָט צוזאמען געדינט אין דער פּוילישער ארמיי. ער האָט אים גאנץ גוט אויפ־גענומען. געלאָזט אים זיך א ביסל אָפּרוען. אָבער גלייך האָבן זיך די שכנים דערוווּסט אַז ביים שכן איז דאָ א ייד, האָבן זיי צוויסן געטון דער פּאָליציי. גלייך זענען געקומען צוויי פּאָליציאנטן. דערהערנדיק א גערויש אין הויז האָט דער פריזער אים געהייסן ארויס גיין. ווען ער איז נאָר ארויס אין הויף האָבן אים די פּאָליציאנטן פארהאלטן. זיי האָבן אים אויסגעפרעגט, באזוכט פון קאָפּ ביז פיס, געמיינט אַז אפשר האָט ער עפּעס וויכטיקס ארויסגענומען פון שטוב. זיי האָבן אים געוואָלט מיטנעמען אויף דער פּאָליציי, וואָס וואָלט געהייסן פאר אים דער טויט. צום גליק, איז איינער פון די פּאָליציאנטן געווען א פריערדיקער באקאנטער. איז אים געלונגען זיך אויסצוקויפן פאר געלט.

דערפאר האָט זיין באזוך אין שטאָט ווי אויך זיין וועג צוריק אין דאָרף אריין געדויערט אזוי לאנג.

## יג.

נאָך דעם ווי מיר האָבן אויסגעהערט די שרעקלעכע שילדערונגען, האָבן מיר באשלאָסן ביי דער ערשטער געלעגנהייט אריבערצוגיין די גרענעץ אין „רייך" אריין. ערשטנס, האָבן מיר דאָרט געהאט א שוועסטער. צווייטנס, האָבן

מיר געהערט אז דאָרט איז נאָך א ביסל שטיל מיט יידן. אָבער צוליב דער גרענעץ וואך־פארשטארקונג, האָבן מיר געמוזט ווארטן ביז איבער די חגאות. דערווייל האָט ווידער עפעס פאסירט. לויט ווי מיר האָבן זיך שפעטער דערוווסט, זענען אין א דערנעבנדיקן הויז אויך געקומען יידן, און עטלעכע גויים האָבן זיי דערקענט. האָבן זיי אין מיטן נאכט געמאכט אן איבערפאל. זיי האָבן אָנגעקלאפט אין יענעם הויז און באפוילן, אז אלע מענשן זאָלן ארויסגיין. דער בעל הבית פון הויז האָט זיי פארנארט מיט אן ענטפער, אז זיי מיינען אוודאי נישט אים נאָר אנטקעגן. האָבן זיי דאָס אָנגענומען פאר א גוטע מטבע, אז יעצט ווייסן זיי שוין באשטימט ווי די יידן געפינען זיך. זיי האָבן אים אָפּגעלאָזט, און גלייך אוועק צו אונז, אָנגעקלאפט אין דער טיר. גראד די נאכט זענען מיר געשלאָפן ביים פויער אין שטוב אויף דער פּאָדלאָגע.

דער פויער, די פרוי און זייערע קינדער האָבן זיך זייער שטארק דערשראָקן. מורא האָבנדיק פאר זייער לעבן האָבן זיי אונז געצוווּנגען ארויסצוגיין. מיט שרעק און ציטער זענען מיר ארויס, מיינענדיק אז דאָס איז פּאָליציי, און באלד וועלן זיי אונז איבערגעבן אין די הענט פון דער זשאנדערמעריע. אָבער ווען מיר זענען ארויס אין דרויסן האָבן מיר דערזען בלויז איין פּאָליציאנט מיט א ביקס און דריי ציוויל געקליידעטע. (ווי מיר האָבן זיך שפעטער דערוווסט איז דער פּאָליציאנט אויך געווען אן איבערגעטוענער). זיי האָבן אונז באזוכט פון קאָפּ ביז פוס און גאָר נישט געפינען. זיי האָבן אונז ספעציעל געשראָקן אז זיי נעמען אונז מיט אויף דער פּאָליציי, כדי אזוי ארום ארויספּרעסן פון אונז געלט. זיי האָבן געפרעגט ווי מיר האָבן אונזערע קופערס וואָס מיר האָבן נעכטן מיט־געבראכט. האָבן מיר זיי פאר מורא אוועקגעגעבן 500 זלאָטעס. ביים פּאָטער ז״ל האָבן זיי צוגענומען דעם זילבערנעם טאשן זייגער וואָס ער האָט באקומען צו דער חתונה, און זענען דערמיט אוועק.

נאָך דער דאָזיקער איבערלעבונג, האָבן מיר געוואָלט צוריק אריין צום פויער אויפן בוידעם, האָט זיך אָבער די גאנצע פאמיליע אוועקגעשטעלט ווי א מויער, מיט געוויינען און געשרייען האָבן זיי אונז געבעטן אז מיר זאָלן אוועקגיין, ווייל זיי האָבן מורא אז די באנדיטן זאָלן נישט גיין מסרן, אז ביי זיי געפינען זיך יידן און מען וועט זיי אלע אויסשיסן. און איבריקנס, האָבן זיי געטענה׳ט, פאר אונז אליין איז בעסער אז מיר זאָלן אוועקגיין. אָבער וויאַהין גיין? צו וועמען גיין ?

## יד.

מיר זענען אלע געבליבן אין פארביטערונג און נישט געזען קיין אויסוועג. ביז דער פויער האָט זיך דערבארעמט, ארויסגעפירט אונז אין וואלד אריין, אויסגעזוכט דאָרט פאר אונז א שטיקל פרייען פלאץ, מיט בוימער ארום און ארום. קיין אנדערע ברירה האָבן מיר ניט געהאט, האָבן מיר זיך אוועקגעלייגט אויפן נאסן שניי אונטערן פרייען הימל, אָן עסן, אָן טרינקן. אָבער אונז האָט אלעמען באהערשט איין און איינציק געפיל, אז היינט מוז שוין קומען די איינציקע ריכ־טיקע לייזונג

טראָץ דעם זענען מיר געזעסן אין עצבות, געהאלטן אין איין זאָגן תהילים. (אזוי האָט אונז באפוילן אונזער טאטע ע״ה). אזוי זענען מיר אָפּגעזעסן אין וואלד ביז פארנאכט. פלוצים האָבן מיר דערהערט שווערע טריט אין אונזער ריכטונג. מיר האָבן זיך שטארק דערשראָקן, אויפגעשפרונגען פון די פלעצער, זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטן, ביז מיר האָבן דערזען פונדערווייטנס אונזער פויער. האָבן מיר זיך א ביסל בארואיקט. ער איז אונז געקומען אָנזאָגן א גוטע בשורה, אז היינט וועלן מיר אריבער די גרענעץ. צוליב די לעצטע געשעענישן איז ער ספּעציעל אוועק — צו די איבריקע שמוגלערס, אינטערוועניר, און געפּועלט ביי זיי, אז מען גייט היינט ביינאכט אוועק. מיר האָבן זיך גלייך משוה געווען דעם פּרייז פון א פּערזאָן. ער האָט אונז גלייך אריינגענומען צו זיך, מיר זאָלן איינפּאקן די זאכן. דער פויער אליין האָט זיין סחורה אויך איינגעפּאקט, און ווי באלד עס איז פינסטער געוואָרן זענען מיר איינציקווייז אוועג צום באשטימטן זאמל פּונקט ווו אלע שמוגלערס האָבן זיך צוזאמענגעטראָפן. דאָרט האָבן מיר געטראָפן דעם פּרעזעס פון דער שטאָט מיט זיין פאמיליע און נאָך פיל אנדערע באקאנטע. מיר זענען געווויער געוואָרן, אז יענע אָנפאלער האָבן טאקע געמיינט דעם פּרעזעס, נישט אונז. מען האָט אונז אויסגעשטעלט אין א ריי, איינער נאָכן אנדערן, און צוויי שמוגלערס זענען געגאנגען פאראויס א קוק טון ווי עס זעט אויס די גרעניץ. נאָך א פּאָר מינוט האָבן זיי געגעבן א צייכן אז מיר קאָנען גיין. מיר זענען שנעל אדורכגעלאָפן די גרעניץ — א קילאָמעטער ווייט. דאן האָבן מיר זיך א ביסל אָפּגערוט. נאָך א קורצער פּויזע זענען מיר אלע ווייטער געגאנגען, דורך וועלדער און פעלדער. קיין אמת׳ן וועג האָבן מיר קיינמאָל נישט געזען פאר די אויגן. מיר האָבן קיינמאָל נישט געוווסט ווי מיר זענען. מיר זענען אזוי אָפּגעגאנגען א גאנצע נאכט. דער וועג איז געווען א מאטערנדיקער. די מענשן האָבן פון זיך אראָפּגעוואָרפן אלעס וואָס זיי האָבן מיטגענומען. מיין ברודער האָט אויך אוועק־געוואָרפן זיין רוקזאק. קיינער האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף אים. איך האָב זיך אָבער נאָך געפילט בכוח, בין איך צוריקגעלאָפן א שטיק וועגס, ארויפגעלייגט זיין רוקזאק. אזוי זענען מיר געלאָפן ביז מיר זענען צוגעקומען צו א שייד־וועג. דאָ האָבן מיר זיך צעטיילט. א טייל זענען אוועק אין די קלענערע שטעטלעך פון אויבערשלעזיע, די אנדערע טייל מיט אונז זענען אוועק אויפן וועג קיין סאָסנאָוויצע און בענדין. מיר האָבן זיך א ביסל אָפּגערוט. מיר האָבן אָבער געמוזט זיך צוויילן בכדי צו קומען אין שטאָט אריין, ווען עס וועט נאָך זיין פינצטער. דורך וועגן און אומוועגן זענען מיר אָנגעקומען אין שטאָט. דער שטאָט־זייגער האָט געקלינגען 6. די טויער וועכטער האָבן גראד געעפנט די הויז־טירן. האלב־טויטע זענען מיר אָנגעקומען צו אונזער שוועסטער. די שמחה, געמישט מיט געוויין איז געווען אין לשער. די פרייד וואָס מיר זענען דאָ, און געוויין נאָך יענע וואָס זענען נישטאָ מיט אונז צוזאמען.

## טו.

אונזער פּראָבלעם האָט אָבער נאָך נישט געפונען קיין פולע לייזונג. מיר האָבן געמוזט זוכן אן אָרט ווו זיך אויסבאהאלטן, ווייל עס זענען דאָרט פאָרגע־

קומען שטארקע אבלאוועס אויף אונזערע מענשן, ד.ה. אויף יידן פון דאָס „גענעראל גובערנמענט".

האָבן מיר זיך געמאכט א פראָוויזאָריש באהעלטעניש אונטער א שאנק. ווען מען האָט דערהערט עמיצן א פרעמדן קלאפן אין טיר, אָדער ווען מען האָט זיך דערוווסט אז עס גרייט זיך אן אבלאווע אויף אונזערע מענשן, האָט מען זיך דאָרט באהאלטן. זייענדיק קוים צוויי חדשים אין סאָסנאָוויץ, איז ארויס א באפעל אז אלע יידן מוזן זיך איבערזידלען אין א דערנעבנדיקן דאָרף. דאָס האָט געמיינט אין געטאָ (שראדולא). דאמאָלס האָבן די סאָסנאָוויצער יידן פלוצים דערפילט אז מען מיינט זיי אויך, אז מען וועט זיי אריינגעמען אין קעסל אריין. עס האָט נ״שט געהאָלפן די אינטערוועניץ און בקשה פון דעם ה׳ מערין. ביז צום 1־טן יאנואר 1943 האָבן אלע יידן געמוזט זיין אין געטאָ.

פארשטענדלעך, האָבן מיר געזען אז מיר זאָלן זיין צוזאמען מיט אלע יידן, און דאָס איז אויך אונז געלונגען.

די שוועסטער האָט באקומען צוגעטיילט א קליין שטיבל מיט א בשות־פותדיקער קיך, פאר פיר פערזאָן. זי האָט אָבער נישט געקוקט אויף די אלע שוועריקייטן, און מיר האָבן געמוזט אלע צוזאמען זיין. (ד.ה. 10 פערזאָן אין איין צימער).

אונזער פאמיליע, די שוועסטער, דער שוואָגער, דריי קינדער, דער טאטע און צוויי ברידער. זענען מיר געוועזן באהאלטן אין א בונקער וואָס מיר האָבן צוגעגרייט. די אנדערע דריי עלטערע ברידער, האָבן אויף דעם זעלבן הויף זיך געבויט א בונקער.

נאָך זעקס וואָכן ליגן אזוי אין בונקער זענען מיר געקומען צו דער איבער־צייגונג, אז ווייטער אזוי ליגן האָט נישט קיין זין. ערשטנס לאָזט זיך אויס דער פראָוויאנט, צווייטנס דאָס געלט שעפט זיך אויס פון בלויזן ברויט קויפן. האָבן מיר באשלאָסן צו גיין צום באקאנטן דייטש — וועלכן מיר האָבן געהאט אין שטאָט — ער זאָל אונז פארבינדן מיט שמוגלערס וועלכע זאָלן אונז אריבער־שמוגלען די גרעניץ קיין אונגארן, ווו עס לעבן נאָך יידן לעגאל. און אפשר וועט אונז געלינגען פון אונגארן זיך אריבערכאפן קיין ארץ־ישראל.

האָבן מיר זיך — איך מיט מיין יינגער־ן ברודער — גלייך געלאָזט אין שטאָט אריין, צום באקאנטן דייטש, און זיך מיט אים ארומגערעדט וועגן דעם ענין.

דער דייטש האָט אונז צוגעזאָגט אלעס צו טון, אונז צו העלפן. ער האָט אונטערגעשטראָכן אז ער האָט שוין אפילו א מענש וועלכער זאָל אונז אריבערפירן די גרענעץ קיין סלאָוואקיע. ער מוז זיך נאָר מיט אים פארבינדען כדי די זאך קלאָר אדורכריידן.

מיר זענען אוועק מיט דעם ענטפער צופרידן. מיר האָבן כאָטש א שטיקל האָפנונג פאר א רעטונג.

## יז.

אזוי לאנג זענען מיר צום דייטש געגאנגען, ביז מיר האָבן איינמאָל באקומען אן ענטגילטיקן ענטפער, אז אויף א באשטימטען טאָג אונטער א באַ־

שטימטען אדרעס זאָלן מיר זיך צושטעלן אין קאַטאָוויץ, ווו עס זאָל אויף אונז ווארטן דער שמוקלער.

מיר האָבן גלייך אזוי געטון. אין דער נאכט האָבן מיר פארלאָזט דעם בונקער מיטנעמענדיק בלויז די וויכטיגסטע זאכן צום איבערטון זיך. דער בונקער איז פארמאכט געוואָרן אזוי ווי עס וואָלט דאָ קיינמאָל קיינער נישט געוועז (ער שטייט נאָך באשטימט היינט) און מיר האָבן זיך געלאָזט קיין קאַטאָוויץ. א טייל זענען געפאָרן מיט דער שטראָסן־באַן און א טייל מיטן צוג.

מיר זענען אָנגעקומען קיין קאַטאָוויץ, האָט שוין דער שמוקלער געהאט אויסגעקויפט בילעטן, מיט וועלכע מיר האָבן געזאָלט צופאָרן מיטן צוג ביז אין א דאָרף אריין נעבן דער סלאָוואקישער גרענעץ, און פון דאָרט צופוס אריבערגיין די גרעניץ.

עס איז שוין געווען שפעט ביינאכט, און מיר האָבן געמוזט גלייך גיין צום צוג. מיר זענען בשלום אדורכגעפאָרן די גאנצע נאכט. מיר זענען אָנגעקומען אין גרענעץ־דאָרף פארטאָג.

דער שמוקלער האָט אונז איינציקווייז אריינגעפירט צו זיינעם א חבר, ביי וועלכן מיר האָבן געזאָלט צוווארטן ביז פארנאכט און אריבערגיין די גרעניץ.

שווער צו באשרייבן די איבערלעבונג פון יענעם טאָג. דער טאָג האָט זיך געצויגן ווי א יאָר. די בעל־הביתטע מיט אירע טעכטער האָבן געציטערט אז אפשר האָט מען אונז געזען אריינגיין, און באלד קומט די פאָליציי און מען שיסט זיי אלעמען אויס. זיי האָבן אָנגעהויבן וויינען. קלאָגן און שרייען, אז מיר זאָלן ארויסגיין, אויב נישט וועלן זיי גיין מעלדן אין דער פּאָליציי, אז ס׳האָבן זיך צו זיי פארטאָג אריינגעשמוקלט יידן און ווילן נישט פארלאָזן.

דעם שמוקלער מיטן בעל־הבית, האָט מען די גאנצע צייט נישט געזען. מיר האָבן נישט געהאט צו וועמען צו ווענדן זיך נאָך הילף. זיי האָבן דערווייל געשיכורט און געפרייט זיך מיטן גרויסן פערדינסט.

אין צווישן צייט, איז אָנגעקומען דער שמוקלער האלב שיכור. מיר האָבן אים געמאכט פאָרווורפן, וואָס פארא צימער ער האָט אונז געפונען, און מיר האָבן אים אלעס דערציילט. ער איז גלייך אריינגעגאנגען צום חבר זיינעם, זיי האָבן ארויסגעשיקט די פרוי מיט די טעכטער פון שטוב, און דאָס פייער האָט זיך א ביסל אָפּגעשטעלט.

עס האָט אָנגעהויבן טונקל צו ווערן, און מיר האָבן זיך גענומען גרייטן אין וועג אריין. און דאָ האָט זיך ווידער אָנגעהויבן א סכסוך. דער שמוקלער האָט געוואָלט צופירן אונז נאָר ביז צום וואלד, און דאָרט אונז ווייזן דעם וועג אליין אריבערצוגיין. האָבן מיר פארשטענדלעך נישט מסכים געווען. מיר האָבן אזוי לאנג מיט אים אריינגעארבעט ביז ער איז איינגעגאנגען מיטצוגיין ביזן סוף. מיר האָבן אים אָנגענומען ביי די הענט, און ארויס אין וואלד. א גאנצע נאכט האָט ער אונז ארומגעפירט, און א סימן פון א גרעניץ האָט מען נישט געזען.

מיר האָבן אָנגעטראָפן א הייזל, אין מיטן וואלד. דאָס איז געווען דער וואלד־היטער. איז אונזער באגלייטער אריינגעגאנגען זיך נאָכפרעגן גענוי דעם



משה ווייסבראָט



אלימלך וויינשטיין



ישראל וגניה דפנר



משפחת אלעזר הקמן
לאָזער האַקמאַן און זיין פאַמיליע

וועג. אָבער עס האָט געדויערט א שטיק צייט און מען זעט אים נישט צוריק. אונזער געדולד האָט געפלאצט, און איינער פון אונז איז אויך אריין זען וואָס ער טוט דאָרט. עס האָט אָבער ווידער געדויערט און מען זעט זייביידע נישט צוריק. איז ווידער אריינגעגאנגען אונזער עלטסטער ברודער, און גלייך מיט זיי ארויסגעגאנגען. ער האָט דערציילט די סיבה פון זייער פארהאלטן זיך. עס איז

געווען אן אָנגעשטעלטע מעשה. דער „לעשניטשע״ האָט ספּעציעל אויפגעהאלטן דעם שמוקלער, כדי איינער פון אונז זאָל מוזן אריינקומען, ווען ער אים פאר־האלטן ביז ער וועט זיך נישט אויסקויפן. ער זאָל אויך געניסן פון די יידן.

האָבן מיר קיין ברירה נישט געהאט, און אים אוועקגעגעבן א גאָלדענעם דאמען־זייגער אלץ אויסקויף געלט. אָבער דעם וועג האָט ער אונז נישט געוויזן.

מיר זענען געווען זער נידערגעשלאָגן ביי זיך ווייל מיר האָבן דערפילט אז מיר האָבן זיך אריינגעלאָזט אין אן אפערע, און מיר קענען זיך נישט קיין עצה געבן. מיר האָבן אָנגעהויבן ווייטער צו גיין מיטן פעסטן ווילן אז מיר מוזן דערגיין צום ציל.

זענען מיר געגאנגען וואלד איין וואלד אויס ביז עס איז טאָג געוואָרן. ביים ענדע וואלד האָבן מיר דערזען עטלעכע איינצעלנע הייזקעס.

ווען מיר האָבן זיך צו זיי דערנענטערט האָבן די הינט אָנגעהויבן בילן, און די מענשן האָבן זיך אויפגעכאפּט פון שלאָף. אין דערפל איז געוואָרן א טומעל, זיי האָבן גלייך פארשטאנען אז עס דערנענטערן זיך מענשן צו דער גרענעץ.

מיר זענען צוגעגאנגען צו די הייזלעך, און אונזער שמוקלער איז ארײַנ־געגאנגען אין א הייזל זיך פרעגן וועלכער איז דער בעסטער וועג אריבערצוגיין די גרעניץ. (ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוווסט זענען די הייזלעך געווען די פריי־וואטע דירות פון די גרענעץ וועכטער). אונזער באגלייטער איז גלייך ארויסגעקומען מיט נאָך א יונגע פרוי, און אונז נאָר מיט דער האנט געוויזן אז מיר זאָלן גיין לינקס, אין וואלד אריין. ער אליין האָט זיך געגעבן א דריי ארונטער אונטער די הייזקעס און פארשווונדן. די יונגע דאמע ווידער, האָט זיך מיט זער שנעלע טריט א לאָז געטון רעכטס.

מיר האָבן איר אויפמערקזאם נאָכגעקוקט, און מיר האָבן באמערקט אין יענער ריכטונג א מיליטערישן באראק. מיר האָבן גלייך פארשטאנען אז זי לויפט אונז מסרן. האָבן מיר גלייך אָנגענומען דעם באשלוס צו אנטלויפן.

מיר זענען אדורכגעלאָפן דעם ערשטן גרענעץ פּאס. מיר זענען אריין אין א געבירקיקן וואלד, און די אנדערע זייט בערג איז שוין געווען סלאָוואקיע.

מיר זענען געלאָפן זער שנעל, אָבער די שנייען זענען געווען צו גרויס.

אזוי טאַפּטשענדיג אין די שנייען, וועלענדיק זיך צוכאפּן צום עק וואלד, האָבן מיר דערהערט די געשרייען „האלט, שטיין בלייבן״. מיר האָב דעם באפעל נישט אויסגעהערט און זיך געלאָזט איינציקווייז אויף אלע פיר פון בארג אראָפּ. ליידער זענען אָבער די גרענעץ וואכלייט געפאָרן אויף שליטן, און זענען שנעלער געקומען פון אונז, און אונז פארשטעלט דעם וועג. ווען מיר האָבן זיך אויפגע־שטעלט האָבן מיר געזען אז דאָס גאנצע וואלד איז ארומגערינגלט מיט גרענעץ וואכלייט. זיי האָבן גלייך די ערשטע דריי מאן פארהאלטן ביים עק וואלד. די איבריקע האָבן זיך באהאלטן אין שניי, מיינענדיק אז זיי וועלן זיך באגעניגן מיט די וואָס זיי האָבן געכאפּט, וועלן זיי שפּעטער קענען אריבערלויפן די גרענעץ.

אָבער די וואכלייט האָבן לויט דער מסירה געוווסט אז עס מוזן זיין אכט מאַן, האָבן זיי אונז געצווונגען מיט באדראָאונגען צו שיסן, אז מיר זאָלן אויסזוכן די איבעריקע און זיי אהערברענגען. מיר האָבן נישט געהאט קיין עצה, האָבן מיר אויף אונזער לשון גערופן און געבעטן די איבעריקע ברידער זיי זאָלן זיך צושטעלן, ווייל עס האנדלט זיך אין אונזער לעבן.

האָבן זיי אונז געהאַרכט און זיך צוגעשטעלט.

בלויז איין מיידל וועלכע איז געגאנגען די ערשטע אין דער ריי, איז געלונגען זיך אריבערצוכאפן אויף דער אנדערער זייט גרענעץ.

---

אונז האָט מען ארייַנגעפירט אין דער וואכע, באזוכט פון קאָפּ ביז פוס און אלץ אוועקגענומען. מיט יעדן פון אונז האָבן זיי געמאכט א פּראָטאָקאָל, און אונז אוועקגעפירט מיטן צוג קיין טשעשין אין תפיסה אריין. דאָרט זענען מיר געזעסן צוויי וואָכן ביז מען האָט אונז פאראורטיילט צו פאָרן קיין אוישוויץ.

קיין אוישוויץ זענען מיר געבראכט געוואָרן אין א פארמאכטן לאַסט אויטא צוזאמען מיט מענשן פון אנדערע נאציאָנאליטעטן.ביים הויפּט־טויער האָט מען אונז סאָרטירט לויט נאציאָנאליטעט. יעדע גרופּע זיך געשיקט באָדן און צוגעטיילט אויף א בלאָק.

דער בלאָק האָט געהייסן קווארנטאנע בל. 2. דאָ האָט זיך אָנגעהויבן די אמתע צעשפּליטערונג פון אונזער משפחה.

מיך האָט מען דעם ערשטן צוגעטיילט צו אן אנדערן לאַגער (גלייוויץ). נאָך צוויי ברידער ערגעץ אונטער קאַלאוויץ, איינעם קיין בירקענאו, און דעם קלענסטן קיין סאקסענהאוזען. בלויז דער פאָטער איז געבליבן אין אוישוויץ.

מיר האָבן זיך צוזאמענגעטראָפן נאָכן קריג. יעדער פון אונז איז באפרייט געוואָרן פון אן אנדערן לאַגער.

איך מיטן פאָטער האָבן זיך געטראָפן אין בוכענוואלד, און מיר זענען צוזאמען באפרייט געוואָרן. דער עלטערער פון מיר אין בערגען בעלזען און דער יינגערער אין דאכאו. די איבעריקע צוויי עלטערע ברידער זענען אומגעקומען.

---

ווען מיר די איבערגעבליבענע פון דער גאנצער משפחה, דער פאָטער און דריי ברידער האָבן זיך נאָך דער באפרייאונג צוזאמענגעטראָפן אין איטאליע, האָט יעדער דערציילט זיינע איבערלעבונגען פון דער לאַגער צייט.

אונזער פאָטער דערציילט: נאָך אונזער אוועקפאָרן האָט מען אים צוגעטיילט צו אן אויסענקאָמאנדאָ אונטער א יידישן קאפּאָ. עס איז ווערט זיין נאָמען צו דערמאנען, פאר זיין גוטס טון מיין פאָטער ז״ל. לעצטנס איז ער געווען דער איינציקער יידישער קאפּאָ אין אוישוויץ. מען האָט אים גערופן דער דיקער יעקוב.

ער האָט אים ערלויבט אין אלע ארבעטס־שעהן אוועקגיין, תפילין־לייגן, דאווענען און תהילים זאָגן. דאָס איז געווען די טעגלעכע ארבעט פון מיין פאָטער ז״ל.

מיין פאָטער ז״ל האָט אויך דערציילט אז צוויי מאָל האָט מען אים ביי די סעלעקציעס ארויסגענומען צום פארגאזן, נאָר גוטע פריינט האָבן איבערגעקויפט די פירער מיט שנאפס און ציגארעטן, און אים אין די לעצטע מינוטן ארויס־גענומען.

פון עלטסטן ברודער האָט מען געהערט, אז מען האָט אים געזען אויפן וועג ביי דער עוואקואציע, אָבער ביז היינט האָט ער זיך נישט אָפגערופן. פון די צוויי אנדערע ברידער האָבן מיר געהאט גרוסן נאָך דער מלחמה.

איינער איז אומגעקומען אלס פארטיזאנער, דער צווייטער ביי אן אבלאווע אין קראקע.

פון פערטן, דערציילט דער עלטערער ברודער, אז ער איז געווען צוזאמען מיט אים אין לאגער, און ווען ער איז קראנק געוואָרן האָט מען אים אוועקגע־פירט קיין אוישוויץ.

אזוי זענען מיר דריי איבערגעבליבן פון א יידישער משפחה וועלכע האָט געציילט דרייצן פערזאָן. פארבליבן זיינען דער זיבעטער, אכטער און נייינטער.

איך און מיין עלטערער און דער יינגערער ברודער זענען מיט דער עליה ב׳ געקומען קיין ארץ־ישראל פון איטאליע.

אונזער פאָטער האָט ליידער נישט זוכה געווען צו קומען קיין ישראל. זייענדיק אלע צוזאמען אין איטאליע האָט מיין פאָטער, וועלנדיק זיך טובל זיין לכבוד שבת, געבאָדן אין ים און דערטרינקען געוואָרן. געקומען צו קבורה אין איטאליע.

נאָך עטליכע יאָר האָבן מיר אים געבראכט פון איטאליע צו קבר ישראל אין בני ברק.

---

שלמה פאלעשניצקי

## פון וואלבראם ביז צום קראקעווער געטא

נאָך דער צווייטער אויסזידלונג אין וואלבראָם, וועלכע איז פאָרגעקומען דעם 10־טן נאָוועמבער, איז די שטאָט וואלבראָם פארבליבן „ריין" פון יידן.

אייניקע צענדליקער יידן וועלכע האָבן גיט געוואָלט זיך איבערגעבן אין די הענד פון די רוצחים, האָבן זיך אויסבאהאלטן אין בונקערס אָדער ביי באַ־קאנטע קריסטן, א געוויסער טייל אין די נאָנטע דערפער ביי פויערים.

מ׳האָט געוואָלט אָפּווארטן נאָך א ביסל צייט און זוכן א פלאַץ ווי מ׳וועט קענען לעבן נאָך אייניקע חדשים.

אָבער די דייטשן האָבן געזוכט באהאלטענע יידן טאָג און נאכט און די פּאָליאקן האָבן געמסר׳ט. יעדן טאָג פלעגט מען שיסן יידן אינמיטן גאס. אויך זענען געווען פאלן אז מ׳האָט צופעליק אויסגעפונען יידן און זיי דערשאָסן.

איין אומגליקליכער פאל איז ווערט דאָ צו באשרייבן. א ייד וועמענס



מאיר שמעון רובינסקי



שלום [redacted] (בן ר' [redacted])



משה שמואל רעטמן ונכדו ישראל רעטמן



משפחת שרייבער

נאָמען איך געדענק ניט, האָט זיך באהאלטן אין זיין הויז אויפן בוידעם (ער האָט געוווינט אין שכנות פון לעסמאנען) און א קריסט א שכן, האָט אים באזאָרגט מיט עסן. דער גורל האָט געוואָלט, אז ער האָט אים געברענגט א ווארעם ברויט און אזוי ווי דער ייד איז באשטימט געווען הונגעריק, האָט ער דאָס ברויט איינגעבראָכן אין צווייען און ארויסגעשטעלט צום אָפּקילן. דאן זענען צופעליק פארבייגעגאנגען דייטשן און זעענדיק די פארע פון דעם ווארימען ברויט, האָט דאָס אויסגעזען ביי זיי פארדעכטיג און נאָכגייענדיק די שפּורן, האָבן זיי ליידער געפונען דעם באהאלטענעם ייד און אים דערשאָסן.

זעענדיק אז עס זענען נישטאָ קיין האָפענונגען צו פארבלייבן מער אין וואלבראָם, האָבן אלע אויסבאהאלטענע באשלאָסן צו שמוגלען די גרעניץ קיין בענדין־סאָסנאָוויץ. ליידער איז ניט אלעמען געלונגען דאָרט אָנצוקומען און א גרויסער טייל איז דערשאָסן געוואָרן אויף די וועגן.

איך אליין, האָב זיך אויסבאהאלטן אין א וואלד נעבן דער גומי־פאבריק אין וואלבראָם, און אז איך בין שטארק הונגעריק געוואָרן האָב איך ביינאכט זיך אריינגעגנבעט אין דעם נאָנטן דאָרף קאמיעננא־גורא אָדער פארעמבא און צוגעגנבעט א ביסל עסן פון א פויערס הויף אָדער פון דער סטאדאלע. איך האָב זיך ניט געטרויט אריינגיין אין א שטוב בעטן עסן, אז מען זאָל מיך ניט פירן גלייך צו דער דייטשער זשאנדארמעריע, ווי עס האָט פאסירט מיט אנדערע יידן.

עס איז שוין געווען שפּעט אין נאָוועמבער, און איך בין שוין געוואָרן כמעט פארפרוירן פון קעלט און פייכטקייט, האָב איך באשלאָסן, אז אזוי ווי איך האָב שוין מער נישט וואָס צו פארלירן, זיך אריינגנבענען צו א פויער אין א קעלער בכדי דאָרט איבער צו נעכטיקן. ביינאכט האָב איך מיך איבערגעוועקט הערנדיק אַ גערויש, און באלד האָט זיך א טיר געעפנט און דריי געשטאלטן זענען שטילערהייט אריין אין קעלער. איך האָב זיך שטארק דערשראָקן. איך בין געווען זיכער אז מען האָט מיך אויסגעפונען און מען וועט מיך מן הסתם גלייך דערשיסן. צו דער צייט בין איך אלט געווען 14 יאָר. די אריינקומענדיקע האָבן אָנגעצונדן א שוועבעלע און ווי ערשטוינט בין איך געוואָרן ווען איך האָב זיי געהערט רעדן יידיש. מיין הארץ קלאפּט ווי מיט האמערס און איך דערנענטער מיך צו די געשטאלטן וועלכע ווייזן זיך ארויס צו זיין דריי וואלבראָמער יוגנט־ליכע, און דאָס זענען געווען: זיינביל גלעצער א זון פון טוביה גלעצער פון דער קראקעווער גאס, יהיאל שמולעוויטש מיט זיין יינגערן ברודער, אייניקלעך פון דעם בארימטן למדן אוזימיק.

פארשטייט זיך אז א גאנצע נאכט זענען מיר ניט מער געשלאָפן, און פון דעם וואָס איך האָב פון זיי געהערט האָט זיך אויסגעמאָלן א שווארץ בילד. און עס איז קלאָר געוואָרן, אז מיר האָבן מער קיין פלאץ ניט אין די דערפער און מיר מוזן זיך אריינרייסן אין א געטאָ אָדער אן ארבעטס־לאגער, ווייל דאָ איז ממילא א זיכערער טויט. דעריבער האָבן מיר באשלאָסן צו שטארבן צוזאמען מיט אנדערע יידן. אונזער ציל איז געווען — קראקע. נאָר מיר האָבן דעצידירט אז עס איז זיכערער, מיר זאָלן גיין איינצלווייז. איך בין געבליבן אין דעם קעלער

א גאַנצן טאָג, אביסל זיך אויסגעשלאָפן און ארויס ביינאַכט אויפן וועג קיין קראָקע. אדורכגייענדיק דאָס דאָרף ביינאַכט האָט מיר פּאַסירט א נס וועלכעס איז מיר נאָך היינט צו טאָג אומקלאר און אומגלויבליך, אז אזא נס קען פּאַסירן. א קריסטין א מלאך (געהייסן אניעלא לאגאניעווסקא) האָט מיך אָנגעכאַפּט און אריינגענומען צו זיך אין שטוב. אירע ערשטע ווערטער זענען געווען: דו האָסט מזל וואָס מיין מאַן איז היינט נישטאָ אין שטוב, ווען ניט וואָלט איך דיך ניט געקענט אריינגעמען. ער וואָלט ניט ערלויבט. דאַן האָט זי מיר דערציילט, אז אינם דאָרף ווייסט מען שוין, דאָס איך געפין זיך ארום דעם דאָרף און די גוים מאַכן שוין חשבונות וויפיל צוקער און וואָדקא מען וועט קריגן פאר מיין קאָפּ. זי האָט מיך געוואָרנט אז איך מוז גלייך זיך אָפּטראָגן פון דעם אָרט. נאָכדעם האָט זי מיר געמאכט עסן, אזוי אז דאָס ערשטע מאָל זייט וואָכן האָב איך זיך זאט אָנגעגעסן. זי האָט מיר ערלויבט צו נעכטיקן און אינדערפרי האָט זי מיר מיטגעגעבן עסן אויפן וועג און אויך אַן אדרעס צו אירס א פריינדין וועלכע זאָל מיך אריינשמוגלען אין קראקעווער געטאָ. איך הויב אָן צו גיין אין דער ריכטונג פון קראָקע, און גלייך קומען מיר אנטקעגן א פויער מיט פּוילישע פּאָליציי. מיינע פיס ציטערן. דאָס הארץ קלאפּט, צו אנטלויפן איז שוין שפּעט און אריינפאלן אין זייערע הענט איז א זיכערער טויט. טו איך זיך אָן מיט מוט און ווענד זיך דירעקט צו זיי: פאָרט איר ניט צופעליק קיין קראָקע? אויב יאָ, ביטע נעמט מיך מיט. מיין ווענדונג צו זיי האָט זיי אוועק גענומען יעדן פארדאכט דאָס איך בין א ייד. זיי האָבן מיך אויפגענומען...

נאָך צוויי טעג וואנדערן בין איך אָנגעקומען קיין קראָקע. איך בין אוועק אויף די אדרעס וואָס די קריסטין האָט מיר געגעבן. קוים אויסגעפונען, ווייל דאָס הויז איז אינצווישנצייט באָמבארדירט געוואָרן און זיי האָבן יעצט געוווינט אין א צווייטער גאַס. דאָ האָט מען מיך באהאלטן אין א שאַנק א גאַנצן טאָג, מען האָט מיר געגעבן עסן און מיך בארואיקט.

פארנאכט איז מיך געקומען באזוכן בוביק בוכבינדער (א זון פון מרים און הערמאַן בוכבינדער) וועלכער האָט געלעבט אין קראָקע אויף ארישע פּאַפּירן און געווען אין קאָנטאקט מיט די קריסטין ביי וועלכע איך האָב געוווינט. נאָך א קורצער בעראַטונג איז באשלאָסן געוואָרן, אז ס׳איז ניטאָ קיין וועג פאר מיר נאָר אריינצוקריגן זיך אין געטאָ. גליקליכערווייזע האָב איך גלייך געטראָפן אין געטאָ א וואלבראָמער פרוי די טאָכטער פון מענדל פינקעוויטש, א שנור פון אנשל מלמד, און זי האָט מיך אריינגענומען צו זיך, ווי איך האָב באגעגנט נאָך וואלבראָמער פון די משפּחה זילבערמינץ, די קאצאפּעס. צוויי חדשים שפּעטער, בין איך שוין געווען אין דעם לאגער יערוזאלימסקא, און דאָרט האָב איך סאָרטירט קליידער פון דערהרגעטע יידן. אין געטאָ, האָבן איך געפונען אין די קליידער דאָקומענטן פון די פרוי געליבטער פינקעוויטש.

ווען איך בין אריינגעקומען אין טראגיש בארימטן לאגער אוישוויץ, האָט זיך הערשעלע קאנער (א זון פון לייבל קאנער), א קינד פון 15 יאָר, זיך איינגעשטעלט דאָס לעבן און מיר געברענגט עסן, א פאַקט וואָס איך וועל מיין

גאנץ לעבן ניט פארגעסן. ביז היינט, ווייס איך ניט ווי אזוי מיר האָבן געהאט כוחות איבערצולעבן אונזערע פיין אוןליידן. מיר האָבן אָבער געטרוימט, אז נאָך די קריג וועט זיי א וועלט א שענערע און א בעסערע. א וועלט אין וועלכער עס וועט זיין א פלאץ אויך פאר יידן. און אפשר די האָפנונג האָט אונז געגעבן דעם מוט און כח אויסצוהאלטן די צרות.

ווען איך בין באפרייט געוואָרן דעם 3.5.45, האָב איך געוויגן 32 קילאָ!!!

---

האחים חיים יצחק ויהודה ביבער

## וואלבראמער יידן אין דעם טויטן־לאגער סטאלאווא־וואלא

באלד אין אָנהויב פון דער דייטשער אָקופּאציע אין יאָר 1939 האָבן די נאצישע באנדיטן פארשקלאפט דאָס פוילישע יידנטום. יידן האָבן געמוזט אויס־פירן די שווערסטע און שמוציקסטע ארבעטן. די ארבעטן וואָס מען האָט גע־צוווּנגען די יידן צו מאכן — זענען ניט שטענדיק געווען נויטיק. גאנץ אָפט, איז דער ציל פון אָט די ארבעטן געווען צו דערנידריקן און דערדריקן דעם קערפּער און דעם גייסט פונם יידנטום. ס׳פארשטייט זיך אז וואלבראָמער יידן זענען ניט געווען קיין אויסנאם און אויך געטיילט דעם ביטערן גורל.

נאָכן אויסברוך פונם דייטש־רוסישן קריג אין 1941 האָט די לאגע זיך פיל פארערגערט. מיטאמאָל האָט זיך אָנגעהויבן א שארפע און קריטישע ווענדונג אויף ערגער. אויב ביז דאן האָבן זיך די מערדער באגנוגנט מיט פארשקלאפן און אויסהונגערן די יידן, האָט מען יעצט אָנגעהויבן לאנגזאם פארניכטן. בלוט, יידיש



חיים יצחק ויהודה ביבער



אשתו של מנדל ביבר
מענדל ביבערס פרוי



אברהמלה ביבער

בלוט האָט זיך אָנגעהויבן גיסן ווי וואסער אינמיטן העלן טאָג. קיין וואלבראָם קומט אָן א ס.ס. אָפיציר באומגארטן — זיין אויפגאבע איז א קלאָרע און א דייטליכע און זי הייסט: פארניכטן דאָס וואלבראָמער יידנטום. באומגארטן ווארט ניט לאנג, ער פילט אויס געטריי זיין „אויפגאבע". ער שיסט יידן אינמיטן גאס, אנדערע — ארעסטירט ער. נאָכן אויספייניקן די קרבנות מיט סאדיסטישע נאצישע מעטאָדן — שיסט ער. און טעלעפאָנירט צום יודן־ראט, דאָס זיי זענען דערשאָסן געוואָרן פארן פרווו צו אנטלויפן, און באפעלט מען זאָל די הרוגים קובר זיין. די יוגנט ווערט לאנגזאם ארויסגעשיקט אין די קאָנצענטראציאָנס־לאגערן. די איבערגעבליבענע און עלטערע ווערן באשעפטיקט מיט אלערליי שווערע דערנידריקנדיקע ארבעט, ווי באַן־גלייזן און שאָסייען, פוצן די וואלבראָ־מער גאסן.

אָבער די הויפט־טראגעדיע קומט פאָר דעם 6־טן סעפטעמבער 1942. די יידישע קהילה אין וואלבראָם ווערט „פארמשפט" צו די טראגישסטע פארניכטונג פון אלע צייטן און דורות. טויזנטער פרויען, קינדער און עלטערע ווערן פאר־שיקט אין די גאז־קאמערן פון בעלזשעץ. די אנדערע ווערן פארשיקט אין פארשידענע צוואנגס־ארבעטס־לאגערן. נאָר געציילטע געלינגט עס זיך צו ראטע־ווען. אונזערע עלטערן האָבן זיך אויסבאהאלטן אין א בונקער, צוזאמען מיט זיי אונזער שכן שמואל בעקער מיט זיין פרוי, אונזער מחותנסטע עלקע קאָרנפעלד (די פרוי פון יאָסל קאָרנפעלד) און אונזער פאָטערס שוועסטער פרימעט ראָזן. אָבער באלד איז דער בונקער געמסרט געוואָרן און די אלע 8 נפשות זענען דער־שאָסן געוואָרן.

אייניקע טעג שפעטער, זענען מיר אוועקגעשיקט געוואָרן צוזאַמען מיט הונדערטער אנדערע וואלבראָמער יידן אין דעם לאגער פון ראַזוואַדאָוו. דאָס איז געווען ערב ראש־השנה תש״ב. די מיינסטע זענען ליידער נישט מער צוריקגע־קומען. אלע זענען אויסגעגאנגען פון שווערע ארבעט, הונגער, פיין, ליידן און קראַנקהייטן, און ווער עס האָט צופעליק דאָס איבערגעטראָגן — האָט אים די קויל פארענדיקט. נאָר איינצעלנע זענען ארויס מיטן לעבן.

דעם ערשטן טאָג ראש־השנה זענען מיר אָנגעקומען קיין ראַזוואַדאָוו. 1200 יידן, 120 אין איין וואַגאָן, אָן עסן און אָן וואַסער. געלעבט האָבן מיר אין א סטאַדאָלע, געשלאָפן אויף דער ערד, ניט אויסגעטאָן די קליידער. אָבער מען האָט אונז נישט געלאָזט אפילו שלאָפן. די אוקראַינישע וועכטער האָבן אונז געוועקט די גאַנצע צייט און בעסטיאַליש אונז געפייניקט און דערנידריקט. אין ווינקל פון דער סטאַדאָלע איז געווען אָפּגעזונדערט א ווינקל פאַר מענשליכן געברויך. דאָרט אהין פלעגט מען אהיינרופן יידן און זיי באַפעלן צו עסן מענטשליך אָפּפאַל, און די אוקראַינער מיט די דייטשן קוקן זיך צו און לאַכן צופרידענע. די פאַבריק




הגירוש מכיכר השוק

איז געווען 5 קילאָמעטער ווייט פונם לאגער, און מיר האָבן געמוזט לויפן דעם גאנצן וועג, און די אוקראַינער האָבן אונז געשלאָגן אָן אן אויפהער. דער וועג איז געווען זאמדיק — די יסורים פון די מענשן איז ניט צו באשרייבן. דאן האָבן מיר געמוזט ארבעטן א גאנצן טאָג ביי די שווערסטע ארבעטן אונטער די בייטש און אונטער די קויל, ווייל, ווער עס האָט נישט געקענט נאָכיאָגן און מיטהאלטן דעם טעמפּאָ — איז גלייך דערשאָסן געוואָרן. דאָס איז געווען א אייזן־גוס פאבריק. מיר האָבן געדארפט באדינען קעסלען ווי מען האָט געקאָכט שטאָל און אייזן. די היץ איז געווען אונערטרעגליך. קיין עסן האָט מען ניט געגעבן. אזוי ארום זענען די יידן געפאלן ווי פליגן. אונזער יינגערער ברודער יעקב־מאיר האָט זיך נאָך 6 וואָכן צוזאמענגעבראָכן און אָפּגעשטאנען ביי דער ארבעט. איין באשטימטן טאָג, ווען ער האָט שוין מער ניט געקענט ארבעטן האָט מען אים אזוי צושלאָגן, אז מיר — ברידער — האָבן אים געמוזט דעם גאנצן וועג צוריק פון דער ארבעט טראָגן אויף דער פּלייצע, און דערביי האָבן מיר געמוזט לויפן — ווען נישט האָבן די אוקראַינישע וועכטער געדראָט אז זיי וועלן אים דערשיסן אויפן וועג.

מיר האָבן צוזאמענגענומען אונזערע לעצטע כוחות און געלאָפן אין איין אָטעם. מיר האָבן געוואָלט האָפן אפשר דאָך וועלן מיר אים אָפּראטעווען. אויס־געשעפּט און צעבראָכן זענען מיר אָנגעקומען אין לאגער. דריי טעג שפּעטער איז יעקב מאיר געשטאָרבן הונגעריק און צעביסן פון פליי, לייז און ווונדן. דעמזעלבן טאָג זענען געשטאָרבן און דערשאָסן געוואָרן 102 וואלבראָמער יידן.

10 יידן, דארונטער מיר די ברידער ביבער, האָבן געמוזט קובר זיין די הרוגים. מיר האָבן אויסגעגראָבן א קבר פון 8 מעטער לאנג, 4 מעטער טיף און 4 מעטער ברייט. א טייל האָבן דערלאנגט די מתים און א טייל האָבן זיי איינגע־סדרט אין קבר. יעצט, זאָגט אונזער ברודער אברהמלע ז״ל — גיב איך אייך אונזער יעקב מאירן. א טייל פון די מענשן זענען נאָך געווען האלב לעבעדיק, און די ס.ס. מענער האָבן אונז געהיט מיט מאשין־געווער, דאמיט אז אלץ זאָל אריינקומען אין גרוב. איך געדענק נאָך אונזער שכן אברהמ׳ל וויינשטיין וועלכער האָט ביז די לעצטע מינוט געדאוונט און געזאָגט „שמע־ישראל״, און געקלאפּט זיך אין הארץ אריין. ער האָט געקוקט אויף מיר און איך אויף אים האָפנונגסלאָז. מיר זענען געווען מאכטלאָז צו העלפן איינער דעם אנדערן. ביים אריינלייגן די מענשן, האָבן די דייטשן דערשאָסן די נאָך לעבנדיקע, דארונטער אויך אברהמל וויינשטיין. דאָס בלוט האָט געשפּראָצט, אז מיר זענען נאַס געוואָרן פון בלוט. די ערד האָט זיך נאָך געהויבן פון די אָטעמס פון די פרישע הרוגים.

אלע וואלבראָמער זענען אומגעקומען ווי העלדן, ניט געבעטן קיין רחמנות. געשטאָרבן מיט שטאָלץ ווי גבורים און קדושים, ווייל אפילו אין די טראגישסטע מאָמענטן וואָלטן זיי קיינמאָל ניט פארציכטעט אויף זייער יידישקייט ווען אפילו זיי וואָלטן דאדורך געקענט ראטעווען זייער לעבן.

נאָכדעם ווי דאָס גרוב איז געווען פערטיק, האָט מען געברענגט די הרוגים. פיל האָבן נאָך געלעבט. די דייטשן האָבן אונז באפוילן צו שטיין אין איין רייע. דאן האָבן זיי באפוילן דעם ערשטן אין די רייע אז ער זאָל אריין אין גרוב און

איבערנעמען פון אונז די הרוגים, וועלכע מיר האָבן אים געדאַרפט דערלאַנגען פונעם וואָגן. דער ייד האָט דעם באַפעל נישט פאַרשטאַנען און געבליבן שטיין אויפן פלאַץ. אַזוי אַרום איז ער באַלד דערשאָסן געוואָרן — ער האָט געהייסן מאָטל גראָספעלד, דער ביר הענדלער. דער צווייטער אין דער רייע בין איך געווען (חיים איצי) און דאָס מאָל האָט מען מיר באַפוילן צו שפּרינגען. בין איך באַלד געשפּרונגען אין גרוב אַריין. און נאָכדעם האָט מען מיר דערלאַנגט די קדושים צום קבר זיין, ווי געזאָגט — זענען נאָך ניט אַלע געווען טויט. זיי האָבן נאָך געאָטעמט און זיך באַוויגן אין קאָנוואולסיע. מאַכטלאָז האָבן מיר אויף זיי געקוקט און ניט געקענט העלפן. מיין ברודער אַברהמלע האָט מיר דערלאַנגט יעדן איינעם אין דער האַנד, אָנגערופן אים ביים נאָמען און געזאָגט „שמע־ישראל"... אייניקע האָבן נאָך באַוויזן זיך אויפצוהייבן און צוריקפאַלנדיק מיך מיטגעשלעפּט, אַזוי אַז איך בין נאַס געוואָרן פון זייער בלוט.

דער צווייטער הרוג איז געווען אַ מלמד אַ גרויסער תלמיד־חכם, ר' לייביש וואַלהענדלער מיטן זון ישראל־יצחק, דריי ברידער גרשון, אלקנה, הארצקע לאַנדאַו — זין פון אַברהם לאַנדאַו. בעריש גיטלער — דער זון פון ר' ישראל גיטלער, אַברהמלע וויינשטיין מיט זיין זון. צוויי ברידער שלמה און יחזקאל גראָסמאַן, פישעלע און זיין שטומער ברודער, בעקי וויינגאַרטן — זון פון ר' משה וויינגאַרטן, אונזער ברודער יעקב־מאיר ביבער, מאיר און אליעזר באָרנשטיין, בנימין ציגלער מיט זיין זון, שלמה פּאַדאַלסקי, פישעלע אַבראַמאָוויטש מיט זיין זון — פריזיערס פון דער פּילצער גאַס, פישל צוקערמאַן מיט זיין שוואָגער יעקב־יצחק און פּרומציע לובלינג זון פון ר' פייוול לובלינג, מאיר באַרמהערציג מיט זיין זון מענדל — שיך הענדלער אין דער קראָקעווער גאַס.

ווען איך האָב קובר געווען מאיר באַרמהערציקן האָט זיך אַ וואַנד פון דעם קבר איינגעריסן און מיך פאַרשיט לעבעדיקערהייט. ביז היינט, פאַרשטיי איך ניט, ווי אַזוי איך האָב מיך אויפגעהויבן, מיט וואָס פאַראַ כוח און פון וואַנען איך האָב דעם כוח גענומען. נו... און מער דערלאַנגט מיר ווייטערע קרבנות וועלכע מיר דאַרפן קובר זיין אונטער די אויפזיכט פון די דייטשן. מיט רעוואָלווערן אין די הענט, האָבן זיי דערשאָסן די יעניקע וועלכע האָבן זיך נאָך גערירט; דאַרונטער די צוויי ברידער ישראלקע און חיים מידלאַזש, חיים מערין, אַ שטעפּער, אַלטעה פעלדמאַן מיט זיינע פיר זין — צווישן זיי מיין שוואָגער יעקב פעלדמאַן, קאָפּל וואַסער־טרעגער, פּנחס וועלנער — אַ קוילן הענדלער.

אין אַ קורצע צייט שפּעטער האָט מען אונז איבערגעפירט אין דער פאַבריק אַריין פון דעם איצטיקן לאַגער. נאָר ביים אַריינגיין דאָסמאָל אין די פאַבריק, איז פאָרגעקומען אַ סעלעקציע און אייניקע הונדערט יידן האָט מען צוריקגעפירט אינם אַלטן לאַגער אַלס נישט־אַרבעטספעאיקע.

דעמזעלבן טאָג נאָך דער אַרבעט, האָט מען אונז ניט אַריינגעלאָזט אין דעם באַראַק. ניט געגעבן קיין עסן נאָר אַרויסגעפירט אין וואַלד אַריין, ווי עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, דאָס די אַלע הונדערטער יידן וועלכע מען האָט צוריקגע־שיקט — האָט מען דערשאָסן און מיר האָבן זיי קובר געווען. אַ גאַנצן טאָג האָט עס געדויערט. מיר האָבן קובר געווען: שכנים, גוטע פריינד, משפחות וואַלבראָ־

מער, גוטע יידן מיט וועלכע מיר זענען געבוירן און דערצויגן געוואָרן. יידן, וועלכע האָבן אפילו קיין פליג קיין בייז ניט געטאָן. פארברענגט זייער לעבן מיט תורה, תפילה און מעשים טובים און יעצט אזוי טראגיש און בארבאריש פארענדיקט זייער לעבן.

ליידער געדענקן מיר נאָר געציילטע נעמען פון די געהרגעטע, און דאָס זענען:

משה ווײנדלינג — זיין זון יוסף, זיין ברודער עוזר ווײנדלינג, משה צוקער־מאן, פאָטער און זון משה ראָטמענטש, חיימל צוויבעל, גבאליס א זון, אייניקע קינדער פון מאיר שוחט, חיים משה פון מארק — א חברה־קדישא מאן.

מיר די איבערגעבליבענע האָבן שוין אָנגעהויבן מקנא צו זיין די טויטע, ווייל די לאגע איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן ערגער. אויך דאָס עסן איז געוואָרן וויניקער פון טאָג צו טאָג און די ארבעט האָבן זיי פארטאָפּלט. מיר האָבן זיך געבעטן מען זאָל אונז שיסן. דארויף האָט מען אונז געענטפערט אז עס איז א שאָד די קוילן, ווייל מיר וועלן סיי ווי סיי אליין קרעפּירן פון ארבעט און הונגער. און דאָס איז קיין ליגן נישט געווען. די מענטשן זענען געפאלן ערשעפּטע טאָג טעגליך.



דוד פיגנבלאַט ומשפחתו
דוד פייגנבלאַט און זיין פאמיליע



פייבל רוטמנש ומשפחתו
פייוול ראָטמענש און זיין פאַמיליע

די שווערסטע און גרויזאַמסטע ארבעט האָבן מיר געמוזט אויספירן, מען האָט אונז אריינגעשטעלט רייניקן גרויסע הייץ־קעסלען, וועלכע זענען געווען אזוי צוקאָכט דאָס די ברעטער אויף וועלכע מיר זענען געשטאנען — האָבן געברענט.

ווען מען איז ארויס פון דאָרט, איז מען שוין געווען האלב טויט, און ניט איינמאָל האָבן מיר געמוזט אויספירן אזעלכע ארבעטן צוזאמען מיט ראובן נייער וועלכער געפינט זיך היינט אין ישראל. אונזער איינציקע נחמה נאָכן ארויס־גיין פון די אויוונס — איז געווען אז אונזערע לייז און וואנצן זענען דאָרט פארברענט געוואָרן.

אין 1944 האָט מען אונז אוועקגעשיקט קיין קראקע אין דעם לאגער פלאשאָוו, און פון דאָרט קיין דייטשלאנד אין דעם טראגיש בארימטן טויטן־לאגער גראָס־ראָזן. דאָרט האָבן געברענט 4 אויוונס ווי מען האָט פארגאזט און פארברענט יידן.

פון דעם לאגער האָט מען אונז ווידער אוועקגעשיקט קיין רייכנבאך ווי מיר האָבן ממש געהונגערט טאָג איין, טאָג אויס. אויבוואָל מיר האָבן שווער גע־ארבעט ביים אויסארבעטן טיילן צו עראָפלאנען. מיר זענען שוין געווען אזוי פארצווייפלט אז מיר האָבן אלע געמאכט סאבאָטאזש אויף וויפיל מיר האָבן נאָר געקענט.

איך, חיים יצחק, האָב געארבעט ביי א שלייף־שטיין מיט פארמאכטע



משפחת מורגן
די פאמיליע מאָרגאַן

אויגן גלעזער, ווייל דער שטיין האָט געשפריצט פון זיך שט־קלעך שטיין. אָבער אזוי ווי איך האָב געוואָלט מאכן סאבאָטאזש, האָב איך די גאנצע צייט געמוזט זיך אומקוקן צי דער דייטשער מייסטער זעט מיך ניט, און דעריבער האָב איך אראָפּגענומען די גלעזער. און דאָך האָט פאסירט אז עס האָט מיר אריינגעשפריצט א שפּליטער פון דעם שטיין אין דעם שווארץ־אפּל אריין. מען האָט מיך גלייך אוועקגעפירט צום אמבולאנס און דאָרט האָט א קראנקן־שוועסטער געפּרווט מיר דאָס ארויסנעמען מיט א פּינצעט. אָבער עס האָט זיך אזוי שטארק אריינ־געגעסן אז זי האָט עס ניט געקענט ארויסנעמען. בין איך צוריקגעשיקט געוואָרן אין לאגער אריין. איך האָב זיך געבעטן רחמנות ביים לאגער־פירער, דאָס ער זאָל מיך שיקן צו א דאָקטאָר. האָט ער מיך אויסגעלאכט און געענטפערט דאָס ער האָט קיין געלט און צייט מיך צו שיקן — א ייד צו א דייטשן דאָקטאָר.

דערווייל איז מיין אויג שטארק אָנגעשוואָלן געוואָרן, און די יסורים זענען נישט געווען צום אויסהאלטן. און דערביי האָט איך געוווסט, אז דאָס קען זיין א סיבה מיך צו שיסן אלס ניט־פעאיקער צו ארבעט. איך האָב צעריסן מיין העמד און פארבונדן מיין אויג. נאָר די שמערצן זענען וואָס א מינוט געוואָרן שטארקער. איך האָב געזען אז עס איז נישטאָ וואָס צו פארלירן, בין איך אריין אין די פאבריק און זיך געבעטן ביי איינעם פון די דייטשע מייסטערס, ער זאָל מיך שיקן צו איין דאָקטאָר. צום סוף האָט ער אויף מיר רחמנות געהאט און מיך געשיקט אונטער באוואכונג צו איין דאָקטאָר, וועלכער האָט דאָס שטיקל אייזן ארויסגע־נומען מיט א מאגנעס. דאָס אויג האָט זיך ווידער פארהיילט.

דעם 8־טן מאי 1945 זענען מיר באפרייט געוואָרן פון די רוסן. אָבער אונזער ברודער אברהמלע איז ארויס א קראנקער און אָפּגעלעגן יאָרן אין פאר־שידענע שפּיטאָלן. ער איז נפטר געוואָרן אין 1949 אין דייטשלאנד.

מיר, חיים־יצחק און יהודה, געפינען זיך אין אמעריקע. די איינציקע צוויי איבערגעבליבענע פון דער גאנצער גרויסער משפחה.

מיר דאנקען אונזערע וואלבראָמער ברידער אין ישראל און באזונדער דעם ועד פאר דער הייליקער איניציאטיוו ארויסצוגעבן א יזכור־בוך צום אָנדענקען פון אונזערע קדושים. א באזונדערן דאנק פארן דערמעגליכן אונז זיך צו באטייליקן אין דעם בוך, און אזוי ארום צו דערציילן וועגן דעם שוידערליכן גורל פון אונזערע ברידער אין די טויטן־לאגערן פון ראזוואדאָוו און סטאלאָווא־וואָלא.

באשריבן דורך די ברידער חיים־יצחק און יהודה ביבער אין אמעריקע: סט.־פּאָל.

**אידא ווייצמאן**

# אין די גרויליכע טעג

פרייטיק אין חודש סעפטעמבער 1942, איז שוין געווען קלאָר, אז אויך די וואלבראָמער יידן זענען פארמשפט געוואָרן צו שוידערליכע פארניכטונג, צוגלייך מיט הונדערטער אנדערע קהילות אין פוילן און אייראָפּע.

איך האָב באשלאָסן, אז וואָס עס זאָל ניט זיין, וועל איך זיך ניט איבערגעבן צו אונזערע מערדער מיט מיין גוטן ווילן, נאָר איך וועל זיך פרווון ראטעווען פאר יעדן פרייז.

צוזאמען מיט מיין חברה רייזל נאפּשיקזשאַני און איין ייִנגערער ברודער יעקב הירש, האָבן מיר פארלאָזט די שטאָט וועלכע איז שוין געווען ארומגערינגלט מיט דייטשע, אוקראַינישע און פּוילישע מערדער, און מיר זענען אריין אין פּילצער וואלד. אין די טעג זענען פאָרגעקומען פארניכטונגס אקציעס אין דער גאנצער געגנט ווי מיעכאוו, כארשניצע, פּילץ און זשארנאוויצע. אזוי ארום האָבן מיר באשלאָסן, צו גיין קיין זשוריק. אויפן וועג האָבן מיר באגעגנט נאָך אומגליקלעכע יידן ווי מיר וועלכע האָבן געוואָלט ראטעווען זייער לעבן און ארומגעוואלגערט זיך אין די פעלדער און וועלדער. ביי טאָג האָט די היץ געברענט און ביי נאכט האָט געבושעוועט א קעלט. קיין פּלאץ ווי זיך אויסצובאהאלטן איז ניט געווען, ווייל אלע האָבן פארמאכט די טיר פאר יידן. גייענדיק קיין זשוריק, האָבן מיר באגעגנט אנטלויפנדיקע זשוריקער יידן פון וועלכע מיר האָבן געהערט, אז די זשוריקער יידן זענען ארויסגעפירט געוואָרן. דעריבער האָבן מיר געענדערט אונזער ריכטונג פון זשוריק קיין שטשעקאָצין. מיר זענען געווען אזוי ערשעפּט פון הונגער און שלאָפלאָזיקייט, אז מיר האָבן זיך ריזיקירט און אריינגעכאפּט אין א סטאדאָלע. קיין עסן האָבן מיר ניט באקומען. אָבער מיר האָבן זיך גוט אויסגעשלאָפן. באלד אינדערפרי איז אריינגעקומען דער פּויער און האָט אונז פארטריבן.



משפחת מנדל ויצמן
מענדל ווייצמאנס פאמיליע

אזוי האָבן מיר ווייטער גענומען וואנדערן ביז מיר זענען אָנגעקומען קיין שטשעקאצין. ביים אריינגיין האָבן מיר געטראָפן א קריסט א קוימען־קערער וועלכער האָט אויף אונז רחמנות געהאט, וואָס האָט אונז אריינגענומען צו זיך און געגעבן עסן און טרינקן און אויך אויסבאהאלטן.

נאָכדעם ווי מיר האָבן זיך אָפּגערוט, איז אונזער ערשטע פראגע געווען: וואָס האָט פּאסירט אין וואלבראָם? דאן האָבן מיר באשלאָסן צו שיקן אונזער קריסט וואָס האָט אונז באהאלטן קיין וואלבראָם, ער זאָל זען אויפן אָרט ווי אזוי די לאגע זעט אויס. ער האָט אונז געברענגט די טראגישע בשורה אז ליידער זענען אלע יידן פארשיקט געוואָרן קיין בעלזשעץ, און מיר האָבן שוין ניט ווו אהין צוריק צו פאָרן. נישט האָבנדיק קיין אנדערן אויסוועג, האָבן מיר באשלאָסן אריינ־צושמוקלען זיך קיין זשוריק. אזוי ארום האָבן מיר זיך געמוזט אָנטאָן מענערישע קליידער און געגאנגען צו פוס מיט טויט־שרעק ביז זשוריק.

דאָרט האָבן מיר געטראָפן די וואלבראָמער וועלכע האָבן זיך אויך פאר־

בונדן מיט וואלבראָם און זיי האָבן זיך דערוווּסט אז מען האָט איבערגעלאָזט אין שטאָט ביז 100 יידן. דעריבער האָבן זיי באַשלאָסן צוריקצופאָרן קיין וואל־בראָם. צו דעם צוועק, האָבן זיי זיך פאַרזאָרגט מיט ערלויבענישן צוריקצופאָרן. נאָר אונטער פּילץ האָט זיי פאַרהאַלטן די דייטשע זשאַנדאַרמעריע און ניט געוואָלט אַנערקענען זייער ערלויבניש, וועלכע די זשוריקער זשאַנדאַרמעריע האָט זיי אַרויסגעגעבן און זיי אויפן פּלאַץ דערשאָסן. די דריי זענען געווען: איטשע מייטליס — דער זון פון מרדכי וואָלף, אסתר שיינדל צווייגנבוים און טולאָ מייטליס. דערהערט וואָס עס האָט פּאַסירט האָבן מיר שוין ניט געוואָלט זיך פאַרלאָזן אויף קיין ערלויבענישן און מיר האָבן זיך אַריינגעגנבעט קיין וואל־בראָם ביינאַכט. דאָס ליידיקייט פון דער שטאָט האָט אויף אונז געמאַכט א שרעקליכן איינדרוק.

הונדערטער יידישע שטובן זענען געשטאַנען ליידיק, און דער גאַנצער אינווענטאַר איז קאָנצענטרירט געוואָרן אין דער גרויסער שול און אין בית־המדרש און פון דאָרט געשיקט קיין דייטשלאַנד. א קריסט מיטן נאָמען ברודזינסקי האָט אונז פאַרגעלייגט זיך צו באַטייליקן אין דער פּוילישער ארבעטער פּאַרטיזאַנ־קע. גלייך האָבן זיך געמאָלדן 10 בחורים און איין מיידל: 2 ברידער פייגנבלאַט, אליעזר נייער יעקב סקאַוראָן, יענקל רינסקי, אלטער שקלאַזש, מענדל גלאַזער און אַנדערע.

דער פּלאַן איז געווען, אז מיר זאָלן זיך פאַרבינדן מיט די פּאַרטיזאַנען אין די לובלינער וועלדער, נאָר אין לעצטן מאָמענט פון ענדליכן ליקווידירן דעם וואלבראָמער געטאָ, און ביז דאַן זאָלן מיר פאַרזאָרגן קליידער און עסן פאַר די פּאַרטיזאַנער — פון די אויסגעליידיקטע יידישע שטובן און פון די זאַמעל־פּונקטן. מיר האָבן געטאָן וואָס מיר האָבן נאָר געקענט און געליפערט וואַרעמע קליידער און וועש ווי אויך לעבנס־מיטל פאַר די פּאַרטיזאַנער.

אין טאָג פון דער צווייטער אויסזידלונג האָט מען מיך ניט געוואָלט מיט־נעמען אין וואַלד, ווייל די באַדינגונגען דאָרט זענען געווען זער שווער און נישט פאַר קיין פרויען. אזוי ארום האָב איך זיך געמוזט זוכן א פּלאַץ ווי אויס־צובאַהאַלטן זיך. די אַלע בחורים זענען אוועק אין וואַלד, (ליידער האָט מען פון זיי מער קיין ידיעות). און איך האָב זיך אויסבאַהאַלטן אין דערפער צווישן וואלבראָם, פּילץ און אלקוש. גאַנץ שנעל זענען אָנגעקומען צענדליקער וואלבראָ־מער, וועלכע האָבן זיך געוואָלט שמוגלען די גרעניץ אין דריטן רייך אריין, ווייל זיי האָבן שוין געוווּסט אז קיינער וועט ניט בלייבן אין וואלבראָם.

די סכנה איז געווען זער א גרויסע. די גאַנצע צייט האָט מען געשאָסן, ווייל די זשאַנדאַרמעריע און די פּאָליציי האָבן געזוכט די אַנטלויפנדיקע יידן. די לאַגע איז געווען אזוי אָנגעשטרענגט, דאָס אייניקע זענען צוריקגעקומען קיין וואלבראָם, אָבער ליידער זענען אַלע דערשאָסן געוואָרן.

עס איז אוממעגליך צו שילדערן דאָס שוידערליכע בילד פון צענדליקער יידן, די לעצטע איבערגעבליבענע פון דער שיינער וואלבראָמער קהילה. שלעפּנדיק זיך אין שניי און אין קעלט אויפן וועג קיין בענדין און סאָסנאָוויץ, ווי זיי האָבן געהאָפט צו ראַטעווען זייער לעבן אויף דערווייל. די גרעסטע טייל איז ליידער

ניט מער אָנגעקומען, און פון די וואָס זענען יאָ אָנגעקומען, זענען ווידער די גרעסערע העלפט דערהרגעט געוואָרן. נאָר זער ווייניקע איז עס געלונגען, מען ווייסט ניט ווי אזוי, צו בלייבןביים לעבן.

די וואלבראָמער וואָס זענען אָנגעקומען קיין בענדין און סאָסנאָוויץ צוזאמען מיט די יידן פון די שטעט מיעכאָוו, פילץ א.א. זענען איינגעאָרדנט געוואָרן אין א לאגער אין ניט קיין שלעכטע באדינגונגען פארהעלטניסמעסיק. און דאָס נאָר אדאנק דעם זאגלעמביער יידנטום וואָס האָבן דאָס דערמעגליכט. ביים ליקווידירן דאָס רעשט פון די געטאָס אין זאגלעמביע, פארשטייט זיך, אז מען האָט ליקווידירט אונזער לאגער אויך אין לעצטן מאָמענט בין איך אראָפּ־געשפּרונגען דורך א רער פון וואסער־לייטונג. איך בין שטארק צוקלאפּט געוואָרן און נאָר מיט דער הילף פון א יידישן פּאָליציאנט קוים זיך דערשלעפּט אויף אלע פיר צוריק אין לאגער מיין לאגע איז געווען א שרעקליכע, ווייל אזעלכע ווי איך, האָט מען געשיקט אין אוישוויץ גלייך אין אויוון אריין נאָר אדאנק דעם ד״ר געלבערגער און וואָלף קיווקאוויטש וועלכע האָבן מיר געהאָלפן מיט מעדיצין און עסן, בין איך ווידער געזונד געוואָרן, און עס איז געלונגען מיר זיך אויס־צובאהאלטן ביז די לעצטע מינוט. די לעצטע מינוט איז ליידער אויך געקומען. עס האָט ניט געהאָלפן. אין אָנפאנג 1944, אין וואגאָנען פון 150 מענשן „פּאָר״ איך קיין אוישוויץ ייִנגערע און שטארקערע האָבן זיך געשטעלט ביים פענסטער גרייט צו שפּרינגען דער ערשטער איז געשפּרונגען א דזיאלאשיצער בחור, הערשקאָוויטש ער איז גלייך געפאלן אונטער די רעדער אין דערהרגעט געוואָרן אויפן אָרט אויבוהאָל די צייט איז געווען קורץ, 90 מינוט רייזע פון סאָסנאָוויץ קיין אוישוויץ, איז דאָך געלונגען מיט א טאשן־מעסערל אויפצומאכן א קליינעם שפּאלט אין טיר פון וואגאָן איין צארטע פרויען־האנט האָט אויסגעשטרעקט די האנט און אויפגעמאכט די טיר פון וואגאָן. 4 מענער זענען גלייך ארויסגעשפּרונ־גען, אָבער נאָר דעם ערשטן איז געלונגען צו אנטלויפן די אנדערע דריי זענען דערשאָסן געוואָרן נאָכדעם האָבן די ס.ס. אָפּגעשטעלט די באן, פארקלאפּט דעם וואגאָן און מיט פארשטארקטער וואך אונז אריינגעבּרענגט קיין אוישוויץ.

באלד איז פאָרגעקומען א סעלעקציע. די שוואכערע האָט מען געפירט צום קרעמאטאָריום און די איבריקע אלס ארבעטס־פעאיקע האָט מען גענומען צום ענטלויזונג און געגעבן א נומער פון דעם מאָמענט אָן, האָט מער קיינער קיין נאָמען נאָר א נומער איינגעקריצט מיט טוש אויף זיין האנד, א האנד וועלכע איז נאָך געווען באהאפטן צו א קערפּער־סקעלעט, וועלכער האָט זיך קוים באוויגן, א פּידזשאמע מיט אן אויסגעגאלטן קאָפּ אויסער דעם וואָס מען האָט אונז פארשקלאפט מיט דער שווערער ארבעט און אונז אויסגעהונגערט, האָט מען אונז דערנידריקט מיט אלערליי פּיין און גרויזאמקייטן כדי אונז צו צעברעכן פיזיש ווי אויך גייסטיק.

ביי אונזער ארבעטס־פּלאץ איז געווען א גרוב פאר מענשליכן געברויך צענדליקער מאָל אין טאָג פלעגט מען אונז פּלוצלינג טרייבן צו דער גרוב, געהייסן אונז אויסטאָן און שנעל זיך אָנטאָן צוריק און וועלכע פרוי עס האָט ניט באוויזן שנעל זיך אנצוטאָן האָט מען אריינגעוואָרפן אינם גרוב לעבעדיקערהייט. מענער



לאה דפנר



רחל וויינבערג



חנה ניזקה

און פרויען זענען געפאלן טויטע טאָג איין טאָג אויס, און ווי אזוי אנדערע האָבן אויסגעהאלטן איז נישט צו פארשטיין.

צווישן אנדערע האָב איך אויך געארבעט אין א אמוניציע־פאבריק „אוניאָן". אין דער פאבריק איז געווען אן אונטערגרונד־באוועגונג וועלכע איז געשטאנען אין קאָנטאקט מיט דער אונטערגרונד אינדרויסן, און מען האָט ארויסגעשמוגעלט אויפרייסמאטעריאל פאר סאבאָטאזש־צוועקן. די דייטשן האָבן נאָכשפּיאָנירט. און וועמען מען האָט געכאפט ביים שמוגלען האָט מען גלייך דערשאָסן. טויזנטער זענען אזוי דערשאָסן געוואָרן. איך בין געווען צוזאמען מיט נאָך דריי וואלבראָמער: לאלא וועלגרין די פרוי פון לייביש וועלגרין, העלא קליינער (יעצט אין אמעריקע) און פייגעלע לינדנבוים (יעצט אין אויסטראליע). מיר האָבן זיך אײנאנדער געהאָלפן גייסטיק און פיזיש אדורכמאכן די אלע שוועריקייטן. אין יאנואר 1945 האָט זיך אָנגעהויבן פילן א נייע אטמאָספער אינם לאגער. די רוסישע עראָפּלאנען האָבן אָנגעהויבן באָמבארדירן אוישוויץ, די דייטשן זענען דעם גאנצן טאָג געלעגן אין די בונקערס, און אזוי ארום וויניק זיך פארנומען מיט אונז. מיר האָבן דערפילט אז די פרייהייט דערנעענטערט זיך. נאָר מיר זענען געווען באזאָרגט צי די פרייהייט וועט זיין אויך פאר אונז אושוויץ־קאצעטלער.

די ס.ס. האָט אָנגעהויבן ליקווידירן דעם לאגער. זיי האָבן נישט געוואָלט איבערלאָזן קיין שפּורן פון זייער מערדערישע ארבעט. דאָס ערשטע האָט מען אומגעלייגט די גאז־קאמערן מיט די קרעמאטאָריעס, ווי מען האָט דערהרגעט בערך 2 מיליאָן מענטשן, דאָס מייסטע יידן. נאָכדעם האָט מען אָנגעהויבן צו עוואקוירן די העפטלינגע קיין דייטשלאנד צו פוס אָן עסן און טרינקן, באָרוועס און נאקעט. איך האָב באשלאָסן זיך אויסבאהאלטן אין לאגער און נישט אוועקגיין מיטן טראנספּאָרט. צוזאמען מיט א חברטע פון סאָסנאָוויץ, האָבן מיר זיך אויס־באהאלטן אויף א בוידעם 13 טעג אָן עסן און אָן וואסער, ביז דער לעצטער טראנספּאָרט איז ארויסגעפירט געוואָרן. דאן ערשעפּט פון הונגער, זענען מיר

ארויס פון אונזער באהעלטעניש, און אויפן וועג האָבן מיר שוין געזען הונדערטער דערהרגעטע דייטשן פון די באָמבארדירונגען. מיר זענען אריין אין ערשטן דאָרף און אָפּגעוואַרט ביז די רוסן זענען אָנגעקומען.

עטלעכע וואָכן שפּעטער, זענען מיר געקומען קיין וואלבראָם וועלכעס איז פאר אונז שוין ניט געווען דאָס שטעטל פון אמאָל. אויסגעליידיקט, פאריתומט און פארבלוטיקט מיט יידיש בלוט, מיטן בלוט פון אונזערע בעסטע און נאָענטסטע, וועלכע מיר וועלן שוין קיינמאָל מער ניט זען. אין גאנץ וואלבראָם האָבן מיר געטראָפן 4 יידן: בנימין כץ, משה מייטליס (יעצט אין אויסטראליע) און די צוויי ברידער זיעלאנעק.

———

## טראנספּאָרט

און טירן זיינען דאָ א סך,
אָבער פארקלאפּט ווי דער דאך.

א לאסט באן ווי א שלאנג,
מיט ברייט צעעפנטע טירן,
אויסגעלאדנט ווייסן קאלך,
איצט ווערט מען מענטשן פירן.

דאָ וואַרטן מענטשן פול מיט שרעק,
שוין לאנגע טעג. עס ברענט די זון.
פארהלשטע קינדער אויפן געפּעק,
בעטן וואכער מיט די אויגן שטום.

איינשטייגן! איינשטייגן!
הילכט פון די מערדער ס׳געשריי,
מענטשן ווערן מיט קלעפּ געטריבן
איינצושטייגן, אָן א ריי.

מענער דערשראָקענע,
פרויען פארמאטערטע,
טרעטן אין איילעניש
אויף קינדער צעפּאַטערטע.

הונדערט פופציק אין איין וואגאָן,
נישטאָ קיין פּלאץ שוין ווי צו שטיין.
מיט ווייסן קאלך שטויב פול די לופט.
עס שטיקן זיך שוין גרויס און קליין.

די טיר הויבט זיך אָן פאַרמאַכן,
גרילצנדיק און סאַפּעט שווער.
א מאַמעס קול שרייט היסטעריש,
מיין קינד מיין קינד! מיין הער.

דער נאַצי הויבט אויף פון דער ערד
א טויט קינד פון א יאָר פיר.
און וואַרפט עס אויף די מענטשנס קעפּ,
שרייענדיק: נאַ! דאָס געהער דיר.

און די רעדער פאָרן, קלאַפּן,
טיק, טיק, טרעם, בלין, טיק, טיק, טיק, טרעם, בלין,
און די מענטשן וויינען, שרייען
זיי ווייסן איצט שוין וואוהין.

און טירן זיינען דאָ א סך,
אָבער פאַרקלאַפּט ווי דער דאַך.

מ. לובלינג

## ווייסער וואַלד

געווידמעט די אומגעקומענע יידן אין וואַלבראַם

ווייסער וואַלד פון מיין אַמאָליקע היים,
ווי יוגנט געלעכטער פלעגט אָפּקלינגען.
ווי יינגלעך און מיידלעך, שטאַרק אין געהיים,
פלעגן פרייהייטס לידער שטיל אויסזינגען.

האָסט זיך נישט געשעמט ווען דער מערדער האָט
פרויען נאַקעטע צו דיר געטריבן?
מאַמעס מיט קינדער צעשאָסן מיט שפּאָט,
האָסט דאָס אַלץ געזען, און דאָך געשוויגן?

פאַרוואָס איז דער טאָג רואיק געפלאָסן
און זיך פאַרטוישט מיט א שטילינקע נאַכט.
ווען בלוט האָט זיך פון קינדער געגאָסן,
פאַרוואָס האָבן מענטשנס קינדער געלאַכט?

פאַרוואָס האָבן נישט די הימלען געוויינט?
ווען מען האָט די יידן געטריבן פון שטוב?
פאַרוואָס האָט די זון חוצפּהדיק געשיינט?
ווען מען האָט זקנים צעשאָסן ביים גרוב?

א געמיש. ס׳שרייען מאמעס מיט קינדער,
און עס שיסן די מאשין געווערן.
באלד ווערט שטיל, דער עכאָ ענטפערט: מאמע!
וואלד! דאָס וואָרט מאמע זאָלסטו מער נישט הערן.

וואלד! דו זאָלסט פארוועלקן! ווייל ס׳לאכט שוין קיינער,
וועסט מער דאָס שטילע געזאנג נישט הערן.
פוילן זאָלסטו ווי ס׳פוילן די ביינער,
ווייל ס׳וואקסן נישט ביימער ווי ס׳פאלן טרערן.

שטיל איז ביים קבר צווישן די ביימער,
עס צוויטשן דאָרט בלויז פויגל וואָס בענקן,
חוץ די פויגל קומט דאָרט קיינער, קיינער.
וואלד! דאָס וואָרט מאמע זאָלסטו מער נישט הערן.

מ. לובלינג

משה דוד צוקערמאַן, ניו־יאָרק.

# קריגס-איבערלעבענישן

## א. מיינע וואנדערונגען זינט דעם אויסברוך פון דער מלחמה

לכתחילה האָב איך געהאלטן, אז מיינע פערזענלעכע איבערלעבונגען זיינען אויך גלייכצייטיק געווען די איבערלעבונגען פון אלע לעבן געבליבענע רעשטלעך פון די וואָלבראָמער יידן. אָבער פון פארשידענע זייטן האָט מען אויף מיר געדריקט און אין מיר אריינגערעדט, אז יעדן איינציקן׳ס איבערלעבונג איז א באזונדערע געשיכטע פונעם חורבן און אז עס איז דער חוב דאָס צו פארשרייבן לדורות. דעריבער וויל איך מיט מיין אָרעמער שפראך, אין ווייניק ווערטער פרואוון איבערצוגעבן מיינע וואנדערונגען אינאיינעם מיט חברים און ברידער פון אָנהויב פון דער מלחמה ביז צו דעם שרעקלעכן סוף.

ווי אזוי די בהלה האָט אויסגעזען אין די ערשטע שעהן און טעג פון דער מלחמה, דארף איך נישט נאָך אמאָל איבערחזרן. עס איז געווען א פיינפולער און אומגלויבלעכער ספעקטאקל צו זען ווי די פאריסענע, פאפירענע, פוילישע „העלדן" אין זייער אויפגעבלאָזענער גאוה זיינען ביים ערשטן צוזאמענשטויס מיט דער דייטשער קריגס־מאשין זיך צעפאלן אזוי ווי א קאָרטן־הויז. מען האָט גע־דארפט זען די אלע סטאַראָסטעס און וואויעוואָדעס מארשירן אבל וחפוי ראש דורך אונזער שטעטל פון מערב קיין מזרח לויפנדיק צוזאמען מיט דער גאנצער מאנצבילישער באפעלקערונג ווי צעשראָקענע קעלבער.

איך בין ארויס פון וואָלבראָם צופוס צוזאמען מיט מיין יינגערן ברודער יחזקאל, מיט יהודה האָכערמאַן און מיט די ברידער פנקס אריה און משה

לאַזנאָווסקי, מאָנטיק דעם 4טן סעפּטעמבער, דעם פערטן טאָג נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה. וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אויף די וועגן, איז קיין שום מענשלעכע פעדער נישט אימשטאנד צו באשרייבן. די פּאניק, די אומבאהאָלפנקייט פון דער צעפאלענער פּוילישער שיף איז געווען אין לשער און דערצו האָבן אונז אויפן וועג קיין מיעכאוו באגלייט די טייוולאָנישע דייטשע פארניכטונגס־עראָפּלאנען, וואָס האָבן געזייט טויט און פארניכטונג מייסטנס צווישן דער ציווילער באפעל־קערונג. אויף דעם צווייטן טאָג זיינען מיר אָנגעקומען קיין דזיאלאָשיץ. איבעראל די זעלבע בהלה, דאָס זעלבע לויפן, מען ווייסט נישט וואוהין. מען גייט. מען שמועסט אז אלץ וואָס מען דארף טאָן, איז זיך אריבערכאפּן איבער דער ווייסל ביז סאַנדאָרמירש און דאָרט וועט די „גרויסע פּוילישע ארמיי אנטקעגנשטעלן א העלדישן ווידערשטאנד". איך וועל קיינמאָל נישט פארגעסן, ווי מיין אלטער פעטער אין דזיאַלאָשיץ, משה דוד פּאָמעראנץ, א זקן מופלג, האָט זיך געבעטן ביי אונז: „וואו לויפט איר, גאָט איז דאָ אומעטום, בלייבט דאָ און וואָס וועט זיין מיט כלל ישראל, וועט זיין מיט רב ישראל. מיר קאָנען פונעם אייגענעם גורל נישט אנטלויפן".

אָבער די בהלה פון לויפן און דער שרעק בלויז פאר דעם געדאנק, זיך צו טרעפן פנים אל פנים מיט דעם גרעסטן יידישן שונא, האָט אונז געטריבן ווייטער צו לויפן. אזוי זיינען מיר אדורכגעגאנגען די שטעטלעך וואָדיסלעוו, יענדזיעיאָוו, כמיעלניק, אָפּאטאָוו, ביז מיר האָבן זיך קוים דערשלעפּט צו דעם גרויסן טייך — ווייסל הינטער סאנדאָמירש. איך דערמאן זיך, אז פאר סאנדאָ־מירש האָבן מיר געמוזט מאכן אן אומוועג און דורכגיין א קליין גאליציש שטעטל — איך געדענק נישט מער דעם נאָמען — און דאָרט זיינען מיר אָנגעקומען צו קבלת שבת. מיר האָבן געזען ווי יידן דערשראָקענע מיט די לאנגע פאות אין סאמעטענע קאפּעליושן איילן זיך אין די קלויזן צו קבלת שבת צו בעטן גאָט, אולי ירחם, אפשר וועט דאָך קומען פון ערגעצוואו אן אָפּהאלט פון דעם שרעק־לעכן גזר דין. ליידער איז דער נס ביי דער ווייסל דאָסמאָל נישט געשען. ווער עס האָט נישט געזען די צעטומלעניש און צעמישעניש פון דעם פּוילישן מיליטער ביי דער כלומרשטער גרעסטער פּראָנטליניע ביי דער ווייסל, האָט איבערהויפּט נישט קיין אנונג וועגן דעם דור המבול. אלץ, וואָס דאָס מיליטער האָט געטאָן, איז וואָס יעדע פּאָר קילאָמעטער האָבן זיי אָפּגעשטעלט די גרויסע שטראָמענדיקע מאסע פּוסגייערס און געזוכט שפּיאָנען און אזוי ארום געגעבן א מעגלעכקייט די דייטשע עראָפּלאנען, וואָס זיינען געפלויגן איבער אונזערע קעפּ, אויסצוהרגענען וואָס מער פון די גייערס. אין וואָס פארא באדינגונגען מיר האָבן מארשירט, קאָן מען זיך בכלל נישט פאָרשטעלן. מיר האָבן גאָר נישט געקאָנט קריגן צום עסן אויפן וועג. מיר זיינען ארויס כמעט אָן געלטמיטלען און צוליב דעם גרויסן שטראָם וואנדערער איז נישט געווען גענוג עסנווארג. אזוי האָבן מיר פארשמאכטע זיך געשלעפּט אויף די וועגן פארלירנדיק די ערשטע אילוזיע, אז די ווייסל וועט אונז ראטעווען.

אָבער פון דעסטוועגן האָבן מיר געגלויבט, אז א הילף מוז דאָך פון ערגעצוואו קומען און מען האָט זיך אָנגעהויבן איינרעדן, אז דער גרויסער נס

וועט געשען הינטער לובלין ביי פולאווי, וואו עס קומען זיך צונויף די צוויי גרויסע טייכן, די פיליצא און די ווייסל. האָבן מיר נישט געהאַט קיין אנדער ברירה, ווי ווייטער צו מארשירן. וואוהין מיר זיינען געלאָפן, זיינען אונז די עראָפּלאנען פאר־לאָפן דעם וועג. עס איז דערגאנגען אזוי ווייט, אז מיר האָבן מער נישט געקאָנט מארשירן ביי טאָג, נאָר מיר האָבן געמוזט זיך אויסבאהאלטן אין די וועלדער און ווייטער גיין ביי נאכט. מיר זענען ארויס אין וועג אין זומערדיקע קליידער און אין דער נאכט האָבן מיר שוין אָנגעהויבן צו פילן די קעלט. צוליב דער שלעכטער דערנערונג האָבן זיך אָנגעהויבן אויסצושעפּן אונזערע כוחות און מיר האָבן שוין קוים געקאָנט שלעפּן אונזערע פיס. און אזוי האָבן מיר דורכמארשירט דעם גאנצן שטח פון סאנדאָמירש דורך קראַשניק ביז מיר זיינען אָנגעקומען קיין לובלין. לובלין איז געשטאנען אין פלאמען און מען האָט אונז איבערגעגעבן, אז צווישן אלע בנינים האָט אויך געברענט די ישיבת חכמי לובלין.

נאָך צוויי וואָכן האָבן מיר זיך קוים צוגעשלעפּט קיין כעלם. וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אין דער קלוגער שטאָט כעלם איז א קאַפּיטל פאר זיך. די אומ־אָרדענונג איז געווען כאראקטעריסטיש פאר אלע ערטער אין די קרעסן, וואו לויט דעם אָפּמאך צווישן סטאלינען און היטלערן האָבן די דייטשן נישט פאר־נומען די פלעצער און די רוסן האָבן נישט ארייננמארשירט. כעלם איז געווען אין גאנצן הפקר. יעדן טאָג איז געווען א נייער אנטלאָפענער פוילישער אָפיציר־קאָמענדאנט פון שטאָט און האָט ארויסגעגעבן נייע גזרות. די ליידן פון דער יידישער באפעלקערונג זיינען געווען נישט צום איבערטראָגן. נאָך ערגער איז געווען די לאגע פון די פליטים. עס איז נישט געווען צו באקומען א פלאץ, וואו אוועקצולייגן דעם קאָפּ, שוין אָפּגערעדט פון נאָרמאלער באשפייזונג. און, איך וויל, חלילה נישט מוציא שם רע זיין אויף דער יידישער באפעלקערונג אין די דאָזיקע געביטן און ספּעציעל אין כעלם, אָבער די יידן האָבן דאָרט נישט ארויס־געוויזן קיין גרויסע מידה פון הכנסת אורחים צו די אנטלאָפענע און געפייניקטע ברידער. עס האָט זיך זיי אויסגעדאכט, אז זיי האָט אָפּגעגליקט און זיי וועלן פארשפּאָרן צו טיילן דעם גורל פון די איבריקע ברידער אין פוילן, וואָס האָבן שוין דעמאָלס געשמאכט אונטער דעם שווערן יאָך פון היטלערס מיליטער. זייענ־דיק אין כעלם, האָבן מיר געהערט די גרויסע בשורה, אז די רוסישע ארמיי מארשירט אונז אנטקעגן צו „באשיצן" די סלאווישע באפעלקערונג אין די מזרח געביטן, וואָס די פוילישע מלוכה האָט זיי נישט געקאָנט באשיצן. האָט זיך צווישן א טייל פון דער יידישער באפעלקערונג ספּעציעל צווישן די ראדיקאַל געשטימטע געטאָן ששון ושמחה און אומפּאראנטוואָרטלעכע עלעמענטן זיינען ארויס אין גאס מיט בלומען און טענץ מקבל פנים צו זיין סטאלינס באפרייער אָבער מען האָט באלד געקאָנט זען די גרויסע גליקן פון דער נייער אָרדענונג. מיר האָבן זיך געטראָפן מיט די צוויי ברידער יצחק מענדל און מאיר ריינ־שטיין, וואָס זיינען געווען קרבנות פון דער פוילישער מאכט און האָבן פארזוכט דעם טעם פון די אינטערנירונגס־לאַגערן אין קארטוז־בערעזא. זיי האָבן זיך אויסבאהאלטן, זיי האָבן מורא געהאַט זיך צו באווייזן פאר די נייע מושלים, ווייל אלע מיטגלידער פון דער קאָמוניסטישער פארטיי אין פוילן, וואָס האָבן זיך אין

די ערשטע טעג מיט התלהבות געוואָרפן אין די אָרעמס פון דער סאָוועטישער מאכט, זיינען באלד פארשוואונדען און אומגעבראכט געוואָרן. גאנץ כעלם און אויך די אומגעגנט איז אין משך פון עטלעכע טעג פארוואנדלט געוואָרן אין א שקלאפן־לאגער. די אלע, וואָס האָבן געגלויבט, אז די נייע הערשער וועלן ברענגען שפייז, אָרדנונג אין שטאָט, זיינען געבליבן שווער אנטוישט. די סאָוועטן האָבן אָנגעהויבן ארויסצופירן פון שטאָט אלץ, וואָס איז נאָך געבליבן ביז דעם קלענסטן געגענשטאנד. אפילו צעבראָכענע בענק און צעריסענע פאָרהאנגען פון די שטאָטישע אינסטיטוציעס האָט מען פארלאָדן אויף לאסטוועגענער און ארויסגעפירט. די ערשטע פאראָרדנונג איז געווען, אז יעדער בעקער, וואָס וועט פארקויפן א לייבל ברויט צו דער ציווילער באפעלקערונג, וועט דערפאר באקומען טויטשטראָף. קאָנט איר זיך פאָרשטעלן, וויאזוי עס האָט אויסגעזען די לאגע פון די אָנגעלאָפענע יידישע פליטים אין דער דאָזיקער שטאָט? מיר האָבן זיך פשוט ארויסגעגנבעט אין די ארומיקע פעלדער, און אזוי ווי עס איז געווען אין הארבסט, האָבן מיר געקאָנט אויסגראָבן רויע קארטאָפל און בוראקעס און דערמיט האָבן מיר זיך דערנערט.

די נייע מושלים האָבן אויך אין די ערשטע עטלעכע טעג געהייסן מיט געוואלט אויפמאכן די צוגעמאכטע ליידיקע מערסטנס יידישע קראָמען, כדי עס זאָל הייסן, אז אלץ איז נאָרמאל, אָבער עס איז נעבעך געווען א רחמנות צוצוזען ווי די קליינע סוחרים זיצן אין די ליידיקע קראָמען און עס איז נישט דאָ וואָס צו פארקויפן. און אויב עס איז שוין יאָ עפּעס געווען, איז עס באלד צעראבירט געוואָרן. אָבער דאָס גליק פון די פּאָר וואָלבראָמער איז געווען, וואָס עס האָט זיך דאָרט געפונען די משפחה פון בערל דאנציגער. ער אליין איז געווען נישט קיין קליינער אָרעמאן, האָט געוווינט אין א קעלערשטוב, און דאָך האָט זיין גוטהארציקע פרוי מקיים געווען די גרעסטע מצוה פון הכנסת אורחים און איך פיל עס פאר מיין חוב, זיי צו דערמאנען מיט דאנק. איך האָב זיי געטראָפן נאָך דער מלחמה אין א לאגער אין דייטשלאנד. איך האָב זיי זייער מקרב געווען און זיי געפינען זיך היינט צוזאמען מיט דער גאנצער געראטעוועטער משפחה, זין און טעכטער און אייניקלעך, אין ישראל. די פרוי פון בערל דאנציגער איז אויך געווען ווי א מאמע צו די צוויי אויבן דערמאנטע ברידער ריינשטיין, וואָס האָבן מורא געהאט זיך צו באווייזן אין גאס און האָבן זיך ביי די דאנציגערס אויסבאהאלטן.

אזוי האָט אָנגעהאלטן די ממשלה פון די סאָוועטן אין דעם געביט אייניקע וואָכן, ביז אין איינעם א שיינעם טאָג האָט זיך פארשפרייט מיט בליץ־שנעלקייט די ידיעה וועגן דעם נייעם ריבענטראָפּ־מאָלאָטאָוו אָפּמאך, אז די סאָוועטן דארפן זיך צוריקציען ביז קאָוועל און די דייטשן ימח שמם דארפן פארנעמען די געביטן. עס איז געוואָרן נאָך א גרעסערע בהלה און זי איז געווען ספּעציעל אומדערטרעגלעך פאר דער דאָרטיקער יידישער באפעלקערונג. די איינציקע, וואָס האָבן זיך געפרייט, זיינען געווען די פּאָליאקן. זיי האָבן אָנגעהויבן אויפצוהייבן די קעפּ און האָבן געדראָט די יידן — זאָלן נאָר די דייטשן קומען, זיי וועלן אייך שוין באצאָלן פאר דער פריצייטיקער פרייד אייערער! די סאָוועטן האָבן עס צוערשט

געלייקנט און מיט גאוה ווייטער געגעבן דערקלערונגען, אז וואו ערד ווערט פארנומען פון דער רויטער ארמיי, וועט זי קיינמאָל נישט אָפּגעגעבן ווערן. אָבער דאָס איז געווען בלויז א גרויסער אָנשטעל און ווי נאָר די נאכט איז צוגעפאלן, ווען קיין שום מענש האָט נישט געטאָרט זיך באווייזן אין גאס, האָט מען געהערט און דורך די פארשטעלטע פענצטער געזען אוועקמארשירן די רויטע ארמיי מיטנעמענדיק מיט זיך אלץ, וואָס זיי האָבן נאָר געקענט. א קליינעם טייל פון דער באפעלקערונג האָבן זיי דערלויבט מיטצוגיין.

די בהלה צווישן די פליטים איז געוואקסן, צוזעענדיק די אומאָרדענונג און פארלוירנקייט אָן קיין שום פערספעקטיוו פאר אונז ווייטער צו עקזיסטירן אונטער דער נייער אָרדנונג, האָבן מיר בעסער באשלאָסן צוריקצוגיין צו היטלערן ווי מיטצוגיין מיט די סאָוועטן. און א טאָג איידער די דייטשע ארמיי האָט אריינמארשירט האָב איך מיט מיינע צוויי ברידער (אגב, איך האָב אָנגע־טראָפן דאָרט אין כעלם אויפן וואנדערוועג מיין צווייטן ברודער שמועלקע) און מיט יהודה האָכערמאן און מיט נאָך אייניקע פון אונזער גרופע גענומען דעם שטעקן אין האנט און מיר זיינען צוריק געגאנגען. דער וועג צוריק איז געווען פול מיט די גרעסטע סכנות, און עס איז געווען פשוט מסירת נפש. מיר האָבן אונזער וועג פון 600 קילאָמעטער דורכגעמאכט צו פוס. מיר זיינען געגאנגען דורך פעלדער און וועלדער, ווייל דורך נאָרמאלע וועגן, אין פוילישע דערפער האָט מען זיך מורא געהאט צו ווייזן, וואָרום די פוילישע באפעלקערונג איז געווען שרעק־לעך געשטימט שוין דעמאָלט קעגן אונז. איבעראל האָט מען געהאט דעמזעלבן פזמון, אז די יידן מיט די סאָוועטן האָבן געמאָרדעט פאָליאקן. הגם די דייטשע ארמיי האָט אלע פליטים דעמאָלט געהאָלפן און האָט זיי דערלויבט זיך צו באנוצן מיט זייערע טראנספּאָרטאציע־מיטלען, כדי זיי צוריקצובערענגען אהיים, איז



יעקב זלצמן



ישראל מידלארז

פאר אונז יידן געווען סכנת נפשות מיט זיי צו פאָרן, ווייל די פּאָליאקן האָבן די יידן תיכף געמסרט און דאָס איז געווען פארבונדען מיט אומקום. איינמאָל איז געשען אזוי אז מיר האָבן זיך קוים מיטן לעבן ארויסגעראטעוועט. עס איז געווען א קליינע באַן־פארבינדונג ביז פולאווע און דאָרט האָבן מיר מיט מסירת נפש זיך אריינגעריסן. נאָר א דאנק דער טונקלקייט פון דער נאכט זיינען מיר ניצול געוואָרן פון איבערגעגעבן צו ווערן דורך די פּאָליאקן אין די הענט פון די דייטשן. אזוי זיינען מיר אין מיטן נאכט אָנגעקומען קיין פולאווע. די שטאָט איז געווען כמעט אין גאנצן אָפּגעברענט פון די דייטשע פייער באָמבעס, און די יידישע באפעלקערונג, צעשראָקן און אין גרעסטן פחד, האָט מורא געהאט אונז אפילו אין א שייער אריינצולאָזן. דער גרעסטער נס איז געווען, וואָס צוליב מיין געזעלשאפטלעך־ציוניסטישער ארבעט פאר דער מלחמה האָב איך געקענט א סך עסקנים אין די דאָזיקע שטעטלעך און זיי האָבן אונז שוין איבעראל אויפגענומען און אונז כאָטש געגעבן א ווארעמען מאָלצייט און צידה לדרך. ענדלעך האָבן מיר זיך דערשלעפּט צו דער גרויסער שטאָט ראדאָם. דאָרט זיינען מיר שוין געווען צווישן אונזערע אייגענע יידן. זיי האָבן להיפוך פון די יידן אויף די קרעסן אונז אויסגעשטרעקט די האנט צו העלפן אונז און די ערשטע נאָרמאלע מאָלצייט ביי א טיש האָבן מיר געהאט אין דער דאָזיקער שטאָט. איר וועט מיר מוחל זיין, וואָס איך דערמאָן אזוי אומעטום די פראגע פון פארשפּייזונג, ווייסן דאָך די אלע קוים געראטעוועטע פון די לאגערן, וואָס עס הייסט הונגער און נישט האָבן קיין שטיקל ברויט, ווען דער גאנצער מוח הערט אויף צו פונקציאָנירן און טראכט נאָר אין איין ריכטונג: פון וואנען נעמט מען עפּעס צום עסן צו דערהאלטן דעם גוף.

מיר האָבן זיך ווייטער געשלעפּט פון שטעטל צו שטעטל. דורך די זעלבע וועגן, מיט וועלכע מיר זיינען עטלעכע חדשים פריער געגאנגען קיין מזרח, זיינען מיר איצט צוריקמארשירט, אין די נעגל פון דער אָקופּאציע מאכט, ביז מיר זיינען אין איינעם א טאָג אין מיטן נאָוועמבער אָנגעקומען אין אונזער שטאָט. עס איז זעלבסטפארשטענדלעך, אז אונזערע משפחות און ספּעציעל מיינע טאטע־מאמע, וואָס זיינען געווען אליין אין הויז, האָבן זיך זייער דערפרייט מיט אונז, אָבער עס זיינען געווען מענטשן, וואָס זיינען געשטאנען גרייט מיט די רוקזעק צו מארשירן קיין מזרח. ווען זיי האָבן געהערט די בשורות טובות, וואָס מיר האָבן זיי געבראכט, איז זייער ענטוזיאזם אָפּגעשוואכט געוואָרן. סוף כל סוף האָבן דאָך אין אָנהויב די אָקופּאנטן, אחוץ עטלעכע ווייניקע אויסנאמעס, נאָך נישט ארויסגעוויזן דעם גאנצן פּרצוף זייערן און מענטשן האָבן געטראכט, אז טאָמער וועט מען אפשר קאָנען איינשטעלן א שטיקל לעבן אונטער די געגעבענע אומשטענדן.

צום סוף וויל איך באמערקן, אז דאָס וואָס האָט זיך פּיינפול געוואָרפן אין די אויגן, איז געווען די גלייכגילטיקייט און די זאָרגלאָזע חוצפּה פון אונזערע פּוילישע שכנים. זיי זיינען באלד געוואָרן די גרעסטע פּאטריאָטן פון דער דייטשער אָקופּאציע מאכט, געהוליעט און געשיכורט און געלאָזט זיך וואויל גיין אזוי ווי עס וואָלט זיי גאָר קיינמאָל נישט איינגעפאלן, אז דער גאנצער אויפגעבלאָזע־

נער פאטריאָטיזם איז נישט ווערט קיין שמעק טאבאק. ווי הינטישע קנעכט האָבן זיי גענומען לעקן און חנפענען די נייע מאכטהאָבער. און זאָל דאָ געזאָגט ווערן, אז דעם גרעסטן האס דארפן מיר טראָגן קעגן די פּאָליאקן. נאָר אין דער מיט פון אזא נידריק פאָלק איז מעגלעך געווען דער אומקום פון דעם גאנצן יידישן ישוב. זיי, די פּאָליאקן, האָבן מיט דעם גרעסטן אייפער און מיט דער גרעסטער התלהבות פארהאָלפן צום יידישן אומקום!

## ב. וואלבראָם פאר דעם חורבן

די פוילישע רעגירונג, וואס איז געווען פארנומען מיט דערשטיקן ווירטשאפט־לעך, מאָראליש און פיזיש די יידישע מינדערהייט אין פוילן, איז געווען בלינד צו דעם, וואָס האָט זיך געטאָן פאר איר אייגענער נאָז, און האָט געפּרוואווט מיט פאטריאָטישע רעדעס, וואָס האָבן נישט געהאט קיין שום ממשות, אויפצומונטערן די באפעלקערונג און זי צו בארואיקן דערמיט, אז עס וועט גאָרנישט געשען, אז מיר וועלן מיט די היטלען פארוואַרפן און פארניכטן דאָס דייטשע מיליטער און מען וועט קיין קנעפל ניט רירן פון פוילן. די יידישע באפעלקערונג איז געווען מאכטלאָז און שוצלאָז און נישט ווייניק יידן האָבן געפילט די אָנקומענדיקע קאטאסטראָפע און האָבן ביי זיך געטראכט: תמות נפשי עם פלישתים (א סך יידישע פּאָליטישע און רעליגיעזע פירער האָבן נישט געגלויבט, אז די מלחמה וועט אויסברעכן). עס איז אָנגעקומען דער 1־טער סעפּטעמבער, 1939. אין מיטן נאכט האָבן די באָמבעס אָנגעהויבן האָגלען און אונזער שטאָט, וואָס איז געווען איבער הונדערט קילאָמעטער פון דער דייטשער גרעניץ, האָט באלד דערפילט די טייווי־לאָנישע קראפט פון די דייטשע עראָפּלאנען. צוזעענדיק די אלגעמיינע אומאָר־גאניזירטקייט און פּחדנות פון אונזערע גרויסע מאכטהאָבער, האָט מען אָנגעהויבן טראכטן: מאין יבא עזרי? און אזוי האָט זיך דער בעסטער טייל פון דער יידישער באפעלקערונג, די יידישע יוגנט, ארויסגעלאָזט אויפן וואנדערוועג. מען איז געלאָפן, נישט וויסנדיק וואוהין, און וואוהין מען איז געקומען, איז דער שונא געלאָפן פאָראויס. די בהלה אויף די וועגן איז געווען גרויס און די באָמבארדי־רונגען פון די עראָפּלאנען אויף דער ציווילער באפעלקערונג האָבן נאָך פאר־שטארקט די בהלה. און דערווייל האָט דער שטן מארשירט און אויך פארנומען אונזער שטעטל. עס איז געווען א גליק, וואָס די גרויסע מוילהעלדן, די פּאָליאקן, האָבן נישט געשטעלט קיין ווידערשטאנד און דער אריינמארש איז נישט געווען באגלייט פון קיין פיזישער פארניכטונג פון דער שטאָט. אָבער די היטלעריסטישע פויסט האָט זיך באלד מיט איר גאנצער שארפקייט אראָפּגעלאָזט אויף דער יידישער באפעלקערונג. עס איז גענוג אָנצוווייזן, אז מען האָט צוזאמענגענומען דעם 6־טן סעפּטעמבער, באלד נאָך דעם אריינמארש די גאנצע יידישע מענערישע באפעלקערונג. זי געלאָזט שטיין א גאנצן טאָג אויפן מארק און זי דאן אוועקגע־פירט צו פוס קיין זאוויערטשע אין א לאגער, אמהלך פון 50 קילאָמעטער. אָבער דאָס איז ערשט געווען א פאָרשפּיל צו דעם, וואָס איז געקומען שפּעטער. עס האָט

זיך געגומען שיטן אויף די יידישע קעפּ איין גזירה נאָך דער אנדערער: יידן טאָרן נישט האנדלען; מען טאָר נישט גיין אויף די וועגן; יידן מוזן צושטעלן אלע נויטיקע מאטעריאלן פאר דער דייטשער אָקופּאַציע מאכט; יידן מוזן אויספירן די שווערסטע פיזישע ארבעטן פאר דער דייטשער ארמיי; אלע יידישע געשעפטן זיינען געשלאָסן און די סחורות רעקווירירט געוואָרן; די בעסטע יידישע וואוי־נונגען און מעבל האָבן די דייטשן אוועקגענומען. אויף דאָס אלץ דורכצופירן, האָבן די דייטשן באשטימט א „יודענראט", צו וועלכן עס האָבן געהערט יחיאל ענגלארד און משה אהרן וואָלטשינסקי, משהלה צוקערמאן און ב״ביק מיטלמאן. פירנדיקע יידישע געזעלשאפטלעכע טוער, איינגעשלאָסן דעם שרייבער פון די שורות, זיינען צו דער צייט געווען אויפן וואנדערוועג און די יידישע באפעלקערונג איז געווען כצאן בלי רועה.

פארשטייט זיך, אז די אויפגאבע פון די יודענעלטסטע איז נישט געווען קיין לייכטע. זיי האָבן געדארפט צושטעלן שקלאפן־ארבעטער און זיי זיינען געווען פאראנטוואָרטלעך פאר דער דורכפירונג פון די אלע גזירות רעות. עס מוז אויך, ווי אומאנגענעם דאָס זאָל נישט זיין, דערמאנט ווערן, אז דער ערשטער יודענעלטסטער יחיאל ענגלארד האָט צום באדויערן נישט פארשטאנען די גרויסע אחריות פון דער שעה און, ארייננלאָזנדיק זיך אין נישט קיין גלייכע מסחרים מיט דעם דייטשן קאָמיסאר פון דער שטאָט, איז ער געפאלן א קרבן פון זיין אייגענער שולד, איז אוועקגענומען געוואָרן קיין אוישוויץ און האָט געטיילט דעם גורל פון אלע קדושים. פון דעמאָלט אָן ביז צו דער לעצטער אויסזידלונג אין 1942 איז געווען דער יודענעלטסטער משה אהרן וואָלטשינסקי.

קיין רשעותן מצד דעם יודענראט זיינען צום שבח פון אונזער שטאָט נישט פאָרגעקומען. עס זיינען געווען עטלעכע פאלן פון מסירות און פון אומגעבראכטע לעבנס, אָבער דאָס איז געווען די ארבעט פון טונקעלע צוגעפאָרענע עלעמענטן און פון אייניקע פון די נידריקסטע באשעפענישן פון שטאָט, וואָס האָבן געוואָלט נושא חן זיין ביי דער דייטשער מאכט און זיינען שפּעטער אליין געווען קרבנות און האָבן פאר זייערע זינד באצאָלט מ׳ט זייערע לעבנס.

## ג. וואָלבראָם אונטער דער נאצישער אָקופּאַציע

די געשיכטע פון אונזער יידיש שטעטל איז ווי די געשיכטע פון אלע אנדערע יידישע שטעט אין פּוילן, און איך וויל דערפאר זיך נישט ארייננלאָזן אין א שילדערונג פון אלע אלגעמיינע רדיפות און נגישות מצד די נאצישע מערדער, ווי פארבאָט צו פאָרן אויף די באנען, צו פארלאָזן די שטאָט (אויב א ייד איז געפונען געוואָרן מחוץ פון תחום המושב איז ער באלד דערשאָסן געוואָרן) אז״ו., וואָס האָבן זיך אויסגעגאָסן אויף די יידישע שטעט און שטעטלעך אין די יאָרן 1939 ביז 1942. די גאָר גרויסע צרות און גרוילן האָבן זיך אָנגעהויבן באלד נאָך דעם אויסברוך פון דער רוסיש־דייטשער מלחמה. ביז דעמאָלט האָט מען אפילו מיט די פריערדיקע דייטשע אָקופּאַנטן, וואָס זיינען באשטאנען מערנסטנס פון

ציווילע רשעים, נאָך געקאָנט האָבן א געוויסן קאָנטאקט. אָבער שפּעטער האָט זיך אָנגעהויבן א גאנצער פּעריאָד פון לית דין און לית דיין. מען איז נישט געווען זיכער מיטן לעבן, נישט ביי טאָג און נישט ביי נאכט. ווילדע באנדעס פון קרימינאל־פּאָליציי, וואָס איז געווען צוזאמענגעשטעלט פון די אוקראינישע און פּוילישע קאָלאבאָראטאָרן, זיינען אומגעשטערט צוזאמען מיט דער נאכט געקומען אין שטעטל. מחמת דעם פארבאָט פון פארלאָזן דאָס הויז נאָך 8 אזייגער אין אָוונט, איז יעדעס יידישע הויז געווען אָפּגעזונדערט ווי אין א מדבר, און ערשט אינדערפרי האָט מען געקאָנט באוויינען די קרבנות פון דער נאכט און זיך פרעגן וועמענס ריי עס קומט איצט. אזוי זיינען טראגיש פארשניטן געוואָרן א סך לעבנס נאָך פאר דער אויסזידלונג ווי למשל די שיינע באַלעבאטישע יידן מענדל פינקע־וויטש, אברהמלי באָרענשטיין און מרדכי דאנציגער און נאָך און נאָך. זיי זיינען געווען קרבנות פון די נאצישע משרתים. דער טעראָר און די אומדערטרעגלעכע סיטואציע האָבן זיך פארשארפט פון טאָג צו טאָג און אין אָנהויב 1942 איז שוין די יידישע באפעלקערונג אין גאנצן געווען אונטער דער הערשאפט פון דער געסטאפּאָ. קיין שום קאָנטאקטן מיט דער ציוו־לער דייטשער אדמיניסטראציע זיינען נישט מעגלעך געווען. דער יודענראט איז געשטעלט געוואָרן אונטערן דירעקטן קאָנטראָל פון דעם געסטאפּאָ־מערדער בייערליין מיטן זיץ אין מיעכאָוו און פון זיין הענקערישן ארויסהעלפער, דעם דייטשן פּאָליציי קאָמענדאנט באומ־גארטן, וואָס האָט געהאט זיין הויפּט־קוואַרטיר אין דער וואָלבראָמער גומי פאב־ריק. ווי נאָר ער האָט זיך באוויזן אין געטאָ, האָט קינד און קייט אָנגעהויבן צו ציטערן. באומגארטן האָט נאָך פאר דער אויסזידלונג געזייט טויט און פארניכ־טונג, וואו ער האָט זיך באוויזן. פון זיינע מערדערישע הענט זיינען געפאלן דער אָנגעזעענער סוחר און אלעקסאנדערער חסיד יהושע לעסמאן און דער זייער פיינער און איידעלער ישראל וולאָך, דער מאן פון טילע בידלאָווסקי, און פילע אנדערע.

אין אָט דעם גיהנום האָבן מיר געלעבט און פון טאָג צו טאָג, פון שעה צו שעה איז די לאגע געוואָרן אלץ אומדערטרעגלעכער. שוין נישט רעדנדיק וועגן דער אלגעמיינער לאגע, איז אויך דאָסווירטשאפטלעכע לעבן געוואָרן שווערער די גאנצע יידישע באפעלקערונג איז געווען פארשפארט אין א קליינעם שטח יעדער אויסערלעכער קאָנטאקט מיט דער פּוילישער באפעלקערונג איז געווען פארבאָטן, פאר געפינען א שטיקל ווייס ברויט אָדער צוויי אייער אין א הויז האָט מען גלייך אויפן אָרט דערשאָסן. קאָן מען זיך פאָרשטעלן, ווי אזוי די לאגע פון די יידן האָט אויסגעזען — הונגער און נויט, עפּידעמישע קראנקהייטן, נישט קיין האָלץ אָדער קוילן פאר באהייצונג אין ווינטער. כדי צו דערהאלטן זייערע נשמות האָבן מענשן פארקויפט חפצים, קליידונג און שטוביקע זאכן און אלץ וואָס נאָר מעגלעך. עס איז אזוי ווייט דערגאנגען, אז מען האָט אראָפּפארקויפט פון זיך דאָס העמד פון לייב.

דער זומער 1942. הגם די זון האָט געשיינט ווי אלעמאָל, איז געווען דער טונקלסטער און שווארצסטער זומער פון גאנצן פּוילישן יידנטום און ספּעציעל פאר אונזער שטעטל. שוין אין מאי 1942 האָט זיך אָנגעהויבן די ערשטע אויסזידלונג

אין אונזער קרייז און פון א טייל פון דער יידישער באפעלקערונג פון סלאָמניק. און הגם דאָס שטעטל איז געווען אין גאנצן 30 מייל פון אונזער שטאָט, האָט מען בכלל נישט געוואוסט, אָדער נישט געוואָלט וויסן, וואָס עס האָט מיט די מענשן פאסירט. דאָס איז געווען דער ערשטער צייכן פון דעם אָנקומענדיקן שטורעם. מענשן זענען ארומגעגאנגען מיט פארבראָכענע הענט און זיך געפרעגט, וועןמעס ריי עס קומט. א פאָר טעג פאר ראש השנה, דעם 6־טן סעפטעמבער, וואָס איז געפאלן אין א שבת, איז געווען דער יום הדין פאר דער יידישער באפעלקערונג פון אונזער שטאָט. שוין עטלעכע טעג פריער האָט אָנגעהויבן וואקסן דער אומרו און די אומגעדולד פאר דער זיך אָנרוקנדיקער סכנה, און די דייטשן, כדי צו פארבאהאלטן זייערע כוונות, האָבן נאָך אין דער לעצטער מינוט באוויזן צוזאמענצונעמען קינד און קייט, יידישע מענער און פרויען, צו דער ארבעט פון אויסטרוקענען די באגנעס (זומפן). די ארבעט ביי די זומפן איז אָנגעגאנגען ביז צו דער לעצטער מינוט.

פרייטיק ערב דעם 16טן סעפטעמבער צו חצות זיינען זיך צונויפגעקומען די מלאכי חבלה אין דער יידישער קהילה אנטקעגן דער שטאָטישער שול און האָבן ארויסגעגעבן דעם באפעל אז צומאָרגנס, שבת אינדערפרי, 8 אזייגער, זאָל זיך די גאנצע יידישע באפעלקערונג פארזאמלען אויפן מארק, פון וואנען זיי וועלן מכלומרשט איבערגעזידלט ווערן צום „אָסטען". הערנדיק לייענען דעם דאָזיקן באפעל פון דעם מערדער בייערליין מיט זיין גאנצער טונקעלער חברותא, און הערנדיק אויסרעכענען די אלע טויטשטראָפן, וואָס װארטן אויף יעדן איינעם פאר נישט אויספירן די באפעלן, האָב איך זיך געטראכט. וויפיל מיתות משונות וועט מען דארפן געפינען אויף צו באצאָלן די דייטשן פאר דער פיין פון די אומשולדיקע קדושים.

אין דער גרויסער שטילקייט פון דער נאכט האָט מען געהערט דאָס קנאלן פון די מאשינענגעווערן פון די דייטשע מערדער, וואָס האָבן ארומגערינגלט די שטאָט, כדי צו פארהיטן עס זאָל חס וחלילה עמיצער זיך נישט ארויסרייסן פון שטאָט, צומאָרגנס, זייער פרי, שוין פון פינף אזייגער אָן, האָט דערזעלביקער תלין מיט דער הילף פון פוילישע פאָליציסטן און אוקראַינישע מערדער געגומען טרייבן אלע יידן צו דעם פראָוויזאָרישן זאמלפונקט אין מארק. זיי האָבן געפרואווט צו באאיינפלוסן די זקנים און אויך פרויען און קינדער, אז זיי זאָלן זיך אויפזעצן אויף ספעציעלע וועגענער אויף צוצופירן זיי צום אויסזידלונגספונקט, וואָס האָט זיך געפונען דריי קילאָמעטער פון די שטאָט אויף א גרויסן זומפיקן באָדן. אנטקעגנאיבער דער וואָלבראָמער גומי־פאבריק. א סך מענשן האָבן זיך געלאָזט ארייננארן אין דער פאסטקע און אָנשטאט צום אויסזידלונגספלאץ האָט מען זיי צוגעפירט צום וואלד הינטער דעם יידישן בית החיים און דאָרט זיינען שוין געווען פון פריער צוגעגרייטע גריבער, געגראָבן פון פוילישע שטשעלציס און פון יוגנט אָרגאניזאציעס. דאָרט האָבן די דייטשן זיי אלעמען געהייסן זיך אויסטאָן נאקעט און זיך אויסשטעלן אין א ריי. דאן האָט מען זיי מיט א מאשינגעווער אויסגעשאָסן און גלייך אריינגעוואָרפן אין די גריבער. אזוי ארום זיינען באלד אין אָנהויב



דוד וויינשטאַק
נפל בצבא האדום
געפאַלן אין דער רויטער אַרמיי



מרדכי ווייסבראָט

אומגעקומען עטלעכע הונדערט יידן. די צאָל וואָלט געווען נאָך א סך, א סך גרעסער, אָבער דאָס גליק איז געווען, וואָס די פרומע און רעליגיעזע יידן האָבן נישט געוואָלט מחלל שבת זיין און האָבן זיך געוואָלט בעסער שלעפן צו פוס. אויף אזא אופן האָבן זיי אויסגעמיטן דערהרגעט צו ווערן אויפן אָרט ביים בית החיים. אין משך פון עטלעכע שעה, ביז מיטאָגצייט פון דעם שווארצן שבת, איז די גאנצע יידישע וואָלבראָם געטריבן געוואָרן, באוואכט פון די דייטשן, פּאָליאַקן און אוקראַינער, ביז צו דעם אויבן דערמאנטן טראנספּאָרטאציע פונקט. און אין שטאָט אליין זיינען געבליבן די דייטשע מערדער. וואו נאָר זיי האָבן געפונען א ייד, האָבן זיי אים אומגעבראכט. זיי האָבן דערהרגעט עטלעכע אלטע יידן, וואָס האָבן נישט מער געקאָנט גיין צום אויסזידלונגספלאַץ און האָבן געוואָלט בעסער שטאַרבן אויף זייער אייגן בעט. עס זיינען דערהרגעט געוואָרן דער אָנגעזעענער סוחר מלך פאצאנאָווסקי און איינער פון די עלצטע אין שטאָט, דער שטאָט זקן, דער יידישער בעקער חיים שלמה ווייסבעקער. אויך מיין פאָטער און מוטער ע"ה יצחק און גיטל שרה צוקערמאַן, וואָס זיינען געטריבן געוואָרן צופוס צום אויס־זידלונגספלאַץ, זיינען אויפן וועג נעבן דער גאַרבערײַ דערשאָסן געוואָרן. וואו זייערע קברים געפינען זיך ווייס איך נישט. א טאָג פריער האָט זיך אליין גענו־מען דאָס לעבן בידלאָווסקי, דער זון פון דעם אָנגעזעענעם שטאָטישן עסקן און מזרחי טוער הערשל בידלאָווסקי. איך וויל דאָ אויך דערמאנען די מסירות נפש פון דעם וואָלבראָמער רב. נישט וועלנדיק זיך אויסבאהאלטן, איז ער ארויס אינ־דערפרי צוזאמען מיט א גרופּע פרומע יידן ווי משה פּייוועל און אנדערע, און האָט מאַרשירט פון דער שולגאַס, זאָגנדיק די שבתדיקע תפילות שחרית אונטערן

פרייען הימל ביז צום אויסזידלונגספונקט און זיין איינציק באדויערן איז געווען, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט טרעפנדיק מיך אויפן וועג: „מושה׳ל, צו וואָס האָב איך זיך נאָך געדאַרפט לאָזן אָפּשערן די באָרד?"

אויף דעם אויסזידלונגספלאַץ האָט מען די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג פון אונזער שטאָט צוזאַמענגעפרעסט מיט די יידן פון פילץ, זשאַרנאָווצע, און אויף א קליינעם זומפיקן שטח, אָפּגעטיילט באַזונדער די מענער און די פרויען. און זיצנדיקערהייט אין קויט און אין שמוץ האָט קיינער זיך נישט געטאָרט אויפ־שטעלן. ווער עס האָט געפּרוּווט זיך אויפשטעלן, האָבן אים די ארומיקע היטער, די שטשעלציס און די פוילישע וואכלייט אונטער דער אָנפירונג פון דער געסטאַפּאָ און פון די דייטשע זשאַנדאַרן, געשלאָגן מכות רצח מיט די קאָלבעס פון זייערע ביקסן.

אזוי האָט מען אָפּגעפינסטערט א גאַנצן מעת לעת ביז זונטיק ביינאַכט, ווען עס איז אָנגעקומען דער צוג מיט די פי־וואַגאָנען, וואו מען האָט צוערשט די פרויען, קינדער און אלטע לייט אריינגעפּאַקט צו הונדערט מענשן אין א וואַגאָן, וואו עס איז קוים געווען פלאַץ פאר 40. די פרויען, קינדער און זקנים זיינען אזוי ארום געווען צווישן די ערשטע קרבנות וואָס מען האָט אוועקגעפירט פאר־שניטן צו ווערן. ווי מען האָט זיך שפּעטער דערוואוסט, איז דער טראַנספּאָרט מיט די ערשטע קרבנות פון דער שטאָט און אומגעגנט געשיקט געוואָרן אין דעם פרימיטיוון באַרבאַרישן טויטן־לאַגער בעלזשעץ, פון וואַנען קיין איינציקער האָט זיך נישט געראַטעוועט. די געזונטע מענער און די יונגעלייט האָט מען יעדן טאָג ביז סוף וואָך פאַרקויפט ווי שקלאַפן אויפן מאַרק. עס זיינען יעדן טאָג געקומען מענשן־הענדלער פון די פאַרשידענע צוואַנגסלאַגערן און האָבן איינגעהאַנדלט די לעבעדיקע סחורה. אזוי זיינען די מענער אין דער צאָל פון איבער 2,000 צעשפּרייט געוואָרן איבער פאַרשידענע צוואַנגסאַרבעטס־לאַגערן ווי פּלאַשאָוו, סטאַלאָווע וואָלע און אנדערע.

וואָס עס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין די צוויי חדשים, ביז דער צווייטער אויסזידלונג, קאָן קיין מענשלעכע פּעדער נישט באַשרייבן. עס האָבן זיך צונויפ־געזאַמלט די רעשטלעך פון די יידן, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די פעלדער און גריבער בעת דער ערשטער אויסזידלונג, און אויך פון די ארומיקע שטעטלעך האָט זיך אָנגעזאַמלט א צאָל פון עטלעכע הונדערט נפשות, און מיר האָבן זיך ארומגעדרייט ווי אין תוהו ובוהו און געוואַרט אויף אונזער ריי, נישט מאַכנדיק זיך קיין אילוזיעס מער וועגן אונזער אייגענעם גורל.

אַל׳ע רעשטלאַך פון די יידן האָבן זיך קאָנצענטרירט ארום דעם שטאָטישן בית המדרש. מען האָט אונז ווידער געפּרוּווט, כדי צו פאַרדעקן די אמתדיקע כוונות, צו פאַרנאַרן מיט אילוזיעס פון ליקווידירן די שטאָט. מיר האָבן צוזאַמענ־גענומען דאָס גאַנצע האָב און גוטס פון די צעשטערטע יידישע היימען אין דער ווייבערישער שול אין שטאָטישן בית המדרש און דאָרט אהין איז דער מערדער באַוואָרטן געקומען יעדן טאָג מיט נייע גזירות צו די קוים זשיפּנדיקע, צייט־ווייליק געראַטעוועטע יידישע קרבנות. וואו נאָר מען האָט געכאַפּט א ייד, ווען עס איז געלונגען זיך אויסצובאַהאַלטן אין די ארומיקע דערפער פון דעם יום

הדין, האָט מען אים געבראַכט צו אונז. אָבער די גרעסטע אכזריותן האָבן די דייטשן ארויסגעוויזן צו די, וואָס עס האָט זיך זיי איינגעגעבן צו אנטלויפן פון צווישן די פארשיקטע אין די לאַגערן. ווי נאָר איינער פון אָט די מענשן איז אַריינגעפאַלן אין זייערע הענט, האָט מען אים געבראַכט פאר דער שול און אים דאָרט דערשאָסן. אזוי האָט מען אויפן שולהויף דערשאָסן מענדעל נאַרציס און זיין זון, וואָס זיינען אנטלאָפן פון דעם ארבעטסלאַגער הינטער קראָקע און הערנ־דיק, אז עס זיינען נאָך פאַראַן יידן אין שטאָט, זיינען זיי צוריקגעקומען. דורך א מסירה פון זייערע אייגענע פוילישע שכנים זיינען זיי אריינגעפאַלן אין די הענט פון די מערדער. איך וויל דאָ אויך אונטערשטרייכן דעם טראַגישן גורל פון די ווייניקע, וואָס עס איז זיי געלונגען ביי דער ערשטער אויסזידלונג צו פארמיידן


יחיאל אימערגליק


נחום זעלינגער

די פארניכטונג און זיך אויסצובאהאלטן אין די ארומיקע דערפער. זייער לאַגע איז געווען ממש אומדערטרעגלעך. די באַציאונג פון די „גוטע פריינט", די פּאָליאַקן און שכנים, איז געווען נאָך ערגער ווי פון די דייטשע מערדער. זיי האָבן געהאָלפן אויסזוכן, אויסגעפינען און אויסליפערן יעדעס יידישע קינד און עס איבערגעבן צו דער פארניכטונג.

די צווייטע אויסזידלונג איז פאָרגעקומען ארום מיטן נאָוועמבער. דער טאָג איז געווען א כמורנער, ס'האָט גערעגנט און געשנייט. די מערדער האָבן צוזאַמענגענומען די רעשטלאַך פון דעם ביסל איבערגעבליבענע יידן און זיי גע־טריבן צו פוס קיין מיעכאָוו. אויף דעם טראַגישן מארש זיינען באַלד געפאַלן קרב־נות, צווישן זיי דער אָנגעזעענער אַפּאָטעקער און געוועזענער יידישער בירגער־מייסטער הענריק ראָזענבאַום און דער איבעראַל באַליבטער, הארציקער פּאָלקסטימלעכער, שטאָטישער פעלדשער יאַנקעל מעלאַך. זייענדיק שוין קלאָר

באַוואָוסט וועגן אונזער גורל. האָבן זיך נאָך אייניקע — נישט קיין סך — געראַ־טעוועט דורך דעם, וואָס זיי זיינען באַצייטנס אַנטלאָפן אָדער זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן. צווישן די, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אויף אַ בוידעם איבערן אַלעקסאַנדערער שטיבל אין הויז פון דער אָנגעזעענער משפחה האַכערמאַן, עד יעבור זעם, האָב איך זיך אויך געפונען, און צוויי טעג שפּעטער האָב איך זיך געלאָזט אין וועג אַריין מיט מיינע דריי ברידער און נאָך אַנדערע צו שוואַרצן די גרעניץ און צו אַנטלויפן אין דערבייאיקן אָבערשלעזיע, אין דעם „גן עדן" פון מאָניעק מערין. דעמזעלבן וואָנדערוועג האָבן מיטגעמאַכט די רעשטלאַך פון די וואָלבראָמער יידן. וועגן דעם, וואָס עס האָט פּאַסירט מיט די מענטשן שפּעטער וויל איך, הגם עס האָט אויך אַ פּערזענלעכן כאַראַקטער, רעדן אין ווייטערדיקן קאַפּיטל.

## ד. דער גורל פון די רעשטלאַך פון די וואָלבראָמער יידן אין זאַגלעמביע

איך וויל איבערגעבן אין עטלעכע ווערטער, ווי ווייט מיין שפּראַך איז בכוח עס אַרויסצוברענגען, די יסורים און פּייניקונגען, וואָס אונזער גרופּע האָט געהאַט איבערצוטראָגן. אין דער גרופּע האָבן זיך אויך געפונען אַחוץ מיין ברודער יאַנקעל מיט זיינע צוויי זין און מיין ברודער כאַסקעל, אויך הערשל בידלאָווסקי מיט זיין שטומען זון דוד, מאיר שוחט מיט זיינע צוויי זין און נאָך אַנדערע, וועמעס נעמען זיינען מיר אַרויס פון זכרון. עס האָבן אונז געפירט פּוילישע שמוגלערס, די גרעסטע אויסוואורפן פון שטאָט. מיר האָבן דעם מהלך פון 100 קילאָמעטער דורכגעמאַכט כמעט צו פוס, דורך וועלדער, איבער בערג, אין אַ שנייעדיקער, גליטשיקער ווינטערנאַכט. יעדע פּאָר שעה האָבן זיך די שמוגלערס אָפּגעשטעלט און געפאָדערט פון אונז אַלץ ווערטפולע, וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט. אָנגעקומען איז די גרופּע פון אַן ערך 30 מענטשן כעלות השחר קיין סאָסנאָוויצע און האָט זיך צעשפּרייט צווישן באַקאַנטע און קרובים. אָבער דאָ האָט זיך ערשט אָנגעהויבן די גרויסע טראַגעדיע. מיר האָבן געמיינט, אַז קומענדיק צווישן יידן, וואָס זיינען נאָך דערווייל געזעסן אין זייערע וואַרעמע היימען, וועט מען אונז מקרב זיין און לאָזן אָפּכאַפּן דעם אָטעם. איך דערצייל דאָס ווייטערדיקע דערפאַר. ווייל דאָס איז געווען נישט בלויז דער גורל פון אונזער גרופּע, נאָר אויך פון די אַלע רעשטלאַך פון די יידן, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון די אַרומיקע שטעטלעך קיין זאַגלעמביע.

דער יודענראַט פון זאַגלעמביע, וועמעס זיץ־אָרט איז געווען אין סאָסנאָווי־צע, און ספּעציעל דער אָנפירער פון יודענראַט, משה־מאָניעק מערין, האָט מורא געהאַט פאַר דער געסטאַפּאָ און פאַר די קאָנסעקווענצן, וואָס קאָנען טרעפן דעם דאָרטיקן יידישן ישוב פאַר אויסבאַהאַלטן ביי זיך יידן פון דעם אַזוי גערופענעם „גענעראַל גאָווערנמענט" און האָט אונז דערפאַר אָנגעהויבן צו רודפן. די פּאָלי־צייליים פון יודענראַט האָבן געמאַכט אָבלאַוועס אין מיטן נאַכט און האָבן אונז געוואָלט צווינגען, מיר זאָלן זיך לאָזן פאַרשיקן אין די דייטשע לאַגערן אויף

צוואנגס ארבעט אָדער מיר זאָלן פארלאָזן דעם שטח פון זאגלעמביע. זיי האָבן געדראָט די מענשן, וועלכע וועלן געבן א מקום מקלט פאר זייערע קרובים פונעם „גענעראל גאָווערנמענט", מיט פארשיקונג קיין אוישוויץ און, כדי אָפצושרעקן די יידישע באפעלקערונג, האָט עס מאָניעק מערין אין אייניקע פאלן אויף אַן אמת דורכגעפירט. די בהלה צווישן די געפלאָגטע אנטלאָפענע רעשטלאך פון די ארומיקע שטעטלאך איז געווען אין לשער. אייניקע אָנגעזעענע יידן פון אונזער שטאָט האָבן געפרואווט אויף פארשידענע אופנים זיך משתדל צו זיין ביי מאָניעק מערין אָפצושאפן אָדער כאָטש טיילווייז צו לינדערן די דאָזיקע גזירה פון יידן לגבי זייערע אייגענע ברידער. דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות איז אליין אוועק צום פאָרזיצער פונעם יודענראט אין בענדין, א. מאָלטשאצקי, וועמען ער האָט נאָך געקענט פון פארן קריג ווי א טוער פון קרן קימת, און אין זיין הויז האָבן זיך פארזאמלט די חשובסטע באלעבאטים, די חשובסטע פני העיר פון בענדין און ער האָט מיט זיי א גאנצע נאכט איינגעטענה'ט און זיי איבערגעגעבן וועגן די שרעקלעכסטע רציחות, וואָס האָבן זיך אָפגעשפילט אין די אלע ארומיקע שטעטלעך פאר זייער נאָז. אָבער די מענשן, וואָס זיינען נאָך געזעסן אויף זייערע ערטער, האָבן בשום אופן אָדער נישט געקאָנט אָדער נישט געוואָלט באגרייפן די קאטאסטראָפע, וואָס רוקט זיך אָן אויך אויף זיי און האָבן נישט געוואָלט פארשטיין. אז פאר די דייטשע רוצחים איז נישט פאראן קיין אונטערשיד צווישן די יידן פונעם „גענעראל גאָווערנמענט" און די יידן פון זאגלעמביע.

די לאגע פון די געראטעוועטע רעשטלאך איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן אלץ אומדערטרעגלעכער. קרובים און פריינט האָבן אויף זיי געקוקט ווי אויף א סכנה פאר זיך. עס איז דערגאנגען אזוי ווייט, אז דער ברודער פון מאָניעק מערין האָט צוזאמענגערופן 2000 יידן פון זאגלעמביע און זיי געוואָרענט פאר די קאָנסעקווענצען פון דעם, וואָס זיי האלטן זייערע קרובים ביי זיך און געפאָדערט אלע ארויסצוטרייבן אין גאס. אלס פועל יוצא דערפון האָט מאָניעק מערין צוזאמען מיט דער געסטאפאָ פארטראכט א פלאן, אז מען זאָל די פליטים פון דעם אזוי גערופענעם „גענעראל גאָווערנמענט" (ווי באוואוסט, איז אונזער שטאָט ביז אָלקוש געווען פארעכנט צו דעם פון היטלער געשאפענעם „גענעראל גאָווערנמענט) צוזאמענעמען און זיי האלטן אין א קאזארמע ווי אן ארבעטער-קאָמאנדע באוואכט פון דעם יידישן אָרדנונגס-דינסט אונטער דער אויפזיכט פון דער געסטאפאָ. דעם דאָזיקן פלאן האָט ער איבערגעגעבן אויף א בעראטונג פון אייניקע פירער פון די ארומיקע שטעטלאך און אלע איינווענדונגען און באמיאונגען צונישט צו מאכן דעם פלאן און אונז לאָזן צורו, האָבן נישט געהאט קיין ווירקונג. און אין איינעם א שבת אָוונט האָט מאָניעק מערין, וויסנדיק וואו איך געפין זיך. גערופן מיך אויף דער יידישער פאָליציי און מיר דערקלערט, אז די רי קרימינאל-פאָליציי פון בענדין זוכט מיך ארום פאר מיינע געזעלשאפטלעכע טעטיקייטן אין וואָלבראָם און אז איך האָב צוויי אויסוועגן: אָדער צו פאר-שווינדן צוזאמען מיט מיינע ברידער און די איבריקע רעשטלאך פון מיין משפחה ווי צום שנעלסטן פון דעם שטח פון זאגלעמביע, אָדער צו גיין אין דעם אזוי

גערופענעם א.ק. לאגער (ארבעטס קאָמאַנדאָ), וואָס עס שאפט פאר די פּליטים. נישט האָבנדיק קיין אנדערן אויסוועג און נישט וועלנדיק שטעלן אין סכנה די גערעטעוועטע רעשטלאך, האָב איך באַשלאָסן צו גיין אין א.ק. און דעם 11־טן דעצעמבער, 1942, איז דער א.ק. געשאפן און איינגעאָרדענט געוואָרן אין אן אָפּגעזונדערט הויז אויף איינער פון די גאסן אין סאָסנאָווצע. מאָניעק מערינס ציל איז געווען א קלאָרער: וויסנדיק וועגן מיין פּאָפּולערקייט צווישן די פּליטים, האָט ער זיך געטראכט, אז די אנטלאָפענע וויבאלד זיי וועלן הערן אז איך בין אין לאגער. וועלן זיי זיך פרייוויליק מעלדן. און אזוי איז עס טאקע געשען. אזוי ווי עס איז געוואָרן אומדערטרעגלעך פאר די אלע יידן, זיך ווייטער אויפצוהאלטן אין שטאָט, האָבן זיי מאסנווייז אָנגעהויבן שטראָמען אין א.ק. אריין און עס האָבן זיך אין א.ק. אָנגעזאמלט ארום 400 מענשן פון פארשידענעם עלטער, פרויען און מענער, פון די ארומיקע שטעטלאך פּיליצא, זשארנאָווצע, מיעכאָוו, א. א. די גרעסטע צאָל איז אָבער געווען פון אונזער שטאָט, צווישן זיי די אָנגעזעענע באלעבאטים מיכאל פּערלמוטער און זיינע זין, משה ווייסבראָד און זין, די צוויי טעכטער פון דוד זילבערבערג און שלמה קיווקאָוויטש׳ס טעכטער, עוזר שניצער, הענעך וואָלטשינסקי און אויך מיינע ברידער יאנקעל מיט זיינע צוויי זין, און שמעלקע, יחזקאל און מאיר. צוזאמען מיט מיר און מיט מיינע שוועסטער־קינדער משהל און לייבל האָט מען אויך געבראכט אין א.ק. דעם באקאנטן ציוניסטישן עסקן פון בענדין, דר. רעכטמאן, וואָס איז דעמאָלס צוריקגעקומען קיין זאַגלעמביע פון זיינע וואנדערונגען אין רוסלאנד. אזוי ווי עס איז געווען ווינטער און גרויסע שנייען, האָט מען אונז גענוצט פאר רייניקן דעם שניי אויף די גאַסן פון סאָסנאָווצע און אויך צו דעמאָלירן אלטע הייזער אין דער אלט־שטאָט. עס



חיה לאה גוטליב־נוסבוים ובנה
חיה לאה גאָטליב־נוסבוים מיט איר זון

איז אומעגלעך צו באשרייבן, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אויף די גאסן אין סאָסנאָוועצ. עס איז געווען שרעקלעך אונז צו זען מיט די ספּעציעלע ווייסע אַרמ־בענדער נעבן דער געלער לאטע מיטן אויפשריפט א.ק., באוואכט פון יידישן אָרדנונגס־דינסט, מארשירן מיט די לאָפּאטעס און רייניקונגס־מכשירים צו דער ארבעט. אָבער אזוי ווי אין חומש שטייט, ווען מען האָט געשיקט בלעם'ן ער זאָל שעלטן און ער האָט געמוזט בענטשען, אזוי איז די ארבעטס קאָמאנדע פון די שלעכטע כוונותביים גרינדען פארוואנדלט געוואָרן אין אן אנטרינונגס־פּלאץ, אין א מקום מקלט פאר די רעשטלאך יידן פון אונזער געגנט.

די ארבעטס־קאָמאנדע (א.ק.) האָט נושא חן געווען, ספּעציעל ביים ציוויל־בירגערמייסטער פון דער שטאָט סאָסנאָוועצ, ווייל מיר האָבן דאָך געטאָן שקלאפן־ארבעט בחינם, און דער בירגערמייסטער האָט אונז גענומען אונטער זיין שוין ווי די בעסטע ארבעטס־גרופּע אין זאגלעמביע. און אויך די יידישע מושלים מיט מאָניעק־מערין בראש האָבן זיך מיט אונז געיחוסט און געוואָלט אונז האָבן, כדי אז טאָמער וועט דאָך געשען א נס און מיר וועלן איבערלעבן די מלחמה, זאָל ער אונז קאָנען האָבן פאר אן „אליבי” און זיך מיט אונז באווייזן ווי געראטעוועטע פון די רעשטלאך פון אונזערע שטעטלאך.

אָבער דער „גן עדן” האָט לאנג נישט אָנגעהאלטן. עס איז אויך געקומען דער אומפארמיידלעכער גורל פאר די זאגלעמביער יידן. איין אויסזידלונג נאָך דער אנדערער; יעדעס מאָל האָב איך געמוזט ארויספירן די גרופּע פון א.ק. אויפן אויסזידלונגס־פּלאץ; עטלעכע מאָל איז אונז געלונגען אויסצומיידן ארויס־געשיקט צו ווערן מיטן טראנספּאָרט קיין אוישוויץ און דאָס האָט ארויסגערופן גרויס קנאה צווישן די זאגלעמביער יידן. אָבער אויך דאָס האָט נישט לאנג אָנגעהאלטן. יוני 1943 איז אויך אין זאגלעמביע די לאגע שוין געוואָרן נישט צום איבערטראָגן און אין איינעם א פרייטיק האָט מען אוועקגעפירט מאָניעק מערין און זיין ברודער חיים, פאני טשארני און נאָך אנדערע אין אן אומבאקאנטער ריכטונג. זייענדיק שפּעטער אין אוישוויץ, בין איך געוואויר געוואָרן, אז מען האָט זיי דאָרט אומגעבראכט. דאָס איז געווען דער צייכן, אז דער גזר דין פאר די רעשטלאך פון די זאגלעמביער יידן און אויך פאר אונז איז געווען געחתמעט.

ביי איינער פון די שפּעטערדיקע אויסזידלונגען אין זעלבן חודש האָט מען א האלבן א.ק. (ארום 200 מענשן) אוועקגעפירט אין פארשידענע ארבעטס־לאגערן און זיי האָבן דערביי נאָך געהאט גרויסע זכותים, וואָס זיי זיינען נישט געגאנגען מיטן געוויינלעכן טראנספּאָרט צו דער פארניכטונג. פון די אוועקגעפירטע האָט זיך א גרויסער טייל געראטעוועט און לעבט ביזן היינטיקן טאָג. עס איז מיר נישט מעגלעך פונעם זכרון אויסצורעכענען אלע זייערע נעמען. איך אליין האָב זיך דעמאָלט ציטווייליק אויך קוים ארויסגעראטעוועט דורך א צופאל און צוריקומענדיק אין א.ק., זיינען מיר געבליבן מיט די רעשטלאך פון ארום 200 יידן ביז צו דער אלגעמיינער, יודענריינער אויסזידלונג פון זאגלעמביע אין אויגוסט 1943. דעמאָלט האָבן שוין די איבערגעבליבענע אין א.ק. אויך געטיילט דעמזעלבן גורל, וואָס אלע זאגלעמביער יידן. זיי זיינען אוועקגעגאנגען מיטן



משה הירש הוכרמן ומשפחתו
משה הירש האָכערמאַן און זיין פאַמיליע

טראַנספּאָרט קיין אוישוויץ. צווישן זיי זיינען אויך געווען עוזר שניצער, חנוך וואָלטשינסקי, מיינע ברידער יאַנקעל מיט זיינע צוויי זין.

עס זיינען נאָך דער טאָטאַלער אויסזידלונג נאָך פארבליבן אייניקע רעשט־לאַך, איינקוואַרטירט אין בראַונס שוסטער־שאַפּ אויף צו ליקווידירן דאָס האָב און גוטס פון די זאַגלעמביער יידן. און דער גורל האָט געוואָלט, אז איך זאָל זיין איינער פון זיי צוזאַמען מיט יהודה האָכערמאַן. דער דאָזיקער צושטאַנד האָט אָנגעהאַלטן ביז אָנהויב יאַנואַר 1944. דעמאָלט האָט מען אַרומגערינגלט אויך דעם לעצטן נעסט פון זאַגלעמביער יידן און בלויז א צופאַל איז עס צו פאַרדאַנקען, וואָס איך בין אַרויס מיט א גרופּע אין א צוגעגרייטן בונקער אין קאַטאָוויץ, וואו עס האָבן זיך געפונען אַרום 20 מענשן אונטער דער ערד פון א שייער פון תבואה און דאָרט האָט אונז פאַר שווער געלט א פאָלקס־דייטשער מיטן נאָמען קעמפּקא אויסבאַהאַלטן. אָבער אויך די אידיליע האָט נישט געדויערט לאַנג, ווייל אויך דאָרט איז די לאַגע געוואָרן אומדערטרעגלעך און מיר האָבן באַשלאָסן צו זוכן א וועג, זיך אַרויסצושמוגלען קיין אונגאַרן. דורך פאַרשידענע וועגן האָבן מיר זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט פּאָליאַקן, וואָס האָבן זיך אויסגעגעבן פאַר מכלומרשטע שמוגלערס. זיי האָבן אונז צוגעזאָגט אַריבערצופירן איבער דער סלאָוואַקיש־אונגאַרישער גרעניץ קיין אונגאַרן. אָבער דאָס זיינען געווען פאַר־

שטעלטע אגענטן פון דער געסטאַפּאָ, און אָנשטאָט אונז צו פירן איבער דער גרעניץ, האָבן זיי אונז אויסגעליפערט אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ אין ביעליץ. פון דאָרט האָט מען מיך צוזאַמען מיט דער גאַנצער גרופּע און אויך מיט מיין שוין פריער דערמאָנטן חבר יהודה האָכערמאַן, געבראַכט קיין אוישוויץ.

מיין ווייטערדיקער פּערזענלעכער גורל איז מער נישט וויכטיק. מיינע וואַנדערונגען אין די קאָנצענטראַציע לאַגערן ביז צו דער באַפרייאונג אין בוכענוואַלד זיינען שוין די געשיכטע פון א יעדן איינעם פון די געראַטעוועטע יידן.

**אברהם שטארק**

# פּראָלאָג און עפּילאָג

שוין אין יאָר 1937 האָט זיך דאָס יידישע וואָלבראַם, ווי איבריקענס אַלע יידישע שטעט און שטעטלעך אין פּוילן, געפונען אין זער א געדריקטער שטימונג. דער אנטיסעמיטיזם האָט זיך פארשטארקט פון טאָג צו טאָג און אנגענומען אָרגאַניזירטע כמעט אָפיציעל אנערקענטע פאָרמען. עס האָט זיך געפילט, אז דאָס מאָל איז עס נישט דער אלט באקאנטער אנטיסעמיטיזם, צו וועלכן יידן זענען שוין געוווינט, ווי א שטייגער די פרעסט אין ווינטער און היצן אין זומער. דער בויקאָט, טראַנספּאַרענט „קויף נישט ביי יידן” און אנדערע, פּיקעטן פון פאשיסטישע באנדעס ביי יידישע געוועלבער, דאָס שניידן מיט זשילעטקעס די פּלייצעס פון די פוטערס פון שפּאַצירנדיקע יידישע פרויען און אנדערע כוליגאַנישע פאָרמען פון טעראָריזירן יידן — האָבן דאַמאָל ארויסגערופן ביז איצט נישט באקאנטע אומהיימלעכע געפילן: דער געפּאַך פון די בלוט אין די אָדערן קילנדיקע, ברוינע האקנקרעציקע פליגל פון דעם ריזיקן מאַקאַברישן היטלעריסטישן רויב־פויגל — האָט זיך דאַמאָל פון דעם אלעם געטראָגן אין לופט. כאָטש קיינער האָט זיך נישט אָנגעגעבן קיין רעכנונג פון דעם אמתן באדייט פון די געשעענישן. די טאָגטעגלעכע דאגות און דער נאַטירלעכער פארלאנג צו זעלבסטבארויקונג, האָבן נישט צוגעלאָזט דעם געדאנק, אז די היטלער־חילות וועלן טאקע אויף אן אמת פארנעמען פּוילן.

די לינקע קרייזן און מיט זיי די אָרעמע און מיטעלע שיכטן פון דער יידישער באפעלקערונג האָבן הייליק געגלויבט, אז דאָס מעכטיקע ראָטן־פארבאנד, דער — לויט זייער טיפן גלויבן — אויפריכטיקסטער, פארביסנסטער קעגנער פון פאשיזם, וועט אויף קיין פאל נישט דערלאָזן היטלערן צו פארנעמען פּוילן. די רעכטע קרייזן ווידער האָבן געלייגט זייערע האָפנונגען אויף ענגלאנד און די פרומע אויף — גאָט.

און דאָך האָט די געדריקטע שטימונג אויף קיין איין רגע נישט אויפגעהערט נאָגן ביים הארץ און וואָס נענטער צום היטלער־אָנפאל אויף פּוילן, איז געוואָרן אלץ מער פחדימדיקער. די איוב־בשורות האָבן גענומען יאָגן איינס דאָס

אנדערע: היטלער חילות האָבן פארנומען עסטרייך, מינכען, די היטלער חילות האָבן פארנומען טשעכאָסלאָוואקיי. וואָס אמאָל מערער האָבן אָנגעהויבן אָנקומען פון דייטשלאנד קיין פוילן יידישע פליטים, פארחושכטע, דערנידריקטע, צוזאמענ־געבראָכענע. זער נישט קיין פריילעכע ידיעות האָבן אָנגעהויבן אָנקומען פון אויבערשלעזיע. מאנכע וואלבראָמער האָבן געשלאָסן זייערע געשעפטן אין אויבער־שלעזיע און צוריקגעקומען אין זייער היימשטעטל. אייניקע פון זיי זענען געפאָרן קיין ישראל. אויך אין וואלבראָם זעלבסט זענען געווען אזעלכע געוואגטע, וואָס טראָץ די ידיעות פון ארץ־ישראל וועגן דער שווערער עקאָנאָמישער לאגע, האָבן זיי ארויסגעצויגן די געהעריקע מסקנות און עולה געווען קיין ישראל, צווישן זיי ר׳ חיים יצחק צווייגנבוים, א ייד נאָענט צו זעכציק, האָט ליקווידירט זיינע געשעפטן און מיט ווייב און קינדער אוועק קיין ארץ־ישראל. אין אלגעמיין אָבער זענען די יידן געגאנגען זייער וועג לויט די געזעצן פון ענערציע און געטראָגן אויף זייערע פלייצעס דעם לאַסט, וואָס דער גלות־גורל האָט פאר זיי צוגעטיילט.

עס זענען שוין נישט געווען די התלהבותדיקע ציוניסטישע יוגנטלעכע קעמפער פון אמאָל, וועלכע זאָלן דרייסט הויך אויסשרייען זייער וואָרט. עס זענען אויך שוין נישט געווען די שפעטערדיקע גווארדיע פון די יוגנטלעכע קאמפסלוסטיקע קאָמוניסטישע קעמפער. זיי זענען צעוואלגערט געוואָרן אין א בארג אש נאָך דעם אויפלעזן די פוילישע קאָמוניסטישע פארטיי דורך מאָסקווא. אזוי האָבן זיך די שטעטלדיקע יידן ערב דער היטלער־אָקופאציע געפונען אין דער לאגע פון צאן בלי רועה. אלע אינדערפרי האָט דער ייד אויפגעכאפט זיך מיט דער שרעק פראגע: „וואָס וועט דער טאָג ברענגען מיט זיך?" און עס איז נישט געווען ווער עס זאָל ענטפערן — אין חזון נפרץ. ביז עס איז געקומען דער שרעקלעכער טאָג.

און ער איז געקומען, דער פארשאָלטענער טאָג.

ערב דעם טאָג איז געווען א טאָג פון געקנאלערייען ארום דער שטאָט, ווי א ווידערקול פון א העסלעך אומנאטירלעכע וואקכאנאליע פון אומגעזעענע טייפל און בייזע רוחות. די שטעטלדיקע יידן האָבן זיך צוזאמענגרופירט, ווי צעשראָקענע שעפסן אין ענג צוזאמענגעדריקטע סטאדעס, אין ווינונגען, וועלכע האָבן זיך אויסגעוויזן מער פעסטערע, מער פארבאָרגענע, מער זיכערע, אונטער א האָגל פון קוילן און געקנאלעריי פון הארמאטן האָט זיך אויפן עלקישער וועג ביים וואלד אָפגעשטעלט דער עשאלאָן פון די אין פאניק אנטלאָפענע וואלבראָמער יידן פון זאגלעמביע. ווייטער איז דער עשאלאָן נישט געגאנגען און די יידן, ווי שמוגלער איבער א געפערלעכער גרעניץ, זיינען פון די וואגאָנען אראָפּ מיט די קינדער און געפּעק און איינגעבויגענע אוועק אין שטאָט. זיי האָבן פארגרעסערט די ענגקייט פון די גרופירונגען פון די אָרטיקע יידן און די באריכטיקטע אימה. איבער די געסלעך און מארק־פלאץ האָבן געצויגן צום מזרח אָפטיילונגען פון אָפטרעטנדיקן נעבעכדיקן פוילישן כמו מיליטער צו פוס, און מיידלעך פון רויטן קרייץ באהאנגען ווי פליגען אויף פויערישע וועגעלעך. זיי זיינען באשאָסן געוואָרן פון נאָך אומגעזעענעם שונא פון די ארומיקע וועלדער. דאָ און דאָרט זענען גע־פאלן פאראיינצלטע טויטע און פארוווּנדעטע. מיטן צופאלן פון דער נאכט האָט

די פינצטערע שטילע אימה איינגעהילט דאָס גאנצע שטעטל, ווי אין א דערדריי־קנדיקן שטיקנדיקן געדיכטן נעפל פון פאר וועלט־אונטערגאנג, וועלכן עס האָבן פון צייט צו צייט א דורכגעריסן ספּאראדישע ביקסן שאָסן און ראקעטן אויפבליצן. אין די וווינונגען פון די צוזאמענגעדריקטע יידן האָט זיך געפילט דער הייסער בלוטגיריקער אָטעם פון דער דערנענטערנדיקער זיך היטלער־חיה, ווי זי וואָלט זיך שוין געדרייט אין די גאסן אויף די הייף און שמעקט מיט אירע פיסקעס אונ־טער די הערמעטיש פארהאָנגענע פענצטער און אונטער די טירן, צו וועלכע עס איז געווען א פּחד צו דערנענטערן זיך. די עלטערע פרומע יידן האָבן מיט שטילן געוויין געזאָגט תהילים און די פרייע יוגנט זענען געזעסן שטומע מיט אראָפּגע־לאָזטע קעפּ. אלץ איז געווען קאָנצענטרירט אין זיך, איינגעהאָרכט צו ווערט נישט מיט וואָס עס איז געשטערט די דרויסנדיקע פּחדימדיקע פינצטערע שטילקייט. די הערצער האָבן פון זיך זעלבסט אויפגעציטערט פון דער מינדסטער אזא שטערונג — טרעט עס שוין איין?



יינטלה מייטק עם בנה ובתה ריקל
יענטעלע מייטעק מיט זון און טאָכטער

און איינגעטרעטן איז עס מיטן אויפברוך פון דעם טאָג.

און איינגעטרעטן איז עס מיט א פּלוצימדיקן געבראזג פון ביקס־קאָלבעס אין די יידישע טירן. זי צעפּראלט און מיט א פארטויבנדיקן געוויערײ — „יודען־מענער הערויס!” אלע יידישע דערוואקסענע מענער זענען ארויס אויף דער גאס און מיט די הענט אין דער הויך צוזאמענגעטריבן געוואָרן אין מארק־פּלאץ, אונטער דעם ווילדן געוואיערײ פון דייטשן מיט אויסגעצויגענע ביקסן. איך האָב א ווײלע א קוק געגעבן אין די אויגן פון אזא טרייבנדיקן דייטשן זעלנער און נאָך איצט קען איך מיר נישט אויסטייטשן: פונוואנען אזעלכע אויגן צו א מענטש. אוממעגלעך מיט ווערטער צו שילדערן דעם אויסזען פון די אויגן. עפּעס נישט

פון דער וועלט. א שטיק וואסער ווייסלעכע מאסע פון... ווי קען מען עס זאָגן — קאָנדענסירטער מאָרד לוסט פון א ניאַנדערטאַלן מענש. אפשר האָט קין געהאַט אזעלכע אויגן ווען ער האָט געהרגעט זיין ברודער הבל, און אפשר איז דאָס א באליידיקונג פאר קין?

שעהן לאנג זענען די יידן געשטאַנען אויפן מארק־פלאץ און מיט טויט־שרעק געקוקט אויף די דייטשע מחבלים, זייערע היטער מיט די שווארצע האקנ־קרייצן אויף די ארבעל און מיט די אויסגעצויגענע ביקסען גרייט צום שיסן, און שטיל געמורמלט „שמע ישראל". וואָס קען אזא מחבל שטערן, אז ער זאָל א דריק געבן אויפן צינגל פון דער ביקס?!.. באלד האָבן גענומען ציען דורכן מארק פלאץ צום מזרח מאָטאָריזירטע היטלער חילות, און פון אלע אויטאָס האָבן זיי די היטלער טייפלאָנים געשיקט צו די צעשראָקענע צוזאמענגעדריקטע יידן, זייערע ציניש צורופן באגלייט מיט געלעכטערן. דערנאָך זענען אָנגעקומען דייטשע



מנדל אינבלוצקי ואשתו

אָפיצירן, אהיימגעשיקט די עלטערע יידן און די יינגערע האָט מען געטריבן צו פוס קיין פילץ, פון פילץ קיין זאוויערטשע. אָן עסן און אָן וואסער האָט מען זיי דריי מעת לעת געטריבן איבער פעלדער, באגנעס, איבער פארקאנעס אונטער דעם שונאדיקן געוואיערריי פון דייטשע מחבלים אויף פערט. און די לעבנגעבליבענע האָט מען אונטער זאוויערטשע אָפגעלאָזט. צו דאָס איז געווען גלאט אזוי זיך אזא „גוט מאָרגען" די וואלבראָמער יידן? אָדער עפעס א באפעל, וואָס איז שפעטער אָפגערופן געוואָרן? ווער ווייסט דאָס? באלד צומאָרגנס, האָבן פאָליאקן אונטער דער אויפזיכט פון דייטשע זעלנער אויסגעפלינדערט רייכערע יידישע געשעפטן. אין זכרון איז מיר פארבליבן דאָס אויספלינדערן שאכנע שווארצבוימס לעדער־

געשעפט. הונדערטער פּאָליאקן, מענער און פרויען האָבן באלאגערט דאָס געשעפט, וועלכעס איז אויפגעבראָכן געוואָרן אונטער דער אויפזיכט פון א דייטשן אָפיצער און מיט פריידיקן יובעל האָבן די פּאָליאקן אהיימגעטראָגן זייער רויב.

אויב מיר וועלן נאָך צוגעבן, אז עטלעכע יידן זענען די ערשטע טעג שוין דערשאָסן געוואָרן, שטייענדיק אין די רייען נאָך ברויט, וועלן מיר האָבן, פאר־שטייט זיך, א ווייט נישט פול בילד, ווי עס האָט אויסגעזען דאָס ערשטע באַ־קענען זיך פון די וואלבראָמער יידן מיט זייערע תלינים — די היטלעריסטן. שפּעטער האָבן זיך די וואלבראָמער יידן, ווי די יידן פון אלע אנדערע שטעט און שטעטלעך פון דער מדינה פוילן — באקענט מיט אלע ראפינירטע רשעותדיקע מעטאָדן פון איינשלעפערן, שלאָגן, רויבן און פייניקן און ביז צום ממיתן מיט אלע מיתות־משונות, וואָס נאָר דער היטלעריזם איז מסוגל געווען אויסצוטראכטן און ווייטער איינשלעפערן, ביז צום ענטגילטיקן אומקום. ווער, מערסטנס קינדער, דורך פארזינקען אין די טאָרף באגנעס, וועלכער האָט געדינט אלס וואלבראָמער אומשלאגס־פּלאץ; ווער, אין דעם מאסן קבר, וועלכן די וואלבראָמער יידן זענען געצוווּנגען געוואָרן זיך אליין אויסצוגראָבן אין עלקישער וואלד, וווּ זיי פלעגן אין די זומער אָוונטן שעפּן פרישע לופט; און ווער, אין די טויט־לאגערן, מערס־טנס אין אָשוויענטשים. זאָל נאָך דאָ צוגעגעבן ווערן, אז די צאָל יידישע איינ־וווינער פון וואלבראָם אין דער צייט פון דער היטלער־אָקופּאציע האָט זיך מער ווי פארטאָפּלט און דערגרייכט ביז א צען טויזנט נפשות. אלע אירע זין, אלע אָפּשטאמיקע פון וואלבראָם זענען, לויט דעם תלינס באפעל, צו דער פארענדיקונג פון דער טראגעדיע, צו דער „ענטגילטיקער לעזונג" — צונויפגעקומען זיך אין דער שויס פון זייער אומגליקלעכער, אומבאהאָלפענער, שוצלאָזער, ליבער מאמע



משפחת יהושע ויאַכט צ׳פלסקי
פאמיליע טשאפעלסקי



משפחת וויינשטאָק



מאניע וויינשטאָק

וואלבראָם. קיין וואלבראָם זענען צוריקגעקומען אלע וואלבראַמער פון שלעזיען, קראָקא און אנדערע ערטער, וועלכע זענען פאראייניקט געוואָרן צו דעם מלכות הרשעה און פון וועלכע אלע יידן זענען גלייך ארויסגעטריבן געוואָרן.

---

נישט דאָס לעבן פון די וואלבראַמער יידן בעת דער היטלער־אָקופּאציע און נישט דעם פּראָצעס פון זייער פארטיליקונג וויל איך דאָ שילדערן. איך בין דערביי נישט געווען. אויף דעם אָרט וויל איך שילדערן דאָס „יידן־ריינע" וואל־בראָם, ווי איך האָב עס געטראָפן נאָך מיין צוריקקומען קיין פוילן פון ראטן־פארבאנד אין יאָר 1946. שוין די ערשטע אויפנאמע, באלד ווי אונזער עשאלאָן איז אריבער די פוילישע גרענעץ, האָט נישט דערלאָזט קיין שום אילוזיעס בנוגע די געפילן פון די פּאָליאקן צו אונז, די אָנקומענדיקע פוילישע יידן, לעבנגעבליבע־נע איין מאן פון הונדערטער פארשניטענע משפחות — א נעבעכדיק פאריתומט בלעטל אויפן ווינט. די פּאָליאקן האָבן זיך אבסאָלוט נישט זשענירט אונז אָפן ארויסצווייזן זייער זאָאָלאָגישע שנאה: „סקאנד שע וזשענל, טילע זשידאָווסקע שמיעטשי?!", און אנדערע אזעלכע אויסרופן האָבן מיר געהערט גלייך, ווי אונזער עשאלאָן איז נאָר אריבער די סאָוויעטיש פוילישע גרעניץ, אויף אלע באַן־סטא־ציעס, אויף וועלכע דער עשאלאָן האָט זיך אָפּגעשטעלט. און ווען מען זאָל נאָך

צוגעבן דאָס ווארפן די יידן פון די צעגער מיט דער קרוינונג פון קעלצער פּאָג־ראָם — דאכט זיך, אז איך האָב זיך באַדאַרפט פאַרשטעלן דעם שווארץ פינצטערן איינדרוק, וואָס עס וועט אויף מיר מאכן מיין באזוך אין מיין געבורט שטעטל וואלבראָם, און דאָך האָט דער איינדרוק ווייט איבערשטיגן די שווארצסטע דער־ווארטונגען מיינע.

שוין די באַן קיין וואלבראָם, וועלכע איך האָב געדענקט פון פאר דער מלחמה א פולגעפאקטע מיט יידן און זייער יידישן לעבנס־שטייגער, און איך האָב זיך איצט געפונען אויף דער דאָזיקער באַן איין ייד צווישן בלויז פּאָליאַקן, האָט אין מיר געוועקט אומרו. דער אומרו איז כסדר געוואקסן, וואָס מער די באַן האָט זיך דערנענטערט קיין וואלבראָם, און ווען איך האָב זיך באגעגנט מיט די אויגן פון מיינע פוילישע מיטרייזנדיקע און געמומען זיי דערקענען, האָט ווי א בושה געפיל מיך ארומגענומען, ווי איך וואָלט שולדיק געווען דערין, וואָס איך, איין ייד, בין געבליבן לעבן און האָב נאָך די חוצפה צו פאָרן דאָ מיט זיי אויף זייער באַן. פונוואנען אזא בושה געפיל ווייס איך נישט. אפשר אונטערן דרוק פון די אויגן פון מיינע מיטרייזנדיקע, וועלכע, ווי איך האָב באמערקט, האָבן אויך גענומען מיך דערקענען און פארוואונדערט געקוקט אויף מיר מיטן אויסדרוק: „זעט נאָר דאָס בייז־וואונדער, געבליבן לעבן דאָס יידל!״ אראָפּגייענ־דיק פון באַן איז מיין בליק מעכאניש געפאלן צום מיר גוט באקאנטן וואקזאל און צום פלאץ, ווו עס פלעגן שטענדיק זיך געפינען די יידישע פורמאנעס מיט זייערע פורן, שפּעטער בריטשקעס און אָפּפירן די פאסאזשירן פון באַן אין שטאָט אריין. אנשטאט דעם שטענדיק אזוי יוגנטלעך רוישנדיקן און פריידיק לאָקנדיקן וואקזאל — עפּעס א אָפּגעשטארבן הייזקע, און דער דערנעבנדיקער פלאץ מיט די פורמאנעס איז עפּעס איינגאנצן ווי פארלוירן געגאנגען. אנשטאט דעם פלאץ, וועלכער איז שטענדיק פול געווען מיט די איבעררופן פון די יידישע פורמאנעס מיט די פאסאזשירן — א ווילד פארוואקסן שטיקל פעלד. ביי דעם אויבן דער־מאנטן בושה געפיל האָט מיך ארומגענומען א שרעקלעכע אנטוישונג. וואָס איז אין מיר געוואקסן, וואָס מער איך בין אריינגעדרינגען אין שטעטל.

איך האָב דערוואַרט צו טרעפן מיין היים שטעטל וואלבראָם, טאקע אָן יידן, אָבער דאָך מיין ליב היימיש געבורט שטעטל; אָבער אנשטאט דעם, וואָס טיפער איך בין אריין אין שטעטל, אלץ מער איז געוואקסן מיין ביטערע אנט־פלעקונג: מען האָט נישט בלויז אומגעבערענגט די יידן פון וואלבראָם; נאָר אין איינעם דערמיט אומגעברענגט מיין געבורט שטעטל וואלבראָם זעלבסט.

געווען אמאָל א ליב היימיש געבורט שטעטל און נישטאָ מער!

מיין געבורט שטעטל וואלבראָם איז „באנומען״ געוואָרן דורך די „יע־נעדיקע״.

איך האָב זיך דערמאנט אין דעם אבערגלויבן פון „באנעמען״ קינדער דורך כשופמאכערינס, דורך די „יענעדיקע״, וועגן וועלכן איך האָב זיך א סך אָנגעהערט אלס יינגל. עפּעס איז מיין שטעטל וואלבראָם אָט דאָ און דאָך איז עס נישטאָ. אויסערלעך האָט אָט דאָס שטעטל איזולאַרישע ענלעכקייטן צו מיין געבורט שטעטל, אָבער עס איז געוויס נישט דאָס.



חיים דוד פיגנבלאט, אשתו ובניו
חיים דוד פייגענבלאט, זיין פרוי און 3 זין

דאָס גאנצע שטעטל איז ווי איינגעשרומפפן געוואָרן. פארדארט, פאר־קווארט געוואָרן — א בינטל ביינער. דער מארק פלאץ, א קליין מיסטיק הייפל. דאָס גאנצע שטעטל האָט זיך אויסגעוויזן שרעקלעך קליין, עפעס ווי אויסגע־היילט, אז ווען איך זאָל אויסשפרייטן די הענט, וועל איך עס איבער די דעכלעך פון די הייזלעך ארומנעמען, און צעוואלגערן דאָס שאקלהאפטע שטעטל באנומענעם דורך די יענעדיקע, וואָס האָט נאָך די חוצפה זיך אָנצורופן מיט דעם הייליקן נאָמען פון מיין אזוי טראגיש אומגעקומענעם געבורט־שטעטל וואָלבראָם.

פון אלע יידישע הייזער האָבן ארויסגעקוקט און געגלאָצט אויף מיר, ווי אויף א בייז־ווונדער, זייערע נייגעבאקענע פוילישע איינוווינער, וועלכע האָבן אין היטלערס זכות איבערגענומען די „פאזשידאווסקע" ירושה, די הייזער מיט דעם יידישן האָב און גוטס אין זיי. און איצט איז די דאָזיקע ירושה שטיל־שווייגנדיק סאנקציאָנירט געוואָרן פון דער פוילישער רעגירונג. פאר א ברוכטייל פון זייער יידישן רויב האָבן איצט די פוילישע יורשים פון די יידישע הייזער — אָפּגעקויפט פאר סימבאָלישן געצאָלט די דאָזיקע הייזער ביי די אמתע יידישע יורשים, וואָס זענען בהלהדיק איצט אנטלאָפן פון פוילן און אזוי ארום אויך יורי־דיש סאנקציאָנירט זייער ירושה.

אָבער נישט בלויז די יורשים פון די יידישע הייזער האָבן אויף מיר גע־קוקט ווי אויף א בייז ווונדער, ווי אויף א טויטן, וואָס האָט זיך פלוצים געיאָוועט



חיה דאפנער
געלעבט 103 יאָר. איר זון הירש בעריש
לעבט אין אמעריקע



היים געליבטער אין זיין פרוי

פון גרוב ארויס צו שטערן זייער פינצטערע רו; נאָר אויך די יידישע הייזער זעלבסט האָבן אויף מיר געקוקט אומהיימלעך. מאָמענטווייז האָב איך געהאַט דעם איינדרוק, אז זיי, די הייזער, האָבן אויף מיר תרעומות, וואָס מען האָט זיי גע־לאָזט שוצלאָז.

אָבער איך האָב זיך בשום אופן נישט געקענט אָפּזאָגן פונעם באזוך אין שול־געסל. אויפן וועג בין איך מיט מיין פרוי דבורה ליבער שוחט'ס, אריין אין דעם הייזל פון אירע עלטערן. מיר האָבן געעפנט די טיר און געבליבן שטיין פארגאפט. צי איז עס א חלום? מיר געפינען זיך דאָך ביי רב ליבער שוחט! עס זאָל נאָך זיין א האָר געענדערט: אין דער קיך די זעלבע קיך קרעדענס, דאָס זעלבע פעסל אויף וואסער פון בלוי־געפעס, דער זעלבער טיש מיט שטילן. אין דער שלאָף שטוב די זעלבע בעטן, פארדעקט מיט די זעלבע פלושענע דעקענס, וועלכע מיין פרוי האָט געקויפט אלס מיידל ביי ר' יקותיאל פישל. דער זעלבער זייגער אויף דער וואנט, די זעלבע קליידער שאנק. אָט קומט אריין ר' ליבער שוחט, עפנט אויף די שאנק און נעמט ארויס זיין זיידענע קאפאָטע און דעם טלית און תפילין...

פון דעם הלום האָט אונז אויפגעוועקט צוריק צו דער ברוטאלער ווירק־לעכקייט, דער יורש פון ר׳ ליבערס הויז און זיין גאנצן האָב און גוטס. ער, דער פּוילישער יורש ר׳ ליבערס איז אריינגעקומען, און כאָטש ער האָט אונז גאנץ גוט געקענט, האָט ער אונז געפרעגט אָן דער מינדסטער זשענירונג, וואָס מיר ווילן. מיין פרוי האָט פארחלשט. ווען זי איז צו זיך געקומען, האָבן מיר צעמישטע געמורמלט עפּעס אזוינס ווי ענטשולדיקונג און ארויס. פון דאָרט זענען מיר געגאנגען אין שול געסל.

עס זאָגט זיך נאָר אזוי „אין שול געסל״. א שפּאָרע ווײַלע זענען מיר געשטאנען אויף דעם לערן פּלאץ, ביז מיר האָבן פעסטגעשטעלט, אז אויף דעם דאָזיקן פּלאץ, אָט דאָ אויף דעם פּלאץ — האָט זיך נישט לאנג צוריק געפונען דאָס שול געסל. פארשוואונדן, נישט איבערלאָזנדיק נאָך זיך קיין אָנצייכנס, איז דאָס ציגעלנע שטאָקיקע הויז פון חיימל גר, צוזאמען מיט אלע הייזלעך פון שול געסל, צווישן וועלכע דאָס שטאָקיקע הויז האָט געקיניגט. אויסער מיין טאַטנס, ר׳ חיימ׳לע שוחטס וווינונג, האָט זיך אין דעם שטאָקיקן הויז געפונען די העפטעריי פון פעסעלע ראָזנבערג, וועלכע האָט באשעפטיקט עטלעכע מיידלעך און דער מאן איז געווען א כליזמר, דער גארבער פינטשע מייטעלעס. באלד דער־נעבן די בעקעריי פון שמעון בעקער, די אלמנה פעסל־טויבע, וועמענס צוויי זין זענען געווען היטלמאכערס, און אירע צוויי מיידלעך האָבן אכצן שעה אין מעת־לעת געקלאפּט אויף דער העפט־מאשין. ווייטער אביסל האָט געהאט זיין הייזקע ר׳ איטשעלע מיט זיינע צוויי זין היטלמאכערס (ביידע געפינען זיך אין ישראל). אויפן הויף הארט ביים פּליסיקן וואסערל האָט זיך געפונען די גארבעריי פון אברהם מייטעלעס, די סטאָלעריי פון פאלעוואדע און די וווינונג פון ר׳ יוסעלע זאקס. ארויפציער נענטער צום סטאק איז געשטאנען די הייזקע פון טרעגער קאַפּטשאן און די גארבעריי פון די משפּחות גרייצער און פּולטאָראַק. אויף דער אקעגנאיבערדיקער זייט האָט געהאט זיין הייזקע ר׳ שמעון כאבע, אָדער, ווי מען האָט אים גערופן, שמעון הימלקוקער, וועמנס פינף זין האָבן געשטעפּט כאלעוועס צו ארבעט שיך. ווייטער האָט געהאט איר הייזקע די אלמנה אָדל ווײַנבערג מיט פיר טעכטער און צוויי זין, וועלכע האָט זיך דערנערט פון דעם אָרעמען שפּייז געוועלבל אין שטוב. ווייטער האָבן אין דעם שול געסל געוווינט: דאָרפגייער, פישער, קצבים, פורמאנעס, איינבינדער. ווער קען געדענקן די אלע צענדליקער פילצאָליקע משפחות פון דעם אָנגעפּראפּטן שול געסל, וועלכע האָבן דורך שווערע האָראוואניע געצויגן זייער זער אָרעמע חיונה; אָבער אין די אָוונטן האָבן איר יידישע יוגנט אָנגעפילט דאָס געסל מיט יידישן געזאנג, פּריש יוגנטלעכן געלעכ־טער און מיט עכט יידישער התלהבות געפירט אומאויפהערלעכע אידעאָלאָגישע דיסקוסיעס. געשלאָסן דאָס שול־געסל האָבן, פון איין זייט, די שול מיט דאָס גרויסע בית־המדרש, און פון דער צווייטער זייט, דאָס קליינע בית־המדרשל, בילדנדיק אזוי ארום א לענגלעכן געשלאָסענעם הויף.

דאָס שול־געסל איז געווען נישט בלויז דער ווין־אָרט פון זיינע איינוווי־נער, צענדליקער משפחות, נאָר בעיקר דער גייסטיקער צענטער פון גאנצן שטעטל. וויפיל הארץ און נשמה האָבן לאנגע דורות וואלבראָמער יידן אריינגעלייגט אין



משפחת יוסף גרוסמן
יאָסל גראָסמאַנס פאַמיליע

אויסבויען זייערע 3 הייליקע שטאָטישע גייסטיקע טעמפּלען!? וויפיל פאָלקסטימלעכע קונסט, וויפיל פיעטעט האָבן די נישט דערגאַנגענע יידישע קינסטלער און קינסטלערינס אריינגעלייגט אין די שניצערייען צו באַפּוצן די ארונות־הקדושים און באַלעמערס פון שול און בתי־מדרשים, ביים מאָלן די „שוויתי׳ס״ און אויסנייען מיט פּורפּור און גאָלד די פּרוכתן און די מענטעלעך פון די ספרי־תורות?!

דאָס זענען געווען נישט גלאַט אַזוי זיך געבעט הייזער; ווען מען איז אין זיי אריין איז מען ארומגענומען געוואָרן מיט דעם וויי און געראַנגל, האָפענונג און בטחון פון לאַנגע דורות וואַלבראָמער יידן — מיט דעם טיפן גלויבן אין „נצח ישראל לא ישקר״. דער דאָזיקער „מקדש־מעט״, די שול מיט די צוויי בתי־מדרשים זענען געווען צענטערן נישט בלויז פון יידישן רעליגיעזן קולט, נאָר אויך און בעיקר צענטערן פון אויסשמידן, איינוואָרצלען אין די יידישע מוחות און הערצער דעם יידישן וועלט־באַנעם פון „והיה באחרית הימים״, דעם גלויבן און שטרעבן צו גאולת ישראל, צו לשנה הבאה בירושלים, צו מציון תצא תורה. און אויך דעם גלויבן און שטרעבן צו משיחיזם, צו גייסטיקער שלמות, צו וועלט־

אויסלייזונג, צו „ותכלה הרשעה מן הארץ”, צו „ויעשו כולם אגודה אחת”, צו „ולא ילמדו עוד מלחמה” — איז טאקע די בית המדרש יוגנט אויסגעוואקסן צום החלוץ, צום פיאָנער פאר איבערגיין פון געבעט, גלויבן, האָפן, צום אקטיוון קאמף פאר רעאליזירן די אלע דאָזיקע הערלעכע אידעען, צום קאמף קעגן אומ־גלייבן אין אייגענע כוחות, פאר אקטיווער רעאליזירונג פון דער יידישער גאולה־ציוניזם. איז טאקע די בית המדרש יוגנט אויסגעוואקסן צום החלוץ פאר אקטיוון קאמף קעגן רשעות, קעגן אומגערעכטיקייטן, פאר א גערעכטע אָרדנונג — אויסצובעסערן די וועלט.

אלע, אלע טייערע יידישע אידעאליסטן, אפילו די, וועלכע האָבן פאר־בלאָנדזשעט אויף אומוועגן — האָבן געצויגן זייער יניקה פון דעם עכט יידישן גלויבן אין מלכות שמים. אלע זיי האָבן געצויגן זייער יניקה פון דעם עכט יידישן גלויבן אין א וועלט פון צדק ויושר, וואָס זיי האָבן אין זיך איינגעזאפט מיט דער מוטערס מילך און אויסגעוואַרמט און אויסגעהאָדעוועט געוואָרן צווישן די ווענט פון דער שול און בתי־מדרשים.

---

לער איז דער פלאץ. קיין זכר איז נישט געבליבן, אז דאָ האָט זיך אמאָל געפונען דאָס גרויסע בית־המדרש און הוילע ווענט זענען געבליבן פון דער שול, פון וועלכע די פוילישע איינוווינער האקן אויס ווי פון א גרובן די ציגעל. נאָך א חודש נאָך א חודש און אויך פון די ווענט פון דער שול וועט מער נישט בלייבן ווי א בארג אש, וועלכן א אָרנטלעכער בירגערמייסטער וועט אָפּרוימען. געבליבן גאנץ איז נאָר דאָס קליינע בית המדרשל, וועלכעס איז געווען ווי א איבערגאנג צווישן בית המדרש און חסידים שטיבלעך. דאָס קליינע בית המדרשל איז נישט געווען דער רשות הרבים פון שול און בית המדרש, אָבער אויך נישט די אָפּגע־זונדערטקייט, דאָס אָפּגרעניצן זיך פון די חסידים שטיבלעך. ווען איך בין געווען א קינד איז די צענטראַלע פיגור אין דעם בית המדרשל געווען ר׳ הירש לייב כ״ץ ז״ל, א ייד א תלמיד חכם, וואָס האָט מיט זיין לומדות און פרומקייט געשם׳ט ווייט איבער דער אומקעגנט. איצט דערנענטערנדיק זיך צום בית המדרשל, האָט פון די ווייטקייטן אויפגעטויכט אין זיך די געשטאלט פאר מיינע אויגן, די הויכע מאיעסטעטישע פיגור פון ר׳ הירש לייבן מיט זיינע שווארצע פייערדיקע קלוגע אויגן, ווי ער לויפט איבערן בית המדרשל מיטן ספר אין האנט, מיט א וויינענדיק קול שטיל שעפשענדיק א תפילה ממעמקים. גלייך אָבער איז דאָס בילדל צערינען, ווי נאָר איך האָב געעפנט די טיר פון בית המדרשל און איך בין אויפגעקומען אין דער אכזריותדיקער ווירקלעכקייט.

א קעגן מיר אויף דער מזרח וואנט אויפן אָרט פון ארון־הקדוש, האָט פאר מיינע אויגן א בלישטש געגעבן, ווי א בלוטיק מעסער, א ריזיקער קרייצפּוקס און אנשטאט די אמאָליקע באבערדיקע און באגארטלטע יידן ביי די גמרות און סידורים, האָט פאר מיינע אויגן זיך געווייסלט און געשווארצט — א האפטע מנישקעס. עס איז מיר קלאָר געוואָרן, ווי נאָר די היטלערישע נאכט קען עס קלאָר

מאכן — דאָס קליינע בית המדרשל איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטיקל קלויסטער. עס איז דאָך גאַנץ לאָגיש. וואָס דען האָט מען געזאָלט מאַכן פון דעם בית־המדרשל, ווען וואַלבראָם איז געוואָרן יידנריין ? ! אָבער דער פאַקט האָט מיך שרעקלעך צעטרייסלט. ווי אָפּגעגאָסן מיט שניידנדיק קאַלט וואַסער, בין איך שנעל אַנטלאָפן.

אויפן וועג צום צוג האָב איך זיך דערמאַנט אין די דערציילונגען, ווי היטלעראַווצעס האָבן נאַקעטע יידן פאַרן טויט געצוווּנגען צו זינגען „מיין שטע־טעלע בעלז", וואָס האָט נאָר געהאַט דעם ציל, אַריינצודרינגען מיט זייער טומאהדיקן האַקנקרייץ אין די הערצער פון די פאַרפּייניקטע צום טויט פאַראור־



זאָשקאַ צעשלאַ



פייגנבלאַט

טיילטע יידן און פאַראומרייניקן און אויסלעשן די אפשר נאָך פאַרבליבענע ערגעץ אויס דעם שטעטל אונטער די העסלעכע בליקן פון די פוילישע פּאַזשידאַוועסקע פאַרבאַהאַלטענע, נאָך טליענדיקע הייליקע פונקן פון מענשלעכע ווירדע. גייענדיק אויס דעם שטעטל אונטער די העסליכע בליקן פון די פוילישע פּאַזשידאַוועסקע יורשים, האָב איך געהאַט דאָס געפיל, אַז איך בין איינער פון די נאַקעטע יידן און זינג אינאיינעם מיט זיי „דאָס שטעטעלע בעלז".

אַ צעבראָכענער בין איך אַוועק פון דעם שטעטל, און נאָר דער הייליקער אָנדענק פון אונזער שטעטל איז פאַרבליבן אין אונזערע הערצער.

קרית חיים, 6.4 1962.

דוד יצחק שפיגלר

# וואלבראם אונטער נאצישער אקופאציע

דוד יצחק שפיגלער, דער זון פון עוזר בעקער, מיטן צונאָמען „גאבעלע", איינער פון די איינצלנע וועלכע האָבן באוויזן זיך צו ראטעווען פון די דייטש־נאצישע נעגל, איינער פון די וועלכע האָבן אויף אייגענער הויט מיטגעמאכט דעם נאצישן גהינום — גיט איבער די געשיכטע פון די וואלבראָמער קהילה אונטערן נאצישן רעזשים און זיינע דורכלעבענישן און יסורים ליידנדיקן וועג אין דייטשן לאגער, בכדי אויפצושטעלן א מאָנומענט פארן אָנדענקונג פון די וואלבראָמער יידן וואָס זענען אומגעבראכט געוואָרן דורך די נאצי־מערדער וואָס דארף דינען ווי שאנד־סלופּ אויף דורי דורות.

איבערגעגעבן צום דרוק דורך פייוויל שניצער.

ביים אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, מיטן אריינמארש פון דייטשן מיליטער אין פוילן, איז אָנגעפאלן א פחד אויף די יידן אין שטאָט, און בכדי זיך נישט צוזאמצוטרעפן מיט זיי איז די גרעסטע טייל פון דער יידישער יוגנט אנטלאָפן אין דער ריכטונג פון מערב־אוקראינע ביי דער רוסיש־פוילישער גרעניץ. זיי האָבן געוואנדערט טעג און נעכט, אין הונגער און דורשט, דורך פעלדער און סטעזשקעס, וועלדער און טייכן, ביז זיי זענען אָנגעקומען קיין לעמבערג. ווען ראטן־פארבאנד האָט איינגענומען דעם טייל לאנד איז א גרויסער טייל געבליבן דאָרט, נאָר די אנדערע זענען מיד געוואָרן צו וואנדערן און אויך צוליב פאמיליערע סיבות האָבן זיי זיך צוריקגעקערט אין שטאָט.

נאָך זעקס וואָכן וואנדערן איז דוד יצחק צוריקגעקומען קיין וואלבראָם און ער האָט נישט געפונען אין שטאָט זיין מומע אסתר, די עלטערע שוועסטער פון זיין פאָטער. פרעגנדיק זיין פרוי וועגן איר, האָט זי אויסגעמיטן צו געבן א תשובה. אויך אנדערע קרובים האָבן אים נישט געענטפערט דארויף. ערשט עטליכע טעג שפּעטער האָט אים זיין פאָטער זעלבסט דערציילט אז עס איז אָנגעקומען אויף זייער הויף פינף אזייגער אינדערפרי, א דייטשער זשאנדארם מיט אן עמער בענזין און האָט אויסגעגאָסן אויף זיין מומען דעם בענזין, אָנגעצונדן א שוועבעלע, ארויפגעוואָרפן אויף איר. צוויי שעה האָט זיך די אומגליקליכע געראנגלט צווישן לעבן און טויט און צום סוף אויסגעגאנגען אין אונמענשלעכע יסורים.

אויך איז געווען אין שטעטל א דייטשער זעלנער וועלכן די יידן האָבן גערופן לויטנשלאגער ד"ה — מענשן שלעגער — ער האָט געהאט א טבע צו שלאָגן יידן אָן א ספעציעלע סיבה, נאָר צו באפרידיקן זיינע סאדיסטישע פאר־ברעכערישע געפילן. די דייטשן האָבן פארמאכט אלע שולן און שטיבלאך. זיי האָבן קאָנפיסקירט אלע געשעפטן, צוגענומען די פארמעגנס און די יידן זענען איבער נאכט געוואָרן אָרעם און פרנסה־לאָז. אָט אויף אזא אופן האָבן די דייטשן אריינגעפירט זייער אָרדנונג אין שטעטל. און טאָמער איז נאָך ווייניק געווען די



משפחת וואָלף צשלר
די משפחה פון וואָלף צעשלער

עקאָנאָמישע אונטערדריקונג, האָבן זיי אויך פיזיש אָנגעגריפן די יידן. מען האָט געשוירן באָרד און פיאות ביי די פרומע יידן, און בכדי זיך צו אמוזירן האָבן זיי ארויסגעשלעפט ר׳ אנשל מלמד געליבטער און אויך אנדערע, איינגעהילט אין טלית און תפילין, אויפן מארק, און מאכנדיק מיט אים פארשידענע איבונגען האָבן זיי געלאַכט און געשפּאָט פון אים. עס האָט זיי ממש א הנאה געטאָן — זיינע יסורים. די ערשטע אקציע איז געווען דער ארעסט פון צען אָנגעזעענע יידן אלס זאקלאדניקעס, ד״ה זיי דארפן דינען אלס גאראנטיע פארן אויספירן די באפעלן פון דער דייטשער מאכט.

נאָך דעם ווי ס׳איז אויסגעקליבן געוואָרן דער יודנראט, האָט מען באפרייט די זאקלאדניקעס. די דייטשן האָבן באפוילן דעם יודנראט, אז זייער אויפגאבע איז צו באזאָרגן די דייטשע משפחות וועלכע וווינען אין שטאָט מיט אלע פּראָוויאנט, קליידונג, דירות, מעבל א.ז.וו. אויך האָבן זיי געדארפט צושטעלן יעדן טאָג הונדערט יידן אלס צוואנגסארבעטער צום אָפּרייניקן דעם שניי, צו פאריכטן די שאָסייען, די באַן־ליניעס א.ז.וו. זיי האָבן געארבעט פון זון־אויפגאנג ביזן זון־אונטערגאנג נישט באקומענדיק פאר די ארבעט קיין שום לוין. אויך האָט דער יודנראט געדארפט אויספירן אלע אנטי־יידישע און אונמענשליכע געזעצן וועלכע האָבן געהאט איין ציל, צו אונטערדריקן אלע מענשלעכע, בירגערלעכע און עלעמענטארע רעכט פון די יידן אין שטאָט.

אזוי ארום האָבן די יידן סיסטעמאטיש פארלוירן אלע רעכט. עס האָט נישט עקזיסטירט דער געריכט וועלכער זאָל פארטיידיקן זייערע רעכט, און א ייד האָט נישט געקענט אָנקלאגן אין געריכט דעם יעניקן, וועלכע האָט אים פארלעצט פיזיש און פינאנסיעל. ער איז געוואָרן גאנץ הפקר, אויסגעשטעלט נאָר אויפן גוטן ווילן פון די דייטשן און פון די פוילישע סביבה, וועלכע האָט דאָס רוב פיינט געהאט יידן פון תמיד אָן. יעדער ייד, אָן אונטערשיד פון געשלעכט און עלטער, מאן, פרוי און קינד, האָט געמוזט אָנטאָן אויפן אָרעם די מגן־דוד לענטע. ווער עס האָט עובר געווען אויף דעם געזעץ, האָט אים געדראָט דער טויט. אויך האָט א ייד נישט געטאָרט ארויסגיין אין גאס נאָך אכט אָוונט. אויב א דייטשער זעלנער האָט געזען א יידן אין גאס אָדער אפילו אויפן הויף פון זיין שטוב, האָט ער אים דערשאָסן אָן א פריערדיקע ווארנונג.

דער ערשטער קרבן וועלכער איז דערהרגעט געוואָרן צוליב די גזירה איז געווען א פרוי מיטן נאָמען האָדעל, די פרוי פון הערש גימפל וויינשטאָק, דער זון פון מעכל מאקאווער. מען האָט געפונען איר קערפער דערהרגעט אויפן שאָסיי קיין מיעכאָוו. זי איז דערשאָסן געוואָרן אין אונטערשטן קערפער־טייל. דוד יצחק באמערקט אז אלע יידישע פרויען וועלכע זענען דערהרגעט געוואָרן דורך די דייטשן זענען געטראָפן געוואָרן אין די ברוסט אָדער אין אונטערשטן קערפער טייל.

ברויט און אנדערע עסנווארג האָט מען זיי צוגעטיילט בצמצום. מער ווי די צוטיילונג האָט א ייד נישט געטאָרט עסן. אויך האָט א ייד נישט געטאָרט עסן קיין ווייס ברויט. און ווער עס האָט עובר געווען אויף דעם פארבאָט — האָט באצאָלט מיטן לעבן. עס האָט א דייטש געפונען א ווייס ברויט ביי די פרוי פון מאָטל דאנציגער, וועלכער איז דאן קראנק געווען, האָט ער איר נאָכגעיאָגט ביז אין שטוב און ווען איר איז געלונגען זיך אויסבאהאלטן, האָט ער דערשאָסן איר מאן וועלכער האָט פרובירט צו אנטלויפן דורכן פענסטער. אויך איז דערהרגעט געוואָרן אין יענער צייט פאר אן ענלעכע עבירה ר׳ פנחס קאָרנפעלד פון די מיעכאָווער גאס — דער תבואה סוחר ביי וועלכן מען האָט געפונען א האלבן מעטער ווייץ. אויך איז דערשאָסן געוואָרן די פרוי פון קצב שמואל דוד ראט־מענש. ער איז געווען דער פלייש ליפעראנט פאר די דייטשן, און ווען ער האָט נישט געהאט קיין פלייש, האָט דער אומגליקליכער געוווסט וואָס עס ווארט אויף אים. האָט ער זיך באהאלטן. אז זיי האָבן אים נישט געפינען האָבן זיי אויפן אָרט געשאָסן זיין פרוי. און נישט נאָר פאר נישט צושטעלן קיין פלייש האָבן די דייטשן געשאָסן — אויך פאר נישט צושטעלן קיין מתנות פאר די דייטשע קינדער צו זייער געבורטס־טאָג האָבן זיי דערמאָרדעט. א געסטאפּאָוויעץ האָט איינמאָל גע־פאָדערט פון יודנראט א פוטער מאנטל פאר זיין פיר יעריקע טאָכטער. און אז דער יודנראט האָט נישט אויסגעפירט זיין באפעל — האָט ער זיך נוקם געווען אין א יידישע פרוי מיטן נאָמען בראָניא גיטל זארעשינסקי (א מאמע פון צוויי קליינע קינדערלעך), און איר געשאָסן אין דער ברוסט. די דייטשן האָבן אויך געפאָדערט אז די יידן זאָלן באצאָלן פאר די קוילן מיט וועלכע זיי האָבן געשאָסן. איינמאָל זענען זיי געקומען מאכן א רעוויזיע אין די דירה פון מענדל פינקאוויץ



משפחת שמואל סרנה
פאמיליע סארנע

מיטן צונאָמען „מענדל פאיק". איז צוגעגאנגען זיין טאָכטער (די פרוי פון מרדכי לאנצער, דער מצבה־קריצער) עפענען די טיר פון די שאנק. האָבן זיי אריינגעשאָסן זעקס קוילן און איר דערהרגעט. אין עטליכע טעג ארום, זענען זיי ווידער געקומען און געשלאָגן מכות רצח דעם מאן פון די געשטאָרבענע, אז ער זאָל באצאָלן 120 מארק פאר די קוילן, ווייל די דייטשע מדינה האָט נישט קיין אומזיסטע קוילן פאר די יידן.

זיי האָבן זיך אויך אריינגעמישט א דעה זאָגן, ווי אזוי און אין וואָס פארא פאָרם צו באגראָבן די טויטע. ווען צוויי וואָכן שפעטער האָבן זיי אויך דערהרגעט דעם פאָטער אירן ר' מענדל פינקאוויטש, האָבן זיי באפוילן אז די חברא קדישא זאָל אים באגראָבן מיטן פנים אויף אונטן. די ווילד־אכזריותדיקע דייטשע מעשים און זייערע רציחות האָבן זיך פארשטארקט פון טאָג צו טאָג. באזונדערס נאָך זייער אטאק אויף ראטן־פארבאנד. יעדעס מאָל האָבן זיי געזוכט אן אנדערן קרבן. זיי האָבן געזוכט איינעם מיטן צונאָמען וואָלף נאָז. ער האָט זיך פון זיי אויסבאהאלטן. האָבן זיי דערהרגעט זיין פרוי — זער א איידעלע פרוי און א גוטע נשמה. זי האָט זער פיל טובות געטאָן יעדן איינעם. וואָלף נאָז האָט געוווינט לאנגע יאָרן אין בעלגיען, און נאָענט פארן אויסברוך פון וועלט־קריג איז ער געקומען צוריק קיין וואלבראָם מיט א פרוי נישט פון אונזער שטאָט. די דייטשן

האָבן זיך נישט באגנוגנט מיטן הרגנען זיין פרוי, נאָר זיי האָבן אים געזוכט במשך פון צוויי וואָכן. צום סוף האָבן זיי אים געפּאקט און אים דערשאָסן. דער אָרטיקער רב האָט געהייסן די חברה קדישא זיי זאָלן געבן דעם טויטן נאָך די קבורה א מעסער אין האנד אלס אויסדרוק פון נקמה. כמעט יעדן טאָג זענען געפאלן נייע קרבנות. וואָס זענען ארונטער געפאלן אונטער זייערע חיה׳שע הענט, אויסשליסליך האָבן זיי געטראָפן די יידן וועלכע האָבן נישט נושא וזן געוועזן פון פיזישן, פּאָליטישן שטאנדפונקט. מען האָט דערהרגעט שמעונען דעם זון פון בעריש הארצפעלד ווייל ער האָט געהאט א פארד, שמעון ווייננארטן ווייל ער איז געוועזן געזונט און שטארק. אויך זענען דערשאָסן געוואָרןביידע זין פון ברוך כאבא — יחיאל משה און ישראלקע — און מען האָט זיי קובר געוועזן צו־זאמען אין א ברידער־קבר.

די דייטשן האָבן געזוכט פייטלען דעם זון פון אברהם גרוילעם. אז מען האָט אים נישט געפונען האָבן זיי דערהרגעט דעם פאָטער. ביי ענליכע טראגישע באדינגונגען זענען דערהרגעט געוואָרן אין יענע טעג די קדושים: יהושע לעסמאן, געצל באנד, דעם זון פון פנחס שטיינבוים האָבן זיי דערשאָסן אין קאָפּ. דוד־יצחק האָט צונויפגענומען דעם בר־מינן׳ס קאָפּ און מוח און אים געברענגט צו קבר ישראל. דוד־יצחק באטאָנט, דאָס פאר יעדן יידישן קרבן, האָט דער יודנראט באצאָלט די מערדער מיט א ליטער בראָנפן.

פיל יידן זענען געהרגעט געוואָרן אויך נישט פון אונזער שטאָט, וועלכע זענען פארטריבן געוואָרן פון די גרעסערע שטעט און האָבן זיך באזעצט ביי אונז. מערסטנטייל האָט מען זיי געפונען אין וועלדל ביי די באן ליניעס, אויפן וועג וועלכער פירט צו דער באן סטאציע. אָט אין דעם וועלדל האָט מען געפונען א דערהרגעטע יידישע פרוי. ווען דוד יצחק האָט דערזען איר קערפער, איז ער נאָך ווארם געוועזן, און ער האָט געטראָפן ביי איר א שטיקל טואלעט פּאפּיר, וואָס דארויף האָט זי אָנגעשריבן דאָס זי שרייבט דאָס אין קלאָזעט און אז זי איז א גרושה פון קאנסק. זי האָט געלעבט אויף ארישע פאפירן און זי קומט אום נאָר ווייל זי איז א יידישקע. זי בעט איבערגעבן איר זון, אז ער זאָל נקמה נעמען פון די מערדער און זאָגן קדיש נאָך איר. אויף דעמזעלבן אָרט זענען אויך דער־הרגעט געוואָרן צוויי יידן, איין דייטשער ייד מיט נאָמען דוד יאפע און איין קראקאווער ייד א אינזשעניער לויטן בארוף. דעם ייד האָט מען געפונען א טויטן אין ערב פסח, און בכדי מען זאָל אים באוויזן ברענגען צו קבר ישראל, האָט די חברה קדישא צונויפגעזאמלט אויף גיך א ביסל תכריכים, ווער ס׳האָט געגעבן א ליילעך און ווער א פּאָר תחתונים אָדער א טלית. דוד יצחק באטאָנט דאָס כמעט אלע קרבנות זענען באגראָבן געוואָרן לויט די יידישע דינים. די חברה קדישא האָט געמאכט אלע אָנשטרענגונגען נישט צו פארשעמען די קדושים. די חברים פון דער חברה קדישא אין יענער צייט זענען געוועזן: עוזר שפּיגלער, יוסף הא־בערפעלד, חיים משה ווינשטיין און יחיאל שלמה, דער עלטסטער פון אלע, וועלכער איז שוין אלט געוועזן אריבער [90].

אויסער די קרבנות וועלכע זענען געטראָפן געוואָרן פון די נאצישע רוצחים, זענען אויך א סך געפאלן פון טיפוס, וואָס האָט דאמאָלס געהערשט אין יידישן

געטאָ. דער וווין־פירטל פאר די יידן איז באשטאנן נאָר פון א קליינעם שטח און עטליכע הייזלעך ארום. אין אנדערע ערטער האָבן יידן נישט געטאָרט וווינען. אויך האָבן זיי נישט געטאָרט אריבערגיין פון גאס צו גאס. אמשווערסטן איז געווען מיט די לויות, ווייל מ׳האָט נישט געטאָרט גיין דורך די קראקאווער גאס צום בית הקברות. אלס צוגאבע צו די ענגקייט און אומנאָרמאלע וווין־באדינגונ־גען פון די יידישע באפעלקערונג זענען נאָך צוגעקומען פיל יידן פון אנדערע שטעט, וועלכע זענען פארטריבן געוואָרן און זיך באזעצט אין אונזער שטאָט. וואלבראָם, וועלכע האָט געציילט פאר די מלחמה 6000 נפשות, האָט אין יענער



לייביש ליכטיג ואשתו

טרויעריקער צייט געציילט 10,000 נפשות. עטליכע פאמיליעס האָבן געוווינט אין איין דירה. די ווייבער שול און די בתי מדרשים זענען באזעצט געוואָרן דורך די יידן, לויט ווי ער געדענקט האָבן אויך געוווינט דאָרט זיין פאָטער, חיים משה וויינשטיין א. אנד. די אָרימקייט, נויט און דאָס נישט דערעסן, האָבן גורם געווען צו טיפוס קראנקהייטן. און אויך דער מוהל ר׳ ראובן פראמער ז״ל, איז געשטאָרבן פון די קרענק.

דוד יצחק בעט צו געדענקן צום שבח די מיטגלידער פון יודנראט: בערל לעדערמאן, אברהם ביבער, יצחק משה וועלנער און חיים גאָלדפריינד (זיין איינציקער זון בצלאל איז פארוווּנדעט געוואָרן אין לאגער סטאלאָווא וואָלאַ און ער האָט געוואָלט זעלבסטמאָרד באגיין). זיי האָבן געטאָן וואָס נאָר מעגליך, צו מילדערן די גזירות וועלכע האָבן זיך געשאָטן אויף די יידישע באפעלקערונג. זיי האָבן אונטערגעקויפט מיט שוחד די דייטשן. עס זענען געווען דייטשן וועלכע האָבן זיך געשטעלט איין ציל — רייך ווערן פון יידישע צרות. גלייכצייטיק בעט ער צו שטעלן צום שאנד סלוף דעם טרעגער נפתלי, וועלכער האָט מיטגעארבעט מיט די דייטשן. דער יודנראט, נישט קענענדיק דולדן זיין טעטיקייט, האָט ארויס־געגעבן אין געהיים א טויט־אורטייל אויף דעם פאררעטער און דער פסק־דין איז מקוים געוואָרן. דוד יצחק ברענגט אויך צום גנאי א ייד פון וואלבראָם מיטן נאָמען מאגער, וועלכער איז פארטריבן געוואָרן פון א שטאט אין אויבער־שלעזיען און באזעצנדיק זיך אין וואלבראָם האָט ער מיטגעארבעט מיט די דייטשן. לויט זיין באפעל האָט מען צוגעבונדן צום בעט שלום ערליכן, ער זאָל אויסזאָגן ווו ער האָט באהאלטן דאָס פעקל וואָס עס האָבן געשיקט די זאוויערטשער קהילה. אזוי ווי ער האָט געוויזן דעם פלאץ, האָט זיך ארויסגעוויזן, אז דאָס פעקל האָט אנטהאלטן אלטע זאכן, וועש וואָס די זאוויערטשער יידן האָבן געשיקט פאר די וואלבראָמער יידן. ער איז אויך אריין צום פאָטער און געבעטן א האק, כדי צו מאכן רעוויזיעס ביי די גויים אין דאָרף לאָבזעוו. ווען ער האָט באקומען די האק, איז ער אוועק צו שלמה קיווקאָוויץ און אדורכגענישטערט די גאנצע דירה. נישט געפונענדיק דאָרט גאָרנישט, האָט ער אים מערדערלעך געשלאָגן — דאן איז ער צוריק געגאנגען צו זיין פאָטער און ער האָט מיט זיין האק אויפגעבראָכן די שענק און אז ער האָט געפונען עפעס א אונגעזעצליכע זאך (לויטן דייטשן גע־זעץ) האָט מען ארעסטירט זיין פאָטער, און אים געשיקט קיין מיעכאוו. דאָרט איז אים געלונגען אונטערקויפן די דייטשן מיט א סומע פון 6000 זלאָטעס. מאגערן האָט מען געשיקט קיין אוישוויץ און דאָרט האָט ער זיך דאָס לעבן גע־נומען דורך דעם עלעקטריזירטן פלויט.

אזוי זענען אדורך די טעג, איין צרה גרעסער פון די אנדערע, איין גזירה שטארקער און גרויזאמער פון די צווייטע. און דאָך,... האָבן די יידן געלעבט מיט די האָפנונג און אילוזיע אז זיי וועלן נאָך זוכה זיין צו בעסערע צייטן, אז דער דייטשער אָקופאנט וועט סוף כל סוף פארטריבן ווערן פון די פוילישע ערד און זיי וועלן זיך אומקערן צו א נאָרמאל לעבן ווי פריער. ווייל די דייטשן האָבן פראָבירט איינפלאנצן ביי די אומגליקליכע יידן די אילוזיע און די פאלשע האָפ־נונג דאָס זיי זאָרגן נאָר לטובת די יידן און אזוי מיט פארשידענע שווינדלערישע

מיטלען האָבן זיי אויסגעפירט סיסטעמאַטיש די אלע גזירות און זיי האָבן זיך אזוי נאָך צוגעגרייט דעם וועג פאר די טאָטאלע פארניכטונג פון דעם פוילישן יידנטום.

אין די לעצטע טעג פאר די ליקווידאציע פון די יידישע קהילה אין אונזער שטעטל — האָבן די דייטשן ארויסגעגעבן א באפעל צונויף צו נעמען אלע ניי־מאשינען אין די שול אריין, ווייל זיי ווילן איינאָרדנען ווערקשטאטן. אויך האָבן זיי געטיילט ארבעטס־קארטן פאר די וועלכע האָבן זיך רעגיסטרירט צו ארבעט. די יידן זענען צופרידן געווען דאמיט ווייל זיי האָבן געהאָפט דאָס דורכדעם וועלן זיי פארבעסערן די עקאָנאָמישע לאגע און זיי וועלן זיך פארדינען א בעסערע באציאונג מצד די דייטשע מאכט־אָרגאנען. פרייטיק צו נאכטס האָט זיך געענ־דיקט דאָס צונויפזאמלען די מאשינען און צומאָרגנס שבת פרי, דעם 5.9.42, האָט מען צונויפגעטריבן אלע יידן, אלטע און קראנקע אין מארק, ארויפגעזעצט אויף וועגענער און ארויסגעפירט אונטערן שטאָט צום וואלד ביים יידישן בית עלמין. דאָרט זענען געווען פארטיקע גריבער. מען האָט זיי אלעמען דערשאָסן. מענער, פרויען און קינדער האָט מען געפירט צו פוס פינף אין א רייע דריי קילאָמעטער פון די שטאָט אנטקעגן די גומי־פאבריק אויף א ליידיקן פלאץ. צומאָרגנס האָבן זיי דערהרגעט דעם שומר פון בית הקברות, מאנעס זינגער מיט זיין זון. אינדער־פרי האָבן זיי צוגעשטעלט 44 וואגאָנען. אין יעדן וואגאָן האָט מען אָנגעטריבן ביז 150 מענטשן און אוועקגעפירט אין לאגער בעלזשעץ. בערך 200 מענער, גע־זונטע און שטארקע, פעאיקע צו דער ארבעט, זענען נאָך געבליבן אויפן פלאץ. אין צווישנצייט האָבן די דייטשן זיך געיאָגט נאָך די יידן וועלכע האָבן זיך בא־האלטן אין די קעלערס אָדער אנדערע באהאלטענע ערטער. ווען זיי האָבן גע־כאפט די יידן, האָט מען זיי דערשאָסן אויפן אָרט. דאמאָלס איז דערהרגעט געוואָ־רן משה יוסף דער סטאָלער אין עלטער פון 95 יאָר. אויך אלטער פולטאראק דער שטארקער און פעסטער מאן, אויף זיין קערפער האָבן די דייטשן געוואָלט אויספּרובירן וויפיל קוילן דארף ער באקומען ביז צום שטארבן. ווי דערשטוינט זענען זיי געוואָרן, דאָס נאָך זעקס קוילן האָט ער נאָך געלעבט. דאן האָבן זיי גענומען א יידיש קינד, ארויפגעלייגט אים אויפן בויך, אריינגעשאָסן א קויל אין קינד. די קויל איז דורך דעם קינדס קערפער און אריין אין אלטערס גוף. ערשט דאן האָבן ביידע אויסגעהויכט זייערע הייליקע נשמות. דאמאָלס זענען אויך דערהרגעט געוואָרן שמואל פולטאראק מיט זיין פרוי, שמואל איסר ביבער מיט זיין פרוי א. אנד. זייערע קערפּערס האָבן זיך געוואלגערט אין די גאסן. אין יענע טעג זענען אויך געווען פיל זעלבסטמאָרדן. עס איז באגאנגען זעלבסטמאָרד די פרוי פון שלמה ראוכער, זי איז דערטרונקן געוואָרן אין די באגנעס פון דעם פלאץ. אין דער צייט ווען די יידן זענען שוין געגאנגען זייער לעצטן וועג צום פארניכטונג, האָבן זיך די דייטשן באנוצט מיט פארשידענע ליגנס און שווינדלען, צום ביישפּיל, אויף די פראגע וואוהין פירט איר אונז? האָבן זיי געענטפערט ־ קיין אוקראינע צו ארבעט. אויף דער צווייטער פראגע: פארוואָס, אָן די משפחות? האָבן זיי ציניש געענטפערט: דאָס אין מלחמה צייט איז בעסער אָן די פאמיליעס, ווארום די דייטשע זעלנער אויף די פראָנטן זענען אויך אָן די משפחות. דעם



חיימעל מידלארז



יאקל וויסאצקי

אכטן טאָג האָבן זיי גענומען 400 מענשן, דארונטער אויך דוד יצחקן, אריינגעטריבן אין לאַסט־וואַגאָנען צו 80 פּערזאָן אין א וואגאָן און געשיקט קיין סטאלאָוואַ וואָלאַ נעבן ראזוואדוב. די רעשט יידן זענען נאָך פארבליבן אויפן פּלאץ. ווען זיי זענען אָנגעקומען אויפן אָרט, זענען שוין דאָרט געווען א סך יידן. מען האָט זיי אריינגעפירט אין א נעבעדיקן באַראק (דעם באראק האָט מען גערופן וואלבראָם) אָן שום סאניטארע איינריכטונגען. אויך אָן בעטן, און מען האָט זיי אריינגעשטופּט געדיכט אזוי ווי הערינג אין פאס, שמוציק איז געווען דאָרט מוראדיק און די לייז האָבן געוואנדערט צווישן די מענשן פראנק און פריי. איין ק"ג ברויט און עטליכע קארטאָפל, דאָס איז געווען דער שפּייז וועלכן זיי האָבן באקומען אויף א גאנצן טאָג. אויך וואסער צום טרינקן און וואשן איז נישט געווען, ווייל איין ברונעם האָט געדארפט סטייען פאר דעם לאגער וועלכער האָט געציילט 2000 נפשות. אין אזעלכע באדינגונגען האָבן זיי געדארפט גיין 20 ק"מ צו דער ארבעט אין די אמוניציע פאבריקן און ביי פארשידענע בוי ארבעטן. דורך א קורצע צייט זענען א גרויסער טייל מענשן געשוואָלן געוואָרן פון הונגער און אָפּגעשוואכט. דער ערשטער איז געשטאָרבן — נאָך צוויי וואָכן זייענדיק אין דעם לאגער — ר' שמעלע ניעבלאצקי. א חודש שפּעטער האָט זיך אָרגאניזירט א גרופּע און צוגעגרייט א פּלאן צום אנטלויפן. די אויפגאבע איז געווען זער א שווערע, ווייל דעם לאגער האָבן ארומגענומען צוויי עלעקטריזירטע פּלויטן, און אין דער מיט צווישןביידע פּלויטן האָבן געהיטן אויסער די דייטשע זעלנער, אויך אוקראינער. נאָך צוויי חדשים איז געלונגען דוד יצחקן זיך אונטערגנבנען אויפן בויך פינף פארטאָגס, דורכרייסן די זעקס דראָטן און 151 מענשן האָבן באוויזן צו אנטלויפן פונם לאגער. דאָס זענען געווען: דוד יצחק שפּיגלער, זיין

ברודער יוסף ישעיה, יעקב שפּיגלער, ענזל ראדזין מיט זיין פּלימעניק, יחיאל אימערגליק מיטן זון, די ברידער ישראלקע און חיים מידליאזש, גרשון ראטמענש, מאיר ווײַנדלינג, וואָלף כענטשינסקי, ירחמיאל וועלנער, קונע לאנדוי מיט זיין קרוב פון שטשעקאצין. זיי האָבן זיך צושפּרייט אין פאַרשידענע ערטער, א טייל פון זיי, דארונטער: דוד יצחק מיט זיין ברודער און פעטער יעקב שפּיגלער זענען אָנגעקומען אין ראזוואדאווער וואלד. אין וואלד זענען זיי באמערקט געוואָרן דורך די פּאָליאַקן פון דער אומגעגנט, און זיי האָבן צווויסן געגעבן א פּוילישן פּאָליציי סערזשאנט, א באוווסטער אנטיסעמיט און מיטארבעטער מיט די נאציס. זיי האָבן צונויפגענומען 100 מאן, ארומגערינגעלט דעם וואלד און זיי געכאפּט, געבונדן זיי און באגלייט מיט קלעפּ, זיי צוריק געפירט צום לאגער. דאָרט האָבן זיי ערשט באקומען די אמתע קלעפּ און מען האָט זיי אלעמען אריינגעזעצט אין איין צימער. אין צווישנצייט האָבן זיי זיך געלאָזט זוכן די רעשט אנטלאָפענע און טאקע אין 2 טעג ארום האָבן זיי געברענגט נאָך דריי מאן. די אנדערע, וועלכע מען האָט נישט געכאפּט האָט געגליקט צוריק צו קומען קיין וואלבראָם. נאָר דערווייל האָבן די דייטשן זיך פארנומען מיט די ענדגילטיקע ליקווידאציע פון די יידן אין שטאָט — האָבן זיי צונויפגעזאמלט אלע רעשטלאך וועלכע זענען דורך פארשידענע צופאלן נישט אומגעקומען מיט די פריערדיקע אקציעס — און מיט איין שאָס האָבן זיי אומגעברענגט אויך די שארית הפליטה און דאמיט צוגעפירט צום ענדגילטיקן חורבן פון קהילת וואלבראָם.

פינף טעג האָבן די דייטשן זיי געהאלטן אין א פארמאכטן צימער אָן עסן, אָן טרינקן און אָן הייצונג אין ווינטער און אויפן זעקסטן טאָג האָבן זיי אויסגעשטעלט 40 אוקראַינער באוואָפנט מיט שטעקנס אין צוויי רייען. די יידן האָבן געמוזט לויפן אינמיטן צווישן די רייען מיט בינטלעך שטרוי און די אוקראַינער האָבן געשלאָגן. שטארק צוקלאַפּטע זענען זיי אוועקגעפאלן אויף דעם פּאָל. צומאָרגנס האָט מען זיי געשיקט צו דער ארבעט. דוד יצחק דערציילט, אז ער איז געוועזן אזוי שוואך און אלע אברים האָבן אים ווי געטאָן, אז ער האָט זיך אוועקגעזעצט האָט ער מער נישט געקענט אויפשטיין. נאָך געדענקט ער, אז א לאנגע צייט נאָך די קלעפּ, בערך צוויי חדשים, האָט ער יעדן טאָג ארויסגעצויגן שטיקער פארגליווערטע בלוט פון זיין קאָפּ. ווייל ער האָט נישט געהאט קיין מעגלעכקייט צו וואשן זיך דעם קאָפּ און אָפּרייניקן דאָס בלוט. די רציחות, די ברוטאליטעט פון די דייטשן קעגן די שוצלאָזע יידן זענען געווען שרעקלעך. פאר יעדע קלייניקייט האָבן זיי געשאָסן און אלע לאגערמענשן האָבן געמוזט זיין אָנוועזנד ביים אויספירן דעם אורטייל. זיי האָבן דערשאָסן אין יענער צייט 22 יידן, דארונטער: די זין פון פייוול לובלינג און עוזר שניצער פון קראָקע — דערפאר ווייל זיי האָבן געהאט די דרייסטקייט זיך צו מעלדן ביים לאגער דאָקטאָר צו באטראכטן זייער געזונטצושטאנד. אויך האָבן זיי דערשאָסן דעם וויעליטשקער רב פרענקל ווייל ער האָט געפאסט אין יום־כיפור.

דער פיזישער צושטאנד פון די יידן אינם לאגער, איז ערגער געוואָרן פון טאָג צו טאָג, אזוי אז אויסער די מערדערייען פון די נאציס זענען גרויסע חלקים אויסגעגאנגען ווי א ליכט מאסנווייז. דוד יצחק דערציילט, אז די יידן האָבן זיך

געוווּנטשן בעסער צו שטארבן, ווען אפילו דער טויט איז געווען א לאנגזאמער פּראָצעס, איידער דערהרגעט צו ווערן דורך די מערדער, בכדי נישט צו געבן די רוצחים די באפרידיקונג ביים שיסן זייערע קרבנות מיט פארשידענע אינקוויזיטאָרישע מיטלען. א כאראקטעריסטישן פאקט ווי אזוי ער האָט מקנא געווען צוויי שכנים זיינע וועלכע זענען מיט אים געשלאָפן נאָך דער ארבעט. אין דער פרי הייבט ער אָן זיי וועקן און זיי רירן זיך נישט. דאן באקוקט ער זיי אויפמערקזאם און דערזעט אז זיי לעבן נישט מער. צו אזא גליק און אן ענליכן טויט האָט ער זיך אליין געוווּנטשן. גרויס איז געווען דער באגער פון אלע לאגער־מענשן, צו שטארבן מיט א מיתת נשיקה, ווי זיי האָבן דאָס אָנגערופן. אזעלכע פאלן זענען געווען אין די צענדליקער.



יקותיאל פישל וילדיו
יקותיאל פישל און זיינע קינדער

אין זומער 1944 האָט דוד יצחק אָרגאניזירט צום צווייטן מאָל א גרופּע (א קליינע גרופּע, ווייל ווייניק זענען נאָך געבליבן אינם לאגער) און פינף האָבן באוויזן צו אנטלויפן. דאָס זענען געווען: דוד יצחק שפּיגלער, שלמה פוקס, מאיר זילבערמינץ, משה שפּרינגער און די ברידער זשעלאנקא. טראָץ דעם וואָס דער לאגער איז געווען פארשלאָסן און פארמאכט, האָבן זיי גוט געוווּסט די לאגע אויף די פראָנטן און אז די רויטע ארמיי קומט צו וואָס אמאָל נענטער. זיי האָבן זיך אויסבאהאלטן אין די וועלדער און פעלדער, געשפּייזט זיך מיט פארשידענע גראָזן און פרוכט פונם וואַלד. נאָך צוויי וואָכן וואנדערן האָבן זיי זיך געטראָפן מיט די זיגנדע סאָלדאטן פון דער רויטער ארמיי. די רויטע ארמיי האָט באפרייט דעם גאנצן שטח און אויך אלע יידן וועלכע זענען נאָך געווען אין די לאגערן.

פון די 400 יידן וואלבראָמער, טאטעס און זין, געזונטע און פעסטע, וועלכע מען האָט פארשיקט קיין סטאלאָוואַ וואָלאַ — זענען געראטעוועט געוואָרן איינצעל־

נע יחידים. צווישן זיי אין ישראל: דוד שפיגלער, די ברידער זשעלאנקא, בנימין מינץ. און אויסלאנד לעבן: וועלנער, די ברידער ביבער, יהודה און חיים־איטשע.
אויסער זיי זענען אלע אומגעקומען אויף פארשידענע אופנים. א טייל זענען פארפייניקט געווארן און אויסגעלייזט געווארן דורכן טויט. א גרויסער טייל זענען באערדיקט געווארן אין א ברידער קבר אויף פוילישער ערד ביי ראזוואדוב.
זייער אנדענקן וועט שטענדיק פארבלייבן אין אונזער זכרון!

---

ישראל קאנער

## זכרונות פון נאצישן גיהנום



ישראל קאנער

ביים אויסברוך פונם קריג בין איך מיט מיין פאטער און מיין יינגערן ברודער לייזער אנטלאפן אונטער א האגל פון קוילן און באמבעס, און ניט געוואלט אריינפאלן אין די הענט פון די דייטשן.

דריי וואכן זענען מיר געגאנגען צו פוס ביז מיר זענען אנגעקומען קיין לובלין. דארט האבן מיר בייגעווווינט גרויזאמע בילדער פון דערשיסן הונדערטער יידן און זייערע קערפערס האט מען אריינגעווארפן אין דער ווייסל. נור מיט ניסים איז אונז געלונגען פון דארט צו אנטלויפן.

אהיימקומענדיג האבן מיר געפונען א ליידיק אויסגעראבירט געשעפט. אבער מיטן יידישן אפטימיזם האבן מיר זיך געטרייסט, אז אבי מען זאל אונז נאר לאזן לעבן, און מען זאל אונז נאר לאזן זיין אין שטאט צוזאמען מיט די משפחות, וועט עס זיין א געווינס, און א דאנק צו גאט פאר דעם, אזוי ווי עס האבן געוויס געזאגט טויזנטער און מיליאנען אנדערע יידן אין פארלויף פון הונדערטער דורות אין צייטן פון פאגראמען און פארניכטונג.

די גרעסטע פעסימיסטן האבן ניט פארגעפילט און ניט פאראויסגעזען דאס שרעקליכע פון אלעם שרעקליכסטן פון אלע צייטן און דורות וואס האט אונז ערשט ערווארט.

אין אנהויב האבן מיר יידן אויפגענומען די פערפאלגונג מיט געלעכטער, ד.ה. מיר האבן געטראכט אז מיר יידן עקזיסטירן א שטיק צייט נאך איידער אונזער שונא איז געקומען אויף די וועלט און מיר וועלן בלייבן לאנג נאכדעם וואס אונזער שונא וועט ניט מער עקזיסטירן. און אויב דער שונא האט אונז טאקע דערדריקט פיזיש — האט ער ניט מצליח געווען אונזער גייסט צו דערדריי־

קן. אָבער דאמאָלט האָבן מיר נאָך ניט געוווסט אז אונזערע איצטיגע ליידן זענען נאָר א בעשיידענער פאָרשפּיל פאר דער גרויסער טראַגעדיע וואָס ווארט אויף אונז.

מיטן אויסברוך פון דייטש־רוסישן וועלט־קריג האָט זיך די לאגע פיל פארערגערט. מען האָט אָנגעהויבן שיסן יידן מאסנווייז, און דער הונגער האָט זיך פערשטארקט. אין דער געגנט פון קראקא ענטשטייען קאָנצענטראציאָנס־ארבייטס לאַגערן און הונדערטער יידן פון וואלבראָם ווערן דאָרט אהינגעשיקט, און צווישן אנדערע אויך איך. מיר האָבן דאָרט געארבעט פון פינף אזייגער אין דער פרי ביז 10 אין דער נאכט. נאָר געציילטע מענשן האָבן דאָס אויסגעהאלטן, און די אנדערע וואָס זענען אָפּגעשוואכט געוואָרן זענען פערשיקט געוואָרן קיין בעלזשעץ און פערניכטעט געוואָרן צוזאמען מיט דער גרויסער אויסזידלונג פון די קראקעווער יידן אין 14.5.42. די גרויזאמקייטן וואָס איך האָב צוגעזען בעת דער אויסזידלונג אין קראקא בין איך נאָך היינט ניט פעאיג צו איבערגעבן. די מענשן האָבן געמוזט לויפן צו די וואגאָנען, און ווער עס האָט ניט געקענט לויפן איז דערשאָסן געוואָרן. די קראקעווער גאסן זענען אזוי ארום אָנגעזאפּט געוואָרן מיטן בלויט פון טויזנטער יידישע פרויען, קינדער און זקנים. גאָר קליינע קינדער זענען געוואָרפן געוואָרן פון די פענסטער פון הויכע הייזער.

איך האָב געפילט אז אויף דעם פלאץ קען איך מער ניט בלייבן און בין אוועקגעלאָפן צוריק קיין וואלבראָם דורך די וועלדער און פעלדער א גאנצע נאכט.

צוויי וואָכן שפּעטער זענען צו אונז אריינגעקומען צוויי דייטשן מיט דעם יידישן פּאָליציאנט מאיר צוקערמאן און מען האָט מיך צוריקגעשיקט קיין קראקא אין לאגער. אָבער נאָך אייניגע טעג בין איך ווידער ענטלאָפן פון דאָרט און ווידער א גאנצע נאכט זיך אָנגעלאָפן און צוריקגעקומען קיין וואלבראָם. אָבער



לייבל און רבקה קאנער

דאָסמאָל האָב איך מיך שוין געמוזט אויסבאהאלטן, ווייל עס האָט מיר געדראָט די קויל פאַרן אנטלויפן פון לאגער.

אין חודש יולי און אויגוסט 1942 איז די שטימונג אין יידישן וואלבראָם געווען א דערדריקטע און א פערצווייפעלטע. גרויזאמע שמועות און איובס בשורות פערשפרייטן זיך און יידן קוקן זיך אין די פנימער און פרעגן, צו זענען דאס טאקע אונזערע לעצטע טעג?

און דער לעצטער טאָג איז אויך געקומען. דער טאָג אין וועלכן א גאנצע קהילה פון צען טויזנט נפשות איז פערשניטן געוואָרן אכזריותדיג און בארבאריש אויף אייביג.

מיין משפחה האָט בעשלאָסן אז מיר טאָרן זיך ניט איבערגעבן מיט אייגענע הענט, און אז מיר מוזן פערלאָזן די שטאָט. שבת אין דער פרי, דעם 6־טן סעפּ־טעמבער, האָט מען אלע יידן קאָנצענטרירט אין מארק און פון דאָרט א טייל ארויסגעפירט אין וואלד אריין און נאקעטערהייט דערשאָסן אין וואלד אנטקעגן איבער דעם בית הקברות. די גרעסטע טייל האָט מען ארויסגעפירט צו דער באַן־סטאציע אויף די באגנעס. די פרויען, קינדער און עלטערע זענען זונטאָג פער־שיקט געוואָרן אין לאסט־וואגאָנען קיין בעלזשעץ. און די יינגערע מענער זענען צו ביסלעך פארשיקט געוואָרן אין פערשידענע ארבעטסלאגערן. אָבער נאָר גע־ציילטע זענען פון דאָרט צוריקגעקומען.

אָט די גרויסע טראגעדיע פון אונזער שטאָט האָב איך דאָ איבערגעגעבן אין געציילטע ווערטער, ווייל גרויס איז געווען די צרה און אונבעשרייבליך. זי האָט ניט איר גלייכן און עס זענען ניט פאראן קיין ווערטער און קיין שפראך וואָס קענען זי אויסדריקן און איבערגעבן.

פרייטאָג נאכטס האָט מען נאָך ביי אונז אין שטוב אויפגענומען דעם שבת ווי כשרע יידן. מיין מוטער האָט ליכט געצינדן און מיין פאָטער האָט געבענשט אויפן ווייַן. באלד נאָך דעם האָבן מיר אויף זיך אָנגעטאָן וועש און קליידער וויפיל מיר האָבן געקענט נאָר ארויפציען. מיין פאָטער האָט יעדן פון אונז פאר־טיילט געלט און ווערט־זאכן, און מיר זענען ארויס פון שטוב און געפריפט זיך אדורכרייסן דורך די דרייפאכיגע קייט מיט וועלכע די שטאָט איז ארומגערינגלט געוואָרן מיט דייטשע, פוילישע און אוקראינישע פּאָליציי.

קריכנדיג אויפן בויך די גאנצע צייט איז אונז קוים געלונגען ארויסצוקריכן זיך פון שטאָט, און מיר האָבן זיך ניט געוואגט אויסצוגלייכן, ביז מיר זענען געווען שוין 3—4 קילאָמעטער ווייט פון וואלבראָם. אָבער אויך דאָרט האָבן מיר בא־געגנט פּאָליאקן וועלכע האָבן פון אונז געוואָלט רויבן געלט מיטן תירוץ אז אזוי צו אזוי זענען מיר דאָך פערלוירן. איז צו וואָס ברויכן מיר נאָך געלט?

אויפן וועג האָבן מיר בעשלאָסן זיך איינצוטיילן אין צוויי גרופּן. מיר האָבן געטראכט, אז אויב מען וועט אונז פארהאלטן — זאָלן מיר ניט אלע פארהאלטן ווערן, ווייל דאָס בעדייט אונזער סוף. און מיר האָבן אויך פערשטאנען, אז אויב עס וועט אונז געלינגען צו געפינען א פריינדליכן קריסט וואָס וועט אונז וועלן אריינעמען צו זיך, וועט ער דאָך ניט קענען אריינעמען זיבן פערזאָנען צוזאמען. מיין מוטער, איך און מיין קלענסטער ברודער העשעק מיט די יינגערע שוועסטער

הינדעלע האָבן סוף כל סוף געפונען א בעקאנטע איידעלע קריסטין וואָס האָט אונז זער פריינטלעך אויפגענומען און אויסבאהאלטן אין דער סטאדאלע, און אונז געשפייזט מיט עסן. נאָך אייניגע טעג האָבן מיר געשיקט דעם זון פון דער קריס־טין קיין וואלבראָם ער זאָל אונז ברענגען ידיעות פון וואָס עס טוט זיך דאָרט. ער האָט אונז געברענגט טראגישע בשורות פון דער פערניכטונג פון אונזערע קהילה. מיין פאָטער מיט מיין ברודער האָט מען פערהאלטן און מען האָט זיי גלייך ארויסגעפירט אויפן פונקט ביי דער באן־סטאציע און אוועקגעשיקט קיין ריישע (רזשעשאוו) אין א ארבעטסלאגער. דעם קלענערן ברודער יעקעלע איז געלונגען צו אנטלויפן און ער איז אריינגעקומען אין שטאָט. אזוי ווי די פרויען מיט קינדער זענען שוין ארויסגעשיקט געוואָרן און פאר א ארבעטסלאגער איז ער געווען צו קליין — האָט מען אים איבערגעלאָזט אין שטאָט בתנאי אז ער וועט מוזן טוען אלערליי ארבעט פאר די דייטשן, און דערפאר האָט מען אים ערלויבט צו זיין אין דער וווינונג. ער איז דאמאָלט אלט געווען 14 יאָר.

אזוי ווי יעקעלע איז צוריק אריין אין אונזער וווינונג האָט ער זיך מיט אונז פערשטענדיגט און מיר האָבן בעשלאָסן צוריקצוגיין אין שטאָט אריין ביינאכט. דאָס איז געווען די ערשטע נאכט ראש־השנה תש״ב, 1942.

צו דער צייט האָבן זיך געפונען אין גרויסן בית־המדרש בערך 400 יידן וואָס מען האָט ערב ראש־השנה צוריקגעברענגט פון די באגנעס אין בית־המדרש אריין, און פון בית־המדרש זענען זיי אין אייניגע מאָל פערשיקט געוואָרן אין ארבעטס־לאגערן פון סטרי, פשעמישל, גרויצע א.ז.וו.

אין שטאָט זענען פערבליבן די יידנראט־מענשן מיט זייערע משפחות, נאָנטערע און ווייטערע, די יידישע אָרדנונגס פאָליציי און אייניגע אויסבעהאל־טענע אזוי ווי מיר, ווערמען מען האָט שוין ערלויבט צו פארבלייבן אין שטאָט.

די מענשן וואָס זענען געווען אין דעם גרויסן בית־המדרש זענען געווען אויסגעהונגערט און דערפרוירן פון זיין אגאנצע וואָך אויף די באגנעס ביי דער סטאציע. מיין מוטער האָט אויף זיך גענומען די אויפגאבע זיי צו פערזאָרגן דריי מאָל אין טאָג מיט געקאָכטע הייסע טיי און מיט זופן, און מיר קינדער האָבן איר געהאָלפן דאָס עסן טראָגן און פערטיילן. אָבער אַפּט מאָל האָט אונז די אוקראַינישע פאָליציי געשלאָגן און אוועקגעיאָגט, און באזונדערס מאגער, דער יידישער פאָלי־ציאנט פלעגט אונז בעדראָען אז ער וועט אונז אריינזעצן אין בית־המדרש און דעפּאָרטירן פאר דעב „פערברעכן" וואָס מיר האָבן געברענגט ווארים עסן פאר אויסגעהונגערטע יידן.

אייניגע וואָכן שפּעטער האָט מען מיך מיט חיים וועלגרין גענומען קובר צו זיין די יעניגע וואָס מען האָט דערשאָסן אין וואלד. דאָס איז געווען א שרעק־ליך ערשטוינענד בילד פון איבער טויזנט הרוגים וועלכע האָבן זיך נאָך געמוזט אויסטוען נאקעט פארן דערשיסן פון מאשין־געוועהר. מיר האָבן זיך באמיט אז די קבורה זאָל זיין ווי ווייט מעגליך א מענשליכע. מיר האָבן די קערפּערס גראד געלייגט און שטיל געמורמעלט א „קדיש".

און ווייל די ערד האָט זיך געזאפּט מיט יידיש בלוט, האָבן זיך אונזערע שכנים די פאָליאקן געזאפּט מיט יידיש האָב און גוטס.

בערך פיר וואָכן נאָך דער אויסזידלונג האָב איך בעקומען א טראגישע ידיעה פון ריישע אז מיין פאָטער לייביש קאָנער איז דאָרט דערשאָסן געוואָרן דעם 5.10.1942. גלייך ביים אָנקומען איז ער דאָרט בעשטימט געוואָרן פאר א געזעל (א זאקלאַדניק). און אזוי ווי א ייד איז פון לאגער אנטלאָפן, דערפאר האָט מען מיין פאָטער מיט נאָך אנדערע דערשאָסן.

צוויי חדשים נאָך דער ערשטער אויסזידלונג, דעם 9.11.42, איז פאָרגעקומען די צווייטע אויסזידלונג. מיר האָבן זיך ווידער אויסבעהאלטן ביי א קריסטין. אָבער אזוי ווי עס האָט זיך ארויסגעשטעלט אז די שטאָט איז ענדליך פאָלקאָם יידנריין — האָט דאָך מער קיין צוועק געהאט צו פערבלייבן אין בונקער, און מיר האָבן ארויסגעשיקט א קריסט ער זאָל זיך דערוויסן ווי עס געפינען זיך נאָך יידן

אזוי ארום האָבן מיר בעקומען ידיעות אז ביי בענדין איז דאָ א געטאָ אין שראדול, און הינטער סאָסנאָווצע איז אויך נאָך דאָ א געטאָ אין דאָרף קאמיאנקא. האָבן מיר אלזאָ באשלאָסן דאָרט אהין זיך צו בעקומען פאר יעדן פרייז. אונזער איבערלעבן אויף דעם וועג פון וואלבראָם ביז סאָסנאָוויץ איז א פרשה פאר זיך. מיר זענען געגאנגען נאָר ביינאכט. די קעלט איז געווען גרויס, און מיר זענען געגאנגען אין בלאָטעס ביז די קניען. כמעט דעם גאנצן וועג האָב איך געמוזט טראָגן אויף מיינע הענט דעם קליינעם ברודער מיטן שוועסטערל. אזוי זענען מיר געגאנגען צענדליגער קילאָמעטער מיט טויטשרעק אויף שריט און טריט.

פויערים פון דער אומגעבונג וועלכע מיר האָבן אוועקגעגעבן אונזער לעצטעס אז זיי זאָלן אונז אדורכפירן די גרעניץ קיין אלקוש האָבן ביי אונז אלעס אוועקגענומען און אונז געלאָזט שטיין אין מיטן פעלד. ווען מיר האָבן זיך באקלאָגט האָבן זיי אונז געדראָט אז זיי וועלן אונז איבערגעבן צו די דייטשן.

ענדליך אָנגעקומען קיין סאָסנאָוויץ, האָט זיך ארויסגעוויזן, אז פיל אנדערע וואלבראָמער וועלכע האָבן מיטגעמאכט דעם וועג זענען אדורכגעגאנגען די אלע צרות. אָבער דאָ האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן אונזערע צרות אויפסניי.

די דייטשן האָבן ארויסגעגעבן שטרענגע באפעלן אז מען זאָל ניט אריינ־נעמען קיין אנטלאָפענע יידן פון פראָטעקטאראט, אונטער דער דראָאונג פון דערשיסן. פערשטייט זיך אז די פאניק איז געווען זער א גרויסע. אָבער דער אמת איז, אז אלע האָבן זיך ביסלעכווייז איינגעאָרדנעט. יידן האָבן ניט געקוקט אויף די נייע פעראָרדנונג און ריזיקירט מיט זייער אייגן לעבן און געגעבן א היים פאר די פליטים.

דאן איז געווען דאָס פראָבלעם פון פרנסה מיט די שווערסטע ארבייטן, ווי גאסן־רייניגן און טראָגן קוילן, און איך האָב פארדינט אויף ברויט פאר אונז פיר.

אין 22 מאי ביים ליקווידירן דאָס געטאָ האָט אלע פליטים פון פראָטעקטאָ־ראט בעדראָט געשיקט צו ווערן קיין אוישוויץ. אָבער מאניעק מערין האָט פאר אונז געטוען אלעס וואָס מעגליך, און עס איז אונז געלונגען נאָך צו פערבלייבן אויפן פלאץ אין א ארבעטס־לאגער.

דאָס אויסזידלען פון סאָסנאָווצער געטאָ איז ווידער א קאפיטל פאר זיך. הונדערטער מענשן זענען דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט. קינדער פון קינדער־היימען און קראנקע פון שפיטעלער זענען ארויפגעוואָרפן געוואָרן אויף די לאסט־וואָגענס און דאָרט דערשטיקט געוואָרן לעבעדיגערהייט. די נאצישע חיה האָט דאָ ארויסגעוויזן איר גרויזאמקייט, אירע נידריקסטע אינסטינקטן פון בלוט־דורשטיקייט. מיר, די איבערגעבליבענע, האָבן בעדארפט רייניקן די גאסן און קובר זיין די הרוגים.

מאָנטאָג דעם 2.9.43 איז געקומען אונזער לעצטער טאָג אין סאָסנאָווצער ארבעטס־לאגער. אזוי ווי מיר האָבן איינגעזען אז מען וויל אונז פערניכטן, האָבן מיר זיך צוזאמענגענומען 400 יידן, דארונטער פרויען און קינדער, מייסטנס יידן פון וואלבראָם, פילץ, מיעכאָוו און ווארשא, און מיר האָבן זיך אויסבעהאלטן אין א בונקער. די היץ איז געווען זער גרויס. מיר זענען דערשטיקט געוואָרן אָן לופט צום אָטמען און פערברענט געוואָרן פאר דורשט. אָבער עס האָט געהערשט דיסציפלין. פיר טעג שפעטער האָט מען אונז אויסגעפונען און מען האָט בעפוילן מיר זאָלן ארויס פון בונקער. לויפנדיג האָבן מיר געמוזט פארלאָזן ווייל די גאנצע צייט האָט מען געשאָסן אין בונקער אריין. פון בונקער האָט מען אונז געיאָגט א קילאָמעטער ביז צו די וואגאָנען מיט וועלכע מען האָט אונז געשיקט קיין אוישוויץ. דעם גאנצן וועג זענען מיר געלאָפן, און אָן אויפצוהערן האָט מען אויף אונז געשאָסן. די העלפט פון אונז איז ניט דערלאָפן ביז צו די וואגאָנען.

פיר אזייגער אין דער פרי זענען מיר אָנגעקומען קיין אוישוויץ. דאָ האָט מען אונז באלד צושיידט: פרויען און קינדער באזונדער, מענער און יוגנט באַזונדער. אזוי בין איך אָפּגעטיילט געוואָרן פון מיין מוטער און מיין שוועסטערל, און פערבליבן מיט מיין ברודער יעקעלע. דער יינגסטער ברודער, הערשל, איז נאָך פארבליבן אין געטאָ. נאָכדעם וואָס מען האָט אונז אָפּגעשוירן נאקעטערהייט און אלעס אוועקגענומען, דאָס זעלבע האָט מען אויך מיט די פרויען געמאכט, האָט מען אונז אוועקגעפירט אין בלאָק נומער 12. איך האָב בעקומען דעם נומער 134958 און מיין ברודער 134957. פון דאמאָלס האָבן מיר אויפגעהערט צו זיין מענשן. מיר זענען געוואָרן נומערן.

אונזער בלאָק־עלצטער דוד גאָלדבערג פון ווארשא, א לאנגיעריגער פערברעכער און אונטערוועלטלינג, ווי ער האָט זיך אליין פאָרגעשטעלט און בארימט דאמיט, האָט אלעס געטוען בכדי אונז דאָס לעבן צו פערביטערן און בעשווערן. פון 4 אזייגער מוזן מיר שוין שטיין אויף אפעלין. ער האָט אונז געשלאָגן און געהרגעט אָן רחמנות, און אונז בערויבט אונזער עסן, און מיר האָבן געמוזט שווייגן, ווייל אנדערש ווערן מיר גלייך געשיקט אין קרעמאטאָריום. אונזער בלאָק איז ניט געווען דער איינציגער, אָבער אונז איז עס אפשר געווען פיינליכער צוליב דעם וואָס מיר האָבן געליטן פון א ייד.

פון צייט צו צייט זענען פאָרגעקומען סעלעקציעס. שוואכע און אָפּגעמאַטערטע זענען געשיקט געוואָרן אין קרעמאטאָריום. אויף די סעלעקציעס האָט דיריגירט דער בארימטער בלוטיגער מאסן־מערדער מענגעלע.

אין ערב יום־כיפור האָבן איך געזען ווי אזוי מען האָט אריינגעפירט 15

לאסט־וואגאָנען מיט נאקעטע יידישע פרויען פון איטאליע. דאָס האָט אונז אויסער־געוויינלעך דערדריקט, אויבוואָל מיר זענען שוין אזוי אויך געווען גענוג דער־דריקט, אָבער דאָס שוידערליכע בילד איז געווען פאר אונז אונערטרעגליך.

דער זאוויערטשער רב וואָס איז געווען צוזאמען מיט אונז האָט אונז געטרייסט און דערמונטערט. ער האָט אונז אזוי בעאיינפלוסט אז מיר האָבן אפילו בעשלאָסן צו פאסטן יום־כיפור.

יעדען טאָג האָב איך געמוזט צוזען ווי יידן פאלן איינפאך פון הונגער און קעלט, פון שוואכקייט און פון קלעפּ. און יעצט דאָס שטענדיג ברענענדיגע קרעמאטאָריום און די גאז־קאמערן. מיט ביטערן צאָרן האָב איך געביילט מיינע פויסטן, אָבער ליידער געווען אונמעכטיג, אזוי ווי עס זענען געווען אונמעכטיג אלע אנדערע ארום מיר.



בתו של ר' יחיאל מאיר אנגלשטיין

ענדע נאָוועמבער הער איך אז א טראנספּאָרט גייט ארויס פון אוישוויץ אין א ארבעטס־לאגער. איך האָב אלעס אָנגעוואנדן בכדי אוועקצוגיין מיט דעם טראנספּאָרט. נאָר ליידער איז מיין ברודער יעקעלע צוריקגעבליבן, און איך האָב אים שוין מער ניט געזען.

צוויי טעג זענען מיר געפאָרן ביז ווארשא אין לאסט־וואגאָנען, אָן עסן און אָן טרינקען. אין לאגער אין ווארשא זענען שוין געווען ניין טויזנט קריסטלעכע העפטלינגע פון פראנקרייך, איטאליע, האָלאנד, בעלגיע, גריכנלאנד, און אויך אמעריקאנער קריגסגעפאנגענע, און בערך טויזנט דייטשן, פארברעכערס וואָס זענען געווען פאראורטיילט צו טויטשטראָף און לעבענסלענגליכע תפיסה.

מיר האָבן בעדארפט אויפרייסן די חורבות פון געטאָ וועלכער איז באָמ־באַרדירט געוואָרן בעת דעם יידישן אויפשטאנד. די ארבעט איז געווען ניט נאָר

א שווערע, נאָר אויך א לעבנס־געפערליכע, און הונדערטער מענשן זענען צוגע־דעקט געוואָרן אונטער די פאַלנדע מויערן, יידן און קריסטן.

אביסל טרייסט האָב איך בעקומען ווען איך האָב דאָרט געטראָפן א וואָל־בראָמער בחור אהרן נוסנבוים, א זון פון יקום דער סטאָלער. פון דאַמאָלס אָן האָבן מיר זיך געהאַלטן צוזאַמען.

די שווערע ארבעט אָן עסן און אָן די פרימיטיווסטע סאַניטאַרע בעדינגונגען האָבן פּראָוואָצירט א בויך־טיפוס עפּידעמיע און פלעק־פיבער. די יעניגע וואָס זענען קראַנק געוואָרן האָט מען פארברענט לעבעדיגערהייט.

דער 28 יולי איז בעשטימט געוואָרן צו זיין דער טאָג פון א פּוילישן אויפ־שטאַנד, און די נאַציס מורא האָבנדיג אז מיר העפטלינגע זאָלן זיך ניט מיטבעטייליגן, האָבן אַלעס צוגעגרייט כדי אונז אויסצושיסן מיט מאַשין־געווער. אָבער אין דער לעצטער מינוט קומט א בעפעל אונז צו עוואַקואירן. אָבער די צוגרייטונגען צו די עוואַקואַציע האָבן געמאַכט דעם איינדרוק אז מען גייט אונז אויסשיסן, און מיר האָבן געלעבט א גאַנצן טאָג אין א גרויסער פּאַניק. פאַר אונזערע אויגן האָט מען פארברענט די קאַרטאָטעק און דאָס גאַנצע ביוראָ, און די גאַנצע צייט האָט מען געהערט שיסן און באָמבאַרדירן. מיר זענען געווען זיכער אז דאָס איז אונזער לעצטע שעה. איך האָב מיך צוקושט מיט מיין פריינד אהרן נוסנבוים. מיר האָבן זיך געזעגנט אזוי ווי צוויי מענשן וואָס ווייסן אז זיי זענען פאַראורטיילט צו א זיכערן טויט.

פיר אזייגער אין דער פרי האָבן מיר אָנגעהויבן מאַרשירן אין דער ריכטונג קיין וואַרשאַ. קראַנקע און פּוילישע פּאָליטישע אַרעסטאַנטן זענען געבליבן און דערשאָסן געוואָרן מיט צוגעבונדענע הענט אויפן רוקן, און אין מויל האָט מען זיי איינגעלייגט גיפּסענע קוילן אז זיי זאָלן ניט קענען שרייען. מאַרשירנדיג איבער די וואַרשעווער גאַסן האָבן מיר געזען פיל פּאָליאַקן דערהרגעטע און נאָך מער געהאַנגענע אויף די מויערן. די דייטשן האָבן אונז באַפוילן צו זינגען פּוילישע נאַציאָנאַלע לידער, און אזוי ווי די פּאָליאַקן האָבן דאָס דערהערט האָבן זיי אונז געוואָרפן ברויט, פּרוכטן און גרינס מיט ציגאַרעטן. אזוי זאַט געגעסן האָבן מיר זיך שוין זער לאַנג ניט.

אזוי האָבן מיר מאַרשירט א גאַנצן טאָג. די היץ איז געווען גרויס, און מיר האָבן געליטן פון א שטאַרקן דורשט. פאַרנאַכט זענען מיר אָנגעקומען אין דער שטאָט סאָכאַטשאָוו. די נאַכט זענען מיר געשלאָפן אין פעלד, און גאַנץ פרי ווידער מאַרשירט אָן הפסקה. ערשט צוויי אזייגער ערלויבט מען אונז א מיטאָגס־פּויזע פון א האַלבע שעה. מיר באַקומען ברויט מיט הערינג קאָנסערוון. דאָס פאַר־שטאַרקט פיינליך אונזער דורשט, און ביים ווייטערן מאַרשירן זענען שוין מענשן אָפּגעשטאַנען און דערשאָסן געוואָרן.

דעם דריטן טאָג איז נאָך ערגער געווען. די היץ ווי אויף צו להכעיס האָט דערגרייכט 30 גראַד און מיר קריגן ניט קיין וואַסער. ס.ס. מענער היטן אונז מיט מאַשין־געווער. מיר טאָרן זיך ניט אפילו אראָפּבייגן. ווער עס האָט דאָס ניט מיטגעמאַכט קען אונזערע ליידן ניט פארשטיין. יעדע באַשרייבונג וועט זיין בלאַס

אנטקעגן דער גרויזאמקייט. מיר זענען פארביי געגאנגען די שטאָט לוויוויטש, און מיר האָבן אָנגעהויבן שרייען: וואסער, וואסער! אָבער די ס.ס. האָבן ניט דער־לאָזט מען זאָל אונז וואסער געבן. ווען מיר זענען פארביי געגאנגען א טייכל האָבן די דייטשן אונז ערלויבט וואסער צו נעמען. אָבער ווי נאָר מענשן זענען אריין אין וואסער האָבן זיי אָנגעהויבן שיסן און דאָס וואסער איז באלד רויט געוואָרן מיט מענשליך בלוט, און מיר האָבן זיך צוריקגעצויגן אין די רייען. די ס.ס. מענער האָבן זיך געמוזט צורשט איבערצייגן אז די אלע וואָס זענען געבליבן אין וואסער זענען באמת טויט, אָדער אויך לעבעדיקע מאכן דעם אָנשטעל אלס טויטע, ווייל... זאָגן זיי — קיין איינציגער העפטלינג זאָל ניט אריינפאלן לעבע־דיגערהייט אין „שונא׳ס" הענט. ענדע דעם דריטן טאָג מארשירן זענען פון אונז געבליבן נאָר די העלפט.

דער פערטער און פינפטער טאָג זענען אויך פארביי ווי די פריערדיגע טעג. הונגער, קלעפּ און שיסעריי, און דאָס ערגסטע פון אלעס דורשט ביז צום משוגע ווערן. מיינע שיך זענען איועקגעריבט געוואָרן און די פיס פארבלוטיגטע פון די שפיציגע שטיינער.

דעם זעקסטן טאָג זענען מיר אָנגעקומען קיין זשיכלין. דאָרט האָבן מיר געטראָפן אונגארישע יידן. ביים מיטאָג־איבעררייס האָט א אונגארישער ראבינער, האלבערשטאדט פון קלויזנבורג, אונז הערציג געטרייסט און געראָטן מיר זאָלן פרובן גראָבן אין דער ערד, אפשר וועלן מיר געפינען וואסער. מיר האָבן אין אונזער פארצווייפלונג אָנגעהויבן גראָבן מיט די פינגער, און ווי נאָר די ערד איז געווען אביסל פייכט האָבן מיר זי געלעקט, אָבער זיך ניט געזעטיגט. מיר גראָבן ווייטער ביז 2—3 מעטער און אביסל שמוציג וואסער האָט אָנגעהויבן שפריצן. מיר האָבן געטרונקן דאָס שמוציגע בלאָטיגע וואסער. דעם אכטן טאָג זענען מיר פארביי די שטאָט קוטנא. אונזערעליידן נעמען קיין ענדע. אונזערע „באגלייטער" דייטשע פארברעכער און אונטערוועלטניקעס ווייסן קיין רחמנות.



אשתו של בנימין גלאזער
בנימין גלאזערס פרוי



דוד וויינשטאָק און רבקה שמואלעוויץ

א סאָסנאָווצער בחור חוניה נייער בעקומט פלוצלינג שטאַרקע שמערצן און קען ניט מער גיין. מיר ווילן אים נעמען אויף אונזערע פּלייצעס און טראָגן, אָבער די רוצחים ערלויבן ניט און ערשיסן אים אויפן אָרט. זיינע לעצטע ווערטער זענען געווען „שמע ישראל”. מער האָט ער ניט בעוויזן.

דעם 12־טן טאָג זענען מיר אָנגעקומען קיין פּויזן. דאָרט האָט אויף אונז געוואַרט א לאַסט־באַן מיט 40 וואַגאָנען אין וועלכע מען האָט אונז אריינגע־דרענגט ביז 100, און ווידער אָן עסן און אָן טרינקן. נאָר דאָס גליק איז וואָס מיר ברויכן שוין ניט מער צו מאַרשירן צו פוס, ווייל מיר וואָלטן שוין מער ניט אויסגעהאַלטן. אין דעם וואַגאָן האָבן מיר זיך געפונען דריי וואַלבראָמער: איך, אהרן נוסנבוים און בעריש מייטליס (א זון פון געלן ראובן), און מיין יעצטיגער שוואָגער איז שוין געווען זער אָפּגעשוואַכט, און דאַגעגן בעריש מייטליס האָט זיך נאָך שיין געהאַלטן, און נאָר אדאַנק אים, ווייל ער האָט נאָך געהאַט כוח זיך צוצושטופּן ביז דער טיר, בכדי צו נעמען דאָס שטיקל ברויט, האָבן מיר אויסגע־האַלטן נאָך זיבן טעג ביז מיר זענען אָנגעקומען אין דעם פאַרניכטונגס־לאַגער דאַכאַו. פון די ניין טויזנט פערזאָן וואָס האָבן ארויסמאַרשירט פון וואַרשא זענען נאָר אָנגעקומען צוויי טויזנט קיין דאַכאַו. איך און נוסנבוים האָבן צו פערדאַנקן פיל בעריש מייטליס, ווען ניט ער — ווער ווייסט צי מיר וואָלטן דערגרייכט.

פון דאַכאַו האָט מען אונז פערשיקט אין פאַרשידענע ארבעטס־לאַגערן. נוסנבוים איז אוועקגעגאַנגען קיין אַללאַך, און איך מיט בעריש מייטליס קיין אַמפּינג, ווו מיר האָבן געאַרבעט ביי שווערע בוי ארבעט אין פרייען פעלד. אויך אין די קאַלטע נעכט זענען מיר געשלאָפן אין דרויסן. זעקס וואָכן שפּעטער זענען אָנגעקומען צו אונז נאָך 7000 העפטלינגע, דארונטער אונגאַרישע יידן, רוסישע קריגסגעפאַנגענע, פראַנצויזן און איטאַליענער.

טאָג טעגליך זענען געפאַלן פון 80 ביז 100 מענשן פון הונגער און קעלט. מיר האָבן געמוזט טראָגן א גאַנצן טאָג צעמענט און לויפן מיט די זעק. דער שטויב פון דעם צעמענט האָט זיך אונז געלייגט אויף די לינגען, אריין אין די אויגן און אין די אויערן. אונזערע קליידער און שיך זענען געווען די פּאַפּירענע זעק פון צעמענט.

בעריש מייטליס איז געשיקט געוואָרן צו א דייטשן פייער ארבעטן, האָט ער פון דאָרט אוועקגעגנבט עסן פאַר מיר, און נאָר אזוי ארום האָב איך נאָך געהאַט כוח צו שטיין אויף מיינע פיס.

אין מערץ 1945 הערן מיר דאָס מען וויל אונז ווידער עוואַקואירן ביז דער שווייצער גרעניץ. מיר האָבן שוין געהאַט ערפאַרונג וואָס דאָס הייסט עוואַקואירן, און מירביידע האָבן באַשלאָסן אז מיר' וועלן זיך אויסבעהאַלטן. אָבער גאַנץ אומגעריכט האָט מען אונז אוועקגעפירט צו די באַן און אריינגעשטופּט אין די וואַגאָנעס. מיר האָבן דאָך באַשלאָסן אָבצוּוואַרטן א געלעגנהייט און צו אנט־לויפן. און אזוי האָבן מיר געטוען. ווי נאָר די דייטשן האָבן אונז באַמערקט אוועק־לויפן האָבן זיי אָנגעהויבן שיסן. און מיר זענען געלאָפן מיט די לעצטע כוחות ביז צום וואַלד. אַבער מיר האָבן זיך פאַרלוירן פונאיינאַנדער.

איך האָב געקענט דאָס אָרט ווי בעריש מייטליס האָט געאַרבעט, און איך האָב באַשלאָסן אַהינצוגיין צו דעם דייטש. איך האָב גליק געהאַט און געטראָפן דעם פלאַץ. איך בין אַריין און געבעטן עסן. זיין ערשטע פראַגע איז געווען, אויב עס האָט מיך קיינער ניט געזען. געהערט אַז ניין האָט ער מיך צוערשט געשיקט אויפן בוידעם און דאָרט האָב איך געטראָפן בערישן וואָס האָט מיך אויסערגעוויינליך דערפרייט. דער פויער האָט אונז אויסבעהאַלטן און פאַרפלעגט פון שענסטן און בעסטן וואָס מיר האָבן שוין זייט יאָרן ניט געזען.

אומגעריכט האָט פּאַסירט אַ פאַל וואָס האָט געקענט ברענגען אַ שרעקליכן סוף צו אונז ביידע און צו אונזער פריינט דעם פויער. אַן ס.ס.־גרופּע האָט זיך איינקוואַרטירט אין דאָרף, און אויך ביי אונזער בעל־הבית. מיר האָבן איבער־געלעבט איינציגע טעג אין פיינליכע שרעק.

דעם צווייטן מאַי 1945, 4 אַזייגער נאָכמיטאָג, הערן מיר די פריילעכע בשורה אַז די אַמעריקאַנער געפינען זיך שוין אין דעם דאָרף. מיר זענען גלייך אַרויס אין דאָרף, און באַגעגנט זיך מיט די אַמעריקאַנער, און דאָס ערשטע וואָס מיר האָבן פאַרלאַנגט איז געווען אַז זיי זאָלן באַפרייען די רעשט איבערגעבלי־בענע אין דעם לאַגער. אָנקומענדיג אין לאַגער זענען נאָך די ס.ס. מענער געווען דאָרט און געהיטן דאָס לאַגער. זיי האָבן זיך ניט געוואָלט איבערגעבן און אָנגע־הויבן שיסן. אָבער די אַמעריקאַנער סאָלדאַטן האָבן גאַנץ שנעל באַהערשט די לאַגע און דערשאָסן די וואַכמענער. די סאָלדאַטן זענען דערשראָקן געוואָרן זעענ־דיג די אויסגעמאַטערטע פאַרהונגערטע און פאַרפייניגטע לאַגערמענטשן. זיי זענען שוין געווען מער טויט ווי לעבעדיג. און טראָץ דעם וואָס די אַמעריקאַנער האָבן גלייך פאַרזאָרגט עסן און מעדיצינישע הילף און געגעבן בלוט טראַנספוזיעס, איז ליידער פאַר די גרעסטע טייל די הילף שוין געקומען צו שפּעט.

אָנפאַנג יוני בין איך אָנגעקומען קיין מינכן, און דאָס ערשטע וואָס איך האָב אָנגעהויבן איז געווען אויפזוכן וואַלבראָמער, פריינט און משפּחות. פון מיין גאַנצע משפּחה איז נאָר לעבן געבליבן מיין יינגסטער ברודער הערשל. בעריש מייטליס האָט אויסגעפינען זיין יינגערע שוועסטער רויזה (יעצט מיין פרוי) און זיין יינגסטן ברודער דוד. זיי לעבן יעצט ביידע אין ניו־יאָרק.

צום שלוס וויל איך אויסדריקן מיין דאַנקבאַרקייט מיינע לאַנדסלייט אין ישראל פאַר דער הייליגער איניציאַטיוו, און באַזונדערס די אַקטיווע פּערזאָנען בן־פורת, לובלינג און כ״ץ, וועלכע האָבן מיך ערמוטיגט צו באַשרייבן מיינע ליידן און פּיין וועלכע זענען דאָך שליסלעך געווען די ליידן און פּיין פון אַלע וואַלבראָמער און פון אַלע אייראָפּעאישע יידן אין די בלוטיגע יאָרן פון דער נאַציסטישער אָקופּאַציע.

---

שמואל פערלמוטער

# די צווייטע אויסזידלונג אין וואלבראם

## (פון וואַלבראַם ביז אויסשוויץ)

ביי דער ערשטער אויסזידלונג וואָס איז פאָרגעקומען דעם זעכסטן סעפטעמבער 1942 האָבן די דייטשן איבערגעלאָזט אין וואלבראַם בערך 50 יידן, מיט וועלכע זיי האָבן געוואָלט ליקווידירן דאָס יידישע איבערגעבליבענע פאַר־מעגן. מער ווי צוויי טויזנט יידישע פאמיליעס זענען פארשיקט פון וואלבראַם, די מערהייט וואלבראָמער געבוירענע און די איבריגע צוגערייזטע יידן פון אויבערשלעזיען, זאגלעמביע און קראקא, זייער איבערגעבליבן האָב און גוטס, אָפגעשפאָרט אין משך פון דורות דורך ארבעט און מי, זענען קאָנצענטרירט



שמואל פרלמוטר

געוואָרן אויף זאמל־פלעצער דורך די איבערגעבליבענע יידן. דאָס בעסערע איז אוועקגעשיקט געוואָרן קיין דייטשלאנד, דארונטער גאָלד, ברילאנטן און דער־גלייכן. מינדערווערטיגעס איז פארקויפט געוואָרן צו דער פוילישער באפעלקע־רונג פאר חצי־חינם און דאָס געלט האָבן די מערדער זיך איינגעטיילט, ווייל אזוי האָט דאָס נאצי־געזעץ בעפוילן, מען זאָל פאַרניכטן דאָס יידנטום און ירשנען.

צען טאָג האָט אָפגעהאלטן די ערשטע אויסזידלונג, פון שבת דעם 6־טן סעפטעמבער ביז מאָנטאָג דעם 15טן סעפטעמבער. מאָנטאָג זענען אוועקגעשיקט געוואָרן די לעצטע 100 וואלבראָמער יידן אין א צוואנגסארבעטלאגער, און די איינציגע וואָס זענען פארבליבן אין שטאָט זענען געווען די אויבנדערמאנטע 50 יידן פון יודנראט און יידישע פּאָליציי.

אָבער ווי נאָר די אקציע פון „אויסזידלען" איז אדורך זענען פון די בונקערס ארויס, און עס זענען צוריקגעקומען פון דאָרף אויסבעהאלטענע נאָך בערך 50 יידן, וועלכע מען האָט אויך ערלויבט צו בלייבן אין שטאָט.

אין ערשטן טאָג פון דער אויסזידלונג זענען בערך 300—400 יידן ארויס־געפירט געוואָרן אין וואלד און ערמאָרדעט געוואָרן נאקעטערהייט. די ערשטע אויפגאבע פון די איבערגעבליבענע יידן אין וואלבראָם איז געווען קובר צו זיין די הרוגים.

וואלבראָמער יידן זענען געווען פארשיקט אין פארשידענע לאגערן אין גאנץ פוילן, ווי קראקא, פשעמישל, ריישע, סטרי, סטאלאווא־וואלא, און אנדערע. אייניגע וואלבראָמער איז געלונגען זיך ארויסצורייסן פון אָט די טויטן־לאגערן און עס געלינגט זיי צוריקצוקומען קיין וואלבראָם. אנטלויפנדיג האָבן זיי געמיינט אז זיי קומען צוריק אהיים. זיי האָבן ניט געוווּסט וואָס עס איז אינצווישן צייט פאָרגעקומען אין וואלבראָם, און אז זיי האָבן שוין ליידער קיין היים ניט. מיט דער הילף פון די איבערגעבליבענע וואלבראָמער האָבן זיך די געראטעוועטע אויך איינגעאָרדנעט, און אזוי ארום האָבן זיך אין וואלבראָם ווידער צוזאמענגע־נומען 200 יידן, צערבראָכענע, דערשלאָגענע, פאריתומטע און פארשעמטע.

מיר האָבן זיך געשעמט צו קוקן אונזערע שכנים די פּאָליאקן אין פנים, ווייל אין דער צייט ווען זיי האָבן זיך געלעבט בשלום און שלווה מיט זייערע משפחות, האָט זיך יידיש בלוט געגאָסן ווי וואסער און אונזער לעבן איז געווען הפקר. אונזערע טעג פינסטערע און די נעכט ביטערע. ניט ווילנדיג האָט זיך אויף אונ־זערע ליפּן געשטעלט די פראגע :„למה יאמרו הגויים, איה נא אלהיהם".

נאָר דער ווילן איבערצולעבן דעם שונא און נקמה צו נעמען האָט אונז געגעבן דעם קראפט און מוט צו לעבן דאָס טראגישע אונמענשליכע לעבן. מיין עלטערער ברודער הירש־דוד האָט צו דער צייט געוווינט אין דער שטאָט וולאָשטשאָווע, אייניגע טעג פאר דער אויסזידלונג, און ווי אים איז געבוירן גע־וואָרן א טאָכטער, וועלכע ער האָט איבערגעגעבן צו א יידישע פרוי וועלכע האָט געלעבט אויף קריסטליכע דאָקומענטן. ער האָט באצאָלט דער פרוי פיל געלט דאמיט עס זאָל דעם קינד גאָרניט פעלן, און אויף יעדן פאל האָט ער איבערגע־געבן דער פרוי אונזער אַדרעס אין וואלבראָם, אז אין פאל ווען מען ענדיגט זי אלס יידין אָדער דעסגלייכן זאָל זי דאָס קינד איבערגעבן צו אונז. מיין ברודער און זיין פרוי האָבן זיך אליין אויסבעהאלטן ביי א פויער אין דאָרף.

באלד נאָך די אויסזידלונג, ווען מיין ברודער און זיין פרוי זענען נאָך געווען אין בונקער, האָט די פרוי ביי וועלכע דאנושע האָט זיך געפונען — חרטה בעקומען, און זי האָט אונז געברענגט דאָס קינד קיין וואלבראָם, אוועקגעלייגט דאָס קינד אויפן טיש און אנטלאָפן. דאָס קינד האָט געוויינט אָן אויפהער. דאָס גאנצע קערפּערל איז געווען באדעקט מיט ווונדן. דאָס קינד איז געווען שטארק פערנאכלעסיגט און הונגעריג. איך קוק אויף דעם קינד מיט באדויערן. אָבער איך ווייס ניט וואָס צו טוען. דאן קומט אריין מיין פאָטער און פרעגט מיך ווער דאָס איז. זאָג איך אים אז דאָס איז זיין אייניקל. מיין פאָטער איז אויסגעבראָכן אין א שטארק געוויין. קיינמאָל אין מיין לעבן האָט איך ניט מיין פאָטער געזען

וויינען און אזוי וויינען. גלייך האָט ער פערקאַטשעט די ארבל און זיך גענומען מטפל זיין מיט דעם קינד.

מיט דער הילף פון יעקיל מעלוך דער פעלדשער האָט מען דאָס קינד אויסגעהיילט און געהאָדעוועט. פון יעצט אָן איז די איינציגע זאָרג געווען פאַר דעם קינד. מיר האָבן נאָר געזאָרגט און געקלערט וואָס צו טוען אז דאָס קינד זאָל בלייבן לעבן.

ווי נאָר הירש־דוד מיט זיין פרוי זענען ארויס פון בונקער האָבן זיי אָנגעהויבן זוכן דאָס קינד, און אזוי ארום געקומען קיין וואלבראָם. אלע צוזאמען האָבן מיר געזוכט א היים פאַר דעם קינד. א קריסטלעכע פרוי פון א פּוילישן געוועזענעם מיניסטער, וואָס איז אליין געווען פערפאָלגט פון די דייטשן, האָט מסכים געווען צו נעמען דאנושן פאַר זער פיל געלט. זי האָט איר זער גוט באַהאנדלט, נאָך נאָך דעם קריג געמאכט שוועריקייטן און ניט געוואָלט צוריקגעבן דאָס קינד, מעגליך פאַר ליבשאפט, ווייל זי האָט זיך שטארק צוגעבונדן צום מיידל.

אין אָקטאָבער 1942 האָט מען געברענגט קיין וואלבראָם די רעשטלעך איבערגעבליבענע יידן פון די שטעטלאך קאזלאוו און טונעל. אייניגע צענדליגער משפחות זענען איינגעאָרדנעט געוואָרן אין דעם הויז פון ר׳ שיע לעסמאן און פארזאָרגט געוואָרן מיט שפייז און קליידער פון אונז די איבערגעבליבענע יידן אין וואלבראָם. קלאנגען האָבן זיך פארשפרייט אז וואלבראָם וועט זיין די איינציגע שטאָט פון דער אומגעגנט אין וועלכע עס וועלן בלייבן יידן צוליב דער גרויסער גומי פאבריק וואָס וועט פארוואנדלט ווערן אין א אמוניציע־פאבריק. און פארשטייט זיך אז די יידן וועלן זיין דער ארבעטס־קראפט. מיר ווייסן ניט ווי פיל אמת עס איז געווען אין אָט די שמועות. אָבער וואָס מיר וויסן יאָ איז אז פון דעם פלאן איז גאָרניט געוואָרן, ווייל די דייטשן האָבן איבער אלעס און פאַר אלעס געזען זייער הויפט אויפגאבע אין פארניכטן אלעס ביז צום לעצטן ייד.

דעם 2־טן נאָוועמבער זונטאָג אין דער פרי האָבן מיר באקומען א געהיימע ידיעה אז מיר זענען די ערשטע אין די רייע צום אויסשיסן, און אז מאָרגן איז אונזער לעצטער טאָג. מען קען זיך לייכט פאָרשטעלן דאָס טראגישע בילד פון דעם לעצטן ביסל יידן אין וואלבראָם, ווען פלוצלינג זענען מיר געשטאנען אקעגן איבער דעם סוף, אונבאהאָלפן און האָפנונגסלאָז.

ווי נאָר עס האָט אָנגעהויבן ווערן טונקל האָבן יידן אָנגעהויבן זיך ארויסגנבנען פון דער שוין בעלאגערטער שטאָט. די קוילן זענען געפלויגן. דער טויט האָט אונז באגלייט אויף שריט און טריט. אָבער מיר האָבן גאָרניט געהאט וואָס צו פארלירן. אין דער פרי האָט אונז יעדנפאלס ערווארטעט א זיכערער אונפערמיידליכער טויט.

דער ציל איז געווען צו דערגרייכן קיין בענדין אָדער סאָסנאָוויץ. אָבער די אויסזיכטן דאָרט אָנצוקומען זענען געווען זער קליין, ווייל דריי פעלקער האָבן געהיטן די וועגן בכדי אונז אויסצוכאפּן און דערהרגענען, און דאָס זענען געווען די דייטשן און פוילישע און אוקראַינישע פּאָליציי.

איך און מיין פאָטער האָבן פארלאָזט די שטאָט ביינאכט. מיין ברודער יהודה

איז דערווייל פערבליבן זען ווי אזוי די אויסזידלונג וועט זיך אנטוויקלען. מען האָט נאָך אלץ געהאָפט, טאָמער וועלן דאָך אייניגע יידן בלייבן אין שטאָט. מיר האָבן זיך אָפּגעשמועסט צו טרעפן ביי א בעקאנטן גוי אין דלוזשעץ, וועלכן מיר האָבן איבערגעלאָזט דאָס גאנצע פערמעגען אונזערס.

מיין פאָטער איז געווען פארבונדן מיט וואלבראָם מיט זיין גאנץ וועזען. געוויינט און געקלאָגט האָט ער דעם גאנצן וועג אויף דעם טראגישן גורל פון זיין קהילה. מיר זענען געווען אזוי דערשלאָגן און דערשראָקן אז מיר האָבן פער־בלאָנדזשעט דעם וועג און געגאנגען די גאנצע נאכט און ניט געפונען אונזער וועג. פארטאָג האָט אונז באגעגנט א קריסט וועלכער האָט אונז פערהאלטן און געפאָדערט מען זאָל אים אלעס אוועקגעבן, ווען ניט — וועט ער אונז פירן צו די פּאָליציי. מיין פאָטער האָט אים דערקענט און אָנגעהויבן רעדן צו זיין געוויסן אזוי לאנג ביז דער גוי האָט באוויליגט אונז אריינצונעמען און אויסבעהאלטן אין דער סטאדאלע. שנעל האָבן מיר זיך אָבער איבערצייגט, אז דער גוי פּלאנירט אונז צו ערמאָרדן, און ווי נאָר עס האָט אָנגעהויבן צו ווערן פינסטער האָבן מיר זיך ארויסגעגנבעט פון דער סטאדאָלע און ווידער געפּרופּט אָנצוקומען קיין דלוזשעץ צו אונזער פריינד.

פארפרוירן ווי צוויי שטיקער אייז זענען מיר אָנגעקומען קיין דלוזשעץ. דער פּויער האָט אונז אָנגעווארימט און געגעבן צו עסן און מיר זענען אריין אין שטאל צוזאמען מיט די בהמות. ביי נאכט האָבן מיר זיך איבערגעוועקט פון קלאפּן און געווען דערשראָקן צום טויט, ווייל מיר זענען געווען זיכער אז דאָס זענען דייטשן. אָבער דאָס איז געווען יהודה, פון וועלכן מיר האָבן געהערט, אז וואלבראָם איז שוין יודנריין. די שיינע ענטוויקלטע קהילה וואלבראָם עקזיסטירט ניט מער, און די רעשטלעך וואלגערן זיך אויף די קאלטע בלאָטיגע וועגן.

אויפן צווייטן טאָג פארנאכט קומט אריין צו אונז אין שטאל אונזער פּויער און וויינענדיג זיך געבעטן ביי אונז אז מיר זאָלן רחמנות האָבן אויף זיין ווייב און קינדער און מיר זאָלן אוועקגיין. און דערביי האָט ער צוגעגעבן, אז אזוי ווי מיר זענען דאָך אזוי צו אזוי פארלוירן — זאָלן מיר אים איבערלאָזן אלעס וואָס מיר האָבן. פארצווייפלטע און האָפנונגסלאָז האָבן מיר באשלאָסן צוריקצוגיין קיין וואלבראָם און זיך איבערגעבן צו די דייטשן. אויפן וועג צוריק זענען מיר פארבייגעגאנגען דערפער ווי מיר האָבן געהאט פיל בעקאנטע פּויערים. אלע טויערן זענען געווען פארמאכט, און אויף אונזער קלאפּן האָבן נאָר די הינט געענטוואָרט מיט א שטארקן בילן. מיר האָבן ניט געוואָלט בעטן קיין רחמים און באשלאָסן צו גיין צוריק אין שטאָט צו א זיכערן טויט.

אָנגעקומען קיין וואלבראָם ביינאכט האָבן מיר באשלאָסן צו פּריוון נאָכ־אמאָל אונזער גורל. מיר זענען אריין צום שכן אויף דער עלגאטער גאס פראנעק זגאדזאי, און איך מוז אונטערשטרייכן אז ער האָט אונז אויפגענומען ווארים און אונז פארזאָרגט מיט עסן און טרינקען. ער האָט אונז ארויפגעלאָזט אויפן בוידעם, און מיר האָבן אים פארזיכערט אז אין פאל ווען מען וועט אונז ענטדעקן וועלן מיר זאָגן אז מיר געפינען זיך דאָ אָן זיין וויסן.

נאָך אייניגע טעג האָבן מיר דאָך איינגעזען אז עס האָט דאָך קיין צוועק

צו ליגן אויפֿן בוידעם און פֿרירן, און אז מען וועט דאָך אונדז סוף־כּל־סוף אויס־געפֿינען און שיסן. טאָג און נאַכט האָט מען ארומגעזוכט באַהאַלטענע יידן און וועמען מען האָט געפֿונען האָט מען גלייך געשאָסן. אין פֿאַרלויף פֿון די אייניגע טעג זענען ערשאָסן געוואָרן אייניגע צענדליקע יידן. אונדזער פֿריינטלעכער שכן האָט אונדז גע׳עצהט מיר זאָלן זיך פּריפֿן אריבערשמוקלען אין דריטן רייך, ד.ה. קיין סאָסנאָוויץ ווי עס איז נאָך געווען א געטאָ מיט יידן, לויט דעם וואָס קריסט־ליכע שמוקלער מיט וועלכע ער איז געווען אין קאָנטאַקט האָבן אים פֿאַרציילט. ער האָט אונדז פֿאַרזאָרגט א שמוקלער וואָס האָט אונדז אריבערגעשמוגלט די גרע־ניץ. מיט גרויסע געפֿאַרן און טויטשרעק זענען מיר אָנגעקומען האלב פֿאַרפֿרוירן קיין זאַוויערטשע.

אָנקומענדיג קיין זאַוויערטשע אויפֿן באַן־הויף האָבן מיר גלייך דערפֿילט די אָנגעשטרענגטע לאַגע אין שטאָט. פֿיל יידן פֿון פּראָטעקטאָראַט זענען אין די טעג אָנגעקומען קיין זאַוויערטשע און די ס.ס. און געסטאַפּאָ זענען דאַפֿון גלייך אינפֿאָרמירט געוואָרן און געוואָרנט די אָרטיגע קריסטלעכע און יידישע באַפֿעל־קערונג מיט טויטשטראָף פֿאַר אויסבאַהאַלטן אַנטלאָפֿענע יידן. מיר האָבן זיך ארומגעדרייט ארום און ארום דער שטאָט ניט וויסנדיג וואָס צו טוען. מיר האָבן דערקענט אין די דערשראָקענע פּנימער נאָך אַזעלכע אומגליקלעכע יידן ווי מיר אליין. פֿאַרנאַכט האָבן מיר באַשלאָסן אריינצוגיין אין שטאָט ריזיקירנדיג אונדזער לעבן. ר׳ מרדכי הלל ווינדמאַן, דער פּרעזעס פֿון דער זאַוויערטשער קהילה פֿארן קריג און א אַלטער גוטער פֿריינד פֿון מיין פֿאָטער, האָט זיך איינגעשטעלט פֿאַר אונדז און אריינגענומען אין שטוב.

אין זאַוויערטשע האָבן מיר דאָך ניט געקענט לאַנג פֿאַרבלייבן. אָבער אבי מיר האָבן נאָר פֿאַרזאָרגט מיט א דאַך איבערן קאָפּ אונדזער פֿאָטער האָב איך מיט מיין ברודער יהודה באַשלאָסן זיך אריינצוכאַפּן קיין סאָסנאָוויץ און געפֿינען א זיכערן פּלאַץ. אין סאָסנאָוויץ איז די יידישע לאַגע אויך געווען זער טרויעריג, און יעצט מיטן אָנקומען פֿון אונלעגאַלע יידן האָט זיך די לאַגע נאָך מער פֿאַר־שאַרפֿט. צו מיין גליק האָב איך צופֿעליג געטראָפֿן לאַלא שפּיגלמאַן, וועלכע האָט אונדז פֿיל געהאָלפֿן. דערווייל האָבן מיר געהערט אז מען האָט אונדזער פֿאָטער ארעסטירט אין זאַוויערטשע. מיר האָבן אראָפּגענומען די אָרעמבענדער און צוריקגעפֿאָרן קיין זאַוויערטשע. עס האָט זיך ארויסגעשטעלט אז מען האָט מיין פֿאָטער נאָכגעיאָגט און געכאַפּט מיט הינט וועלכע האָבן אים געביסן, און די דייטשן האָבן אים צושלאָגן מיט בייטשן. ער האָט פֿאַרלוירן זיין זכרון און האָט אונדז, זיינע צוויי זין, ניט דערקענט. א שוידערליך בילד איז דאָס געווען צו זען וואָס עס איז פֿון מיין פֿאָטער געוואָרן.

אונדזער פֿריינט ווינדמאַן האָט אונדז גלייך אינפֿאָרמירט אז מיין פֿאָטער וועט געשיקט ווערן קיין אוישוויץ, און דער איינציגער וואָס קאָן אפֿשר העלפֿן איז מאַניעק מערין. ניט וואַרטנדיג לאַנג האָב איך און מיין ברודער יהודה ווידער גענומען זיך שמוקלען קיין סאָסנאָוויץ, און מיט גרויס מי אָנגעקומען צו מאַניעק מערין. ער האָט אונדז שיין אויפֿגענומען און ערקלערט אז ער האָט שוין טעלעפֿאָ־

ניש געהערט פון ווינדמאנען וועגן מיין פאָטער אז ער איז יאָרנלאַנג געווען דאזאר און אין דער קריג ניט מער געוואָלט זיין קיין דזאר און ניט מיטגעארבעט מיט די דייטשן. ער האָט אונז פארזיכערט אז ער וועט אלעס טוען גלייך וואָס נאָר מעגלעך. מיין פאָטער איז באלד באפרייט געוואָרן, און דאָס איז באמת געווען דער איינציגער פאַל אין דריטן רייך, דאָס א ייד אָן דאָקומענטן פון פראָטעקטאָראט זאָל אויסמיידן ניט געשיקט צו ווערן קיין אוישוויץ.

מיט מערינס ווייטערע פראָטעקציע זענען מיר אָנגעקומען געוואָרן אין דעם א.ק. לאגער, איין היים פאר די פראָטעקטאָראט שארית־הפליטה. איין יאָר צייט האָבן מיר דאָרט געלעבט אין פערהעלטניסמעסיג גוטע באדינגונגען. די מייסטן זענען דאָרט געווען וואלבראָמער, פילצער, מיעכאָווער, און זשארנאָווצער יידן.

נאָכן ענדליכן ליקווידירן פון בענדינער און סאָסנאָווצער געטאָ, איז אויך געקומען די רייע פון א.ק. לאגער, און אזוי ארום פון מיר, מיין פאָטער און יהודה. פון לאגער האָט מען אונז געפירט קיין אוישוויץ, ווי מיר זענען סעלעקטירט געוואָרן דורך דעם גרויסן מאסן־מערדער דאָקטאָר מענגעלע. ווען איך שרייב די ציילן ווייסט מען נאָך ניט ווי אָט דיזער מערדער באהאלט זיך אויס. אָבער איך האָף מיט אלע אנדערע אז דער מערדער וועט נאָך אָפּגעבן דעם דין פאר זיינע רציחות. מיין פאָטער, די צוויי ברידער וואלטשינסקי, העניך זיכער, דוד גאָטליב, פינטשע רויכער, די צוויי ברידער לייבל און ישראל פ׳של, זענען ליידער גלייך געשיקט געוואָרן אין קרעמאטאָריום. זייערע לעצטע ווערטער צו אונז זענען געווען: „נעמט נקמה און פערגעסט אונז ניט״.

איך און מיין ברודער יהודה און פיל אנדערע וואלבראָמער ווי חיים וועלגרין, ישראל קאַנער, זענען אריין אין לאגער. דער הונגער איז געווען גרויס. און ווען ניט די הילף פון א וואלבראָמער לייביש גרשונאָוויץ וואָלטן מיר ניט אויסגעהאלטן. פון אוישוויץ זענען מיר געשיקט געוואָרן אין לאגער פינף־טייכן, דארונטער בערך דרייסיג וואלבראָמער, צו שווערע ארבעט אין די קרופּ־פאבריקן, אָן עסן און אָן קליידער. די מענשן האָבן אָנגעהויבן פאלן ווי פליגן, די גרעסטע טייל זענען שנעל אויסגעשטאָרבן, דארונטער אויך מיין ברודער יהודה. דאָס איינציגע פון וואָס איך האָב מיך געקאָנט טרייסטן איז געווען דער סאבאָטאזש וואָס איך האָב געטוען. אָבער שנעל האָט מען מיך ערווישט און צוריקגעשיקט קיין אוישוויץ. דאָסמאָל בין איך שוין געווען אזוי פערמאטערט אז ביי דער סעלעקציע בין איך שוין אויסגעקליבן געוואָרן צום קרעמאטאָריום, ווידער דורך מענגעלען. אָבער אזוי ווי איך בין שוין איינמאָל געווען אין אוישוויץ, און א נומער אויף די האנד האָב איך שוין געהאט, בין איך אנטלאָפן, ווייל איך האָב דאָך ניט געהאט וואָס צו פארלירן. איך האָב מיך אריינגעריסן אין א גרופּע וואָס האָט געארבעט ניט ווייט פון דעם סעלעקציע־פּונקט. אין דער גרופּע האָט גליקליכערווייזע געארבעט מיין חבר חיים וועלגרין (זון פון יוסף מענדל וועלגרין). ער האָט מיר פיל געהאָלפן צו בלייבן אין דער גרופּע, און אזוי ארום דערוייל געבליבן לעבן.

נאָך א צייט בין איך קראנק געוואָרן און געשיקט געוואָרן אין שפּיטאָל. פון דעם שפּיטאָל האָט מען יעדן טאָג ארויסגענומען קראנקע צום קרעמאטאָריום,

ווייל די קרעמאטאָריומס האָבן געהאַט „נאָרמעס״ וואָס האָבן געמוזט אויסגעפירט ווערן. און ווידער בלייב איך לעבן מיט ניסים. אין דעם שפּיטאָל האָט געאַרבעט דער וואָלבראָמער דאָקטאָר געלבערגער. ווי ווייט דער מענש האָט מיר געהאָלפן איז ניט איבערצוגעבן מיט ווערטער. ער האָט מיך געהיילט און געפלעגט מיט עסן.

אין סעפּטעמבער 1944 האָט מען געברענגט צו אונז קראַנקע און אויסגע־מאַטערטע יידן פון מיידאַנעק, וועלכע מען האָט גלייך דעם זעלבן טאָג געשיקט אין קרעמאַטאָריום. זיי האָבן זיך געבעטן ביי אונז אַז אויב מיר וועלן לעבן בלייבן זאָלן מיר דערציילן דער גאַנצער וועלט אַז אין דעם און דעם טאָג האָט מען פאַרגאַזט טויזנט יידן אין מיידאַנעק.

פון שפּיטאָל בין איך אוועקגעשיקט געוואָרן אין לאַגער קאַופרינג (אַ אָפּ־טיילונג פון דאַכאַו) אין אָקטאָבער 1944. מיין חבר חיים וועלגרין האָט ריזיקירט זיין לעבן און מיר אריינגעוואָרפן אין דעם וואַגאָן ברויט מיט א ראַזיר אַפּאַראַט. אין קאַופרינג האָב איך ווידער געטראָפן וואָלבראָמער, ווי יעקב גאָטליב, זלמן ווייסבראָט, און ווידער לייביש גרשונאָוויטש העלפט אַלע מיט ברויט.

25.4.1945. די אַמעריקאַנער דערנענטערן זיך. מען הויבט אונז אָן צו עוואַקואירן צו פוס, קראַנק, נאַקעט און באָרפוס, הונגעריק, דערשלאָגן און האָפּ־נונגסלאָז, מאַרשירן מיר צענדליגער קילאָמעטער א טאָג אָן עסן און אָן טרינקען.

אייניגע טעג שפּעטער. די אַמעריקאַנער ווייזט אויס זענען שוין געווען נאָענט. אָבער מיר אַרעסטאַנטן האָבן דאָס ניט געוווּסט. האָבן די דייטשע ס.ס. מענער וואָס האָבן אונז געפירט, אונז אריינגענומען אין א וואַלד, און דער עלטערער אָפיציר האָט צוזאַמענגערופן אַלע ס.ס. מענער אויף דער זייט און געהאַלטן א רעדע צו זיי. אין דעם מאָמענט האָט א אַמעריקאַנער פלוגצייג וואָס האָט אונז כמעט די גאַנצע צייט באַגלייט, זיך אַראָפּגעלאָזט נידריג און דערהרגעט מיט מאַשין־געווער אַלע ס.ס. גלייך נאָך דעם האָבן מיר אָנגעהויבן זיך צו צולויפן אין פאַרשידענע ריכטונגען.

איך מיט נאָך א וואָלבראָמער פּינטשע וויינשטאָק (אַן אייניקל פון ר׳ חיים שענקער), זענען אריין אין א וועלדל, ווי מיר האָבן זיך אויסבעהאַלטן פיר טעג אָן עסן און אָן טרינקען. מיר האָבן געקייעט בלעטער פון די ביימער און גע־לעקט דעם טל. אזוי ארום האָבן מיר זיך פאַרדאָרבן די מאָגנס און מיר האָבן באַשלאָסן אַז מיר וועלן לענגער ניט קענען אויסהאַלטן און מיר מוזן ארויס פון באַהעלטניש. אָבער צוקומענדיג צום עק פון וועלדל האָבן מיר דערזען א דייטשן זעלנער, און מיר האָבן זיך גלייך צוריקגעצויגן.

פאַרנאַכט זענען מיר ארויס פונם וועלדל און אריין אין א דאָרף ווי מיר האָבן פאַרלאַנגט עסן. מיר האָבן באַקומען מילך. און דאָס האָט אונז שטאַרק פאַרשאַדט, און ווער ווייס ווי דאָס וואָלט זיך מיט אונז געענדיגט, ווען ניט וואָס גלייך זענען די אַמעריקאַנער אָנגעקומען און אונז גלייך גענומען אין איין מיליטערישן שפּיטאָל. אין שפּיטאָל האָט מען פאַר אונז זער פיל געטוען. מיר האָבן דאָרט גלייך דערקענט אַמעריקאַנער פון אחינו בני ישראל, וואָס האָבן אונז אָפּגעהיטן מער ווי א אייגענע מאַמע. דער ראַבינער האָט אונז ניט איבער־

געלאָזט אויף קיין מינוט, ניט פארלאָזט זיך אויף קיינעם און געהיטן אונז טאָג און נאכט, און א דאנק דעם זענען מיר שנעל געזונד געוואָרן.

מיר האָבן פארלאָזט דאָס שפיטאָל און באשלאָסן אָנהויבן זוכן משפחות אָדער פריינט מיט וועלכע מיר זאָלן קענען טיילן די פרייד פון איבערלעבן. אזוי ארומפאָרנדיג האָב איך איין טאָג באגעגנט מאיר יאנאָווסקי פון וועמען איך האָב געהערט אז מיין ברודער הערש דוד געפינט זיך מיט זיין טאָכטער דאנושי אין סאָסנאָוויץ. א קריסט האָט זיי אויסבאהאלטן די גאנצע צייט, און אזוי ארום זענען זיי לעבן געבליבן. דערהערט די פרייליכע בשורה האָב איך גלייך נאָך דעם זעלבן טאָג גענומען פאָרן, און שנעל זיך געפונען צוזאמען מיט מיין ברודער.

---

לאה פאלוך

# איבערלעבענישן

ס׳דאכט זיך ווי עס וואָלט ערשט נעכטן געווען: די שטאָט פול מיט יידן (600 נפשות), א יידישע קהילה אָנגעזאפט מיט יידישקייט, פארטייען, אינסטיטוציעס. אָט דאָס אלעס איז געקומען צו א טראגישן סוף דעם 6־טן סעפטעמבער 1942.

די צייט לויפט שנעל פארביי. די ווונדן האָבן זיך נאָך ביז היינט ניט פערהיילט, און וועלן זיך ניט פערהיילן. שטענדיק וועלן זיי אונז דערמאנען וועגן אונזער טייערסטע וואס מיר האָבן פארלוירן, און וועגן די שרעקליכע איבערלעבונגען וואס זיי האָבן איבערגעלעבט אין זייערע לעצטע מינוטן.



שני בניה של לאה פאלוך
יעקב (מימין) ועוזר (משמאל)
די צוויי זין פון לאה פאַלוך

פאַר די צוקונפטיגע דורות וועט אונזער באשרייבונג זיין א דערמאנונג און א ווארנונג. זאָל זיין געבענשט די הייליקע איניציאַטיוו פון אונזער וואַל־בראָמער קאָמיטעט פאר זייער באמיאונג ארויס צו געבן א יזכור־בוך, ווי מיר קענען פאראייביקן אונזערע קדושים און פארציילן וועגן די טראגישע איבערלע־בונג אין דעם נאַצישען גהינום.

דער גורל האָט געוואָלט אז איך זאָל איבערבלייבן איין איינציגע פון מיין גאנצער משפחה. מיין מאן יוסף פאלוך, א גוטהארציגער, שטענדיג געשמייכלט צו יעדן איינעם, פול מיט הומאָר און לעבנסלוסט, גרייט צו העלפן יעדן איינעם מיט א נדבה אָדער מיט א גמילות־חסד. זעקס קינדער האָבן מיר געהאט: פיר זין און צוויי טעכטער, געהאָפט זיי צו ערציען אין יידישן גייסט אזוי ווי זייערע עלטערן זענען ערצויגן געוואָרן.

מיר האָבן געהאט א גרויסע בעקעריי, און אונזער געבעקס איז געווען בארימט. אויך האָבן מיר געהאט א הורט געשעפט פון מעל בשותפות מיט ישראל גיטלער. מיר האָבן שווער געארבעט און זיך געוואָלט בויען א גוטע צוקונפט, וואָס האָט זיך ליידער נישט פארווירקליכט.

מיטן אויסברוך פון דער מלחמה איז מיין מאן יוסף אנטלאָפן פון שטאָט צוזאמען מיט פיל אנדערע וואלבראָמער יידן. זיי זענען אָבער נישט ווייט דערגאנ־גען. די דייטשן האָבן זיי אָנגעיאָגט און אונטער דער ביקס צוריקגעברענגט אין שטאָט. אין די צווישן צייט האָב איך מיך אויסבעהאלטן מיט מיינע קינדער ביי אונזער דינסט.

פוילישע פליטים פון אויבערשלעזיען וואָס האָבן אדורכמארשירט וואלבראָם, האָבן געזוכט צו קויפן ברויט ביי אונז אין בעקעריי. און אזוי ווי מיר זענען דאָרט נישט געווען, און אויך איז קיין ברויט נישט געווען, האָבן זיי צובראָכן די טירן און צורויבט דעם גאנצן מאגאזין מיט מעל, און נאָכדעם אויך צוגערויבט אלעס וואָס איז נאָר געווען אין שטוב.

דאָס איז געווען דער ערשטער קלאָפּ ווי א אָנזאָג פון גרויליכע טעג. די דריי משפחות וואָס האָבן געוווינט אין אונזער הויז האָבן די דייטשן ארויסגע־וואָרפן פון די דירות און אריינגעזעצט פאָלקס־דייטשן. אָט די פאָלקס־דייטשן האָבן מיר געמוזט באדינען ביי טאָג און ביי נאכט. זיי האָבן אונז ממש פער־שקלאפט, און ביי אונז אוועקגערויבט דאָס לעצטע קלייד, עסן און ברען מאטע־ריאַל. און אויב עס האָט זיך זיי געדאכט אז מיר האָבן ניט גענוג געטועַן פאר זיי — האָבן זיי אונז פארמסרט ביי דער דייטשער זשאנדארמעריע, און דאן פלעגן קומען זשאנדארמען און אונז שלאָגן מיט לעדערנע בייטשן.

די לאגע אין דער שטאָט ווערט קריטישער פון טאָג צו טאָג. עסנוואַרג ווערט וואָס אמאָל טייערער און נאָך שווערער צו באקומען. די מענער מוזן ארבעטן די שווערסטע שמוציגע ארבעט, און ניט ווייל מען ברויכט די ארבעט, נאָר ווייל מען וויל אונז פייניגן. מיר לעבן אונטער די שווערסטע באדינגונגען אָן באגרענצונג, און פאר דעם אריבערגיין פון איינעם פון די באפעלן איז די איינציגע שטראָף טויטשטראָף.

איך וויל נור דערמאנען איינגע פון די היטלעריסטישע געזעצן און פארבאָטן. מען האָט ניט געטאָרט פארלאָזן די שטאָט; ניט ארויסגיין אין גאס נאָך 7 אזייגער אין אָוונט. מען האָט ניט געטאָרט באקן ווייסברויט און נ"ט האנדלען מיט קריסטן. מען האָט געמוזט טראָגן ווייסע אָרעמבענדער מיט א בלויען מגן־דוד אויף דעם ארבל, און אלע מענער האָבן געמוזט אָפּשערן די בערד. און דאָס אלעס ווי געזאָגט אונטער טויטשטראָף. ביז צו דער אויסזידלונג זענען מער ווי הונדערט יידן דערשאָסן געוואָרן אין וואלבראָם צוליב די קלענסטע קלייניקייטן.

אין 1941, נאָכן אויסברוך פון רוסיש־דייטשן קריג, האָט מען ארעסטירט אין וואלבראָם בערך פופציג יידן, מכלומרשט קאָמוניסטן, און אוועקגעשיקט קיין מיעכאָוו אין קרימינאל, דאָרט האָט מען זיי געהאלטן אָן עסן און אָן וואסער. צווישן זיי איז געוועז מיין מאן יוסף פאלוך.

צוזאמען מיט שרה'לע ביבער (די פרוי פון שמואל איסר ביבער), וועמעס צוויי זין זענען אויך ארעסטירט געוואָרן, האָבן מיר זיך אריינגעשמוקלט קיין מיעכאָוו און געבעטן רחמנות ביי די וועכטערס פון קרימינאל אז זיי זאָלן איבערגעבן א ברויט צו די „ארעסטאנטן". אָבער זיי האָבן אונז פארטריבן. א גרויס נס איז געשען, און נאָך צוויי וואָכן האָט מען זיי אלע באפרייט. עס איז געווען שבת. די גאנצע שטאָט האָט זיי אָפּגעווארט מיט גרויס פרייד אין דער מיעכאָווער גאס, וויל ווייטער האָט מען ניט געטאָרט גיין.

זייט דאמאָלס, ד. ה. זייט דעם קריג מיט רוסלאנד, פארערגערט זיך די לאגע פון טאָג צו טאָג. יוגנט און מענער ווערן פארשיקט אין ארבעטס־לאגערן, ווייט פון וואלבראָם. אין דער שטאָט קאָנצענטרירט מען אלע יידן אין באזונדערע גאסן. די ענגשאפט איז זער גרויס, און מיט דעם וואקסט אויך שטארק דער הונגער. מיינע צוויי זין ווערן אויך פארשיקט אין לאגערס, און אויב עס געלונגט זיי פון דאָרט צו אנטלויפן — שיקט מען זיי ווידער און ווידער צוריק אין לאגער.

אָבער מיר יידן האָבן באשלאָסן צו באצאָלן יעדן פרייז פאר אונזער לעבן, און אזוי האָט זיך געצויגן דאָס טרויריגע לעבן אין געטאָ. שווארצע בשורות קומען אָן אז אזויגערופענע „זאנדער שטראָף קאָמאנדאס" פאָרן ארום פון שטאָט צו שטאָט און הרגענען הונדערטער און טויזנטער יידן אין יעדע שטאָט. שפעטער קומען קלאנגען וועגן אויסזידלונגען, ביז עס קומט ענדליך דער גורלדיקער טאָג, דער 6טער סעפטעמבער 1942. דאָס יידישע וואלבראָם ווערט פארניכטעט אויף אייביג. ליידער האָב איך ניט דעם כוח און ניט די פעאיגקייט צו שילדערן דאָס גרויזאמע בילד, און דעם אומקום פון אונזערע טייערסטע.

פרייטאג, 5.9.1942, נאָכן ליכט בענשן. די שטאָט איז שוין בעלאגערט מיט פאָליציי און ס.ס. האָבן מיר באשלאָסן אז אונזערע צוויי עלצטע זין וועלן זיך צושטעלן צום פונקט, וויל זיי וועט מען דאָך באשטימט שיקן צו ארבעט. און מיין מאן און איך מיט די קינדערלעך וועלן זיך אויסבאהאלטן אין די וועלדער, וויל מיר האָבן דאָך ניט וואָס צו פארלירן, איז אפשר וועלן מיר האָבן מזל און אויסמיידן א זיכערן טראגישן טויט. ווי געיאָגטע חיות האָבן מיר זיך ארומגעדרייט אין די וועלדער, געקויפט ברויט מיט וואסער פאר שטיקער גאָלד. קיינער האָט אונז ניט געוואָלט אריינלאָזן. וואלבראָמער קריסטן מיט וועלכע מיר האָבן

געהאט קאָנטאקט האָבן איבערגעגעבן אונזערע צוויי זין אז מיר זענען דערהרגעט געוואָרן. זיי האָבן בעשטימט געוואָלט פון זיי ארויסנארן די ירושה, און אזוי ווי אונזערע קינדער האָבן דאָס דערהערט זענען זיי שטארק פערצווייפלט געוואָרן. זיי האָבן זיך קורע געווען און געזאָגט קדיש, און פון גרויס פארצווייפלונג גלייך אוועקגעפאָרן אין לאגער אריין, און טראגישער ווייזע אין איינעם פון די ערגסטע, אין גראיעץ ביי ווארשא. גלייך נאָך אונזער צוריקקומען קיין וואלבראָם האָבן מיר געהערט אז עס איז געקומען א בריף פון אונזערע קינדער פון גראיעץ צו א בעקאנטן קריסט. גלייך האָבן מיר ארויסגעשיקט געלד און קליידער. אָבער ליידער איז גאָרניט אָנגעקומען. פון דעם לאגער איז קיינער ניט לעבן געבליבן, און מיר ווייסן ניט אפילו ווי זייערע ביינער זענען געבליבן.

איינִיגע טעג פאר דער אויסזידלונג האָט אונז באזוכט א בעקאנטע קריסטין פון יענדזיעיאוו. אונזער ייִנגסטע מיידל יהודית האָט איר זער געפעלן, און זי שלאָגט אונז פאָר, מיר זאָלן איר געבן דאָס קינד, און זי וועט עס אָפּראטעווען. מיר האָבן דאָך גוט געוווסט וואָס עס ווארט אויף אונזערע קינדער, און דאריבער האָבן מיר באלד באשלאָסן דאָס קינד אוועקצוגעבן. ווען מיר האָבן זי אָנגעטועז האָבן מיר אלע אויסגעבראָכן אין א שרעקליכן געוויין, איבערצייגט זייענדיג אז מיר וועלן זי שוין מער ניט זען. פרעגט זיך דאָס קינד: מאמושי! זא צא פלאציעש? זאָג איך איר, אז זי פאָרט אויף א שפאציר מיט דער פאני רענא. הויבט דאָס קינד אָן צו וויינען דאָס זי וויל בלייבן מיט אונז אלע צוזאמען. מיר באמיהען זיך צו בארואיקן דאָס קינד ווי ווייט מעגליך, ביז זי האָט באוויליגט צו פאָרן מיט דער קריסטין. אָבער אין דער באן האָט זי געוויינט דעם גאנצן וועג אזוי שטארק אז די דייטשן האָבן די קריסטין געפרעגט, פארוואָס דאָס קינד וויינט אזוי שטארק? צי איז דאָס ניט א יידיש קינד? קוים איז דער פרוי געלונגען זיי איינצורעדן אז דאָס קינד איז זער קראנק, און דאריבער וויינט עס. נאָך די אויסזידלונג האָב איך דאָס קינד צוריק פארלאנגט און באשלאָסן זיך ניט מער צו שיידן מיט איר ביז דער לעצטער מינוט.

ביי דער צווייטער אויסזידלונג זענען מיר ווידער אריין אין די וועלדער מיט די פיר קינדערלאך. עס איז שוין געווען אָנהויב ווינטער און זער קאלט. קיינער וויל אונז ניט אריינלאָזן, און א שטיקל ברויט קריגן מיר נאָר פאר טייער געלט. נאָך איינִיגע טעג זענען מיר שוין כמעט פארפרוירן געוואָרן, און מיר האָבן באשלאָסן אָנצוקלאפּן ביי א פּויער אין שטוב. פאר פיל געלד האָט ער באוויליגט אונז צו לאָזן שלאָפן אין שטאל נאָר ביי נאכט. ביי טאָג מוזן מיר צוריק אין וואלד אריין. מיר האָבן פארשטאנען אז מיר קענען ניט לאנג אזוי לעבן און מיר האָבן באשלאָסן זיך אריבער צו שמוקלען קיין סאָסנאָוויצע.

צוויי נעכט זענען מיר געגאנגען מיט געדרייטע וועגן בכדי אויסצומיידן די פּאָסטן. אונזערע שמוקלער האָבן ביי אונז אוועקגענומען דאָס לעצטע וואָס מיר האָבן פערמאָגט. אָבער זיי האָבן געטוען אלעס פאר אונז, געטראָגן אונזערע קינדער וועלכע האָבן געוויינט פאר שרעק און זיי בארואיגט די גאנצע צייט, ביז מיר זענען אָנגעקומען קיין סאָסנאָוויעץ צו מיין מאנס שוועסטער.

דאָ אָבער ווארטן אויף אונז נייע שוועריקייטן. די דייטשן האָבן פארבאָטן

אונטער טויטשטראָף אריינצונעמען פּליטים פון פּראָטעקטאָראַט, און מיר מוזן זיך ווידער אויסבעהאַלטן אין בונקערס און קעלערס, ביז מען האָט אונז אויסגע־פונען. מיין מאַן איז אוועקגעשיקט געוואָרן אין א לאַגער אין נידערשלעזיען, און אַזוי ווי איך האָב געוואָלט מען זאָל מיך אויך מיטשיקן האָט מען מיך דאָרט געשיקט צען טעג שפּעטער, און איך האָב שוין דאָרט מיין מאַן ניט געפונען, ווייל מען האָט אים פון דאָרט געשיקט קיין סאַגאַן און פון דאָרט קיין קיטליץ־שטרייבין, ווי ער איז געשטאָרבן פון הונגער. דאָס איז געווען אין תשעה־באב תש״ד (1944).

אונזערע פיר קינדער וואָס זענען דערווייל פאַרבליבן ביי מיין מאַנס שוועס־טער זענען אויסגעזידלט געוואָרן ענדע 1943 קיין אוישוויץ.

צום שלוס וויל איך זאָגן קדיש פאַר מיינע עלטערן: חיים און חיה שפּיגלער, מיינע ברידער בנימין זאב — אומגעקומען אין בוכנוואַלד, און משה — געשטאָרבן אין רוסלאַנד.

---

אלטער נוּנבערג

# מיין קדיש

אין דעם „וואָלבראָמער יזכור־בוך" וועלן ווערן פאַראייביקט אינסטיטוציעס, באַוועגונגען, עפּיזאָדן און געשטאַלטן, וועלכע וועלן אָפּשפּיגלען די אַנטוויקלונג, דאָס לעבן און אומקום פון א יידישן יישוב אין פּוילן, וואָס איז פאַרטיליקט געוואָרן דורך די דייטשע־היטלערישע רוצחים און זייערע פּויליש־אוקראַינישע מיטהעלפער.

יעדער יחיד, וואָס האָט אין פאַרשידענע צייטן און אויף פאַרשידענע וועגן געהאָלפן אויסקריסטאַליזירן די קהילה קדושה וואָלבראָם, וואָלט געדאַרפט פאַר־אייביקט ווערן מיט א בכבודיקער מצבה אויף די בלעטער פון אונזער יזכור בוך.

דער גרויזאַמער מבול פון דער דייטשער בעסטיע וואָס האָט גורם געווען אונזער גרויסן נאַציאָנאַלן חורבן, האָט פאַרשניטן די געשיכטע־מאַכער אין איינעם מיט די געשיכטע־שרייבער. דעריבער וועלן א סך געשעענישן, עפּיזאָדן און פּערזאָנען, וועלכע וואָלטן זיכער געקאָנט געבן א מער קאָלירפולע פּאַנאָראַמע פון דער אַנטוויקלונג פון יידיש־וואָלבראָם, פעלן אינעם יזכור־בוך. דאָס איז א גרויסער פאַרלוסט נישט נאָר פאַר דער געשיכטע פון אונזער שטאָט, נאָר אויך פאַר דעם צוקונפטיקן היסטאָריקער, וועלכער וועט פאָרשן דאָס לעבן, קאַמף און אומקום פון מזרח־אייראָפּעישן יידנטום.

איך וועל דאָ, מיט מיינע באַשיידענע כוחות, פּרוּוון דערציילן א צאָל עפּיזאָדן אין שייכות מיט מיין משפּחה, — די משפּחה פון מיין פאָטער חיים׳לע יוקלס, — און זאָגן מיין קדיש.

מיין טאַטע חיים יוסף ברוך בן יעקב, איינער פון די שולגבאים, האָט ניט

געקוקט אויף אלע שיקאנעס און אויך צוגעזאָגטע פּריווילעגיעס, נישט מסכים געווען צו ווערן א מיטגליד פון „יודען־ראַט". „איך וויל נישט דינען היטלערן", זיינען געווען זיינע ווערטער. זיין הייליק געביין געפינט זיך ערגעץ אין די מאסן־קברים פון סטרי — אויפן בוג.

מיין מאמע, חיה בת מנחם, כאַטשע די קראָקאָווערין, — ווי מען האָט זי גערופן, — האָט אויף זיך אויסגעטראָגן דעם גאנצן עול פון אויסהאָדעווען אַכט קינדער און ניט מיד געוואָרן צו זאָרגן ווי א געטרייע שנור און קראנקן־שוועסטער פאר דעם אלטן סגי־נהור, מיין זיידן רב יוקל און פאר איר אומגליקלעכער שוועסטער, דער אלמנה דאָבטשע פון סטאניסלאוו, וואָס האָבן אלע יאָרן געוווינט ביי אונז אין הויז. אינאיינעם מיט מיין מאמען דערמאן איך דאָ מיין שוועסטער מאלטשע מיט אירע דריי קינדערלעך און מיין געטרייע חברטע סאַלע האַרענדאָרף מיט דעם זעקס חדשימדיקן עופלע. זיי אלע זיינען פארפייניקט געוואָרן אין דעם טויטן־לאגער בעלזשעץ.

מיין קדיש איז אויך פאר מיינע ברידער מאַנוש מיט זיין משפחה, פארברענט אין אוישוויץ, און משהלע, געפאלן ערגעץ ווו אין די פארטיזאנער וועלדער.

שוין אין די ערשטע טעג פון דער דייטשער אָקופּאציע איז דער טאטע געווען איינער פון די צען משכנות, וואָס זיינען ערב יום־כפור ארייננגעזעצט געוואָרן אין א וואגאָן און די דייטשע האָרדעס האָבן זיי געדראָט מיט דערשיסן און שפּעטער זיי געמאָלדן, אז זיי ווערן באשטימט צו זיין דער „יודענראט". האָט זיך מיין טאטע אָפּגעזאָגט פון דעם „כבוד". „איך וועל ניט דינען היטלערן", האָט ער ערקלערט. די וואָס זיינען געווען אין די געטאָס, ווייסן וויפיל פּריווילעגיעס עס האָבן געהאט די מיטגלידער פון די „יודען־ראטן". מיין פאָטער האָט אָבער פון דעם ניט געוואָלט געניסן. מיין ברודער משהלע איז עטלעכע מאָל געכאפּט געוואָרן אויף צוואנגס־ארבעט. ער איז אנטלאָפן און ווידער געכאפּט געוואָרן. ווען מיין טאטע איז געגאנגען זיך אויסצוטענה'ן מיט דעם „יודען־עלטסטן" ווילטשינסקי און אז דער לעצטער האָט אים געזאָגט: „חיים'לע, האָסט א ברירה, ווער א „יודען־ראטלער", האָט ער זיך אויך איצט אָפּגעזאָגט און איז געקומען אהיים א צעבראָכענער, א צעווייטיקטער און געזאָגט: „אוי, וואָס די דייטשן האָבן געמאכט פון די מענשן!"

דאָס לעצטע מאָל האָב איך געזען מיין טאטן זיך אויסטענה'ן מיט זיין גאָט, שבת, פאר ראש השנה 1942, אין טאָג פון דער וואָלבראָמער אויסזידלונג, ווען איך בין אהיים געקומען זיך צו געזעגענען מיט טאטע־מאמע נאָך א קאָשמארנער נאכט, וואָס איך האָב דורכגעלעבט ביי מיין שוועסטער מאַלטשע.

מיין גוטער, נאָענטער חבר פולעק־רפאל פּאָטאַש, א שוואָגער פון „יודען־עלטסטן" ווילטשינסקי, האָט מיר מיט עטלעכע טעג פריער געגעבן צו וויסן, אז עס גרייט זיך אָן אן אויסזידלונג. איך האָב זיך פארבונדן און בין דורכגעקומען מיט א וואָלבראָמער פּאָלאק, וואָס האָט געוווינט אין קראָקע, אז ער זאָל ארויספירן מיין פרוי, סאַלע האַרענדאָרף מיטן קינד קיין קראָקע, ווו איר משפחה איז געווען. איך האָב זיי אריבערגעבראכט פרייטיק צו מיין שוועסטער מאלטשע



חיימעלע נונבערג, אשתו וילדיו
חיימעלע נונבערג, פרוי און קינדער

אין הויז, ווייל מיין שוועסטער מיט איר מאן יאָסל צימערמאן און קינדער האָבן געוווינט אין דעם לעצטן הויז אויף דער מיעכאָווער גאס, נאָענט שוין פון די פעלדער, וואס איז געווען א גוטער פלאץ פאר ארויסגנבענען זיך פון שטאָט.

דער פּאָלאַק, וואס האָט צוגעזאָגט ארויסצופירן מיין משפחה, האָט אָנשטאט דעם געשיכורט מיט די דייטשן און אוקראינישע באנדעס, וואס האָבן ארומגע־רינגלט די שטאָט. ארום 12—1 ביינאכט זיינען זיי אריינגעקומען אין שטוב, ארויסגענומען מיין שוואָגער יאָסל צימערמאן און אים דערשאָסן פאר דער טיר. א גאנצע נאכט האָבן זיי כסדר געקלאפּט אין טיר, זיינען אריין און האָבן גע־פרעגט איינער דעם צווייטן, ווייזנדיק אויף מיר: „ארויסנעמען אים, ארויסנעמען אים?" אזוי האָט זיך עס געצויגן ביז פארטאָג, ווען מען האָט ווידער געמעגט „פריי באוועגן" זיך אין שטאָט. איך בין אהיים געלאָפן אין שטוב פון מיינע עלטערן און אויסגעוויינט מיין דערשטיקט געוויין פון דער גרויליכער נאכט. דער טאטע האָט מיט א יאָמערלעכן געוויין ארויפגעלייגט זיינע ציטערדיקע הענט אויף מיין קאָפּ און געזאָגט: „רבונו של עולם, צי האָבן מיר דערצו קינדער געהאט און אויסגעהאָדעוועט, כדי דו זאָלסט שווייגנדיק צוקוקן ווי היטלער שעכט זיי אויס?"

פון אויסזידלונגס־פלאַץ האָב איך זיך אַרויפגעכאַפּט אויף אַן אויטאָ פון דער ריישער עראָפּלאַן־פאַבריק, וואָס איז געקומען נאָך „פּאַכלייט", מעטאַל־אַרבעטער און דאָרט געמאַכט אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער פאַר זיי.

מיין טאַטן האָט מען געשיקט אין אַן אַרבעטס־לאַגער קיין סטרי אין גאַליציע.

מיין לעצטע „באַגעגעניש" מיטן טאַטן איז פאָרגעקומען ביי באַדינגונגען, וואָס דער גראַדער שכל איז עס ניט אימשטאַנד אויפצופלאָנטערן.

דאָס איז געווען אין דעצעמבער 1942. צווישן די מיטאַרבעטער אין דער פאַבריק, איז געווען אַ יונגער פּאָלאַק, וואָס האָט געשטאַמט פון סטרי און איז אָפט געפאָרן אַהיים צו זיינע עלטערן, און איך האָב עטלעכע מאָל פריער מיט־געשיקט עפּעס פאַרן טאַטן און ער פלעגט מיר צוריק ברענגען אַ בריוו. אַרום דעם 24טן דעצעמבער איז ער ווידער אַהיימגעפאָרן אויף ניטל־אורלויב און איך האָב אים אויך דאָס מאָל מיטגעגעבן אַ פּעקל פאַרן טאַטן.

אין דער נאַכט אויף ניטל האָבן מיר, נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט, נאָך געמוזט אויסלאָדן אַ טראַנספּאָרט מיט רוי־מאַטעריאַלן פאַר דער פאַבריק, וואָס איז געווען אַ נאָרמאַלע דערשיינונג. עס איז געווען אַ קאַלטער פראָסטיקער ווינטער, קאַלטע טעג און נעכט. אַהיים גייענדיק האָבן מיר מיטגענומען שטיקלעך האָלץ אונטערצוהייצן דעם אויוון אין באַראַק. מיין פּריטשע איז געווען גלייך ביים אויוון. מיר האָבן אונטערגעהייצט דעם אויוון און טויט־מידע זענען מיר אַוועקגעפאַלן אויף אונזער „געלעגער" און גלייך אַנטשלאָפן געוואָרן. אין שלאָף פיל איך ווי מען שלעפּט מיך. איך זע דעם טאַטן, ער שלעפּט מיך און לאָזט מיך ניט שלאָפן. איך זעץ זיך אויף האַלב פאַרשלאָפן, זע גאָר נישט, זע קיינעם נישט, פאַל ווידער אַוועק און שלאָף ווייטער. און ווידער, דער טאַטע שטאַרכעט מיך, שלעפּט מיך. איך זעץ זיך ווידער אויף, שוין מער וואַכעדיק, קוק זיך אַרום, איבערראַשט, זע קיינעם ניט. איך דערפיל אַ רויך. די צודעק קאָלדרע מיינע איז אין פייער. איך כאַפּ די קאָלדרע, שפּרינג אַרונטער פון דער פּריטשע, לעש אויס דאָס פייער. איך קוק זיך אַרום, אַלע שלאָפן, קיינער אין באַראַק באַוועגט זיך ניט. מיר אַלע זיינען געראַטעוועט: ווען מיר זיינען אָנגעקומען אין דעם לאַגער, האָט מען אונז גלייך אָנגעזאָגט: „פאַר יעדער סאַבאָטאַזש — גלייך דערשאָסן!" מיט דער האַלב־אָפּגעברענטער קאָלדרע האָב איך זיך נישט צעשיידט ביז מיר זיינען אין 1944 עוואַקויִרט געוואָרן פון ריישע.

נאָך ניי־יאָר 1943 איז דער פּוילישער מיטאַרבעטער צוריקגעקומען פון סטרי, מיר צוריקגעבראַכט דאָס פּעקל און געזאָגט, אַז אַלע יידן זיינען דאָרט אויסגעשאָסן געוואָרן בעת ער איז געווען אויף וואַקאַציע.

צי איז עמיצער אימשטאַנד איבערצוגעבן די לעצטע מינוטן פון אַ טאַטנס לעבן בעת ער וויל ראַטעווען זיין קינד פון פאַרברענט צו ווערן אין אַ ריישער באַראַק אָדער דערשאָסן צו ווערן פאַר סאַבאָטאַזש?



משפחת הענעך הײמאָװיץ



יאָקל נונבערג

ליבע מײנע — — טאַטע, מאַמע, סאַלע, שװעסטער, ברודער — — משפּחה פון חײם׳לע יוקלס! אײער שנאה צו די דײטשע רוצחים טראָג איך אין זיך. אײער דערשטיקטער געשרײ פאַר נקמה װעט קײן מאָל ניט פאַרשטומט װערן אין מיר.

---

שמואל מאַצנער, ניו־יאָרק

## איך װעל קײנמאָל נישט פאַרגעסן

איך װעל קײנמאָל נישט פאַרגעסן יענעם פרײטאָג־צונאַכט און שבת פרי, דעם כ״ג אלול תש״ב. װען װאָלבראָם איז געװאָרן אויסגעזידלט צום ערשטן מאָל. פרײטיק פרי האָט מען שוין געשמועסט װעגן אויסזידלונגען, און אַ פּאָר שעה פאַר נאַכט האָט מען שוין געװוּסט דאָס װאָלבראָם װערט אויסגעזידלט.

מען האָט אָבער נישט געוווסט צי עס ווערט אין גאנצן יודן־ריין, אָדער עס וועט נאָך בלייבן עפּעס יידן אין וואָלבראָם.

אזוי ווי מען האָט געמיינט אז אפשר וועט זי נישט ווערן יודן־ריין, האָבן מיר בעשלאָסן זיך אויסצובעהאלטן, און שפּעטער וועלן מיר זיך קענען פאַר־אייניקן מיט די יידן וואָס וועלן בלייבן.

מיין פאָטער וואָלף מאצנער ז״ל, וואָס מען האָט אים גערופן וואָלף גאַ־בעלעס, מיין מוטער פעסל, מיין שוועסטער אסתר, מיין ברודער פנחס, איך און מיין ברודער מרדכי יב״ל, וואָס וווינט יעצט אין ישראל, ווי אויך מיינס א געוועז־זענער שוואָגער יוסף פוקס, וואָס לעבט יעצט אין ישראל — האָבן געוווינט אין א קריסטליך הויז אויף מיעכאָווער גאס 2.

דאגעגן מיין פעטער עוזר שפּיגלער, וואָס מען האָט אים גערופן עוזר גאבעלעס אָדער עוזר בעקער, האָט געוווינט אין זיין אייגן הויז. און ער האָט צוגעגרייט א בונקער פאַר די גאנצע משפּחה, ווי אויך פאַר עטלעכע נאָנטע בעקאנטע. מיר אלע זענען פרייטיג פאַרנאכט געקומען צו עוזר גאבעלעס. דאָרט האָט אויך געוווינט מיין פעטער יעקב שפּיגלער, זיין פרוי אסתר מיט זייערע צוויי מיידעלעך. מיין פעטער משהלע, זיין פרוי הדסה מיט זייערע דריי קינ־דערלעך. מיין פעטער טוביה מיט פרוי, מיינס א מומע, חיים משה שטיין, זיין פרוי מיט צוויי דערוואקסענע קינדער.

עס איז אויך דאָרט אהינגעקומען ישראל גיטלער, זיין פרוי און זיין זון בעריש, עוזר שפּיגלערס אן איידעם, זיין זון יוסף ישעיה, ווי אויך זיין עלצטער זון דוד יצחק שפּיגלער. זיין פרוי און קינד, און עוזרס א טאָכטער חנה באטשע.

פרייטאָג צו נאכט האָבן מיר געדאוונט מיט מנין כדין וכדת. נאָכן דאוונען געמאכט קידוש, געוואשן זיך צו חלות, צו לחם־משנה. אָבער זמירות האָבן מיר שוין נישט געזונגען. אנשטאט „זמירות" האָבן מיר געהאט „קינות". איינער האָט געקוקט אויפן צווייטן און געשוויגן. אָבער די הערצער האָבן געוויינט, ווייל זיי האָבן געפילט וואָס דער צומאָרגנס וועט ברענגען.

מיר האָבן געהאט אָפּגעשמועסט מיט אלטער סקלאזש, יומע סקלאזש'ס זון, וואָס איז געווען א יידישער פּאָליציאנט ביים יודן־ראט, דאָס זיין פאָטער וועט זיך אויך דאָ אויסבאהאלטן. און אזוי ווי ער איז דאָך עפּעס א פּאָליציאנט, וועט ער דאָך בלייבן, און ער וועט אין געהיים קומען און אינפאָרמירן וואָס עס הערט זיך, אזוי אז מיר וועלן קענען האָבן א קאָנטאקט וואָס עס הערט זיך אין דרויסן. טאקע דער אלטער סקלאזש איז געקומען שפּעט אין די נאכט און געבעטן ביים פעטער עוזר א טלית־קטן, ווייל וואָלבראָם ווערט יודן־ריין — האָט ער געזאָגט — און ער ווייס נישט צו ער וועט נישט דערשאָסן ווערן. וויל ער כאָטש זיין באגראָבן אין א טלית־קטן...

פּלוצעם הערט מען פליען עראָפּלאנען! און באלד טראסק! און אָט זעט מען שוין א פייער. אוי, רבונו של עולם! די ישועה איז געקומען אין די לעצטע מינוט! דאָס איז דאָך אונזערע „נאַשע", אזוי ווי פּאָליאקן האָבן געשריגן פון אָנפאנג קריג. מן הסתם קומט מען אונז העלפן אז עס זאָל נישט זיין קיין

אויסזידלונג. אָבער דאָס גוטע האָט לאנג נישט אָנגעהאלטן. עס איז געווען א צופאל. דאָס זענען געווען מן הסתם דייטשע עראָפּלאנען, ימ״ש.

א גאנצע נאכט האָט זיך מיין פעטער עוזר מיט זיין זון יצחק דוד געאמפערט. דער זון האָט געהאלטן אז טראָץ דעם וואָס עס ווערט יודען־ריין, זאָל מען זיך אויסבאהאלטן, און דער פאָטער האָט געהאלטן, אז ער וויל גיין מיט אלע יידן צוזאמען. דער סוף איז געווען — אז עס איז געקומען צו מאָרגנס 6 אזייגער פרי, האָט מען אָנגעפאנגען שרייען: ארויס! ארויס! אלע יידן ארויס. מיטנעמען זיך בלויז א רוק־זאַק. דאָס איז געווען דער אָנהויב פונעם סוף. ווי א סטאדע שאָף זענען מיר געגאנגען צו דער שחיטה! מיר זענען אלע ארויסגעטריבן געוואָרן אין מארק. אין מארק זענען שוין געווען די זשאנדארמעריע, די געסטאפּאָ און אונזערע פוילישע פּאָליציי. זיי זענען געווען אקייגן אונז קליין אין צאָל, אָבער זיי זענען געווען באוואָפנט פון קאָפּ ביז צו די פיס. מיר זענען געקומען


ישראל ווייסבראָט


בערל זישה מאָרגאָן


זישה וויינשטאָק


דוד שטארק בן ישראל


פאדאלסקי


לייבל פּאָדאָלסקי



אלתר יעקובאָוויטש



ישראל פינקעוויטש



ליטמאן ראָזענבערג

מיט ליידיקע הענט. מען האָט אויסגעשטעלט צו 10 מאן. און מיר זענען געגאנגען צו די באן. די אלטע וואָס האָבן נישט געקענט גיין האָט מען אויסגעשטעלט באזונדער. מען האָט זיי צוגעפירט צום בית הקברות און דאָרט דערשאָסן. איך דערמאן זיך ווי זאלי דאנציגער איז ארויסגעקומען אין מארק אָנגעטועט אין זיין טלית. האָט מען אים געפרעגט: פאר וואָס ער גייט אָנגעטוען אין א טלית? האָט ער געענטפערט, דאָס אזוי ווי ער ווייס אז ער וועט דערשאָסן ווערן וויל ער זיין באגראָבן אין א טלית.

און אזוי האָט זיך עס געענדיקט.

ינון זכרם לעד בין קדושי עליון. ארץ ארץ, אל תכסי דמם — עד יום נקם ושילם.

---

בנימין כ"ץ

# ארבייטסלאגער פון וואלבראמער

## א. גרויצע

פרייטאָג דעם 12־טן פעברואר 1942, ערב ראש השנה, זענען אוועקגעשיקט געוואָרן 100 יידן פון וואָלבראָם אין אן ארבעטסלאגער קיין גרויצע. עס איז ניט געלונגען פעסטצושטעלן די נעמען פון די אוועקגעשיקטע.

דעם זעלבן טאָג האָבן די דייטשן צוריקגעפירט דאָס רעשט איבערגעבלי־

בענע יידן פון די באַגנעס צוריק אין גרויסן בית־המדרש. די פרייד און איבערראַ־שונג זענען גרויס געווען. מען האָט געמיינט אז די רעשט וועט שוין בלייבן אין שטאָט. דערווייל, נאָך אויפן וועג צוריק, איז געקומען אַ לאַסט וואַגאָן פון דעם אויבן דערמאַנטן לאַגער און די ערשטע 100 יידן וואָס זענען מאַרשירט אין רייע האָט מען אוועקגעשיקט. אזוי אַרום האָט קיינער ניט באַוויזן צו געדענקן וועמען מען האָט דאָרט אוועקגעשיקט. מיר קענען זיך בלויז פאָרשטעלן אויף וואָס פאַראַ בלוטיגן פלאַץ די מענשן זענען פאַרשיקט געוואָרן, ווייל מיר האָבן פון זיי ביז היינט נישט געהערט און קיינער איז פון דאָרט נישט מער צוריק־געקומען.

כבוד צו זייער אָנדענק!

## ב. סטרי

אן ענלעכן גורל האָבן ערלעבט בערך 150 אַנדערע וואָלבראָמער אין דעם לאַגער פון סטרי.

זיי זענען פאַרשיקט געוואָרן ערב ראש השנה נאָכמיטאָג פון גרויסן בית־המדרש.

אויך פון די סטריער האָט מען לײדער גאָרנישט מער געהערט, און קיינער איז מער נישט צוריקגעקומען. און דאַריבער איז עס אונמעגלעך פעסטצושטעלן די נעמען. די איינציקע וועלכע איך געדענק זענען: יענקל פאַצאַנאָווסקי, לייבל צווייגנבוים — אַ זון פון יחיאל צווייגנבוים, אהרן רויכער, וואַלנערמאַן — אַ ייד פון קראָקאַ, וועלנער מיט זיין זון פלטיאל.

---

בעל׳ז (בערנאַרד) ווײַנדלינג, ניו־יאָרק

# מיינע דעראינערונגען

## א. פאַר דער מלחמה

ווען איך בין געווען אין דער פערטער קלאַס פאָלקסשול — איך בין דעמאָלס אַלט געווען 11 יאָר — האָב איך שוין געהאַט מיינע ערשטע שווערע איבערלע־בונגען מיט מיינע אַנטיסעמיטישע חברים. ביים גיין אין שול האָבן אונז די פוילישע שילער געיאָגט און געשלאָגן און דאָסזעלביקע האָט זיך איבערגעחזרט ביים אהיימגיין. צום ערגסטן איז עס געווען אין די דריי נאָכמיטאָגן ביים אהיים־גיין פון דער שול. דעמאָלט האָבן די פוילישע שילער שוין אין גאַנצן קיין מורא נישט געהאַט. כדי צו פּראָוואָצירן אַ געשלעג, פלעגן זיי נעמען די הויט פון די קאָלבאַסן און דערמיט אָנרירן די יידישע שילער ביים אויער און דערביי חוזק מאַכן פון זיי און זיי רופן „קאָלבאַסאַ״. האָט אַ יידיש קינד אויפגעהויבן אַ האַנט



משה וויינדלינג ומשפחתו
משה וויינדלינג און זיין פאמיליע

זיך צו ווערן, איז דאָס שוין געווען גענוג אורזאך פאר א געשלעג. אמאָל האָט זיך געטראָפן. אז א פּאָר ייִנגלעך האָבן זיך אַנטקעגנגעשטעלט און זיינען נישט אנטלאָפן. די פּוילישע יינגלעך זיינען געבליבן שטיין. האָב איך געפרעגט מיינעם א פריינט צווישן זיי, וואָס זיי ווילן, האָט ער געזאָגט צו די אנדערע: אויף מיין זייט זאָלסטו נישט שלאָגן, דאָס הייסט, אויף דער אנדערער זייט מעג מען יאָ שלאָגן. איינמאָל איז אין קלאס, ווען מיר זיינען שוין אלע געזעסן אויף די בענק, אריינגעקומען אן אויפגערעגטער פּוילישער שילער מיט א צווייג פון א בוים אין האנט און האָט מיר געוואָלט דערמיט דערלאנגען. האָב איך אָנגעכאפּט דעם צווייג און אים אויסגעדרייט און האָב, נישט ווילנדיק געטראָפן די לערערין, וואָס האָט געהייסן פּאַלקאָווא. זי האָט גענומען שרייען און געשריגן אָן אויפהער, און פאַרענדיקט האָט זי מיט „דזשידזי קאָמוניסטי” צו די שילער. דאָ האָט אונזער יוגנטלעכער שכל רעוואָלטירט און עטלעכע יידישע שילער זיינען אויפגעשטאנען און האָבן ארויסמארשירט פון קלאס. מיר זיינען געגאנגען צו דער יידישער גמינע. פון דאָרט האָט מען אונז געשיקט צו בנימין וויינשטיין, וואָס איז געווען דער פאַרטרעטער פונעם „מאָמענט” און ער האָט די געשעעניש אָפּגעדרוקט אין זיין פּרעסע. טראָצדעם זיינען מיר ווייטער געגאנגען מיט דערזעלבער שרעק יעדן טאָג אין שול אריין.

מיין טאטע משה וויינדלינג, געבוירן אין יאָר 1878, האָט געהאט בשותפות מיט אנדערע יידן און קריסטן די קאָנצעסיע אויף די אויטאָבוסן אין שטאָט. ווען איך בין אונטערגעוואקסן, איז מיר אויסגעקומען צו פאַרטרעטן מיין פאָטער אלס

קאָנדוקטאָר. מיין פאָטער האָט אויסגעזען צו יידיש, האָבן זיך די קריסטלעכע שותפים געשעמט מיט אים און האָבן אויך מורא געהאט פאר דער קאָנצעסיע, אויב דאָס געשעפט וועט אויסזען צו יידיש. אָפט איז פאָרגעקומען, אז נאָך א יריד פלעגט מען מיטנעמען מער מענשן, ווי עס איז געווען פאָרגעשריבן. אז מען האָט געכאפּט, פלעגט מען דערפאר מוזן באצאָלן א שטראָף אין געלד. אָבער פאר מיר, ווייל איך בין געווען א ייד, איז די שטראָף געווען א שטרענגערע: איך האָב געמוזט אָפּזיצן פינעף טעג אין ארעסט.

מיין פאָטער איז נאָך זיין אומקער פונעם רוסיש־יאפּאנישן קריג אין 1905 געשטאנען אין גארניזאָן אין טשענסטאָכאָוו. ווען עס איז דאָרט אויסגעבראָכן א פּאָגראָם און די סאָלדאטן האָבן זיך גענומען ראבירן און מאָרדן יידן, האָט מיין פאָטער, וואָס איז געווען אן אונטעראָפיצער, קעגן באפעל פון זיין עלטעסטן, געפּרוווט אָפּשטעלן דאָס שיסן. דערפאר האָט מען אים פאַרמשפּט צום טויט און נאָר אדאנק דער הילף פון דער יידישער קהילה אין טשענסטאָכאָוו איז ער אויסגעלייזט געוואָרן.

## ב. דער חורבן

ביים אויסברוך פון דער מלחמה בין איך מיט מיינע עלטערן געווען אין וואָלבראָם. איך בין דעמאָלט אלט געווען 21 יאָר. מיר האָבן זיך מפרנס געווען פון האנדעל מיט וואָס עס האָט זיך געלאָזט. כדי איך זאָל קאָנען פירן מיינע מסחרים, האָב איך מיך פארדונגען צו א פאָלקס־דייטש, וואָס האָט געהאט א טאָר־טאק אויף דער גרעניץ צווישן וואָלבראָם און אָלקוש. מיט מיינע מסחרים האָב איך דעמאָלט אויסגעהאלטן עטלעכע משפחות. אָבער שפּעטער האָט מען מיך אין פארבינדונג מיט מיינע מסחרים באשולדיקט אלס שמוגלער און די דייטשן האָבן מיך געזוכט און געכאפּט אויף א זאָנע, וואָס איז געווען פארבאָטן פאר יידן. זיי



היה פעדערמאַן־וויינדלינג



מאַני בן משה וויינדלינג
מאַלי בת נטע וויינדלינג

האָבן מיך אַרעסטירט און דער קאָמאַנדאַנט האָט באַפוילן מיך צו שיסן. דעם 26טן אויגוסט 1942, איין פערטל צו פינעף נאָכמיטאָג, האָבן זיי מיך אַרויסגענומען פון תפיסה און מיך צוגעפירט מיט אַ וואָגן צום שוואַרצן וואַלד. דאָרט זיינען זיי געבליבן שטיין. די דייטשע זשאַנדאַרן זיינען אַרונטער פונעם וואָגן, האָבן זיך געמאַכט באַקוועם, האָבן אָנגעלאָדן זייערע רעוואָלווערן און זיינען דאַן צוגעקומען צו מיר און מיר באַפוילן אַראָפּצוגיין פון וואָגן. איך האָב גוט געזען, מיט וואָס דאָס שמעקט, בין איך אַראָפּגעשפּרונגען פונעם וואָגן מיטן קאָפּ אַראָפּ און אַריין אין וואַלד אַריין. לויפנדיק אין וואַלד, האָב איך געפילט ווי די קוילן טרעפן מיך, איינע אין פוס, די צווייטע אין לינקען אָרעם און איין קויל האָט פאַרבייגעשטרייפט ביי מיין קאָפּ. נאָך קוילן זיינען מיר געפלויגן איבערן קאָפּ, אָבער על פּי נס בין איך געבליבן לעבן. לויפנדיק אַזוי, האָב איך אָנגעטראָפן אויף אַ באַנדע ציגיינער, וואָס איך האָב זיי געקענט פון מיין מסחר. האָב איך ביי זיי גענומען אַ האַנטוך און מיר פעסט פאַרבונדען די ווונדן, כדי אָפּצושטעלן דאָס בלוט. נאָך זיבן שעה אַרומוואַנדערן בין איך צוריקגעקומען קיין וואָלבראָם צו מיין ברודער הערשל אין הויז. דאָרט האָט מען גערופן דעם דאָקטער געלבערגער, אָבער ער האָט מיר נישט געקאָנט העלפן, ווייל ער האָט נישט געקאָנט אַרויסנעמען די קויל פון מיין אָרעם. די דייטשן האָבן זיכער געמיינט, אַז איך בין טויט, ווייל זיי האָבן באַפוילן אין דער גמינע, אַז מען זאָל אַרויסשיקן נאָך מיר אַ וואָגן אויף מיך צו באַגראָבן.

ניין טעג שפּעטער, דעם 5טן סעפּטעמבער, האָט זיך אָנגעהויבן די אויסזידלונג, אָבער דעם 4טן סעפּטעמבער ביינאַכט בין איך אַריבערגעלאָפן די גרעניץ קיין זאַגלעמביע. איך האָב געמוזט בלייבן 10 טעג ביי אַ פּויער אויף דער גרעניץ, ווייל עס איז נישט געווען מעגלעך מיך אַריבערצופירן. מיין אָרעם איז שטאַרק געשוואָלן געוואָרן. דאַן האָב איך זיך געטראָפן מיט מיינעם אַ קרוב, אַ דייטשן ייד, וואָס האָט מיך גענומען צו אַ דאָקטער אַרויסצונעמען די קויל. נאָך דעם ווי מיין אָרעם האָט זיך אויסגעהיילט, בין איך געגאַנגען פרייוויליק אין אַן אַרבעטסלאַגער.

אין לאַגער אידאַווייכע נעבן קאַטאָוויץ בין איך געבליבן ביז אויגוסט 1943. פון דאָרט האָט מען מיך מיט אַ גרויסער גרופּע וואָלבראָמער ייִדן אַריבערגעשיקט קיין בלעכהאַמער. דער גרעסטער טייל פון זיי זיינען ווייטער געשיקט געוואָרן, אָבער איך בין געבליבן. מיט מיר זיינען אויך געווען מנשה פרענקל (אַ ייִנגערער ברודער פון נתן חפשי) און בנימין שפּיגלער. מיר איז אַ סך מאָל אויסגעקומען זיי צו העלפן מיט וואָס איך האָב געקאָנט. אין 1944 זיינען אויך געקומען אין בלעכהאַמער לאַגער זלמן וואַנדערסמאַן, קופּערבערג, אהרן צווייגנבוימס ייִנגערער זון און אַנדערע, וועלכע איך האָב אויך אָפּט אַרויסגעהאָלפן.

דעם 10טן יאַנואַר 1945, ווען די רוסישע אַרמיי האָט זיך דערנענטערט, איז געקומען אַ באַפעל אונז אַרויסצופירן פון לאַגער. נאָך דריי וואָכן מאַרשירן זיינען מיר אָנגעקומען אין לאַגער גראָסראָזען. פאַרלאָזט האָבן מיר 4,000 מאַן, אָנגעקומען זענען מיר בלויז אַרום 2,000. די אַנדערע זיינען געפאַלן אויפן וועג. פון

גראָסראָזען האָט מען אונז טראַנספּאָרטירט אין אָפענע וואַגאָנען קיין בוכענ־וואלד. דאָרט האָט מען אונז געהאַלטן אין קאַראַנטין און ווען זיי האָבן שפּעטער געדאַרפט צוזאַמענשטעלן א טראַנספּאָרט קיין לאַנגענשטיין, האָבן זיי נישט געקאָנט צוזאַמענעמען קיין 1,000 מענשן. דעם 10טן אפּריל 1945 איז ווידער געקומען א באַפעל אַרויסצושיקן א טראַנספּאָרט און אין דעם טראַנספּאָרט זיינען אויך געווען צוויי וואָלבראַמער, זלמן וואַנדערסמאַן און קופּערבערג. אויף דער מאַגדעבורגער בריק זיינען זיי געהרגעט געוואָרן פון די באָמבאַרדירונגען. איך אליין בין געבליבן אין לאַנגענשטיין ביז צו דער באַפרייאונג דורך די אַמערי־קאַנער, דעם 12טן אַפּריל 1945.



בתו של וונדרסמן



רבקה בת משה ווײַנדלינג

איייזיק וואַנדערסמאַן, ניו יאָרק

## די כראָניק פון מיינע טעג אונטער די נאַציס

ווען די דייטשן זיינען אַריינגעקומען אין וואָלבראַם אין 1939, בין איך אַלט געווען 18 יאָר. צווישן די ערובניקעס, וואָס די דייטשן האָבן דאַן גענומען, כדי צו „באַוואָרענען", אַז יידן זאָלן נישט „איבערפאַלן" דייטשע סאָלדאַטן, בין איך אויך געווען. נאָך 4—5 טעג האָט מען אונז באַפרייט, אָבער לאַנג האָט מען אונז נישט געלאָזט זיך אַרומדרייען פריי אין וואָלבראַם, מען האָט אונז גענומען צו צוואַנגסאַרבעט אין אַרבעטס־לאַגער אין מיעכאָוו, וואו מיר האָבן געאַרבעט ביי די שאָסייען. פון מיעכאָוו בין איך אַנטלאָפן צוריק קיין וואָלבראַם. נאָך א

שטיקל צייט האָט מען מיך ווידער גענומען אויף צוואַנגסאַרבעט קיין פּלאַשאָוו צום לייגן באַן־ליניעס. דאָרט האָט מען מיך באַשטימט פאַר אַן אויפזעער און אַזוי ווי צוויי יידן זיינען פונעם לאַגער אַנטלאָפן, האָט מען מיך געהאַלטן פאַר־אַנטוואָרטלעך און געסטראַשעט מיט דערשיסן. בין איך אַנטלאָפן אין קראָקער געטאָ און האָב מיך נאָך עטלעכע טעג ווידער אומגעקערט קיין וואָלבראָם. און אַזוי, מיט גיין אויף צוואַנגסאַרבעט, אַנטלויפן, און ווידער געכאַפּט ווערן, איז עס געגאַנגען ביז צו דער אויסזידלונג אין יאָר 1942.

מען האָט אַלע יידן פון וואָלבראָם פאַרזאַמלט ביים אומשלאַגפּלאַץ. מיין מוטער מיט מיין שוועסטער רבקה האָט מען פאַרשיקט. מיך, מיין ברודער מאָטל און דעם טאַטן האָט מען געשיקט קיין סטאַלאָווע־וואָלאַ צו דער אַרבעט. מיין ברודער איז פונעם אומשלאַגפּלאַץ אַנטלאָפן. אין סטאַלאָווע־וואָלאַ האָבן מיר געאַרבעט אין אַ פאַבריק.

אַרום חול המועד סוכות האָב איך געזאָגט צו מיין ברודער מאָטל, צו מיינע חברים און צו מיין פאָטער, אַז איך וויל אַנטלויפן. אָבער די נעכט זיינען גראָד געווען ליכטיקע און איך האָב געמוזט איבערוואַרטן. איינמאָל אין אַ פרימאָרגן, ווען איך בין געגאַנגען נאָך קאַווע, האָב איך געזען אַז עס איז קיינער נישטאָ, זיינען מיר, מיין חבר מלך פּולטאָראַק און איך אַנטלאָפן און זיינען אָפּגעלאָפן אַרום 20 מעטער ביז צו אַ פּוילישן בית עלמין. דאָרט זיינען מיר געלעגן אַ האַלבע שעה און האָבן זיך דאַן, ווען עס איז ליכטיק געוואָרן, געלאָזט גיין קיין סאַנדאָמיר. אויפן וועג איז אַרויסגעקומען אַן עלטערע קריסטלעכע פרוי און האָט אונז גערופן. מיר האָבן מורא געהאַט, אָבער אַזוי ווי זי האָט געהאַלטן אין איין רופן אונז, בין איך צוגעגאַנגען און געפרעגט, וואָס זי וויל. זי האָט אונז געוואָרנט, אַז נעכטן האָט מען דאָ דערשאָסן צוויי יידן און זי האָט אונז געזאָגט, מיר זאָלן אַריינגיין אין שטוב. זי האָט אונז געוואָלט געבן צו עסן, אָבער מיר האָבן מורא געהאַט, אַז זי זאָל נישט אין דער צווישנצייט רופן די דייטשן, האָבן מיר געבעטן איר מאַן, ער זאָל אונז צופירן קיין סאַנדאָמיר. איך האָב אים געגעבן מיין זייגער און ער האָט גענומען אַ ריסקאַל אויף די פּלייצעס און האָט אונז געהייסן נאָכגיין אויף אַ דיסטאַנץ פון צוויי מעטער. ווען מיר זיינען צוגע־קומען צו דער בריק, האָט ער אונז געהייסן אַליין דורכגיין און כאָטש מיר האָבן מורא געהאַט, זיינען מיר דאָך געגאַנגען.

אין סאַנדאָמיר איז נאָך געווען אַ יידיש לעבן. פרומע יידן האָבן נאָך אָפּגעהיט יום־טוב, האָבן געגעסן אין סוכה. מיר זיינען אַריין צו אַ יידן, וואו מען האָט אונז געגעבן צו עסן. אָבער דריי טעג שפּעטער האָט מען אָנגעהויבן רעדן וועגן אַן אויסזידלונג אין סאַנדאָמיר, האָב איך גענומען די באַן אויף אַ קליינער סטאַנציע, זיבן קילאָמעטער הינטער סאַנדאָמיר, און בין געפאָרן צוריק קיין וואָלבראָם. דאָרט האָב איך געטראָפן מיין ברודער זלמן. אָבער די יידישע פּאָליציי האָט די אַלע, וואָס זיינען אַנטלאָפן פון לאַגער, גערופן צו דער אַרבעט און האָט זיי אָנשטאָט צו דער אַרבעט געפירט צו די דייטשע זשאַנדאַרן. דער אָבערשטורם־פירער האָט אונז אַלע אַרעסטירט און נאָך דריי טעג אָוועקגעפירט צו דער אַרבעט אויפן פלי־פעלד אין קראָקע. פון דאָרט זיינען מיר, מיין פריינט

איטשע רינסקע און איך, נאָך דריי שעה אנטלאָפן, און מיר זיינען א גאנצע נאכט געגאנגען און צוריק אריין קיין וואָלבראָם. עטלעכע טעג שפּעטער זיינען מיר — עס איז געווען פּרייטיק צונאכט — געזעסן ביי עוזר ראָטמענש, איז אריינגעקומען א פּוילישער פּאָליציאנט און האָט דערציילט, אז מאָרגן שבת, דאַרפן זיך אלע פּאָליציי־לייט פארזאמלען אין דער דייטשער זשאנדארמעריע. מיר האָבן פארשטאנען, אז קיין גוטס קאָן דערפון נישט ארויסקומען און איך, מיין ברודער זלמן, מיין פעטער שמואל יודקעוויטש און די צוויי שוועסטער חנה און שרה קיווקאָוויטש זיינען נאָך אין דערזעלבער נאכט ארויס פון שטאָט, הגם די וועגן זיינען שוין געווען גוט באוואכט. מיר זיינען געלאָפן אין דאָרף אריין צו א פּוילישן פּויער, וואָס האָט אונז אריינגעלאָזט אין א שטאל פאר בהמות. אָבער דער פּויער אליין האָט מורא געהאט און איז יעדע ווײַלע צו אונז אריינגעקומען און אונז דערציילט, אז מען האָט דעם און יענעם יידן געהרגעט מיט זיין אויסבאהאלטער אינאיינעם. כאָטש אזוי זיינען מיר אין שטאל געבליבן צוויי וואָכן צייט.
אין איינער א נאכט בין איך און מיין ברודער זלמן אוועק אין א צווייטן דאָרף און האָבן געמיינט, אז מיר וועלן דאָרט זיך קאָנען אויסבאהאלטן ביי א צווייטן פּויער. דאָרט האָט זיך אָנגעהויבן די זעלבע מעשה און מיר האָבן ווידער געמוזט אנטלויפן און האָבן זיך אומגעקערט צוריק אין דעם דאָרף, ווו מיר זיינען פריער געווען. דאָרט אָבער האָט דער פּויער אונז נישט מער געוואָלט האלטן, זיינען מיר געגאנגען צוריק קיין וואָלבראָם. א קליינער אינצידענט: מיר האָבן אין וואָלבראָם געעפנט א שייער אָן דעם פּויערס וויסן און זיך דאָרט אויסבאהאלטן אונטערן היי. אין דער נאכט האָבן מיר געהערט א געוויין און זיינען געוווויר געוואָרן, אז דאָרט האָט זיך אויסבאהאלטן אן אומבאקאנטע יידישע פרוי. זי האָט זיך פאר אונז געקלאָגט, אז זי האָט איר גאנץ פארמעגן געגעבן דעם פּויער און איצט וויל ער איר נישט ברענגען קיין עסן און וויל גאָר נישט וויסן פון איר.

א נאכט שפּעטער האָבן מיר געטראָפן א יונגען פּויער, וואָס האָט אונז געוואָלט פירן קיין זאגלעמביע, אָבער עס איז געווען געפערלעך צו גיין, די זשאנדארן און די גרעניץ־וואך זיינען געווען איבעראל, האָב איך זיך אָפּגעלאָזט פון דעם און זיך ווידער געלאָזט לויפן אליין. איך האָב זיך באגעגנט מיט מיינעם א פעטער און מיט נאָך צוויי וואָלבראָמער און מיר זיינען אין דער נאכט אריבערגעגאנגען די גרעניץ קיין דאָמבראָווא. דאָרט האָט די יידישע פּאָליציי אונז זייער געיאָגט. מיין ברודער זלמן איז אוועקגעשיקט געוואָרן אויף ארבעט און מיין פעטער איז אריבער קיין קאַטאָוויץ אין אן ארבעטסלאגער. איך בין נאָך געבליבן א דריי, פיר חדשים אין דאָמבראָווא ביז מיין פעטער איז געקומען מיט א דערלויבעניש פאר מיר, צו פאָרן קיין קאַטאָוויץ. אין קאַטאָוויץ בין איך שוין געווען „פריי”. אָבער נאָך זעקס חדשים האָט מען דעם לאגער ליקווידירט און דער אָבער־שטורם־פירער האָט אונז אוועקגעשיקט קיין בלעכאמע. נאָך דריי טעג אין בלעכאמע האָט מען מיך ווייטער געשיקט קיין דירענפורט, פון דירענפורט ווידער אין א לאגער אין פינפטייכען און פון דאָרט קיין גראָסראָזען, וואו עס זענען אויך געווען גאזקאמערן. עס האָט נישט געדויערט לאנג און מען האָט מיך פון גראָסראָזען אוועקגעשיקט קיין באד ווארמברון ארבעטן אין א מוניציע־פאבריק.

דאָרט בין איך קראַנק געוואָרן אויף טיפוס און מען האָט מיך אריבערגעפירט אין לאַגער וואַלדענבורג.

דעם 7טן מאַי 1945, אַ טאָג פאַר דער באַפרייאונג, האָט מען געזען אַז עס קומט עפּעס אַן ענדערונג. מען האָט געזען ווי די דייטשע וואַך נעמט אַראָפּ די טויטן־קעפּ פון די היטלעך און אַ טייל דייטשן קומען אַריין אין לאַגער און זאָגן: „יאָ, די זאַננע האָט פיר אייך אויפגעשינען". אָבער געהיט האָט מען אונז אַזוי ווי פריער. דריי אַזייגער אינדערפרי זיינען עטלעכע קאַצעטלער אַרונטער געגאַנגען אין הויף, האָבן זיי געזען אַז די וואַך איז נישטאָ; זיי זיינען באַלד אַנטלאָפן פון לאַגער. אויך מיר, די איבעריקע, זיינען תיכף אַרויס פון לאַגער און האָבן זיך געלאָזט זוכן עסן.

נאָך דעם ווי די דייטשן זיינען אַנטלאָפן זיינען די רוסן אַריין. עס איז געווען אַרום צוויי אַזייגער נאָכמיטאָג און זיי האָבן אונז באַפרייט.

*

מיין פאָטערס נאָמען איז הערשל און מיין מוטערס יעכעט. מיין פאָטער איז געשטאָרבן אין סטאַלאָווע וואָלאַ זיבן טעג אין כסלו.

---

**מאיר יאַנאָווסקי, ניו־יאָרק**

## דערמאַנונגען

דאָס בלוטביים מענטשן ווערט ממש פאַרגליווערט, ווען מען דערמאַנט זיך אין אונזערע טייערסטע און ווי אַזוי די דייטשע רוצחים האָבן זיי אומגעבראַכט. צווישן די אומגעבראַכטע זיינען געווען מיין טאַטע און מיין טייערע מאַמע מיט שוועסטער, פון וועלכע עס איז מיר געבליבן בלויז אַ שטיקל פּאַפּיר. די נעמען פון מיינע עלטערן זיינען ברוך און חנה און דער נאָמען פון מיין שוועסטער — שרה.

איך וויל בלויז צוגעבן אַ פּאָר פּרטים: די שוועסטער איז אַלט געווען 23 יאָר, ווען זי האָט חתונה געהאַט. דער טרויער ביי דער חופּה איז געווען גרויס. עס איז געווען צוויי וואָכן פאַר דער „אויסזידלונג". אין מאָמענט, ווען מען האָט געפירט מיין שוועסטער שרה צו דער חופּה, זיינען אַריינגעקומען אַ מאַן מיט אַ פרוי מיט אַ פּאַפּיר אין האַנט, געחתמעט פון לויטענאַנט באומגאַרטען ימ"ש, אַז בזה הרגע מוזן מיר פאַרלאָזן דאָס קליינע געוועלב, וואָרעם זיי נעמען עס איבער. דער צער איז געווען גרויס, אָבער מיר זיינען געווען הילפלאָז. מיט צוויי טעג שפּעטער האָבן מיר פאַרגעסן, אַז מען האָט ביי אונז צוגענומען דאָס געשעפט, ווייל עס איז אונטערגעקומען אַ גרעסערער ווייטאָג. מיין ברודער אברהם משה, וואָס האָט געוווינט אין כאַשניצאַ, וואָס איז געווען 14 מייל פון אונזער שטעטל וואָלבראָם, איז געקומען פון מיעכאָוו פון שפּיטאָל, ווו זיין פרוי האָט געבוירן

א קינד. צוויי דייטשע רוצחים האָבן אים אָפּגעוואָרט אין זיין היים. זיי האָבן אים גאָרנישט געפרעגט, נאָר האָבן אים ארויסגענומען צוריק אין גאַס און אים דערשאָסן.

דער פּאָליאַק סטאַשעק קשעמיען איז געווען א זון פון דעם פּאָליאַק, ביי וועלכן מיינע עלטערן האָבן געוווינט. צוויי טעג פאר דער „אויסזידלונג" איז סטאַשעק קשעמיען אריינגעקומען צו מיינע עלטערן מיט דעם פאָרשלאַג, אַז ער וויל זיי אויסבאהאלטן אין דער סטאָדאָלע, ווייל ער האָט אויף זיי רחמנות. די סטאָדאָלע האָט זיך געפונען אויף דעמזעלבן הויף. אין טאָג פון דער „אויסזידלונג" האָט ער מיינע עלטערן אריינגעזעצט אין דער סטאָדאָלע. עס האָט געהייסן, אַז ער וויל זיי ראַטעווען, אָבער אויסן געווען איז ער עפּעס אנדערש. ער האָט עס געטאָן מיט א כוונה. די „אויסזידלונג" האָט זיך אָנגעהויבן פינף אזייגער אין דער פרי און צען אזייגער איז ער אריין אין דער סטאָדאָלע און האָט זיי געזאָגט, אַז זיי מוזן תיכף אוועק פון דאנען. און ער האָט נישט סתם זיי געהייסן ארויסגיין, נאָר ער האָט אליין זיי ארויסגעפירט אין מארק, וואו מען האָט צוזאמענגענומען די רעשטלאַך אויסבאהאלטענע. אין מארק זיינען געווען פארזאמלט דייטשע פּאָליציי און פּאָליאַקן, וואָס האָבן זיך געקוויקט מיט דעם ספּעקטאַקל, וואָס די דייטשן האָבן אויפגעפירט. איינער פון די פּאָליאַקן האָט זיך אָפּגערופן חוצפהדיק צו מיינע עלטערן אויף פּויליש, אַז עס האָט זיך געענדיקט יאַנאָווסקיס קאַריערע, ווייל מיינע עלטערן זיינען געווען אָנגעזעענע מענשן. און דאַן האָט זיך צו זיי געווענדעט דער לויטענאַנט באומגארטן מיט די ווערטער: איר זענט דאָך בעסערע מענשן און אלטע מענשן, איר וועט פאָרן און נישט גיין. און באלד איז אונטערגעקומען א פּויעריש פירל, אויף וועלכן עס איז געלעגן אַן עלטערע נאַקעטע פרוי (זי האָט אויסגעזען ווי א געבונדען שעפּסל, וואָס מען פירט צום שעכט־הויז). מען האָט געהייסן די עלטערן ארויפגיין אויף דעם פירל. מיט זיי זיינען אויך געווען מיינע צוויי שוועסטער שרה און אניע. פאָרנדיק ארויס צום פּלאַץ, האָבן זיי באמערקט אַז מען פירט זיי אין אַן אנדערער ריכטונג — וואָס איז געווען אין וואַלד אריין, וואו די דייטשן ימ"ש האָבן צוגעגרייט אַן אויסשי־סונג־פּלאַץ פאר א טייל פון דעם שטעטל. ווען מען איז שוין געווען ביים וואַלד, איז ארויסגעקומען א דייטשער אָפיצער און מיינע עלטערן מיט מיינע צוויי שוועסטער האָבן אָנגעהויבן צו וויינען און קלאָגן, אַז זיי זיינען גאָר נישט שולדיק און אַז זיי ווילן נאָך לעבן. און מיין טאַטע האָט דערביי אוועקגעוואָרפן א קליין פּעקל מיט זלאָטעס. האָט דער אָפיצער געהייסן די נאַקעטע פרוי ארונטערנעמען פון וואָגן און מיינע עלטערן מיט די צוויי שוועסטער צוריקפירן צום פּלאַץ, וואו דאָס גאַנצע שטעטל איז געווען פארזאמלט.

אין מאָמענט ווען איך האָב דערזען מיינע עלטערן, האָב איך זיך געמוזט גוט איינקוקן אין זיי, ווייל איך אליין האָב זיי נישט דערקענט. זייערע פּנימער זיינען געוואָרן אין גאַנצן אנדערש, גאָר נישט קיין צורות פון קיין לעבעדיקע. מיט גרויס ווייטאָג האָב איך אויף זיי געקוקט, אָבער איך האָב זיי מיט גאָרנישט געקאָנט העלפן.

עס האָט זיך ווידער אָנגעהויבן די פאַרטיילונג פון די מענשן. אלע פרויען

מיט קינדער און עלטערע מענער האָבן זיי געהייסן גיין אויף איין זייט, און דערביי איז געגאנגען א דייטשער אָפיצער און האָט די מענשן סאָרטירט, דעם אויף רעכטס און יענעם אויף לינקס. מיר זיינען געווען דריי ברידער, האָבן מיר אונזער טאטן ארייגענומען אין דער מיט. מיר האָבן אים די באקן געקניפט און מיר האָבן אים ראזירט, אז ער זאָל אויסזען יינגער, און דאָס האָט געהאָלפן. ער איז געבליבן מיט אונז אויף דעם פלאץ און די אלע אנדערע האָט מען אריינ־געשטופט אין די וואגאנער, וואָס מען האָט אוועקגעפירט קיין בעלזשעץ. און וואָס עס איז פון זיי געוואָרן, ווייסן מיר אלע. קיין איינער פון זיי איז נישט ארויס א לעבעדיקער פון דעם לאגער.

און אונז, יונגע מאנסלייט, האָבן די דייטשן פארשיקט אין פארשידענע ארבעטסלאגערן און עס זיינען נאָך געבליבן א פּאָר מענשן, וואָס מען האָט צוריקגעפירט אין שטאָט אריין, ווייל די דייטשן האָבן געוואָלט דערמיט ארויסנארן אנדערע, וואָס זיינען נאָך געווען אויסבאהאלטן. און מיין טאטע איז אויך געווען צווישן די איבערגעבליבענע. מיט צוויי וואָכן שפּעטער האָבן מיר באקומען א געהיימן בריוו אין לאגער אריין קיין ראָזוואדאָוו, אז דער טאטע געפינט זיך אין שראָדולא. ער האָט געשריבן אָט די ווערטער: טייערע קינדער, אז איר וועט בלייבן לעבן, בעט איך אייך איר זאָלט נעמען נקמה אין סטאשעק קשעמיען, וועלכער האָט געוואָלט וואָס שנעלער פּטור ווערן פון מיר, ווייל ער האָט נישט געוואָלט האָבן קיין שטער צוצוראבעווען אונזער האָב און גוטס.

מיט גרויס כבוד בייגן מיר דעם קאָפּ צום אָנדענק פון אונזערע קדושים!

מיר, מאיר יאנאָווסקי, לייב יאנאָווסקי און רבקה יאנאָווסקי, זיינען די איינציקע לעבן געבליבענע פון א משפחה פון 21 מענשן.

---

יעקב סקאָזוראָן, קאנאדע

## דער לעצטער פרייטיק

די נייעס, אז יידן ווערן אוועקגעשיקט פון זייערע היימען אין די שכנות־דיקע שטעט און שטעטלעך ווי סלאָמניקי, מיעכאָוו, כאשניצע און אנדערע, און ווערן ליקווידירט אין די טויט־לאגערן, האָט דערגרייכט אונזער שטאָט וואָלבראָם. יידן האָבן אָנגעהויבן לויפן צום יודענראט נאָך הילף און נאָך עצות. ליידער איז אלץ געווען אָן דערפאָלג. פרייטיק, דעם 4טן סעפּטעמבער, אינדערפרי, איז די שטאָט שוין געווען ארומגערינגלט פון דער דייטשער ספּעציעלער אויסראָטונגס־קאָמאנדע. עס האָבן זיך באוויזן פלאקאטן אין יידישן קווארטאל, אז אלע יידן אָן אויסנאם, מענער, פרויען און קינדער און אויך זקנים מוזן זיך פארזאמלען אויפן מארק־פּלאץ שבת, דעם 5טן סעפּטעמבער אכט אזייגער אינדערפרי. יעדער מעג



יעקב סקאָווראָן

מיטגענומען נישט מער ווי 10 קילאָ געפּעק. ווער עס וועט נישט אויספירן דעם באַפעל, וועט דערשאָסן ווערן.

עס איז אנטשטאנען א יאָמערלעכער געוויין. מען בעט גאָט ער זאָל זיך דערבארעמען. יידן וויינען און קלאָגן: פאר וואָס קומט עס אונז, מיט וואָס האָבן מיר געזינדיקט...? אָבער דער טאָג לויפט שנעל, יידן האָבן נישט וואו זיך אויס־צובאהאלטן, אלע וועגן זיינען פארשלאָסן. די דייטשע מערדערס זיינען באוואָפנט פון קאָפּ ביז צו די פיס, גרייט צו דער מלחמה קעגן שוצלאָזע יידן, קינדער, מענער, פרויען און זקנים, וואָס האָבן נישט פארשטאנען, אז דאָס איז דער לעצטער פּרייטיק פון זייער לעבן...

דער טאָג האָט זיך שנעל אוועקגערוקט און די נאכט איז פּלוצים צוגע־פאלן. די לבנה האָט זיך מיט אירע שטערן אויסגעשפּרייט איבערן בלויען הימל און באלויכטן יעדן וועג און יעדעס ווינקעלע. עפּעס א מין היטער אינאיינעם מיט די דייטשע וועכטערס איז די לבנה געווען. זי האָט געהאָלפן היטן אז קיין שום ייד זאָל זיך נישט ארויסרייסן פון דייטשן גיהנום.

די שיסעריי האָט זיך אָנגעהויבן; יידן זיינען געפאלן ווי פליגן; פאר די יידישע הייזער זיינען געלעגן הונדערטער טויטע און צווישן זיי קליינע קינדער. אין די יידישע הייזער איז געווען פינסטער, חושך. מען זאָגט תפילה, בעט גאָט, מען געזעגנט זיך מיט די הייליקע ווערטער: ווער עס וועט איבער־לעבן די דייטשע מערדערס, זאָל נקמה נעמען פאר אונז...

ביסלעכוויז פארשווינדעט די נאכט מיט די אויסגעשטראלטע שטערן און מיט דער לבנה און שבת איז אָנגעקומען. יידן הויבן אָן ארויסקריכן פון זייערע הייזער און לאָזן זיך גיין זייער לעצטן וועג. מיטגענומען האָט יעדער מיט זיך פּעקלעך פון 10 קילאָ. מיר מאַרשירן דורך די גאסן פון וואָלבראָם ווי סאָלדאטן,



על יד קבר המונים בוולברום
ביים מאסן־קבר אין וואַלבראָם

פיר אין דער ריי. די קריסטלעכע באפעלקערונג ווייזט ארויס גלייכגילטיקייט, גלייך ווי יידן, זייערע שכנים זינט דור־דורות, וואָלטן געווען זייערע שונאים, גלייך ווי זיי וואָלטן קיינמאָל נישט געלעבט מיט יידן, נישט געהאנדלט מיט זיי. אזוי האָבן יידן פון וואַלבראָם מארשירט צום מארק־פלאץ און האָבן מיט טרויעריקע בליקן צום לעצטן מאָל געזען זייערע הייזער.

מען האָט אונז אויסגעשטעלט אין רייען, יעדן מיט זיין פאמיליע. א באַזונדערן פלאץ האָבן פארנומען די זקנים. די דייטשע ספעציעלע אויסראָטונגס־קאָמיסיע, א פארשיכורטע, האָט געשלאָגן, געשטופט און — געשאָסן. אין יעדן ווינקל — אנדערע טויטע. די קינדער וואָלטן זיך נאָך געוואָלט שפילן, דאָך פילן זיי, אז דאָס זיינען זייערע לעצטע גורלדיקע טעג פון לעבן. לויפן זיי פון פלאץ צו פלאץ און ווילן זיך באהאלטן אין די אָרעמס פון זייערע מאמעס... דאָס געוויין פון די קינדער ווערט וואָס אמאָל אלץ שרעקלעכער. ליידער אָן אן אויסוועג... די באפעלן פון די דייטשע הארן... דער באפעל צום מארש..., צום מארש פון לעצטן וועג...

אין א זייט פון מארק־פלאץ שטייען איינזאם די 63 זקנים, די סאמע עלטסטע יידן פון וואַלבראָם, אָפגעזונדערט, מיט דעם טראגישן גורל פון זייער עלטער — אומצוקומען אָדער דערשאָסן צו ווערן דורך די דייטשע מערדער. איך ריזיקיר מיין לעבן און לויף נאָך צו צו מיין זיידן, דער סאמע עלטסטער פון אלע, 93 יאָר אלט, דער עלטסטער תושב פון וואַלבראָם, משה יוסף נונבערג. מיטן קאָפּ

אראָפּגעלאָזט צו דער ערד, די ליפּן באַוועגן זיך ווי ער וואָלט די לעצטע תפילה געזאָגט. זיידע! מיין זיידע קוקט זיך אום. יעקל? יאָ, זיידעשי. וואו זיינען אַלע? וואו איז די מאַמע? (זיין טאָכטער). וואו זיינען די קינדער, אַלע דאָרטן? וואו זיינען לייבוש, מאיר, פעסל, שלמה, אברהמלה, רויזעלע, פרימטשע און וואו בין איך?

איך ענטפער: הערשל איז אַוועק מיט די אויסזידלונגען פון סלאָמניק. מיין ברודער שמחה אומגעקומען אין רוסלאַנד, אַלע זיינען זיי דאָרט... יאַנקל מיט יעכעט און אויך זייערע קינדער אהרן און רויזעלע.

איך וואָלט נאָך געוואָלט זיי זען... מיט זיינע לעצטע בליקן צום הימל, זאָגט דער זיידע זיינע לעצטע ווערטער — איך בין שוין אַלט, אָבער איר...

א ווילדער געשריי פון די דייטשן: מיר מאַרשירן... די אַלטע, די זקנים, האָבן זיי אַוועקגעפירט צום בית־עלמין אין א פאַרויס־צוגעגרייטן גרוב, דער גרוב פון דניאל. אָבער קיין נס איז נישט געשען... אַלע זיינען זיי דאָרט דערשאָסן געוואָרן.

אַלע אַנדערע משפחות ווערן אַוועקגעפירט צו דער סטאַנציע, און מען פאַרלאָדנט זיי אין וואַגאָנען אויפן לעצטן וועג.

---

# אויפשטענדלער-העלדן

## א. שמעון העלער

(געפאַלן אינם אויפשטאַנד פון געטאָ וואַרשע)


שמעון הלר

שמעון העלער, געבוירן אין וואַלבראָם, דער זון פון ראָזא העלער, א אייניקל פון הענדל ערליך. שפּעטער איז די משפחה אַריבער קיין וואַרשע. ער האָט געלערנט אין וואַרשעווער גימנאַסיע „אסכולה", געווען א חבר אין „השו־מר הצעיר" גדוד מרחביה. א שיינער שוואַרצ־האָריקער, הויך־געוואַקסענער בחור, באַליבט ביי אַלע זיינע חברים. ער איז מיט זיין גאַנצער נשמה געווען איבערגעבן דער באַוועגונג. זיין אַקטיוויטעט האָט זיך אַרויסגעוויזן הויפּטזעכ־ליך אויפן קולטורגעביט.

בעת דער מלחמה איז ער געוועזן א חבר און דער סעקרעטער פון קיבוץ „גל־און" אין וואַרשע און פאַרטגעזעצט זיין אַרבעט אין קן. אין די יאָרן 1940—1941 האָט ער געאַרבעט אין דער דערציאונגס־אָפּטיילונג פון יידישן אַמט פאַר סאָציאַלע הילף.

ר.ה.

בשעת דער אָרגאַניזירונג פון ווידערשטאַנד איז ער באַשטימט געוואָרן אַלס קאָמענדאַנט אין בלאָק פון די לאַנדוי־וואַרשטאַטן. בשעת דעם געטאָ־אויפשטאַנד איז ער געווען זייער אַקטיוו אין די שלאַכטן אויפן געביט פון טעבענס־שולץ וואַרשטאַטן. אין טאָגעבוך פון שלום גראַיעק ווערט ער באַצייכנט ווי דער בעסטער שיסער אין זיין שלאַכטגעביט. ער האָט מקיים געווען זיינע ווערטער, אַז ער וועט ניט שטאַרבן ביז ער וועט ניט דערהרגענען כאָטש פינף דייטשן. ער איז געפאַלן דעם 22־טן אַפּריל 1943, ווען זיין גרופּע אויף לעשנאָ־גאַס האָט שוין ניט געהאַט קיין שום אויסוועג, ווייל דאָס הויז איז געווען אַרומגערינגלט מיט דייטשן, און די קעמפער האָבן געמוזט אַראָפּשפּרינגען אין הויף פון א באַלקאָן. זיין נאָמען געפינט זיך אין דער ליסטע פון געפאַלענע אין וואַרשעווער געטאָ־קאַמף. ער איז דאַן אַלט געווען 23 יאָר.

## שפּרינגער הערשל

לוחם מחתרת בזגלמביה



הערשל שפּרינגער

געבוירן אין וואַלבראָם אין אַן אַרבעטער־פאַמיליע. דער פאָטער איז געווען א שווער פאַרהאָרעוועטער גאַרבער. הערשל האָט אין דער פאָלקסשול זיך אויסגעצייכנט מיט פלייס צום לערנען, און געצויגן צו זיך די אויפמערקזאַמקייט פון לערער און חברים. שפּעטער איז זייער משפחה אַריבערגעפאָרן קיין לאָדזש, און ער מיט זיין ברודער דוד זיינען אָפּגעגעבן געוואָרן אין א בעקער וואַרשטאַט. צו 17 יאָר איז ער אַריינגעטרעטן אין דער סקויטן באַוועגונג פון „פרייהייט", וווּ ער האָט זיך גאָר גיך אויסגעצייכנט און געפירט א דערציערישע טעטיקייט. שפּעטער איז ער אַריין אין „פרייהייט" און געוואָרן איינער פון די וויכטיקסטע אָנפירענדע חברים און באַליבט צווישן חברים.

צו 27 יאָר האָט ער באַשלאָסן אַרויס צו פאָרן אויף הכשרה. אין 1938 איז ער אַוועק אין בענדינער קבוץ און ער איז געוואָרן איינער פון די צענטראַלע מענטשן אין קיבוץ. אין דער נאַצישע אָקופּאַציע צייט האָבן זיך באמת אַנטפּלעקט זיינע פעאיקייטן און אייגנשאַפטן. ער האָט אָנגעפירט מיטן קיבוץ ביזן לעצטן מאָמענט. ער איז געווען די נשמה נישט נאָר פון קיבוץ, נאָר פון דער גאַנצער ציוניסטישער־סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין בענדין. אַלע ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס האָבן אין יענע גרויזאַמע צייטן קאָנצענטרירט זיך אַרום אים. אָפט האָט ער געשטעלט אין געפאַר זיין לעבן כדי צו ראַטעווען אָדער אַרויסהעלפן

א חבר. די גאנצע יידישע באפעלקערונג אין בענדין האָט אים געקאָנט און באצויגן זיך צו אים מיט ליבע.

אין 1942 איז ער געווען איינער פון די איניציאטאָרן און גרינדער פון קיבוץ „עתיד" פאר קינדער יתומים פון 10 ביז 16 יאָר.

ער איז געווען זייער אקטיוו ביי די פאָרבארייטונגען צו באוואָפנטן ווידער־שטאנד. דעם 22טן יוני 1943 איז ער אריינגעשלעפט געוואָרן אין די וואגאָנען קיין אוישוויץ. אויפן וועג האָט ער גערופן די פארשפארטע ארויסצורייסן זיך און אנטלויפן. אָבער די מערסטע פון זיי האָבן נישט געוואָלט, און האָבן אים אויך נישט געלאָזט אנטלויפן, טענהנדיק, אז דאָס וועט ברענגען אן אומגליק אויף אלעמען. ערשט ווען די מענשן אין וואגאָן האָבן זיך פארנומען מיט עפעס אנדערש — זענען ער, און מיט אים עטלעכע חברים, ארויסגעשפרונגען פון דער באַן. די געסטאפּאָ־לייט האָבן נאָכגעשאָסן און עטלעכע אנטלאָפענע זיינען געהרגט געוואָרן.

הערשל האָט צעבראָכן א פוס שפּריגענדיג. עס איז אים אָבער געלונגען אָנצוזאָגן וועגן דעם די חברים, און זיי האָבן אים צוריקגעבראכט קיין בענדין. ער האָט נאָך באוויזן אָנטייל צו נעמען אינם בענדינער ווידערשטאנד אין די לעצטע ליקווידאציע טעג.

א טאָג פריער האָט ער נאָך געשריבן צום פארבינדונגס־ביוראָ קיין זשע־נעווע אונטערגעשריבן „סקאטשעק" (שפּרינגער אויף פּויליש, און זיי אינפאָר־מירט וואָס עס טוט זיך ביי די חברים אין ווארשאַ. דעם 10טן אויגוסט 1943 האָבן אים די דייטשן ווידער געכאפּט און דערמאָרדעט.

עס ווערן געמאכט באמיאונגען כדי אויפצושטעלן אין בענדין אויפן אָרט ווו עס איז געווען דער בונקער פון די „החלוץ" קעמפער, א דענקמאל צום אָנ־דענק פון די אין קאמף געפאלענע פרומקע פלאטניצקא, הערשל שפּרינגער און אנדערע קעמפער.

---

## המנגינה, האדם ומלאך המוות

(לזכרו הברוך של דודי הקדוש משה'ל גוטליב ז"ל)

עם רדת צללי הליל על פני הארץ, פתאום נעורה בי מנגינה עתיקה, חסידית. דודי משה'ל, מחסידי רדומסק, כנוח עליו הרוח, — היה משתפך במנגינה זו וחוזר עליה שוב ושוב ללא יכולת להפסיק ולסיים. מתחילה היא כמו ממעמקים, עולה יותר ויותר במאמץ נפשי כביר, מתפשטת כמו על מרחבים אין־סופיים, והנפש כה עורגת למשהו נעלה, נעלם, בלתי מבוטא ובלתי מוחש, אך מורגש מאד בכל הישות והמהות. מפרפרת היא בחלל האויר, מגששת וממששת ומחפשת מוצא — פתח־אחיזה באותו נעלם מבוקש, נכסף וחשוק, אך באין אונים תרפינה הידים־הכנפיים, ואט אט יורדת המנגינה ונחלשת, ותוך כניעה והשלמה עם קוצר המשיג היא מתנמכת עד שנדמה כליל...

ושוב מתחיל הכל מחדש, והנסיון נעשה ביתר מאמץ, ובסופו של דבר מסתיים כמו בראשונה...

כך קלטתי אני, בעודי נער צעיר, אותה מנגינה, וכך אחוש אותה כיום ביתר תוקף. הערב כבשה אותי כולי כשעה אחת בשכבי לנוח בחשכת החדר.

הפסקתי בבת־אחת כשראיתי פתאום את דודי משה׳ל זה והנהו מובל מעורטל, רצוץ ימדוכדך ע״י רב־טבחים נאצי אל תא הגאזים באושביץ!... אל אלהים! רצח איש הדמים העיוור את הכינור הרגש ואת מנגנו גם יחד!...

והמנגינה המיותמה מרחפת מעל לרוצח ולנרצח, (שניהם בנים לאבינו שבשמים), ואין מנוח לה באנדרלמוסית חיים זו, תוהו ובוהו, וחושך על פני תהום...

הרצליה, ו׳ תמוז, תשט״ו, בערב — נ. ח פ ש י

---

**גערשאָנאָוויץ לייבל**

# וואלבראמער אין די לאגערן

מען האָט מיך מיט נאָך 500 וואלבראָמער געשיקט נישט ווייט פון קראקא אין דער באגלייטונג פון אוקראינער וועלכע האָבן פון אונז צוגענומען די זייגער־לעך און די רינגלעך פון די פינגער און נאָך אנדערע זאכן. צוועלף ביינאכט זענען מיר אנגעקומען אויפן פלאץ. צומאָרגנס גאנץ פרי האָבן זיי אונז פארזאמלט אויף א פלאץ, ארומגערינגלט מיט געסטאפאָ. זיי האָבן יעדן איינעם פון אונז באזוכט. צווישן אונז איז געווען א 16־יעריק יינגל, קאָרנפעלד, פון די מיעכאָווער גאס. זיין פאָטער איז געווען א תבואה סוחר.

זיי האָבן אים ארייגעלייגט אין טאש א רינגל, און שפעטער אים באשול־דיקט, אז ער האָט באהאלטן ביי זיך גאָלד. זיי האָבן אים דערפאר דערשאָסן פאר אונזערע אויגן. און אין זעלבן אָוונט האָב איך מיט מיין חבר צעשלער אים באגראָבן נישט ווייט פון לאגער.

צומאָרגנס צוריק קומענדיק פון דער ארבעט, האָבן מיר געברענגט מיט זיך 8 טויטע חברים וואָס די דייטשן האָבן געהרגט ביי דער ארבעט. נאָך א געוויסע צייט האָט מען מיר דערלויבט צו ארבעטן אלס שוסטער און מיר בא־שטימט אן אָרט צו דער ארבעט. מיט מיר האָבן מיטגעארבעט וואָלף און הענדל צעשלער. שפעטער ווען איך בין אָנגעקומען אין קראָקעווער לאגער, האָב איך געטראָפן א סך וואלבראָמער וועלכע זענען אנטלאָפן פון וואלבראָם. צווישן אנדע־רע: דוד קוזשמע מיט זיין פרוי און צוויי טעכטער. אויך איז געקומען אין קראָקאווער לאגער שלמה דרעזנער, וועלכער איז אראָפגעשפרונגען פון דעם טראנספּאָרט וועלכער האָט געפירט די וואלבראָמער קיין בעלזשעץ. ער האָט דערציילט, אז אין די וואגאָנען זענען געווען הונדערטער טויטע, דערשטיקט פון די ענגשאפט.

א טאָג פאַר דער אויסזידלונג פון קראָקאווער געטאָ, האָט מען קינדער און אַלטע מענשן קאָנצענטרירט אויפן פּלאַץ זגודא, אין א פירשטאָקיג הויז. די איבריקע יידן זענען געווען קאָנצענטרירט אויף א גרויסן פּלאַץ נעבן דעם הויז. אויפן פּלאַץ האָבן זיך געפינען ביי א הונדערט וואַלבראַמער. פאַר אונזערע אויגן האָבן די דייטשן דורך די פענסטער געוואָרפן די אַלטע און די קינדער. אַלע זענען געבליבן אויפן פּלאַץ טויט. צווישן זיי דוד קוזשמער מיט זיין פרוי, יענקל לוקס און נאָך אַנדערע וועלכע איך געדענק נישט מער זייערע נעמען — צוזאַמען צוואַנציק וואַלבראַמער. איך מיט נאָך אַנדערע, צווישן זיי 8 וואַלבראַמער, האָט מען געשיקט קיין אוישוויץ.

איך דערמאָן זיך אַז מען האָט דערציילט, אַז משה יוסף קרוק האָט זיך באַהאַלטן ביי א קריסט אין וואַלבראַם, ער האָט אוועקגעגעבן זיין גאַנץ פאַרמעגן. זיין נאָמען איז געווען גיידע. און דריי וואָכן פאַר דער באַפרייאונג האָבן זיי אים אויסגעגעבן, און מען האָט אים דערשאָסן.

אין קראָקאווער געטאָ האָט מען אויך דערציילט, אַז נפתלי טאַרלא איז געווען דער פאַרבינדער צווישן די בענדינער און אַנדערע אונטערגרונד באַוועגונגען מיט וואַרשאַווער געטאָ. מען האָט אים געכאַפּט און דערשאָסן.

אין לאַגער „ראַדימנע" ביי סאַנדאָמיעזש זענען געווען ביז 500 וואַלבראַמער. פון דאָרט איז אַנטלאָפן שמואל יענקל מאַרימאָנט און געקומען אין קראָקאווער געטאָ. ער האָט דערציילט, אַז דאָרט האָט מען געשאָסן יעדן טאָג וואַלבראַמער יידן. די באַדינגונגען זענען געווען דאָרט זייער שווער, געשלאָפן אין א שטאַל שווער געאַרבעט, און שטאַרק געהונגערט.

א פּאָר ווערטער וועגן סוף פון די וואַלבראַמער יידנראַטלער:

מיט דער צווייטער אויסזידלונג האָט מען אויך אוועקגעשיקט די יידישע פּאָליציאַנטן און יודנראַטלער. א טייל האָט מען דערשאָסן אין וואַלבראַם, א טייל זענען געשיקט געוואָרן אין אַרבעטס לאַגערן. וואַלצינסקי, מאַגער און מאַנעטא דער שוסטער, האָט די געסטאַפּאָ אַריבערגעפירט די גרעניצן קיין אַלקויש. פון דאָרט זענען זיי אָנגעקומען קיין זאַגלעמביע, און מיטן אָפּרייניקן דאָס געטאָ אין בענדין זענען זיי אָנגעקומען קיין אוישוויץ. מאַגערן האָט מען געטריבן אויף די עלעקטרישע דראָטן, וואַלצינסקי איז געשטאָרבן אין גרויסע יסורים. ער איז געווען אין גאַנצן געשוואָלן.

אין אוישוויץ האָב איך געטראָפן שלמה דרעזנער וועלכן עס איז געלונגען צו אַנטלויפן פון טראַנספּאָרט וועלכער האָט געפירט קיין בעלזעץ פרויען, קינדער און אַלטע. ער איז מיטגעגאַנגען מיט זיין פרוי ווייל זי האָט געשוואַנגערט. אויך ער האָט דערציילט אַז אויפן וועג זענען די העלפט מענשן געשטאָרבן, און אין בעלזעץ האָט מען זייערע קערפּערס פאַרברענט צוזאַמען מיט אַלע אויף א קופּע אין וואַלד, און דעם פלאַם האָט מען געזען 30 קילאָמעטער ווייט.

מיין נומער אין אוישוויץ איז געווען 108483.

איך וויל דערמאָנען א פּאָר נעמען פון וואַלבראַמער וועלכע זענען אומגעקומען אין אוישוויץ:

משה ציגלער איז געקומען קיין אוישוויץ אין אויגוסט 1943. איך האָב אים פאַרבונדן מיט די אונטערגרונד באַוועגונג, און ער איז געוואָרן אַן אָנפירער פון א קעמערל. מען האָט פון אים שטאַרק געהאַלטן צוליב זיין אָפּפערוויליקייט. אין דעם אויפרייס וואָס איז פאָרגעקומען אין דער קרעמאַטאָריע איז משה ציגלער געוועזן מיטבאַטייליקט. אין סעפּטעמבער 1944 האָט ער זיך צעקלאַפּט א פינגער און האָט נישט געקענט אַרבעטן. מען האָט אים גענומען אין קראַנקן באַראַק, און פון דאָרט איז ער מער נישט צוריקגעקומען.

וואָלף צעשלער (דער שוואַרצער וואָלף) און זיין זון לייבל זענען צוזאַמען מיט מיר געקומען קיין אוישוויץ אין מערץ 1943, און אין יולי 1943 איז וואָלף געשטאָרבן פון הונגער, זיין זון לייבל איז געגאַנגען זיך שאַפן א שטיקל ברויט און איז אַריינגעפאַלן אין די עס־קא. דאָס איז געוועזן א שטראָף קאָמאַנדאָ, און פון דאָרט האָט מען אים באַשטימט אין די זאָנדערקאָמאַנדע. ער האָט נישט געוואָלט גיין. אלס א שטראָף האָט מען אים אויפגעהאָנגען ביי די הענט, און ער האָט געמוזט גיין און אַרבעטן ביי די טויטע. ער איז געוואָרן א פיפל ביי א קאַפּאָ. דער קאַפּאָ האָט אים געגעבן א זייגערל ער זאָל אים אדורכטראָגן אין לאַגער אריין. דעם טאָג האָט מען גראַד געזוכט און מען האָט ביי אים געפונען דאָס זייגערל. מען האָט אים גלייך אַרויסגענומען פון די ריי און געשטעלט אין א זייט. דער מערדער מויל האָט אים אָפּגעגאָסן מיט בענזין, אים אָנגעצונדן און געהייסן אים לויפן צו די עלעקטרישע דראָטן. אזוי האָט ער פאַרענדיקט זיין לעבן, דער 16־יעריקער לייבל צעשלער. כבוד זיין אָנדענק!

---

מאיר ראָטמענש, מאָנטרעאַל

## א וואָלבראָמער קערט צוריק פון רוסלאַנד

### (זכרונות און איבערלעבונגען)

זייענדיג אין רוסלאַנד ביז ענדע פונם גרויסן נאַציִשן קריג, האָב איך געוואַרט מיט אומגעדולד דעם מאָמענט ווען איך וועל זיך קענען צוריקקערן קיין וואָלבראָם, מיין געבורטסשטאָט, און באַשליסן וואָס ווייטער צו טוען. און ענדליך איז דער לאַנג ערוואַרטעטער מאָמענט געקומען, און איך האָב געקענט פאַרלאָזן רוסלאַנד און פאָרן צוריק אין וואָלבראָם. דער נאָמען וואָלבראָם האָט פאַר א וואָל־בראָמער בעדייטעט מער ווי א געוויינליכער געאָגראַפישער נאָמען. וואָלבראָם איז פאַר יעדן איינעם פון אונז געווען א גרויסע און גאַנצע וועלט. הונדערטער יאָרן איז אין וואָלבראָם געווען א יידיש לעבן. די שטיבער, די גאַסן, די ווענט, די שטיינער האָבן דאָרטן געזונגען זמירות, געקאָנט אַלע יידישע תפילות און גערעדט יידיש. איך האָב געוווסט אז דאָס וואָלבראָם וואָס איך האָב איבערגעלאָזט פאַר מיין פערלאָזן זי וועל איך ניט געפינען, נאָר מיט געוויסע ענדערונגען. איך

בין קיין ליטעראט און בין ניט אימשטאנד אויסצודריקן מיינע געפילן ווי זיי האָבן זיך מיר געמישט דאמאָלס אין געדאנק. איך וועל אָבער שילדערן קורץ וויפיל מיר איז נאָך געבליבן אין זכרון.

איך בין נאָכן קריג צוריק געקומען פון רוסלאנד און געאיילט קיין וואל־בראָם. איך בין דאָרט אָנגעקומען אין א דינסטאָג אין יאָר 1946. אָנקומענדיג מיט די באַן פון סאָסנאָוויץ אזייגער 11 אין דער פרי, ווען דער צוג האָט אָנגעהויבן האמעווען און שוין זע איך און לייען איבער די שילד אויפן באַן־הויף „וואלבראָם", האָט מיר דאָס הארץ אָנגעהויב קלאפּן אזוי ווי מיט א האמער. איך האָב זיך געפרופט שטארקן מיט אלע כוחות, און שוין לויפן מיר אנטקעגן פורמאנעס און



בר״ש רוטמנש (באמצע) ומ״שפחתו
בערי״ש ראָטמענ״ש אין זיין פאמי״ליע

ווילן אז איך זאָל מיט זיי פאָרן אין שטאָט אריין. איך האָב אָבער צו זיי ניט געהאט קיין צוטרוי, און בין בעסער געגאנגען מיטן שטראָם מענשן צו פוס דורך די באַגנעס. קומענדיג אין מארק אריין — נאָך איידער איך האָב זיך רעכט ארומ־געקוקט ווי איך בין, זע איך מיך שוין ארומגערינגלט מיט גויים פון אלע זייטן. די גרעסטע מערהייט האָט מיט פערווונדערונג געפרעגט: פון וואנען האָסטו זיך גענומען אהער? מען זאָגט דאָך אז עס לעבט ניט מער קיין איין ייד. שפּעטער האָב איך געוואָלט גיין צום רעיענט וועגן מיינע הייזער און איך האָב ניט געדענקט דאָס געסל. אוועקדרייענדיג זיך פון מארק אין א צווייט געסל שטעל איך אָפּ א פרוי און פרעג זי ווי עס וווינט דער רעיענט. די פרוי, אין די מיטעלע יאָרן און פיין אָנגעטועץ, קוקט מיר שטרענג אין די אויגן אריין, און אזוי ווי מיר געפינען ביי משה רבינו „ויפן כה וכה וירא כי אין איש", פרעגט זי מיך אין יידיש: איר זענט א ייד? ענטפער איך איר: יאָ, איך בין א וואלבראָמער, און האָב דאָ געהאט די גאנצע משפחה. — יאָ, זאָגט זי. — קיינער פון אייך לעבט ניט מער. צום באדויערן האָב איך אלעס צוגעזען. איך אליין בין א יידישע פרוי פון ווארשא, און האָב דאָ אין אייער שטעטל איבערגעלעבט פיר יאָר אלס קריסטין



על הקבר ההמוני של נרצחים בוולברום
אויפן מאסן־קבר פון די וואַלבראַמער קדושים

און שניידערין. זאָגט מיר — איך בעט אייך — איז נאָך ריכטיג דאָ א ביסל יידן אין אנדערע שטעט? איך האָב איר געענטוואָרט: יאָ, מיין ליבע פרוי. „עם ישראל חי". פארלאָזט וואָס שנעלער דאָס שטעטל. אין סאָסנאָוויץ איז דאָ יידן. — דאָס איז צום באדויערן געווען די איינציגע יידישע פרוי וואָס איך האָב באגעגנט אין וואלבראָם.

מיינע א קוזינע האָט אויסבאהאלטן אין אלע לאגערס א בריף פון מיין עלצטן ברודער יידל ז"ל. דאָס איז געווען נאָך די צווייטע „אויסזידלונג", און מיין ברודער איז נאָך געווען אין זיין הויז. אין סאָסנאָוויץ זענען נאָך געווען אלע יידן. יידל האָט מיר געוואָלט מודיע זיין וועגן אלץ וואָס האָט זיך אָפּגעטוען אין וואלבראָם. ער האָט דעם בריף געשיקט דורך א גוי, און אָט וואָס ער שרייבט: מען האָט צונויפגענומען אלע פרויען אלט און יונג מיט קינדער און מען האָט זיי געהאלטן דריי טאָג און דריי נעכט אין די באגנעס און בלאָטע ביז איבער די קניען אָן עסן און אָן טרינקן. מיין ברודער שרייבט: „ווי צו דעם דור וואָס האָט דאָס דערלעבט און צוגעזען אז איך בין געשטאנען פון דערווייטנס און מיינע קינדער האָבן געשריגן און געבעטן א ביסל וואסער און מען האָט נישט געקענט און נישט געטאָרט דערלאנגען. מיר, נאָך לעבעדיגע, זענען שוין מקנא די טויטע

וואָס זיי זענען שוין איבערגעקומען. אויפן פערטן טאָג האָט מען זיי אריינגעשטופּט אין וואגאָנען, אויסגעשיט מיט קאלך און וואפנע און צוזאמען געדרענגט ווי הערינג אין א פאס. און אזוי איז דאמאָלס אוועק מיין מוטער און שוועסטערן, שוועגערינס און קינדער און אלע יידישע פרויען פון וואלבראָם. דאָס איז געווען די וואָך פון ראש־השנה 1942. און ווי אהין דער שאלאן איז דערגאנגען האָב איך זיך נישט דערוווסט ביזן היינטיגן טאָג. איך האלט די יאָרצייט אין ראש־השנה, ווייל לויט מיין מיינונג האָבן זיי לאנג נישט אויסגעהאלטן און דערשטיקט געוואָרן פון הונגער, דורשט, קעלט און וואפנע, קאלך. דאָס האָט געהייסן טויט־וואגאָנען. כבוד זייער אָנדענקן.

איך גיב דאָ איבער וואָס איך האָב זיך דערוווסט וועגן די לעצטע 13 יידן פון וואלבראָם. דארונטער מיין עלצטער ברודער יידל און יינגסטער ברודער פייוול ז״ל. עס זענען שוין נישט געווען קיין יידן אין שטאָט, און זיי אליין זענען געווען באהאלטן אין א בונקער ביי חיים ראָטמענש אויף עלגאטער גאס אין א שטאל אויפן הויף. זיי זענען דאָרט געזעסן עטלעכע וואָכן, און א געוויסן טאָג זענען זיי געווען גרייט צו פארלאָזן דעם בונקער און שמוגלען זיך קיין סאָסנאָוויץ (אין סאָסנאָוויץ זענען נאָך דאמאָלס געווען אלע יידן). ווייזט אויס אז מען האָט זיי געמסרט און אין א שעה פריער פארן פארלאָזן דעם בונקער זענען אָנגעקומען „געסטאפּאָ״ און האָבן גלייך געטראָפן דעם בונקער און געהייסן ארויסגיין. ווען אלע זענען שוין געווען אין דרויסן האָבן זיי געפרעגט: ווי האָט איר דאָס גאָלד און געלט (זיי האָבן געהאט בעהאלטן אין א וואנט א רוקזאק מיט גאָלד און געלט). צווישן זיי איז געווען א יינג יינגל, אברהם ראָטמענשס א זון. ער האָט זיך איבערגעשראָקן און איז אראָפּ אין בונקער און זיי געגעבן דעם רוקזאק מיט געלט. גלייך אויפן אָרט אין בונקער האָבן זיי דאָס יינגל דערשאָסן. די רעשט האָבן זיי איינגעזעצט אין טורמע, אָדער בעסער געזאָגט: אין די וואלבראָמער קאָזע, און אזוי זענען זיי געזעסן העכער צוויי וואָכן. גויים שכנים האָבן מיר דערציילט, אז זיי האָבן פאר זיי געטראָגן עסן יעדן טאָג. אין א געוויסן טאָג האָט מען זיי ארויסגענומען און אוועקגעפירט אונטערן שטאָט נישט ווייט פון בית־עולם און עס איז געווען גרייט פאר זיי א גרוב. מען האָט זיי נאָך געהייסן אלע אויסטועזן און אלע אויסגעשאָסן. שכנים גויים זענען געווען נייגעריק צו זען וואָס מען טוט מיט די לעצטע 13 יידן. זענען זיי געשטאנען פון דער ווייטנס און אלעס צוגעזען. זיי האָבן מיר אָנגעוויזן דעם אָרט און איך האָב נאָך דערקענט א קליין בערגל. א סימן פון אזא ברידער־קבר. און איך האָב זיך דערמאנט אינם פסוק ביי יעקב אבינו: מה נורא המקום הזה — און געפרעגט, פארוואָס איז זיי דאָס געקומען? איך האָב זיך אוועקגעשטעלט און מיט טרערן געזאָגט קדיש. אזוי זענען אומגעקומען די לעצטע 13 יידן פון וואלבראָם. יהי זכרם ברוך לעולם.

„זכור את אשר עשה לך עמלק — לא תשכח״ (דברים תצא). געווידמעט דעם אָנדענקן פון מיין פאָטער און יינגערער ברודער משה און אלע מיינע שוואָגערס צוזאמען מיט 500 וואלבראָמער יידן וואָס ליגן אין א ברודער־קבר אין א וואלד אין סטאלאווא־וואָלא. דאָס איז געווען א ארבעטס־לאגער און כמעט א האלב שטעטל מענער האָט מען דאָרט אהין געשיקט. אין א געוויסן טאָג איז

געקומען א בעפעל אז ס'איז צופיל 500 ארבעטער. אזוי האָט מען זיי אויסגעשטעלט אין א פרימאָרגן, די עלצטע און שוואכע און ארויסגעפירט אין וואלד אריין און דאָרטן איז שוין געווען גרייט א גרוב וואָס אנדערע וואלבראָמער האָבן געהאט געארבעט א גאנצע נאכט און אויסגעגראָבן דעם ברודער־קבר. מען האָט די אלע 500 אויסגעשאָסן. מיין פאָטער ז"ל האָט געארבעט אין קיך און יעדן טאָג האָט ער געדארפט פראָדוקטן צום קאָכן. פארנדיג מיטן אויטאָ האָט ער אראָפגעוואָרפן עטלעכע קארטאָפל, מערן און קרויט, און האָט זיך אָנגעשטרענגט אז מיין ברודער זאָל אויך כאפן עפעס (פאר אזא זאך האָט מען גלייך דערשאָסן). ווען מען האָט אויסגעשטעלט די מענשן צום דערשיסן איז מיין ברודער משה אליין אריבערגע־לאָפן אויף די זייט פון מיין פאָטער, און מיין פאָטער שטופּט אים צוריק און זאָגט אים: משה! זעסט דאָך אז מיר אין די זייט גייען צום טויט. און מיין ברודער ענטפערט: טאטע! איך וויל בעסער גיין מיט דיר צוזאמען. איך האָב שוין ניט קיין כוח צו הונגערן, און אז דו וועסט נישט זיין — ווער וועט מיר אראָפּווארפן



המצבה על הקבר ההמוני בוולברום
די מצבה אויפן מאסן־קבר אין וואָלבראָם

א קאַרטאָפעל, א מערל. און אזוי איז ער געגאנגען צוזאמען מיט מיין פאָטע, און אומגעקומען צוזאמען. דאָס איז געווען לויט ווי די ברידער ביבער האָבן פערציילט ווי אויך נאָך וואלבראָמער. דאָס איז געשען כ״ד כסליו 1943. זאָל זיי דער ברידער־קבר גרינג זיין. אמן!

איך פארשטיי אז יעדער וואלבראָמער וואָס איז געבליבן לעבן אין ישראל און אין אנדערע לענדער וויל שטארק וויסן די נעמען פון די לעצטע 13 וואלבראָמער וואָס זענען דאָרט אומגעקומען. ליידער קען איך מיך נישט דערמאנען אלע נעמען. איך ווייס נאָר די פאָלגנדע נעמען:



פייבל ראַטמענש בצבא הפולני



הינדעלע זשאבנער ובילה גיטל פרנקל

מיין עלצטער ברודער יידל בן ישכר ראָטמענש, מיין יינגסטער ברודער יידל בן ישכר ראטמענש, מיין קוזין עוזר דוד בן חיים ראטמענש, יוסף ראט־מענש׳ס אַן איינקל (אברהם ראטמענש׳ס א זון, איך געדענק נישט זיין נאָמען), אברהם׳לע זילבערבערג, משה מייטליס דער שניידער.

די רעשט נעמען געדענק איך נישט מער. אָבער איך גלויב אז ביי א געוויסער אנשטרענגונג פון אייער זייט וועט איר קענען אויך דאָס בעקומען ביי אנדערע וואלבראָמער.

---

ארטור נונבערג

# וואלבראם - 1962

## (א באזוך אין וואַלבראַם 20 יאָר נאָכן חורבן)

אין די פריע מאָרגן שעהן פון מאָנטיק, דעם 14־טן מערץ 1962, האָט די באַן קאַטאָוויץ—טונעל, זיך דורכגעשלייכט צווישן די סאָסנעביימער פון אַלקו־שער און ראפשטינער וואלד און זיך דערנענטערט צו מיין געבוירן־שטעטל וואַלבראַם. איך קוק ארויס דורכן פענצטער און מיין מוח און מיינע געדאנקען לויפן נאָך דעם שנעלן גאלאָפּ פון דער איילנדיקער באַן. איך זע אויף רעכטס דאָס לעצטע שטיבל פונעם באַן־סטראַזשניק, פארן ארייננפאָר קיין וואַלבראַם; איך זע ווי ער פארמאכט דעם שלאַגבוים — שלאַבאַנזש — אויפן שאָסיי פארן לויפנדיקן צוג. דער שלאַגבוים פלעגט אונז, יונגע בחורים און מיידלעך, וואָס האָבן אין שבת אָדער יום־טוב נאָכמיטאָג שפאצירט אויף דעם אַלקושער וועג, דערמאנט אז מיר זיינען צו ווייט פאַרגאַנגען פון שטאָט און אז מיר מוזן זיך אומקערן.

איך זע פון דער ווייטנס דעם בית עולם, דעם סקאלער וואלד. דעם בארג אויפן סקאלער וועג, וואָס איז אונז אזוי שטארק צונוץ געקומען אין די ווינטער־דיקע חדשים ביים שליטלען און גליטשן זיך בארג אראָפּ. איך גיי אריבער צו א פענצטער אויף דער לינקער זייט פון וואגאָן. איך זע דעם גרויסן פלאַץ, וואו מיר האָבן געשפילט פוסבאָל, אָדער בלויז צוגעקוקט און געקיביצט. און אָט זע איך דעם שלאַגבוים אין דער קראַקעווער גאַס. דאָ בין איך צוזאמען מיט עטלעכע טויזנט יידן פון וואַלבראַם, זשארנאָוויצע, פילץ און סקאלע דורכגעגאנגען דעם לעצטן וועג צו דעם אויסזידלונגס־פּלאַץ ביי דער פאבריק, דעם לעצטן וועג צו דעם אָרגאַניזירטן דייטשן מאסן־מאָרד.

איך מאך צו מיינע אויגן. איך קאָן מער נישט ארויסקוקן. אין מיין דמיון לויפן דורך ווי אויף א פילם־טאשמע בילדער פון יענע טעג. איך זע אלץ, ווי דאָס וואָלט ערשט נעכטן געשען. איך טראכט, צי איז דאָס מעגלעך, אז נאָך 20 יאָר, אזעלכע 20 יאָר, זאָל דאָס אלץ נאָך זיין אזוי בולט קלאָר פאר מיינע אויגן. זעט אויס, אז די דאָזיקע בילדער וועלן שוין אונז נאָכגיין ביזן קבר. איך פיל די ווארעמע הארציקע האנט פון מיין ברודער און ער זאָגט מיר: „וואַלבראַם — ארויסגיין".

מיר גייען ארויס פון דער באַן און איך קוק זיך ארום, וויל אלץ ארייננזאפן אין זיך, זען די ענדערונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין מיין יידישער געבוירן־שטאָט, וואָס איז געוואָרן א שטאָט „אָן יידן". איך זע ווי עס שטייגן אויס עטלע־כע געציילטע מענשן, דער וואָקזאל איז שמוציק, אָפּגעלאָזן; איך גיי אריין אין זאל, וואו מען פארקויפט די בילעטן, און דערנאָך אין רעסטאָראַן; איך וויל פאָרן אין שטאָט אריין און קוק זיך ארום — איבעראל פוסט, עס איז אפילו נישטו פאראן א פורמאנקע, וואָס זאָל אונז פירן אין שטאָט אריין. פאר מיינע אויגן שווימען אויף בילדער פון פארן מבול... דער וואָקזאל געפאקט מיט מענשן, הונדערטער

איילן זיך פון און צו דער באַן. עס שטייען עטלעכע באַן־אָנגעשטעלטע, פאַר־קויפן בילעטן, נעמען איבער בילעטן; אין רעסטאָראַן ריין, ציכטיק, מען קאָן אַלץ באַקומען און אין דרויסן, אין גאַס פאַרן וואָקזאַל, שטייען גרייט פורמאַנקעס. עוזר און משה, לייב און קראַצמעראָוועקע, הערש־קיווע און הערש־וואָלף און אַנדערע. איצט איז נישט געווען קיינער וואָס זאָל אונז נעמען אין שטאָט אַריין. מיין ברודער און איך מוזן גיין צו פוס. דער וועג איז געווען שווער און לאַנג. מיר האָבן געהאַט שווערע רענצלעך. צוליב דער ליידיקייט איז אָבער דער וועג ווי איינגעשרומפּן און אַלץ האָט זיך אונז אויסגעדאַכט נאָענט מיט דער האַנט אָנצוכאַפּן. אָט זיינען מיר שוין ביי די גערבערייען און אָט ביי דער מענצאַרסקאַ־פּילסודסקעגאָ און אויף דער קראָקעווער גאַס. ווען מאָטוש פאַרזיכערט מיר נישט, אַז דאָס איז די קראָקעווער גאַס, וואָלט איך זיכער נישט געוווּסט, ווו איך געפין זיך. מיינע אויגן גלויבן נישט דאָס בילד וואָס זיי זען. צעבראָכענע, איינגעזונקענע, פאַרוואָרלאָזטע געוועזענע יידישע הייזער. איז דאָס פאַצינאָווסקיס הויז, איז דאָס זאַלצמאַנס הויז, איז דאָס ראַטהויז? אומגלויבלעך, נישט צו דערקענען. און די גאַס? זעלטן וואָס מען זעט אַ מענטש אין גאַס, און די וואָס גייען אַרום, זען אויס ווי לעבעדיקע מתים דרייען זיך אַרום אין אַ טויטער שטאָט.

מיר גייען אַריין אין זאַלצמאַנס הויז, ווו עס געפינט זיך דער פּאָסטאַמט און אויפן הויף וווינט אַבעלס טאָכטער מיט איר מאַן — די אָסמענדעס. נישט קוקנדיק דערויף, וואָס זי האָט שוין חתונה געהאַט מיט אַ קריסט מיט עטלעכע צענדלינג יאָר צוריק און האָט שוין איניקלעך, ווערט זי נאָך אַלץ באַטראַכט ווי אַ יידישקע. אין זייער הויז, אין הויז פון רייזלען און גוטעקן, ווערט פריינטלעך אויפגענומען יעדער וואָלבראָמער ייד, וואָס קומט באַזוכן זיין אַמאָליקע היים. מיר בעטן, אונז צוצופירן צום בית עולם און צו די מאַסן־קברים פון די יידן, וואָס די דייטשע רוצחים מיט זייערע פּוילישע און אוקראַיינישע שותפים האָבן אויסגעמאָרדעט און האַלב לעבעדיק באַגראָבן אין טאָג פון דער אויסזידלונג. איך האָב געוווּסט, אַז אויף איינעם פון די דריי אַרומגעצוימטע מאַסן־קברים איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ דענקמאָל. גייענדיק צום בית עולם האָב איך געזען פון דער ווייטנס, אַז אַ שיינער הויכער בנין רייסט זיך צום הימל. איך בין געווען נאַיוו און געטראַכט, מעגלעך אַז אויפן פּלאַץ נעבן בית עולם, ווו יעדן דאָנערשטיק איז געווען דער מאַרק פון פערד און בהמות, אַז אויף דעם אָרט ווערט אויפגע־שטעלט אַ בנין. אָבער ניין, די טאַרגאָוויצע איז געבליבן שטיין, נאָר דער נייער בנין, וואָס דאַרף זיין דער ליצעאום פאַר דער גאַנצער אַרומיקער געגנט, ווערט געבויט אויף די חורבות פון יידישן בית עולם. קיין אַנדער פּלאַץ, ווו צו בויען די שול, האָט דאָס קאָמוניסטישע פּוילן שוין נישט געהאַט. עס איז מיר אויך באַקאַנט, אַז עס האָבן נישט געהאָלפן די השתדלותן פון די לעבן געבליבענע וואָלבראָמער ביי די העכערע קאָמוניסטישע אינסטאַנצן אין אָלקוש און אין קראָקע וועגן אָפּשטעלן דעם וואַנדאַליסטישן פּלאַן.

איך בין אַריין טיפער אין וואַלד צו דעם דענקמאָל אויף די מאַסן־קברים. איך בין געבליבן שטיין אָן לשון, איך האָב זיך געשעמט צו קוקן אין די אויגן פון מיין אייגענעם ברודער. איך האָב ערגעצווו געלייענט וועגן געשענדעטע



המצבה על קברות המוני הקדושים שחוללה
די געשענדעטע מצבה פון מאסן־קבר

מצבות, וועגן היענעס בצורת מענש, וואָס גראָבן אויף די קברים און זוכן גאָלד, און אָט שטיי איך דאָ אליין ביי אזא געשענדעטן דענקמאָל (זע בילד). די מצבה צעבראָכן אויף שטיקלעך, אין די אַרומיקע לעכער געפינען זיך שטיקלעך שטיינער מיט יידישע אותיות. איך בויג זיך איין, נעם אזא שטיקל שטיין צום מויל ווי א געשענדעטע ספר תורה, לייג עס אריין אין טאש און נעם עס מיט אויף מיין וויטן וועג אהיים קיין ניו יאָרק צו ווייזן עס מיינע וואָלבראָמער חברים, כדי זיי זאָלן נאָך אמאָל דערפילן דעם בייזן ציניזם בליק פון אונזערע פוילישע שכנים אין די יאָרן פון אונזער טראַגעדיע.

אויף אלע דריי מאסן־קברים זיינען מענשן־היענעס געלעגן טאָג און נאכט און האָבן געגראָבן אין דער טיף, כדי צו געפינען א רינגל אויף א טויטער האנט, א גאָלדענעם צאָן פון א האלב לעבעדיק געבליבענעם ייד. אָט אזוי שטייען שטומע עדות, א ליצעאום אויפן בית עולם, די אויסגעגראָבענע לעכער פון די מאסן־קברים און דער געשענדעטער דענקמאָל און שרייען אָן א קול צום הימל, צו דער וועלט — פארברעכער! מערדער!

איך פארלאָז דעם וואלד און גיי אין דער שולגאס. איך וויל זען די גרויסע שול מיט אירע ריזיקע, דיקע ווענט און מיט איר מאסיווער און שיינער ארכי־טעקטור. איך קום אויפן שולהויף, זוך די שול און מיינע אויגן פאלן אויף א גרויסן בארג שטיינער (זע בילד). דאָס האָבן די פאָליאקן צעגומען די שול צוליב „מורא אז זי זאָל נישט איינפאלן". בשכנות פונעם בארג מיט די שטיינער פון דער צעשטערטער שול איז דאָס גרויסע בית המדרש, וווּ דורות יונגע יידישע בחורים האָבן געדאוונט, געלערנט. עס איז פארוואנדלט געוואָרן אין א שטאָטישן מאגאזין. און אויף דעם קליינעם בית המדרש הענגט א גרויסער צלם, דאָרט זיינען איינגעאָרדענט געוואָרן קאטוילישע נאָנעס. קיין אנדער הויז, ווו איינצו־

קוואַרטירן די קאַטוילישע נאָנעס. האָט דער קאָמוניסטישער רעזשים נישט געקאָנט געפינען אין דעם האלב־באוווינטן וואָלבראָם.

איך בין ארויסגעלאָפן פון דער שמאָלינקער, שמוציקער, פאַרוואָרלאָזטער און הרובער גאַס, וואָס נאָר מיט איר נאָמען „שולגאַס" דערמאָנט זי דעם אַמאָל. — — — איך האָב געוואָלט דורכפירן א פערזענלעכע שליחות — אויסגעפינען די מענשן, דאָס הויז, דעם אָרט פון מיין באַהעלטעניש בעת די געסטאַפּאָ האָט מיך געזוכט. איך האָב אין משך פון די 20 יאָר א סך געטראַכט פון זיי, דערציילט וועגן זיי. איך האָב געדענקט זייערע פנימער און נישט געווען זיכער ווי אַזוי זיי הייסן און צי זיי לעבן איבערהויפּט. מיט א קלאַפּנדיק האַרץ גיי איך דורך דאָס אָרט און דאָס הויז, ווו איך בין געבוירן, די פּילצער גאַס, און דריי זיך אַריין אין דער זשאַרנאָווצער גאַס. איך גיי צו צום הויז און דערקען די פרוי, וואָס שטייט פאַרן הויז. דאָס איז זי. אויך זי דערקענט מיך באַלד און לאָזט ארויס א געשריי: הענעק, זע נאָר ווער עס איז דאָ! וואָטשיצקי כאַפּט זיך אויף פון געלעגער, פאַלט צו צו מיר און עס הערט זיך אין דער שטוב נאָר דאָס שטילע כליפּן פון די צוויי חסידי אומות העולם, פון גוטעק אָסמענדאַ, פון מיין ברודער און פון מיר. איך פרעג וועגן זייערע דריי קליינע קינדער, וואָס האָבן מיר אַמאָל געבראַכט עפּעס עסן אין באַהעלטעניש. די פרומע ערלעכע פרוי וואָטשיצקי ענטפערט: אַלע האָבן שוין חתונה געהאַט און גלייכצייטיק, אין זעלבן מאָמענט, כאַפּט זי זיך ביים קאָפּ, הויבט אָן היסטעריש צו וויינען און זאָגט, נישט מיט א חרטה־געפיל, אַז ערשט איצט, 20 יאָר שפּעטער, זעט זי די געפאַר, וואָס האָט געלויערט אויף איר משפּחה. „זיי וואָלטן דאָך אויך זיי, די קינדערלעך, דערשאָסן, ווען זיי כאַפּן דיך". שעה'ן זיצן מיר און שמועסן און האַלטן זיך אין איין דערמאָנען עפּעס פון יענע טרויעריקע טעג. הענעק דערציילט מיר אויך, אַז נאָך דער אויסזידלונג זיינען אַנדערע



גל אבנים ממה שהיה פעם בית־הכנסת בוולברום
א באַרג שטיינער פון דער געוועזענער שול

יידן געקומען, געוואָלט איבערנעכטיקן, געבעטן ברויט, געבעטן הילף, — און מיט שטאָלץ זאָגט ער: „איך האָב קיינעם נישט אָפּגעזאָגט, איך האָב געטאָן מיין מענשלעכע פליכט". ווי טייערע מוזיק קלינגען מיר אין די אויערן די רייד פון די מענשן. איך פיל, גלייך עפּעס א געהויבענער, געהיימער מענשענפריינט זאָל היילן די צעווייטיקטע איברים פון מיין גוף.

מיט די וואַרעמסטע געפילן געזעגן איך זיך מיט די טייערע מענשן. איך שפּאַציר דורך דער אַפּטייקער און קירכע־גאַס צום מאַרק. איך גיי אַרום דעם ליידיקן מאַרק און דערמאָן זיך אין די רייכע געשעפטן פון די יאַנאָווסקיס, די עסטרייכערס, די האָכערמאַנס, פּאָטאַש׳ס, מענטליקס. איך גיי אַריין אין די הייזער און אין די געשעפטן, שמועס מיט באַקאַנטע יונגע און אַלטע פּאָליאַקן. עס שאַפט זיך מיר א פול בילד פון וואָלבראָם 20 יאָר נאָכן חורבן; די מענשן, די שטאָט, אין א צושטאַנד, וואָס נאָר דער טייוול האָט עס געקאָנט צוטראַכטן. וואָלט איך געווען רעליגיעז, וואָלט איך זיי געזאָגט: גאָט האָט אייך געשטראָפט פאַר שווייגן, ווען מען האָט אונז געשלאָגן, אָדער פאַר העלפן דעם בשותפותן שונא אונז צו פאַרניכטן. איך צי אָבער אָן א געמאַכטן שמייכל אויף מיין פּנים און זאָג צו זיי גאַנץ פריינטלעך, רואיק: „איר האָט דאָך געוואָלט א פוילן אָן יידן". איך פיל אויף זיך די קנאה־בליקן פונעם גאַנצן אַרום. זיי זעען אין מיר א לעבן־געבליבענעם וואָלבראָמער ייד, אַן אַמעריקאַנער בירגער, וואָס איז געקומען, 20 יאָר נאָכן חורבן, זיך רייצן מיט זיי, ווייזן זיי, ווי אַזוי מיר לעבן אָן זיי.

איך האָב ניט געוואָלט איבערנעכטיקן אין וואָלבראָם. מיט געמישטע געפילן בין איך אַנטלאָפן פון מיין געבוירן־שטאָט, דורך איצווו־קראָקע בין איך געפאָרן קיין אוישוויץ און בירקענאו, זען די „ציוויליזירטע", „מאָדערנע" פאַרניכטונגס־



מצבת־זכרון בבירקנאו־אושפיצין
דער דענקמאָל אין בירקענאו־אָשוויענטשים

פאבריק וואָס די דייטשע בעסטיעס האָבן אויפגעבויט אין 20־טן יאָרהונדערט, און אויך געהאלטן מיין צוזאָג, מיטצונעמען א זעקעלע אַש קיין ניו־יאָרק...

אין אונטערגרונט פון בילד — זע בילד —ביים דענקמאל אין אוישוויץ, זעט מען די חורבות פון די צוויי קרעמאטאָריומס. דער נאציאָנאלער מוזעאום, אונטער וועמענס אויפזיכט עס געפינט זיך דעם גאנצער געגענט, טוט באמת א קאָלאָסאלע היסטאָריש וויכטיקע ארבעט און פראָפאַגאנדע, — דער מוזעאום ווערט יערליך באזוכט דורך 280,000 מענשן, קעגן די באקצילן פון ראסן האס, וואָס דאָס איז נאָך היינט נויטיק אין פוילן...



משפחת רוזנברג
מימין לשמאל: עקיבא, גולדה, אהרן, צירל, משה

מ. צאנין

## דאס יידישע וואלבראם נאכן קריג

וואָס א וואונדערלעכע שפע האָבן געצייטיקט די קארשן דאָס יאָר, ווען איך בין געקומען קיין פוילן אויף קבר־עם. דער צוג קיין ווארשא לויפט פארביי צעפלאמטע סעדער. די צעבלינצלטע רויטע קארשן אויף די בוימער זעען אויס ווי א ים פון מיניאטור־לאמפיאָנען וואָלטן פאר עמעצן אילומינירט דעם וועג — דעם וועג קיין ווארשע. אויף די פליינען וויגן זיך גאָלדענע תבואות. אין די אָפענע

פענצטער פון וואגאָן בלאָזן אריין די זיסע ריחות פון פריש־געשניטענעם היי און סאָסנע־וועלדער...

ציִ איז עס אמת, אז אין דעם לאַנד פרייען זיך נישט מער יידישע קינדער מיט די צייטיקע קארשן, מיט די גאָלדענע תבואות? צי איז אמת, אז פנימלעך פון יידישע קינדער באָדן זיך נישט מער אין די ריחות פון געשניטענעם היי?

דער צוג לויפט מיט א פרידלעכן וועג, מיט אָפענע סעמאפארן, לויפט־פארביי אויפגערוימטע וואקזאלן. דאָרט הינטער די וואקזאלן ליגן שטעטלעך מיט אָנגעוואָרפענע דעכער, יידישע שטעטלעך, וואָס איך קען אזוי גוט, וואָס איך דערקען לויט די הייזער, וואָס ליגן אויף די בערגלעך און אין טאָלן, ווי טשערעדעס שאָף. ניין, ס׳איז נישט מעגלעך, אז יידן זאָלן מער דאָ נישט זיין! די דעכער — זענען יידישע היימען מיט פארהאָרעוועטע טאטעס, און מאמעס, וואָס זענען תמיד מיט זאָרג פאר זייערע פיצלעך קינדער...

דער צוג בלייבט שטיין. דער קאָנדוקטאָר רופט אויס: „וואלבראָם־נ״ — און עס דאכט זיך מיר, אז דאָס אינפאָרמירט ער בלויז מיר, אז דאָ דארף איך אויסשטייגן.

אויפן פעראָן פארן וואקזאל, זוך איך א יידיש פנים, א יידישן בעל עגלה, וואָס זאָל מיך אוועקפירן אין שטאָט אריין און דערוויל אויפן וועג דערציילן וועגן קהל, וועגן די יידישע וואלבראָמער גבירים, וועגן די מחלוקתן אין שטעטל — און איך באגעגן נישט קיין יידיש פנים. אפשר איז היינט ערב־שבת און יידישע בעלי עגלות האָבן פרי אויסגעשפאנט פערד־און־וואָגן? זעץ איך זיך אריין אין א קריסטלעכן וואָגן און הייס זיך פירן אין שטאָט אריין.

— צו וועמען? — פרעגט מיך דער גוי, און פון זיין אויסטערלישן בליק פארליר איך זיך.

— פאָר! — ענטפער איך אים אויסמיידנדיק — איך וועל דיר זאָגן, וווּ דו זאָלסט שטיין בלייבן.

די רעדער קלאַפן אין דער הארטער ברוק און אין טומל פרעג איך מער זיך גופא, ווי דעם בעל עגלה:

— צו ווינען עפעס יידן אין שטאָט?

דער גוי דרייט זיך אויס צו מיר מיט א זייט. ער קוקט אויף דער בייטש און ענטפערט קורץ:

— געווען אמאָל! — און דרייט זיך אויס צוריק, טוט א שמייס דאָס פערד און דער געקלאַפּ פון די רעדער אָן די שארפע שטיינער ווערט שטארקער.

מער האָב איך נישט געפרעגט.

ווען איך בין אראָפּ אויפן מארק האָט זיך מיר געדאכט, אז דאָס שטעטל איז ליידיק, אז דער גוי האָט מיך בכיוון פארפירט אין א טויטער שטאָט. אָבער דער מארק איז א יידישער מארק. די קראָמען זענען אָפן, אָבער עס דאכט זיך, אז קיינער איז אין זיי נישטאָ. ביים עק פון „ראטהויז״, דאָרט ווו עס דארף זיך געפינען וואלבראָמער יידישער יחוס און נגידות, שטייט א שיכורער פויער און פירט א ויכוח מיט זיך אליין. אין מיטן מארק שטייט פאריתומט דער ברונעם, א מעלה־גירה דיקע ציג קומט ארויס פון א זייטיק געסל, קוקט זיך ארום איבערן

ליידיקן מארק און גייט אוועק צוריק. נישט ווייט פונעם ברונעם אויפן מארק געפינען זיך עטלעכע קברים פון סאָוויעטישע זעלנער. אָבער עס זעט־אויס, אז דאָ אויפן מארק איז באגראָבן דאָס גאנצע שטעטל, ווארום ווען נישט, טאָ ווו זענען די וואלבראָמער יידן?

די וואלבראָמער יידן האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט א לאנג לעבן און מיט געזונטע אינסטינקטן — טאָ ווו זענען זיי איצט? פארוואָס זעט מען זיי נישט אויפן מארק, אין די געסלעך, אין די קראָמען? פארוואָס זעט מען זיי נישט ביים ברונעם די יידישע קינדער, וואָס פלעגן אָנפילן דעם יידישן מארק מיט פריילעכן טומל?

אין דעם נגידישן הויז אויף קראקעווער גאס, ווו ס׳האָבן געלעבט די מיוחסים פון שטעטל, די אלטערס און די זאלצמאנס, געפינט זיך היינט די פּאָסט און איבער די רחבות׳דיקע צימערן דרייען זיך ארום פרעמדע... גויים, און זיי דרייען זיך ארום איבער די „סאלעס״, ווי אויפגעקומענע גבירים מיט אומגעלומ־פּערטע פויערשע באוועגונגען. הא? — די יידן? — יא, געווען אמאָל...

מען דארף זוכן די וואלבראָמער יידן. ס׳איז פרייטאָג פארנאכט. אין די פענצטער זעט מען נישט קיין שבת־ליכט. אינעם גערער שטיבל הינטערן „ראט־הויז״ פון די ערליכס זענען זיי אויך נישטאָ. די ווענט זענען באהאָנגען מיט הייליקע בילדער, מיט בילדער פון קריסטוסן און מאריען. זעסט, דאָס זענען די איינציקע „יידן״, וואָס איך האָב געפונען אין גערער שטיבל. אויף א פינצטער בעט מיט צעוואָרפן בעטגעוואנט זיצט אן אלטע פויערטע און זי פארשטייט נישט, וואָס איז זיך דאָ ארומצוקוקן, וואָס איז דאָ צו זעען אין דעם חושכ׳דיקן צימער?

אוודאי איז נישטאָ וואָס צו זעען, אָבער פון דער צווייטער זייט מארק, אין א זייטיק געסל איז יאָ דאָ וואָס צו זעען: די הויכע שול שטייט אן אויסגע־רויבטע, אויף דער מזרח־וואנט זעסטו די סימנים פון ארון־קודש, די פּאָדלאָגעס זענען צעריסן, אפילו פון הילצערנעם סופיט זענען די ברעטער אראָפּגעריסן. א פינצטערער אומעט הענגט אויף די ווענט, פויזעט ארום אינעם חורבן פון דער יידישער שול. אנטקעגן, אין בית־מדרש איז דער חורבן נאָך גרעסער. הויפנס פערדיש מיסט זענען אָנגעלייגט אין די ווינקלען. פון צווישן מיסט שטעקן ארויס פארגעלטע, טויטע שמות, און דער באלקן איז צעריסן און פארשווארצט, ווי דער בנין וואָלט צענדליקער יאָרן געשטאנען א פארלאָזענער. און סך הכל מיט פינף יאָר צוריק האָט דאָ געזידט א לעבן, מיט פריילעכע יום־טובים און פרומע שבתים — א יידיש לעבן.

נייגעריקע קריסטלעכע קינדער און דערוואקסענע קוקן מיך אָן. וועמען זוכט ער דאָ, אָט דער פרעמדער? וואָס באקוקט ער אזוי די אויסגעזעצטע פענסטער פון דער שול און בית־מדרש? האא?... יידן.... נישטאָ מער אין וואָלבראָם קיין יידן. אויף די „באגנעס״ זענען זיי אומגעקומען...

דעם זעקסטן סעפּטעמבער 1942 פינף אזייגער פארטאָג איז די שטאָט ארומגערינגלט געוואָרן מיט דריי רינגען פון מאָרד־באטאליאָנען. קיין איין ייד פון וואָלבראָם האָט זיך נישט געטאָרט ראטעווען. אלץ האָט געדארפט פאר־שניטן און פארטיליקט ווערן. דעם ערשטן „זיכערהייטס״־רינג האָבן געשאפן

פוילישע סקויטן — די „יונאקעס" פון „באודינסט", דעם צווייטן רינג האָבן געשאפן פוילישע „גראנאטענע" פּאָליציי, דעם דריטן רינג האָבן פארשלאָסן אוקראינער און אין צענטער האָבן דייטשן געיאָגט די יידן פון די הייזער און געמאָרדעט. אין וואָלבראָם האָבן זיך דעמאָלס געפונען אויך די יידן פון וואידזיס־לאוו און אפאלע. אין דעם דאָזיקן פינצטערן באגינען זענען פאראורטיילט געוואָרן צום טויט פיר טויזנט פינף הונדערט יידישע לעבנס. נישט אלע האָבן געהאט דאָס גליק דערשאָסן צו ווערן אויפן אָרט. די מערהייט האָט נאָך געמוזט צוויי לאנגע, שוידערלעכע מעסלעסן ליגן אין די זומפּן צוויי קילאָמעטער הינטער דער שטאָט, כדי שפּעטער אומצוקומען אין די גאז־קאמערן פון בעלזשעץ. וועגן יענע גיהנום־דיקע צוויימעסלעסן אין די זומפּן רעדן די פוילישע שכנים ווי וועגן די גליק־לעכסטע טעג אין זייער לעבן. אין יענע מעסלעסן זענען זיי רייך געוואָרן. פאר א פלעשל וואסער און א שטיקעלע ברויט האָבן יידן געצאָלט מיט אָפּגעשפּאָרטע נדנים פאר זייערע טעכטער, מיט ירושה־צירונג און מיט די לעצטע גראָשנס.

יידן וואָס האָבן באוויזן אדורכצורייסן זיך דורך דער ערשטער אוקראינישער רינג און איבערגעקויפט די גראנאטענע פּאָליציי מיט אלץ, וואָס זיי האָבן פאר־מאָגט, זענען געפאלן אונטער די העק און לאָפּאטעס פון דעם דריטן רינג — די פוילישע סקויטן. פון די „רינגען" איז קיין איין ייד נישט ארויס א לעבעדיקער.

פאר די וועלכע האָבן געוואָלט פאָרן צום „ציל" פון דער „איבערזידלונג", האָבן שוין די דייטשן געהאט צוגעגרייט פויערישע וועגענער, און פוילישע סקויטן האָבן אויפן ראנד פון הינטערשטאטישן וואלד צוגעגרייט טיפע גריבער. אין די דאָזיקע גריבער האָבן געפונען זייער אייביקע רו צוויי טויזנט יידן, עלטערע און קינדער. די מלבושים פון די אויסגעמאָרדעטע, וועלכע האָבן פארן טויט געמוזט אויסטון נאקעט, זענען געווען דער לוין פאר די פוילישע סקויטן פאר זייער גוטער דינסט...

מיט צוויי חדשים שפּעטער — אין נאָוועמבער 1942 האָט די יידישע קהילה אויפגעהערט עקזיסטירן. אין דעם טאָג איז פאָרגעקומען די צווייטע „אקציע". די ארבעטספעיקע האָט מען אוועקגעטריבן אין ארבעטסלאגער אין סטרי און די איבעריקע האָבן פארגרעסערט דעם קבר אויפן ראנד פון הינטערשטאָטישן וואלד.

איצט איז דער מארק ליידיג. די שול און דאָס בית־מדרש זענען געשענדעט און בארויבט. איצט איז נישטאָ ווער עס זאָל אין וואָלבראָם בענטשן ליכט ערב שבת...

גיי איך צום קבר פון דער וואָלבראָמער קהילה, וואָס ביים ראנד פון וואלד. איך גיי פארביי דעם חרוב׳ן בית־עולם, וווּ עס איז אפילו קיין גאנצער קבר נישט געבליבן. קיין סימן פון א מצבה, קיין צייכן פון א בית־עולם פארהאן — הפקר און חורבן. ביים ראנד פון וואלד הייבט זיך אויף א פלאך בערגל. עטלעכע בהמות הייבן זיך אויף אויף די פאדערשטע פיס און צופּן דאָס זאפטיקע גראָז, וואָס איז דאָ פעטער און גרינער ווי ערגעץ־אנדערש־ווו. דאָס קליינע פאסטוך־מיידעלע, וואָס היט די בהמות, ווייזט מיר אָן אויפן בערגל און זאָגט: „דאָ ליגן זשידעס"...

דאָ ליגט א גרויסער טייל פון דער וואָלבראָמער קהילה. די איינציקע מצבה אויפן ריזיקן קבר זענען ווילדע נארציזן, וואָס דער ווינט האָט פון די פעלדער

אהערגעיאָגט זייער זריעה. און דאָס איז אלץ וואָס איז געבליבן פון א רייכע יידישע קהילה — חורבות און ווילדע נארציזן...

דאָס בילד פון די ווילדע נארציזן פארפאָלגט. ווען איך גיי צוריק צו דער באן, דאכט זיך מיר, אז דער גאנצער וועג, די גרינע פעלדער און די הייזער זענען באשאָטן מיט ווילדע נארציזן, און איך הער דאָס קוויטשיקע קולעכל פון דעם פאסטוך־מיידעלע: „דאָ ליגן זשידעס". די דייטשן האָבן זיי געקוילעט. די דייטשן האָבן פארטיליקט די וואלבראָמער יידן. איז וואָס האָבן דאָ געטון די פוילישע סקויטן פון „באודינסט"? וואָס האָבן געטון די „גראנאטענע" פוילישע פאָליציי און די אוקראינישע זעלנער?

עס איז שווער וועגן דעם צו טראכטן, ווארום דאָ אויף דער סטאציע ווארטן אויפן צוג צענדליקער פאָליאקן, יונגטלעכע און עלטערע, און ווי קען מען טראכטן, אז צווישן זיי געפינען זיך אזעלכע, וואָס זענען דעמאָלט, דעם 6־טן נאָוועמבער, געווען סקויטן און פאָליציי?....

אין בופעט פון דער סטאציע איז שטיל און עיפושדיק ווי אין א שענק. איך באשטעל עפעס און פרעג דער באלעבאָסטע:

— געווען א סך יידן אין וואלבראָם?

— געווען.

— געקוילעט?

— אויף די „באגנעס" און אין וועלדל. אזוי ווי די שעפסן געקוילעט.

— נישט געראטעוועט זיך קיינער, וואָס?

— אנטלאָפן זענען א סך, נאָר דער ,מאטלאך" — טוט זי בייז א בלאָז דורך די ליפן און קוקט אויף דער טיר — דער „מאטלאך" האָט די אנטלאָפענע בארויבט און איבערגעגעבן צו די זשאנדארן. איינער, דער מילנער, האָט זיך ביי מיר אויסבאהאלטן צוויי יאָר. פאר מיין אייגענער שוועסטער האָב איך זיך געמוזט היטן. גאנצע צוויי יאָר געהאלטן אים אין קעלער און געגעבן עסן בלויז ביינאכט, ווען דאָס דאָרף איז געשלאָפן, ווען ס'איז געווען פינסטער. איצט האָט מיר דער ייד פאר אויסבאהאלטן אים אויסגעבויט א הויז. אנדערע פויערים האָבן נאָר געקוקט דער ייד זאָל מיטברענגען זיין פארמעגן און נאָך דעם גערופן די דייטשע זשאנדארן. ביי מיר אין דאָרף האָט א פויערטע געפונען צוויי יידישע מיידלעך אין א סטויג היי. זי האָט די אָרעמע קינדער אריבערגעצויגן די קליידלעך איבער די קעפ, זיי געבונדן און אוועקגעשלעפט אין דער סטאדאלע און זיי דאָרט ארייַנגעוואָרפן ווי זעק. נאָך דעם האָט זי גערופן די זשאנדארן, וואָס האָבן די צוויי קינדער דערשאָסן און באגראָבן נעבן שייער. די צוויי טויטע יידישע מיידלעך שרעקן זי, און שרעקן בייטאָג און ביינאכט, כאָטש נעם און טו זיך אָן א מעשה. איז די פויערטע אוועק צום גלח זיך מתוודה זיין, כדי ער זאָל איר שענקן דעם חטא. האָט דער גלח אויסגעהערט און געזאָגט: גוט, וואָס דו האָסט זיך מתוודה געווען. אָבער מכפר זיין וועל איך דיר נישט. האָסט צוויי מענטשלעכע לעבנס אויפן געוויסן, מוזטו ליידן, און שפעטער, אויף יענער־וועלט ווערסטו געמשפט ווערן... און די פויערטע גייט־אראָפּ פון זינען, זי הערט די געשרייען פון די צוויי „זשידוווקעס" און פון שייער אנטלויפט זי, ווי שדים וואָלטן זי געיאָגט...

ר״ה

דער צוג איז אָנגעלאָפן א באהאנגענער מיט מענשן. מיט שוועריקייטן האָב איך זיך ארייַנגעשטופּט אין דער הארטער צווייטער קלאס און ממש געהאנגען אין דער לופט. אין געדרענגעניש האָב איך אפילו מיט די פיס דעם באָדן נישט געקענט באַרירן.

— צוויי יאָר נאָך דער מלחמה און מען קען נאָך אין קיין באַן נישט פאָרן! — שרייט א פרוי.

— ווארט, מומע. פון איין אָקופּאַציע זענען מיר שוין פּטור געוואָרן. ווארט נאָך אביסל און עס וועט ווייטער זיין א וועלט — שרייט עמעצער אין דעם געדרענגעניש און מען זעט נישט ווער עס רעדט.

— וואָס, ביי דער ערשטער אָקופּאַציע איז אייך שלעכט געווען? — קוויט־שעט א פרוי — ס׳האָט אייך געפעלט שיך? צי האָט איר מיט קיין באַן נישט געקענט פאָרן? די איצטיקע רעגירונג גיט אייך אזוי פיל וויפיל יענע האָבן געגעבן?

דער עולם לאַכט. ער איז צופרידן, וואָס ס׳האָט זיך געפונען א דרייסטע, וואָס זאָגט אויפן קול, וואָס מען דאַרף...

די באַן טרייסלט, ווי זי וואָלט געפאָרן אויף שפּיציקע שטיינער. דער צו־נויפגעדרענגטער עולם פאַלט אַמאָל אויף דער זייט און אַמאָל אויף דער צווייטער זייט און אין פריילעכקייט באַמערקט עמעצער:

— טרייסלט זיך ווי א יידישע באַן...

— ס׳איז דאָך א מלוכה׳שע באַן! — ענטפערט א צווייטער שלאָגפערטיג און דער עולם איז צופרידן, שטארק צופרידן.

איך דערפיל דעם ריח פון די וואָלבראָמער „סקויטן״, פון דער „גראַנאַטע־נער״ פּאָליציי און די טראַגעדיע פון דער וואָלבראָמער קהילה ווערט אזוי שרעקלעך בולט. יעדעס ווארט, וואָס פאַלט דאָ אין שיכורער פריילעכקייט, דערפיל איך ווי מען וואָלט מיך געהאַקט מיט א טעמפּן האמער. אָבער איך מוז שוויַיגן. איך מוז אויפנעמען די קלעפּ און איך טאָר מיט קיין איין באַוועגונג נישט מגלה זיין, אז איך בין א ייד און אז אייגנטלעך איז דער גאַנצער פריילעכער שמועס געווענדעט קעגן מיר, קעגן ייד.

ווען די באַן שטעלט זיך אָפּ אויף דער סטאַציע טונעל און איך רייס זיך ארויס פון וואַגאָן — אָטעם איך אָפּ מיט פולע לונגען, ווי איך וואָלט זיך א לעבע־דיקער ארויסגעריסן זיך דורך די דריי מערדער־רינגען ארום דעם שטעטעלע וואָלבראָם...

טונעל איז א באַן־קנופּ, וואָס לאָזט אדורך די צוגן פון ווארשע, פון איין זייט צו אויבערשלעזיע און פון דער צווייטער — קיין קראָקע. אויסער דעם וואָקזאַל איז דאָ גאָרנישט פאראַן. דער ווארט־זאַל איז פול מיט פּאַסאַזשירן־פּויערים און ניי אויפגעקומענע סוחרים. דאָ ארום פאָרן „שאַבראַווניקעס״ (רויבער) קיין נידערשלעזיען נאָך גזלה, און דורך אָט דער סטאַציע קומען זיי מיט פולע זעק רויב. איז דער ווארט־זאַל א יאַריד פון פארשידענע מינים סחורות און „סוחרים״.

צווישן דעם „נאַבעלען״ עולם איז נישט צו זען קיין יידיש פּנים. אָבער פון די „סוחרים״ און פּויערים קאָן זיך דאַכטן, אז די סטאַציע, דער הימל און

דער וואלד איז באהערשט דורך יידן, ווארום דאָס וואָרט „זשיד" גייט אדורך דורך אלע מיילער אין שפּאָט און אין רוגזה.

איך פארהאלט זיך פריי און גאווהדיק נישט ארויסצווייזן קיין פארדאכט, אז איך בין איינער פון די, פון וועלכע דער עולם שפּאָט און חוזק'ט, און אויך די ווארטנדיקע פּאסאזשירן פארהאלטן זיך פריי: אויפן גראָז, הינטערן וואקזאל, טוען זיי זיך אויס און ציען־אראָפּ די שטיוול, כדי צו כאפּן א דרימל איידער די באַן קיין ווארשא קומט־אָן. און אזוי פארביישפּאצירנדיק צווישן די ליגנדיקע דערזע איך אין א פּאָר שטיוול באקאנטע צייכנס פון יידישע אותיות, אין א פּאָר פּשוטע פויערישע שטיוול. איך שפּאציר אדורך עטלעכע מאָל און זע שוין קלאָר: אינע־ווייניק זענען די כאלעוועס אויסגעשטייפּט מיטן פּארמעט פון א ספר־תורה...

איך צי זיך אויס אויפן גראָז נעבן שלאָפנדיקן פויער און באמי זיך צו זען וואָס נענטער די שטיוול. דער גוי ליגט מיטן פּנים אראָפּ און די שטיוול, אויפגעשטעלטע מיט שטייפע אָפענע פּיסקעס צום בלויען זומערדיקן הימל, שרייען מיט שווארצע אותיות:

„ויאמר ד' אל משה פסל לך שני לוחות אבנים כראשונים וכתבתי על הלוח את הדברים אשר היו על הלוחות הראשונים אשר שברת, והיה נכון לבקר — — —

מער האָב איך נישט געקענט ארויסלייענען פון די פויערישע שטיוול. עמעצער האָט מבשר געווען, אז די באַן דערנענטערט זיך און די פּאסאזשירן האָבן זיך געאיילט צום צוג. דער פויער נעבן מיר האָט ארויפגעצויגן די שטיוול, פארוואָרפן זיין זאק אויף די פּלייצעס און אוועק. אָט דער גוי האָט באהאלטן די לוחות אין די שטיוול און געלאָפן מיט א רויב־זאק צו דער באַן.

דאָ אין טונעל האָב איך זיך דערוווסט, אז איך געפין זיך אין א לאנד, ווו די פויערים באהאלטן אין זייערע שטיוול גאַנצע געזעצן און זייערע כאלעוועס זענען אויסגעשפּרייט מיט לא תרצח, לא תנאף, לא תגנוב...

(מ. צאנין: „איבער שטיין און שטאָק", א רייזע איבער הונדערט חרוב־געוואָרענע קהילות אין פּוילן, פארלאג „לעצטע נייעס", תל־אביב 1952 (ברשותו של המחבר)

---

מ. לובלינג

## בית-העלמין שלנו

כמעט כל ימות השנה היו שערי בית העלמין של וולברום פתוחים לרווחה.
מקרוב ומרחוק עלו לשם ליקיריהם יהודים לימי הזיכרון.
מהלכים היו לאיטם בין שורות המצבות — אלה העדים הדוממים,
אשר בשתיקה העידו מי ומי טמון כאן, וכך מצאו יהודים את יקיריהם.
מבינות לקברים היו עולים קולות התייפחות ונהי.
לפני המתים שמצאו כאן את מנוחתם לעולמים,
שפכו החיים את מרי שיחם על תלאותיהם ויגונותיהם בחיים.
בדמעות שליש השיחו את צערם וסבלם.
רחשי הכבוד לנפטרים ושפך השיח על עמל החיים וצערם

איחדו ומיזגו את החיים והמתים להוויה אחת.
עלה בכי־נהי האדם החי והתערב והתמזג בזימרת הציפרים על האילנות.
כל זה היה ואיננו עוד.
הקיץ הקץ על החיים היהודיים בוולברום.
נעקר גם בית־העלמין היהודי ואיננו!

---

כי תפתח, הקורא, ספר־זיכרון זה, עמוד נא רגע דום.
תחוש נא בכל ישותך כי הנה פתחת את שערי בית־העלמין,
בו ינוחו יקיריך, אבא, אמא, אחים ואחיות, נשים וילדים,
אשר לא זכו להיקבר בקבר ישראל.
כאן ינוחו הם, אשר נורו, נחנקו, הורעלו בגאזים והועלו חיים על המוקד.
כאן כרינו להם קברים אשר חצבנו בליבותינו.

הנה מרחפים כרגע מסביבך מיליוני נשמות מעונים. אָבל אתה לא רק על אבדן בני משפחתך אתה. כי יתום אתה, בן לעם אשר מת מות זוועה ופלצות, אשר התבוסס בדמו ובעינויי שאול. יתום אתה לעם אשר על החיים והמתים שלו עלה הכורת כדי למחות זכרם מעל פני האדמה, וכאן, בספרנו זה, אנו השרידים שנשארו לפליטה, מביאים אותם לקבר ישראל.

כאן בבית עלמין זה שלנו, לא תשיג יד כל אויב להרסו.
קברים אלה לא יוכלו נבלים ופושעים לחללם.
לא רק בימי זיכרון מיוחדים נפקוד את קברינו אלה.
יום יום ושעה שעה נראה אותם לפנינו. שמורים יהיו אתנו במשכנותינו.
לזכרון נצח יהיו הם לנו, ולתביעה בלתי פוסקת כי נחיה ונחוש בדמיוננו — ולו רק במידה כל שהיא — את מה שעבר עליהם.
תהי זאת מצבת נצח חרותה בלבותינו. לעולם לא נשכח!



חיים לובלינג ואשתו טובה ובנם אפרים
חיימעלע לובלינג, זיין פרוי טויבה לעוויט און זייער זון פראַמוש



רבקה מיכל לובלינג (שרמן)



יואליש — בן רבקה מירל לובלינג



פרומשי, בנו של חיימלה לובלינג
פרומשי, א זון פון חיימעלה און טויבה.

מ. לובלינג

# אונזער בית עלמין

כמעט א גאנץ יאָר זיינען די טויערן פון וואלבראָמער בית הקברות געווען אָפן.
יידן פלעגן קומען פון ווייט און פון נאָענט אויף יאָרצייטן,
זיי פלעגן אזוי לאנגזאם שפאצירן צווישן די מצבות — די שטומע עדות
וועלכע האָבן מיט זייער שווייגן דערציילט יעדן איינעם ווער עס ליגט דאָ,
ביז זיי האָבן געפונען זייערע נאָענטע.
פון צווישן די קברים פלעגט זיך הערן א שטיל שלוכצן,
פאר די טויטע וועלכע האָבן שוין זייער אייביקע רו געפונען,
האָבן זיך די לעבעדיקע געקלאָגט אויף זייערע צרות וואָס זיי האָבן ביים לעבן,
און האָבן זייערעליידן אויסגעגאָסן אין טרערן.
עס האָבן זיך די לעבעדיקע מיט די טויטע דורך כבוד און צער אויף א ווײַלע
פאראייניקט. און א וויינענדיק בעטן פון די לעבעדיקע,
האָט זיך אויסגעמישט מיטן פויגל געזאנג אויף די ביימער.
היינט איז דאָס אלץ מער נישטאָ,
נישטאָ מער קיין יידיש לעבן אין וואלבראָם.
נישטאָ מער קיין יידיש בית הקברות.

---

ווען דו עפנסט דאָס בוך, בלייב שטיין א מינוט,
און זאָל זיך דיר דאכטן אז דו האָסט געעפנט די טויערן פון בית הקברות
ווו ס׳ליגן דיינע נאָענטע, טאטע, מאמע, שוועסטער, ברודער, פרויען און קינדער,
וועלכע האָבן נישט זוכה געווען צו קומען צו קבר ישראל.
דאָ ליגן זיי, די דערשאָסענע, דערשטיקטע, פארגאזטע, פארברענטע,
דאָ האָבן מיר זיי קובר געווען אין קברים וועלכע מיר האָבן געגראָבן
אין אונזערע אייגענע הערצער.
ארום דיר שוועבן איצט מיליאָנען פארפייניקטע נשמות.
ווייל דו ביסט אן אבל נישט בלויז נאָך דיין פאמיליע.
דו ביסט דער יתום פון א טראגיש אומגעבראכט פאָלק.
וואָס איז אויסגעגאנגען אין בלוט און פיין.
פון א פאָלק וואָס די לעבעדיקע און די טויטע זיינען געוואָרן אָפּגעמעקט
פון דער ערד, און אין דעם בוך ברענגען מיר זיי צו קבר ישראל.
דעם בית עלמין קאָנען שונאים נישט צעאקערן.
די קברים קאָנען אויסוווּרפן נישט שענדן.
ווייל די קברים באזוכן מיר נישט בלויז אין יאָרצייטן.
די קברים וועלן מיר זען יעדן טאָג און יעדע שעה.
ווייל זיי וועלן זיך געפינען ביי יעדן איינעם פון אונז אין שטוב.
און זיי וועלן אונז אייביק דערמאנען, אונז שטענדיק מאנען,
אז מיר זאָלן איבערלעבן אין דמיון כאָטש א טייל פון דעם וואָס זיי האָבן
איבערלעבט.
און אויסגעקריצט וועט בלייבן די מצבה אין אונזערע הערצער אייביק צו געדענקן,
און קיינמאָל נישט צו פארגעסן.

**רשימה חלקית של קדושי וולברום שניספו בשואה**
**בחורבן קהילת וולברום ואוכלוסייתה היהודית:**

**א**

אימערגליק יואל בן שמעון
אימערגליק בריינדל, אשתו
אימערגליק יחיאל
אימערגליק בתשבע וחמשה ילדים
אימערגליק יהודה ליב
אימערגליק רחל וששה ילדים
אימערגליק שמשון
אימערגליק יהודית
אימערגליק יואל
אימערגליק שלמה, אשתו וילדיו
אולמער משה
אורבאך קיילה
אורבאך רחל
אורבאך שרה
אורבאך וולף איציק ומשפחתו
אורבאך משה ומשפחתו
ארליך שלמה
ארליך הנה
ארליך דוד
ארליך משה
ארליך שלום
ארליך בת שבע
ארליך אסתר
ארנער שרה
ארנער יעקב
ארנער סענדער
ארנער בערל
ארנער פסח
ארנר טוביה
אינבאַליד מענדל
אינבאַליד חנה גיטלה, אשתו
אינבאַליד אסתר שיינדיל
אינבאַליד ריזע טייבל
אינבאַליד משה שיע
אבראמאַוויטש יאַקום
אבראמאוויטש משה
אבראמאוויטש וואַלף
אבראמאוויטש יהודית
אבראמאוויטש שלמה
אבראמאוויטש יעקב
אבראמאוויטש חבאַלע
אבראמאוויטש שיינדיל
אבראמאוויטש פישל
אבראמאוויטש משה
אורבאך יעקב
אורבאך גיטעלע
אייזענשטאט ד״ר ומשפחתו
אסטרייכער מרדכי
אסטרייכער סאַרצע
אסטרייכער משה
אסטרייכער סוזה
אוסטריביילה
אייזענמאן שמואל
אוסטרי לייביש
אוסטרי ישראל
אייזענמאן אברהם דב
אוסטרי לייביש
אוסטרי שפרינצע
אוסטרי ביילה
אוסטרי ישראל דוד
אפעלבום משה חיים ואשתו
אפעלבום רבקה ובתה
אפעלבום נחמה ושתי בנותיה
אפעלבום נתן דוד
איצקוביץ יידל
איצקוביץ חוה
איצקוביץ שמואל, תינוק בן שנה

אייזענמאן יוסף מלך
אייזענמאן פייגל, אשתו
אייזענמאן אברהם
אייזענמאן שמואל
אייזענמאן אברהם בער וילדיהם
אייזענמאן ביילה, אשתו
אייבעשיץ יאָקעל
אייבעשיץ אסתר
אייבעשיץ משה
אייבעשיץ ישעיהו
אייבעשיץ גיטל
אייבעשיץ רחל
אייבעשיץ נטע
אייבעשיץ צפורה, אשתו
אייבעשיץ אָרון הענדל
אייבעשיץ נחמיה בן נטע
אייבעשיץ שפרה פעסל בת נטע
אייבעשיץ בלימה בת נטע
אייבעשיץ מאניה בת נטע
אנקער מרדכי

## ב

באנד מענדל, אשתו ושמונה ילדים
בוים שיינדל
בוים פנחס
בוים אברהם מרדכי
בוים פייגל
בוים בלומה
בוים לאה
בוים חיים יצחק
בירמאן ישראל ישעיהו
בירמאן רבקה, אשתו
בירמאן חנה לאה
בירמאן ברכה
ברוקנער אריה
ברוקנער פייגלה
ברוקנער מאניה
ברוקנער ישראל
ברוקנער גיטעלה
ברוקנער רחל
ברוקנער הירשל זעליג
ברוקנער בילה, אשתו
ברוקנער דאבע ובעלה אברהם פיינער
ברוקנער פייגל
ברוקנער רחלה
ברוקנער יחיאל
ברוקנער חיימעלה
בראנד הענעך ובנו
בארימהארציק מנדל ואביו
ביבער שמואל איסר
ביבער שרה, נורתה ברחוב
ביבער יעקב מאיר
ביבער אברהמלע, מת אחר השואה
ביבער, אשתו מבית קורנפעלד
בלומענפרוכט יוסף דוד
בלומענפרוכט רבקה, אשתו
בלומענפרוכט גיטל
בלומענפרוכט מלכה
בלומענפרוכט אברהם יעקב ומשפחתו
בלומענפרוכט בריינדל, אשתו
בלומענפרוכט ראובן מאיר
בלומענפרוכט בערל
בלומענפרוכט רחל
בלומענפרוכט איטעלע
בלומענפרוכט יוסף
בלומענפרוכט חנה עטל
בלומענפרוכט יוסף בעלה
בלומענפרוכט הערשל
בלומענפרוכט גיטל, אשתו
בלומענפרוכט רחל
בלומענפרוכט פסח
בלומענפרוכט שרה רבקה, אשתו
בלומענפרוכט בערל
בלומענפרוכט לייבל
בלומענפרוכט וואלטצע

בלומענפרוכט (פאצאנאבסקי)
משה, בעלה
בלומענפרוכט דאבע
בלומענפרוכט בער
בלומענפרוכט לייבל
רעכניץ מירל
רעכניץ לייבל
רעכניץ רחל
בארימהערציק מאיר
בארימהערציק מענדל
בוים ומשפחתו ושני ילדים
תאומים
בראון הענאך, מנהל החדר
בראון מירל
בראון הירש דוד
בידלובסקי הירשל
בידלובסקי טילה
בידלובסקי מאָטעל
בידלובסקי בלומצה
בידלובסקי איטשע, התאבד
בידלובסקי דוד
בידלובסקי דבורה
ברעדונג זיסל ומשפחתה
באנד שפרינצה ובתה
בלאט לאה
בלאט ציביה
בלאט פערל
בלאט אסתר
בלאט חאלע
בלאט אברהם
בינשטוק חיים
בינשטוק מינדל
בינשטוק חנה גיטל
בארענשטיין שלמה
בארענשטיין אבעלע
בארענשטיין וועלוועל
בוכבינדער מאיר
בוכבינדער נעטל לאה אשתו,
מבית פולטאראק

בוכבינדער רחל
בוכבינדער יענטעלה
בוכבינדער סימה
בוכבינדר איזה
בליאַקובסקי פייבל
בליאקובסקי יעקב
בליאקובסקי שרה, אשתו
בליאקובסקי אברהמלה
בליאקובסקי מאיר
בליאקובסקי רבקה פייגל
בארימהארציק מאָטיל ומשפחתו
בארימהארציק מאיר
בארימהארציק אסתר
בארימהארציק זישה
בארימהארציק פעסיל, אשתו
ומשפחתם
בארימהארציק שרה ומשפחתה
בארימהארציק רחל ומשפחתה
בלומענשטיין יוסף
בלומענשטיין בלומה
בלומענשטיין יוכבד
בלומענשטיין גיטל
בלאט בערל
בלאט אסתר, אשתו
בלאט אליעזר
בלאט אברהם
וכל משפחותיהם
ביבער מענדעל. זיידעלעס
ביבער רבקהלה
בידערמאן ומשפחתו

## ג

גערשונוביץ רייזעל
גערשונוביץ חוה
גערשונוביץ ישראל
גערשונוביץ צעכיל ומשפחתה
גלעצער בעריש
גלעצער רחלה
גלעצער לייביש

גלעצער איציק
גלעצער חמי
גלייטמאן שמואל
גלייטמאן מרים
גריס פרל יוכבד
גריס שמחה
געלבאנד הירשל
געלבאנד חנה הינדה
גולדמן יוסף ואחותו
גולדפריינד שלמה
גולדפריינד חוה לאה־לעדערמאן
גולדפריינד שלושה ילדים
גרשונוביץ יחיאל
גרשונוביץ, אשתו
גרשונוביץ הענדל ומשפחתה
גוטפעלד גיטל מלכה
גוטפעלד לאה
גוטפעלד גרשון
גוטפעלד פסיה
גוטפעלד ליפא
גולדפריינד חיים
גולדפריינד בצלאל
גולדפריינד הינדה
גולדפריינד ברכה
גולדפריינד רחל
גולדפריינד קיילע
גולדפריינד מרדכי
גולדפריינד חנה
גולדפריינד חיים
גולדפריינד בת שבע
גולדפריינד רבקה
גולדפריינד טויבה
גולדפריינד אסתר
גולדפריינד הענדעל
גולדפריינד חוה
גרוסמן יוסקה
גרוסמן גיטעלע
גרוסמאן חנה רחל
גרוסמאן אסתרל

גרוסמאן שפרינצל
גרוסמאן פערעלע
גרוסמאן אלתר ישראל
גערשונוביץ איסר ומשפחתו
גערשונוביץ בלימה
גערשונוביץ יאָקל
גערשונוביץ אהרן
גערשונוביץ דוואשע
גערשונוביץ פייגל ומשפחתה
גוטליב אסתר
גוטליב יוסף
גוטליב יחזקאל
גוטליב מניה־נויפלד
גוטליב אברהמלה ומשפחתו
גוטליב נתן ומשפחתו
גוטליב חיה לאה ובנה
גוטליב מאניה
גיטלער ישראל
גיטלער בעריש
גיטלער יהודה
גלאזער חנה
גלאזער יעקב
גלאזער משה
גלאזער טעלצעל
גלאזער דאבע
גולדבערג יוסף
גולדבערג אידה
גולדבערג רבקה
גולדבערג משה
גולדבערג אלק
גולדבערג עדה
גולדבערג לוניה
גולדבערג פסל גולדה
גולדבערג שיינדל
גולדבערג רבקה
גולדבערג שמואל
גולדבערג כאלע
גאָלדבערג פייגל
גארצארש מרים חיה

גארצארש מרים חיה
גארצארש יעקב
גארצארש יונה
גרינהולץ מנדל
גרינהולץ שרה
גולדמאן יוסף
געלבארד שמעון
געלבארט חיים
געלבארט חנה
געלבארט נחום
געלבארט שרה
געלבארט פרימעט
געלבארט רבקה
גוטליב יוסף
גוטליב משה
גוטליב יוסף מאיר
גוטליב אסתר
גוטליב יוכבד
גוטליב דוד
גוטליב משה, נפל ברוסיה
גוטליב אברהם
גוטליב ישראל
גוטליב חנה
גוטליב אסתר
גוטליב מינדלה
גוטליב יצחק לוי
גוטליב הענדל, אשתו
גוטליב יעקב
גוטליב דוד
גוטליב לאה
גוטליב שרה
גוטליב אברהם ישכר
גוטליב נחמה פרידה
גוטליב יהודה
גוטליב אלטלה
גוטליב רחל
גוטליב אלחנן
גוטליב יחזקאל
גלאזער מנחם

גלאזער בנימין
גלאזער דוד
גלאזער פייגל
גלאזער רייזעל
גלאזער יצחק מאיר
גלאזער טויבעלה
גלאזער לאה
גלאזער הירשל
גלאזער מאַטעל
גלאזער הענה
גלאזער זלמן
גלאזער אסתר רחל
גראָספעלד זיסמה
גראָספעלד דבורה, אשתו
גראָספעלד שלמה
גראָספעלד ראובן
גראָספעלד חנה
גראָספעלד מאַטל
גראָספעלד פלה
גראָספעלד רחל
גלעצער טוביה
גלעצער אסתר זיסל
גלעצער חנינה
גלעצער חנה דבורה
גלעצער ציפה רחל
גלעצער בעריש
גזשעבין ישראל
גזשעבין אסתר
גזשעבין גולדה
גזשעבין לייזער
גזשעבין אברהם
גזשעבין לאה
גזשעבין יקותיאל
גארצארש שמעון ואשתו אסתר
גרוסמאן ישראלקה
גרוסמאן רחלה
גרוסמאן יחזקאל
גרוסמאן אברהמלה
גרוסמאן יעקב

גרוסמאן מרדכי
גרוסמאן שפרינצה ובעלה לאנדאו
גרוסמאן שלמה
גרוסמאן מלכה
געליבטער אנשיל
געליבטער מרים
געליבטעו׳ אברהם
געליבטער פערל, אשתו
געליבטער מלכה לובה
געליבטער חוה
געליבטער פייגה
געליבטער רבקה
געליבטער יעקב
געליבטער חיים
געליבטער פייגלה, אשתו
געליבטער שלמה, בנו
געליבטער שיימה, בנו
געליבטער דוד, בנו
געליבטער לאה, בת
געליבטער שושנה, בת
געליבטער אסתר לאה
געליבטער יחזקאל ואשתו
געליבטער פינטשע ואשתו
גלאזער מאיר
גלאזער שרה הענדל
גלאזער מלכה
גלאזער ליבה
גלאזער פייבל
גלאזער צביה
גלאזער חנוך

## ד

דאנציגער בערל
דאנציגער פנחס ומשפחתו
דאטנער דוד
דאטנער טויבה
דאטנער הוה
דאטנער מלכה
דאטנער הענדל
דאטנער בנימין
דראך מרדכי
דראך אסתר
דראך הירש וואָלף
דראך מלכה חנה
דראך גאָלדה
דראך שלמה
דראך צפורה
דראך חנה
דרעזנער חיה שרה
דאמב אהרן בנימין
דאמב יעקב
דאמב פרץ
דאמב מרים
דראכמאכער חיים
דראכמאכער קלמן
דראכמאכער הרשיל
דראכמאכער לייביש
דראכמאכער פעסל
דראכמאכער שלמה
דראכמאכער מאיר
דראכמאכער אברהמלה
דראכמאכער מאיר
דראכמאכער אברהמלה
דראכמאכער רויזל
דראכמאכער פרימעט
דיאמאנט בריינדל לאה
מז׳ארנובצה
דיאמאנט פנחס
דיאמאנט שלום
דיאמאנט יהושע
דיאמאנט איטה
דיאמאנט הענה
דיאמאנט דוד
דיאמאנט שרה, אשתו עם שני ילדים
דיאמאנט גיטל, אשתו של מאיר מייטלעס עם שני ילדים
דאפנער בת שבע

דאפנער טשארנה
דאפנער ישראל
דאפנער געלה
דאפנער יעקב
דאפנער ראובן
דאפנער ראָזשע ובתה
דאפנער לאה
דאפנער אסתר, בת
דאפנער אליעזר
דאפנער חיה שרה
דאפנער פנחס
דאפנער משה
דאפנער רחל לאה
דאפנער יחיאל
דאפנער ראובן
דאפנער מאָטל
דאנציגער מאיר
דאנציגער חיים
דאנציגער דוד
דאנציגער משה
דאנציגער פייגל

## ה.

האבערפעלד גיטל
האבערפעלד נאכע
האבערפעלד טויבה
האבערפעלד בלומה
האבערפעלד אברהם
האבערפעלד רחל
האבערפעלד רייזל
האבערפעלד בעריש
האבערפעלד משה
האבערפעלד יהושע
האבערפעלד יחיאל
האבערפעלד אסתר
האבערפעלד חנה
האבערפעלד לאה
האָלצמאַן קלמן ומשפחתו
האָלצמאַן הירש ליב ומשפחתו
האָלצמאַן רחל ומשפחתה
האָלצמאַן גרוינם
האָלצמאַן אלתר ומשפחתו
האָלצמאַן גענענדל
האָכערמאַן אָדל
האכערמאַן גאָלדע
הענדלער משה
הענדלער רחל
הענדלער גענענדל
הענדלער דוד
הענדלער ישראל
הענדלער טייבעלע
האבערפעלד יוסף ברוך
האבערפעלד אברהם זעליג
האבערפעלד אברהם לוטמע
האבערפעלד שמעון
האבערפעלד מרים חיה
האבערפעלד דבורה רחל
האבערפעלד חנה
האבערפעלד משה יחיאל
האבערפעלד דבורה
האבערפעלד חוה

## ו.

וואלצינסקי חיים דוד
וואלצינסקי חוה הינדה
וואלצינסקי רחל
וואלצינסקי משה אהרן, יודנראט
וואלצינסקי אברהם לאזער
וואלצינסקי הענעך
וואלצינסקי טויבה חיה
וואלצינסקי איטצע
וואלצינסקי שרה רבקה
וואלצינסקי זלאטע
וויינדלינג עקיבא, סבא
וויינדלינג שיינדל, סבתא
וויינדלינג ישעיהו דוד
וויינדלינג פעסיל, אשתו

| | |
|---|---|
| וואנדערסמאן הערשל | וויינדלינג ריקל |
| וואנדערסמאן יוכבד | וואלפוביץ יחיאל |
| וואנדערסמאן רפאל | וואלפוביץ גיטל |
| וואנדערסמאן זלמן | וואלפוביץ אבא |
| וואנדערסמאן רבקה | וועלגרין אברהם |
| וואנדערסמאן אסתר (נייפעלד) | וועלגרין טעמערל |
| וואנדערסמאן יעל | וועלגרין יוסף מענדל ואשתו |
| וויינשטאַק יוסף | וועלגרין לייזער ומשפחתו |
| וויינשטאַק צירל | וועלגרין גאָלדה |
| וויינשטאַק מרדכי | וועלגרין שמואל |
| וויינשטאַק זלמן | וועלגרין לייביש |
| וויינשטאַק רייזה | וועלגרין רבקהלה |
| וויינשטאַק רבקה | וואָלפאוויץ אבא |
| וויינשטאַק מלכה | וואלפאוויץ צפורה |
| וויינשטאַק שפרינצה | וואלפאוויץ מנשה |
| וויינגארטן משה | וואלפאוויץ רבקה |
| וויינגארטן שיינדל, אשתו | ווייספעלד יוסף |
| וויינגארטן פישל | ווארטער לאזער |
| וויינגארטן בעקי | ווארטער אלתה דבורה |
| וויינגארטן שמעון | ווארטער חבאָלה |
| וויינגארטן יעקיל | ווארטער הענעך |
| וויינגארטן דוד | ווארשאווסקה לובלינג פייגלה |
| וויינגארטן חבולה | ווארשאווסקה משה |
| וויינגארטן מלכה | ווארשאווסקה פסח |
| וויינגארטן רבקה | ווארשאווסקה אפרים |
| ווארזשעכע דוד ומשפחתם | וועלנער יהושוע |
| ווארזשעכע צימה טייבל | וועלנער ליבה פייגל |
| וויינטרויב אפרים | וועלנער שבתאי |
| וויינטרויב עלקע | ויסוקה דוד |
| וולוך ישראל | ויסוקה פעסלה |
| וולוך יוסף, בן | וועקסלער חנוך |
| וויינשטאַק שלמה | וועקסלער ישראל |
| וויינשטאַק גיטל, אשתו | וועקסלער נאחה |
| וויינשטאַק רחל, בת | ווייצמאן חיה לאה |
| וויינשטאַק מרדכי, בן | ווייצמאן יעקב |
| וויינדלינג ישעיה דוד | וויינבערג חנה |
| וויינדלינג פעסל | וויינבערג חיה מיכל |
| וויינדלינג חוה | וויינבערג משה |
| וויינדלינג יאכעט | ווארטער מאָטל |

וואַרטער פייגל
וויינריב ישעיהו
וויינריב מלך
וויינריב אברהם
וויינריב חוה
וויינריב פייגה
וויינריב אטל
ווילדער צילה
וויצמן יצחק מאיר
ווייצמן אסתר
ווייצמן יידל מאיר
ווייצמן יעקב הירש
ווייצמן יחיאל
ווייצמן געלה
ווייצמן מאיר
ווייצמן שמואל
ווייס יעקב ובנו
וועלנער ירחמיאל
וועלנער מענדלה
ווינגארטן משה
ווינגארטן פישל
ווינגארטן בעקי
ווילדער ליבל
ווילדער צילה
ווינשטאָק יוסף
ווינשטאָק צירל
ווינשטאָק מרדכי
ווינשטאָק זלמן
ווינשטאָק ריקעל
ווינשטאָק רבקה מרים
ווינשטאָק שפרינצה
ווינשטאָק מלכה
ווינשטאָק רויזה
ווינשטאָק יחיאל ומשפחתו
ווינשטאָק יהודה ליב ומשפחתו
ווינשטיין אהרן
ווינשטיין אברהם
ווינשטיין רחל
ווינשטיין משהלה

ווינשטיין ישראל
ווינשטיין שרה
ווינשטיין לאה
ווינשטיין באלצה
ווינשטיין הירש
ווינשטיין חיים משה
ווינשטיין מאטעק
ווינשטיין חיים משה
ווינשטיין אסתר סימה
ווינשטיין יונה־יוכבד
ווינשטיין מרדכי
ווינשטיין מלכה
ווינשטיין בנימין יהושע
ווארשאווסקע הינדה, בת יהושע
מנדל
ווייסבעקער שמעון
ווייסבעקער גיטל
ווייסבעקער פרומעט
ווייסבעקער מאניה
ווייסבעקער רבקה
ווייסבעקער טייבל
ווייסבעקער פריידל
ווינשטיין הירשל
ווינשטיין פערל
ווינשטיין אברהמלה
ווינשטיין דאבע
ווינשטיין אלימלך
ווינשטיין רחל
ווינשטיין משה יואב
ווינשטיין נחמיה
ווינשטיין בנימין
ווינשטיין אסתר ראָדע
ווינשטיין פייגלה
ווינשטיין חנהלה
וועלנער אברהם יצחק
וועלנער מאטיל, אשתו
ווינשטאָק רבקה
וועלנער ראובן משה
וועלנער חנה פייגל

וועלנער פריידל מלכה
וועלנער משה יצחק ובנו
וועלנער שמשון, סבא
וועלנער צביה, סבתא
וועלנער זאב
וועלנער רבקה
וועלנער פלטיאל
ווערדיגער הירשל ואשתו
ווערדיגער שלמה
ווערדיגער מאיר
וויינשטאק לייזער
וויינשטאק ישראל
וויינשטאק לייבטשע
וויינשטאָק זלמן
וויינשטאָק יוסף
וויינשטאָק ישראלקה
וויינשטאָק חבאלה
וויינשטאָק אסתר שיינדל
וויינשטאָק שבע
וויינשטאָק הערשל
וויינשטאָק גאָלה
וויינשטאָק צירל
וויינשטאָק חנה
וויינשטאָק יואל
וויינשטאָק מרים ושני בניה
וויינשטאָק זיסל
וויינשטאָק דוד
ווייס יעקב יוסף
ווייס שרה
ווייס אריה אברהם, בן
ווייס פעסל, בת
ווייס אהרן הענדל, בן
ווייס רחל, בת
וויינבערג אָדל
וויינבערג בלומה
וויינבערג רחל
וויינבערג מרים
וויינבערג אפרים ועוד 4 ילדים
וויינבערג פייגלה

וויינבערג יעקב (החזן)
וויינבערג אשתו
וויינבערג טויבלה
וויינבערג ישעיהו
וויינבערג טראנצה
וויינבערג מאטל
וויינבערג פעסל
וויינבערג מרים ובעלה
וויינבערג אפרים
וויינבערג חיים שמואל
וויינבערג אברהם מרדכי
וויינבערג יצחק הירש
וויינבערג קיילה
וייסברט משה
וייסברט אסתר, אשתו
וייסברט שמואל, בן
וייסברט מרדכי, בן
וייסברט חנה, בת
וייסברט יעקב, בן
וייסבארט וואָלף, בן
וייסבארט לייבל, בן

ז.

זיעלאנקע יוסף
זיעלאנקע פייגל
זיעלאנקע יהודה
זיכער חנוך
זשיעלאנע מנדל
זשיעלאנע שרה
זילבערשטין שלמה
זילבערשטין סענדער
זונאבענד יצחק ומשפחתו
זונאבענד וואָלף ומשפחתו
זונאבענד לייביש ומשפחתו
זעליגמאן טוביה
זינגער גיטל
זינגער אסתר
זינגער נאָטע ואשתו
זינגער הענדעלע ושלשה ילדים

זילבערשטיין מענדל ואשתו
זילבערשטיין מאיר
זילבערשטיין לאה
זעלינגער אבא
זעלינגער רבקה
זעלינגער וואָלף, מלחמת
פארטיזנים
זאקס יהודה
זאקס שרה, אשתו
זאקס מלכה, בת
זאקס רויזע, בת
זאקס זעלדה, בת
זאקס פנחס, בן
זאקס אברהם, בן
זאקס זילה, בן
זארשינסקי פייבל איציק ומשפחתו
זארשינסקי מאָטל
זעלצער לאה
זעלצער הערצל
זעלינגער טוביה
זעלינגער לאה
זעלינגער שרה
זעלינגער עקיבא ברוך
זעלינגער לוי
זעלינגער מינדל
זעלינגער עקיבא ברוך
זעלינגער רחל
זעלינגער יצחק
זעלינגער רחל
זעלינגער נחום
זעלינגער עקיבא ברוך
זילבערבערג אברהמלה,
נורה בבונקר
זילבערבערג זלאטע
זילבערבערג דוד
זילבערבערג חיה מנוחה, אשתו
זילבערבערג פריידל, בת
זילבערבערג לאה, בת
זילבערבערג מלכה, בת

זילבערשטיין גרשון
זילבערשטיין יוכבד
זייגעלמאן ברכה
זאלצמאן איסר
זאלצמאן פעלה
זאלצמאן שלום
זאלצמאן יעקב
זאלצמאן מאניה
זילבערמינץ חיים וואָלף
זילבערמינץ טויבעלה, אירע 2
ברידער, ליטמא קלעזמער און
אברהמלה פריזיער
איר שוועסטער מיט איר מאן
משה רוזענבוים און זייערע
קינדער
שוועסטער פעסל
ברודער יצחק
ברודער לופמאן
ברודער לייבעלע
שוועסטער שרהלע
שוועסטער אָדעלע
ברודער יוסף ליב
ברודער אלתר
זילבערמינץ שלום מאיר
זילבערמינץ קיילע פרומעט, אשתו
זיבן זין און טעכטער

## ח.

חיימאָוויץ חנוך
חיימאָוויץ מלכה
חיימאָוויץ שרה
חיימאָוויץ חנהלה
חיימאָוויץ אברהם
חיימאָוויץ בילה
חיימאָוויץ ריבצה
חיימאָוויץ מלך
חיימאָוויץ חיימלה
חענצינסקי העניך
חענצינסקי חיה, אשתו

| השם | הכתובת |
|---|---|
| צאנין־אלטער דבורה | תל־אביב, שטריקר 29 |
| צווייגנבוים אברהם | חיפה, קרית חיים, רחוב י״א 11 |
| צווייגנבוים ישראל ונעמי | חיפה, קרית חיים, רח׳ י״א 29 |
| צווייגנבוים בנימין | חיפה, קרית חיים, רח׳ ו׳ 29 |
| צווייגנבוים גרשון | קבוץ עין דור |
| צעשלר יצחק | רמלה, שכון פועלים 34 |
| קאַרנפעלד משה | גבעתיים, ארלוזורוב 42 |
| קאַרנפעלד מנשה | גבעתיים, הרצל 44 |
| קאַרנפעלד יוסף | גבעתיים, גולומב 48 |
| קארנפעלד יחיאל דוד | תל־אביב, נחמני 48 |
| קאַרנפעלד משה | ראשון לציון, שכון מזרחי, גורדון 127 |
| קאַרנפעלד לאזער לייב | חולון, מפדה אזרחי, ד״ר שיפר 6 |
| קאנער יעקובסוןביילה | רחובות, הרצל 10 |
| קיבקוביץ מאיר | תל־אביב, שכ׳ שפירא, מקור ברוך 27 |
| קלאָץ לעוויט יוכבד | תל־אביב, מודיליאני 3 |
| קולענדר | רמת־גן, אבטליון 4 |
| קרייזלמן | גבעתיים , כצנלסון 64 |
| קורנברוט ישעיהו | ראשון לציון, ז׳בוטינסקי 35 |
| קלאסנר יוסף | גבעתיים, סירקין 3 |
| רוזנבוים איטקה | תל־אביב, אבן גבירול 146 |
| רוזנבוים מנחם | תל־אביב, הקישון 48 |
| רוקח משה | הרצליה, סוקולוב 16 |
| רעטמן | קבוץ אילנים |
| רוטמנש אברהם | תל־אביב, בוגרשוב 11 |
| רקובסקי רבקה (קורנפלד) | רמת־גן, רש״י 4 |
| רוטהולץ | לוד, הרצל 131 |
| שמואלי (סרנה) זאב איסר | חדרה, גבעת ביל״ו |
| שטורכין משה | תל־אביב, ז׳בוטינסקי, נובמבר 33, 107 חנות מכולת |
| שטורכין יצחק | תל־אביב, הרב קוק |
| שבת עוזר | חיפה, מסדה 28א׳ |
| שפיגלער דוד | רחובות, מזכרת בתיה, מאפיה |
| שטארק אברהם ודבורה | חיפה, קרית חיים, רחוב י״א, 38 |
| שניצר פייבל | חיפה, קרית אליעזר, בלוק 50 |
| שולשטין קיבקוביץ | פתח תקוה, יצחק שדה 13 |
| שפרינגר משה | ירושלים, מאה שערים |
| שלוסבערג רחל | רמת השרון, מורשה, רח׳ הדר |
| שכטר שרייבער רגינה | חיפה, מונטיפיורי 21 |
| שכטר יוסף | חיפה, ארלוזורוב 16 |

## מנחם בינשטוק

יליד וולברום, עלה ארצה יחד עם קבוצת וולברומאים עם העליה השלישית בשנת 1920. ביתו היה פתוח לפגישות וולברומאים, ועוד לפני מלחמת השואה, בשנת 1938, התקיימה אצלו הפגישה הראשונה של יוצאי וולברום בישראל ודובר על ארגון וולברומאים בתפקיד של הגשת עזרה ליוצאי העיר. הוא יושב בתל־אביב.

## הרב ד״ר שלמה פיש

בנו של ר׳ דוד פיש מוולברום, עזב את וולברום בגיל 17 עוד לפני מלחמת העולם הראשונה, למד בפרנקפורט ע״נ מיין והצטיין בלימודיו, חיבר כמה ספרים, עבר לאנגליה ושם המשיך בלימודיו והוכתר בתואר דוקטור לפילוסופיה, כיהן כרב בעיר לידס באנגליה, ביקר מפעם לפעם במכורתו וולברום, והיה נהנה בעיקר מהלימודים בישיבת „כתר תורה" שהתקיימה בעיר מטעם האדמו״ר רבי שלמה חנוך הי״ד רבינוביץ מרדומסק בהנהלת הרב אברהם ישכר גוטליב הי״ד.

וכן ביקר כמה פעמים בישראל. בנו ובתו יושבים בארץ. בנו מכהן כמרצה לספרות אנגלית באוניברסיטה בר־אילן. הרב פיש היה פעיל למען ספר־הזכרון של וולברום באנגליה.



מנחם בינשטוק
מהעליה השלישית



הרב שלמה פיש

# אסיפות אזכרה

## דברים שנאמרו באסיפת אזכרה שהתקיימה ב־29.9.61

אנו, שרידי קהילת וולברום, ניצולי השואה ופליטי החרב, שנתלקטו במולדת, מתיחדים הערב, עם זכרם של קדושינו, יהודי וולברום, שהושמדו בשואה הגדולה שפקדה אותם ביחד עם כל יהודי פולין.

אנו עומדים לפני זכרונות עצובים מאוד, כמו ליד קֶבר פתוח, שנחצב זה עתה. הביטוי היחידי מעל הקברים — זו דומיה מוחלטת, בהתאם לשתיקתם הנצחית של אלה שהיו ואינם עוד.

אסור שנשכח. אסור שיעלם מה שהיה ומה שאירע. אנו מחויבים להנציח את תולדות העבר, ובזה למלאות את בקשתם האחרונה של אלו אשר ניספו מיואשים, עם תקוה אחת ויחידה שזכרם ישאר לנצח.

ביום זה ניצבת ומרחפת נגד עינינו עדה חיה דוממת ותובעת. בני עדה שלמה שהוציאו את נשמותיהם הטהורות בגיטאות, במחנות ריכוז, במחנות עבודה, במלחמה פרטיזנית. הם מתו מות קדושים, מושפלים ונרדפים, ברעב, בעינויים וביסורים על אנושיים. יהיו נא איפוא הזכרונות הללו מצבה צנועה, מצבה של מלים לזכרם הקדוש!

אנו חייבים לזכור ולהזכיר את פרשת הימים ההם, לשם הזכרת נשמות, שהרי לא נותר מהם מאומה: לא גוף, לא קבר ולא יום המות, לא אפר — אין ואפס. רק זכרם חי בלבנו. ועל כן אסור שידעך זכרם. יהיה זכר נשמותיהם צרור בזכר החיים שלנו!

כמו מתוך ערפל בוקעים ועולים זכרונות מהימים שעברו, והעיר וולברום קמה לתחיה לנגד עינינו.

בשבת בבוקר — איזו שלווה היתה נסוכה על העיר. יהודים הולכים להתפלל לבית הכנסת, לבתי המדרש ולשטיבלך, וגם בני הנוער הולכים אתם. בטוחים היו שחייהם יזרמו כך עד לנצח נצחים.

חייהם של היהודים בעיר נמשכו כשש מאות שנה. העיר נבנתה ברובה ע"י יהודים שהתפרנסו בדוחק ממסחר, ממלאכה ומירידים. חייהם היו ארוגים במארג אחד של מסכת חיים שלמה. אך מאחוריהם ארב להם מלאך המות בלי שהר־גישו בכך.

אי־אפשר בדברי הספד קצרים אלו להעלות ולהזכיר את כל מה שהיה בוולברום. על כך יסופר בספר יזכור שאנו מכינים.

אנו חייבים להנציח את זכרם בלבנו, ולנטוע בלב הדור הבא אחרינו, לא רק את זכר השואה האיומה שפקדה אותם, אלא ובעיקר, חייהם ומאבקם לחיים, אשר ממעבה האפלה חתרו אלי אור וגאולה, ולצערנו לא זכו לכך.

ומתוך אנקת הטבוחים נישא ועולה הקול התובע, המזהיר והמצווה לזכור ולא לשכוח — את אשר עשה לנו עמלק הגרמני־נאצי. אל דמי!

וברטט של חרדת קודש אנו מעלים את זכר קהילתנו וולברום שהיתה ואיננה עוד!

י. בן־פורת (פולטורק).

# א רעדע וואָס איז געהאַלטן געוואָרן אויף א אזכרה־פאַרזאַמלונג

מיר איבערגעבליבענע רעשטלעך פון דער וואָלבראָמער קהילה, געראַטע־וועטע פונם גרויסן קראַך, די אלע וואָס זענען אָנגעקומען אהער אין פּאַטערלאַנד — גיבן זיך אָפּ, היינט אָוונט, מיטן אָנדענקן פון אונזערע הייליקע מארטירער, וואָלבראָמער יידן וואָס זענען פארניכטעט און פארטיליקט געוואָרן אין דעם גרויסן אומקום־קראַך צוזאַמען מיטן גאנצן פוילישן יידנטום.

עס קומט אונז אויס צו שטיין פאר זייער טרויריקע זכרונות, אזוי ווי מיר וואָלטן געשטאַנען ביי אן אָפענעם קבר וואָס איז ערשט נאָר געגראָבן געוואָרן. דער איינציקער אויסדרוק איבער די מאסן־קברים — דאָס איז אן אבסאָלוטע שטילקייט אין איינקלאַנג מיט דעם אייביקן שטילשווייגן ביי די וועלכע זענען געווען און מער נישטאָ.

מיר טאָרן זיי נישט פארגעסן. עס דארף נישט פארשווינדן דאָס וואָס ס'איז געווען און דאָס וואָס ס'איז פארלוירן געגאנגען. מיר זענען פארפליכטעט צו פאראייביקן די געשיכטע פון דער פארגאנגענהייט, און מיט דעם צו דערפילן זייער לעצטע בקשה, דאָס געבעט פון די אלע וועלכע זענען געגאנגען צום טויט פארצווייפלטע, מיט די איינציקע האָפענונג, אז זייער אָנדענק פארבלייבט אויף אייביק.

אין דעם טאָג שטעלט זיך אוועק, און שוועבט פאר אונזערע אויגן א עדה א שטילשווייגנדע און א פאָדערנדיקע. א גאנצע עדה יידן האָט אויסגעהויכט זייערע ריינע נשמות אין די געטאָס, אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן, אין ארבעטס־לאַגערן, אין דער מלחמה און אין פארטיזאנען־קאַמף. זיי זענען געשטאָרבן א הייליקן מארטירער טויט, געיאָגטע, דערנידריקטע, אין הונגער און יסורים איבערמענשליכע. זאָלן דאריבער די זכרונות דינען אלס באשיידענע מצבה פון ווערטער צו זייער הייליקן אָנדענק.

מיר מוזן דערמאָנען די היסטאָריע פון יענע טרויעריקע טעג אלס הזכרת נשמות, ווייל עס איז דאָך פון זיי גאָרנישט פארבליבן, נישט א קערפּער, נישט א קבר, קיין יאָרצייט, קיין אַש, ממש גאָרנישט. נאָר זייער אָנדענקן לעבט אין אונזערע הערצער. און דעריבער טאָר נישט פארגעסן ווערן דער יאָרצייט־טאָג פון די טראַגיש חרוב־געוואָרענע קהילה.

אזוי ווי דורך א נעפּל, רייסן זיך אדורך די זכרונות פון יענע פארגעסענע צייטן און די שטאָט וואָלבראָם שטייט ווי א לעבעדיקע פאר אונזערע אויגן. מיר שטעלן זיך פאָר א שבת פרימאָרגן אין שטעטל. וואָס פאר א פרידלעכקייט ליגט אויסגעגאָסן אויף איר. יידן גייען געמיטליך דאַווענען אין דער שול, אין די בתי־מדרשים און שטיבלעך. אויך די יוגנט און די קינדער נעמען זיי מיט.

זיי זענען זיכער געווען, אז אייביק וועט אזוי פליסן זייער לעבנסוועג. דאָס לעבן פון טויזנטער יידן אין שטאָט וואָס עקזיסטירט שוין 600 יאָר. זייער לעבן איז געווען אריינגעוועבט אין א לעבנס־לענגליכן געוועב פול און אלזייטיק. די שטאָט איז מערסטנסטייל אויפגעבויט געוואָרן דורך יידן, און זיי האָבן אויך

פרנסה געהאט פון האנדל, מלאכה און יארידן. עס האָט געלויערט אויף זיי דער מלאך־המות — נאָר זיי האָבן עס נישט פאַרגעפילט.

עס איז אונמעגליך אין די קורצע הספד־ווערטער — ארויפצוברענגען און דערמאנען דאָס אלעס וואָס איז געווען אין וואָלבראָם — דאָס אלזייטיקע און שטורמפולע לעבן. וועגן דעם ווערט דערציילט און געשריבן אין דעם ספּעציעלן יזכור־בוך וואָס מיר גרייטן ערשט צו.

מיר דארפן פאראייביקן זייער אָנדענקן אין אונזער הארץ, און מ׳דארף איינפלאנצן ביים דור וואָס קומט נאָך אונז, נישט נאָר דעם גרויסן אומקום, נאָר הויפּטזעכליך זייער ארט לעבן און זייער קאמף פארן לעבן. זיי האָבן פון דער געדיכטער פינסטערניש געשטרעבט צו ליכט און צו אויסלייזונג. צו אונזער אלעמענס באדויערן — האָבן זיי נישט זוכה געווען צו דעם.

פון די קרעכצן פון די געשוחטנע — הייבט זיך אויף דער געשריי און דער רוף וועלכער וואָרנט און באפעלט אונז צו געדענקן און נישט פארגעסן, וואָס ס׳האָט אונז געטאָן דער דייטשער נאציישער עמלק. אל דמי! אל דמי!

און מיט א הייליקן אינערליכן ציטער, ברענגען מיר אויף און דערמאנען דעם אָנדענק פון דער קהילה וואָלבראָם, וואָס איז געווען און איז מער נישטאָ.

יחיאל בן־פורת (פּולטאָראַק)

### מ. לובלינג

דער ווייסער וואלד וועלכער איז געווען אזוי ענג פארבונדן מיטן ברויזנדן לעבן פון די וואָלבראָמער יוגנט, דער ווייסער וואלד וועלכער האָט לאנגע יאָרן אין זיך איינגעזאפּט די קלאנגען פון פרייהייטס לידער, וועגן גלייכהייט און פעלקער פריינטשאפט, דער וואלד וועלכער האָט געוועקט אין די יוגנט דעם גלויבן פון א גליקליכע פרייע צוקונפט, דער וואלד סימבאָליזירט איצט טויט און פעלקער האס.

19 יאָר זיינען אוועק זייט חורבן וואָלבראָם. אין פארלויף פון די יאָרן האָבן מיר באקומען מער ווייניק ידיעות וויאזוי עס זיינען אומגעקומען אונזערע נאָענטע אין די ארבעטס און טויט לאגערן.

עס זענען אויך דערגאנגען צו אונז ידיעות וועגן א סך פון אונזערע שטאָטישע וועלכע זיינען אומגעקומען ווי העלדן אין דעם איסזיכטלאָזן קאמף מיט די מערדער, אָבער גאָר נישט ווייסן מיר ווי אזוי עס זיינען אומגעקומען 2000 פון אונזערע טייערסטע און נאָענטסטע פרויען און קינדער אין וואלד אונטערן בית עולם.

מיר ווייסן נאָר אז ביי די ערשטע גרויסע אויסזידלונג האָבן די מערדער געשטעלט ביי א 50 פויערישע וועגענער בכדי פרויען, קינדער און קראנקע זאָלן נישט דארפן גיין צו פיס צום זאמל פונקט קייגנאיבער דער פאבריק. האָבן זיך טאקע מענשן געריסן כדי צו באקומען א פלאץ אויף צו פאָרן, אָבער פאר־



במעמד גילוי המצבה במרתף השואה על הר־ציון
ביים אנטהילן די מצבה אין מרתף השואה אין ירושלים



דודל ליכטיג



אשתו של יוזיפ המלמד
די פרוי פון יוזיפ מלמד

פאָרן זיינען זיי אויפן סקאלער וועג קייגנאיבער דעם בית עולם. מען האָט זיי אריינגעפירט אין וואלד און געהייסן אויסטון זיך נאקעט, און באלד דערשאָסן ביי די פון פריער צוגעגרייטע קברים גריבער וועלכע האָבן זיך געפונען אויף דעם פלאץ ווי מען האָט יאָרן לאנג באגראָבן געפּגרטע פערד.

מער וויסן מיר נישט, ווייל קיינער איז פון דאָרט נישט צוריקגעקומען, און אין דעם טאָג ווען מיר פארזאמלען זיך בכדי צו באערן זייער אָנדענק, דארף יעדער איינער פון אונז פרואוון איבערלעבן יענע גרויזאמע טראגישע מינוטן. איך שטעל מיר פאָר א סך בילדער וועלכע האָבן געקאָנט דאָרט פאסירן. אָבער איך בין נישט אימשטאנד ארויפצוברענגען דאָס אלץ אין ווערטער, ווייל עס זיינען נאָך נישט באשאפן געוואָרן די ווערטער וועלכע זאָלן קאָנען געבן כאָטש טיילווייז אן אויסדרוק פון די גרויליקע טראגעדיע וואָס האָט זיך דאָרט אָפּגע־שפילט, ווען טאטעס, מאמעס נאקעטע מיט זייערע נאקעטע קינדער ווערן געטריבן צום טויט. אָדער כאלע וויסאקא וועלכע האָט מיט א טאָג פריער איר ערשט קינד געבוירן, גייט א נאקעטע מיט איר איינטאָגיק קינד צום טויט?

און דער טויט האָט דאָרט אלעס צוגעדעקט, און די זון האָט געשיינט — און נישט געוואָרן פינסטער!

נישט קיין טרייסט זוכן מיר ווען מיר דערמאנען אונזערע נאָענטע וועלכע זיינען אזוי טראגיש אומגעקומען. מיטן דערמאנען זיי ווילן מיר רירן אונזערע אייגענע הערצער, וועלכע זיינען פארשטיינערט געוואָרן פון גרויסן אומגליק, און אויפוואַרעמען א טרער וועלכע ליגט ערגעץ א פארפרוירענער טיף אין הארצן.

מיר האָבן קיין רויזן פערפלאנצט אויף זייער קבר, און מיט אונזערע טרערן די רויזן ניט באנעצט. אָבער מיט זייער בלוט זענען געגאָסן געוואָרן די יסודות פאר אונזער נאציאָנאלע פרייהייט. און דערפאר דארפן מיר זיי דערמאנען נישט בלויז אין טאָג פון טרויער, נאר אויך אין טעג פון פרייד. ווייל מיט זייער טויט האָבן זיי געבויט אונזער פריי לעבן.

אָבער גאָר שמערצליך איז דער פאקט אז די פינסטערע כוחות וועלכע האָבן געשטרעבט וועגן א פוילן וואָס זאָל זיין יידן ריין — זיי שטערט אויך א יידיש קבר! פון די ידיעות וואָס מיר האָבן לעצטנס דערהאלטן, ליגט די מצבה אויפן ברידער קבר אין וואלד א צעבראָכענע. איך מיין אז קאָמענטארן זענען איבעריג. עס איז אויך בעקאנט אז מען האָט געוואָלט בויען א שולע אויף די קברים פון בית עולם און מען האָט דאָרט שוין אָנגעהויבן גראָבן פונדאמענטן. אָבער נאָכן קלאָגן זיך פאר די מאכט אין קראקא דורך יידן, איז דאָס בויען געוואָרן דערווייל אָפּגעשטעלט, און די אלטע ווונד בלוטיגט ווייטער.

און זאָלן מיר איצט באערן דעם אָנדענק פון אונזערע קדושים און פאראיי־ניקן זיך מיט זיי דורך אויפשטיין און בלייבן איין מינוט אונבעוועגלעך און שווייגן.

---

# כ׳האָב אמאָל געגלויבט

פון פיינליכן וואנדער כ׳בין דאָ צוריק,
אין שטעטל פון מיינע קינדער יאָרן.
דער טייך, דער וואלד מיט פויגל מוזיק
וויל נישט פארשווינדן פון מיין זכרון.

קיין ייד אין שטעטל נישט פאראנען,
בייז פרעמדע בליקן ביי יעדע טיר.
אפשר ווילן זיי מיך דערמאנען
אז דער טויט איז גרייט אויך היינט פאר מיר.

ווייזט אויס כ׳וועל דאָ קיין רו געפונען,
פארסמט איז אלץ מיט יידן האס.
בלייבן דאָ האָט מער קיין זינען,
עס שרייט דער טויט פון שטוב און גאס.

און איך קען שוין מער נישט גלויבן
אז מיר האָבן דאָ געלעבט מיט פריינט.
ס׳איז פארשווינדן ווי דער רעגן בויגן,
און אויך דערוויף מיין הארץ איצט וויינט.

מיר האָבן צוזאמען א לאנד געבויט,
דער אמת געווען פון אונז פארהוילן,
פאר פריינטשאפט אונז באצאָלט מיט טויט,
דאָס איז דער סוף, פון גלות פוילן.

מ. לובלינג



בלימה מאָרגאַן ובתה אליושה



הנה פעסיל שעכטער וילדיה



משפחת ראָזמאַרין: יעקב, מרים, שפרה, זלאַטה



מאַטל פעדערמאן (קאכאן), רחל קלאסנער (לינקס)



בייהזיל געיורג ז״ל אשתו רבקה ובנותיה חוה לאה ודבורה

בנימין כץ

# יחיאל בן־פורת -
## לייטער און גרינדער פון וואָלבראָמער קאָמיטעט

דאָס האָט פאסירט אין יאָר 1945, ווען איך בין נאָך געווען אין דער פרעמד אויף די זינדיקע דייטשע ערד און איך האָב געוואַרט מיט אונגעדולד צו פאָרן קיין ארץ־ישראל.

אין א באשטימטן טאָג, באקום איך א מעלדונג פון שארית־הפליטה קאָמיטעט אין מינכן, דאָס עס איז דערהאלטן געוואָרן פאר מיר א פעקל שפייז פון ארץ־ישראל, און אז איך זאָל קומען קיין מינכען אָפנעמען דאָס פעקל. פארשטייט זיך, אז באלד צומאָרגנס בין איך „געלאָפן" קיין מינכען מיט גרויס נייגיריקייט צו זען און צו האלטן אין האנד עפּעס וואָס ס'איז געקומען פון הייליקן לאנד.

אין יענע נאָך־מלחמה טעג, האָבן מיר שארית־הפליטה מענשן נאָך נישט געהאט קיין אידענטיפיטעטס־קארטן מיט בילדער. און דעריבער איז געוואָרן איינגעפירט אין די פּאָסט־אמטן, אז דער בעאמטער האָט געפרעגט דעם אָפּנעמער דעם נאָמען פון דעם אבזענדער. אויב דער אָפּנעמער האָט געוווסט דעם נאָמען פונם אבזענדער, איז געווען א באווייז דאָס ער איז די ריכטיקע אדרעס.

ווען איך האָב זיך געוואָנדן צום פּאָסט־בעאמטן מיט די מעלדונג אין האנט, האָט ער מיך גלייך געפרעגט דעם נאָמען פון דעם אָבזענדער. פארשטייט זיך, אז איך האָב אויסגערעכנט די נעמען פון מיינע קרובים, וועלכע האָבן געקענט זיין די עווענטועלע שיקער פון דעם פעקל. ווען איך האָב דערזען, דאָס דער בעאמטער שאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין, האָב איך ווייטער' גענומען אויסרעכענען א רייע נעמען פון ווייטערע קרובים, און סתם גוטע פריינט, אָבער איך האָב נישט געטראָפן דעם ריכטיקן נאָמען. ווייזט זיך אויס, אז נאָך אלעמען האָב איך געמאכט דעם איינדרוק פון א פארטרויליכן מענש און דער בעאמטער האָט מיר ענדליך אוועקגעגעבן דאָס פעקל, טראָץ דעם וואָס איך האָב נישט געוווסט דעם נאָמען פונם שיקער.

און באמת, בין איך זער איבערראשט געוואָרן, ווען איך האָב געלעזן אויפן פעקל דעם נאָמען יחיאל פולטאראק (בן־פורת) פון תל־אביב, א נאָמען — וועלכער האָט מיר אין יענע צייט נאָך גאָרנישט געזאָגט.

איך מוז באצייכנען, דאָס כאָטש פון מאטעריעלן און שפייז אספעקט האָט דאָס פעקל נישט געהאט קיין וויכטיקע באדייטונג, ווייל מיר האָבן באקומען עסן בשפע דורך די אליאירטע — נאָר מאָראליש איז עס געווען א געוואלטיקע אויפמונטערנדיקע דערשיינונג, א באווייז, דאָס עס זענען נאָך פאראן ערגיץ אויפן ערד־קוגל מענשן, וועלכע האָבן אן אינטערעס פאר אונזער גורל און צוקונפט.

איך האָב ארומגענומען דאָס פעקל מיט ציטערדיקע הענט, געדריקט עס צו מיין הארץ און נישט אראָפּגעלאָזט מיינע אויגן פונם פעקל. ווייל מיט זיין פארמיטלונג, האָב איך געהאט דעם ערשטן קאָנטאקט מיטן לאנד פון מיינע חלומות. דאָס האָט מיך געמוטיקט און צוגעגעבן נייע האָפנונגען אין דער נאָענצ־טער צוקונפט צו רעאליזירן דעם צוריקקער אין דער אלט־נייער היים.

ווען איך בין צוריק געקומען אהיים, האָב איך צונויפגערופן עטליכע וואלבראָמער וועלכע האָבן געוווינט אין דערזעלבער שטאָט, די ה"ה: ישראל קאנער, שמואל פערלמוטער, שמעון און יהושע וויינגארטן. מיט א הייליקן ציטער זענען מיר צוגעגאנגען עפנען דאָס פעקל און מיט ציטערדיקע הענט האָבן מיר לאנגזאם ארויסגענומען די „גוטע זאכן" און מיט גרויס פארוואונדערונג און טיפע



יחיאל בן־פורת (פולטורק)



סימה לובלינג־בן פורת

זעלישע הנאה האָבן מיר געשעפּט נחת פון די דעליקאטעסן פון אונזער לאנד, וואָס זענען געשיקט געוואָרן דורך אונזערע ברידער אין ישראל. א סימן און באווייז, דאָס מיר זענען נישט פארגעסן געוואָרן, און אז די שיינע טראדיציע פון אונזער שטעטל ווערט פאָרטגעזעצט אויך אינם הייליקן לאנד.

איך פארמאָג נישט גענוג ווערטער צו שילדערן אונזער באגייסטערונג אין יענעם מאָמענט, און איך געדענק, דאָס ספּאָנטאן האָבן מיר א זינג געטאָן א רייע ארץ־ישראל לידער וואָס מיר האָבן נאָך געדענקט פון דער צייט ווען מיר זענען געווען חברים אין דער ציוניסטישער יוגנט־באוועגונג פונם שטעטל, וועלכע זענען אָבער פארגעסן געוואָרן בעת די שרעקליכע טראגעדיע און מוראדיקע מלחמה־יאָרן וועלכע האָבן געטראָפן אונזער פאָלק.

אין א יאָר שפּעטער, איז מיר אויסגעקומען צו טרעפן אין מילאַנאָ, איטא־ליען, דעם ערשטן וואלבראָמער פון ארץ־ישראל. דאָס איז געווען יחיאל מייטליס.

מיין ערשטע פראגע צו אים איז געווען: ווער איז דאָס יחיאל פולטאראק? דאַן בין איך געוואָר' געוואָרן דאס יחיאל פולטאראק איז דעריעניקער וועלכער האָט מיט זיין איניציאַטיוו און ענערגיע אָרגאניזירט די וואלבראָמער יידן אין ישראל אין א קערפּערשאפט וועלכע האָט זיך געשטעלט דעם ציל: צו געבן הילף די איבערגעבליבענע רעשטלעך נאָכן גרויסן חורבן פון יידנטום אין אייראָפּע און צוגרייטן פאר זיי א היים אין יידישן לאנד אין ארץ־ישראל. אויך האָב איך זיך דערוווּסט, אז צום אויספירן דעם אויבנדערמאנטן פּלאן איז געווילט געוואָרן א ועד אין וועמנס שפּיץ עס ארבעט יחיאל פולטאראק און ביי זיין זייט איז אויך טעטיג אונערמידלעך זיין ליבע פרוי חנה־סימע פון דערהיים לובלינג.

ווען איך בין אָנגעקומען אין ישראל האָב איך זיך געאיילט צו באקענען פּערזענלעך דאָס פּאָרל פאמיליע פולטאראק (היינט בן־פורת) און איך האָב זיך איבערצייגט, ווי ווייט געלונגען עס איז געווען דער אויסוואל אוועקצושטעלן זיי אין שפּיץ פון דעם וואלבראָמער קאָמיטעט. און אויב עס עקזיסטירט באמת דער באגריף „לאָקאל־פאטריאָטיזם" — טאָ רעפּרעזענטירן יחיאל און סימע פולטאראק געטריי דעמדאָזיקן באגריף. איך האָב איינגעזען, דאָס זייער גרויסע ליבע צום שטעטל און צו זייערע מענטשן, האָט גאָרנישט קיין גרענעץ. אזוי ווי איך האָב נאָר אָנגעהויבן אויפמישן זכרונות פון דעם גרויסן אומגליק און קאטאקליזם וואָס האָט געטראָפן אונזער פאָלק — האָבן זיי זיך נישט געקענט באהערשן און אויס־געבראָכן אין א יאָמערלעך געוויין וועגן דעם טראגישן סוף פון אונזערע ברידער אין וואָלבראָם.

נאָר זייער ליבע און געטריישאפט צו אונזערע שטאָטמענטשן, איז נישט נאָר א טעאָרעטישע. איך האָב זיך גלייך איבערצייגט אין זייער גרויסן אָרגא־ניזאציאָנעלן כוח און אין זייער גרייטקייט צו טוען און צו העלפן יעדן איינעם.

און איבער אלעס מוז איך באטאָנען זייער באשיידנקייט און ערליכקייט אָן א גרעניץ. פון צענדליקער מענטשן, האָב איך געהערט דערציילן, דאָס ווען זיי זענען אָנגעקומען אין לאנד אריין, האָבן זיי גלייך זיך געוואָנדן צו די פאמיליע פולטאראק ווי מען האָט זיי זער ווארם אויפגענומען און מיט פ ל הארציקייט זיך איבערגעגעבן. דארט האָבן זיי באקומען אָנווייזונגען, עצות און אויך ממשותדיקע הילף פינאנציעלע און טיימאָל אויך זיי איינגעאָרדנט ביי ארבעט.

די אלע וואלבראָמער, וועלכע זענען עולה געווען קיין ארץ ישראל אין יאָר 1943 מיט אנדערסעס ארמעע, וועלן זיכער דערמאנען צום גוטן דאָס הויז פולטאראק אויף אייביק.

אין איינעם פון אונזערע באגעגנישן, האָט יחיאל אויסגעדריקט פאר מיר זיין פארביטערונג, וואָס דער אנדענקן פון אונזערע שטעטלדיקע וועלכע זענען אומגעקומען אינם גרויסן הורבן — ווערט לאנגזאם פארגעסן, און אז עס איז אומבאדינגט נויטיק זיך צוצואיילן און אדורכפירן עטליכע אקציעס וועלכע זאָלן פאראייביקן דעם גוטן נאָמען פון אונזער קהילה און איר איינפּלאנצן אין דעם פליסענדן לעבן וועלכעס ווערט פונדאָסניי געבויט און אויפגעשטעלט אין ישראל.

יחיאל האָט מיר אגב דערציילט, דאָס עס זענען פאַראַן א סך שטעטלדיקע וועלכע זענען גרייט צו העלפן מיט געלט און זענען איינשטימיק וועגן דער וויכטיקייט פון אויפשטעלן א מאָנומענט פאַר די אומגעקומענע אין דער שואה. נאָר ווייניק זענען דאָ אַזעלכע וועלכע זענען גרייט אליין צו לייגן אַן אַקסל און פּאַקטיש עפּעס צו טאָן. ביי דער זעלבער געלעגנהייט האָט ער מיך געבעטן, אָדער ריכטיקער געזאָגט, ער האָט מיך אויפגעפאָדערט, דאָס איך זאָל זיך מיטבאַטייליקן און אים צוהעלפן ביים רעאַליזירן די הייליקע אויפגאַבן.

די צייט לויפט אַדורך זער שנעל, און די פאַרגאַנגענהייט, די אַזוי טייערע און טראַגישע פאַר אונז — ווערט איינציקווייז פאַרגעסן. און ווער ווייסט וואָס עס וועט ברענגען דער מאָרגנדיקער טאָג.

לאָמיר נעמען און אויספירן יעצט די אַלע אויפגאַבן וועלכע ליגן אויף אונז. איך האָב זיך אונמיטלבאַר זער באַגייסטערט פון זיין גוטן ווילן און כוונות, פון זיין גרויסע ליבע צו יעדע קלייניקייט וואָס איז פאַרבונדן מיט וואָלבראָם, צו יעדן פאַקט וועלכער קען צוהעלפן אויפצושטעלן די עפּאָפּע פון די חרוב־געוואָרענע קהילה, און איך האָב צוגעזאָגט אים צו העלפן אויספירן די הייליקע מיסיע. און איך האָף, דאָס איך האָב אין א באַשטימטער מאָס מקיים געווען מיין צוזאָג.

ווי עס איז אונז אַלעמען באַוווסט, זענען אַנטשטאַנען אייניקע דענקמעלער ווי צום ביישפּיל דאָס וועלדל אין יער־הקדושים, די מצבה אין מרתף־השואה און אויך אונזער באַטייליקונג אין בוך „די לאַנדסמאַנשאַפטן אין ישראל״. אין די אַלע אַקציעס איז דער הויפּט טוער געווען יחיאל בן־פורת. נאָר דער קולמינאַציע־פונקט פון זיין אַקטיוויטעט איז באַשטימט די אַקציע פאַר אַרויסגעבן דעם „יזכור בוך״ פון די וואָלבראָמער קהילה. מיט זיין אונערמידליכע און פּעאיקע אַרבעט האָט ער משפּיע געווען אויף אַלעמען, דאָס זיי זאָלן באַנייען זייערע זכרונות און אָנשרייבן די טייערע בלעטלעך וועלכע דערציילן וועגן די הערליכע פאַרגאַנגענהייט פון אונזער שטאָט און גלייכצייטיק פון איר טראַגישן אומקום.

טייערע יחיאל און סימע בן־פורת!

אינם נאָמען פון ועד און אינם נאָמען פון אַלע יוצאי וואָלבראָם, ווינש איך אייך א סך גוטע יאָרן. איר זאָלט זוכה זיין צו זען א געזונטן דור וואַקסן נאָרמאַל אין אונזער לאַנד, וואָס זאָלן זיין פאַר אייך און פאַר אונז אַלס א טרייסט און ענטשעדיגונג פאַר די טראַגישע יאָרן און דעם מלחמה־פּעריאָד וואָס מיר זענען דורכגעגאַנגען.

כה לחי!!!

---

# די יוצאי וואלבראם אין אמעריקע

די וואָלבראָמער וואָס זיצן אין אמעריקע האָבן געטראַכט וועגן ארויסגעבן א יזכור־בוך פון וואָלבראָם אויף יידיש. און האָבן צו דעם צוועק געגרינדעט א קאָמיטעט מיט א רעדאקציע. עס איז זיי אָבער טראָץ פיל מי און אָנשטרענגונגען נישט געלונגען דעם פלאַן צו רעאליזירן.

ערשט נאָכדעם וואָס אין ישראל האָט זיך געשאפן דער קאָמיטעט פון די יוצאי וואָלבראָם, און ער האָט זיך אויך ארומגעטראָגן מיטן פלאַן פון ארויסגעבן דעם יזכור־בוך, האָט זיך געשאפן א קאָנטאַקט צווישן די צוויי קאָנטינענטן און עס איז צו שטאַנד געקומען דער איחוד. און מיט געמיינזאמע כוחות, סיי מאטע־ריעל און סיי ליטעראריש ווערט יעצט דער געדאנק פונם יזכור־בוך רעאליזירט אויף א ממשותדיקן אופן, א דאנק די אמעריקאנישע הילף פון די וואָלבראָמער, ערשיינט יעצט דאָס יזכור־בוך אין א פארגרעסערטן אומפאנג. און אָנשטאט 400 זייטן ווי מען האָט גערעכנט פון אָנהויב. ערשיינט דער בוך יעצט מיט איבער 900 זייטן, רייך אין אינהאלט און בילדער. דאָס יזכור בוך קאָן דינען אלס א היסטאָרישער דענקמאל פארן וואָלבראָמער יידנטום, וואָס איז ליידער אומגעקומען פון די דייטשע נאצישע מערדער.



פליטים וולברומאים באסיפת יזכור בניו־יורק ב־1961
לעבן־געבליבענע וואָלבראָמער אויף דער יזכור־פאַרזאמלונג אין ניו־יארק, 1961



רעדאַקציע און פאַרוואַלטונג פון וואָלבראָמער אין אמעריקע: עס זיצן ביים טיש פון רעכט:
1) יוסף וועלנער, 2) ארטור נונבערג, 3) יחיאל הוכערמאַן, 4) משה צוקערמאַן.
עס שטיין פון רעכט: 5) חיים מאַרימאַנד, 6) זעליג קליינער, 7) בעלו ווײנדלינג,
8) בעריש מייטלעס.



אינאַוולוצקי

אינאַוולוצקי זיצט אין ארגענטינע שוין א לאנגע צייט. ער האט מיטגעהאָלפן צו שאפן געלט פארן יזכור־בוך. ער איז דאָרט טעטיג אלס כלל־טוער.

# מפתח השמות והמקומות

בעקב סיבות טכניות לא הספקנו לסדר מפתח כללי אחד לכל הספר, והוא מחולק לשנים. החלק הראשון מקיף את מדור השער של הספר עם המדורים העיקריים עד למדור השואה, המכיל את העמודים א—מ ו־1—576. החלק השני מקיף את מדור השואה (עמודים א—רע״ב) ואת המדור האחרון (עמודים 849—900).

במפתח לא הכללנו את רשימת קדושי וולברום (עמודים רמד—רעא) ואת רשימת יוצאי וולברום בישראל (עמודים 862—868).

## 1. המדור "בשער הספר" (עמודים א—מ)



## 2. מדורי הספר עד למדור ה"שואה" (עמודים 1—576)

### א

ד.

## ה.

ז.

## ח.



## ט.

י

## צ.

## ק

ר.

## 3. מדור השואה (עמודים א—רעו)

(חלק זה סודר בידי י. בן־פורת)

## נ



## ס



## ע



## פ



## צ

---